וו. נאַטאַנסאָן

# אינטעליגענט, קונסט און קינסטלער

## ליטעראַטור אין ליכט פון פילאָסאָפיע

אין 2 טיילן

ווילנע — 1931

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

מיין מאמען זכרונה לברכה —
די טאָכטער פון ר׳ אלטער יהודית (סיביאַווער) —
מיין ערשטע באַגלייטערין אין די ליכטיקע וועגן
פון קולטור.

# אינטעליגענט, קונסט און קינסטלער

(אין צוויי טיילן)

ערשטער טייל — אין שייכות צו קונסט

צווייטער טייל — קינסטלער און זייערע ווערק

# אינהאַלט-פאַרצייכעניש:

## I. אין שייכות צו קונסט

זייט



## II. קינסטלער און זייערע ווערק

### לעוו טאָלסטאָיס „קריג און פרידן" און „אַננאַ קאַרעניניאַ".



### ראָמען ראָלאַנס „זשאַן קריסטאָף".

## פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקיס „ברידער קאַראַמאַזאָוו".



## טאָמאַנס מאַנס „צויבערבאַרג".



---

## I.

# דער קולטור־קריטיקער איבערן קונסט־קריטיקער

## א.

טאָלסטאָי, אין זיין בוך „וואָס איז קונסט", נעמט דורך אַלע דעפיניציעס, וואָס זענען ביז איצט געגעבן געוואָרן וועגן קונסט, זאָגט זיך אָפּ פון זיי, און פירט איין אַ דעפיניציע, וואָס אַרויסגייענדיק פון איר, שטעלט ער איין אַ גאַנץ נייע שייכות צווישן דער קונסט און דער געזעלשאַפט בכלל, און צו די אינטעליגענטן און קריטיקער בפרט. זיין בוך פאַרנעמט דעריבער אַן אייגנאַרטיק אָרט צווישן אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן וואָס און צוליב וואָס קונסט איז.

טאָלסטאָיס אויפפאַסונג וועגן קונסט איז איינציק דער עיקר דערמיט, וואָס ער, ווי קינסטלער און דענקער, וויל, מיט זיין באַגריף וועגן דער ראָל און אויפגאַבע פון קונסט, אָוועקנעמען די קונסט־שאַפונגען פון די דענקער און קריטיקער, און פון דעם אינטעליגענט בכלל, און איבערגעבן דעם גאַנצן אָפּשאַץ וועגן זיי צום פרימיטיוו, צו דעם, וואָס ווייסט ווייניק און פילט אַ סך.

אין זיין ווערק „וואָס איז קונסט" לייענען מיר: „אויב דאָס ווערק איז גוט ווי אַ קונסט־ווערק, וועט דאָס געפיל, וואָס איז אויסגעדריקט פונעם קינסטלער, זיך איבערגעבן צו אַנדערע מענטשן, אומאָפּהענגיק דערפון צי איז דאָס ווערק מאָראַליש אָדער אוממאָראַליש. אויב עס האָט זיך איבערגעגעבן צו אַנדערע מענטשן, לעבן זיי עס דורך, און אַלע אויסטייטשונגען זענען איבעריק. אויב דאָס ווערק רעגט נישט אָן די מענטשן, וועלן קיינע אויסטייטשונגען נישט מאַכן אַזוי, אַז עס זאָל אָנהייבן רעגן. אויסטייטשן די ווערק פון אַ קינסטלער קאָן מען נישט. ווען מען זאָל קאָנען מיט ווערטער אויסטייטשן

דאָס, וואָס דער קינסטלער האָט געוואָלט זאָגן, וואָלט דער קינסטלער עס געזאָגט אין ווערטער. און ער האָט עס געזאָגט מיט זיין קונסט דערפאַר, וואָס אויף אַן אַנדערן אופן האָט מען נישט געקאָנט איבערגעבן דאָס געפיל, וואָס ער האָט דורכגעלעבט. דאָס אויסטייטשן אין ווערטער די ווערק פון קונסט, באַווייזט נאָר, אַז דער, ווער עס טייטשט, איז נישט פעיק באַווירקט צו ווערן פון קונסט. אַזוי איז דאָס, ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסזעען. קריטיקער זענען אַלע מאָל געווען מענטשן, וועלכע זענען ווייניקער פאַר אַנדערע פעיק געווען זיך אָנצושטעקן מיט קונסט. און דערפאַר האָבן דידאָזיקע מענטשן מיט זייער שרייבן באַדייטנדיק געווירקט און ווירקן איצט אויף דער פאַרדאָרבונג פונם געשמאַק פון יענעם עולם, וועלכער לייענט זיי און גלייבט זיי"*).

און דעריבער שטימט טאָלסטאָי כמעט ווי איין מיט דער דעפיניציע פון זיינעם אַ פריינט וועגן קריטיקער — מיט דער דעפיניציע וועגן קריטיקער, ווי „נאַראָנים, וועלכע זענען זיך מתווכח וועגן קלוגע".

געוואָלט האָט אַלזאָ טאָלסטאָי, אַז די קינסטלער זאָלן זיך נישט רעכענען מיט די קונסט-געניסער, וועלכע גריבלען זיך און ווילן דורך דער שאַפונג פון קינסטלער צו עפעס זיך דערטראַכטן, און דער עיקר — אַז זיי זאָלן נישט שענקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט די אָפּשאַצונגען פון די קריטיקער, וועלכע ווילן דורך קונסט-ווערק זיך און אַנדערע עפעס דערקלערן.

דער פרימיטיווער מענטש, דער נישט געבילדעטער מענטש, איז, ווי טאָלסטאָי דענקט, מסוגל אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן זיך אָנצושטעקן מיט די געפילן פון אַן אַנדערן. דידאָזיקע אייגנשאַפט מאַכט אים צו פרייען זיך מיטן אַנדערנס פרייד, צו ליידן מיטן אַנדערנס לייד און פאַראייניגן זיך אין געדאַנק מיטן אַנדערן. קיין גרעסערע אויפגאַבע פאַר דער קונסט, ווי אָנצורעגן אָדער אַרויסצורופן ביי אַנדערע געפילן — זעט נישט טאָלסטאָי. די אָנרעגונג און דער אַרויסרוף פון געפילן איז, לויט טאָלסטאָיס מיינונג נאָך, דער תוך און תמצית

*) „טשטאָ טאַקאָיע איסקוסטוואָ", איזראַניע פּ. סרעדניקאַ ז. 120.

פון דער קונסט. און דערפאַר שטעלט ער אַוועק ווי אַ קריטעריע פון גוטער קונסט — איר מסוגלקייט גרינג איבערגענומען און באַנומען צו ווערן פון אַלע מענטשן, אַזוי אַז זי זאָל אין אַלעמענס הערצער און נשמות אָנשלאָגן און צום לעבן ברענגען די זעלביקע געפילן, וועלכע האָבן זיך געריסן צום אויסדרוק אינם קינסטלערס נשמה בעתן שאַפן. „די גרויסע אינהאַלטן פון קונסט" — זאָגט טאָלסטאָי — „זענען גרויס נאָר דערמיט, וואָס זיי זענען צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען".

אין אַ סך ווינקלען פון דער דענקענדיקער וועלט מערקט זיך די לעצטע צייט אַן אויפלעבונג פון טאָלסטאָיס מיינונג וועגן קונסט און איר שייכות צום קינסטלער און אינטעליגענט. אַרויסגייענדיק אָפט פון גאַנץ אַנדערע שטאַנדפּונקטן און נישט אָננעמענדיק קיין שום אַנדערן באַגריף טאָלסטאָיס, קומען אַ סך, באַוואוסט־אָדער־אומבאַוואוסטערהייט, צו טאָלסטאָיס באַגריף וועגן קונסט, אויב אפילו נישט וועגן קונסט, איז וועגן איר שייכות צום קריטיקער, צום אינטעליגענט און צו דער מאַסע.

פאַר אונזער יידיש איז, וואָס איז שייך דער אויפלעבונג פון טאָלסטאָיס באַגריף וועגן קונסט, כאַראַקטעריסטיש די באַטראַכטונג און טיפער אַנאַליז פונם קינסטלער י. י. זינגער וועגן דער באַציונג פונם אינטעליגענט און דער מאַסע צו דער קונסט און צום קינסטלער.

„פון תמיד אָן" — אַזוי הייבט זינגער אָן זיין באַקלאָגן זיך אויף דער אינטעליגענץ — „איז די אינטעליגענץ, איבערהויפּט די קעמפנדיקע, די אידעע־זוכנדיקע, נישט צוגעגאַנגען צו דער קונסט פון אַ ריין מענטשלעכער זייט, אָט דאָס, וואָס מען איז געוואוינט אָנצורופן „עסטעטישן גענוס", נאָר פון אַן אידעישער זייט, פון אַן אייגענעם שטאַנדפּונקט.

„אין דער צייט, ווען דער אינטעליגענט האָט צו אַלע אַנדערע מענטשלעכע זאַכן, גשמיותדיקע, צי רוחניותדיקע, אַ ריין מענטשלעכע באַציונג, גענוס, שיינקייט — האָט ער, ווען עס איז געקומען צו קונסט, איבערהויפּט צום קינסטלערישן וואָרט, תמיד פאַרקנייטשט דעם שטערן,

אָנגעזאָטלט די ברילן און טיף זיך פאַרטראַכט, וואָס מיינט עס ? וואָס קומט עס לאָזן הערן ?"*)

ווי טאָלסטאָי אַלזאָ מיט דרייסיק יאָר צוריק, אַזוי איז איצט זינגער און מיט אים אויך אַנדערע — קעגן דעם אינטעליגענט פאַר זיין פאַרטראַכטן זיך בעת ער לייענט אַ קונסטווערק, פאַר זיין זוכן אַ מיין אינם ווערק, און פאַר זיין פרעגן זיך און אַנדערע : וואָס לאָזט אונז דאָסדאָזיקע ווערק הערן ? עס געפעלן זיי בעסער די וועגן פון דער מאַסע פון אויפנעמען אַ קונסט־ווערק. זיי ווילט זיך, אַז דאָס ווערק זאָל אויפגענומען ווערן בלויז מיט הנאה, אָן טראַכטענישן, אָן קונציקע חריפותדיקע פּליטערלעך, אָן שטאַנדפונקטן און אויסגאַנג־פונקטן. און ווען זינגער זאָגט : „דערפאַר טאַקע אַנטלויפט אָט דער אמתער קינסטלער פון דער אינטעליגענץ, ווייכט זי, און זוכט דעם פרימיטיוון מענטש, דעם פאָלקס־מענטש", פילט איר, אַז אים וואָלט זיך שטאַרק וועלן, אַז אַלע קינסטלער זאָלן אַנטלויפן פון דער אינטע־ליגענץ, כדי אויך ער זאָל, אַנטלויפנדיק אינאיינעם מיט זיי, קאָנען פטור ווערן פון דער אינטעליגענץ מיט איר צוגאַנג צו אַ קונסט־ווערק, פאַרקנייטשנדיק דעם שטערן און אָנברילנדיק די אויגן, און זיך קאָנען איבערגעבן בלב ונפש צום רויען מענטש — דעם פרימיטיוו, צו דעם נישט אינטעליגענטן, נישט קריטיקירנדיקן און נישט דערקלערנדיקן לייענער. זיך אַליין און אַנדערע קינסטלער, זיינע און זייערע שאַפונ־גען, ווילט זיך אים איבערגעבן צום מענטש, וועלכער נעמט אויף און לעבט איבער קונסט, ווי טאָלסטאָי האָט געזאָגט, אויף אַן אוממיטלבאַרן, ריין געפילפולן אופן, וואָס דאָס מיינט צו זינגערן, אויף אַ ריין מענטש־לעכן אופן, אויף אַן אופן, וואָס פאַרשאַפט בלויז אַן עסטעטישן גענוס און רעגט די געפילן פאַר שיינקייט בלויז.

פאַר דער אינטעליגענץ, וועלכער טאָלסטאָי האָט דער ערשטער דערקלערט אַ קאַמף, און פאַר די קריטיקער, וואָס טאָלסטאָיס פריינט האָט זיי אָנגערופן נאַראָנים, וואָס זוכן אַ מיין אין די שאַפונגען פון די קינסטלער־חכמים — ווילט זיך עס מיר — דעם לייענער, וואָס האָט

*) „יידישע וועלט", ערשטעס בוך, אפּריל 1928.

דווקא יאָ ליב זיך צו גריבלען, צו טייטשן און אַריינטייטשן אין דער וואָרט־קונסט — איינשטעלן. און דאָס וועט ממילא פירן דערצו, אַז איך זאָל אַרויסקומען מיט אַן אַנדערן באַגריף וועגן וואָס און צוליב וואָס איז קונסט, וועגן דעם ווערט און שייכות פון קונסט צו אַנדערע צווייגן אָדער אויסדרוקן פון קולטור, און וועגן דער שייכות צווישן דעם אינטעליגענט און דער קונסט, און צווישן איר און דעם קינסטלער גופא.

ב.

איך וויל מיך איינשטעלן צו פאַרלאַנגען, אַז דער לייענער פון אַ קונסט־ווערק זאָל זיך נאָך מער ווי ביז איצט פאַרטראַכטן און פאַר־טיפן וועגן דעם מיין און דעם זין פון די וועזנס, געגנשטאַנדן און געשטאַלטן, וועלכע דער קינסטלער שילדערט אין זיין ווערק, ווי אויך וועגן אַלע שייכותן צווישן זיי, ווי זיי ווערן איבערגעבן פונם קינסטלער אויף אַ קאָנקרעט־בילדלעכן אופן. און איך באַשטיי אויף דעם, אַז נאָר אַזאַ באַציונג מצד דעם לייענער צום קונסט־ווערק — אַ באַציונג, וואָס זאָל פאַרכאַפּן נישט נאָר די געפילן, נאָר אויך דעם געדאַנק און דעם גאַנצן גייסט — איז אַ ריין מענטשלעכע.

וואָס מיינט דען אַ ריין מענטשלעכע באַציונג אַנדערש, ווי אַן אַלזייטיקע באַציונג? פאַרוואָס זאָלן מאָראַל, רעליגיע און פילאָזאָפיע און אַנדערע קולטור־אויסדרוקן דאַרפן אויסגעשלאָסן ווערן אין דער באַציונג פון מענטשן צו קונסט, אין זיין געניסן און הנאה האָבן פונם עסטעטישן אויסדרוק פון קולטור? סתם געניסן און הנאה האָבן איז שוין גאָרנישט קיין ריין מענטשלעכע באַציונג, ווייל סתם געניסן און הנאה האָבן קאָן די חיה אַזוי גוט ווי דער מענטש. און ווען מיר זאָגן ריין מענטשלעך, מיינען מיר דאָך צו באַטאָנען דאָס ספּעציפיש מענטש־לעכע לגבי דעם אַלגעמיין וועזנטלעכן.

הנאה צו האָבן פון די פּירות פון אַ בוים איז אַלגעמיין וועזנט־לעך און נישט ריין מענטשלעך, מחמת דאָס קאָן אַ חיה אויך. הנאה צו האָבן אָבער פון דעם אויסזעען פון אַ בוים, פון דער ווייסקייט

פון זיינע בלעטער און פון זיינע בליונגען, פון דער גרינקייט פון זיינע בלעטער און פון דער סימעטרישער פונאַנדערצווייגונג פון זיין שטאַם — איז שוין מער ספּעציפיש מענטשלעך, ווייל די חיה איז שוין קוים פעיק אויף דעם. טאָ פאַרוואָס זאָל עס ניט זיין נאָך מער מענטשלעך, און ממילא נאָך אַ העכערע מדרגה פון געניוס, הנאה צו האָבן, בעת מ׳קוקט אויפן בוים, פון די געדאַנקען, וואָס די שיינקייט פון בוים רופט אַרויס? — געדאַנקען וועגן דער קראַפט פון לעבן, וואָס זעצט זיך דורך אין דעמדאָזיקן בוים אַזוי גוט ווי דורך אַלע אַנדערע ביימער, און נישט נאָר אין ביימער, נאָר אין אַלע אַנדערע געוויקסן, און נישט נאָר אין פלאַנצונגען, נאָר אויך אין חיות, און אין אַלע מענטשן אַזוי גוט, ווי אין חיות — די זעלביקע לעבנסקראַפט, נאָר אין פאַרשידענע געשטאַלטן, אין פאַרשידענע מדרגות פון קוואַליטעט? און וואָס קאָן זיין נאָך מער מענטשלעך, ווי אַריבערצוגיין פון דער קראַפט, וואָס באַלעבט אַלץ, פון גרעזעלע ביז מענטש — צו דער גייסטיקער קראַפט, וועלכער באַזעלט אויף אַ גאַנץ באַזונדערן אופן דעם מענטש בכלל, און דעם הויך אַנטוויקלטן מענטש בפרט — און טאַקע ביז צו דער אַלהעכסטער קראַפט אין דער וועלט? און פאַרוואָס טאַקע, קוקנדיק און הנאה האָבנדיק פון בוים, זיך אויך נישט פאַרטראַכטן וועגן די שייכותן צווישן דער וועלט-קראַפט אַלס מקור פון אַלץ און דעם מענטש אַלס דעם העכסטן אויסדרוק פון אַלץ? און אויב עס איז מענטשלעך צו טוען אַזוי בנוגע דעם בוים, פאַרוואָס זאָל אַזאַ באַציונג נישט זיין מענטשלעך בנוגע צו אַ קונסט-ווערק?

אמת טאַקע, אַז די פילאָזאָפישע טראַכטונגען און וויסנשאַפטלעכע צעגלידערונגען פון אַ בוים אָדער אַ קונסט-ווערק וועלן נישט אַרויסרופן דעם תענוג און די הנאה, און אָפּט אויך נישט די טיפקייט און די זעליקייט, וואָס אַ בוים אָדער קונסט-ווערק רופט אַרויס אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן, דורך די קאַנאַלן פון די חושים, דורך אָנשויונג און געוואוירוועררונג בלויז — אין דער נשמה פון אַ גאַנץ פשוטן מענטש, וועלכער איז ניט געניגט און נישט פעיק צו חקירות און פלפולים. דאָס איז אַזוי אמת, ווי אמת עס איז, אַז אַלערליי מאַטעמאַטיש-אויסגערעכנטע און וויסנשאַפטלעך-דערווייזענע מעלות, וואָס איינער האָט, זענען נישט גענוג אויף אַרויסצורופן אין טראָפּעלע פון אַ ליבעס-געפיל צו

אים אָדער צו איר, בעת דאָס מינדסטע ליבעס־געפיל וועט אַנטפלעקן אַ וועלט מיט מעלות און פאַרדעקן אַ ים מיט חסרונות.

און ווי מיט ליבע און האַס, אַזוי אויך מיט די גערעכטיקייט־און אומגערעכטיקייטס־געפילן. דאָס געפיל פאַר גערעכטיקייט וועט שוין אויסגראָבן וויסנשאַפטלעכע פאַקטן פאַר דער נויטיקייט פון אַ רעוואָלוציע. קיין שום סכום אָבער פון וויסנשאַפטלעכע פאַקטן זענען נישט בכוח צו דערוועקן אין וועמען עס איז אַ געפיל פון פראָטעסט, אַ רעוואָלוציאָנערן עקסטאַז, וואָס זאָל פירן צו מסירת־נפש. און אינם וויסנשאַפטלער גופא אַרבעט קודם כל דאָס געפיל צו זוכעניש אין דער באַגער אויסצוגעפינען דעם אמת. און ווי מיט רעוואָלוציע, אַזוי אויך מיט רעליגיע. עס איז דאָס טיף איינגעוואָרצלטע רעליגיעזע ג ע פ י ל, וואָס טרייבט דעם געדאַנק צו זוכן באַווייזן און אַרגומענטן פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ העכסטער גייסטיקער קראַפט, פון וועלכער די וועלט שלאָגט אַרויס. קיין שום אַרגומענטן און פאַרנינפטיקע דערקלערונגען און אויסטייטשונגען פאַרמאָגן אין זיך די קראַפט אויף אַרויסצורופן אַ רעליגיעז געפיל.

אָן געפיל אַלזאָ, אָן געגנוס אָדער הנאה, אָן אַן אוממיטלבאַרער און ספּאָנטאַנער רעאַקציע הייבט זיך קיין זאַך נישט אָן דאָרט, וואו עס איז פאַראַן לעבן און גייסט. דאָס איז אָבער בלויז איין זייט פונם אמת פון דעם מענטשלעכן אויפנעם און פון זיין דערקענטעניש פון זאַכן און געשעענישן. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די געפיל־זייט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

פאַראַן אָבער אויך אַ פאַרנונפט־זייט פונם זעלביקן אמת, פון דעם אמת פון דעם מענטשלעכן צוקומען און דערקענען די שאַפונגען פון גאָט און מענטש. און די צווייטע זייט, די פאַרנונפט־זייט פונם זעלביקן אמת איז — אַז אַלע פאַרנינפטיקע גריבלערייען, וועלכע האָבן געפירט צו די קענטענישן פון די וועלטן, וואָס ליגן אינעווייניק אינם מענטש און אויסנווייניק פון און איבער דעם מענטש, האָבן געעפנט אומגעהייערע האָריזאָנטן פאַר דער טיפקייט און זעליקייט פון דעם מענטש — פאַר דער טיפקייט און זעליקייט, וואָס עפענען נייע קוואַלן פון געפילן, און וואָס רייניקן און ברייטערן אויס די אַלטע קוואַלן. טיפקייט נייטיקט זיך אין אויסברייטערונג נישט ווייניקער ווי ברייטקייט

אין פאַרטיפונג. די פאַרנונפט מיט איר פעיקייט פאַר אַ באַוואוסטזיניקער דערקענטעניש ברענגט אַריין קולטורקייט אין די געפילן, וואָס דורך איר ווערן זיי פאַרטיפט און דערהויבן. קאַנט האָט געזאָגט, אַז באַגריף אָן עמפּינדונג איז ליידיק, און עמפּינדונג אָן באַגריף איז בלינד. דאָס זעלביקע קאָן געזאָגט ווערן מכּוח דעם טראַכטן און פילן בכלל. טראַכטענישן אָן געפילן זענען ליכטיק, אָבער קאַלט און פוסט; געפילן אָן טראַכטן, אָן דער פאַרנונפט און דעם שכל, זענען בלינד.

אַלץ, וואָס רירט אָן דעם מענטש אָדער מיט וואָס דער מענטש קומט אין באַריר דורך אַ וואָסער עס איז חוש זיינעם און דורך אַלע חושים אינאיינעם, מוז, כּדי צו זיין ווירקזאַם בנוגע דעם מענטש, אַרויסרופן אין אים אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן אַ געפיל פון גענוס אָדער הנאה, אָדער די הפוכימדיקע געפילן. דערביי בלייבט אָבער נישט דער מענטש.

איינער פון די אונטערשידן צווישן מענטש און חיה איז, וואָס דער מענטש איז בכּוח נישט נאָר ווי אַ חיה צו לעבן און דורכלעבן, נאָר אויך איבערלעבן. דאָס מיינט נישט נאָר צו לעבן, נאָר אויך צו וויסן, אַז ער לעבט, צו געדענקען, אַז ער האָט געלעבט, און פאָרשטעלן זיך, אַז ער וועט לעבן. דער מענטש קאָן אָביעקטיווירן זיינע סוביעקטיווע געפילן. ער קאָן אויסטיילן דאָס, וואָס ער פילט און לעבט איצט דורך פון דעם צייטווייליקן איך — פון דעם איך, אין וועלכן דער גאַנצער פּראָצעס קומט איצט פאָר — און אַריינטראָגן עס אין דעם באַשטענדיקן איך — אין דעם טיפערן איך, אין דעם זעלבסט אָדער אין דער פערזענלעכקייט, וועלכע בינדט דורך זכּרון די פאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט, און זיי ביידע מיט דער צוקונפט, און לאָזט זיי אַלע דריי אַריינוואַקסן אין און אַרויסוואַקסן פון דער אַלצייט.

דער זכּרון, וואָס אים פאַרמאָגט, אַ סברא, נאָר דער מענטש, רעגיסטרירט די געפילן און די לעבונגען, און דערפאַר ווערט מעגלעך פאַר דעם מענטש אַרויסצורופן די זעלביקע געפילן און לעבונגען פונדאָסניי אומאָפּהענגיק פון זייער אָריגינעלן פאַראורזאַכער און אַרויסרופער. ער קאָן פאַראורזאַכן זייער ווידעראַנטשטיין לאַנג נאָכ-

דעם ווי די אורזאַך פון זייער אַנטשטיין צום ערשטן מאָל איז שוין אַרום אים מער נישט כּאַראַן און וועט מער נישט זיין.

אָט דידאָזיקע פונדאָסניי אַרויסגערופענע געפילן האָבן אַ טבע זיך צו רייסן פון יענער זייט פון די ראַמען פון אינדיווידו, וואָס האָט זיי געלעבט צום ערשטן מאָל. זיי ווילן שטענדיק אַרויסגיין פון די ד׳ אמות פונם באַטרעפנדיקן סוביעקט און אַריינגעמען אין זיך, אָדער ריכטיקער, ווערן געמיינזאַם פאַר אַלע סוביעקטן אין דער וועלט. זיי זענען געניגט זיך צו פּראָזשעקטירן. די געפילן און שטימונגען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אין זכרון, און זענען דורך דעם געוואָרן נישט נאָר אַ טייל פונם צייטווייליקן איך, נאָר אויך פונם אַלצייטיקן זעלבסט, און אפילו פון דער אַלצייטיקער פּערזענלעכקייט אינם מענטש — דידאָזיקע געפילן און שטימונגען, וועלכע אָפּערירן דורך דער איינבילדונגסקראַפט, מאַכן דעם מענטש אַריבערצוטראָגן דעם אינהאַלט פון דעם געפיל, וואָס איז אין אים — אויף אַנדערע פון זיין גלייכן, און אַמאָל אפילו אויף מינים פון נישט זיין גלייכן.

די שיינקייט אָדער די שיינהייט, וואָס האָט אים גערעגט, ווערט אַן אורזאַך פון שיינקייט־רעגונג פון די מענטשן בכלל, אָדער גאָר פון אַלע באַשעפענישן. דאָס, וואָס האָט אַרויסגערופן עקל אין אים, ווערט דאָס עקלהאַפטיקע פאַר דעם מענטשלעכן מין. דאָס זעלביקע מיט פרייד און טרויער. דער טויט פון דעם איינעם, וואָס איז אים געווען ליב און טייער, ווערט דער סימבאָל פאַר דעם טויט אין דער וועלט בכלל; און דער טרויער און צער, וואָס דער טויט פון איין מענטש האָט פאַרשאַפט, גייט ביסלעכווייז אַריבער צו דער גאַנצער מענטשהייט און צו דער גאַנצער וועלט. און אַזוי מיט אַלע אָנרעגונגען און אינהאַלטן פון געפילן.

וואָס מער מענטש, אַלץ מער איבערלעבונג אָנשטאָט בלויז לעבן און איבערלעבונג, און וואָס טיפער און העכער די איבערלעבונג, אַלץ שטאַרקער די פּראָזשעקטירונג, אַלץ גרעסער די אוניווערסאַליזירונג פון דער אינדיווידועלער דורכלעבונג, און אַלץ מער די אויפלייזונג פון פאַרגענגלעכקייט אין אַלצייטיקייט. און דאָס מיינט אַלץ

מער אָנרעגונג צו דער פאַרהאַנדלונג פון פערזענלעכע פראַגן אין וועלטפּראָבלעמען, וואָס זיי וועלן צו באַגרייפן, מוז מען נישט נאָר קנייטשן דעם שטערן, נאָר קאָרטשען אַלע אברים און מוסקולן, ווי דאָס האָט געוויזן ראָדען אין זיין סטאַטוע „דער דענקער".

און אויב דער מענטש קאָן נישט בלייבן ביים בלינדן גענוס, אויב ער קאָן נישט ווי די חיה זיך באַנוגענען מיט הנאה נאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ס ת ם זאַכן, וואָס באַרירן אים אָדער ווערן פון אים באַרירט — על אחת כמה וכמה, ווען עס איז שוין אַ פראַגע פון באַריר צווישן מענטש און אַ שאַפונג פון אַ מיטגליד פונם זעלביקן מין — ווען עס איז שוין אַ פראַגע פון קאָנטאַקט צווישן מענטש און אַ קונסט־ווערק!

מעגלעך, אַז יעדע זאַך, יעדער נאַטור־אויסדרוק, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטש, איז אַ שאַפונג. מעגלעך אויך, אַז עס איז אַ שאַפונג פון אַן אינטעליגענץ מיט באַשטימטע צילן און צוועקן, און דערפאַר אפשר ווערט טאַקע דער מענטש בכלל, און באַזונדערס דער אינטעליגענטער מענטש, גערעגט פון יעדער זאַך צום טראַכטן און צום דענקען, און צום זוכן די אַנטהאַלטענע און פאַרבאַהאַלטענע כוונות. בעת אָבער דאָס אַלץ איז מעגלעך אָדער וואָרשיינלעך בנוגע צו אַ נאַטור־אויסדרוק, איז בנוגע צו אַ קונסט־ווערק פאַראַן די ז י כ ע ר ק יי ט, אַז עס איז אַ שאַפונג פון אַן אינטעליגענץ, וועלכע שטרעבט און באַגערט צו רעגן און באַווירקן אויף אַ באַשטימטן אופן, אַן אינטעליגענץ פון די זעלביקע איכות. קונסט־ווערק אַנטהאַלטן דאָך אין זיך ריכטונגען און טענדענצן, אידעען און פראָבלעמען, און דעריבער איז עס נישט מעגלעך און נישט ווינטשנסווערט, אַז דער גענוס און די הנאה, וואָס זיי פאַרשאַפן דעם מענטש, זאָלן אים נישט פירן אויף אַ דירעקטן אָדער אומדירעקטן אופן צו שטערן־קנייטשעריי, צו פאַרטיפונגען און זוכענישן, צו אידעען און פראָבלעמען, וועלכע דער קינסטלער האָט פאַרטראַכט, ווי אויך צו אַזעלכע, וואָס דער קינסטלער אַליין האָט נישט מתכוון געווען.

האָט דאָך טאָלסטאָי אַליין אויף דער פראַגע: וואָס איז „מלחמה און פרידן"? געענטפערט: „דאָס איז נישט קיין ראָמאַן, נאָך ווייניקער

אַ פּאָעמע, נאָך ווייניקער אַ היסטאָרישע כראָניק. „מלחמה און פרידן" איז דאָס, וואָס דער מחבר האָט געקאָנט און געוואָלט אויסדריקן אין יענער פאָרם, אין וועלכער ער האָט זיך אויסגעדריקט. אַזאַ דערקלערונג וועגן דעם מחברס גרינגשעצונג פון די אָנגענומענע פאָרמען פון אַ קונסט-ווערק אין פּראָזע, וואָלט זיך געקאָנט אויסווייזן ווי איבערטריבענער זעלבסט-צוטרוי, ווען דאָס זאָל געווען געטון ווערן מיט אַ כּיוון, און ווען דאָס זאָל נישט האָבן קיין פּרעצעדענטן. די געשיכטע פון דער רוסישער ליטעראַטור פון דער צייט פון פּושקינען שטעלט מיט זיך פאָר נישט נאָר אַ סך ביישפּילן פון אַזאַ אָפּווייך פון דער אייראָפּעישער פאָרם, נאָר זי גיט אפילו קיין איינציקן ביישפּיל פונם פאַרקערטן. אָנהייבנדיק מיט גאָגאָלס „טויטע נשמות" ביז צום „טויטן-הויז" פון דאָסטאָיעווסקין, איז אין דער נייער תּקופה פון דער רוסישער ליטעראַטור נישט פאַראַן קיין שום קינסטלעריש פּראָזע-ווערק, וואָס גייט אַרויס אַ ביסל פונם דורכשניט, וואָס זאָל זיך לחלוטין אַריינפּאַסן אין דער פאָרם פון ראָמאַן, פּאָעמע אָדער נאָוועלע".

אויב אַלזאָ נישט נאָר איין קונסט-ווערק, נאָר קונסט-ווערק אפילו פון אַ גאַנץ פאָלק, קאָנען זיין עפּעס, אין פאָרם אומבאַשטימט, וואָס אין אים איז אויסגעדריקט דאָס, וואָס דער שאַפער האָט געוואָלט און געקאָנט אויסדריקן, טאָ פאַרוואָס זאָל דער לייענער נישט מעגן, אויב ער קאָן נאָר אַוועקשטעלן אַלץ, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם, אין ליכט פון אַזעלכע אָדער אַנדערע קולטור-אויסדרוקן, וועלכע אַפּעלירן צום שטאַרקסטן צו זיין נשמה, און וואָס אין זיי איז ער דערפאַר אויך מער באַהאַוונט ווי אין אַנדערע?

זינגער און אַנדערע, וואָס וואָלטן געוואָלט אויפלעבן טאָלסטאָיס באַגריף וועגן דער שייכות צווישן דער אינטעליגענץ און דער קונסט, געהערן נישט צו די, וואָס ווילן נישט זעען קיין אידעען און פּראָבלעמען אין דער קונסט. אין דער אַרבעט זינגערס, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, גייט זינגער אַזוי ווייט, ווי צו דערלויבן אפילו טענדענץ אין דער קונסט. אַלץ, וואָס ער פאָדערט, איז, אַז „די אידעען און פּראָבלעמען זאָלן זיין קינסטלעריש אויסגעוואַקסן, און אַז די טענדענץ זאָל נישט זיין קיין בּיליקע, נאָר אַ דערהויבענע אין אַ פילאָזאָפישן זין".

קעגן אָט די אַלע פֿאָדערונגען פֿון קינסטלערישקייט, רייפֿקייט און דערהויבנקייט האָב איך נאַטירלעך נישט וואָס אויסצוזעצן, און איך קאָן מיר נישט פֿאָרשטעלן איינעם, וואָס זאָל מיט זיי נישט זיין אין הסכּם. אויב אָבער עס איז שוין יאָ אַזוי, אויב קונסט־ווערק און גרויסע קונסט־ווערק דערצו, קאָנען, מעגן און זענען זייער אָפֿט געוועבט און געפֿלאָכטן פֿון פֿראַגן און ענטפֿערס וועגן סאָציאַלע און אַנדערע שייכותן, וואָס האַלטן דעם מענטש געפֿאַנגען אין זייער פֿאַרכּישופֿטן קרייז — טאָ פֿאַרוואָס ווידער זאָל דער קונסט־געניסער דאַרפֿן און מוזן צוגיין צו דידאָזיקע ווערק גופֿא נאָר ווי אַן עסטעט, און הנאה האָבן נאָר פֿון זייער קאָנקרעטער בילדלעכקייט און נאָר פֿון זייער שיינער פֿאָרם? פֿאַרוואָס זאָל דער זעלביקער געניסער, אויב ער איז פֿאַראינטערעסירט אין סאָציאָלאָגיע, רעליגיע אָדער פֿילאָזאָפֿיע נישט פּרוּוון אַרויסציִען פֿאַר זיך און פֿאַר אַנדערע איינעם אָדער אַלע פֿאַרשידנאַרטיקע קולטור־פֿעדעם פֿון די קינסטלערישע געוועבן און אויסבויונגען?

פֿאַרוואָס זאָל טאַקע יעדער איינער לייענער, אַ חוץ זעטיקן זיינע חושים און עמפּינדונגען מיט דער שיינקייט פֿון דער קינסטלערישער פֿאָרם, נישט טאָרן אויך באַרייכערן זיין אינטעלעקט און גייסט אין אַלגעמיין מיט טראַכטונגען וועגן אידעען, אידעאַלן און פּראָבלעמען וועגן מענטש, גאָט און וועלט, וואָס צו זיי האָט דער קינסטלער וויסנדיק, און *נאָך מער נישט וויסנדיק*, געגעבן אויסדרוק אין זיין קינסטלערישער שאַפֿונג?

איך אונטערשטרייך „נאָך מער נישט וויסנדיק”, ווייל איך גלויב זייער שטאַרק, אַז גרויסע קינסטלערישע ווערק פֿאַרבאַהאַלטן אין זיך אידעען און פּראָבלעמען, רעגונגען און אָנדייטונגען, וואָס גייען נישט אַריין אין דעם באַוואוסטזיין פֿון קינסטלער. שוין פּלאַטאָ האָט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק אָנגעוויזן אויף דעם פֿאַקט, וואָס פּאָעטן ווייסן אָפֿט אַליין נישט די געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעלייענט אין זייערע ווערק פֿון אַנדערע. און דאָס איז געווען איינע פֿון די אורזאַכן, פֿאַרוואָס ער, וועלכער האָט אַזוי הויך אַוועקגעשטעלט די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, האָט אַזוי שטאַרק אונטערשאַצט די פּאָעטן בפֿרט און

די קינסטלער בכלל — דאָס הייסט אַלע די, וואָס אָפּערירן מיט אַן אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט.

פלאַטאָן איז נישט איינגעפאַלן, אַז די געדאַנקלעכקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער קונסט, גרענעצט זיך אפשר מיט אַ העכערער און טיפערער און אוניווערסאַלער געדאַנקלעכקייט איידער די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך אַזעלכע קולטור־צווייגן ווי וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע. ערשט גאָרנישט לאַנג צוריק האָבן די גרויסע דענקער, די פילאָזאָפן און די קינסטלער, אָנגעהויבן איינצוזעען, אַז די קינסטלערישע געדאַנקלעכקייט איז אין דער אמתן נישט קיין *אונטער*, ווי מען האָט פריער געדענקט, נאָר אַן *איבער*באַוואוסטזיניקע. דאָס איז אַ געדאַנקלעכקייט, וועלכע שעפט זיך נישט אויס מיט אינטעלעקטועלע באַגריפן און ווערט נישט אַרומגענומען מיט קיינע שום אַבסטראַקציעס. זי, די דאָזיקע געדאַנקלעכקייט, טרעט אַריבער אַלע גרענעצן פון דעם, וואָס מען רופט געוויינלעך באַוואוסטזיין. זי איז *איבער*, *אונטער* און *אַרום* דעם געוויינלעכן באַוואוסטזיין. און טאַקע דערפאַר, וואָס די קונסט, מער פאַר אַלע אַנדערע קולטור־אויסדרוקן, אָפּערירט מיט דערדאָזיקער נישט בלויז אין באַוואוסטזיין ליגנדיקער געדאַנקלעכקייט, קאָן זי טיפער פאַר אַלע אַנדערע קולטור־צווייגן אַריינבליקן אין דער רעאַליטעט, און פריער פאַר זיי צוקומען צו געוויסן אמתן. און מחמת די געדאַנקלעכקייט, מיט וועלכער זי אָפּערירט, שליסט איין און גיט אויסדרוק צום באַוואוסטן און אומבאַוואוסטן אין דער פסיכיק און גייסט פון מענטש, קאָן זי אויך טיפער, אינטענסיווער און אַלץ אַרומנעמענדיקער אַריינדרינגען, דורכנעמען און באַווירקן די נשמה, דעם גייסט און דאָס גאַנצע וועזן פון מענטש.

וואָס מער געוויכט עס וועט געלייגט ווערן אויף דעם אינטויטיוון און אומבאַוואוסטן אַרומנעם און אַריינדרינג פון דער קינסטלערישער געדאַנקלעכקייט, וואָס טיפער דאָס מענטשלעכע זוכן און דענקען וועט זיך דערגראָבן צו די אידעען און וויזיעס, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין די ווינקלען און קנייטשן פון דער קינסטלערישער בילדלעכקייט, און וואָס מער עס וועלן בכלל אָנערקענט ווערן די דערקענטעניש־ווערטן פון דער קונסט, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן

דער דראַנג פֿונם אינטעליגענטן לייענער און קריטיקער צו אינטער־פּרעטירן און דערקלערן די קונסט און נישט ווייניקער שטאַרק — דער פֿאַרלאַנג און באַשטרעב פֿון די קונסט־שאַפֿער אויסגעטייטשט צו ווערן אין ליכט פֿון אַנדערע קולטור־צווייגן און אין ליכט פֿון דער קולטור ווי אַ גאַנצע. אַ גאַנץ באַזונדער און אַ גאַנץ חשובֿ אָרט צווישן אַלע קונסט־קריטיקער וועט פֿאַרנעמען דער, וועלכן איך וואָלט אָנגע־רופֿן — קולטור־קריטיקער, דער קריטיקער, וואָס זאָל צוטרעטן צו אַזאַ אָדער אַן אַנדערער צווייג פֿון קולטור אין ליכט פֿון די איבע־ריקע קולטור־אויסדרוקן, ווי אויך פֿון דער קולטור אין איר גאַנ־צער סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט. יעדעס קולטור־געביט און די גאַנצע קולטור וואָלט דורך דעם פֿאַרטיפֿט און באַרייכערט געוואָרן, און דאָס געביט פֿון קונסט נישט ווייניקער, אויב נישט נאָך מער פֿאַר אַלע אַנדערע קולטור־געביטן. אַזאַ קריטיק וואָלט באַווירקט און באַאיינפֿלוסט צום טיפֿסטן און העכסטן דעם טעמפּאָ און דעם אינהאַלט פֿונם שאַפֿונגס־פּראָצעס אויף אַלע פֿעלדער און געביטן פֿון קולטור.

אַ קורצער געשיכטלעכער איבערבליק פֿונם מאָדערנעם און נייעסטן מענטשלעכן דענקען וועגן דער ראָל און ווערט פֿון וואָס מען רופֿט דאָס אומבאַוואוסטע, וועט אונז ווייזן, אַז די דידאַקטישע ראָל און ווערט האָט געהאַלטן אין איין שטאַרקער און גרעסער ווערן אין די אויגן פֿון דער באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. ממילא איז אויך שטאַרקער און גרעסער געוואָרן די אָנערקענונג פֿון דער ראָל און דער ווערט פֿון דער קונסט אויף ווי ווייט עס גייט, איר מעגלעכ־קייט און פֿעיקייט אַריינצודרינגען אין די רעאַליטעט־טיפֿענישן און צו דערזעען מהותן און שייכותן, וואָס זענען נישט צום זען פֿאַר די שאַפֿער פֿון אַנדערע קולטור־געביטן, ווי אויך אויף ווי ווייט עס גייט איר קראַפֿט אַ דאַנק איר בילדלעכקייט צו באַווירקן און צו באַ־איינפֿלוסן די מענטשן מיט געדאַנקען און אידעען, וועלכע, הגם זיי זענען שוין נישט ניי און אָריגינעל, האָבן זיי זיך אָבער נאָך אַלץ נישט פֿאַרזעצט און איינגעוואָרצלט אין די הערצער און נשמות פֿון די מענטשן.

די נייעסטע באַגריפֿן וועגן דער שייכות צווישן דעם באַוואוסטן

און אומבאַוואוסטן און דורך דעם — וועגן קונסט און איר שייכות צו אַנדערע קולטור־אויסדרוקן און צו דער קולטור ווי אַ סינטעטישער איינהייט — וואָרפן, לויט מיין מיינונג, אַ גאַנץ אַנדער ליכט אויף דער שייכות צווישן דער קונסט און דעם קינסטלער, ווי אויך צווישן איר און דעם אינטעליגענטן לייענער און קריטיקער.

צו דעמדאָזיקן איבערבליק גייען מיר איצט אריבער.

II.

# קונסט און די אומבאַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט

## (אינטואיציע און שאַפן)

### א

די מאָדערנע פאָרשונגען און גריבלענישן אויף אַלע פעלדער פון קולטור האָבן אַנטדעקט גאַנצע וועלטן פון איבערלעבונגען, דער־פילונגען, געדעכענישן און דערקענטענישן אונטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין. די דאָזיקע אונטערשוועליקע איבערלעבונגען און דערזע־נישן האָבן זיך אָפּטמאָל אַרויסגעוויזן צו זיין פון אַ טיפערן און העכערן גייסטיקן מהות איידער די איבערלעבונגען און דערבליקונגען פון דעם איבערשוועליקן באַוואוסטזיין. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די דערקענטעניש, וועלכע לאָזט זיך נישט אַרויסקריסטאַליזירן און אויסשניידן אין לאָגישע באַגריפן און וואָס קאָן דערפאַר נישט גע־דעקט ווערן מיט דעם אינטעלעקט אָדער מיט דעם קלאָרן און ריי־נעם באַוואוסטזיין—אַז זי, די דאָזיקע נישט־באַגריפישע דערקענטעניש, זאָל אַליין מער און מער דערהויבן ווערן צו אַ דערקענטעניש, וואָס דווקא צו איר אַנטפּלעקן זיך די מהותן פונם העכסטן און טיפסטן. עס הייבט איצט אָן אַליין מער און מער אָנגענומען צו ווערן, אַז דאָס אומבאַוואוסטע וואַרפט דאָס שטאַרקסטע ליכט און שטעלט צו דעם טיפסטן אַריינבליק אין דער רעאַליטעט פון דער וועלט.

פון די פאָרשטייער פון דער נייער פילאָזאָפיע, איז קאַנט גע־ווען דער ערשטער, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף די גרענעצן, וואָס איבער זיי קאָן די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט נישט אַריבער־שפרייזן אויף קיין שום אופן. מיט דעם מינדסטן פרווו אַ שטעל טון אַ פוס פון יענער זייט פון דער ממשלה פון באַגריפן; מיט דער

מינדסטער אָנשטרענגונג אונזערער אַריינצוררייסן זיך אין דער וועלט פון אידעען — אין די אידעען פון די איבער דער־וועלטיקער עקזיסטענץ פון גאָט, פרייהייט, אומשטערבלעכקייט און אַנדערע, וועלכע גיבן אַ זין און אַ ווערט צו דער מענטשלעכער עקזיסטענץ אויף דער וועלט — מיט די מינדסטע פרווון און אָנשטרענגונגען פון דעם כאָרט — פאַרפלאָנטערט זיך די אינטעלעקטועלע געדאַנקלעכקייט אין אַזעלכע סתירות, אין אַזעלכע „יאָען און „ניינען", אָדער ווי קאַנט רופט זיי, אַנטינאָמיעס, פון וועלכע זי קאָן זיך בשום אופן נישט אַרויסדרייען.

אין זיין „קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט" גיט קאַנט אַוועק עטלעכע זייטן אויף צו ווייזן ווי אַזוי די פראַגן: איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַ גאָט, איז יאָ אָדער נישט פאַראַן פרייהייט איבער די נאַטורגעזעצן, איז די וועלט יאָ אָדער נישט באַגרענעצט אין צייט און אין רוים — ווי אַזוי אַזעלכע און אַנדערע פראַגן פונם זעלביקן מין לאָזן זיך אויף אַ לאָגישן אופן ענטפערן מיט אַ יאָ פונקט אַזוי גוט ווי מיט אַ ניין. און דאָס מיינט נאַטירלעך, אַז אַזעלכע פראַגן און באַהויפּטונגען גייען לחלוטין נישט אַריין אין דער ספערע פון לאָגיק, פאַרשטאַנד אָדער ריינער פאַרנונפט. די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט איז הילפלאָז בנוגע צו זיי.

דעם מענטשלעכן גייסט אָבער, וועלכער באַשטייט נישט נאָר פון אינטעלעקט, פאַרשטאַנד און ריינער פאַרנונפט, ציט עס מיט אומווידערשטייליכע כוחות אין הויכן, וואָס צו זיי קאָן זיך נישט אַ הייב טון די לאָגיק מיט אירע קורצע פליגל. עס ווילט זיך דעם מענטשלעכן גייסט דורכברעכן די אייזערנע ווענט פון רוים און צייט, און פון אַלערליי קאַוזאַלע באַגרענעצטקייטן און ענדלעכקייטן. דידאָזיקע וועלעניש פון גייסט האָט עס געטריבן קאַנטן אַוועקצושטעלן איבער דער, וואָס ער רופט, ריינער פאַרנונפט — די פאַרנונפט, וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבן — פראַקטישע.

די פראַקטישע פאַרנונפט איז פאַר אים די העכערע, און די אַלץ אַרומנעמענדיקע פאַרנונפט. דאָס איז די פאַרנונפט, וואָס זעצט אַרויס פון די טיפסטע און פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דער מענטשלעכער נשמה און פון דעם מענטשס גייסט און וואָס וואַרפט אַריבער בריקן

איבער די תּהומען צווישן דער מענטשלעכער און אוניווערסאַלער נשמה, צווישן דעם מענטש־גייסט און וועלט־גייסט. דאָס איז די פאַר־נונפט, וואָס דיקטירט און צווינגט אָפּט דעם מענטש צו טאָטן און האַנדלונגען, וואָס ברענגען אים דעם היפּוך פון אַלץ, וואָס ווערט פאַר־שטאַנען אונטער וואוילזיין און גליק, און וואָס די לאָגיק און די ריינע פאַרנונפט קאָן נישט דערקלערן פאַרוואָס און צוליב וואָס עס דאַרף און זאָל אַזוי און נישט אַנדערש געטון און געהאַנדלט ווערן.

אַלץ, וואָס ווערט אַרויסגעצויגן פון די פינסטערע תּהומען פון דער נשמה אָדער אַרונטערגעבראַכט פון די טונקעלע וואָלקנס פון גייסט, מוז געלייטערט ווערן פון דער שיין און ליכטיקייט, וואָס דער פאַרשטאַנד און די ריינע פאַרנונפט טראָגן אין זיך. דאָס, וואָס איז אין דירעקטן ווידערשפּרוך מיט דער ריינער פאַרנונפט, דאַרף און מוז, אין די אינטערעסן פון דעם מענטשלעכן פאָרשריט, צוריקגעוואָרפן ווערן ווי די שלאַם פון דער נעץ, וועלכע קומט אַרויף אינאיינעם מיט די פיש. אַליין אָבער אַראָפּצולאָזן זיך אין די פינסטערע אָפּגרונטן אָדער אויפצוהייבן זיך אין די געדיכטענישן פון די וואָלקנס, וועט די ריינע פאַרנונפט נישט. דאָס איז די עובדא פון דער פאַנטאַזיע, פון די גע־פילן און די עמאָציעס, וואָס אַלע אינאיינעם שטעלן זיי צונויף דאָס, וואָס קאַנט רופט פּראַקטישע פאַרנונפט, שאָפּנהויער — ווילנלאָזע דער־קענטעניש, בערגסאָן — אינטואיציע.

אָט דידאָזיקע אין די הויכן און אין די טיפן זיך רייסנדיקע קראַפט פון דעם מענטשלעכן גייסט, וועלכע איז אונטער און איבער דער ממשלה פונם באַוואוסטזיין, איז רעפּרעזענטירט אָדער סימבאָלי־זירט אין אַזעלכע ווערק פון מעטערלינק, ווי דער „בלויער פויגל" אָדער „זשוואזעל". זי — די פעע — איז דאָס דערפאַר די האַרין און הערשערין איבער ליכט — דעם סימבאָל פון פאַרשטאַנד און פאַר־נונפט. ליכט איז די שטענדיקע באַגלייטערין פון די צוויי קליינע קינדער אין זייערע זוכענישן פונם בלויען פויגל. זי בלייבט אָבער אַלע מאָל שטיין ביי די טויערן פון די אַלע קעניגרייכן, וואָס זיי טרעפן אָן אויף זייער וועג. אין די אינעווייניקייטן פון די פּאַלאַצן, אין די חדרי חדרים פון די פול מיט פאַרבאָרגענישן און מיסטעריעזן וואוין־ערטער, רייסן זיך די קינדער אַליין אַריין מיט דער הילף פונם

גרויסן כּישופדיקן דימענט, מיט וועלכן די פֿעע האָט זיי באַ־שאָנקען.

„זינט" — זאָגט זי — „די פֿעען זענען געשטאָרבן, זעען זיי (די מענטשן) קיין שום זאַך, און האָבן נישט וועגן דעם קיין שום פֿאַר־דאַכט".

אין דער מאָדערנער קונסט איז געטהע געווען דער ערשטער, וועלכער האָט צום לעבן געבראַכט די פֿעע, וואָס דאָס מיינט די אונ־טערבאַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט — די געדאַנקלעכקייט, וועלכע אַרבעט אויף אַן אינסטינקטיוון און אינטואיטיוון, ספּאָנטאַנעם און בליצאַרטיקן אופֿן. „די פֿאַרנונפֿט" — זאָגט געטהע — „איז אַלט ווי די וועלט. אפֿילו דאָס קינד האָט פֿאַרנונפֿט, זי ווערט אָבער נישט אָנגעווענדט אין אַלע צייטן אויפֿן זעלביקן אופֿן אָדער צו די זעל־ביקע קעגנשטאַנדן. די פֿריערדיקע יאָרהונדערטער האָבן געהאַט זייערע אידעען אין אינטואיציעס פֿון דער פֿאַנטאַזיע. אונזערע אָבער ברענגען זיי אין באַגריפֿן. די גרויסע בליקן אויפֿן לעבן פֿלעגן געבראַכט ווערן אין געשטאַלטן, אין געטער. היינט ווערן זיי געבראַכט אין באַגריפֿן. דעמאָלט איז די פּראָדוקטיווע קראַפֿט געווען גרעסער, היינט — די דעסטרוקטיווע קראַפֿט, אָדער די קונסט פֿון פֿונאַנדערטיילן".

געטהע האָט געוואָלט זיין קאָנסטרוקטיוו ביז גאָר, און דערפֿאַר האָט ער זיך איינגעשטעלט פֿאַר ספּאָנטאַנער דערבליקונג און אינטו־איטיוון אַריינדרינג. און אויך וויפֿיל טאַט פֿאָדערט פֿאַר זיין אָנרעג די סאַמע פֿאַרבאָרגנסטע כּוחות פֿון דער נשמה און פֿונם גאַנצן גייסט, אויף אַזויפֿיל שטעלט געטהע טאַט העכער פֿאַרן וואָרט, וואָס איז דער אויסדרוק בלויז פֿון אינטעלעקטועלער קאָנצעפּציע. פֿאַוסט טענהט: „געשריבן שטייט: אין אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט". פֿאַוסט קאָן אָבער נישט הויך שעצן דאָס וואָרט — דעם אויסדרוק פֿון אינטע־לעקטועלן באַגריף. און ער שרייבט מוטיק אָן: „אין אָנהייב איז גע־ווען די טאַט!" און ווייל טאַטן און די אַלע געהיימע קרעפֿטן, וועלכע זענען גורם טאַטן, לאָזן זיך איבערגעבן נישט אין באַגריפֿן, נאָר אין וואָס געטהע רופֿט, געשטאַלטן און געטער, איז דערפֿאַר ברענגט טאַקע געטהע אַליין אַרויס זיינע אידעען אין געשטאַלטן און געטער אין

אַלע זיינע ווערק, און צום טיפסטן און שטאַרקסטן אין זיין ווערק „פאַוסט".

זיין אידעע וועגן אונטערבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, די אידעע וועגן דער בייטיקייט פון אַ ספּאָנטאַנעם און אינטואיציון צוטריט צו די מהותן און רעאַליטעטן פון דער וועלט, ברענגט געטהע אַרויס אויפן טיפסטן און סימבאָלישסטן אופן אינם בילד: „די פינסטערע גאַלערייע", אינם ערשטן אַקט פון דער צווייטער טייל פון „פאַוסט".

דאָרט זאָגט מעפיסטאָפל:

אומגערן אַנטדעק איך אַ העכערע געהיימניש.
געטינס זיצן אויפן טראָן אין איינזאַמקייט,
אַרום זיי קיין אָרט, נאָך ווייניקער צייט.
וועגן זיי צו רעדן איז אַ פאַרלעגנהייט.
דאָס זענען די מוטערס!

די „מוטערס" סימבאָליזירן די טיפסטע מהותן פונם אַלוועלט — מהות, וואָס ליגט פון יענער זייט פון די גרענעצן פון רוים און צייט. און דערפאַר וואָרנט מעפיסטאָפל פאַוסטן, אַז זוכנדיק זיי, וועט ער קיין שום זאַך נישט זעען אין דער אייביק ליידיקער ווייטקייט. ער וועט נישט הערן קיין שום טריט, ווייל ער וועט קיין שום פעסטקייט נישט געפינען, וואו ער וועט רוען. די „מוטערס" זעען אויס צו זיין אַרומ־גערינגלט מיט דעם, וואָס פון דעם שטאַנדפּונקט פונם געזונטן מענטש־לעכן פאַרשטאַנד, איז עס גאָרנישט. דווקא אָבער אין דעמדאָזיקן גאָרנישט, האָפט פאַוסט אַלץ צו געפינען. און וואָס גיט מעפיסטאָפל פאַוסטן אויף אַריינצודרינגען אינם אַלץ פון דעם גאָר־נישט? אַ שליסל, וועלכער זעט אויס פאַוסטן צו זיין גאָר אַ קליינע זאַך. מעפיסטאָפל אָבער הייסט פאַוסטן שטאַרק האַלטן אָט דעמדאָזיקן שליסל און נישט גרינג אים צו שאַצן. און באַלד דערשפירט טאַקע פאַוסט ווי די קליינע זאַך וואַקסט אין זיין האַנט, זי לייכט און זי בליצט, און זי פילט אים אָן מיט נייע כוחות, מיט ברייטערע, גרעסערע, טיפערע און וואָגעוודיקערע זעונגען.

דער שליסל, וואָס מעפיסטאָפל גיט פאַוסטן, ווי דער דימענט,

וואָס די פּעע גיט די קינדערלעך, סימבאָליזירן דעם דערקענטעניש־כּוח, וואָס ליגט אונטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין און וועלכער קאָן נישט אויסגעשעפּט ווערן דורך אינטעלעקט און פאַרשטאַנד. דאָס איז דער כּוח, וואָס מאַכט אוממעגלעך דורכצוברעכן די טויערן פון קאַוזאַליטעט, פון רוים און פון צייט, און אַריינרייסן זיך אין אַ ז י י ן, אין אַן עקזיסטענץ, אין אַ וועלט אָדער אומוועלט, וואָס ווייסט נישט פון רוים, צייט און אורזאַכלעכקייט.

אין דערדאָזיקער וועלט, אומוועלט אָדער איבּערוועלט הערשט, וואָס שפּענגלער רופט אָן, שיקזאַל אָנשטאָט אורזאַכלעכקייט. און שפּענגלער גיט צו, אַז ווען ער רעדט וועגן שיקזאַל־אידעע, גייט ער אין די פוס־טריט פון געטהע. און ווען ער זאָל עס אפילו נישט זאָגן, וואָלט זיין באַגריף וועגן קאָנטראַסט צווישן שיקזאַל און קאַוזאַליטעט פון זיך אַליין דערמאָנט איינעם אָן געטהעס „מוטערס“ און דעם טייוולס שליסל צו זיי.

„די שיקזאַל־אידעע“ — שרייבט שפּענגלער — „פאָדערט לעבנס־דערפאַרונג און נישט וויסנשאַפטלעכע דערפאַרונג, די קראַפט פון זעען און נישט פון אויסרעכענען, טיפקייט און נישט אינטעלעקט. פאַראַן אַן אָ ר ג אַ נ י ש ע לאָגיק פון דער גאַנצער עקזיסטענץ, אַן אינסטינקטיווע, אַ טרוים־זיכערע אין קעגנזאַץ צו דער לאָגיק פון דעם א ו מ אָ ר ג אַ נ י ש ן, דער לאָגיק פון פאַרשטאַנד און פאַרשטאַנענע זאַכן — אַ לאָגיק פון ריכטונג כּנגד דער לאָגיק פון אויסגעשפּרייטקייט. און קיין שום סיסטעמאַטיקער, נישט אַריסטאָטל און נישט קאַנט, האָבן געוואוסט ווי צו באַגיין זיך מיט איר. זיי זענען ביי זיך אין דער היים, ווען זיי רעדן צו אונז וועגן „אורטייל“, „עמפּינדונג“, „געוואוירווערונג“ און „דערמאָנונג“, וועגן דעם אָבער, וואָס איז פאַראַן אין די ווערטער „האָפענונג“, „גליק“, „פאַרצווייפלונג“, „חרטה“, „איבערגעבנקייט“, „טרייסט“ — שווייגן זיי. ווער עס דערוואַרט אויפן לעבנס־געביט צו געפינען פאַרנינפטיקייט און אויסגעהאַלטנקייט, אָדער ווער עס שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אינעווייניקסטע זיכערקייט בנוגע דעם זין פון לעבן, איז די זעלביקע זאַך, ווי „פאַטאַליזם“ אָדער „פאָראויסבאַשטימונג“ — ווייסט פשוט נישט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, מחמת ער מישט צונויף די דערפאַרונג, וועלכע מען האָט

דורכגעלעבט, מיט דער דערפאַרונג, וועלכע מען האָט דערוואָרבן, אָדער וועלכע איז צום דערווערבן. קאַאוזאַליטעט איז דאָס פאַרנינפטיקע, דאָס געזעץ-באַגרענעצטע, דאָס באַשרייבלעכע, דער צייכן פון אונדזער גאַנצער וואָכיקער און אַרגומענטאַטיווער עקזיסטענץ. שיקזאַל אָבער איז דאָס וואָרט פאַר אַן אינעווייניקסטער זיכערקייט, וועלכע איז נישט באַשרייבלעך. מיר ברענגען אַרויס דאָס, וואָס איז אינם אורזאַכלעכן דורך אַ פיזישן און עפּיסטאָמאָלאָגישן סיסטעם, דורך צאָלן, דורך פאַרנינפטיקער קלאַסיפיקאַציע. די אידעע אָבער פון שיקזאַל קאָן מיטגעטיילט ווערן נאָר דורכן קינסטלער, וועלכער אַרבעט דורך אַזעלכע מעדיומס, ווי פּאָרטרעט-מאָלעריי, טראַגעדיע און מוזיק. קאַאוזאַליטעט פאָדערט פון אונדז צו א ו נ ט ע ר ש י י ד ן, און אונטערשיידנדיק, צו צעשניידן אויף שטיקלעך און פאַרניכטן, בעת שיקזאַל איז ק ר ע אַ ט י ו ו דורך און דורך. און אויף אַזאַ אופן באַציט זיך שיקזאַל אויפן לעבן, און קאַאוזאַליטעט — אויפן טויט".

שפּענגלערס אָנשטרענג צו בויען אַ גאַנצע געשיכטס-פילאָזאָפיע אויפן בליק און אָנשויונג פון דעם קינסטלער-פילאָזאָף געטהע איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם איצטיקן מענטשלעכן גייסט-פלוס, וועלכער גראָבט זיך מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין באַוואוסטזיין און מיטן גאַנצן באַגאַזש פון זיין וויסן אַלץ טיפער און טיפער אונטער די גרונטן און אין די תהומען פון דער אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, כדי מיט איר, מיט דער געדאַנקלעכקייט אונטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין, און מיט די אַלע אויבנאויפיק-אויסזעענדיקע בלינדע געפילן, אינסטינקטן און עמאָציעס, וועלכע זענען אין איר איינגעשלאָסן, דערגרונטעווען די רעאַליטעט פון דער וועלט, דעם תוך און תמצית פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ.

אַזוי גערעכט אָבער ווי שפּענגלער איז צו געטהען, אַזוי אומגערעכט איז ער צו קאַנטן. אַלץ, וואָס ער זאָגט אינם אויבנגעבראַכטן ציטאַט וועגן קאַנטן, איז אמת. עס איז אָבער חל אויף אַלץ, וואָס קאַנט האָט געזאָגט נאָר ביז צו דעם מאָמענט, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן אויפצווייזן דער מענטשהייט די אַלע ווידערשפּרוכן, וואָס צו זיי מוז דער מענטש געפירט ווערן, כל-זמן ער האַלט זיך אין די גרענעצן פון דער ריינער פאַרנונפט און באַוואוסטזיין, אָדער פון אינטעלעקטועלער

לאָגיק. פאַרגעסן אָדער נישט געוואוסט אָבער האָט שפּענגלער, אַז קאַנט איז געווען אויך דער ערשטער, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, וועלכער האָט פילאָזאָפיש באַגרינדעט די באַגרענעצטקייט פונם פאַרשטאַנד, פון דער טעאָרעטישער אָדער ריינער פאַרנונפט, און וועלכער האָט אין דער אייגענער צייט אָנגעוויזן אויף דער אַבסאָלוטער נייטיקייט פאַר דער מענטשלעכער נשמה, פאַר זיין לעבן, זיין גייסט, פאַר דער סינטעטישער איינהייט און גאַנצקייט פון זיין וועזן — אַריבערצוטרעטן דידאָזיקע באַגרענעצטקייט און אויף די פליגלען פון פאַנטאַזיע, עמאָציע און גלויבן אויפצוהייבן זיך איבער דער וועלט פון רוים, צייט און קאַוזאַליטעט, כדי צו שוועבן אין דער וועלט פון געטהעס מוטער־וועזנס. פאַר קאַנטן איז עס די וועלט, וואו גאָט, פרייהייט און אומשטערבלעכקייט הערשן אויף אַן אומגעשטערטן אופן.

אין זיין „קריטיק פון דער פּראַקטישער פאַרנונפט", פאַר וועלכער שפּענגלער, ווייזט אויס, האָט קיין געדולד אָדער קיין צייט נישט געהאַט, לערנט אונז קאַנט, אַז די איבער־רוימלעכע און צייטלעכע וועלט, אין וועלכער קאַוזאַליטעט און געזעץ געוועלטיקן נישט מער, קאָן נישט אויפגענומען ווערן פון דעם פאַרשטאַנד, וועלכער אָפּערירט מיט באַגריפן. דער קעגנשטאַנד אָדער וועזן, וואָס וועגן אים פאָרמירט זיך אַ באַגריף, איז אויסנווייניק פונם באַגריף, און ווי אַזעלכער אַנטהאַלט ער אין זיך אַ סך מער ווי דער באַגריף קאָן אַריינעמען. קיין שום קעגנשטאַנד קאָן דעריבער נישט אויסגעשעפּט ווערן דורך באַגריפן, און דער העכסטער קעגנשטאַנד אָדער וועזן מיט זיינע העכסטע אַטריבוטן קאָן דורך זיי אפילו נישט דערקענט ווערן.

די איבערזינלעכע וועלט, וואָס זי אָנצונעמען ווערט דער מענטש געטריבן דורך זיין פּראַקטישער פאַרנונפט, דורך זיין קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו צו זוכן אַ זין אין לעבן און אַן אַלהעכסטע גאַנצקייט אינם קאָסמאָס — אָט דידאָזיקע, פאַרשטאַנד און חושים איבערשטייגנדיקע וועלט, מוז אויפגענומען ווערן דורך אַן איבערפאַרשטענדלעכער און איבערזינלעכער דערקענטעניש־קראַפט, וועלכע קוואַלט אַרויס פון דער איבערזינלעכער טייל פונם וועזן, וואָס הייסט מענטש. דידאָזיקע קראַפט רופט קאַנט פ ע ר ז ע נ ל ע כ ק יי ט, און ער דעפינירט זי אַלס אַ קראַפט, וועלכע איז פריי און אומאָפּהענגיק פונם מעכאַניזם

פון דער נאַטור. און קאַנט באַשטייט אויף דער רעאַלקייט און ממשות־יקייט פון דער איבערזינלעכער וועלט, וועלכע אַנטפּלעקט זיך צו דער פערזענלעכקייט פונם מענטש, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס טעאָרעטיש און לאָגיש קאָן זי נישט אויפגענומען און נישט באַוויזן ווערן.

„אויף אַזאַ אופן" — שרייבט קאַנט — „איז די רעאַליטעט פון דער איבערזינלעכער וועלט פעסטגעשטעלט און, אין פּראַקטישע הינ־זיכטן, באַשטימט געגעבן. און די דיאַזיקע באַשטימטקייט, וואָס פאַר טעאָרעטישע צוועקן וואָלט זי געווען טראַנסצענדענט, איז פאַר פּראַקטישע צוועקן אימאַנענט".*)

אין תוך גענומען, אַלזאָ, איז דער אונטערשיד צווישן געטהע־שפּענגלערס שיקזאַל־אידעע און קאַנטס אידעע וועגן אַ מונדוס אינטע־ליגיביליס — אַ וועלט פון איבערזינלעכקייט — אַן אונטערשיד בלויז אין טערמינאָלאָגיע. פאַר זיי ביידן, פאַר געטהע דעם קינסטלער און פאַר קאַנטן דעם פילאָזאָף, איז געווען קלאָר, אַז עס איז פאַראַן אַן איבער־רוימלעכע, איבערצייטלעכע און איבער־קאַאוזאַלע עקזיסטענץ. דער פאַקט איז — אַ פאַקט, צו וועלכן שפּענגלער איז לחלוטין בלינד, אפשר צוליב זיין ליבשאַפט צו געטהען — אַז נישט אין דער „קריטיק פון דער פּראַקטישער פאַרנופט", נאָר שוין אפילו אין זיין „קריטיק פון דער ריינער פאַרנופט" אידענטיפיצירט קאַנט דעם ענדצוועק פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ מיט דער באַשטימונג, וואָס דאָס מיינט מיט דעם שיקזאַל פון מענטש. ער שרייבט דאָרט: „וועזנטלעכע צוועקן זענען נאָך נישט די העכסטע צוועקן, מחמת ביי אַ פולקאָמענער סיס־טעמאַטישער איינהייט פון דער פאַרנונפט קאָן זיין נאָר איין און איינ־ציקער צוועק. דערפאַר זענען זיי אָדער אַן ענדצוועק, אָדער אונטער־וואָרפענע צוועקן, וועלכע געהערן אויף אַ נויטווענדיקן אופן ווי אַ מיטל צום ערשטן. דער ערשטער איז קיין אַנדערע זאַך נישט, ווי די גאַנצע באַשטימונג פון דעם מענטש".**)

---

*) קאַנטס ווערק, ב. 2, ז. 511.

**) בענא ערדמאַנס אויסגאַבע, ז. 599.

שפענגלערס אויסדרוקן: „לעבנס־דערפאַרונג", „אָרגאַנישע לאָגיק", „קרעאַטיווער אויפבליק" מיינען אינדעראמתן איינס און דאָס זעלביקע, וואָס קאַנטס אויסדרוקן: „פּראַקטישע פאַרנונפט", „פּערזענלעכקייט", אימאַנענץ און אַנדערע. שפענגלערס אַזוי גוט ווי קאַנטס אויסדרוקן זענען אָנשטערענגונגען אויס פאַרשידענערליי ווענן צו באַצייכענען די אומבאַוואוסטע קראַפט, וועלכע קלאַפּט אין די טירן פון אַן איבער־באַגריפישער איבער־אינטעלעקטועל־געדאַנקלעכער וועלט.

עס איז נישט אמת, ווי שפענגלער וויל האָבן, אַז קאַנט האָט נאָר געוואוסט פון „עמפינדונג" און נישט פון „האָפנונג". קאַנט זאָגט בפירוש: „דער גאַנצער אינטערעס פון מיין פאַרנונפט (פון דער ספּעקולאַטיווער, אַזוי גוט ווי פון דער פּראַקטישער) פאַראייניקט זיך אין די פאָלגנדיקע דריי פראַגן: 1) וואָס קאָן איך וויסן? 2) וואָס זאָל איך טון? 3) אויף וואָס דאַרף איך האָפן? און ער באַטאָנט שטאַרק, אַז ווי ווייט עס איז נוגע וויסן, איז עס זיכער און קלאָר, אַז אין די לעצטע צוויי פּראָבלעמען קאָן עס קיינמאָל קיין שום חלוק נישט האָבן".*)

און ווער עס שטעלט אַוועק אַזעלכע שאַרפע גרענעצן צום וויסן, דער מוז פילן די גרויסע באַדייטונגען און די טיפע אינהאַלטן, וואָס ליגן אין די ווערטער: ה אָ פ נ ו נ ג, ג ל י ק, פ אַ ר צ װ ײ פ ל ו נ ג, ח ר ט ה, א י ב ע ר ג ע ב נ ק ײ ט און ט ר ײ ס ט. און אַזעלכער מוז אויך האָבן אַ וואַרעמע באַציונג צום מיסטיציזם. מחמת מיסטיק איז דאָך אייגנטלעך דער קוואַל פון אַלע גרויסע באַדייטונגען און טיפע אינהאַלטן, וועלכע דער מענטש לייענט אַרויס מיט הכנעה און יראת הכבוד פון צווישן די שורות פון זיינע געפילן, אינסטינקטן און עמאָציעס. און דערפאַר האָט דער זעלביקער גייסט אין קאַנטן, וועלכער האָט אים דיקטירט צו שרייבן: „דער אויסגעשטערנטער הימל א י ב ע ר מ י ר און דאָס מאָראַלישע געזעץ א י ן מ י ר זענען פאַר מיר אַ באַווייז, אַז ס'איז דאָ אַ גאָט" — אויך דיקטירט צו שרייבן:

---

*) „קריטיק דער ריינער פאַרנונפט", זייט 579—580.

„דער מיסטיציזם איז אין איינקלאַנג מיט דער ריינקייט און דערהויבנ-
קייט פון דעם מאָראַלישן געזעץ”.*)

און מעגן די פּסיכאָאַנאַליטיקער, די איצטיקע, מיט פרוידן בראש, און די, וואָס וועלן קומען נאָך פרוידן, אַריינדרינגען אויף אַן עכט ווויסנשאַפטלעכן אופן אין די טיפסטע טיפענישן פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין, וועט נאָך אָבער אַלץ בלייבן אין דער, וואָס איך רוף, אונ-טערבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט אַן אַ שיעור און אַן ערך קנאָספּן און קנאָספּעלעך פון אַלערליי פּסיכישע געוויקסן, וועלכע וועלן זיך עפענען נאָר צו דער איבער-אינטעלעקטועלער, אי-בער-לאָגישער און איבער-וויסנשאַפטלעכער מיסטיק, און וואָס נאָר אונטער איר שיין, ליכט און וואַרעמקייט וועלן זיי זיך פונאַנ-דערבליען.

נעמט מען נאָר אָן, אַז די קאָסמישע כּוחות זענען שאַפנדיק-עוואָלוציאָנעריש, ווי דאָס ווערט איצט אָנגענומען פון גרעסטן טייל פון דער דענקענדיקער וועלט, לייגט עס זיך אויפן שכל, אַז די אונ-טערבאַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט וואַקסט און אַנטוויקלט זיך גראָד אַזוי גוט ווי די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, און אַז דעריבער וועט די ערשטע, די אונטערבאַוואוסטזיניקע אַלץ מער און מער זיך אַנטפּלעקן, זי וועט אַלץ מער און מער איבערגעזעצט ווערן אין דער אַנדערער, אין דער באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. זי קאָן אָבער פון איר קיינמאָל נישט אויסגעשעפּט ווערן, קיינמאָל נישט דערקלערט ווערן; זי קאָן קיינמאָל נישט ווערן באַוואוסטזיניקע אָנשטאָט אומבאַ-וואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, מעג דאָס באַוואוסטזיין ווי טיף אַריינ-דרינגען אין אירע איינגעווייד. דער קוואַל, פון וועלכן עס שעפּט דאָס אומבאַוואוסטע, איז אַזוי אומדערשעפּלעך, ווי אומבאַגרענעצט עס איז דער כּוח פון באַוואוסטן אָנצוקליידן מיט באַגריפן דאָס, וואָס שלאָגט זיך דורך אים פון די קוואַלן, וואָס זעצן אַרויף פון אונטער-דער באַוואוסטזיין-שוועל.

וועגן נאַטור און גייסט איז שוין מער ווי איין מאָל געזאָגט

*) קאַנטס ווערק, ב. 2, זייט 477.

געוואָרן פון פאַרשידענע פילאָזאָפן (עמפּעדאָקלס, העלוועציוס און שאָפּענהויער), אַז נאָר נאַטור קאָן נאַטור פאַרשטיין, און גייסט קאָן נאָר פון גייסט פאַרשטאַנען און דערגרונטעוועט ווערן. דאָס זעלביקע, גלייב איך, דאַרף און קאָן געזאָגט ווערן וועגן דעם אומבאַוואוסטן: דאָס אומבאַוואוסטע, וואָס איז אונטער-און-איבער-באַוואוסטזיין אינאיינעם גענומען, קאָן נאָר פון אַן אונטער-און-איבער-באַוואוסטזיין אין זיין גאַנצער גאַנצקייט אויפגעכאַפּט ווערן און ביז צו זיינע גרונטן און טיפענישן דורכגענומען ווערן. און אויך וויפיל מיסטיק קאָן פאַרשטאַנען ווערן ווי אַ סינטעז פון אונטער-און-איבער-באַוואוסטזיניקער דערקענטעניש, אויך אַזוי פיל בלייבט אַלע מאָל אַן אָרט פאַר דער מיסטיק, מעג די לאָגיק ווי טיף און ווי ברייט זיך פונאַנדערוואַקסן. מיט דער לאָגיק און דער מיסטיק, אַזוי אויך מיט דער אורזאַכלעכקייט-אידעע און שיקזאַל-אידעע, אָדער מיט דער אידעע פון אַ זינלעכער און איבערזינלעכער וועלט. ווי טיף די ערשטע זאָל נישט דערגרונטעוועט ווערן, און ווי ברייט זי זאָל נישט אויסגעפאָרשט ווערן, וועט אַלע מאָל אַלץ בלייבן אָרט פאַר דער צווייטער, ווי אויך פאַר אַן אידעע פון אַן איינהייטלעכער עקזיסטענץ, וואָס זאָל ביידן איינשליסן.

און אויב קאַנט האָט, אין דער אויסאַרבעטונג פון זיין וועלטבליק, זיך פריער אָפּגעשטעלט אויף דעם געפיל פון פליכט, אויף דער מאָראַל, ווי אויף אַ פאַרבינדונג-שנור צווישן ביידע וועלטן, און ערשט נאָכדעם אויף דעם געפיל פון שיינקייט, אויף דער עסטעטיק, ווי אויף אַ קראַפט, וואָס צילט און טרעפט אין דער איבערזינלעכער וועלט, האָט שוין דערפאַר אָבער שאָפּענהויער צוגעטיילט דעם גרעסטן כבוד דער קונסט און איר אומבאַוואוסטזיניקער דערקענטעניש. איר האָט עס צוגעשריבן די גרויסע ראָל פון אויפנעמען און דערבליקן די רעאַליטעט אין אירע תהומידיקע טיפענישן און קאָפּ-שווינדלדיקע הויכן.

ב.

שפענגלער, האָבן מיר געזען, שטעלט אַוועק אויף איין ברעט קאַנטן און אַריסטאָטעלן, און ער האַלט נישט פון ביידן, און אַלס קעגנזאַץ צו זיי — ברענגט ער פּלאַטאָן און געטהען, וואָס אין זיי איז ער פאַרקאָכט ביז גאָר. שאָפּענהויער פּאָרט קאַנטן דווקא מיט פּלאַטאָן, און ער פאַלט כּורעים פאַר זייער ביידנס געניאַלער טיפקייט און אָרי־גינעלקייט — פאַר פּלאַטאָס נאָך מער ווי פאַר קאַנטס. דערהויפּט האַלט ער פאַר אויסערגעוויינלעך געניאַל פּלאַטאָס קינסטלערישע דערזעונג פון דער אידעע — די אידעע, וואָס פון איר שלאָגט אַרויס אַלץ אין אויסגעשפּרייטקייטן און נאָכאַנאַנדקייטן פון רוים, צייט און אורזאַכ־לעכקייט, אַזוי גוט ווי רוים, צייט און אורזאַכלעכקייט גופא. און וואָס זי, דידאָזיקע אידעע אַליין, בלייבט פון יענער זייט פון דעם, וואָס פליסט אַרויס און נעמט אָן די פאָרמען און געשטאַלטונגען פון רוים, צייט און אורזאַך און אַלע אַנדערע פאָרמען און געשטאַלטונגען אין זיי און מיט זיי. צו דערפילן מאָמענטנווייז אין און דורך די דערשיי־נונגען דידאָזיקע אידעע, אָנצושטרענגען זיך וואָס נענטער און נענטער צוצוקומען צו איר, זי צו דערגרונטעווען, און אין ליכט פון איר איי־ביקייט, איר אָן־רוים און אָן־אורזאַך, צו שאַצן און צו ריכטן אַלע צייטלעכע, רוימלעכע און געזעץ־באַגרענעצטע לעבנס־לויפן־און־אָנגאַנגען פון דער פענאָמענאַלער וועלט — אָט דאָס אַלץ באַטראַכט שאָפּענהויער אינאיינעם מיט פּלאַטאָן פאַר דער גרעסטער אויפגאַבע און העכסטן ציל פונם מענטשלעכן גייסט.

בעת אָבער פּלאַטאָ האָט געהאַלטן, אַז פון אַלע קולטור־צווייגן איז די קונסט ווייניקער כּאַר אַלע פעיק אויף אַ אַ אָנשטרענגונג און דערגרייכונג, האַלט שאָפּענהויער פּונקט פאַרקערט: כּאַר אים איז די קונסט דער איינציקער קולטור־אויסדרוק, וואָס האָט גאָרנישט קיין אַנדערע אויפגאַבע, ווי אַריינצודרינגען אין די קאָסמישע אידעען, וואָס וואָלטן אָן איר געבליבן אומדערקענט, און דאָס מענטשלעכע לעבן אָן אַזאַ דערקענונג, וואָלט געבליבן אַלץ, נאָר נישט מענטשלעך. און דעם

פילאָזאָף, וויסנשאַפטסמאַן און סתּם מענטשן געלינגט עס צו קריגן אַן אַריינבליק אָדער אַן אַריינפיל אין די אידעען נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל יעדער איינער פון זיי איז אויך עטוואָס קינסטלער. אויף וויפיל יעדן איינעם פון זיי איז די עסטעטיק נישט אינגאַנצן פרעמד.

פאַר אַן אינטימער באַהעפטונג אָדער אינטואיטיווער דערקענטעניש פון דער אידעע — דעם מהות און אורשפרונג פון דער זאַך — איז נייטיק, לויט שאָפּענהויערן נאָך, צו באַפרייען דעם קעגנשטאַנד, וועלכער איז צום דערקענען, אַזוי גוט ווי דעם דערקענער אַליין, פון אַלץ, וואָס איז איינצל און אינדיווידועל, דאָס הייסט, פון אַלץ, וואָס איז איינגעוויקלט אין צייט, רוים און אורזאַך. דורך דערדאָזיקער באַפרייונג ווערט דער קעגנשטאַנד אָנשטאָט אַן איינצלנער זאַך — אַן אידעע, און דער דערקענער ווערט אָנשטאָט אַן אינדיוויד, אָנשטאָט אַ פּאָדעם פון דעם צייט-רוים-אורזאַך-געוועב — אַ סובּיעקט פון דערקענטעניש, וואָס דאָס מיינט, אַ פאָדעם פון דער אייביקייט, וועלכע איז מחוץ פון אַלע באַגריפן, און אויך פון די באַגריפן רוים, צייט און אורזאַך. און אַזאַ דערקענטעניש, גלייבט שאָפּענהויער, קאָן אונז געבן און גיט אונז נאָר די קונסט.

די עסטעטיק און די קונסט, אַלזאָ, אויף וועלכער פלאַטאָ האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ, איז פאַר שאָפּענהויערן דער העכסטער אויסדרוק פון קולטור, דער שטאַרקסטער און זיכערסטער באַגלייטער אויפן וועג צו דער רעאַליטעט, און דאָס איז אַזוי צו אים דערפאַר, וואָס ער זעט אין דער עמפּינדונג, אָנשויונג אָדער פּערצעפּציע די גרעסטע מעגלעכקייט פאַר אַ נאָענטן און אוממיטלבאַרן צוטריט צו איר. אַנדערש איז עס געוועזן צו פלאַטאָן, ווייל ער האָט געזעען אין דעם באַגריף, לאָגישן אַרויסדרינג אָדער קאָנצעפּציע דעם שליסל צו די פאַרזיגלטע טויערן פון דער רעאַליטעט. פאַר שאָפּענהויערן ליגט דאָס טיפע וויסן דאָרט, וואו מיר ווייסן נישט, אַז מיר ווייסן. ריינע באַטראַכטונג, ספּאָנטאַנער אַריינגראָב און אַריינדרינג מיט אַלע רמ"ח אברים פונם מענטשלעכן וועזן אין מאָמענטן, ווען דאָס באַוואוסטזיין ווערט פאַרזונקען אין פאַרגעסנקייט אָן אַלץ אַרום דעם באַטראַכטער און אָן דעם באַטראַכטער גופא — דאָס איז פאַר שאָפּענהויערן דער מאָמענט פון

העכסטער דערקענטעניש. אַזאַ מאָמענט איז גורם אַלערליי טראַכטע־נישן, אַלערליי טעאָרעטישע ספּעקולאַציעס, אַלערליי לאָגישע סברות. ער איז אָבער אויך דער מאָמענט פון אַזאַ געוואונענער און דערוואָר־בענער דערקענטעניש, וועלכע קאָן נישט אויסגעשעפּט ווערן, געדעקט ווערן אָדער איבערזעצט ווערן אין קיינע שום טראַכטענישן, אין קיינע שום ספּעקולאַציעס און לאָגישקייטן. עס בלייבט עפּעס אין דער דער־קענטעניש פון אַזאַ, אין פאַרגעסנהייט זיך פאַרזיכקענדיקן מאָמענט, וואָס לאָזט זיך נישט אין באַגריפן אַרויסקריסטאַליזירן. און דאָסדאָ־זיקע דערקענטע, וואָס קאָן נישט איבערגעגעבן ווערן אין באַגריפן, איז די אידעע, דאָס טיפסטע און אָריגינעלסטע, דאָס תוך־און־תמצית־דיקע פונם קאָסמישן זיין.

„ווען דער מענטש" — שרייבט שאָפּענהויער — „דערהויבן דורך דער קראַפט פון גייסט, זאָגט זיך אָפּ פונם געוויינלעכן וועג פון באַטראַכטן זאַכן, הערט אויף, אונטער דער לייטונג פון די פאָרמען פון גענוגנדיקער אורזאַך, נאָכצוגיין זייערע שייכותן פון איינער צו דער אַנדערער, ווען ער אַלזאָ באַטראַכט נישט מער דעם וואו, דעם ווען, דעם פאַרוואָס און דעם וואוהין פון זאַכן, נאָר בלויז אַליין און איינ־ציק — דעם וואָס, ווען ער דערלאָזט נישט דאָס אַבסטראַקטע דענקען, די באַגריפן פון דער פאַרנונפט איינגעמען זיין באַוואוסטזיין, נאָר אָנשטאָט אַלעם דעם, גיט ער אָוועק די גאַנצע מאַכט פון זיין גייסט דער אָנשויונג, פאַרזינקט זיך אינגאַנצן אין איר, און לאָזט זיין גאַנץ באַוואוסטזיין אויסגעפילט ווערן מיט דער רויקער קאָנ־טעמפּלאַציע פון דעם אַקטועל קעגנוואַרטיקן נאַטור־קעגנשטאַנד — דעמאָלט איז דאָס, וואָס ווערט דערקענט, שוין נישט די איינצלנע זאַך ווי אַזעלכע, נאָר דאָס איז די אידעע, די אייביקע פאָרם, די אוממיטלבאַרע אָביעקטיוויטעט פונם ווילן אויף דערדאָזיקער מדרגה. און דורך דעם גופא איז דער, וועלכער איז פאַרזונקען אין דערדאָ־זיקער אָנשויונג, שוין נישט דער אינדיוויד, מחמת אין אַזאַ אָנשויונג האָט דער אינדיוויד זיך גופא פאַרלוירן. ער איז אָבער געוואָרן ר יי־נ ע ר, ווילנלאָזער, שמערצלאָזער, צייטלאָזער ס ו ב י ע ק ט פ ו ן ד ע ר־ק ע נ ט ע נ י ש".

אַ גרויס קונסט־ווערק וועט דעריבער פאַר שאָפּענהויערן זיין

אזאַ ווערק, וואָס נישט אַלע אײנהאַלטן און טיפקייטן זײנע לאָזן זיך איבערגעבן אין קלאָרע באַגריפן. דאָס איז אַ ווערק, וואָס נאָך אַלץ דעם, וואָס ווערט אַרויסגעלייענט פון צווישן זײנע שורות דורך אַלערליי טראַכטענישן און נאָכדענקענישן וועגן דעם, וועט נאָך אַלץ בלייבן דאָרט עפּעס, וואָס וועט רעדן צו די געפילן, צו די עמאָציעס און צו אַלערליי אַנדערע אויסדרוקן פון דער אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. אין באַגריפן אָבער קאָן דערדאָזיקער עפּעס נישט איבערגעגעבן ווערן. אַ קולטור־שאַפונג, וואָס אַלץ אין דעם זאָל קאָנען געבראַכט ווערן צו דער דייטלעכקייט פון אַ באַגריף, וואָלט פאַר שאָפּענהויערן בכלל קיין שאַפונג נישט געווען, און קונסט־שאַפונג אוודאי נישט.

די דיכטונג פון אַ שעקספּיר אָדער אַ געטהע, האַלט שאָפּענהויער, קאָן נישט אויסגענומען און אויסגעשעפּט ווערן מיט די אַבסטראַקטע אמתן, וועלכע זי האָט באַצוועקט מיטצוטיילן. דאָס מיינט נישט, חלילה, אַז שאָפּענהויער נעמט אַוועק ביים דיכטער דעם חוב אָדער די פּריווילעגיע צו דענקען. ניין, דער דיכטער דאַרף און מוז דענקען, זיין דענקען אָבער איז אַ דענקען אין בילדער און נישט אין באַגריפן. אַ בילד קאָן אַרויסרופן אָדער זיך פונאַנדערפאַלן אין אָן אַ שיעור און אין אַלערליי באַגריפן. קיין שום סכום אָבער פון באַגריפן קאָן נישט צונויפשטעלן קיין איין און איינציק בילד. אָנשטאָט בילד, נוצט שאָפּענהויער דעם אויסדרוק אָנשויאונג, און ער זאָגט: „אוודאי דאַרף דער קינסטלער דענקען, ווען ער אָרדנט איין זיין ווערק, אָבער נאָר דאָס דענקען, וואָס איז געווען אין דער אָנשויאונג איידער עס איז געדענקט געוואָרן, האָט, נאָכדעם, ווי עס ווערט מיטגעטיילט, די אָנרעגנדיקע קראַפט, און ווערט דורך דעם אומפאַרגענגלעך".

אַלע פילאָזאָפן נאָך שאָפּענהויערן, און צווישן זיי די צוויי גרעסטע פילאָזאָפן — בערגסאָן און קראָטשע, זענען געגאַנגען אין די וועגן פון שאָפּענהויערן, זיי זענען איינס מיט אים אין דער באַטאָנונג פון דער גרויסער ראָל פון דעם אָנשוילעכן און אינטואיטיוון דענקען. און זיי, ווי ער, אָנערקענען דעם גרויסן כוח פון דער קונסט אויף אַריינצורייסן זיך אין די חדרי־חדרים און קדשי־קדשים פון דער

רעאַליטעט, און אויף אַראָפּצולאָזן זיך אין די אָפּגרונטן פון דער מענטשלעכער נשמה.

בערגסאָן רעדט וועגן צוויי אַספּעקטן פון מענטשלעכע עמפּינדונגען, דערפילונגען און עמאָציעס. איינער איז קלאָר און פּרעציז. דאָס איז דער אומפּערזענלעכער. דער אַנדערער, דער פּערזענלעכער, איז צעמישט פאַרפּלאָנטערט, האַלט זיך אין איין בייטן און איז אומאויסדריקלעך. און עס זענען די עמפּינדונגען און די עמאָציעס, די פילונגען און דערפילונגען אין זייער פּערזענלעכן אַספּעקט, וועלכע זענען די טיפסטע, רייכסטע און אויסערגעוויינלעכסטע. זיי זענען די פּערזענלעכסטע, אָבער נישט די אינדיווידועלסטע. זיי דריקן אויס, צוליב דעם וואָס זענען אָריגינעל, פּרימיטיוו און טיף, נישט נאָר די פּערזענלעכקייט פון איין מענטש, נאָר די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט, דעם מענטשלעכן זעלבסט בכלל. און אין דעמדאָזיקן אויסדרוק איז אפשר אויך אַנטהאַלטן דער צונויפטרעף-פּונקט צווישן דער מענטשלעכער און אוניווערסאַלער פּערזענלעכקייט. מען קאָן קיינעם נישט מאַכן צו פאַרשטיין דעמדאָזיקן אַספּעקט פון דער מענטשלעכער נשמה, מען קאָן אָבער יאָ מאַכן פיל מענטשן צו לעבן און איבערצולעבן דעמדאָזיקן אַספּעקט פון עמפּינדונגען און עמאָציעס. און דאָס טון קאָן נאָר דער קינסטלער דורך דער בילדלעכקייט פון זיין קונסט.

און אַ סך פון דעם קינסטלערס איבערלעבונגען, אַ סך פון די רעאַליטעטס-אַנטפּלעקונגען צו אים, וועלכע גיסן זיך אַריבער צו אונז דורך דער קינסטלערישער בילדלעכקייט, זענען צום קינסטלער אַליין נישט פאַרשטענדלעך, ווייל זיי קומען צו אים נישט דורך פאַרשטאַנד, אינטעלעקט אָדער געוויינלעכן באַוואוסטזיין. זיי קומען צום קינסטלער אויף אַ וועג און אופן, וואָס מיט וואָס פאַר אַ נאָמען דער אָדער יענער פילאָזאָף זאָל אים נישט באַצייכענען, טראָגט ער, דערדאָזיקער וועג און אופן, אין זיך אַ ניואַנס און שאַטירונג פון מיסטיציזם. ער איז נישט פריי פון אַ מיסטישן ציפער. און צי ליגט דידאָזיקע אויפנאַם-און-מיטטיילונגס-קראַפט אונטן אָדער איבער דעם שכל און דער לאָגיק, איז זי זיכער אָבער עפּעס מער און עטוואָס העכער פאַר זיי, און זי קאָן נישט דעריבער דורך זיי אינגאַנצן אויסגעדריקט ווערן, און ממילא אויך נישט דערקלערט ווערן.

ניעט נאָר וועגן קינסטלער, נאָר וועגן מענטשן בכלל זאָגט בערגסאָן, אַז „די גלויבנס, אָן וועלכע זיי האַלטן זיך צום שטאַרקסטן, זענען די יעניקע, וואָס וועגן זיי איז שווערער פון אַלץ זיך אָפּגעבן רעכענונג. און די טעמים, דורך וועלכע מיר גערעכטפאַרטיקן זיי, זענען די, וואָס האָבן אונז געפירט זיי אָנצונעמען. אין אַ געוויסן זין האָבן מיר זיי אָנגענומען אָן אַ טעם. מחמת ווערטפול אין אונזערע אויגן מאַכט זיי דאָס, וואָס זיי זענען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער פאַרב פון אונזערע אַלע איבעריקע אידעען".*)

אָט דידאָזיקע פאַרב פון אַלע אידעען, וואָס צו איר מוז זיך צופּאַסן יעדער איינדרוק איידער ער ווערט אַ טיפער גייסטיקער אויס־דרוק, איז, וואָלט איך געזאָגט, דער זאַפט פון דער פערזענלעכקייט. דאָס איז די אונטער־אָדער־איבערבאַוואוסטזיניקע קאָנקרעטע קראַפט אין דער נשמה פון דעם מענטש, וואָס מיט איר אָפּערירט אויף אַלערליי אופנים די באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט. אָן דערדאָזיקער קאָנקרעטער קראַפט אָבער איז די קלאָרע און די ליכטיקע געדאַנקלעכקייט פוסט און ליידיק.

דורך דעמדאָזיקן זאַפט איז דער מענטש באַהאָפטן מיט די טיפסטע אויסדרוקן פון דער רעאַליטעט. נאָך מער, דערדאָזיקער זאַפט אַליין, איז אפשר דער טיפסטער אויסדרוק, דער מהות פון דער רעאַ־ליטעט. און דערגרונטעווען זיך צו דעמדאָזיקן זאַפט, צו דעם זאַפט פונם קאָסמאָס, אויף וויפיל דאָס איז בכלל מעגלעך, קאָן מען נאָר דורך דער זאַפטיקייט פון דער גאַנצער פערזענלעכקייט, וועלכע איז, אין אַלגעמיין גענומען, אונטערבאַוואוסטזיין אַ סך מער ווי באַוואוסטזיין. און די קינסטלערישע בילדלעכקייט איז דער איינציקער וועג אויף צו מאַכן אונזער פערזענלעכקייט צו דערפילן און מיטפילן, צו לעבן און איבערלעבן דידאָזיקע זאַפטיקייט, וועלכע פליסט און רינט איבן קאָס־מאָס, און גיט לעבן און אָרגאַנישע גאַנצקייט צו דער מענטש־וועלט־און־גאָט־סובסטאַנץ.

דעם זעלביקן אומגעפער געדאַנק, נאָר אין אַנדערע ווערטער, געפינען מיר ביי קראָטשען.

*) Timland Free Will, ז. 135.

ער זאָגט: „דאָס געפיל, וואָס דער אמתער קינסטלער גיט איבער, איז דאָס געפיל פון זאַכן, Lacrimae rerum. און דורך דער אידענ־טיטעט פון געפיל און ווילן און פון ווילן און רעאַליטעט, וועלכע מיר האָבן באַוויזן אין דער „פילאָזאָפיע פונם פּראַקטישן", זענען די זאַכן גופא דאָסדאָזיקע געפיל. די כאַראַקטעריסטיק, וואָס שעלינג און שאָפּענ־הויער האָבן געמערקט אין מוזיק — די כאַראַקטעריסטיק פון איבער־צוגעבן נישט קיין אידעע אינדעראמתן, נאָר דעם אידעאַלן ריטם פון דעם אוניווערס און פון אָביעקטיוויזירן דעם ווילן גופא, געהערט אויף אַ גלייכן אופן צו אַלע אַנדערע פאָרמען פון קונסט, מחמת דאָס איז די עסענץ גופא פון קונסט, אָדער פון ריינער אינטואיציע".*)

און דאָס זאָגט איינער, וועלכער איז אַ גרויסער פאַרערער פון העגעלן, און וועלכער שטעלט זיך איין, אַזויווי ער, פאַר לאָגיק, פאַר פאַרנונפט און באַוואוסטזיין, און פאַר דער גרויסער וויכטיקייט פון דער דערקענטעניש אין באַגריפן, און נישט, ווי שאָפּענהויער, פון דער דערקענטעניש אין דער אָנשויונג. אָבער ערשט אין די גרויסע און טיפע ווערק פון קראָטשע זעט מען ווי שטאַרק עס איז דער אָנדער־קענונג־שטראָם פון דער אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. גאַנצע זייטן גיט קראָטשע אַוועק אויף צו באַווייזן, אַז העגעל איז אינדער־אמתן גאָרנישט געווען אַזאַ גרויסער אינטעלעקטואַליסט, ווי מען האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, און אַז ער, העגעל, הייסט עס, האָט גאַנץ כּאַדייטנדיקן געוויכט געלייגט אויף דעם, וואָס מען רופט — האַרץ־דערקענטעניש. דאָס איינציקע, דענקט קראָטשע, וואָס העגעלן איז נישט געווען קלאָר, איז דער נישט רעפלעקטירנדיקער כאַראַקטער פונם ווילן. און אויב קראָטשע נעמט נישט אינגאַנצן אָן די בלינדקייט און אומ־באַוואוסטקייט, וועלכע שאָפּענהויער שרייבט צו דעם ווילן, גיט ער אָבער אַ גרויס לויב־געזאַנג שאָפּענהויערן פאַר זיין וואַרפן אַ שטאַרק ליכט אויף דער נישט אינטעלעקטועלער זייט פון גייסט, וואָס אָן איר איז, לויט קראָטשען, נישט מעגלעך קיין שום דערקענטעניש. „דער באַגריף" — זאָגט קראָטשע — „אָן אָנשויאונג און פאָרשטעלונג־קראַפט

---

*) The Philosophy of the Practical, ז. 269.

איז לחלוטין אומפּרוכטבאַר". פאָלקאָמענע דערקענטעניש קומט, לויט זיין מיינונג נאָך, פון דעם דענקען אין דער קאָנקרעטהייט. און דאָס קאָנקרעטע דענקען, וואָס קראָטשע שטעלט אַוועק אין קעגנזאַץ צום אַבסטראַקטן דענקען, איז אַ סינטעז פון אָנשויאונג און באַגריף, אַז דאָס איז דאָך אייגנטלעך איינס און דאָס זעלביקע, וואָס בערגסאָן וויל, אַז עס זאָל פאַרשטאַנען ווערן אונטער אינטואיציע.

אויב קראָטשע טרעט אַרויס דאָ און דאָרט אַנטקעגן אומבאַוואוסטזיניקער דערקענטעניש, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז דאָס איז נאָר דערפאַר, וואָס פאַר אים איז אַזאַ זאַך ווי לחלוטינדיקער אומבאַוואוסטזיין גאָרנישט בנמצא אין גאָטס גרויסער וועלט. אַלץ אין דער וועלט, און די וועלט אַלס גאַנצע איז פאַר קראָטשען פול מיט לעבן, און יעדע וויברירונג פון לעבן איז דורכגעדרונגען מיט אַ געוויסער דערקענטעניש, און יעדע דערקענטעניש איז אַ געוויס וויסן, און יעדעס וויסן איז אַ געוויס באַוואוסטזיין. ער ציט דערפאַר אַ ליניע צווישן קאָנקרעטן און אַבסטראַקטן דענקען, צווישן רעפלעקטירנדיקן און נישט רעפלעקטירנדיקן באַוואוסטזיין. עס איז קלאָר, אַז די נפקא-מינה איז דאָ בלויז אין דער טערמינאָלאָגיע.

וואַרפט מען אַראָפ די טערמינאָלאָגיע-שאָלעכץ און מען קומט צו צום קערנדל, דערזעט מען אייגנטלעך איין ליניע פון פלאַטאָ ביז קראָטשען און קראָטשען אַריינגערעכנט — אַ ליניע אין דער אַלץ וואַקסנדיקער ריכטונג פון באַגריף צו אינטואיציע, פון אַבסטראַקציע צו קאָנקרעטהייט, פון טעאָריע צו פראַקטיק, פון רעפלעקטירנדיקער אָדער באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט צו נישט רעפלעקטירנדיקער אָדער אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט.

„דער מאָדערנער געדאַנק" — אַזוי לייענען מיר ביי קראָטשען — „געפינט נישט קיינע שום שוועריקייטן צו אַנטדעקן איבעראַל אַקטיוויטעט, אַנטוויקלונג, באַוואוסטזיין מיט זיינע אַנטיטעזן פון גוט און שלעכט, פרייד און טרויער. געוויס שמייכלען נישט די שטערן, און נישט בלאַס איז די לבנה פון טרויער, דאָס זענען בילדער פון די פאָעטן. געוויס דענקען נישט די חיות און ביימער ווי מענטשן. דאָס איז, ווען נישט קיין פאָעזיע, גראָבער אַנטראָפּאָמאָרפיזם. די נאַטור אָבער אין איר אינטימען זעלבסט בענקט נאָך גוטס און האַסט שלעכטס.

זי איז אינגאַנצן נאַס מיט טרערן און ציטערט פון פרייד. קאַמף און זיג איז איבעראַל און אין יעדן מאָמענט פונם אוניווערסאַלן לעבן".*)

דאָס איז אַלזאָ, ווי קראָטשע אַליין זאָגט אונז, נישט זיין געדאַנק, נאָר דער געדאַנק פונם אוניווערסאַלן גייסט אין זיין איינציקער געשטאַלטונג, וועלכע איז אין דער קונסט נאָך אין געטהען צום שטאַרקסטן אויסדרוק געקומען. געטהע האָט, ווי מיר האָבן שוין געזען, געלאָזט פאַוסטן זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם, וואָס איז אין אָנהייב געווען: דאָס וואָרט, צי די טאַט? און נאָך אַ לאַנגער חקירה ודרישה לאָזט ער אים קאַטעגאָריש צו באַשליסן: אין אָנהייב איז געווען די טאַט! קומט איצט קראָטשע און אין זיין „פילאָזאָפיע פונם פראַקטישן" פאַרטראַכט ער זיך אויך וועגן דער זעלביקער פראַגע און ווערט געפירט צום ענטפער: וואָרט איז טאַט, און טאַט איז אויך וואָרט. און אויף וויפיל מיר קאָנען זיך בכלל מאָלן אַן אָנהייב, מוז ער געמאָלט ווערן אַלס וואָרט-טאַט און טאַט-וואָרט.

דאָס מיינט אַלזאָ, אַז דאָס וואָרט, דער לאָגאָס, די רעפלעקטירנדיקע און אַבסטראַקטע געדאַנקלעכקייט שעפּט נישט אויס די טאַט, דעם ווילן, די פּראַקטישע פאַרנונפט אָדער דאָס סתם זיין. און פאַרקערט, דאָס פולסטע און אַבסאָלוטע זיין איז נישט שייך אָן די שטראַלן פון דער ליכטיקער, רעפלעקטירנדיקער געדאַנקלעכקייט, דער מענטש מוז דעריבער צולייגן זיין קאָפּ צו דער באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, און זיין האַרץ און אויער — צו דער אומבאַוואוסטזיניקער. און ער מוז דורך, וואָס בערגסאָן רופט, אַן איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פאַרייניקן די ביידע, אין געוויסע מאָמענטן אַמווייניקסטן, אין אַן אינטואיציע — אין אַ דערקענטעניש, וועלכע איז אַ סינטעז פון אַלע אויסדרוקן פון פּסיכיק און גייסט. און נאָר אַזאַ אָנשטרענגונג, נאָר אַזאַ אינטואיטיווע דערקענטעניש, מאַכט מעגלעך פאַר קראָטשען צו שרייבן און פאַרן לייענער זיך אַריינצולעבן אין קראָטשעס פאָלגנדיקע ווערטער.

„דענקען און זיין זענען נישט קיין נאָכפאָלגונג פון צוויי ענד-

---

*) Philosophy of the Practical, ז. 250.

לעכקייטן, נאָר זיי זענען אַן אַבסאָלוטע שייכות, דאָס הייסט — דער אַבסאָלוט גופא. מיטאָלאָגיש זיך אויסגעדריקט: אויב דער באַשאַף פון דער וועלט איז אַן איבערגאַנג פון כאַאָס צו קאָסמאָס, פון נישט־זיין צו זיין, הייבט זיך אָן דערדאָזיקער איבערגאַנג נישט מיטן פּראַקטישן אָדער טעאָרעטישן, נישט מיטן סוביעקט אָדער אָביעקט, נאָר מיט דעם אַבסאָלוט, וועלכער איז די אַבסאָלוטע שייכות פון דידאָזיקעביידע אויסדרוקן. אין אָנהייב איז געווען נישט דאָס וואָרט און נישט די טאַט, נאָר דאָס וואָרט פון דער טאַט און די טאַט פונם וואָרט".*)

מיר וועלן דאָ אַלזאָ ווייטער געפירט צו געטהעס „מוטערס", נאָר דאָס מאָל שוין אין אַ פילאָזאָפיש געשטאַלט. און סיי אין זייער קינסטלערישן, סיי אין זייער פילאָזאָפישן געשטאַלט, אַנטפּלעקן זיך נישט די מוטערס צו דער אינטעלעקטועלער געדאַנקלעכקייט, צום באַוואוסטזיין אין געוויינלעכן זין פון וואָרט. צו באַנעמען די „מוטערס" איז נייטיק די אויפנאַמס־קראַפט, וועלכע אַרבעט אַמשטאַרקסטן, ווען עס עפענען זיך אַלע תהומען פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וועלכע שלאָגט טיפערע וואָרצלען אין דעם אומבאַוואוסטן ווי אין דעם באַוואוסטן. אין די פאַלדן פון דעם אומבאַוואוסטן ליגט פאַרבאַהאַלטן די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, וועלכע שוועבט אַרויף טיילווייז בלויז צו דער אויבערפלאַך פונם באַוואוסטזיין און קניפּט זיך אָן אָן דעם זכרון.

אין די טיפענישן אָבער פונם גייסט און פון דער פּסיכיק, וועלכע קאָנען נישט דערגרונטעוועט ווערן, אַרבעטן פאַרבאַהאַלטענער־הייט מיליאָנען מיליאַסן פאַרגאַנגענע לעבונגען און איבערלעבונגען פון אַלערליי ניואַנסן און שאַטירונגען. און זיי, אָט דידאָזיקע, אין נערוו, בלוט און פלייש זיך איינקריצנדיקע דור־דורותדיקע איינדרוק־און־אויסדרוקספולע איבערלעבונגען, שטייען הינטער און טרייבן אָן אויף אַן אומבאַוואוסטזיניקן אופן דעם באַשאַף און דעם אַרויסבּרענג פון אַזאַ אָדער אַנדערער קינסטלערישער געשטאַלט, פון אַזאַ אָדער

---

*) Philosophy of the Practical, ז. 302.

אַן אַנדערן פילאָזאָפישן געדאַנק, פון אַזאַ אָדער אַן אַנדערן סאָציאַלן אידעאַל.

און ווי דער בעסטער קאַפּיטאַן, מיטן שטאַרקסטן מאָטאָר און געניטסטן אינזשיניער אונטער זיין האַנט, קאָן נישט רירן די שיף, ווען די וואַסערן ווערן פלאַך, אַזוי קאָן נישט דאָס גרעסטע באַוואוסט־זיין און דער שכלדיקסטער אינטעלעקט באַווירקן און באַאיינפלוסן מיט געדאַנקען און געשטאַלטן, וועלכע זענען נישט איבערגעאַרבעט און אויסגעקאָכט געוואָרן אין אַלע קעסלען פונם אומבאַוואוסטן — פון דעם אומבאַוואוסטן, וואָס, ווי דער שומר ישראל, דרעמלט עס נישט און שלאָפט קיינמאָל נישט, און לאָזט נישט אָפּ דעם מענטש אויף קיין איין הרף עין ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג, און ווער ווייסט... אפשר אויך נישט נאָכדעם. האָט דאָך די מחשבה פון נישט־זיין אַרויפגעפירט האַמ־לעטן אויף דער מחשבה פון דער אוממעגלעכקייט פון אינגאַנצן נישט צו זיין צוליב די חלומות, וואָס הערן אפשר נישט אויף צו מאַטערן אפילו נאָכן טויט.

„— — אין יענעם שלאָף פון טויט, וואָסערע חלומות עס
קאָנען קומען,
ווען מיר האָבן אַראָפּגעוואָרפן אין אַ זייט דעמדאָזיקן
שטערבלעכן ליאַרעם,
דאָס מוז אונז מאַכן זיך וואַקלען". — — — — — — — — —

דער מאָדערנער געדאַנק פאַרשטאַרקט איצט אַלץ מער און מער די באַרעכטיקונג פאַר די האַמלעטישע וואַקלענישן וועגן טויט. עס ווערן אַלץ שטאַרקער די מעגלעכקייטן פאַר דער השערה, אַז דער טויט איז נישט דער אַבסאָלוטער פינאַל פונם מענטשלעכן לעבן, אַז ער איז נישט דער סאַמע לעצטער סוד פון אַלמענטשלעכע דערקענטעניש־פעיקייטן און דערקענטעניש־פּראָצעסן.

עס איז מעגלעך, אַז ווען בערגסאָן רעדט אין זיין „באַשאַפנדי־קער עוואָלוציע" וועגן אַ צייט, ווען דער מענטש וועט באַזיגן אויך דעם טויט אפילו, איז ס׳ נישט, ווי אייניקע דענקען, אַ פילאָזאָפישער זשעסט בלויז, נאָר — אַז ער האָט אין זינען און האָפט אויף דעם אָנקום פון אַ דערקענטעניש־מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פונם מענטשלעכן לעבן.

וואָס זאָל אויף אַ באַוואוסטזיניקן פאַר דעם מענטשן אופן פאַרבינדן דאָס אומבאַוואוסטע, וואָס אַרבעט אין דעם מענטש אפילו ווען ער שלאָפט, מיט דעם אומבאַוואוסטן, וואָס אַרבעט אומאויפהערלעך אין דעם אוניווערס פאַר און נאָכן טויט פונם מענטש.

אַזוי אָדער אַנדערש, זיכער איז עס אָבער, און עס קאָן נישט צופיל מאָל איבערגעחזרט ווערן, אַז וואָס טיפער עס וועט ווערן דער אַריינדרינג פונם מענטש אין די שייכותן צווישן דער באַוואוסטזיניקער און אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. וואָס מער אָנערקענונג די לעצטע וועט געווינען, און וואָס מער געוויכט עס וועט געלייגט ווערן אויף דער גרויסער ראָל פונם אומבאַוואוסטן אין דעם אינדיווידועלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פונם מענטש, אַלץ אַ טיפערע פאַרשטענדע־ניש וועט אַריינגעבראַכט ווערן צווישן דעם קינסטלער און זיין קונסט און פון זייביידן צום אינטעליגענט, צום קריטיקער און צו אַלע מענטשן אין דער געזעלשאַפט.

און דערפאַר האָב איך מיר דערלויבט זיך אָפּצושטעלן אויף דער געשיכטלעכער אַנטוויקלונג ווי אויך אויף דעם בליק, וואָס הערשט איצט אויף דידאַקטיקע צוויי זייטן — באַוואוסטער און אומבאַוואוס־טער — פון דער איינציקער, אָבער פילפאַרביקער געדאַנקלעכקייט, וועלכע איז אַן אויסדרוק פון דער אוניווערסאַלער געדאַנקלעכקייט. אַזאַ אָדער אַן אַנדער שייכות צווישן דעם באַוואוסטן און אומבאַ־וואוסטן, מיינט, ווי מיר וועלן זעען, אַזאַ אָדער אַן אַנדער שייכות צווישן קונסט און קולטור, און צווישן קונסט־קריטיקער און קולטור־קריטיקער, אַזאַ אָדער אַן אַנדער בליק אויף דער ראָל פונם קולטור־קריטיקער און אויף דער נייטיקייט בכלל פון אַן אַלגעמיין־קולטור־צוטריט צו קונסט.

III.

## עמאָציעס אין דער קונסט

### א.

קינסטלער און קונסט-קריטיקער רעדן זייער פיל וועגן דער רייפקייט פון קינסטלער. וואָס אייגנטלעך איז אָבער אַזוינס אָט דידאָזיקע קינסטלערישע רייפקייט? אין ליכט פון די שייכותן, וועלכע זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן צווישן די צוויי הויפט-געשטאַלטן פון דער געדאַנקלעכקייט, קאָן מען זאָגן, אַז קינסטלערישע רייפקייט איז די אָרגאַנישע פאַרייניקונג און האַרמאָנישע צונויפגיסונג פונם באַוואוסטן מיטן אומבאַוואוסטן. און נישט נאָר איז דאָס אַזוי מיט קינסטלערישער רייפקייט, נאָר אויך מיט דער רייפקייט פון יעדן שאַפנדיקן גייסט. אַן עכטע און אמתע שאַפונג מוז אין אַלע אירע טיילן זיך אַרויסוויקלען, פונאַנדערבליען און צונויפמישן מיט די וואָרצלדיקסטע און פרימיטיוועסטע פסיכישע און גייסטיקע אינהאַלטן פונם שאַפער; אָט פונקט אַזוי ווי עס מוזן עס טון דער שטאַם, די צווייגן און די בלעטער בנוגע צו די וואָרצלען, פון וועלכע זיי שלאָגן אַרויס.

מיטן באַוואוסטזיין קאָן מען אויפנעמען דאָס לויפנדיקע, דאָס זייענדיקע און דאָס ווערנדיקע. מיטן באַוואוסטזיין קאָן מען עס פאַרשטיין און אויסלערנען, און יאָ אָדער נישט איינשטימען מיט דעם. איינזאַפן דאָס אָבער אַזוי, אַז עס זאָל דורכדרינגען און דורכנעמען דאָס אומבאַוואוסטע, וואָס איז נייטיק אויף צו לאָזן אין באַוועגונג די גאַנצע שאַפנדיקע פערזענלעכקייט, און אויף צו פירן, ווען נייטיק, דידאָזיקע פערזענלעכקייט צו מסירת נפש פאַר דעם, וואָס איז שוין געוואָרן אַ גלויבן אָנשטאָט אַן איינשטימיקייט — דאָס איז שוין אַן אַרבעט און אַ פראָצעס, וואָס אויף אים פאָדערט זיך שוין אַ גאַנץ

לעבן, און איבערהויפּט די טייל פונם מענטשלעכן לעבן, וואָס אין איר ווערט די אַרומיקע וועלט און די איבערוועלט אויפגענומען צו דער גרעסטער טייל אויף אַ פּאַסיוון אָנשטאָט אַן אַקטיוון אופן. דאָס איז די קינדערישע תקופה פונם מענטשלעכן לעבן.

איך קאָן מיך נאָך עד היום נישט באַפרייען פונם איינדרוק, וואָס אויף מיר האָט געמאַכט אַ באַהויפּטונג פון דעם רוסישן קריטיקער ביעלינסקי, אויף וועלכער איך האָב מיך נאָך אַלס קינד אָנגעשטויסן. אין דערדאָזיקער באַהויפּטונג האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז ווען די עלטערן זאָלן וויסן וויפיל דאָס קינד אין וויגעלע אָבסערווירט, לערנט און ווערט גייסטיק באַווירקט פון אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום אים, וואָלטן זיי געווען מער פאָרזיכטיק אין זייערע באַציונגען צווישן זיך און צום קינד, און וואָלטן דאָס קינד באַהאַנדלט מיט מער דרך־ארץ. די איצטיקע דערציער און פּסיכאָלאָגן באַפעסטיקן דידאָזיקע באַהויפּטונג דערמיט, וואָס זיי גיבן צו, אַז דער גאַנצער כאַראַקטער פונם מענטש איז שוין פאַרמירט צום זעקסטן יאָר פון זיין לעבן. און דערדאָזיקער כאַראַקטער פאַרבט און גיט זאַפט און לעבן צו אַלע גלויבונגען און וועלט־בליקן און צו אַלע שאַפונגען פון דעם דערוואַקסענעם מענטש.

אָט פאַרוואָס גרויסע דענקער קענען נישט אין זייערע מיטעלע און עלטערע יאָרן אויפכאַפּן די נייע שטראָמען פון דעם אוניווערסאַלן געדאַנק. דאָס דערקלערט אויך פאַרוואָס אַלע גרויסע קולטורע אויפטואונגען, אַריינגערעכנט אפילו די דערפינדונגען פון גרויסע וויסנשאַפטלעכע אמתן, שטימען צונויף און זענען אָרגאַניש צונויפגעבונדן מיטן גאַנצן קולטור־גאַנג פון דער באַטרעפנדיקער עפּאָכע.

די נויטיקייט פון קינסטלערישער רייפקייט, וואָס, לויט מיין אויסטייטשונג נאָך, איז דאָס דער האַרמאָנישער צונויפגוס פון דעם באַוואוסטן מיטן אומבאַוואוסטן אין אַ העכערער אינטואיטיווער דערקענטעניש — אָט דידאָזיקע נייטיקייט פון אַ דורך־און־דורכיקער פערזענלעכקייט פאַר דעם קינסטלערישן שאַפן, באַווייזט זינגער אויף אַ שיינעם און שלאָגנדיקן אופן מיט זיינע ביישפּילן פון אַנאַטאָל פראַנס און גאָרקין.

„אַנאַטאָל פראַנס, וואָס האָט זיך דערקלערט אפילו אַלס קאָמוניסט, האָט אַלס קינסטלער געשטעקט ביז איבער די אויערן אין אַ וועלט פון טעאָלאָגן, גלחים, פאַרשטויבטע פראָפעסאָרן און שמות".

און וועגן גאָרקין שרייבט זינגער: „איז דאָך טאַקע גאָרקי דער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די געדריקטע און באַעוולטע, אויף דער זייט פון קעמפער און רעוואָלוציאָנערן, האָט דאָך גאָרקי מיט לייב און לעבן, מיט טאַט און מיט געלט געשטיצט די באָלשעוויסטישע באַוועגונג נאָך פאַר דער קריג. איז דאָך גאָרקי אַליין דער אמתער מענטש פון פאָלק, דער פראָלעטאַריער פון די טריט ביז די האָר-וואָרצלען פון קאָפּ — נו, פאַרוואָס האָט ער נאָך ביז איצט נישט געגעבן דאָס רעוואָלוציאָנערע? — — — פאַרוואָס האָט נאָך ביז איצט, אויפן צענטן יאָרצייט פון דער רעוואָלוציע, נישט איינגעשפּאַנט זיין מוזע אין וואָגן פון דער רעוואָלוציע דער, וואָס איז גרייט פאַר דער מענטשהייט און איר צוקונפט זיך צו אָפּפערן מיט לייב און לעבן".

דער ענטפער אויף דער פראַגע איז, אַז גאָרקי איז פאַר דעם אַלעמען רייף געדאַנקלעך, אָבער נישט קינסטלעריש. אויף אונזער לשון פון באַוואוסטזיניקער און אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, וועט דאָס הייסן, אַז גאָרקי, ווען עס האַנדלט זיך וועגן שאַפן, וועגן געבן אויסדרוק צו דער גאַנצער און פולסטער פערזענלעכקייט זיינער, קאָן עס נאָר טון אין שייכות צו דעם אַלץ, וואָס ליגט שוין יאָרן לאַנג אונטער דער שוועל פון באַוואוסטזיין, און וואָס האָט זיך שוין באַוויזן צונויפצוגיסן און ווערן איינס מיט אַלץ, וואָס ער האָט אַריינגענומען אין זיך מיט דער מילך פון זיין מוטערס ברוסט און מיט די מעשהלעך, מיט וועלכע זיין ליבע און הערלעכע באָבע האָט אים פאַרשלעפערט.

אָט דאָסדאָזיקע אומבאַוואוסטע, וואָס איז אַזוי שטאַרק און מעכטיק, אַזוי זעעוודיק און דערקענטעניש-פעיק, אַזוי ביין פון ביין און פלייש פון פלייש פון דער רעאַליטעט און אַלע אור-כוחות פון דעם קאָסמאָס, גיסט זיך זייער אָפט אַריבער אַלע ברעגן פון דעם באַוואוסטזיין ביי אַלע שאַפער בכלל, און ביי די קינסטלער, וואו די

בילדלעכקייט און די אינטואיציע שפּילט די גרעסטע ראָל, — אוודאי און אוודאי.

און אָט צוליב דעמדאָזיקן אומבאַוואוסטן, פון וועלכן מען קאָן אַרויספּרעסן אָן אַ שיעור באַוואוסטזיניקע און שכלדיקע געדאַנקען און עס זאָל רק בלייבן אָרט פאַר מער, איז עס נייטיק צוצוטרעטן צו דער קונסט נישט נאָר עסטעטיש, נאָר אויך קריטיש און אַנאַליטיש. ווי דער סנה האָט געברענט און איז נישט פאַרברענט געוואָרן, אַזוי ווערט דאָס אומבאַוואוסטע אַלץ מער און מער באַוואוסט, און בלייבט דאָך אַלץ דאָס אומבאַוואוסטע, בלייבט אַלץ אומדערשעפּלעך אין זיינע טיפענישן. צוליב אָט דעמדאָזיקן כּוח פונם אומבאַוואוסטן, וואָס ווערט נישט אויסגעשעפּט פון דעם באַוואוסטזיניקן פועל, באַשטיי איך אויף דעם, אַז די שטעלונג פון טאָלסטאָיען, און אַ סך אַנדערע קינסטלער מיט אים, צום לייענער און קריטיקער איז לחלוטין אַ פאַלשער. נישט נאָר איז דאָס, ווי זינגער און אַנדערע דענקען, אַן עוולה, נאָר עס איז, לויט מיין מיינונג נאָך, אַ חוב און אַ קולטורע נויטווענדיקייט פאַר דעם לייענער צו „וועלן אַרויסלייענען אַ סך געדאַנקען פון צווישן די שורות פון אַ קונסט-ווערק, אָדער וועלן אָנהענגען דעם שרייבער און זיינע ווערק באַהאַלטענע מיינען, פון וועלכע ער האָט אפילו קיינמאָל נישט געחלומט".

ווי אינאיינעם מיט די פיש קומען אין דער נעץ, וואָס דער פישער האָט פאַרוואָרפן, אַ סך אַנדערע זאַכן, צומאָל אפילו נישט נאָר אויסגעטראַכטע גאָלדענע פישלעך, נאָר טאַקע אוצרות גאַנצע, אַזוי אויך ברענגען די נעצן פון קאָנקרעטע בילדלעכקייטן, וועלכע די קינסטלער, און דערהויפּט די גרויסע קינסטלער, פאַרוואַרפן אין דעם ים פון לעבן און רעאַליטעט גאָר אַ סך פּערל-געדאַנקען, וואָס דווקא נאָך זיי האָט זיך דער קינסטלער נישט געיאָגט אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן.

עס איז אַ טעות, אַז קונסט גיט איבער און רופט אַרויס אין די קונסט-געניסער און ליבהאָבער נאָר געפילן, און אַז נאָר דאָס איז די עובדה פון קונסט. און דעמדאָזיקן טעות האָט, ווי מיר האָבן שוין געזען, געמאַכט נישט קיין קלענערער, ווי דער געניאַלער קינסטלער טאָלסטאָי. ווי געניאַל עס איז זיין קונסט, אַזוי געניאַל פאַלש איז,

לויט מיין איבערצייגונג, זיין מיינונג וועגן דעם, וואָס קונסט איז און וואָס קונסט דאַרף זיין, און זיין גאַנצע שטעלונג צו דעם אינטעליגענטן לייענער און קריטיקער.

„אויסטייטשן די ווערק פון קינסטלער" — זאָגט אונז טאָלסטאָי אין דעם אויסצוג, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין דעם ערשטן קאַפּיטל" — קאָן מען נישט. ווען מען זאָל קאָנען מיט ווערטער אויסטייטשן דאָס, וואָס דער קינסטלער האָט געוואָלט זאָגן, וואָלט ער דאָס געזאָגט אין ווערטער. און ער האָט געזאָגט מיט זיין קונסט דערפאַר, וואָס אויף אַן אַנדערן אופן האָט מען נישט געקאָנט איבערגעבן דאָס געפיל, וואָס ער האָט דורכגעלעבט".

איז דאָס, וואָס טאָלסטאָי זאָגט דאָ, אמת ? — פרעג איך מיך, און דער טיפסטער זעלבסט אין מיר, מיט דעם גרעסטן דרך ארץ פאַר טאָלסטאָיען, ענטפערט אויף דעם מיט אַ קאַטעגאָרישן נ י י ן !

גאָר אַ סך קינסטלער קאָנען בשום אופן נישט זאָגן אין ווערטער און אַבסטראַקטע באַהויפּטונגען דאָס, וואָס זיי זאָגן דורך קאָנקרעטע בילדער. דאָס איז נישט דערפאַר, וואָס מען קאָן בכלל נישט, נאָר דאָס איז דערפאַר, וואָס ז י י קענען נישט. אַ סימן, אַז מען קאָן איז — אַז אַנדערע קענען יאָ, פונקט אַזוי ווי אייניקע קענען איבערגעבן זייערע געדאַנקען דורך רעדן און דורך שרייבן, און אַנדערע קענען מיט דער פען יאָ איבערגעבן זייערע טראַכטענישן און מיטן מויל — נישט. די קינסטלער פון דעמדאָזיקן שניט קענען נישט איבערגעבן אין אַ וועלכער עס איז אַנדער פאָרם, אַ חוץ דער קינסטלערישער בילדלעכקייט גאָר אַ סך פון דעם, וואָס אַנדערע קולטור־שאַפער — קינסטלערישע און נישט קינסטלערישע — קענען קלאָר און שאַרף אַרויסברענגען אויף אַ נישט־בילדלעכן אופן.

אַ סך געדאַנקען, אויסערגעוויינלעך טיפע און ריין פילאָזאָפישע, זענען אַרויסגעלייענט און אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין דאָסטאָיעווסקיס ווערק פון אַזעלכע קריטיקער ווי מערעזשקאָווסקי אין רוסלאַנד, מוריי אין ענגלאַנד און העס אין דייטשלאַנד. און דאָסטאָיעווסקי אַליין איז געווען איינער פון די, וואָס אין זיינע אַנדערע אַ חוץ קינסטלערישע אַרבעטן, איז נישט געווען בכוח אַרויסצוברענגען געדאַנקען, וועלכע זאָלן וועמען עס איז איבעראַשן. פאַרקערט, מען ווערט איבעראַשט

דערפון, וואָס דער געניאַלער דאָסטאָיעווסקי איז אַזוי הילפלאָז, ווען ער פאַרלאָזט די קינסטלערישע בילדלעכקייט. טאָלסטאָי ווידער איז געווען איינער פון די, וואָס האָט באַהערשט מער ווי איין אויסדרוקס-פאָרם.

וועגן דאָסטאָיעווסקיס שאַפונג קאָן דערפאַר נאָך מיט מער זיכערקייט, איידער וועגן די שאַפונגען פון אַנדערע קינסטלער, געזאָגט ווערן, אַז זיי זענען פון גאָר אַ סך מענטשן דערזען געוואָרן אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט, נאָכדעם ווי דידאָזיקע מענטשן האָבן דורכגעלייענט אַ פאָר פון די טיפע אָפהאַנדלונגען וועגן דאָסטאָיעווסקי דעם פילאָזאָף-קינסטלער. און ווער וואָלט דאָס נישט טיפער באַנומען זיינע שאַפונגען, זייענדיק שוין אָנגעלאָדן מיט אַ פאָר טיפע און ערנסטע קריטיקן? און געדענקען דאַרף מען דערביי, אַז נישט געקומען איז נאָך דער קריטיקער מיט גענוג מוט, קענטעניש און כוח אויף צו וואַגן זיך אַראָפצולאָזן אין די אמתע טיפענישן פון דעם „מאַרע טענעבראַרום" פון דאָסטאָיעווסקיס ווערק. אונזער גרויסער קראָפאָטקין אַליין וואָלט אונטער דער השפעה פון אַ שאַרפער און טיפער קריטיק פון דזָסטאָיעווסקיס ווערק געווען אפשר געקריגן דאָס נייטיקע ביסל געדולד אויף צו ענדיקן „ברידער קאַראַמאַזאָוו", און וואָלט דורך דעם נישט געווען איבערגעלאָזט אַזאַ אויבערפלעכע אָפהאַנדלונג וועגן דאָסטאָיעווסקין אין זיין אַרבעט וועגן דער רוסישער ליטעראַטור.

עס איז אמת, אַז הינטער און אונטער אַלע געדאַנקען, וועלטאַנשיואונגען, קאָסמאָס-און לעבן-פילאָזאָפיעס, וועלכע זענען אַנטהאַלטן אין אַ קונסטווערק, ליגן געפילן, וואָס פון זיי, ווי פון קוואַלן, וואָרצלען אָדער קנאָספן, שלאָגן אַרויס, וואַקסן און בליען זיך פונאַנדער אַלערליי געדאַנקלעכקייטן און אַבסטראַקציעס. עס איז אויך אמת, אַז דידאָזיקע געפילן קאָנען נישט איבערגעגעבן ווערן, זיי קאָנען נישט איבערגעגאָסן ווערן אין די נשמות פון אַנדערע אַנדערש ווי דורך די מיטלען און פאָרמען פון קונסט. און דערפאַר איז שאָפענהויער גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז געטהע, שעקספיר און אַנדערע גרויסע קינסטלער קאָנען נישט אויסגעשעפט ווערן און קאָנען נישט רעדוצירט ווערן צו קיינערליי געדאַנקען אין דער וועלט, מעגן זיי זיין די טיפסטע

אין איכות און די רייכסטע אין כמות. מחמת הינטער אָט דידאָזיקע אַלע געדאַנקען צאַפּלען זיך געפילן און עמאָציעס מיט אָן אַ שיעור ניואַנסן און שאַטירונגען, וואָס זענען אומדערשעפּלעך און אומפּאַר־גאַנגלעך אין זייערע אָנרעגונגען און אין זייערע מעגלעכקייטן פון אַריינצוגעבן אַ לעבנסאָטעם אין יעדן איינעם, וועלכער פאַרמאָגט פּאָ־טענציאָנעלע כּוחות פאַר אַזעלכע נשמה־צעטרייסלונגען, און וואָס איז ראוי פאַר די געפילן פון אַזאַ קוואַליטעט.

די אומדערשעפּלעכקייט פון די געפילן און עמאָציעס, וועלכע די קונסט טראָגט אין זיך, מיינט אויך אַן אומדערשעפּלעכקייט פון דער פאַרשידנאַרטיקייט פון געדאַנקען, וואָס יעדע נייע אָנרעגונג קאָן גורם זיין אויף יעדן באַזונדערן מענטש אין יעדער תּקופה פון זיין אייגן לעבן, און אין דעם לעבן פון דער גאַנצער מענטשהייט. די גע־דאַנקען, וועלכע דאַנטעס און שעקספּירס ווערק וועקן אין אונז איצט, זענען נישט די זעלביקע, וועלכע זייערע ווערק האָבן צום לעבן גע־בראַכט אין די מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין איין דור מיט זיי. און זיכער וועלן גאַנץ אַנדערש אויסזעען די געדאַנקען, וואָס טאָל־סטאָיס און דאָסטאָיעווסקיס ווערק וועלן אַרויסרופן אין די לייענער פון די קומענדיקע דורות פון די געדאַנקען, וועלכע די זעלבע ווערק ווייען אָן אויף די מענטשן פון אונזער דור. און איז עס דען נישט אַזוי מכוח יעדן באַזונדערן מענטש אין פאַרשידענע צייטן פון זיין לעבן? ווער ווייסט עס נישט וויפיל נייע געדאַנקען עס קומען צו, און ווי פאַרשידנאַרטיק עס זענען די געדאַנקען ביי לייענען אַ ווערק אַ צווייט אָדער אַ דריט מאָל, דערהויפּט ווען די צייט־אינטערוואַלן צווישן דעם פריערדיקן און שפּעטערדיקן לייענען זענען באַדייטנ־דיקע.

דערצו האָט נאָך די קונסט, אַ דאַנק איר פעיקייט אַרויסצורופן געפילן, עמאָציעס און איבערלעבונגען, אַ קולטור־ווערט אומאָפּהענגיק פון אַלץ, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן אַלס אַבסטראַקטע געדאַנקלעכקייט. די געפילן, וואָס ווערן דערוועקט פון דער קונסט, זענען פון נאָך אַ שטאַרקערן קולטור־ווערט איידער די געפילן, וואָס ווערן פאַראורזאַכט אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן פון דער אויסנווייניקסטער וועלט אָדער פון דעם אַלץ, וואָס מען רופט לעבן אין קעגנזאַץ צו ליטעראַטור

אָדער קונסט. קונסט — די איבערשאַפערן פון דעם רויען לעבן און די ספּיריטואַליזירערין פון דער נאַטור און פון דער וועלט — פאַר־טיפט די מענטשלעכע נשמה נאָך מער ווי די וועלט און די נאַ־טור גופא.

די נשמה פון דעם מענטש ווערט אַ סך מער פאַרטיפט פון אַן אָנגעלאָדנקייט פון געפילן און עמאָציעס, ווילעניש און באַגערענישן, וואָס קאָנען נישט אויסגעלאָדן ווערן, וואָס קאָנען נישט געזעטיקט און געשטילט ווערן, איידער פון אַזעלכע, וואָס קאָנען יאָ אויסגעלעבט און אויסגעפילט ווערן און קומען דורכדעם צו אַ רו־צושטאַנד. אָנגע־לאָדנקייט און געשפאַנטקייט פון געפילן רופן אַרויס אין דער נשמה אַ וועלט מיט קלאַנגען און פאַרבן, און שטימונגען פון אַלערליי ניואַנסן און שאַטירונגען, וואָס מאַכט די נשמה אינהאַלטרייכער, שע־נער און אינטערעסאַנטער. דער פאַרטיפונגס־כוח פון רעליגיע, מיסטיק, ליבע און פון צו מסירת־נפש־פירנדיקע אידעאַלן, ליגט אין דעם, וואָס זיי לאָזן די נשמה־גלוסטונגען דורכגענומען ווערן מיט אַן אומ־ענדלעכקייט, מיט אַן עפּעס, וואָס איז נישט צום דערקענען און נישט צום דערגרונטעווען, און וואָס דורך דעם שאַפן זיי די אילוזיע פון אייביקער אָנגעהאַלטנקייט און אומאונטערבראָכנקייט, פון אַן אייביקן ציען און געצויגן ווערן, אייביקן שוועבן אין דער לופטן, פון אַן אייביקן געטראָגן ווערן אויף די פליגלען הין און צוריק פון טיפסטע טיפענישן צו העכסטע הויכן — פון אַן אייביקן זיין אין אַ וועלט פון נישט זיין.

מער נאָך פאַר רעליגיע, מיסטיק, ליבע און אַלערליי אידעאַלן, — קאָן עס טון די קונסט. זי קאָן עס טון דערפאַר, ווייל זי גיט דאָך אויסדרוק צו יעדן איינעם פון זיי און צו זיי אַלע אינאיינעם. די קונסט פילט אונז אָן מיט געפילן און עמאָציעס און אַלערליי נשמה־אָנרע־גונגען, וועלכע מיר קאָנען איבערלעבן, אָבער נישט אויסלעבן. און דורך דער גייסטיקער אָנגעלאָדנקייט, וואָס קאָן נישט אויסגעלאָדן ווערן, שאַפט די קונסט אין אונזער נשמה אַ קיינמאָל נישט געשטילטן דורשט, אַ קיינמאָל נישט דערגרייכטן קאָנטאַקט מיט די וואַסערן, וואָס שטראָמען פון קוואַלן, וועלכע זענען פון יענער זייט פון אַלץ, וואָס איז פאַר־בורגנקייט, פאַרשימלטקייט און סטאַגנאַציע; פון יענער זייט פון אַלץ,

וואָס איזווירקלעך, וואָר און ממשותדיק, און וועקט נישט דעריבער קיינע שום חלומות און אילוזיעס, און רעגט נישט די פאַנטאַזיע.

ב.

טויזנטער יאָרן נאָכדעם ווי עס איז שוין אַזויפיל געשריבן, געמאָלט, געשניצט און געזונגען געוואָרן וועגן ליבע, וועט פונדעסט־וועגן זעלטן וועלכער עס איז קולטורער מענטש נישט דורכגענומען ווערן מיט אַ גייסטיקן ציטער, לייענענדיק די ווערטער:

טו מיך אַרויף ווי אַ זיגל אויף דיין האַרצן,
ווי אַ זיגל אויף דיין אָרעם,
וואָרים שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבשאַפט,
האַרט ווי דאָס קבר די אייפערזוכט,
אירע פלאַמען זענען פלאַמען פייער,
אַ פלאַקער פון גאָט.
גרויסע וואַסערן קאָנען נישט פאַרלעשן די ליבשאַפט,
און טייכן וועלן זי נישט אַוועקפלייצן.

אָט דערדאָזיקער גייסטיקער ציטער, וועלכער באַרייכערט, פאַר־שענערט און פאַרטיפט די נשמה, נעמט זיך דערפון, וואָס דורך עט־לעכע שורות האָט דער קינסטלער דאָ באַוויזן אַרויסצורופן צום לעבן און אויפשטורמען די נשמה מיט געפילן פון ליבע, וועלכע גיסן זיך צונויף און פלעכטן זיך אַריין אין די געפילן פון רעליגיע און מיסטיק, און פירט דורך דעם אַריין דעם לייענער אין די רעגיאָנען פון אומ־ענדלעכקייט, אומדערקלערבאַרקייט און העכערער רעאַלקייט און ממשות־דיקייט. די ליבע ווערט אַריבערגעטראָגן פון מענטשלעכן בוזעם אין די געצעלטן פון גאָט, און פון אַ זינדיקער בשר־ודמיקער ברענעניש ווערט אַ פלאַקער פון גאָט, וואָס קיינע וואַסערן קאָנען אים נישט פאַר־לעשן און זיין מהות אַוועקפלייצן. דערמיט, וואָס מען דאַרף צום טויט אָנקומען פאַר אַ פאַרגלייך צו דער שטאַרקייט און אומפאַרמיידלעכקייט

פון דער ליבע, ווערט די ליבע אַריבערגעטראָגן איבער די גרענעצן פון צייט און רוים און אַריינגעזעצט אין אַ דויער, אין אַן אייביקייט, וואָס ווייסט נישט פון צייט און רוים.

אַלע געפילן דעריבער, וואָס ווערן דורך דידאָזיקע שורות דערוועקט אין אונז צום איבערלעבן, צייכענען זיך אויס מיט אַן אומדערשעפּלעכקייט, און אין דערדאָזיקער אומדערשעפּלעכקייט ליגט די אומדערשעפּלעכע קראַפט זייערע. די שטאַרקייט, דער ברען און די געטלעכקייט פון דעם פּרימיטיווסטן אוניווערסאַלסטן און אָריגינעלסטן געפיל אין דער וועלט, מיט וועלכע ס׳זענען דורכגעזאַפּט אָט די עטלעכע געציילטע שורות פון דער פּאָעמע „שיר השירים“, האָבן נישט אויפגעהערט און וועלן נישט אויפהערן אָנצוצינדן די מענטשלעכע נשמה מיט אַ געוויסער צערודערטקייט און שטורעמדיקייט, וועלכע ליגן לחלוטין נישט אין די ראַמען פון לאָגישער געדאַנקלעכקייט, און דאָך באַרייכערן זיי און פאַרטיפן דאָס וועזן מענטש און מאַכן עס דורך דעם קולטורער.

און איצט וועל איך נעמען ריין־רעליגיעזע פּאָעטישע שורות פון „תהילים“ אַלס ביישפּיל פון קינסטלערישער באַווירקונג, אָפּגעזונדערט פון דער אַבסטראַקטער אָדער לאָגישער געדאַנקלעכקייט:

גאָט, מיין גאָט! דו ביסט וואונדערלעך גרויס,
דו ביסט אָנגעקליידט אין גרויסקייט און אין פּראַכט,
ער איז אָנגעקליידט אין שיין ווי אין אַ קלייד,
ער פאַרשפּרייט די הימלען ווי אַ געצעלט־טוך,
ער בויט אין וואַסער זיינע סאַליעס,
ער מאַכט וואָלקנס פאַר זיין רייטוואָגן,
ער גייט אויף די פליגלען פונם ווינט.
ער מאַכט די ווינטן פאַר זיינע שלוחים,
פלאַמענדיק פייער פאַר זיינע באַדינער.
ער האָט באַפעסטיקט די ערד אויף זיינע פונדאַמענטן,
אייביק, אייביק וועט זי נישט אומפאַלן.*)

---

*) זע קארפעלעס געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור, ז. 95, יידישע איבערז.

נישט ווינסדיק און נישט טראַכטנדיק אפילו וועגן דעם, ווער דער „ער" איז און צי איז אין דער אמתן פאַראַן אַזאַ „ער", ווערט אונזער גייסט, לייענענדיק דעמדאָזיקן מזמור, דערהויבן און געשטאַרקט. ער דערפילט זיך אַליין ווי אויף פליגלען געטראָגן און אין שיין געקליידט. די פאַנטאַזיע פון דעם קינסטלער וועגן אַן איבערנאַטירלעכער מעכטיקייט און גרויסקייט, וואָס גיסט זיך איבער צו אונז דורך דער קאָנקרעטער, פראַכטפול שיינער בילדלעכקייט, גיט פליגלען צו אונזער נשמה, פילט אָן מיט שוואונג אונזער גייסט יעדעס מאָל, ווען מיר לאָזן אונזער פאַנטאַזיע דורכגענומען ווערן מיט די פאַנטאַסטישע בילדער פון קינסטלער.

און איצט עטלעכע שורות, וואָס אומאָפּהענגיק פון זייער געדאַנקלעכקייט נעמען זיי אונז דורך מיט דער שיינקייט פון זייער שטאַרקייט און מיט דער שטאַרקייט פון זייער שיינקייט. אויך אין זיי, אין דידאָזיקע שורות, פאַראינטערעסירט אונז נישט דער „ווער" עס זאָגט עס און דער צוליב וואָס עס ווערט געזאָגט, נאָר — ווי אַזוי עס איז געזאָגט געוואָרן. די ריינע פּאָעטישקייט גופא טראָגט אין זיך דעם כוח פון פאַרטיפן און פאַרשענערן און דערהויבן דעם גייסט און די נשמה, און איז דערפאַר פון אַ גרויסן קולטורן ווערט.

וואָרים אַזוי ווי עס נידערט פון הימל
דער רעגן און דער שניי,
און קערט זיך אַהינצו נישט אום,
נייערט ער טרינקט אָן די ערד,
און באַפרוכט זי און באַשפּראָצט זי,
און גיט זריעה צו דעם זייער.
און ברויט צו דעם עסער,
אַזוי וועט זיין מיין וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון מיין מויל:
עס וועט זיך נישט אומקערן צו מיר ליידיק,
נייערט עס וועט טון, וואָס איך האָב געוואָלט,
און באַגליקן אום וואָס איך האָב דאָס געשיקט.
וואָרים מיט שמחה וועט איר אַרויסגיין,
און בשלום וועט איר געפירט ווערן,

די בערג און די הייכן
וועלן אויסברעכן פאַר אייך אין געזאַנג,
און אַלעביימער פון פעלד
וועלן קלאַפּן די הענט.
אָנשטאָט דאָרן, וועט אויפגיין אַ ציפּרעס
און אָנשטאָטן ווילדגעוועקס וועט אויפגיין אַ מירט,
און עס וועט זיין פאַר אַ נאָמען צו גאָט,
פאַר איין אייביקן צייכן, וואָס וועט נישט פאַרשניטן ווערן.

אין דידאָזיקע שורות פון דעם נביא ישעיה ווערן מיר פאַר־כאַפּט מיטן רעגן און דעם שניי, וואָס קערט זיך נישט אום צום הימל, פון וועלכן ער נידערט אַראָפּ, מיט זיין אָנטרינקען, באַפרוכטן און באַשפּראָצן די ערד, מיט דעם פאַרגלייך צווישן דעם רעגן אָדער שניי, וואָס גייט אַראָפּ פון הימל מיט דעם וואָרט, וואָס גייט אַרויס פון מויל פון אַ שטאַרק און מעכטיק ווזן. מיר ווערן געדרעגט פונם געזאַנג, וואָס ברעכט אויס פון די בערג און זייערע הייכן, מיטן קלאַפּן די הענט פון די פעלד־ביימער און מיט דעם אויפגיין פון שיינע און קולטיווירטע בלומען און געוויקסן אָנשטאָט מיאוסע און ווילדע. און בעת מיר לייענען דידאָזיקע שורות, גייט אונז נישט אָן צי דאָס אַלץ וועט זיין פאַר אַ נאָמען צו גאָט אָדער צו עמעצן אַנדערש. דאָס זיין אַליין פון אַלץ דעם, פאַרכאַפּט אונז מיט זיין שיינקייט און זיין אייביקייט, אַ דאַנק וועלכן עס קאָן ווערן פאַר „אַן אייביקן צייכן, וואָס וועט נישט פאַרשניטן ווערן".

און דאָס זעלביקע מיט אַזעלכע שורות פון ירמיה הנביא, ווי די פאָלגנדיקע:

איך האָב געזעען די ערד,
ערשט זי איז וויסט און ליידיק
און די הימלען —
און זייער ליכט איז נישטאָ.
איך האָב געזעען די בערג, ערשט זיי ציטערן,
און אַלע הייכן האָבן זיך געטרעסלט.

איך האָב געזעען, ערשט קיין מענטש איז נישטאָ,
און אַלע פייגל פון הימל זענען אַוועק.
איך האָב געזעען, ערשט דער כּרמל איז אַ מדבר,
און אַלע זייַנע שטעט זענען צעשטערט,
פאַר דעם אָנגעזיכט פון גאָט,
פאַר דעם גרים פון זיין צאָרן.

נישט וויכטיק איז פאַר דעם לייענער פון דידאַזיקע פיר פּסוקים, פאַר דעם אָנגעזיכט פון ווּעמען און פאַר דעם „גרים פון וועמענס צאָרן" די צעשטערונג, פאַרוויסטונג און צעטרייסלונג איז פאָרגעקומען. באַווירקט ווערט דער לייענער פון דער שטאַרקייט, שרעקלעכקייט און גראַנדיעזקייט פון די פראָצעסן און פּאַנאָראַמעס. און עס זענען אָט דידאָזיקע געפילן פון מורא און פחד, פון הילפלאָזיקייט און איינזאַמקייט, וואָס טרייסלען פונאַנדער די נשמה און דעם גייסט, שלאָגן זיי אַרויס פון יעטוועדער גלייכגעוויכט, און לאָזן אין באַוועגונג פאַרשידענע דערקענטעניש און טראַכטענישן וועגן גאָט און וועלט, און אַלץ, וואָס איז אין אים און אין איר פאַראַן.

עס איז אַלזאָ זיכער, אַז אין דער קונסט מוזן אַלע געדאַנקען זיין אָנגעוויקלט ווי אַ קערפער אין דער הויט, אין די געפילן און איבערלעבונגען פונם קינסטלער, און אַז זיי, דידאָזיקע געדאַנקען, קאָנען אַרויסגערופן ווערן אין דעם געניסער נאָר דורך דעם אַרויסרוף און אָנרעג פון דעם געפיל. עס איז אויך נישט אונטערוואָרפן צו קיין שום ספק, אַז דידאָזיקע געפילן האָבן אַ גרויסן קולטורן ווערט, אַ גרויסע און מעכטיקע ספּיריטואַליזירנדיקע קראַפט אומאָפּהענגיק און אָפּגעזונדערט פון אַלע געדאַנקען, פון אַלע לאָגישע אַבסטראַקציעס און אַבסטראַקטע לאָגישקייטן. דאָס אַלץ איז אָבער בשום אופן נישט דאָס זעלביקע ווי צו זאָגן מיט טאָלסטאָיען און אַנדערע, אַז קונסט דאַרף נישט און זאָל נישט אַרויסרופן מער ווי געפיל.

„אַרויסצורופן אין זיך" — זאָגט אונז טאָלסטאָי — „דאָס איינמאָל איבערגעלעבטע געפיל, און אַרויסרופנדיק עס אין זיך, איבערצוגעבן דורך באַוועגונג, ליניעס, פאַרבן, קלאַנגען, געשטאַלטן, אויס-

געדריקטע אין ווערטער, דאָסדאָזיקע געפיל אַזוי, אַז אַנדערע זאָלן עס דורכלעבן — דערין באַשטייט די טעטיקייט פון קונסט. קונסט איז אַ מענטשלעכע טעטיקייט, וועלכע באַשטייט אין דעם, וואָס איין מענטש גיט איבער אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן דורך באַשטימטע אויסגווייניקסטע סימנים די געפילן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, צו אַנדערע, און די אַנדערע שטעקן זיך אָן מיט זיי און לעבן זיי איבער".

לויט טאָלסטאָיען אַלזאָ הייבט זיך אָן די קונסט מיט געפיל, און מיט געפיל ענדיקט זי זיך. אַז דאָס איז נישט אמת, ווילן, דאַכט זיך מיר, עדות זאָגן כמעט אַלע לייענער פון די ווערק פון אַזעלכע קינסטלער, ווי דאַנטע, שעקספיר, געטהע, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. זייערע ווערק שטעקן אונז אָן נישט נאָר מיט געפילן, נאָר אויך מיט געדאַנקען, און דערצו מיט גרויסע און טיפע געדאַנקען. און בעת עס איז אמת, ווי איך האָב פריער געזאָגט, אַז עס איז פאַראַן אַ גרויסער קולטור־ווערט אינם אַרויסרוף פון געפילן אַליין, אָפגעזונדערט און אָפגעטיילט פון דער געדאַנקלעכקייט — איז עס אָבער נישט ווייניקער אמת, אַז די געדאַנקען, וואָס קומען, און ווען זיי קומען, פאַרטיפן און באַרייכערן די געפילן און פאַרשטאַרקערן דורך דעם אויסערגעוויינלעך דעם קולטור־ווערט.

אַזוי גוט ווי אַ פילאָזאָפישער געדאַנק ווערט פאַרטיפט און פאַרשטאַרקט דורך דער שיינקייט פון פאָרם, אין וועלכער ער ווערט אַרויסגעבראַכט, און דורך זיין כוח אַרויסצורופן אויך געפילן און איבערלעבונגען אין די, צו וועמען ער ווערט געבראַכט — אַזוי ווערט אויך אַ קינסטלעריש־איבערגעגעבן געפיל פאַרטיפט, אויסגעברייטערט און באַרייכערט דורך דער אַנטפלעקונג און דערקענונג פונם פילאָזאָפישן געדאַנק. אויב פלאַטאָ ווירקט און וועט, ווי איך בין אין דעם איבערציינט, ווירקן אַלס פילאָזאָף שטאַרקער און לענגער פאַר אַנדערע פילאָזאָפן אין דער וועלט, וועט איין אורזאַך פאַר דעם זיכער זיין דאָס, וואָס ער האָט באַוויזן צו געבן סיסטעמאַטיזירטע פילאָזאָפיע אויף אַ קינסטלערישן אופן. און פאַר און נאָך טאָלסטאָיס קריטיק וועגן קונסט, ווילן נאָר די יעניקע קונסט־ווערק פאַרבלייבן אַלץ די אָנערקענטסטע, אין וועלכע עס שוויבלט און גריבלט נישט נאָר מיט געפילן, נאָר אויך מיט געדאַנקען, אידעען און אידעאַלן, וועלכע זע-

נען אָרגאַניש באַהעפט מיט די געפילן, ווי די רויז איז מיט איר פאַרב און גערוך.

מיר דאַרפן געדענקען, אַז יעדעס געפיל, וואָס דער קינסטלער גיט איבער, איז דאָך נישט דאָס געפיל, וואָס איז צום ערשטן מאָל אַנטשטאַנען אין דער נשמה פונם קינסטלער. עס איז דאָך אַ געפיל, וואָס אים האָט, ווי טאָלסטאָי אַליין זאָגט אונז, דער קינסטלער פון דאָס ניי אַרויסגערופן, און וואָס אים גיט איבער דער קינסטלער אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן דורך געוויסע מיטלען. אין אַנדערע ווערטער מיינט דאָס, אַז כדי די דורכלעבונג זאָל ווערן אַן איבערלעבונג, וועלכע זאָל איבערגעגעבן ווערן און וועלכע זאָל אויך אַנדערע אָנרעגן, מוז זיין אַ געוויסע באַוואוסטזיניקע אָנשטרענגונג מצד דעם קינסטלער. און אַ פּסיכאָלאָגישע אונטערזוכונג פון די נשמות פון נישט-קינסטלער אפילו וואָלט, גלייב איך, געוויזן, אַז הינטער דעם אַרויסרוף פון אַזעלכע אָנשטאָט אַנדערע געפילן, אָדער הינטער דער באַוואוסטזיניקער אָנשטרענגונג אַרויסצורופן באַשטימטע געפילן, ד. ה. הינטער דער איבערלעבונג — געפינט זיך אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרע אידעע.

אַזוי, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן קונסט, מעגן מיר זאָגן, אַז די געדאַנקען זענען איינגעוויקלט אין דעם געפיל נישט ווייניקער ווי די געפילן אין די געדאַנקען אָדער אידעען. דערהויפּט מעג מען דאָס אַזוי זאָגן, ווען מען האָט אין זינען די מעגלעכקייט פון אַן אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט און די מעגלעכקייט פון אַן אידעען-קוואַל, וועלכער זאָל שלאָגן פון אַן אומבאַוואוסטזיניקער אָנשטאָט אַ באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. און פונקט ווי די געדאַנקען און אידעען, וועלכע זענען פאַרבאָרגן אין די געפילן, קאָנען די געפילן נישט אויסשעפן, אַזוי קאָנען אויך נישט די געפילן רעדוצירט ווערן צו די געדאַנקען און אידעען, וועלכע זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער אַרויסרוף און פאַר זייער אויפלעבונג און איבערלעבונג. גאָר אַ סך אָבער פון די געפילן, האַנדלונגען, פּאַסירונגען און געשעענישן קאָנען אויסגעטייטשט ווערן אין ליכט פון דידאַקטישע אידעען, וועלכע, זייער אָפּט אומבאַוואוסט אפילו צום קינסטלער גופא, שטייען דאָך הינטער די געפילן, וואָס זיי האָט ער איבערגעגעבן אויף אַ קינסטלערישן אופן. זייער גערעכט איז דעריבער געווען דער, וואָס האָט

געזאָגט, אַז „געשיכטע פון ליטעראַטור איז נישט די געשיכטע פון די ביכער, נאָר פון די אידעען, וועלכע באַוועגן די צייט, און פון יענע הויפט־שטרעמונגען, וועלכע גייען דורך איבער דעם היסטאָרישן קולטור־לעבן".

איך לייען גראָד איצט וואָלט וויטמאַנס פּאָעמע „געזאַנג וועגן זיך זעלבסט" און איך כאַפּ אַרויס פון איר פערזן, אַ שטייגער ווי די פאָלגנדיקע :

איך האָב געהערט, וואָס די רעדנער האָבן גערעדט, דעם גע־
רייד וועגן דעם אָנהייב און דעם סוף,
אָבער איך רעד נישט וועגן דעם אָנהייב אָדער דעם סוף.

עס איז קיינמאָל נישט געווען מער התחלה, ווי עס איז פאַראַן
איצט,
אויך נישט מער יוגנט אָדער עלטער, ווי עס איז פאַראַן איצט,
און נישט זיין וועט קיינמאָל מער פולקאָמענהייט, ווי עס איז
פאַראַן איצט,
אויך נישט מער גן־עדן אָדער גיהנום, ווי עס איז פאַראַן איצט.

דראַנג און דראַנג,
כּסדר דער שאַפנדיקער דראַנג פון דער וועלט,
פון דער טונקלקייט שטייגן צוויי אַנטקעגנגעזעצטע גלייכע,
כּסדר סובסטאַנץ און פאַרמערונג, כּסדר געשלעכט,
כּסדר אַ פאַרקניפונג פון זעלביקייט, כּסדר אונטערשיידונג,
כּסדר אַן אויסבריי פון לעבן.

איך לייען און איך פרעג מיך : וואָס האָט דאָ אין דידאָזיקע שורות איבערגעגעבן דער פּאָעט וויטמאַן — אַ געדאַנק אָדער אַ געפיל ? און מיין ענטפער איז : ביידע, אי אַ געפיל, אי אַ געדאַנק. עס איז קודם כּל אַ געפיל, מחמת דער יעניקער אפילו, וואָס וועט נישט פאַרשטיין אָדער וועט זיך נישט פאַראינטערעסירן מיט די פילאָזאָפישע פראַגן פון אַבסאָלוטהייט און רעלאַטיוויטעט אין זייער שייכות צו די באַגריפן

פון אָנהייב און סוף, גוט און שלעכט, פּאָלקאָמענהייט און אומפּאָלקאָ־מענהייט — אויך דער אפילו, זאָג איך, וועט הנאה האָבן פון דידאַזיקע פּאָעטישע שורות. אמתע הנאה פון זיי קאָן גאַראַנטירט ווערן אפילו דעם, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהערט דעם נאָמען העגעל, דעם נאָמען פון פילאָזאָף, וואָס בויט גאַנצע וועלטן אויף דעם באַגריף פונם זעל־ביקן אין דעם אַנדערש און פון דעם אַנדערשדיקן אינם זעלביקן; אָדער דעם נאָמען בערגסאָן, ביי וועמען באַשאַף באַטייט פאַרמערונג און נישט אַרויסוויקלונג פון סובסטאַנץ, און ביי וועמען דער לעבנס־דראַנג אָדער באַשאַף־דראַנג איז פאַראַן און דויערט פון יענער זייט פון רוים און צייט און טרייבט אָן אַלץ — פריי פון וועלכע עס איז דעטערמינאַציעס.

אָן אַ וועלכער עס איז באַהאַונטקייט אין פילאָזאָפישע ענינים וועט דער מער אינטעליגענטער לייענער דערפילן די אומענדלעכקייט, וואָס איר לאָזט וויטמאַן אָנשלינגען דעם אָנהייב און דעם סוף. ער וועט דערפילן די אַבסאָלוטהייט פון יעדן מאָמענט, וועלכער טינקט זיך ביי וויטמאַנען אינם אוניווערסאַלן רעלאַטיוויזם. און דאָס אַלץ וועט דער לייענער פילן נאָר אַ דאַנק דער פאָרם, נאָר דעם פּאָעטישן ריטם אָדער וועלכער עס איז אַנדערער פּאָעטישער המצאה.

שוין דער קאָנטראַסט אַליין, וואָס איז אויסגעדריקט אין די שורות:

איך האָב געהערט, וואָס די רעדנער האָבן גערעדט, דעם גע־
רייד וועגן דעם אָנהייב און דעם סוף,
אָבער איך רעד נישט וועגן דעם אָנהייב און דעם סוף. —

דערוועקן אין דער נשמה געפילן פון שטאַרקייט, זעלבסטקייט און נייגיר־געפילן, וועלכע פאַרכאַפּן זי און מאַכן מעגלעך דורך דעם צו לייענען די פאָר שורות מיט פאַרגעניגן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם געדאַנק, וועלכער איז אין זיי באַהאַלטן. און ווי אין דידאָזיקע צוויי שורות דער קאָנטראַסט, אַזוי איז אין די ווייטערדיקע שורות די איבערחזורונג און די באַטאָנונג „עס איז קיינמאָל מער נישט געווען און עס וועט קיינמאָל מער נישט זיין“ און די אַקצענטירונג „ווי עס איז פאַראַן איצט“ — אָט די און אַנדערע

זאַכן, וואָס ליגן אין און געהערן צו דער פּאָעטישער פאָרם, האָבן עפּעס אַ מין היפּנאָטיזירנדיקע, און איך וואָלט אויך געזאָגט, פאַרפירע־רישעווירקונג אויף דעם לייענער, ער דערפילט עפּעס, וואָס אים דאַכט זיך, אַז ער פאַרשטייט, און ער האָט הנאה פון עפּעס, אַליין נישט פאַרשטייענדיק פון וואָס. דאָס זעלביקע מיט אַזעלכע שורות פון דער זעלביקער פּאָעמע ווי:

וואָס דענקסטו איז געוואָרן פון די יונגע און אַלטע מענער?
און וואָס דענקסטו איז געוואָרן פון די פרויען און קינדער?

זיי לעבן און זענען געזונט ערגעץ־וואו,
דער קלענסטער אַרויסשפּראָץ ווייזט, אַז נישט פאַראַן איז ווירקלעך קיין טויט,
און אויב ער איז אַמאָל געווען, האָט ער געפירט לעבן פאָרויס
און ער וואַרט נישט צום סוף אים צו אַרעסטירן
און עס האָט אויפגעהערט דעם מאָמענט, ווען לעבן איז דערשינען.

אַלץ גייט פאָרויס און אַרויפצו, קיין זאַך ווערט נישט חרוב,
און צו שטאַרבן איז אַנדערש פון דעם, וואָס ווער עס איז האָט זיך משער געווען, און מזלדיקער.

ווען עס זאָל וויסנשאַפטלעך און פילאָזאָפיש באַוויזן ווערן שוואַרץ אויף ווייס, אַז דער געדאַנק, וועלכער איז פאַרבאַהאַלטן אין דידאַקטיקע שורות, איז לחלוטין אַ פאַלשער און האַלט נישט אויס קיין ברעקל קריטיק, וועלן פונדעסטוועגן דידאַקטיקע שורות וועקן אָנגענעמע גע־פילן אין די נשמות פון די לייענער און אויף שטענדיק אָנהאַלטן זייער פּאָעטישן חן און רייץ. קיינער וועט נישט זיין בכוח אַרויסצורייסן אָדער צו פאַרניכטן אין דעם לייענער דאָס געפיל, למשל, פון זיג איבערן טויט, וועלכער שרעקט אונז אַזוי שטאַרק, אָדער דאָס געפיל פון ענגן קאָנטאַקט מיט אַ וועלט, וועלכע קאָן מיט חושים נישט באַ־

נומען ווערן, אָדער גאָר דאָס געפיל פון אַ מוטיקן און פרייִלעכן גייִן פאָרויס, געטריבן פון אַ געוויסער קראַפט צוליב אַ געוויסן ציל און וועג. די ווערטער: „אַלץ גייט פאָרויס און אַרויפצו, קיין זאַך ווערט ניִשט חרוב", דערהויפּט ווי זיי לייענען זיך אין אָריגינאַל All goes onward and outword, noth: ngcollapseis רעגן און סטימולירן, דערקוויקן און שטאַרקן, אומאָפּהענגיק פון טראַכטעניש און אויסטייטשונגען.

וואָלטן ווידער די געדאַנקען, וועלכע זענען פאַרבאַהאַלטן אין דידאַזיקע און אין די פריער געבראַכטע שורות פון וויטמאַנען איבערגעגעבן געוואָרן אויף אַ טרוקענעם פּראָזאַישן אופן, וואָלטן זיי שוין געקאָנט ווירקן נאָר אויף דעם יעניקן, וואָס וואָלט זיי פאַרשטאַנען און דערצו נאָך אויך מסכים געווען מיט זיי.

דאָס ווייזט דעם כּוח פון קונסט, דעם כּוח פון אַרויסרופן דורך בילדער און פאָרשטעלונגען, דורך ריטם און באַוועגונג אַזעלכע געפילן און דערקענטעניש, וואָס זיי איז דער פאַרשטאַנד און די לאָגיק פונם דערפילער און דערקענער נאָך ניִשט תּופס. מען ווערט אויפן מאָמענט אינגאַנצן אַריינגעוועבט אינם לעבן און גייסט פונם קינסטלער. דאַכט זיך מיר, אַז עס איז שאָפּענהויער, וועלכער דערציילט וועגן זיך, ווי אַזוי ער פלעגט יונגערהייט שטאַרק הנאה האָבן פון פּאָעזיע, וועלכע ער האָט כּמעט ניִשט פאַרשטאַנען. קראָפּאָטקין האָט אַמשטאַרקסטן אָנגעקוואָלן פון „פאַוסט", לייענענדיק אים אין דייטש, ווען ער האָט נאָך ניִשט גוט באַהערשט די שפּראַך. און אָט וואָס בערגסאָן שרייבט וועגן דער ווירקונג פון ריטם:

„— — דער צוועק פון קונסט איז צו פאַרשלעפערן די אַקטיווע אָדער, בעסער געזאָגט, די אַנטקעגנשטעלנדיקע קרעפטן פון אונזער פערזענלעכקייט, און אַזוי אַרום אַריינצוברענגען אונדז אין אַ צושטאַנד פון פולקאָמענער איבערגעגעבנקייט, אין אַזאַ צושטאַנד באַנעמען מיר די אידעע, וואָס ווערט סוגעסטירט צו אונדז, און מיר סימפּאַטיזירן מיט דעם געפיל, וואָס ווערט אויסגעדריקט. אין דעם פּראָצעס פון קונסט וועלן מיר געפינען, אין אַן אָפּגעשוואַכטער פאָרם, אַ ראַפינירטן און אין אַ געוויסער מאָס ספּיריטואַליזירטן נוסח פון דעם פּראָצעס, וואָס ווערט געוויינלעך אָנגעווענדט אויף צו פאַראורזאַכן אַ

היפּנאָז־צושטאַנד. אויף אַזאַ אופן סוספּענדירט דער ריטם און די מאָס פון דער מוזיק דעם נאָרמאַלן שטראָם פון עמפּינדונגען און אידעען דורך דעם, וואָס זיי לאָזן אונזער אויפמערקזאַמקייט זיך וויגן הין און צוריק צווישן פיקסירטע פּונקטן, און זיי באַוועלטיקן אונז מיט אַזאַ קראַפט, אַז אפילו די שוואַכסטע נאָכמאַכונג פון אַ קרעכץ זאָל זיין גענוג אויף אָנצופילן אונז מיט דעם גרעסטן טרויער. אויב מוזיקאַלישע קלאַנגען ווירקן אויף אונז שטאַרקער איידער די קלאַנגען פון דער נאַטור, איז דער טעם דערפאַר דער, וואָס די נאַטור באַגרענעצט זיך צו דעם, וואָס זי דריקט אויס געפילן, בעת די מוזיק סוגעסטירט זיי צו אונז. פון וואַנען נעמט זיך באמת דער כשוף פון פּאָעזיע? דער פּאָעט איז דער, מיט וועמען געפילן אַנטוויקלען זיך אין פאָרשטעלונגען, און די פאָרשטעלונגען גופא אין ווערטער, וועלכע זעצן זיי איבער, אונטערוואַרפנדיק זיך די געזעצן פון ריטם. זעענדיק דידאַקטיקע פאָרשטעלונגען פאַרבייגיין פאַר אונזערע אויגן, לעבן מיר פון אונזער זייט איבער דאָס געפיל, וועלכעס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, זייער עמאָציאָנעלער עקוויוואַלענט. מיר וואָלטן אָבער קיינמאָל נישט באַנומען אַזוי שטאַרק דידאַקטיקע פאָרשטעלונגען אָן דער רעגולערער באַוועגונג פון דעם ריטם, וואָס דורך אים ווערט אונזער נשמה איינגעוויגט אין אַ זעלבסטפאַרגעסנהייט, און ווי אין חלום טראַכט זי און זעט ווי עס טראַכט און זעט דער פּאָעט".

אויף אַזוי ווייט אַלזאָ גייט די געפיל־זייט פון וואָלט וויטמאַנס פּאָעטישע שורות, וועלכע מיר האָבן געבראַכט, און פון אַ סך אַנדערע פּאָעטישע און אַלערליי קינסטלערישע שאַפונגען. נישט אַנדערש איז אויך, לויט מיין מיינונג, מיט דער צווייטער זייט פון קונסט, דער זייט פון אידעע און געדאַנק, צו וועלכער מיר וועלן איצט איבערגיין.

IV.

# קינסטלערישע בילדלעכקייט און באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט

## (בילדער און געדאַנקען)

### א.

מיר האָבן אַלזאָ צוגעגעבן און געוויזן, אַז קונסט רופט אַרויס, גיט איבער און לעבט אויף געפילן, און אַז די געפילן, אומאָפּהענגיק אפילו פון באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, טראָגן אַ דערקענטעניש־כאַראַקטער און האָבן אַ טיפן קולטורן ווערט. אָן דעם כוח, אָן דער פעיקייט איבערצוגעבן און אַרויסצורופן געפילן און עמאָציעס, איז נישט שייך קיין קונסט. דאָס איז איר קאָנדיציאָ סינע קווא נאָן. דער געניסער מוז אַזוי באַהערשט ווערן פון דער שאַפונג, אויב זי איז אַן אמת קינסטלערישע, אַז ער זאָל איבערלעבן און זיך אַריינלעבן אינם לעבן און אין דער וועלט, וואָס דער קינסטלער האָט פאַר זיך און פאַר אים געשאַפן.

זיכער איז אָבער, אַז די געפילן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן איידער זייער טיפער זין ווערט פון דער פאַרנונפט פאַרנומען, קאָנען זיך לחלוטין נישט פאַרגלייכן אין טיפקייט, ברייטקייט און אַלגעמיינער רייכקייט מיט די געפילן, וועלכע ווערן פאַרטיפט און דערהויבן, קריגן שוואונג און פאַרנעם דורך דעם זין, וואָס די פאַרנונפט און דער פאַר־שטאַנד האָבן אַנטפּלעקט אין די שורות, פאַרבן אָדער קלאַנגען פון אַ קונסט־ווערק. אויף וועמענס נשמה, למשל, קאָנען שטאַרקער ווירקן די שורות, וועלכע מיר האָבן געבראַכט פון וואָלט וויטמאַנס פּאָעמע, אויף דער נשמה פון דעם, צו וועמענס פאַרנונפט און שכל די ווערטער „התחלה און סוף", „איצט און פריער", „פּולקאָמענהייט און אומפּול־

קאָמענהייט", „זעלביקייט און אַנדערשקייט" האָבן אַ וועלט מיט פילאָזאָפישע באַדייט אפילו ווען זיי זענען נישט קיין אָרגאַנישער טייל פון פּאָעטיש-ריטמישע פערזן, אָדער פאַר דעם, וואָס פאַר אים מיינען די דאָזיקע ווערטער, ווען אַרויסגעצויגן פון וויטמאַנס טיף פּאָעטישן געוועב, גאָרנישט מער, ווי זיי מיינען אין זייער געוויינטלעכן טאָג-טעגלעכן געברויך?

מיין אומצווייפלהאַפטיקער ענטפער איז: די ווירקונג איז זיכער טיפער און שטאַרקער אויף דעם יעניקן, וועלכער לייענט אַרויס אָדער לייגט אַריין מער באַוואוסטזיין, מער פאַרנונפט, מער אידעאַל און וועלט-אָנשויאונג אין די קינסטלערישע בילדער און פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען צום אויסדרוק געקומען דורך וואָרט, קלאַנג, פאַרב אָדער ליניע.

און אויב איינער קאָן עס טון פאַר זיך, אויב דורכן אַרויסלייענען אָדער אַריינלייענען זינען און מיינען, און דורך אַלערליי אויסטייטשונגען קאָן ער פאַרטיפן זיינע אייגענע געפילן, בעת ער געניסט פון אַ קונסט-ווערק, טאָ פאַרוואָס קאָן ער נישט און פאַרוואָס זאָל ער נישט טון דאָס זעלביקע פאַר אַנדערע, איבערגעבנדיק זיי, אויב ער איז נאָר פעיק אויף דעם, אַלץ, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצונעמען אין געדאַנקען און אידעען, אָדער, זאָל זיין אפילו, אַריינצוגעבן אַזעלכע — אין דעם קונסט-ווערק?

וועלן דען נישט, למשל, — און דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן גאַנץ ברייטלעך אויף אַ זייער וויכטיקן ביישפּיל — וועלן דען נישט די וואונדערבאַרע מעשיות פון רב נחמן בראַסלאַווער אַ סך געווינען אין זייער ווירקונג און איינפלוס אויף דעם צושטאַנד און גאַנג פון דער מענטשלעכער קולטור, ווען זיי אַלע וועלן ווען עס איז אַוועקגעשטעלט ווערן אין ליכט פון דער פילאָזאָפיע? — מיט אַנדערע ווערטער, ווען עס וועלן איינע נאָך די אַנדערע אַרויסגענומען און אַנטוויקלט ווערן די אַלע טיפע געדאַנקען, וואָס זענען אויף אַ באַוואוסטן און אומבאַוואוסטן אופן אָרגאַניש אַריינגעוויקלט געוואָרן אין דער עכט קינסטלערישער בילדלעכקייט, אַרום וועלכער ר׳ נחמן האָט געוועבט זיינע מעשיות?

די גרויסקייט פון די מעשיות באַשטייט טאַקע דער עיקר אין

דעם, וואָס אין זיי איז אויף אַן עכט אָרגאַנישן און האַרמאָנישן אופן צונויפגעגאָסן די קינסטלערישע בילדלעכקייט און די פילאָזאָפישע כוונה.

ווען די חסידים פרעגן רב נחמענען: וואָס איז דער רמז פון דער מעשה, רבינו? ענטפערט ער: דער עיקר איז ביי מיר די מעשה. ווען ער איז אָבער פאַרטיק געוואָרן מיט דער מעשה וועגן זעקסטן בעטלער, האָט ער געזאָגט: און אין דערדאָזיקער מעשה איז נישטאָ קיין איין וואָרט, וואָס עס זאָל דערינען נישט זיין קיין כוונה.

איך וועל דאָ ברענגען בלויז אַ קלייניקע טייל פון איינע פון די מעשיות פון די זיבן בעטלער מיט דער אויסטייטשונג און אַריינטייטשונג, וואָס זענען געקומען צו מיר, לייענענדיק יונה ספיוואַקס דראַמע, רב נחמן בראַסלאַווער. איך ברענג דידאָזיקע טייל אין ספיוואַקס דראַמאַטיזירונג פון די מעשיות וועגן די זיבן בעטלער, דערפאַר, וואָס איך האַלט, אַז דידאָזיקע דראַמאַטיזירונג, וועלכע באַצוועקט אַרויס־צוברענגען דאָס געשטאַלט פון רב נחמן בראַסלאַווער, האָט פאַר־שטאַרקט און בולטער געמאַכט די בילדלעכקייט פון דידאָזיקע מעשיות.

## דער זאַיקער בעטלער

נאָר עס איז פאַראַן דערויף אַ גאַנצע מעשה. וואָרים דערדאָזיקער איש־חסד איז זייער אַ גרויסער מאַן, און איך — — — הייני, דערדאָזיקער כבד־פה... וואָס דערציילט דאָס אַלץ, גיי אַרויס און נעם צונויף די אַלע חסידים פון דעם אמת... און ברענג זיי צו דעמדאָזיקן איש־חסד...

מיט דביקות

און עס איז פאַראַנען אַ באַרג,
און אויפן באַרג שטייט אַ שטיין,
און פונם שטיין גייט אַרויס אַ קוואַל.
און איטלעכע זאַך האָט אַ האַרץ...
און די וועלט אינגאַנצן האָט אויך אַ האַרץ...
און דאָס האַרץ פון דער וועלט האָט אַ פנים פון אַ מענטש,

און דער קוואַל שטייט אין איין עק וועלט,
און דאָס האַרץ שטייט אַנטקעגן קוואַל...
און גלוסט און בענקט תמיד...
עס זאָל צוקומען צו אים...

ברומט אונטער אַן אומעטיק ניגונדל.

פאַרוואַנדלונג, אַ קוואַל אויף אַ באַרג אין געשטאַלט פון אַ פרוי, אַנטקעגן אויף דער אַנדערער זייט שטייט אַ געשטאַלט פון אַ מאַן, צווישן די צווייגן פון אַ בוים. עס איז בין-השמשות. צוויטשערייַ פון פייגעלעך.

ה אַ ר ץ

רופט

קוואַל !... קוואַל !...

ק וו אַ ל

אויך מיין האַרץ גייט אויס נאָך דיר !...

ה אַ ר ץ

די זון גליט מיך און איך גיי אויס נאָך דיר !

ק וו אַ ל

האַרץ !... האַרץ !...

ה אַ ר ץ

העכער

נאַגעוואַלט ! איך וויל צום קוואַל !...

ה אַ ר ץ

איך גיי אויס !

ק וו אַ ל

אַז דאָס האַרץ זאָל אויסגיין וואָלט די גאַנצע וועלט חרוב געוואָרן...

ה אַ ר ץ

נאַגעוואַלט !... נאַגעוואַלט !...

קוואַל

שטאַרק זיך, האַרץ!

האַרץ

ווי אַזוי?

קוואַל

דו האָסט דאָך אין זיך דאָס חיות פון איטלעכער זאַך...

האַרץ

און מער כּלות־הנפש פון איטלעכער זאַך...

קוואַל

און ווי קאָן דען די וועלט אַ קיום האָבן אָן דעם האַרץ?

האַרץ

רייסט זיך אין שטיק, ווייזט אויף איין אָרט

צום קוואַל!... צום קוואַל!...

קוואַל

ווי אַזוי קאָנסטו צוקומען צו מיר?... איך לעב דאָך נישט אין קיין צייט... איך בין דאָך אויסער דער צייט פון דער וועלט...

האַרץ

טאָ וואָס זאָל איך טון, אַז דו זאָלסט זיין אין חלל פון דער צייט?

קוואַל

שענק מיר אַ טאָג!...

עס ווערט טונקעלער

האַרץ

דער טאָג איז פאַרביי...

ביידע זינגען

טאָג! טאָג! טאָג!
פרייד, צער און פּלאָג.
דאָס גאַנצע לעבן

אין איין טאָג !...
ס'טוט זיך וועבן
אונזער לעבן
אין די תּהומען
פונם טאָג...

האַרץ

ס'זינקט דער לעצטער שטראַל...

קוואַל

יאָג אים נאָך... פאַנג אים פאַר מיר...

האַרץ

ער איז שוין מער נישטאָ...

קוואַל

טאָ גיב מיר דעם מאָרגן...

האַרץ

ווי אַזוי ?

קוואַל

טייל אים אָפּ פון זיך...

האַרץ

איך האָב אויף אים קיין שליטה נישט...

קוואַל

ווער דען ?

האַרץ

דער איש־חסד...

קוואַל

טאָ רוף צו אים !...

האַרץ

רופט

איש־חסד !... גנאָד פון דער וועלט !...

עס קומט אָן דער איש־חסד אין געשטאַלט פון אַ גרייזגרויען מאַן

איש־חסד

אָט בין איך דאָ, האַרץ...

האַרץ

איש־חסד ! גנאָד פון דער וועלט ! דו האָסט דיין השגחה אויף דער צייט. . .

איש־חסד

און דו ביסט דאָך אַ קינד פון דער צייט...

האַרץ

טאָ שענק מיר דעם מאָרגן...

איש־חסד

ווייזט אויפן ראַנד פון דעם הימל

אָט האָסטו דעם מאָרגן !... ער הייבט זיך מיטן סוף פון דעם היינט...

האַרץ

צום קוואַל

אין דעם גלגול פון דעם טאָג...

עס הערן זיך געזאַנגען

קוואַל

קום צו מיר, האַרץ ! איך בין שוין גלייך צו דיר...

האַרץ

פון צווייטן ברעג פון לעבן טראָג איך זיך צו דיר...

קוואַל

וועסט פון מיינע וואַסערן טרינקען...

ה אַ ר ץ

לאָזט זיך גיין צום קוואַל און בלייבט שטיין

ניין, איך קאָן נאָר בענקען און גלוסטן צו דיר...

ק וו אַ ל

און דיין דורשט?

ה אַ ר ץ

קאָן איך קיינמאָל נישט שטילן...

ק ו אַ ל

פאַרוואָס?

ה אַ ר ץ

וואָרים איך וויל אייביק בענקען...

ק וו אַ ל

רופט

איש-חסד! איש-חסד!

עס קומט ווידער אָן דער איש-חסד

א י ש - ח ס ד

האָסט מיך גערופן, קוואַל?

ק וו אַ ל

האָסט געגעבן דעם מאָרגן צו דעם האַרץ, און דאָס האַרץ האָט געגעבן דעם מאָרגן צו מיר...

א י ש - ח ס ד

און וואָס איז ווייטער דיין באַגער?

ק וו אַ ל

גיב מיר אויך דאָס האַרץ...

א י ש ־ ח ס ד

צום הארץ

ניי, האַרץ, צו דיין קוואַל.

הארץ גייט צו צום קוואל

ק ו אַ ל

בויג זיך איבער מיר, האַרץ, און טרינק פון מיר...

ה אַ ר ץ

איך וויל נאָר בענקען און גלוסטן...

ק ו אַ ל

מיט באַפעל

בויג זיך איבער מיר!...

הארץ בייגט זיך נישט

א י ש ־ ח ס ד

צום הארץ

וועסט דיין בענקעניש און גלוסטעניש סיי ווי קיינמאָל נישט שטילן...

ק ו אַ ל

בויג זיך איבער מיר!...

א י ש ־ ח ס ד

צום הארץ

בויג זיך איבער דעם קוואַל!... די וועלט מוז אַ קיום האָבן!...

הארץ בייגט זיך איבער דעם קוואל. געמיש פון געזאַנגען

ק ו אַ ל  א ו ן  ה אַ ר ץ

ס'טוט זיך וועבן
אונזער לעבן
אין די תחומען פון דעם טאָג!

נישט אין זינען האָבנדיק און נישט טראַכטנדיק וועגן קיין שום

כוונות, רעליגיעזע אָדער פילאָזאָפּישע, וועגן קיין שום געדאַנקען און אידעען, וואָס האָבן געגעבן רב נחמנען צו דערציילן די מעשׂה פון זאַיקע בעטלער — וועט יעדער איינער, לייענענדיק אָדער הערנדיק פון דער בינע די צונויפפרעדונגען צווישן קוואַל אין דעם געשטאַלט פון פרוי און האַרץ אין געשטאַלט פון מאַן, ווערן גערירט און אויף אַלערליי אופנים באַווירקט און באַאיינפלוסט.

גערייצט ווערט קודם-כל די פאַנטאַזיע פון דעם באַרג, וואָס אויף אים שטייט אַ שטיין, פון וועלכן עס שלאָגט אַרויס אַ קוואַל, און גערירט ווערט דאָס האַרץ פון דער פאָרשטעלונג, וואָס איטלעכע זאַך האָט אַ האַרץ, און וואָס די וועלט ווי אַ גאַנצע האָט אַ האַרץ. און נאָך מער ווערט דאָס האַרץ פון מענטש גערירט פון דער געוואוירע-ווערונג, אַז דאָס האַרץ פון יעדער זאַך און דאָס האַרץ פון דער גאַנצער וועלט בענקט און גלוסט תמיד, וויל און גאַרט צוצוקומען צו עפּעס, צו וואָס עס קאָן נישט צוקומען.

דורך דערדאָזיקער פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונג דערפילט זיך דאָס מענטשלעכע האַרץ איינס מיטן האַרץ פון איטלעכער זאַך, איינס מיטן האַרץ פון דער וועלט. פאַרייניקט און פאַרייניט דערפילן זיך די הערצער דורך זייערע בענקעניש און גלוסטעניש. עס פילט זיך גוט צו דערוויסן, אַז נישט נאָר איז מיין האַרץ דאָס איינציקע אין דער וועלט, וואָס בענקט און גלוסט און נישט נאָר דאָס מענטשלעכע האַרץ בכלל, נאָר אַז יעדע זאַך האָט האַרץ, און אַז דאָס האַרץ פון יעדער זאַך און דאָס האַרץ פון דער גאַנצער וועלט בענקט און גלוסט. און עס באַקומט זיך דער פאַרדאַכט, אַז אינם האַרץ פון דער וועלט ליגט דער קוואַל פון די בענקענישן און גלוסטענישן פון אַלע הערצער פון דער וועלט.

אין דער געשריי פון האַרץ צום קוואַל:

די זון גליט מיך, און איך גלוסט צו דיר!

צינדט אָן אין מענטשס האַרץ גאָר אָן טראַכטענישן אַלערליי פייערן, וואָס צעגליען אַלערליי גלוסטענישן, וועלענישן און באַגערן, וועלכע מאַטערן און פּייניקן די נשמה און דעם גייסט פון מענטש.

ווען קוואַל און האַרץ זינגען:

טאָג! טאָג! טאָג!
פרייד, צער און פּלאָג,
דאָס גאַנצע לעבן
איז איין טאָג!
ס'טוט זיך וועבן
אונזער לעבן
אין די תּחומען
פונם טאָג!

דערפילט דער מענטש אי די אויגנבליקלעכקייט, אי די לאַנגאָניקייט פונם לעבן. דאָס לעבן איז קורץ, און די עטלעכע מאַטעמאַטישע אויסגערעכנטע צענדליקער יאָרן זענען דאָך טאַקע אין אַ זין נישט מער ווי איין טאָג בלויז. אָבער סוביעקטיוו, ווען מען פילט און מען לעבט איבער איינס נאָכן אַנדערן רגעס פון פרייד, צער און פּלאָג; סוביעקטיוו — ווען מען פילט ווי עס טוט זיך וועבן און וועבן דאָס לעבן נישט נאָר אין דעם טאָג און אין זיינע תּחומען, נישט נאָר, מיט אַנדערע ווערטער, אין דער מאַטעמאַטישער צייט — נאָר אויך אין די אַלע גרונטן און אָפּגרונטן פון טאָג, אין אַלע טיפענישן פון דויער, וועלכע זענען פון יענער זייט פון אַלע תּחומען און אַלע גבולן, און וואָס קאָנען נישט אויסגערעכנט ווערן און אויסגעמאָסטן ווערן מאַטעמאַטיש; סוביעקטיוו — פילט זיך דאָס לעבן אַזוי אָן אַ סוף ווי אָן אַן אָנהייב, און דערפאַר — אומענדלעך דויערנדיק.

און מחמת סוביעקטיוו פילט זיך דאָס לעבן באַשטענדיק, אינסופיק, ציטערט דערפאַר אַזוי דאָס האַרץ, טאָמער וועט חלילה נעמען אַ סוף צום בענקעניש, טאָמער חלילה וועט איינגעשטילט ווערן די גלוסטעניש: דאָס לעבן ווערט דאָך נאָך אַלעמען געזאַפּטיקט און אין הייכן געטראָגן דורך בענקעניש און גלוסטעניש. און דערפאַר ווערן מיר פאַרכאַפּט פון דעם, וואָס ווען דער קוואַל לאַדט איין דאָס האַרץ פון זיינע וואַסערן צו טרינקען, לאָזט זיך דאָס האַרץ גיין, אָבער בלייבט באַלד שטיין. פאַרוואָס? עס ווילט זיך אים אייביק בענקען, אייביק גלוסטן! און דאָס האַרץ טוט זיך בייגן איבערן קוואַל נאָר דעמאָלט, ווען דער איש-חסד פאַרזיכערט עס, אַז צו זיין בענקעניש און גלוס-

טעניש וועט סיי ווי קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען, עס וועט סיי ווי קיינמאָל נישט געשטילט ווערן. און דער באַפעל פון דעם איש־חסד צום האַרץ זיך צו בייגן איבערן קוואַל איז קאַטעגאָריש, מחמת, ווי ער אַליין, דער איש־חסד, מאָטיווירט דעם באַפעל, די וועלט מוז אַ קיום האָבן. נמצא — איז דרינגט דער מענטש אָן ווייטערע טראַכטענישן פון דעמדאָזיקן שמועס צווישן קוואַל און האַרץ, אַז דער קיום פון דער וועלט פאָדערט דעם בייג איבערן קוואַל, דער קיום אָבער פון גייסט, דער קיום פון דער נשמה און פונם האַרץ פאָדערט אומאויפהערלעכע גלוסטעניש און באַשטענדיקע בענקעניש. און פון דעם געראַנגל צווישן די פאָדערונגען און די קאַטעגאָרישע באַפעלן פון וועלט־קיום און גייסט־קיום קוואַלט און וועט נישט אויפהערן צו קוואַלן די מענטשלעכע טראַגיק — — די טראַגיק, וועלכע פאַרטיפט און דערהויבט די נשמה און דעם גייסט פון דעם מענטש, און וועלכע טרייבט אָן אין אַלע די־מענסיעס די אַנטוויקלונג פון דער קולטור בכלל און פון דער קונסט בפרט.

ב.

נאָך מער אָבער ווערן פאַרטיפט די געפילן, וואָס די קינסטלע־רישע בילדלעכקייט רופט אַרויס, נאָך גרעסער ווערט די ווערט פון דער מעשה פון זאַאיקע בעטלער דורך דעם פרווו צו דערגרונטעווען זיך צום פילאָזאָפישן סוף פון דער מעשה. וואָס איז אַזעלכעס דער־דאָזיקער סוד? דער סוד, ווי איך נעם אים אָן, איז, אַז פונקט ווי דער זאַאיקער בעטלער איז אינדערעמתן גאָרנישט קיין כבד־פה, נאָר פאַרקערט, „גאָר אַ מליץ און אַ רעדער זייער אַ וואוילער, וואָס ווען ער הייבט אָן צו רעדן מיט זיינע שירים חידות, איז נישט פאַראַן קיין איין באַשעפעניש אין דער וועלט, וואָס זאָל נישט וועלן הערן, און אַז אין די חידות און שירים וואָס ער ווייסט, זענען דאָ כל החכמות פון דער וועלט“ — אַזוי אויך איז דער באַרג קיין באַרג נישט, נאָר אפשר גאָר די מענטשלעכע פאַנטאַזיע, וואָס לאָזט בשום אופן נישט דעם מענטש בלייבן ביי דערדאָזיקער, אין צייט און רוים איינגעוואָרצלטער

וועלט. זי, דידאָזיקע פאַנטאַזיע, פירט אַריין דעם מענטש אין אַן אי-בערצייט-און איבעררוים-וועלט אָדער וועלטלאָזיקייט און דידאָזיקע איבערצייט-און איבעררוים-וועלט אָדער וועלטלאָזיקייט איז דאָס דער קוואַל, וואָס שלאָגט אַרויס פון באַרג. און דערפאַר זאָגט דאָס דער קוואַל צום האַרץ, וואָס דאָס מיינט די איבערצייטלעכע און איבעררוימלעכע וועלט צו דער צייטלעכער און רוימלעכער: „ווי אַזוי קאָנסטו קומען צו מיר — — — כ'לעב דאָך נישט אין קיין צייט — — — איך בין דאָך אויסער דער צייט פון דער וועלט”.

נישט געקאָנט האָט אָבער, ווי עס ווייזט אויס, דער פילאָזאָפישער קינסטלער, רב נחמן, זיך פאָרשטעלן די איבערוועלט, ווי עפעס אַזעלכעס, וואָס שטייגט לחלוטין אַריבער און שליסט אויס און הענגט נישט אָפ פון דער אונזעריקער וועלט. ווי אַ קינסטלער, איז רב נחמנען די אימאַנענטקייט, די איינגעשלאָסנקייט און אָנגעשלאָסנקייט פון די וועלטן געווען אַ סך נענטער און טייערער, ווי די טראַנסצענדענטקייט און די נישט אָנגעהעריקייט פון דער נידעריקערער מיט דער העכערער וועלט. דערפאַר לאָזט ער דעם קוואַל — דער העכערער וועלט — פילן דאָס בענקעניש און גלוסטעניש פון דעם האַרץ, פון דער נידעריקערער וועלט. און אויב דער קוואַל און דאָס האַרץ, אויב די העכערע און די נידעריקע וועלט, קאָנען זיך נישט פילן ווי טיילן פון איין זיין, פון איין עקזיסטענץ אינם היינט, ד. ה. אין דער מאַטעמאַטישער צייט — אין דער צייט, וואָס איז ריין פון איכות און מדרגות, — קאָנען זיי זיך אָבער, אָט דידאָזיקע צוויי וועלטן, דערפילן ווי טיילן אָדער אויסדרוקן פון אַן אַלץ אַרומנעמעדיקן זיין — אין דער נישט מאַטעמאַטישער צייט, אין דעם דויער, וואָס איז פול מיט איכות און מדרגות, אין דער קוואַליטעט פון זיין, וואָס שאַפט אייגנטלעך דאָס, וואָס מענטשן רופן און באַנעמען אונטער צייט. דאָס איז דער דויער, וואָס אין דער פילאָזאָפיע האָט אָנגעוואונקען אויף איר העגעל און באַפעסטיקט האָט זי בערגסאָן.

אָט פאַרוואָס האַרץ און קוואַל, העכערע און נידעריקערע וועלטן, מוזן פאַר זייער באַהעפטן זיך אָנקומען צום איש-חסד, צום גנאָד פון דער וועלט — וואָס דאָס מיינט צו דעם, וואָס איז נישט בלויז אויסגעשפרייטקייט און צעצויגנקייט ווי די מאַטעמאַטישע צייט, נאָר וואָס

איז טואונג — — גוטע און שלעכטע טואונג, מיאוסע און שיינע טואונג טואונג, וואָס פאַרמאָגט כּוונות, איכות און מדרגות, טואונג, וואָס איר פונאַנדערשפּרייטונג און צוזאַמענשטויסן וואָס זיי אַליין, די טואונג, דויערט אייביקייט און איבערצייט.

איש־חסד, דער גנאָד פון דער וועלט, גיט עס דעם מאָרגן צום האַרץ פון דער וועלט, אין וועלכן קוואַל און האַרץ דערפילן זיך גלייך איינער צום אַנדערן אין אייביקייט און אין נאָכצייט, אָדער אין דעם דערפיל אַליין שוין פון אייביקייט און נאָכצייט, דערפילט זיך שוין אויך די אימאַנענטקייט און סינטעטישקייט פון אַלע וועלטן און פון וועלט און איבערוועלט. אָט פאַרוואָס דורך דער הילף פון איש־חסד זאָגט שוין קוואַל צום האַרץ:

קום צו מיר, האַרץ, איך בין שוין גלייך צו דיר!

און האַרץ ענטפערט:

פון צווייטן ברעג פון לעבן טראָג איך זיך צו דיר!

אָבער ווען האַרץ דערהערט דעם קוואַל זאָגנדיק:

ווערסט פון מיינע וואַסערן טרינקען!

דערשרעקט זיך האַרץ און בלייבט שטיין. — יאָ, אַזוי איז עס, און אַזוי וועט עס זיין: דעם האַר פון דער נידעריקער זינדיקער וועלט — דעם מענטש, ווילט זיך שטאַרק צו דערהייבן זיך צו די העכסטע וועלטן און צו דערגרונטעווען זייערע טיפענישן אַזוי גוט ווי צו דער־גרייכן זייערע הייכן. אַ פאַרציטערטער און אַ דערשלאָגענער וואָלט אָבער דער מענטש געבליבן שטיין ביי דער מעגלעכקייט פון אַן אמתער גלייך־אויף־גלייכקייט מיטן העכסטן און מיט אַ לחלוטנדיקער אַנטפּלע־קונג פון אַלע סודות, וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין די טיפענישן, און פון אַן אַבסאָלוטער דערזעאונג פון אַלע שיינקייטן, וואָס שוועבן איבער די העכסטע הייכן, אָדער וואָס שלאָגן פון זיי אַרויס. פאַרציטערט און דערשלאָגן וואָלט דער מענטש געוואָרן דערפאַר, וואָס אין דעם „שוין", אין דעם „נישט מער" און אין דעם „נישט נאָך העכער", פילט און זעט דער מענטשלעכער גייסט פאַרגליווערטקייט און טויט.

דאָס איז די דערקלערונג פאַר די טענות און געבעטן פון האַרץ:

## איך וויל אייביק בענקען!

דער איש־חסד, ד. ה. דער, וואָס האָט די השגחה איבער דער צייט, ווייסט אָבער, אַז אַזוי לאַנג ווי די מאַטעמאַטישע צייט איז נישט די אייביקע צייט, איז דאָס העכסטע נישט, ווי דער זיידע שפּינאָזע האָט געלערנט, פּולקאָמען, נאָר אַז דאָס העכסטע ווערט און הערט נישט אויף צו ווערן העכער און העכער, און דערפאַר קאָן קיינמאָל אין שייכות צום העכסטן, נישט זיין קיין סוף, קיין שוין, קיין נישט מער און קיין נישט נאָך־העכער, און דעריבער די ווערטער פון איש־חסד צום האַרץ:

ווּעסט דיין בענקעניש און גלוסטעניש סיי ווי קיינמאָל
נישט שטילן!

איש־חסד ווייסט אָבער אויך, אַז אָן אַ באַריר און אַ באַהעפטן, אָן אַן אָנגעשלאָסנקייט און איינגעשלאָסנקייט פון דער נידעריקערער און העכערער וועלט, אָן אַ סינטעטישקייט פון ערגעץ־וואו אויף אַ וועלכן עס איז אופן פון האַרץ אין צייט מיט קוואַל אויסער צייט — איז נישט פאַראַן קיין זין און קיין ווערט פאַר דערדאָזיקער וועלט אונזערער און פאַר דעם מענטש, וואָס לעבט אין איר. און אָן אַ דין און ווערט קאָן די וועלט און דער מענטש קיין קיום נישט האָבן, און דעריבער באַפעלט ער קאַטעגאָריש דעם האַרץ זיך צו בייגן איבער קוואַל, און קוואַל און האַרץ זינגען:

עס טוט זיך וועבן
אונזער לעבן
אין די תחומען פון טאָג.

דאָס איז דאָס געזאַנג פון דער נייעסטער פילאָזאָפיע, פון דעם נייעסטן בליק אויף דער שייכות צווישן וועלט און איבערוועלט, צייט און איבערצייט, רוים און איבעררוים. דאָס איז אַ געזאַנג וועגן אָנגעשלאָסנקייט און איינגעשלאָסנקייט, וועגן באַריר און באַהעפטונג פונם נידעריקן מיטן העכערן — פונם העכערן, וואָס העכערט און פאַרטיפט

דאָס נידעריקע, און ווערט אַליין דורך דעם נאָך טיפער און נאָך העכער.

„ס׳גלוסט" — אַזוי זאָגט רב נחמן — „דאָס הצרך פון דער וועלט צו זײַן מקור צו קומען, וויל זיך צו זײַן סאַמע מקור דערגרונטען, מיט כלות הנפש גלוסט איינער צו דעם צווייטן". און

ער אין איר
און זי אין אים
זוכן דעם אָנהייב פון דעם זײַן.

און דעם אָנהייב פון דעם זײַן איז נישט אין צייט, נאָר אין באַוועגונג, אין טוּאונג, אין ריטם, אין געזאַנג, און דאָס געזאַנג, דער ניגון ווערט, ווי רב נחמן זאָגט, צעציטערט אין

טעג,
וואָכן,
חדשים,
יאָרן,
תּקופות.

בײַ מיר איז קיין שום ספק נישט, אַז אַזעלכע אויסטײַטשונגען און אַרײַנטײַטשונגען, געגעבן אויף אַ שענערן און טיפערן אופן וועגן אַלע רב נחמן בראַצלאַווערס מעשׂיות, וואָלטן פּאַרטיקט און פּאַרגרעסערט אָן אַ שיעור די השפּעה פון דידאָזיקע מעשׂיות אויף דעם מענטש און דער מענטשלעכער קולטור.

און טאַקע, ווי אַנדערש האָט דאָס גרעסטע און אָריגינעלסטע ווערק אין דער וועלט משפּיע געווען פאַר טויזנטער יאָרן, אויב נישט דורך אַלערליי אינטערפּרעטאַציעס, פּאַרטײַטשונגען און אויסטײַטשונגען? וואָס איז דען די גאַנצע יידישע ליטעראַטור פון די תּקופות ביז דעם אַרײַנבריט פון די יידן אין דעם אייראָפּעישן קולטור־לעבן, אויב נישט אַן אַרײַנלייענען און אַן אַרויסלייענען פון אַלערליי געדאַנק־

לעכקייטן, געשטויגענע און נישט געשטויגענע — אין דעם אומאיבער־געשטייגטן קונסט־ווערק, וואָס רופט זיך די ביבל?

„נאָר אין באַציונג צו דער תורה" — זאָגט גוסטאַוו קאַרפּעלעס — „קאָן מען ריכטיק באַגרייפן און פאַרשטיין די גאַנצע יידישע ליטע־ראַטור — אין דערדאָזיקער באַציונג און אָפּהענגיקייט ליגט אַלץ, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן און געטריבן פאָרויס די יידישע ליטעראַטור, אירע מעלות און אירע חסרונות".

„די שול פון די געלערנטע" — זאָגט ווייטער קאַרפּעלעס — אין וועלכער די לערער און די תּלמידים האָבן צוזאַמען געפאָרשט די תּורה, האָט געהייסן בית־המדרש — דאָס הויז פון פאָרשונג, די גייס־טיקע אַרבעט גופא — מדרש, אויסטייטשונג, פאָרשונג, דערקלערונג, פאָרטראָג".

און וועגן דער הגדה, דער טיפסטער און שענסטער אויסטייטשונג פון דער ביבל, שרייבט קאַרפּעלעס: „זי איז פריי פון תּנאים, וועלכע בינדן איר ערנסטערע שוועסטער, די הלכה. זי האָט געמוזט פריי זיין אין איר שטאָף, ווי אין דעם אופן איבערצוגעבן דעמדאָזיקן שטאָף, כּדי זי זאָל קאָנען זאָגן אַלץ, וואָס זי האָט צו זאָגן. איר געביט איז נישט נאָר די געזעצגעבונג פונם חומש, נאָר די גאַנצע ביבל, פון בריאת העולם ביזן חורבן מיט אַלע זיינע טענער און פאַרבן, קלאָגן און לידער. פון וועלכע יעדער פסוק גיט איר אַ לאַנגע שורה טעמעס פאַר די וואונדערבאַרסטע און זעלטנסטע וואַריאַציעס. אַ רייכער געביט פון פּאָעזיע, אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט פיל דורות אין משך פון כּמעט אַ יאָר טויזנט, עפנט זיך אויף פאַר אונזער פאַרוואונדערטן בליק, ווען מיר קוקן אַריין אין די בלומענגערטנער פון דער הגדה. יעדעס וואָרט אין יעדער פערז שפּראָצט דאָ אויס ווי אַ בלום, ווי אַ ביימל; זיי אַלע שמעקן און וואַקסן און שפּרייטן דעם ריח פון מאָרגן־לאַנד.

אָט צו וואָס קונסט־פאָרשונג, קונסט־איטערפּרעטאַציע, קונסט־קריטיק קאָן זיך דערהייבן אין די הענט פון די, וואָס זענען אַליין גרויסע קולטור־שעפער און קינסטלער אין זייער פאַך, אין פאַך פון קאָמענטאַרן קריטיק. און נישט וויכטיק איז דאָ צי האָבן זיי יאָ אָדער נישט ריכטיק פאַרשטאַנען די ביבל, און צי האָבן זיי אַריינגעלייגט אין איר אַ ריכטיקן אָדער פאַלשן מיין און באַטייט. דאָ איז פריער

פון אַלץ וויכטיק די וויכטיקייט און וואָגיקייט, די קולטור־שאַצן און קולטור־ווערטן, וואָס זיי אַליין האָבן צוגעגעבן און אַריינגעגעבן.

ג.

מיר איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, ווי איינער קאָן גאָר צווייפלען אין דעם, אַז ווער עס האָט מער אַרויסגעלייענט, מער אויסגעטייטשט אין אַ קונסט־ווערק, דער האָט אונז אַ סך מער וואָס צו געבן, דער קאָן אונז מער העלפן טיפער אַריינצודרינגען אינם ווערק, דער קאָן מער פאַרגרעסערן אונזער הנאה פונם ווערק, דער איז מער ביכולת צו פאַרשטאַרקן אין אונז די געפילן און איבערלעבונגען, וועלכע גיסן זיך אַריבער צו אונז פונם קינסטלערס נשמה — איידער דער יעניקער, וואָס האָט ווינציקער אַרויסגעלייענט און האָט ווינציק אָדער גאָרנישט צו טייטשן אינם ווערק.

טאָלסטאָיס אַרבעט, למשל, וועגן שעקספּירן און זיינע דראַמעס איז אינטערעסאַנט צו לייענען דערהויפּט דערפאַר, וואָס דאָרט ווערן אַרויסגעזאָגט מיינונגען פון איינעם, וועלכן מיר אָנערקענען אַלס געניאַלן שאַפער, אַלס גרויסן קינסטלער און גריבלער. האָט אונז אָבער דידאַקטיקע אַרבעט זיינע עפּעס געגעבן אויף ווי וויט שעקספּירס ווערק גייען? — פרעגן מיר, און מיר ענטפערן: ניין, גאָרנישט שבגאָרנישט. אויף די, וואָס שעקספּירס ווערק האָבן געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, די, וואָס האָבן דערפילט, דערזעען און באַנומען וועלטן גאַנצע פון אַלץ און אַלעס וואָס רעגט, סטימולירט, דערקוויקט, שטאַרקט, פאַרטיפט, דערהייבט, גיט שוואונג און פאַטאָס צו דער מענטשלעכער נשמה — פון אַלע די וועט דער פאַקט, וואָס טאָלסטאָי האָט פון אַלץ דעם אין שעקספּירס ווערק קיין סימן נישט געפונען — נישט אָפּשוואַכן און נישט אָוועקנעמען דעם איינדרוק.

די, וואָס האָבן, לייענענדיק שעקספּירס ווערק, פונדאָסניי דורכגעלעבט און דורכגעפילט די הייליקסטע געפילן פון ליבע, די שטאַרקסטע און שרעקלעכסטע געפילן פון אייפערזוכט, די ביטערסטע און מוראדיקסטע געפילן פון האַס, און די געפילן פון ליידנשאַפט, וועלכע

ווי מיט גליענדיקע אייזערנע צוואַנגען און שטאָלענע קאַמען רייסן,
שטעכן און ברענען דעם גוף און נשמה פון האַלב חיה און האַלב
גאָט־באַשעפעניש, וואָס רופט זיך מענטש; די, וועלכע, פאַרטיפנדיק זיך
אין שעקספירס ווערק, זענען מיט אויפגעעפנטע נשמה־תהומען גע־
צוואונגען געוואָרן, ווי פון אַן אומווידערשטייערלעכער קראַפט איבער־
צוטראַכטן און איבערצודענקען, ווי אויך צום ערשטן מאָל זיך צו
פאַרטראַכטן און נאָכצודענקען וועגן אַלערליי פראַגן און פּראָבלע־
מען, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט יעדן ריר און יעדן בויג,
מיט יעדן ניואַנס און יעדער שאַטירונג פון אַלץ, וואָס קרייזט
אַרום און צווישן די מהותן פון גאָט, מענטש און וועלט — — אָט אַלע
די האָט טאָלסטאָיס אַנטפּלעקונג פון גאָרנישט אין שעקספירן אויף ד'עם
מינדעסטן נישט באַווירקט און באַאיינפלוסט און וועט זיי זיכער אויך
אויף ווייטער אויף קיין איין האָרעלע נישט באַווירקן און נישט באַאיינ־
פלוסן. און פאַר די, וואָס האָבן עס סיי ווי נישט געפונען, וועט טאָלסטאָיס
נישט געפינען, נישט צוגעבן קיין שום זאַך, אַ חוץ דער הסכמה פון אַ
גאַניאַלן קינסטלער.

דאָס זעלביקע איז אויך מיט טאָלסטאָיס נישט געפינען
קיין שום זאַך אַ חוץ שלעכטער קונסט אין בעטהאָווענס ניינטער
סימפאָניע.

„נישט נאָר", — שרייבט טאָלסטאָי — „וואָס איך זע נישט, אַז
די געפילן, וועלכע ווערן איבערגעגעבן דורך דעמדאָזיקן ווערק, זאָלן
קאָנען פאַראייניקן מענטשן, וועלכע זענען נישט דערצויגן געוואָרן ספּע־
ציעל פאַר דעם, אַז זיי זאָלן זיך אונטערוואַרפן אָט דערדאָזיקער פּאָל־
שער היפּנאָטיזירונג, נאָר איך קאָן מיר אפילו נישט פאָרשטעלן קיין
גרופּע מענטשן, וואָס זאָל קאָנען פאַרשטיין פון דעמדאָזיקן לאַנגן
פאַרפּלאָנטערטן ווערק עטוואָס, אַ חוץ קורצינקע פראַגמענטן, וואָס זינ־
קען אינם ים פון אומפאַרשטענדלעכס. און דערפאַר מוז איך, ווילנדיק
נישט ווילנדיק, באַשליסן, אַז דאָסדאָזיקע ווערק געהערט צו שלעכטער
קונסט".

אַזוי רעדט טאָלסטאָי וועגן אַ ווערק, וואָס ווערט כמעט פון אַלע־
מען באַטראַכט פאַר בעטהאָווענס בעסטע ווערק.

מיך, וועלכער איז, פאַר קיין שום ייד געדאַכט, אַ גרויסער עם

האָרך אין הילכות מוזיק, האָבן אַזעלכע ווערטער פון טאָלסטאָיען געקאָנט פירן נאָר דערצו, אַז איך זאָל שוין מער קיינמאָל נישט אָנשטרענגען צו הערן, צו פאַרשטיין און הנאה האָבן פון בעטהאָווענס ניינטער סימפאָניע, און פון בעטהאָווענס אַנדערע שאַפונגען אוודאי נישט. איז מיר אָבער אין דער זעלביקער צייט כמעט, וואָס איך האָב איבערגעבלעטערט נאָכאַמאָל טאָלסטאָיס בוך „וואָס איז קונסט”, צו דער האַנט געקומען אַנטאָן רובינשטיינס אַ בוך „מוזיק און אירע פאָרשטייער”, און אָט וואָס ער, אַליין אַ געניאַלער מוזיקער, שרייבט וועגן בעטהאָווענען:

„דאָס, וואָס מען רופט אָן זיין גרויסע תקופה, איז די תקופה פון זיין טויבקייט. וואָס וואָלט די מוזיק געווען אָן דערדאָזיקער תקופה? זיינע לעצטע פיאַנאָ-סאָנאַטן, די לעצטע סטרונעדיקע קוואַרטעטן, די ניינטע סימפאָניע און אַנדערע שאַפונגען קאָנען געדאַכט ווערן נאָר ביי זיין טויבקייט. נאָר די טויבקייט האָט דאָס געקאָנט שאַפן אָט די-דאָזיקע אומבאַדינגלעכע קאָנצענטרירטקייט, אָט דאָסדאָזיקע אַריבער-טראָגן זיך אין אַן אַנדערער וועלט, אָט דידאָזיקע קלינגענדיקע נשמה, אָט דידאָזיקע נאָך פריער קיינמאָל נישט געהערטע קלאַנגען, אָט דאָס-דאָזיקע אַוועקטראָגן זיך פון אַלעס וואָס איז ערדיש, אָט דעמדאָזיקן געשמידטן פראָמעטעאוס, אָט דעמדאָזיקן טראַגיזם, וואָס לגבי אים איז יעדע אָפּערע נישטיק. — — דאָס העכסטע און דאָס אומדערמאָסטענע האָט ער געשאַפן, ווען ער איז געווען טויב. אַזוי ווי עס איז מעגלעך פאַר אונז זיך פאָרצושטעלן איינעם, אַ מיסטיש-קלאָר-זעעוודיקן, וועלכער איז בלינד. ד. ה. בלינד צו אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום, און וואָס זעט מיט זיין גייסטיקייט, אַזוי איז אויך מעגלעך פאַר אונז זיך פאָרצושטעלן אַ גייסטיק הערעוודיקן, וועלכער איז טויב, ד. ה. טויב צו אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום און הערנדיק מיט זיין גייסטיקן אויער. אָ, די טויבקייט פון בעטהאָווענען, וואָס פאַר אַ שרעקלעך אומגליק פאַר אים אַליין און וואָס פאַר אַ גליק פאַר דער קונסט און פאַר דער מענטשהייט!”*)

---

*) זייט 56 אין רוסיש.

אומאָפּהענגיק פון דער ניינטער סימפאָניע גופא, וואָס איך און אפשר אייניקע אַנדערע מיט מיר פאַרשטייען זי נישט, פרעגט זיך: וועמעס ווערטער זענען מער איבערצייגנדיק בנוגע אָט צו דעם, וואָס מיר פאַרשטייען נישט — טאָלסטאָיס, וועלכע דערקלערן די ניינטע סימפאָניע פאַר שלעכטער קונסט, אָדער רובינשטיינס, וועלכע שטעלן זי אַוועק ווי אַ קונסט פון דער העכסטער קוואַליטעט? זיכער רובינשטיינס — ענטפערן מיר. פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס זיינע ווערטער זענען אָנגעלאָדן, נישט ווי טאָלסטאָיס, מיט אָנשויאונגען, נאָר — מיט פלאַמענדיקע, קאָכעדיקע געפילן, וואָס מיט זייער ברען פאַרכאַפּן זיי די נשמה און וואָס רופן נישט אַרויס צו זיך חלילה קיין שום רעוואָלט און ווידערשפרוך מצד דעם שכל און פאַרנונפט. און עס פרעגט זיך ווייטער: קאָן אַזאַ אויסטייטשונג, ווי רובינשטיינס, פירן צו דער פאַרדאַרבונג פון וועמעס עס איז געפילן אָדער געשמאַק, פאַרוואָס טאָלסטאָי שרעקט זיך אַזוי שטאַרק? קאָן אַזאַ אויסטייטשונג שטערן טאָלסטאָיס הנאה צו האָבן דווקא פון דעם געזאַנג פון די אומוויסנדסטע און פשוטסטע פויערטעס, אָנשטאָט פון די געניאַלסטע מוזיקער? זיכער נישט. פאַרקערט אָבער, וואָלט מען חלילה געפאָלגט טאָלסטאָיען, וואָלטן פאַרלוירן געגאַנגען אָט די אומצייליקע נשמה-פאַרכאַפּנדיקע און גייסט-אַנטוויקלענדיקע איבערלעבונגען, וועלכע מענטשן קריגן פון שעקספּירס דראַמעס און בעטהאָווענס סאָנאַטעס און סימפאָניעס.

וואָס אַ נשמה קאָן פאַרלירן נישט איבערלעבנדיק בעטהאָווענס שאַפונגען, קאָן איך מיר נאַטירלעך נישט פאָרשטעלן צוליב מיין אומוויסנהייט אין מוזיק. דערפאַר ווייס איך אָבער גאַנץ באַשטימט, וואָס אַ נשמה געווינט דורכנעמענדיק, דורכפילנדיק און איבערלעבנדיק שעקספּירס לעבן, ווי ער האָט עס געשטאַלטעט און פאַרקערפּערט אין זיינע ווערק אויף אייביק און אייביק. און אַזאַ וויסן און פילן קאָן נישט אויסגעוואָרצלט ווערן פון דעם נישט-וויסן און דעם נישט-פילן פון אַלע זשעניען אין דער וועלט. דאָס וויסן און דאָס פילן, דאָס לעבן און איבערלעבן פון דעם פשוטסטן מענטש אין דער וועלט איז מער ווערט און איז אַ שטאַרקערער באַווייז פאַר דעם זיין פון אַ וועלכן עס איז אינהאַלט, ווי דאָס איז דאָס נישט וויסן און דאָס נישט

פילן פון דעם געניאַלסטן מענטש אין דער וועלט פאַר דעם נישט־זיין פון אַזאַ אינהאַלט פון אַ וועלכער עס איז זאַך.

ווי שטאַרק עס איז דער איינפלוס פון אַן אידעע, פון אַ געדאַנק דער אָנשויאונג אויף די געפילן, באַווייזט אונז טאַקע טאָלסטאָי אַליין. און ווען איך זאָג איינפלוס פון אידעע אָדער עמאָציע, מיין איך נישט צו לייקענען שפּינאָזעס דערקלערונג, אַז נאָר אַן עמאָציע קאָן ווירקן, באַהערשן און באַאיינפלוסן אַן עמאָציע. איך מיין אָבער, אַז די איבער־געבנהייט, בלינדע אָדער קלאָרע, צו אַן אידעע אָדער אָנשויאונג, איז אויך אַן עמאָציע. און אין דעם פאַל גיט עס אונז אין טאָלסטאָיס איבערגעבנהייט צו אַ שפּאָגל נייע פאַר אים אָנשויאונג און איר איינפלוס אויף זיינע פריערדיקע געפילן און עמאָציעס.

טאָלסטאָי האָט דאָך אין אַ געוויסער תקופה פון זיין לעבן יאָ הנאה געהאַט פון אָט דער זעלביקער קונסט, וועלכע ער האָט אין דער תקופה פון זיין באַקערונג צו קריסטנטום דערקלערט אַלס שלעכטע. אַ באַוואוסטזיין, וועלכעס איז ווי אויפגעשטאַנען תחית־המתים, פאַרבט מיטאַמאָל אַנדערש זיינע געפילן און עמאָציעס און לאָזט אויפגיין גאַנץ אַנדערע מיינונגען און שטעלונגען צו זיך אַליין און צו דער וועלט אַרום, צו זיין אייגענער קונסט און צו דער קונסט פון אַנדערע.

טאָלסטאָי טענהט, אַז ער קאָן זיך נישט העלפן פון צו דער־קלערן די ניינטע סימפאָניע פאַר אַ שלעכטער קונסט. דאָס, זאָגט ער, איז אַ פועל־יוצא פון זיין אָנשטרענגונג צו געפינען „אַ קלאָרע פאַר־נונפטיקע קריטעריע, וואָס נאָך איר זאָל מען קאָנען אורטיילן וועגן די פאַרדינסטן פון די קונסט־ווערק". אמת, עס איז טאַקע גאַנץ מאָדנע און זייער נישט אָנגענעם צו דערקלערן אַזאַ ווערק ווי די ניינטע סימפאָניע ווי שלעכטע קונסט, „אָבער — פרעגט טאָלסטאָי — „וואָס טוט מען מיט די אָנווייזונגען פון דער פאַרנונפט און מיט דעם געזונטן שכל?"

אויב אַזוי, איז עס דאָך טאַקע נישט אונטערוואָרפן צו קיין ברעקל ספק, אַז דער שכל און די פאַרנונפט, וועלכע האָבן געפירט מיט דער האַנט פונם קינסטלער, וואָס האָט געשריבן „מלחמה און פרידן", און „אַננאַ קאַרענינאַ", איז נישט געווען דער זעלביקער שכל און די זעלביקע פאַרנונפט, וועלכע האָבן געשטאַרקט די זעלביקע

האַנט פון דעם זעלביקן קינסטלער, וואָס האָט געשריבן „קרייצער סאָנאַטע“ און „תחית-המתים“. מיט אַנדערע ווערטער מיינט דאָס, אַז די אידעען, וועלכע זענען אויף אַ באַוואוסטזיניקן אָדער אומבאַוואוסטזיניקן אופן געשטאַנען אין הינטערגרונט פון די געפילן, וואָס דער קינסטלער טאָלסטאָי האָט זיך אָנגעשטרענגט אין זיך אַרויסצורופן און אַנדערע איבערצוגעבן — אין זיינע ערשטע ווערק, זענען נישט די זעלביקע אידעען, וואָס האָבן געזאַפּטיקט די געפילן, וועלכע דער זעלביקער טאָלסטאָי האָט פאַרקערפּערט אין זיינע לעצטע ווערק.

אין „אַננאַ קאַרעניִנאַ“ לייענען מיר די פאָלגנדיקע ווערטער וועגן אַננאַן: „אַ מין איבערנאַטירלעכע קראַפט האָט צוגעצויגן די אויגן פון קיטין צו אַננאַס פּנים. זי איז געווען באַצויבערנדיק אין איר אײנפאַך שוואַרץ קלייד, באַצויבערנדיק זענען געווען אירע פולע הענט מיט די בראַסלעטן, באַצויבערנדיק דער האַרטער האַלז מיטן שנירל פּערל, באַצויבערנדיק די קלעטערנדיקע האָר פון דער זיך פונאַנדערלאָזנדיקער קאָפּ-באַפּוצונג, באַצויבערנדיק די גראַציעזע גרינגע באַוועגונגען פון די קליינע פיס און הענט, באַצויבערנדיק דאָסדאָזיקע שיינע פּנים אין זיין אויפלעבונג, געווען איז אָבער עטוואָס שרעקלעכס און האַרטס אין איר צויבער“.

קאָן מען זיך מאָלן עמעצן, וועלכער זאָל פון אַזאַ אין אַלע הינזיכטן באַצויבערנדיק בילד נישט באַווירקט ווערן צום שענסטן און צום בעסטן, און וואָס זאָל נישט, דורך דעם קינסטלערישן געשטאַלט פון אַננאַן, אַריינלייגן דאָס שענסטע און דאָס איידלסטע — ווי נאָר שיין און איידל די ראָמאַנטיק קאָן זיין — אין געטהעס ווערטער: „דאָס עוויג ווייבלעכע ציט מיך הינײַן“!

און דאָך איז נאָך דעם אַלעמען געקומען די פאַרנונפט און דער געזונטער שכל און האָט געמאַכט דעם זעלביקן טאָלסטאָיען צו רעדן אין זיין „קרייצער-סאָנאַטע“ און אין זיין „וואָס איז קונסט“ וועגן דער פרוי און איר קערפּער ווי וועגן אַ פאַסקודסטוואָ, וואָס איז דער קוואַל פון אַלע ליידן.

„די קונסט“ — שרייבט טאָלסטאָי — „דינט דאָך אין אונזער צייט ווי די הויפּט-אורזאַך פון דער צעלאָזנקייט פון מענטש אין דער וויכטיקסטער פראַגע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן — אין סעקסועלע באַצי-

אונגעןן. אַלע ווייסן מיר עס פון זיך אַליין און די טאַטעס און די מאַמעס נאָך אויך פון זייערע קינדער, וועלכע שרעקלעכע גייסטיקע און פיזישע לײדן, וועלכע אומזיסטע, לאיבוד גייענדיקע כוחות, מענטשן מאַכן דורך נאָר פון דער צעלאָזנקייט וועגן פון דער געשלעכטלעכער ליידנשאַפט".

עס איז דאָך נישט מעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז דער, וועלכער האָט די אויבנגעבראַכטע ווערטער אָנגעשריבן, האָט אין זיין לעבן נישט איבערגעלעבט אויך אומפאַרגעסלעך שיינע און דערהויבענע נשמה־און גייסט־אויפטרייסלענדיקע ליבעס־מאָמענטן, וועלכע זענען אין דער זעלביקער צייט געווען דורכגענומען מיט די אינטענסיווסטע ליידנשאַפטן און געפאַרבט ביז גרונט מיט דעם אַלץ, וואָס איז סעקסועל און געשלעכטלעך? ווי אַנדערש וואָלט עס מעגלעך געווען פאַר אים אַרויסרופן אין אונז אַזעלכע איבערלעבונגען דורך אַלע זיינע ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן ביז דער אַנטשטייאונג אָדער ווידערגעבורט פון זיין באַוואוסטזיין? האָבן מיר דען אַ סך ווערק קינסטלערישע, וועלכע זאָלן ווי טאָלסטאָיס ווערק — ווען ער איז געווען טאָלסטאָי דער קינסטלער — אַרויסרופן איבערלעבונגען פון ראָמאַנטישע געפילן און עמאָציעס, וואָס אין זייער שאַרפקייט און טיפקייט זאָלן זיי קומען צו אַ פונקט אָדער אונז ברענגען צו אַזעלכן, וואו דאָס גיהנומשע און דאָס גן־עדנשע, דאָס הימלישע און דאָס ערדישע גיסן זיך צונויף אין עפּעס, וואָס איז אי העכער, אי נידעריקער פון אַלץ צוזאַמען וואָס דער מענטש קאָן אין זיין באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט צוקומען, אָדער בעסער געזאָגט, וואָס איז אָט העכער, אָט נידעריקער און וואָס פאַר דעם איז נאָך פון קיינעם קיין נאָמען נישט צוגעטראַכט געוואָרן? האָבן מיר דען אַ סך קינסטלער, וואָס האָבן מיט אַזאַ טיפקייט, שטאַרקייט און חנעוודיקייט געמאָלן אָט דאָס אָן־אַ־נאָמענדיקע פון וואָס, ווען דורכגעלעבט און איבערגעלעבט, האָט זיך נאָך קיינער, מיט אַ צאַפלדיק האַרץ אין אים, נישט אָפּגעזאָגט און קיינער וועט זיך וואָרשיינלעך נישט אָפּזאָגן אויף דעם חשבון פון אַלע גוטסקייטן און וואוילקייטן אין דער וועלט, און ווייניקער פאַר אַלץ — פאַרן טויט אַליין?

עס איז צו גלייבן, אַז אַננאַ קאַרעני‌נאַ אַליין, פאָרשטעלנדיק זי

זיך אַלס אַן אויפגעשטאַנענע החית-המתים, וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון דורכצומאַכן דעם זעלביקן מאַרשרוט פון פּיין און צער, אויב דאָס זאָל ווידער אַמאָל זיין דער איינציקער תנאי אויף צו קריגן די מאָ-מענטן פון פרייד און גליקזעליקייט, וואָס אירע באַציאונגען צו ווראָנסקין האָבן איר געגעבן. טאָלסטאָי רעדט צו אונז וועגן די דרייפאַכע ניואַנסן, וועלכע אַננאַס געפיל האָט אָנגענומען נאָכן ערשטן פיזיש-גייסטיקן צונויפגוס מיט ווראָנסקין — די ניואַנסן פון שאַנד, פרייד און שרעק. ער זאָגט אונז אָבער נישט וועלכער ניואַנס איז דאָרט געווען דער שטאַרקסטער, דער איבערוואָגיקסטער און דערפאַר דער דעטערמינירנ-דיקער. ער זאָגט דאָס נישט, ווייל ער ווייסט דאָס נישט, און ער ווייסט עס נישט, וואָרים קיינער ווייסט דאָס נישט, אפילו אַננאַ אַליין האָט דאָס אויך נישט געוואוסט. דאָס צו וויסן וואָלט געמיינט, אַז דער גע-דאַנק קאָן דערגרונטעווען די נשמה, און דאָס — זאָגט אונז טאָלסטאָי דער קינסטלער — קאָן דער געדאַנק נישט. די האַנדלונג אַננאַס אָבער, וואָס אין זיי האָט זיך איר נשמה אַנטפּלעקט, אַריבערשטראָמענדיק אַלע ברעגן פון באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, זאָגן עדות, אַז דער ניואַנס פון פרייד איז געווען שטאַרקער פאַר אַלע איבעריקע ניואַנסן, און אַז דידאָזיקע פאַרפילנדיקע פרייד-עמאָציעס האָבן עס פאַר חדשים-לאַנג, ביז צום מאָמענט פון געשלעכטלעכן פאַרקער, דערנערט און דערצויגן דעם „אוממעגלעכן, שרעקלעכן, און דערפאַר נאָך מער באַ-צויבערנדיקן געדאַנק פון גליק". און דערדאָזיקער געדאַנק האָט פונקט אַזוי ווייניק געקאָנט איבערגעבן ווערן ווי דאָס געפיל, פון וועלכן אַננאַ איז באַהערשט געוואָרן נאָכדעם, ווי דאָס גאַרן, וואָס האָט נישט געקאָנט געשטילט ווערן און דער דראַנג, וואָס האָט נישט געקאָנט צוריקגעהאַלטן ווערן — איז צום אויסדרוק געקומען.

אָט זענען טאָלסטאָיס אייגענע ווערטער וועגן אַננאַס געפילן:

„זי האָט געפילט, אַז אויף דערדאָזיקער מינוט האָט זי נישט געקאָנט אויסדריקן אין ווערטער יענץ געפיל פון שאַנד, פרייד און שרעק פאַר דעם אַריינטריט אין דעם נייעם לעבן, און זי האָט נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם, כּדי נישט צו פאַרשוועכן דאָסדאָזיקע געפיל מיט נישט פּינקטלעכע ווערטער. און אויך נאָכדעם, אויפן אַנדערן, אויפן דריטן טאָג האָט זי נישט נאָר נישט געפונען קיין ווערטער, מיט

וועלכע זי זאָל קאָנען אויסדריקן די גאַנצע פאַרוויקלטקייט פון דידאָזיקע געפילן, נאָר זי האָט אויך נישט געפונען קיינע געדאַנקען, מיט וועלכע זי וואָלט אַליין פאַר זיך געקאָנט אַרומטראַכטן אַלץ, וואָס איז געווען אין איר נשמה״.

וואָס איז אַלזאָ געוואָרן פון אַלע געלייטערטסטע און ביזן העכסטן גראַד סובלימירטע איבערלעבונגען, וועלכע קאָנען מיט קיינע שום געדאַנקען אַרומגעטראַכט ווערן און אין קיין שום ווערטער איבערגעגעבן ווערן? וואָס איז געוואָרן פון אַלץ דעם, וואָס טאָלסטאָי האָט אין די יינגסטע און שענסטע פעריאָדן פון זיין לעבן איבערגעלעבט, און אויך אומפאַרגלייכלעך שטאַרקן און שיין קינסטלערישן אופן געמאַכט אויך איבערצולעבן? וואָס איז — פרעגן מיר — געוואָרן פון דעם אַלעם, וואָס כמעט אַלע באַטראַכטן פאַר דאָס טיפסטע און נשמהדיקסטע, פאַר דאָס אינטימסטע און פערזענלעכסטע אין טאָלסטאָי דעם קינסטלער? פון דעם אַלעם איז גאָרנישט געבליבן אין טאָלסטאָיס באַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט. טאָלסטאָי דער דענקער האָט געטויט, פאַרשאָטן און באַגראָבן אַלץ, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען עסטעטיק אין דעם ברייטסטן און טיפסטן זין פון וואָרט. זיין ביי באַוואוסטזיין, זיין געזונטער שכל און די פונדאָסניי געבוירענע פאַרנופט האָט אויף איין מאָל אַ שליידער געטון די ראָמאַנטישע שיינקייט און די שיינע ראָמאַנטיק אין ים פון פאַרגעסנקייט.

אָט ווי שטאַרק און מעכטיק עס איז די איבערגעבנהייט צו אַן אידעע, דאָס פאַרכאַפּט ווערן פון אַן אָנשויאונג, וועלכע דער שכל און די פאַרנונפט פאַרטיידיקן. און אויב אַזוי, אויב אפילו אין דער קונסט פירט אַמאָל דער שכל אָדער די פאַרנונפט אויף אַ גאַנץ דירעקטן אופן מיט דער האַנט פונם קינסטלער, שוין נישט רעדנדיק וועגן די גאָר פיל מאָל, ווען די אידעע ווירקט אויף אַן אומדירעקטן אופן — אויב אַלזאָ עס איז שוין נישט נאָר אַ פראַגע פון געפילן, נאָר אויך פון אידעען און ריינער פאַרנונפט, איז דאָך שוין אָן שום צווייפל פאַראַן אַן אָרט, און ווי איך באַשטיי אַ גאַנץ וויכטיק און באַדייטנדיק אָרט, פאַר דעם אינטעליגענט און דעם קריטיקער. פאַר דעם נישט נאָר קונסט, נאָר אויך קולטור־קריטיקער, און פאַר יעדן איינעם גוטן אויסטייטשער פון קונסט, פאַר יעדן איינעם, וואָס קאָן

אַרויסברענגען מער און מער באַוואוסטזיניקע און לאָגישע געדאַנק־ לעכקייטן פון אונטערבאַוואוסטזיניקע קינסטלערישע אָפּגרונטן, און דורך דעם נישט נאָר אויסברייטערן און פאַרטיפן, נאָר אויך איידע־ לערן און לייטערן די געפילן און עמאָציעס, וואָס די קונסט רופט אַרויס אין אַלע די, וואָס קומען טרינקען פון אירע קוואַלן.

איך וועל זיך איצט אָפּשטעלן אַ ביסל לענגער אויף די רעכט פון דעם קריטיקער, אונטער וועלכן איך וועל פאַרשטיין דעם אינטע־ ליגענט און יעדן איינציקן פעיקן און אינטערעסאַנטן אויסטייטשער בכלל און דעם, וואָס איך רוף אַן קולטור־קריטיקער בפרט.

V.

# די רעכט פון קריטיקער און די גלײכווערטיקייט פון אַלע קולטור-אויסדרוקן

## א.

צו די פיל רעכט פון קריטיקער געהערט, לויט מיין מיינונג, דאָס רעכט זיינס צו זאָגן, אַז דווקא דאָרט, וואו דעם קינסטלערס פענזל איז געלייטעט געוואָרן פון אַן אידעע, וועלכע איז נישט איבער־געקאָכט געוואָרן אינם לעבנסלעגגלעכן קעסל פון די אומבאַוואוסט־זיניקע טרוימען, — אַז דווקא דאָרט איז די קונסט אַ פאַלשע, און אַלס אַזעלכע, אַ פאַרדאָרבענע און אַ פאַרדאַרבנדיקע, און אַז נאָר אַזאַ קונסט קאָן פירן צו געשמאַקלאָזיקייט און צעלאָזנקייט, און דערצו קאָן פירן די קונסט אפילו דעמאָלט, ווען דער קינסטלער האָט די בעסטע כּוונות, און גאַנץ אָפט דווקא דעמאָלט, ווען דער קינסטלער רייסט זיך אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן ממש פון דער הויט צו מאַכן דעם מענטש בעסער אין אַלע הינזיכטן. אמתע קונסט ווידער, וואָס אין איר איז די אידעע פונקט אַזוי פיל געפיל, ווי דאָס געפיל איז אידעע, מחמת זיי ביידע, אי דאָס געפיל, אי די אידעע, האָבן זיך גלייך לאַנג געקאָכט אין די זודיקע שטראָמען פון דעם קינסטלערס לעבן, יעדער אָטעמצוג פון וועלכן מיינט אַן איינדרוק אויף דער פערזענלעכקייט פון דעם קינסטלער אַזוי גוט ווי אַן אויסדרוק פון איר — אַזאַ קונסט קאָן פירן נאָר צו פאַרשענערונג, דערהייבונג און פאַרטיפונג פונם מענטשלעכן גייסט, אפילו ווען זי באַשרייבט, מאָלט, קריצט אויס אָדער באַזינגט אַלערליי צעלאָזנקייטן און אויסגעלאַסנקייטן אין דער וועלט.

דער קריטיקער מעג באַשטיין אויף דעם, אַז אמתע קונסט איז

נאָר די, וועלכע ווערט געלייטערט פון אידעען, פון אַ פאַרנונפט און אַ שכל, וואָס זענען האַרמאָניש געווען און צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט אַלע געפילן, עמאָציעס און איבערלעבונגען, וואָס האָבן באַגלייט דעם קינסטלער פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ער האָט זיך צום ערשטן מאָל אַ צאַפּל געטון אין זיין מוטערס טראַכט. זאָגט אָבער איינער צו זיך אויף די עלטערע יאָרן, ווי טאָלסטאָי האָט געזאָגט: „אַלץ, וואָס איך האָב געוואוסט, אַלץ, וואָס איך האָב געגלייבט, אַלץ, וואָס איך האָב געליבט, איז נאַרישקייט. ליבע, זעלבסטאָפּפערונג — דאָס איז דאָס איינציקע אמתע, — אומאָפּהענגיק פון צופאַל — גליק" — קאָן ער שוין נישט ווירקן מער, נישט באַאיינפלוסן און נישט רעגן נישט ווי אַ קינסטלער און נישט ווי אַ דענקער. די קונסט מוז אין דעם פאַל פאַרדאַרבן ווערן פון דער נישט-איבערגעקאָכטקייט פון דער אידעע, און דאָס דענקען — פון דעם נישט ווייקן זיך לאַנג גענוג אין די זאַפטן פון די געפילן.

דער קריטיקער מעג פאָדערן פון דער קונסט, אַז זי זאָל געפירט ווערן פון אידעען, וועלכע זענען נישט אויף אַ געצוואונגענעם און געקינסטלטן אופן אָפּגעריסן געוואָרן פון אַלע פריערדיקעליידנשאַפטן, אויפרעגונגען און צעטרייסלונגען אין דער נשמה, פון פריערדיקע ווינטן און שטורעמס, פון אַלע פריערדיקע נסיונות און געפאַרן, סיי פון די, וואָס זיי האָט די נשמה בייגעקומען, סיי פון די, וואָס האָבן זיך געשטאַרקט איבער דער נשמה. עס איז די פריוויליעגיע פונם קריטיקער צו באַצייכענען ווי אמתע קונסט נאָר אַזאַ, הינטער וועלכער עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ האַרמאָנישע פּערזענלעכקייט פונם קינסטלער, און טענהן, אַז אַזאַ קונסט איז קיינמאָל נישט געווען און וועט קיינמאָל נישט זיין די סיבה פון וועלכער עס איז צעלאָזנקייט און פאַרדאָרבנקייט אויף וועלכן עס איז געבויט. אַזאַ קונסט, אַ קונסט, וואָס איז דער פּראָדוקט פון אַ גרויסער און שטאַרקער און איינשנוריקער פּערזענלעכקייט און פעיקן קינסטלער, האָט אַלע מאָל און וועט אויך אויף ווייטער בלויז רייניקן און לייטערן, טיפן און דערהייבן די מענטשלעכע נשמה, ווי דאָס טוען, למשל, אַזעלכע ווערק, ווי „אַננאַ קאַרענינאַ" און „קריג און פרידן".

אויף וויפיל ווידער דאָס ווערק „תחית-המתים" איז צוליב דער

אומהאַרמאָנישקייט פון טאָלסטאָיס פערזענלעכקייט שוין ווייניקער קינסטלעריש, אויף אַזוי פיל טוט דאָס ווייניקער אויף פאַר די ערשטע צוויי ווערק אין דעם זין פון קינסטלערישער סובלימירונג פון דער מענטשלעכער נשמה. און אויף אַזוי פיל וויפיל הינטער „קרייצער-סאָנאַטע“ שטייט שוין אינגאַנצן אַ צעשפאָלטענע פערזענלעכקייט, אויף וויפיל דאָסדאָזיקע ווערק ווערט דיקטירט פון איינעם, וואָס פאַרגעוואַלטיקט זיין נשמה און שטרענגט זיך אָן איבערצורייסן אַלע חשבונות מיט זיין אייגענער פאַרגאַנגענהייט, אויף אַזוי פיל איז „קרייצער-סאָנאַטע“ באמת אַ פאַרקריפלט ווערק און פאַרדאַרבט יעדעס געפיל פון שיינקייט ביי יעדן איינציקן, וועלכער איז נישט קריטיש גענוג באַוואָפנט אַנטקעגן זיין עקלהאַפטיקן איינפלוס און ווירקונג.

שוין אין זיין „תחית-המתים“ זאָגט אונז טאָלסטאָי, אַז „מאַריע פאַוולאָוונאַ, די נייע קריסטין, קוקט אויף יעדער איינציקער ליבע, ווי אויף עפעס אומפאַרשטענדלעכס, און דערצו ווי אויף עפעס, וואָס איז עקלהאַפט, באַליידיקנדיק פאַר דער מענטשלעכער ווירדע“, זי וויל נישט הערן וועגן פלאַטאָנישער ליבע, מחמת זי ווייסט, זאָגט זי, אַז „אויב דאָס איז אַן אויסשליסלעכע ליבע, ליגט פונדעסטוועגן אומבאַדינגט אין איר פונדאַמענט — פאַסקודסטוואָ“.

אָט אַזוי האָט דאָס טאָלסטאָי אָנגעהויבן קוקן אויף ראָמאַנטישער ליבע, ווען ער איז, ווי אים האָט זיך געדאַכט, אויפגעשטאַנען תחית המתים. איבעררייסנדיק מיט דער פריערדיקער העלפט אָדער מער ווי העלפט פון זיין לעבן, אָפטויטנדיק די זאַפטיקסטע העלפט פון זיין פערזענלעכקייט, האָט טאָלסטאָי לחלוטין זיך פאַרגעסן אָן דעם באַוואונדערונגס-געפיל, וועלכעס איז אַריינגעוועבט אין דעם ראָמאַנטישן געפיל פון ליבע. נישט געבליבן איז מער אין זכרון די איבערלעבונג זיינע, וואָס האָט אים געפירט צו דער באַשרייבונג זיינער פון לעווינס געפילן צו קיטין, די געפילן, וועלכע האָבן געמאַכט, אַז דאָרט, וואו קיטי איז געשטאַנען, זאָל אויסזעען צו אים ווי אומצוטריטלעכע הייליקייט. אויסגעריסן זענען געוואָרן פון זיין געדעכעניש זיינע אייגענע בלעטלעך פון „אַננאַ קאַרענינאַ“, אין וועלכע ער האָט געמאָלן ווי אַזוי די באַוואונדערונגס-געפילן אין דער אויסשליסלעכער ליבע צו קיטין האָבן פאַרגרעסערט, פאַרברייטערט און פאַרטיפט דעם זעלבסט פון לעווינען,

ווי אַזוי זיי האָבן אַרויסגערופן אין אים מער ליבע, מער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט צו מענטשן און צו דער גאַנצער וועלט אַרום; און ווי אַזוי זיי האָבן געוועקט אין אים פילאָזאָפיש די פראַגע וועגן לעבן און טויט. און ווער ווייסט דאָס נישט, אַז דידאָזיקע פראַגן, פראַגן וועגן לעבן און טויט אין אַלע זייערע שאַטירונגען און זיגזאַגישקייטן, ווען זיי באַפאַלן איינעם, רייניקן זיי זיין נשמה און לאָזן קיין שום שפור נישט פון דעם, וואָס דער ווידער אויפגעלעבטער טאָלסטאָי רופט אָן פאַסקודסטוואָ. זיי העלפן דער באַפאַלענער פון אַזעלכע פראַגן נשמה, צו דערשפּירן איר אָנקניפּ אָן דעם העכסטן און הייליקסטן.

און וואָס טאָלסטאָי האָט פאַרגעסן, אָן דעם דערמאַנט אונדז סטעפאַן צווייג, און דאָס טוט ער נישט אַלס דראַמאַטורג, נאָר אַלס קריטיקער. ער טוט דאָס אַלס איינער, וואָס טייטשט אויס עמיל ווערהארנס פּאָעטישע שאַפונג. „אין יעדער דערקענטעניש" — שרייבט צווייג — „איז אַלץ פאַראַן אַן אָפּזאָץ פון אייגנבוציקייט, פון דער גאווה פון פערזענלעכער דערהערבונג; די באַוואונדערונג פון זאַכן אָבער אַנטהאַלט אין זיך קיין שום אַנדערע זאַך נישט ווי עניות — יענע גרויסע עניות, וועלכע איז פונדעסטוועגן אַן אומענדלעכע באַרייכערונג פון לעבן, מחמת זי באַטייט אַן אויפלעזונג פון אַלץ — — — אין באַוואונדערונג און עקסטאַז ווערט נישט געזעצט קיין שום באַגרע־נעצונג צום איך. אַ סך ווערטן לאָזן זיך נישט אַנטפּלעקן צו דער דערקענטעניש, קיין שום ווערט זאָגט זיך נישט אָפּ איינגאַנצן פון צו אַנטפּלעקן זיך צו דער באַוואונדערונג. די קלענסטע זאַך אפילו ווערט גרויס, ווען זי ווערט דורכגעדרונגען מיט ליבע, און וואָס גרעסער מיר לאָזן זאַכן וואַקסן, אַלץ מער באַרייכערן מיר דעם מהות פון אונזער אייגן לעבן, מער אומענדלעך מאַכן מיר אונזער אייגע־נעם איך".

פאַרוואָס האָט דאָס טאָלסטאָי לחלוטין פאַרגעסן אָן אָט־אָ דער־דאָזיקער קאָסמישער זייט פון דער ליבע? פאַרוואָס האָט זיך עס אים אַזוי שטאַרק איינגעקריצט דווקא די לינקע זייט — איר אייגנבוציקייט און מיאוסקייט? אויך אויף דעם געפינען מיר אַן ענטפער ביי די אינטעליגענטן און די קריטיקער, ביי די, וועלכע האָבן גאָר שטאַרק

געקנייטשט דעם שטערן, לייענענדיק די קינסטלערישע און נישט־קינסטלערישע ווערק פון טאָלסטאָיען.

מערעזשקאָווסקי, דער טיפער קריטיקער פון טאָלסטאָיס שאַפונגען און דער שאַרפער אַנאַליטיקער פון טאָלסטאָיס לעבן און כאַראַקטער, געפינט, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט אפשר פילן די פּאַסקודסטווע פון זעלבסט־און אייגננוציקער ליבע ווי טאָלסטאָי דערפאַר, וואָס ער, דער גרויסער טאָלסטאָי, איז ווי קיין אַנדערער געווען דורכגענומען און דורכגעדרונגען מיט אַזאַ מוראדיקער אויסשליסלעכער ליבע צו זיך, וועלכע האָט אויסגעשלאָסן אַלע אַנדערע מענטשן אַ הוץ אים. אויך האָט ער ווי קיין אַנדערער געהאַסט זיך אַליין פאַר זיין נישט־ליבע צו אַנדערע, די ליבע צו זיך, צו זיין אייגענער גייסטיקער און פיזישער עקזיסטענץ, זיין אויסערגעוויינלעך שטאַרקע הנאה פון זיין פיזישן און גייסטיקן דאָ־זיין האָט אים, דענקט מערעזשקאָווסקי, געטריבן צו אַ שרעק פאַרן טויט, וואָס האָט אים זיין לעבן פאַרביטערט. און עס איז דידאָזיקע שרעק פאַרן טויט, וואָס האָט אים געצוואונגען צו גלייבן אין אַ יענוועלטיקער עקזיסטענץ.

„ליבע צו זיך" — שרייבט מערעזשקאָווסקי — „דערמיט הייבט זיך אַלץ אָן און דערמיט ענדיקט זיך אַלץ. ליבע אָדער האַס צו זיך, צאָר צו זיך — אָט דאָס זענען די צוויי הויפּט, איינציקע, אַמאָל באַהאַלטענע, אַמאָל אָפענע, אַקסן, אַרום וועלכע אַלץ דרייט זיך, אַלץ באַוועגט זיך אין די ערשטע, אפשר סאַמע ערנסטע ווערק פון טאָלסטאָיען".

אָט דידאָזיקע ליבע צו זיך אינם ערגסטן זין פון וואָרט און דאָס האַסן זיך אַליין פאַר דעם נידעריקן עגאָיזם, האָט דאָס אפשר געטריבן טאָלסטאָיען זיך אָנצוכאַפּן געדאַנקלעך אין קריסטוסעס לערע, וואָס פאַר איר איז דאָס נידעריקע און דאָס העכערע צוויי באַזונדערע עקזיסטענצן: איינע מוז צוליב דער מיאוסקייט, שלעכטקייט און פאַרדאָרבנקייט פאַרניכט און צעשטערט ווערן, כדי די אַנדערע זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען ביז צו די העכסטע הויכן. דידאָזיקע אידעע, צי איז זי גוט אָדער שלעכט, צי איז זי ריכטיק אָדער פאַלש, איז זי אָבער ביי קריסטוסן אַרויסגעוואַקסן פון די טיפענישן פון זיין גאַנצער אומאונטערבראָכענער האַרמאָנישער פערזענלעכקייט, און איז

דעריבער געוואָרן ביי אים טאָט פונקט אַזוי פיל, און אפשר נאָך מער, ווי געדאַנק, געפיל אַזוי פיל און מער נאָך ווי מחשבה. דערפון נעמט זיך, וואָס קריסטוסעס ווערטער ווירקן און באַאיינפלוסן, אויב נישט פילאָזאָפיש, איז קינסטלעריש. מען ווערט דורכגענומען אויב נישט מיט זיין געדאַנקלעכקייט, מיט זיינע וועלט־אָנשויאונגען — איז מיט די געפילן, מיט די עמאָציעס, מיט די אַלע ברענענדיקע ליידנ־שאַפטן, וואָס פון זיי זענען אָרגאַניש אַרויסגעוואַקסן זיינע באַגריפן וועגן און זיין שטעלונג צו גאָט, מענטש און וועלט.

טאָלסטאָיס געדאַנקלעכקייט לאָזט אָבער איבער קאַלט און זי שטויסט גאָר אָפּ פון זיך און גאַנץ אָפט רופט זי אַרויס אַ רעוואָלט קעגן זיך. דאָס איז דערפאַר, וואָס זיין געדאַנקלעכקייט האָט זיך נישט געפּרעגלט אינם זאַפט פון זיין גאַנץ איינשנוריק לעבן אונטערן פייער פון אַלע ליידנשאַפטן מיט זייערע מענטשלעכע און איבערמענטשלעכע ליידן און פריידן. ער האָט מיט זיין פאַרנונפט געוואָלט דערשטיקן, אויסוואָרצלען די געפילן, ער האָט געוואָלט מיט די קאַלטע וואַסערן פון זיין תחית־המתים־אויפגעשטאַנענעם שכל אויסלעשן די פייערן, וואָס דאַרפן, מוזן און זאָלן און וועלן ברענען אומאויפהערלעך אין די נשמה־קעסלען פונם מענטשלעכן וועזן. און דאָס האָט בשום אופן נישט געקאָנט ברענגען קיינע גוטע רעזולטאַטן.

די נאַטור קאָן באַהערשט ווערן פון דעם גייסט נאָר דעמאָלט, ווען זי ווערט אַריינגענומען און באַטראַכט ווי אַ טייל אָדער אויסדרוק פונם זעלביקן גייסט. זי קאָן בייגעקומען ווערן, זי קאָן פאַרגייסטיקט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מען לאָזט זי מיטווירקן, ווען מען נעמט זי אַריין ווי אַ שותף. שטעלט מען זי אָבער אַוועק מחוץ פון דעם גייסט, באַטראַכט מען זי ווי אַ שונא, וואָס דאַרף פאַרניכטעט ווערן, הייבט אָן דער קאַמף אַקעגן איר טראָגן אַ כאַראַקטער פון פערווערזיע און פירט צו קיין שום זאַך נישט, אַ חוץ עקל און פרוכטלאָזיקייט. די ימים זענען באַהערשט געוואָרן פון דעם מענטש נישט דורך דעם, וואָס ער האָט אויסגעטרוקנט די וואַסערן אין זיי, נאָר דורך דעם, וואָס ער האָט אַריינגעגעבן אָדער צוגעגעבן צו זיי מער קאָנטראָלירנדיקע מאַכט און קראַפט. ווי מיט די וואַסערן, אַזוי מיט די געפילן. נישט זיי קאָנען און

נישט זיי דאַרפן דערשטיקט ווערן, וואָרים נאָר מיט זיי און דורך זיי קאָן מען קומען צו אַלע דערלייטערונגען און דערהויבונגען.

קריסטוס האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט יעדן מענטש באַזונדער און ממילא שוין אויך די מענטשהייט ווי אַ גאַנצע. קריסטוס האָט מיט יעדן פיבער פון זיין נשמה געפילט אין זיך די לייכטקייט און די באַרייטקייט פון אַוועקצוגעבן דאָס אייגענע לעבן, ווען עס האַנדלט זיך אינם לעבן אָדער לעבנס פון אַנדערע. פאַר אים זענען אייגנטלעך קיין „אַנדערע" נישט געווען, מחמת שטאַרקע ליבע צעבערעכט דאָך פאַר יעדן איינציקן די מחוצה פון איך און נישט-איך. און ער, קריסטוס, אויף וויפיל ער לאָזט זיך דערקענען דורך דער לעגענדע, האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס געשטאַלט מענטש. אָט דידאָזיקע אויסערגעוויינלעכע, איבערנאַטירלעכע ליבע האָט אפשר געפירט צו דער שאַפונג פון קריס-טוס-לעגענדע. קריסטוס איז אפשר געבוירן מיט אַן איך אָדער זעלבסט, וואָס איז אויפגעלייזט געוואָרן אין די „איכן" און „זעלבסטן" פון אַנדערע, און דערפאַר האָט ער נישט געקאָנט אין זיין פאַנטאַזיע איבערלעבן דאָס געפיל פון שאַנד און דערנידערונג פון נישט ענט-פערן פיזיש אויף פיזישע באַליידיקונגען. אין דער פייערדיקער ליבע צו אַנדערע, וועלכע פאַרמאָגן נאָר אַ מענטשלעך פרצוף, איז אַלץ, וואָס פאַרדריסט און קאָכט אויף, איבערגעקאָכט און פאַרברענט געוואָרן, און געבליבן איז בלויז דאָס ריינע, זיך קיינמאָל נישט אויסלעשנדיקע ליבעס-פייער

דעריבער, ווען קריסטוס האָט געזאָגט: האָב ליב! ווען ער האָט געזאָגט, אַז אין דער ליבע צו יעדן איינציקן אַנדערן ביז צו דער להלוטנדיקער פאַרגעסנקייט אין זיך אַליין, וועט איר דערפילן די גרעסטע שיינקייט, די טיפסטע און שאַרפסטע ראָמאַנטיק, וואָס אין איר וועלן צעשמאָלצן ווערן אַלע אַנדערע ליבעס און שיינקייטן — — האָט ער געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געפילט, געלעבט און געדענקט, אַזוי גוט ווי איבערגעפילט, איבערגעלעבט און איבערגעדענקט. ער האָט געהאָלט אין אַנדערע אַריינגיסן דאָס גליק און די גליקזעליקייט, וואָס האָבן אָנגעפילט ביז איבער די ראַנדן זיין אייגענע נשמה, וועלכע האָט זיך געצאַפּלט אין די ספּעציפיש קריסטוסישע ליבע-דערפאַרונגען. אַזאַ זאָגן: „האָב ליב!" איז פול מיט חן, מיט שיינקייט און מיט קינסטלע-

רישן פּישוף, און דערפאַר האָט עס געצונדן און וועט צינדן מענטשלעכע נשמות.

ווען אָבער טאָלסטאָי זאָגט אונז, אַז פילן פילט ער, אַז מען קאָן נישט ליב האָבן יעדן איינציקן מענטש, נאָר ער ווייסט און פאַרשטייט, אַז מען מוז און מען דאַרף ליב האָבן יעדן איינציקן מענטש — איז אַזאַ זאָגן קאָן נישט מאַכן אויפצופלאַקערן מענטשלעכע נשמות. פאַרוואָס? ווייל וואָס מען פילט נישט, אין דעם קאָן מען נישט גלייבן, און אין וואָס מען גלייבט נישט, דאָס קאָן מען נישט מאַכן אַנדערע צו דערפילן. די שאַרפסטע געדאַנקלעכקייט קאָן באַווירקן און באַאיינפלוסן נאָר דעמאָלט, ווען הינטער איר שטייען די טיפענישן פון האַרץ. טאָלסטאָיס באַגריף, אַז מען מוז ליב האָבן, קומט ביי אים פון האַרץ נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל אים איז געווען שלעכט און אויף וויפיל ער האָט געליטן פון דעם, וואָס ער האָט אַנדערע נישט געליבט און זיך אַליין געהאַסט. אָט דערדאָזיקער האַס צו זיך און די נישט ליבע צו אַנדערע, האָט געפירט טאָלסטאָיען ביסלעכווייז צום קולמינאַציאָנס-פונקט פון ווערן טויב און בלינד צו אַלע שיינקייטן, חנעוודיקייטן, געלייטערטקייטן און דערהויבנקייטן, וואָס ליבע טראָגט אין זיך אין אַלע אירע געשטאַלטן, אויסדרוקן און אַנטפּלעקונגען.

דידאָזיקע טויבקייט און בלינדקייט טאָלסטאָיס האָט געבראַכט מיט זיך די שפּאַלטונג אין זיין פּערזענלעכקייט און האָבן אים געפירט אָנצוכאַפּן זיך, ווי דער, וואָס טרינקט זיך, אין אַ שטרוי, אין דער לערע פון קריסטוסן, וועמען ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, און וועמען ער האָט שלעכט און פאַלש אויסגעטייטשט. דער, וואָס האָט געזאָגט: ווער פון אייך עס האָט נישט געזינדיקט, דער זאָל דער ערשטער וואַרפן דעם שטיין — דער איז געווען צו זעעוודיק און הערעוודיק צו דער שיינקייט און צו דעם אמת פון דער ליבע אין אַלע אירע וויבּרירונגען, און געווען איז ער אַ צו גאַנצע פּערזענלעכקייט, אַז דער טויב-און בלינד-געוואָרענער צו אַלע שיינקייטן טאָלסטאָי, זאָל אים מיט זיין אויף שטיקלעך צעריסענער פּערזענלעכקייט קאָנען פאַרשטיין.

נאָך גאָר אין די ערשטע צייטן פון זיין קינסטלערישער שאַפונג, באַלד נאָכדעם ווי עס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זיין דערציילונג

„דריי טויטן", שרייבט טאָלסטאָי אין אַ בריוו צו זיין קוזינע אַלעק־סאַנדראַ: „איך פאַרמאָג אין אַ הויכן גראַד דעם קריסטלעכן גלויבן, איך האָב אָבער אויך דאָס, און עס איז מיר זייער טייער, דאָס איז דאָס געפיל פון אמת און שיינקייט, און דאָס איז אַ פערזענלעך געפיל פון ליבע און רויקייט. ווי אַזוי די ביידע זענען פאַרייניקט, ווייס איך נישט און קאָן נישט דערקלערן, נאָר אַז די קאַץ און דער הונט וואוי־נען אין דעם זעלביקן מיט אַלטוואַרג פאַרוואָרפענעם צימער — — דאָס איז זיכער".

דערדאָזיקער בריוו אַליין ווייזט, אַז טאָלסטאָי איז געווען באַוואוסט אויף די צוויי אַנטקעגנגעזעצטע שטריכן אין זיין נשמה, אויף די צוויי שטראָמען אין זיין פסיכישן לעבן, וועלכע זענען געלאָפן אין צוויי להיפוכדיקע ריכטונגען. דערדאָזיקער בריוו ווייזט אויך, אַז טאָלסטאָי האָט באַטראַכט קריסטוסעס לערע, ווי אַ לערע, וואָס גייט להיפוך צום אמת, צו שיינקייט, צו ליבע און צו רויקייט — אַ באַטראַכטונג, אגב, וועלכע איז אין גרונט פאַלש. פון די אויבנגעבראַכטע שורות ווערן מיר אויך געוואויר, אַז עס איז געווען אַ צייט אין טאָלסטאָיס לעבן, וואָס אים איז, ווי ער אַליין גיט צו, געווען זייער טייער דער שטריך אין זיין נשמה פון ליבע צו אַלץ, וואָס איז רעאַל און שיין, און אַז ער האָט דעריבער אויף אַ גאַנץ באַוואוסטזיניקן אופן מקרב געווען דעם־דאָזיקן אים טייערן שטריך אויפן מזבח פון זיין שפעטערדיקער גע־דאַנקלעכער אויסטייטשונג פון קריסטוסעס לערע.

און צוליב דעם אַלעם איז עס מערעזשקאָווסקי, דער קריטיקער, אַרויסגעטרעטן מיט דער גאַנצער מאַכט און קראַפט זיינער אַנטקעגן נישט טאָלסטאָי דעם קינסטלער, וועלכן ער שאַצט הימל־הויך, נאָר אַנטקעגן טאָלסטאָי דעם דענקער, טאָלסטאָי, דער אויסטייטשער פון קריסטוסעס לערע, און אַנטקעגן טאָלסטאָיס לעצטע פאַלש קינסטלע־רישע ווערק — פאַלש דערפאַר, וואָס זיי האָט טאָלסטאָי געשאַפן, זיי האָט ער געדאַנקלעך געוואָלט צופאַסן צו די אידעען פון דעם „תּחית־המתים־דיקן" טאָלסטאָי.

מיר איז אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן וועמען עס איז, וואָס זאָל דענקען און גלייבן, אַז מערעזשקאָווסקי, מיט זיין צוטריט צו טאָלסטאָיס שאַפונגען, ווי דער קריטיקער און אינטעליגענטער אָנהענגער און קענער

פון קריסטוסעס לערע, זאָל האָבן געווען געזינדיקט חלילה קעגן דער קונסט, אָדער קאַליע געמאַכט דעם געשמאַק פון די קונסט־געניסער, ווי טאָלסטאָי האָט דאָס געוואָלט האָבן. עס קאָן דאַכט זיך מיר נישט געבן קיין איין קונסט־געניסער, וואָס זאָל, האָבנדיק געלייענט מערעזשקאָווסקין, נישט פילן, אַז מערעזשקאָווסקיס שטערן־קנייטשנדיקע קריטיק האָט געבראַכט אַ ברייטע און טיפע פאַרשטענדעניש און אַ דורך־און־דורכדרינגענדע באַלייכטונג וועגן אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען טאָלסטאָי, אַזוי גוט ווי וועגן אַלץ, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען קונסט און אויך קולטור. און דאָס, וואָס מיר זאָגן דאָ וועגן מערעזשקאָווסקין בנוגע צו טאָלסטאָיען, קאָן און זאָל, לויט מיין מיינונג נאָך, נישט געקוקט אויף אַלץ, וואָס טאָלסטאָי און אַנדערע מיט אים האָבן געדענקט און געשריבן וועגן קריטיקער — געזאָגט און געשריבן ווערן וועגן אַלע טיפע און פעיקע קונסט־אַנאַליטיקער און קריטיקער אָן אַן אונטערשיד אין וואָס פאַר אַ ליכט אָדער אין ליכט פון וואָסער אַ קולטור־אויסדרוק זיי נעמען דורך די קונסט.

עסטעטיק איז נישט די איינציקע זייט פון לעבן. קונסט ווי אַ שפיגל, שאַפערין און וועגווייזערין פון לעבן, דאַרף און זאָל אויך מער ווי פון בלויז דער עסטעטישער זייט באַטראַכט ווערן. דער קינסטלער איז פונקט אַזוי ווייניק מחויב צו זיין אַ קריטיקער און אויסטייטשער פון זיינע אָדער פון אַנדערנס ווערק, ווי דער קריטיקער איז מחויב אַליין צו קאָנען שאַפן קונסט־ווערק. ביידע איז נאָר, אַז אַלע, סיי די קינסטלער, סיי די קריטיקער, זאָלן זיין קינסטלער אין זייער פאַך, דאָס הייסט, אַז זיי זאָלן אַרויסברענגען אויף אַן אינטערעסאַנטן און פאַר־טיפנדיקן אופן זייערע געפילן און באַגריפן: דער קינסטלער — דורך זיין קונסט, דער קריטיקער — דורך זיין קריטיק וועגן קונסט. און דאָס טוט מערעזשקאָווסקי אין זיין גרויסער אַרבעט וועגן דעם פאַראַלעל צווישן טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין.

ב.

צווישן אַלע אַנדערע אויפטואונגען פון דאָסטאָיעווסקין ווייזט מערעזשקאָווסקי אויך אָן אויף זיין אויפטו פון אַנטקעגנשטעלן זיך טאָלסטאָיס פאַלשער און ליגנערישער אויסטייטשונג פון קריסטוסעס לערע — דער לערע, וועלכע איז מערעזשקאָווסקין אַזוי טייער, ווי זי איז געווען דאָסטאָיעווסקין.

„קיינער" — שרייבט מערעזשקאָווסקי — „האָט אין רוסלאַנד נישט אַזוי פריי און נישט אַזוי אמת פונאַנדערגענומען דעם מהות פון טאָלסטאָיס רעליגיע; קיינער האָט נישט אַזוי קלאָר פאָרויסגעזען די דראָענדיקע געפאַר פאַר דעם רוסישן גייסט; קיינער האָט נישט אַזוי האַסטיק און שטייף, שוין אַ ביסל צו שטייף, אַ דריי געטון אין להיפכדיקער צו טאָלסטאָיען זייט — קיינער נישט אַזויווי דאָסטאָיעווסקי. און אויב עס איז בכלל פאַראַן ביי אונז אַ קעגנגיפט צו דעם נישט-קריסטלעכן און רוסישן טאָלסטאָיאישן רעליגיעזן ליגן, איז ער אייגנטלעך אין אים — אין דאָסטאָיעווסקין".

און רעדנדיק ווייטער וועגן דער כאַראַקטעריסטיק פון זייערע ביידנס רעליגיעזן באַוואוסטזיין, קומט מערעזשקאָווסקי צום שלוס, אַז „דאָרט, וואו אין דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון דאָסטאָיעווסקין שפּירן זיך די ריחות פון דער ריינסטער יעוואַנגעלישער וועלט, איז ביי טאָלסטאָיען — אַ געשטאַנק פון דעם סאַזשע-שוואַרצן טליענדיקן געשלעכט; דאָרט, וואו דאָסטאָיעווסקי זעט דאָס הייליקסטע, זעט טאָלסטאָי דאָס הזירישע; דאָרט, וואו דער ערשטער, בייקומענדיק ענדלעך אַלע נסיונות, טוט תפילה, האַלט דער צווייטער נאָר ביי דעם געבראַכט ווערן צו אַ נסיון, און אַזוי איז עס שטענדיק און אומעטום".

מער פון אַלץ האָט אַרויסגעבראַכט מערעזשקאָווסקין פון די כּלים טאָלסטאָיס בליק אויף דער ליבע, וועלכע טרייבט אָן, דירעקטירט און געוועלטיקט איבער דעם קאָסמישן לעבנסדראַנג — אָט דעם בליק, וועלכער איז געקומען ביי טאָלסטאָיען צו זיין שאַרפסטן אויס-

דרוק אין זיין „קרייצער סאָנאַטע". אין דעמדאָזיקן ווערק לאָזט טאָלסטאָי זיין קינסטלעריש-פאַלשן העלד פּאָזדנישעוון זאָגן: „די עקלהאַפטיקייט באַשטייט דער עיקר דערין, וואָס אין דער טעאָריע נעמט מען אָן, אַז ליבע איז אידעאַל און דערהויבן, אין דער פּראַקטיק אָבער איז ליבע עקלהאַפט און חזיריש. וואָס וועגן דעם צו רעדן און דאָס צו דערמאַנען איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע". און אין זיין אייגענעם נאָמען זאָגט טאָלסטאָי אין דער הוספה צו „קרייצער סאָנאַטע": מאַן און פרוי זאָלן אַזוי דערצויגן ווערן אין דער היים און דורך דער עפנטלעכער מיינונג פאַר און נאָך דער התונה, אַז זיי זאָלן נישט ווי איצט באַטראַכטן דאָס פאַרליבט זיין און די געשלעכטלעכע געמיט-צושטאַנדן, וואָס גייען מיט דער ליבע, ווי אַ פּאָעטישן און דערהויבענעם צושטאַנד, נאָר ווי אַ חיהשן צושטאַנד, וועלכער דעגראַדירט דעם מענטש".

דעמדאָזיקן בליק טאָלסטאָיס, וועלכן ער האָט געפּרוווט אַריינוועבן אויך אין זיין קונסט, דערקלערט מערעזשקאָווסקי אַלס פאַלש ביז אַלע זיינע אָפּגרונטן. און נישט נאָר פאַלש, נאָר אויך — דערנידערנדיק און דעגראַדירנדיק אַלץ, וואָס איז מענטשלעך אינעם מענטש. צו אַזאַ דערנידערונג און פאַרשוועכונג, דענקט מערעזשקאָווסקי, איז נאָך קיינמאָל אין דער וועלט נישט געבראַכט געוואָרן דאָס קערפּערלעכע, וואָס אָן אים קאָן דאָס מענטשלעכע לעבן דאָ אויף דער ערד נישט געדאַכט ווערן, און ווער ווייסט אויב ערגעץ וואו אַנדערש!

מערעזשקאָווסקי דער קריסט טענהט, אַז „דאָס קערפּערלעכע קאָן און וועט זיין הייליק, און אַז דאָס אומקערפּערלעכע מיינט נישט דאָס נשמהדיקע. דאָס קערפּערלעכע ווידער הייסט בשום אופן נישט דאָס אומנשמהדיקע". און אויב טאָלסטאָיס בליק זאָל באמת זיין קריסטוסעס בליק, וואָלט ער, מערעזשקאָווסקי, ליבערשט אָנגענומען היידנטום.

„קיין שום וואונדער נישט" — זאָגט ער — „וואָס די אַלע — פון ראַפאַעלן ביז געטהען, וועלכע האָבן נישט נאָר אין ווערטער, נאָר אין טאַט געזוכט דאָס הייליק-קערפּערלעכע, האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון קריסטנטום צו היידנטום". דאָס, דענקט ער, איז אַלץ געקומען פון די פאַלשע אויסטייטשונגען פון קריסטוסעס לערע, וועל-

כע זענען אָבער נאָך קיינמאָל אַזוי פֿאַלש נישט געווען, ווי פֿאַלש עס זענען טאָלסטאָיס אויסטייטשונגען, און קיינמאָל נישט געווען אַזוי אמת, ווי אמת עס זענען דאָסטאָיעווסקיס אויסטייטשונגען. בעת דאָסטאָיעווסקי האָט געזוכט די דערהויבונג, די דערלייטערונג און די פֿאַרגייסטיקונג פֿונם קערפּערלעכן און געשלעכטלעכן, האָט טאָלסטאָי געזוכט „די פֿאַרניינונג, אָפּטויטונג און גרינטלעכע צעפּרעסונג פֿון געשלעכט. אַזוי לאַנג אָבער ווי עס לעבן די מענטשלעכע נשמה און דער מענטשלעכער קערפּער קאָן מען געשלעכט נישט טויטן ביז צום סוף״.

און נישט נאָר וועגן ליבע און געשלעכט, אָדער אפילו וועגן קערפּער און גייסט האַנדלט עס זיך, ווען מען רעדט וועגן טאָלסטאָיס בליקן אָדער אָנשויונגען, נאָר — וועגן אַלץ און אַלעם, וואָס רינגלט אַרום און דרינגט דורך דעם מענטש.

אויף וויפֿיל ליבע איז די אַקס, וואָס אַרום איר דרייט זיך נישט קיין קלענערע זאַך, ווי די אַנטשטייונג און די אַנטוויקלונג פֿון דעם מין מענטש, און אויף וויפֿיל די מענטשלעכע פֿאַנטאַזיע קאָן זיך נישט מאָלן דעם אָנקום אפילו פֿון דעם איבערמענטש אַנדערש ווי דורך דעם מיט ליבע דורכגענומענעם געשלעכט-און לעבנסדראַנג, אויף אַזוי פֿיל מוז אַ בליק אויף ליבע ווי אויף עפּעס, וואָס איז שווינעריש און עקלהאַפֿט — זיין בלויז איין רינגעלע אין דער גרויסער קייט פֿון פֿאַלשע און אָפּשטויסנדיקע בליקן. אַזאַ בליק אויף ליבע און אויף באַציִונג צווישן צוויי אַנטקעגנגעזעצטע און דערפֿאַר זיך איינע די אַנדערע דערגאַנצנדיקע באַשעפֿענישן אין דער מענטשלעכער געשטאַלט, מוז זיין אַ פֿאָלגע אַזוי גוט ווי איין אורזאַך פֿון אַ סך בליקן אויף דער שייכות צווישן מענטש און מענטש און צווישן מענטש און גאָט. און איז דער ערשטער בליק פֿאַלש און מיאוס, קאָנען שוין די אַנדערע נישט זיין אמת און שיין.

די גאַנצע שטעלונג פֿון טאָלסטאָיען צו שיינקייט, צו עסטעטיק, צו קונסט איז, לויט מיין מיינונג נאָך, אַ פּועל יוצא פֿון אַ גרונטפֿאַלשן בליק אויף דער שייכות צווישן דעם גוטן און שיינעם. דערדאָזיקער בליק וויל אויסשליסן, אונטערוואַרפֿן אָדער אינגאַנצן מקריב זיין דאָס שיינע אויפֿן מזבח פֿונם גוטן. דערדאָזיקער בליק איז פּונקט

אַזוי פּאַלש און שעדלעך, ווי שעדלעך און פּאַלש עס איז דער היפּכדיקער בליק, וועלכער וויל אין נאָמען פון דעם שיינעם באַזייטיקן אָדער אונטערדריקן אָדער גאָר זיך אָפּזאָגן פונם גוטן.

„קרייצער סאָנאַטע“ און אַלע אַנדערע אידעען און אָנשוויונגען, וועלכע גייען אָרגאַניש געשלאָסן מיט די אידעען און אָנשוויונגען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט פון טאָלסטאָיען, זענען אַ פּראָדוקט פון דער פאַלשער אידעע, אַז דאָס שיינע גייט זיך להלוטין אין ערגעץ נישט צונויף מיטן גוטן. דאָס גוטע איז הויך, און דאָס שיינע איז נידעריק אָדער סתּם גאָרנישט, און דעריבער איז נישט שייך צו רעדן וועגן איין צונויפטרעף-פונקט פאַר זיי ביידע. דער אמת אָבער, ווי איך זע אים פון מיין קוק-ווינקל אויף גאָט און זיין באַשאַף — איז, אַז דאָס שיינע איז נישט מער אויסדערוויילט, נישט מער וויכטיק און נישט העכער פאַרן גוטן. זיי ביידע זענען צוויי פאַרשידנאַרטיקע אויס-דרוקן פונם אוניווערסאַלן גייסט. פאַרשידנאַרטיקע אויסדרוקן קאָנען אָבער זיין אין דער זעלביקער צייט — אויסדרוקן פון איינער און דער זעלביקער הויך, און דאָס, וואָס די אויסדרוקן שיין און גוט זענען: איינער נישט העכער און נישט וויכטיקער פאַרן אַנדערן. און אויף דעם אָנצודייטן האָט דער קריטיקער פונקט אַזאַ רעכט ווי דער קינסטלער צו זאָגן, אַז טאָלסטאָיס צושרייבן דעם אתּה בחרתּנו צו דעם גוטן, איז נישט ווייניקער פאַלש, ווי דאָס צושרייבן פון אַנדערע קינסטלער די אויסדערוויילטקייט צו דעם שיינעם.

אָט וואָס טאָלסטאָי זאָגט אונז וועגן דעם גוטן אין קעגנזאַץ צום שיינעם. און קיין בעסערן און שטאַרקערן רעפּרעזענטאַנט ווי טאָלסטאָי פון דער אידעע פון דער העכערקייט פון גוט האָט נאָך דערוויל דער וועלט-גייסט נישט אַרויסגעבראַכט.

אין זיין ווערק „וואָס איז קונסט“ שטעלט טאָלסטאָי אַוועק די פאָלגנדיקע טעזיסן וועגן גוטן:

„דאָס גוטע איז דער אייביק הויכער ציל פון אונזער לעבן. ווי מען זאָל נישט פאַרשטיין דאָס גוטע, איז אונזער לעבן קיין אַנדערע זאַך נישט, ווי דאָס שטרעבן צום גוטן, דאָס הייסט צו גאָט“.

„דאָס גוטע איז באמת אַ פונדאַמענטאַלע דערקענטעניש, וועלכע

שטעלט צונויף מעטאַפיזיש די עסענץ פון אונזער געוויסן — אַ דער־קענטעניש, וועלכע דערקלערט זיך נישט דורך דער פאַרנונפט".

„דאָס גוטע איז דאָס, וואָס קאָן פון קיינעם נישט דערקלערט ווערן, און וואָס אַליין דערקלערט עס אַלעס איבעריקעס".

און וועגן שיינעם אין קעגנזאַץ צום גוטן זאָגט אונז טאָלסטאָי פאָלגנדיקס:

„דאָס שיינע, אויב מיר שטעלן זיך נאָר נישט צופּידן מיט ווערטער, נאָר רעדן טאַקע וועגן דעם, וואָס מיר פאַרשטייען — דאָס שיינע איז קיין אַנדערע זאַך נישט, ווי נאָר דאָס, וואָס געפעלט אונז".

„די דערקענטעניש פון שיינקייט פאַלט נישט נאָר נישט צונויף מיטן גוטן, נאָר איז גיכער דער היפך פון דעם, מחמת דאָס גוטע פאַלט על פּי רוב צונויף מיטן זיג איבער די ליידנשאַפטן, שיינקייט ווידער איז דער יסוד פון אַלע אונזערע ליידנשאַפטן".

קעגן דידאַקטישע טעזיסן, וועלכע אַקצענטירן דאָס גוטע, שטעל איך אַוועק טעזיסן, וואָס באַצוועקן אַרויסצוברענגען די גלייכ־ווערטיקייט, די גלייכהויכקייט און גלייכוויכטיקייט נישט נאָר פון דעם שיינעם און גוטן, נאָר פון אַלע קולטור־און גייסט־אויסדרוקן.

איך שטעל זיך איין פאַר דעם געדאַנק, אַז וואָס איז שיין קאָן פונקט אַזוי ווייניק דעפינירט ווערן, ווי וואָס איז גוט. אַלץ, וואָס איז שיין, געפעלט, אָבער נישט אַלץ, וואָס געפעלט, איז שיין. וואָס שיינ־קייט איז ווייסט קיינער נישט, און קיינער קאָן דאָס נישט דעפינירן, אָבער דאָס, וואָס איז באמת שיין, וועט יעדן איינציקן געפעלן, אויב ער האָט נאָר אַ חוש אָדער עמאָציע פאַר שיינקייט.

דאָס מענטשלעכע לעבן אין זיין העכסטער געשטאַלט קאָן פונקט אַזוי ווייניק געמאָלט זיין אָן אַ שטרעבן צום שיינעם ווי אָן אַ שטרעבן צום גוטן. די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קאָן פונקט אַזוי ווייניק זיך מאָלן אַ גאָט, וואָס איז גוט און נישט שיין, ווי אַ גאָט, וואָס איז שיין און נישט גוט. און אויב דאָס שיינע איז נישט, ווי דאָס גוטע, די עסענץ פון אונזער געוויסן, איז אָבער דערפאַר דאָס שיינע די עסענץ פון קולטורקייט — די עסענץ פון אַ קולטורן מענטש,

ד. ה. פון איינעם, וואָס שטרעבט צו זיין און צו ווערן אַ העכע־רער מענטש אָדער אַן איבערמענטש. און איינער מיט דעם טיפסטן און ריינסטן געוויסן אין דער וועלט, אויב ער זאָל פאַר־לירן זיין חוש פאַר פיזישער און עסטעטישער ריינקייט און שיינקייט, וועט נישט זיין קיין קולטורער מענטש און וועט קיין שום געלעגנהייט נישט האָבן עפּעס אויפצוטון מיט זיין ריינעם געוויסן, וואָרים מענטשן מיט דעם טיפסטן טאָלסטאָיזם אין זיך וועלן אָפּגעשטויסן ווערן אין אים.

אוודאי פאַלט נישט צונויף די דערקענטעניש פון שיינקייט מיט דער דערקענטעניש פון גוטסקייט. דאָס איז אָבער דער פאַל נישט נאָר מיטן שיינעם און גוטן, נאָר מיט אַלע אַטריבוטן אָדער אויסדרוקן פונם אוניווערסאַלן גייסט. איין אויסדרוק פאַלט קיינמאָל נישט צונויף מיטן אַנדערן. אַזוי איז די טבע פון דער פאַרשידנאַרטיקער, פילגע־שטאַלטיקער און אוניווערסאַלער גאַנצקייט. יעדער אויסדרוק אָבער פון דערדאָזיקער אַלוועלטלעכער גאַנצקייט, ווען ער ווערט אַריבערגע־טראָגן פון דער פאַנטאַזיע אין דער ווירקלעכקייט, ווען ער גייט אַריבער מכּוח אל הפּועל — ווערט ער באַדינגט פון אַלע אַנדערע אויסדרוקן. ער קאָן אָן זיי — אָן די איבעריקע, שוין פאַראַנענע אויסדרוקן — נישט געמאָלט ווערן. איין אויסדרוק איז ביז צו אַ גע־וויסן גראַד כּולל אַלע איבעריקע אויסדרוקן.

לענג פאַלט נישט צונויף מיט ברייט אָדער טיף, אין דער ווירק־לעכקייט אָבער איז אין דער ליניע, וואָס באַצייכנט די לענג, שוין אויך פאַראַן אַ געוויסע ברייט און אַ געוויסע טיף. יושר און חכמה פאַלן נישט צונויף איינער מיט דעם אַנדערן און דאָך איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַן אמתן טיפּוש, וואָס זאָל זיין יושרדיק, און דעם יושרדיקן פון העכסטן גראַד מענטש ווערן מיר געצוואונגען אין אונזער כּוח הדמיון צוצושרייבן אַ געוויסע מאָס חכמה. און שיינקייט איז נישט דער היפּך פון דעם גוטן, נאָר פאַרקערט: אַ שלעכטס, וואָס זאָל זיין שיין, לאָזט זיך נישט באַגרייפן, און די געוויסע שיינקייט, וואָס אונזער פאַנטאַזיע שרייבט צו יעדער איינציקער גוטסקייט, וועט זיך דורכברעכן דורך דער גרעסטער מיאוסקייט, און וועט בשום אופן

נישט דערלאָזן די אַליינהערשאַפט פונם מיאוסן. אַזוי, אַז מיאוסקייט פּאָרט זיך נישט מיט גוטסקייט און שיינקייט נישט מיט — שלעכטקייט.

איך לייקן אויך, אַז שיינקייט איז דער יסוד פון אונזערע ליידנשאַפטן. מיין טענה איז: דער יסוד פון אונזערע ליידנשאַפטן איז דאָס לעבן, דאָס הייסט, דער בלינדער ווילן זיך צו דערהאַלטן און פּאָרטצוזעצן. און דערדאָזיקער באַגער צו זעלבסטדערהאַלטונג און פּאָרטזעצונג באַגלייט דעם זעלבסט און דעם איך אויף אַלע שטאַפּלען פון זיין אַנטוויקלונג. ער איז אידענטיש מיט דעם לעבנס־פּראָצעס גופא. דער העכסטער פון אַלע העכסטע זעלבסטן אין דער וועלט, כל זמן מיר מאָלן זיך אים אין דעם געשטאַלט מענטש, קאָן און דאַרף פונקט אַזוי ווייניק זיך באַפרייען פון דעמדאָזיקן דראַנג, באַגער אָדער ווילן צו זיין און צו ווערן און זיך צו מערן ווי דער נידעריקסטער פון אַלע נידעריקסטע זעלבסטן, אָדער אַפילו ווי דער, וואָס איז נאָך נישט געקומען צו דער מדרגה פון אַ זעלבסט. דער באַגער איז געווען ביי דעם באַשאַף פון דער וועלט און וועט בלייבן אַזוי לאַנג ווי וועלט בלייבט. און ווי מיט דעם באַגער אָדער ווילן זיך צו דערהאַלטן און פּאָרטצוזעצן אַזוי אויך מיט די מהותן און המצאותן פון דעם באַגער און ווילן — מיט די ליידנשאַפטן: אָן זיי רירט זיך נישט פון אָרט קיין שום זאַך, דורך וועלכער עס שלאָגט זיך דורך דאָס לעבן.

אין יעדן איינעם וואָס לעבט, מעג ער זיין דער העכסט גייסטיק אַנטוויקלטער וועזן, מוז איטלעכע ווירקזאַמע האַנדלונג, ווירקלעך טיפע און ערנסטע נייגונג זיין באַגלייט און דורכגענומען מיט ליידנשאַפט. אָן ליידנשאַפט קומט קיין שום זאַך נישט צום שטאַנד און קיין שום זאַך ווערט נישט באַשאַפן אין דער וועלט, אויף וויפיל זי האָט זיך ביז איצט אַנטפּלעקט צום מענטש. עס איז אַ ליידנשאַפטלעכע ליבע צו גערעכטיקייט אָדער צו העלדישקייט, וועלכע מאַכט מעגלעך פאַר איינעם צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער און זיך מוסר נפש צו זיין פאַר דעם אידעאַל פון אַ נייער אָרדנונג. און אָן דער ליידנשאַפטלעכער ליבע צו עפּעס וואָלט קיינער נישט גענומען אויף זיך די אַלע שוועריקייטן און מאַטערנישן, וואָס מיט זיי איז געפּלאַסטערט דער וועג פון וויסנשאַפטלער, פילאָזאָף, קינסטלער אָדער וועלכער עס איז

אַנדערער קולטור-שאַפער אָדער אַפילו קולטור-טרעגער. און אמת רעלי-גיעז איז נאָר דער, וואָס ליבט גאָט לײדנשאַפטלעך און נישט מיט שפּינאָזאַס „אַמאָר דעאי אינטעלעקטואַליס" — אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט.

אויב דער מיט גאָט פאַרשיכּורטער שפּינאָזאַ — ווי שלײערמאַ-כער האָט אים גערופן — האָט געקענט פאַר אַ גאָר לאַנגער צײט גײן אין דעם געדאַנק פון גאָר אַ סך מענטשן אויך אונטער דעם נאָמען אַטעאיסט, איז עס, ווי איך גלײב, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געמאָלן זײן גאָט ווי אַ רײנע אינטעלעקטועלע אַבסטראַקציע, וועלכע ער האָט בלויז אינטעלעקטועל ליב געהאַט און נישט ווי אין פּסוק שטײט: ואהבתה — און זאָלסט ליב האָבן את יהוה אלוהיך — דײן גאָט בכל לבּרך — מיט דײן גאַנץ האַרץ, ובכל נפשך — און מיט דײן גאַנצער זעעל, ובכל מאדך — מיט דײן גאַנצן כּח.

אַ גאָט, וואָס איז, ווי שפּינאָזאַ מאָלט אים, פרײ פון אַלע לײדנ-שאַפטן, און ווערט נישט באַוועגט פון קײן שום עמאָציעס פון לוסט און אומלוסט, אַ גאָט, וואָס ליבט און האַסט קײנעם נישט, און וואָס זיך אַלײן ליבט ער מיט אײן אומענדלעכער בלויז אינטעלעקטועלער ליבע — אַזאַ נישט לעבעדיקער בלוט-און זאַפטלאָזער גאָט, אַפילו אויב ער זאָל עקזיסטירן, קאָן ער באמת נישט געבן קײן שום זאַך, ער קאָן נישט ברענגען קײן שום דערקוויקונג, דערמונטערונג און באַגײסטערונג פאַר דער מענטשלעכער נשמה. אַזאַ גאָט ליב צו האָבן אינטעלעקטועל קאָן פונקט אַזוי ווײניק אײנהאַלט געבן דער מענטש-לעכער נשמה, פונקט אַזוי ווײניק דינען איר ווי אַ שטיץ-פונקט פאַר דעס אויפהויב און דורכטראָג פון דעם צער און פײן פון דער וועלט און אירע אײגענע יסורים און לײדן — ווי אים גאָר נישט ליב צו האָבן. אַזאַ גאָט צו דערקענען איז דאָס זעלביקע, פאַר דעם לעבן און אַנטוויקלונג פון דעם מענטש, ווי לחלוטין נישט צו וויסן פון קײן גאָט.

די זעלבסטדערהאַלטונג פונם מענטש, פאַרשטײענדיק דערבײ דעם זעלבסט אין אַלע זײנע ברײטקײטן, הויכקײטן און טיפקײטן — אָט דידאָזיקע זעלבסטדערהאַלטונג, וועלכע שפּינאָזאַ האָט, ווי איך דענק מיט רעכט, באַטראַכט פאַר דער אָריגינעלסטער און עיקרדיקס-

טער אייגנשאַפט פון מענטשן מוז און איז אין יעדער פּאַזע פון איר אַנטוויקלונג דורכגעזאַפּט מיט ליידנשאַפט. עס איז פּונקט אַזוי ווייניק מעגלעך זיך פאָרצושטעלן אינטעלעקטועלע ליבע צו ווען עס איז, ווי ווייניק מעגלעך עס איז זיך פאָרצושטעלן לעבנלאָזע ליבע. ווער עס ליבט און האַסט, דער לעבט און גיט זיך איבער ליידנשאַפטלעך צו אַלץ, וואָס איז אים טייער און האָט אַ ווערט פאַר אים. און דאָס זעלביקע פאַרקערט: ווער עס לעבט נאָר, דער מוז ליבן און האַסן, דער מוז זיין באַוועגט פון אַזעלכע אָדער אַנדערע עמאָציעס, דער מוז זיך און אַנדערע אומענדלעך ליב האָבן אויף אַלערליי אופנים, מיט אַלערליי גייסטיקע אויסדרוקן און נישט נאָר אינטעלעקטועל — במילא קאָן ער שוין נישט זיין פריי פון ליידנשאַפטן. און איז גאָט נאָר אַ לעבעדיקער — און ווער קאָן זיך עס פאָרשטעלן אַ גייסטיקע עקזיסטענץ נישט קיין לעבעדיקע? — איז אויך ער, גאָט אַליין הייסט דאָס, נישט פריי פון ליידנשאַפט.

און אויב דאָס לעבן אַלס גאַנצעס איז דער קוואַל, וואָס פון אים פליסט די ליידנשאַפט, אויב די ליידנשאַפט איז אייגנטלעך דער לעבנסזאַפט גופא, קאָן שוין דעמאָלט נישט אַרויסגעכאַפּט ווערן איין אויסדרוק פון לעבן, זאָל עס זיין שיינקייט אָדער וועלכער עס איז אַנדערער אויסדרוק, און אָוועקגעשטעלט ווערן ווי ביי טאָלסטאָיען פאַרן מקור אָדער יסוד פון ליידנשאַפט. אויף וויפיל ליידנשאַפט איז אידענטיש מיט לעבן, אַדער אויף אַזויפיל אַפילו אויף וויפיל לעבן קאָן נישט געדאַכט ווערן אָן ליידנשאַפט, אויף אַזוי פיל איז ליידנשאַפט דער יסוד פון שיינקייט, און נישט שיינקייט דער יסוד פון ליידנשאַפט, ווי טאָלסטאָי וויל דאָס האָבן.

דאָ שטעלט זיך אָבער באַלד די פראַגע: טאָ פאַרוואָס גראַד נאָר פון שיינקייט? און אויפן שטעל קומט דער ענטפער: ניין, נישט טאַקע נאָר פון שיינקייט. ליידנשאַפט פאָרט זיך מיט גוטסקייט אַזוי גוט ווי מיט שיינקייט. דאָס גוטע, אין זיין טיפסטן און העכסטן אויסדרוק, שלאָגט זיך דורך נאָר דורך דעם, ווער עס קאָן ווי קריסטוס זיין ליידנשאַפטלעך גוט — גוט מיט אַלע רמ״ח אברים און שס״ה גידין, און נישט דורך דעם ווער עס קאָן זיין נאָר אינטעלעקטועל גוט, גוט געדאַנקלעך, ווי דאָס איז געווען למשל טאָלסטאָי.

פון דער אַנדערער זייט ווידער קאָנען ביידע, אי שיינקייט אי

גוטסקייט. לעבן פּאַראַלעל צו לײַדנשאַפֿט און אינגאַנצן נישט איינגעשלאָסן ווערן אין דער קייט פֿון אורזאַך און פֿאָלגע. אָט פֿאָדערט למשל די לײַדנשאַפֿט גאַנץ אָפֿט באַזיך פֿון דעם אָביעקט אין אַזאַ אָדער אַנדערער פֿאָרם, בעת שיינקייט און גוטסקייט קאָנען זיך זײַן אומאָפּהענגיק פֿון באַזיץ. די שיינקייט פֿון די פֿרוכטן, בעת זיי הענגען נאָך אויף די ביימער, די שיינקייט פֿון די רויזן, ווען זיי בליִען זיך פֿונאַנדער אויף די שטעכיקע צווייגעלעך, אָדער די שיינקייט פֿון דער זון בעת זי גייט אויף אָדער פֿאַרגייט פֿאַר דעם אויג פֿון דעם מענטש, ווען ער געפֿינט זיך אויף גרויסע וואַסערן — אויך אַזעלכע און אַנדערע שיינקייטן, וואָס מיט זיי איז פֿול גאָטס גרויסע וועלט, האָבן אין זיך פּונקט אַזוי ווייניק אַנדייט אויף באַזיץ, ווי דאָס גוטע, וואָס טאָלסטאָי וויל אָפּשטעלן איבער דער שיינקייט.

און ווען עס זאָל אַפֿילו אמת זײַן וואָס טאָלסטאָי זאָגט וועגן גוטן, און דאָס איז, אַז על פּי רוב פֿאַלט דאָס צונויף מיטן זיג איבער די לײַדנשאַפֿטן, איז אויך דאָס וועט נישט זײַן דער אונטערשיידונגס-שטריך צווישן גוטן און שיינעם, ווײַל איך נעם זיך אונטער צו זאָגן דאָס זעלביקע וועגן שיינקייט. איידער איך גיי אַריבער צו דער שיינקייט און איר יאָ-אָדער-נישט זיג איבער די לײַדנשאַפֿטן, וויל איך אויסדריקן מײַן אַבסאָלוטע נישט איינשטימיקייט מיט טאָלסטאָיס באַצייכענען דאָס גוטע ווי אַ סתם זיג איבער די לײַדנשאַפֿטן. עס דאַרף, לויט מײַן מיינונג נאָך, זייער שטאַרק באַטאָנט ווערן, אַז גוט איז נאָר דער זיג איבער געוויסע לײַדנשאַפֿטן, אין געוויסע צײַטן, אונטער געוויסע אומשטענדן, צוליב געוויסע העכערע צילן און צוועקן. גוט איז אַלעמאָל דער זיג פֿון די העכערע לײַדנשאַפֿטן איבער די נידעריקערע לײַדנשאַפֿטן. דער זיג אָבער בכלל איבער לײַדנשאַפֿטן איז נישט גוט. דער זיג למשל איבער די לײַדנשאַפֿטן לשם דעם זיג אַליין, ווי דער אַסקעטיזם וויל דאָס האָבן ווײַל ער גייט אַרויס פֿון דעם בליק, אַז אַלע לײַדנשאַפֿטן ווי אַזעלכע זענען שלעכט — אָט אַזאַ זיג איבער לײַדנשאַפֿט איז שלעכט און העסלעך.

און די שיינקייט ? זי אפֿשר דאַרף גאָר אינגאַנצן נישט באַזיגן די לײַדנשאַפֿטן. אַלץ וואָס זי דאַרף טון, איז אָפּשטעלן זיי אונטער אירע פֿליגל, און — אַלץ, וואָס איז שלעכט און מיאוס אין דעם באַ-

גריף ליידנשאַפט, ווערט אַנטרונען. די גלוסטונג ווערט פול מיט גליקזע־ליקייט, פול מיט דערהויבנקייט. אַזוי, אַז אָדער זי קען מער נישט אָנגערופן ווערן ליידנשאַפט, אָדער אויב דאָס איז נאָך אַלץ, ווי איך גלייב, ליידנשאַפט, דאַרף זי נישט באַזיגט ווערן, נאָר באַזונגען ווערן. און דאָס איז וואָס די קונסט בכלל און די פּאָעזיע בפרט טוט, און דערין ליגט איר גרויסקייט, און דאָס דערקלערט איר געוואַלדיקן איינפלוס אויף דער נשמה פון מענטש.

VI.

## די פילאָזאָפישע און קינסטלערישע סובלימירונג פון ליידנשאַפט, ליבע און שיינקייט.

### א.

די פּאָעזיע, ווי די קונסט בכלל, הייבט אָן מיט דער ליידנשאַפט אין דער איינצלנער נשמה — מיט דער ליידנשאַפט, וואָס אין אזא אָדער אין אַן אַנדערן אויסדרוק, איז מיט איר דורכגענומען און באַהערשט די נשמה נישט נאָר פון יעדן איינציקן מענטש, נאָר אויך פון יעדן איינעם לעבעדיקן באַשעפעניש. די קונסט שטעלט זיך אָבער דאָרט נישט אָפּ. זי דערהייבט דיזאָזיקע ליידנשאַפט צו אַן איין-און-איינציקן און אומענדלעכן קאָסמישן פייער, וואָס פון אים איז די ליידנשאַפט אין דער ברוסט פון יעדן איינציקן באַזונדער אַ פונק בלויז. די קונסט כאַפּט אונז אַריין אין דעם פאַרכּישופטן קרייז פון די פונקען צום פייער און צוריק פון דעם פייער צו די פונקען און האַלט אונז דאָרט פאַרכּישופט און געפעסטעט פון דער גרויסער אומענדלעכקייט פון דער מיסטעריע און פון דער טיפער מיסטעריע פון דער אומענדלעכקייט.

ווען זשאַן קריסטאָף אין די עלטערע יאָרן טרעפט אָן די פרוי בראַון, וואָס צווישן אים און איר האָט פאַר אַ געוויסער צייט לאַנג צוריק געברענט אַ שטאַרק פייער פון ליידנשאַפט, און וועלכע איז איצט שוין אַזוי אַלט און אָפּגעלעבט, אַז ער דערקענט זי קוים — רופט ער אויס:

„אָ, רבונו של עולם, איז דאָס דער גוף, וואו עס האָט אַמאָל געוואוינט די פרוי, וואָס איך האָב ליב געהאַט? וואו איז זי, וואו איז

זי אַהינגעקומען? און וואו בין איך אַליין? וואו איז דער, וואָס האָט זי ליב געהאַט? וואָס בלייבט פון אונז און פון דער אכזריותדיקער ליבע, וואָס האָט אונז אויפגעפרעסן? — אַש. וואו איז אָבער דאָס פייער?

און זיין גאָט האָט אים געענטפערט:

— אין מיר".

די ליידנשאַפט ווערט אין דער קונסט, און דערהויבט אין דער פּאָעזיע, אויפגעלייזט אין אַ געטלעך פייער. דאָס ענדלעכע ווערט אויף אַזאַ אופן אריינגעפלאָסן און צונויפגעגאָסן מיט דער אומענדלעכקייט.

„דער פּאָעט" -- זאָגט אונז פרידריך העבעל — „איז שטענדיק אין שייכות צו דעם אומענדלעכן, און אין יעדן ווערק זיינעם מאַכט דער זשעניע אַנאַגראַם פון באַשאַף. — — — וואָס אונז ווילט זיך זעען, איז דעם פּונקט, פון וועלכן לעבן הייבט זיך אָן, און דעם פּונקט, ביי וועלכן עס פאַרלירט זיך, ווי אַן איינצלנע וואַל אינם גרויסן ים פון אומענדלעכן באַשאַף".

און טראַכט מען שוין נאָר וועגן אָנהייבס־פּונקט פון לעבן, קאָן מען די ליידנשאַפט בשום אופן נישט אַוועקטראַכטן. און רעדט מען וועגן טראַכטן, מוז שוין אינאיינעם מיט דעם פּאָעט דערמאָנט ווערן אויך דער פילאָזאָף, ווי איינער, וואָס האָט אויך אַן אינטימע באַציאונג מיט דער אומענדלעכקייט, וואָס אין איר ווערן די ליידנשאַפטן דערהויבן און געלייטערט.

„דער צוועק פון שפּראַך" — זאָגט אויף אַן אַנדער אָרט דער זעלבער פּאָעט העבעל — „איז צו אַנטפּלעקן דעם גייסט. אין איר דערשיינט דער גייסט אין צוויי פאָרמען: אין דער פאָרם פון דענקען און אין דער פאָרם פון דיכטן. דידאַזיקעביידע פאָרמען הייבן זיך אָן מיט אַ זינלעכער פאָרשטעלונג. די ערשטע, די פאָרם פון דענקען, צעשטערט די ספּעציפישקייט פון דער זינלעכער פאָרשטעלונג און דערהייבט זיך צו אַ באַגריף. די אַנדערע, די פאָרם פון דיכטן, האַלט איין די ספּעציפישקייט פון זינלעכן בילד, און דערהייבט זיך צו אַ סימבאָל".

אין ביידע פאַלן אָבער, סיי אין דעם פאַל פון פילאָזאָפישן באַגריף, סיי אין דעם פאַל פון פּאָעטישן סימבאָל, איז פאַראַן אַ דערהויבונג און נישט קיין פאַרניכטונג פון דער ליידנשאַפט. אינם ערשטן, ווי אין דעם אַנדערן, ווערט די ליידנשאַפט געלייטערט און געהייליקט דורך

דעם, וואָס זי ווערט אויף אַ באַגריפֿישן און סימבאָלישן אופֿן אוניווערסאַליזירט. און אויב דיכטונג, אָדער קונסט בכלל, באַרייכערט און פֿאַרטיפֿט אונזער נשמה מער איידער דאָס ריינע דענקען, אָדער די פֿילאָזאָפֿיע, איז עס דערפֿאַר, וואָס די קונסט, אַ דאַנק דעם, וואָס זי האַלט איין די כאַראַקטעריסטישקייט און די קאָנקרעטהייט אינעם סימבאָל — איז מער בכּוח אַרויסצורופֿן אין אונז די איבערלעבונגען פֿון די ליידנשאַפֿטן. און מעגן די איבערלעבונגען זיין ווי שטאַרק און די ליידנשאַפֿטן אַזוי שרעקלעך אַפֿילו ווי די ליידנשאַפֿטן פֿון די „קאַראַמאַזאָווס", לייטערן זיי אונז מיט זייער דערהויבן זיך אין דעם איבערשאַף פֿון דענקער און קינסטלער פֿון ערדישקייט צו הימלישקייט, פֿון צייטווייליקייט צו אייביקייט און פֿון אַ באַזונדערקייט צו קאָסמישקייט און אוניווערסאַלקייט.

דער געוואַלטיקער חן, די נאַאיוויטעט און די שיינקייט, וואָס אָטעמען אַרויס פֿון אַלע ערדישע און אָפּט חיהשע ליידנשאַפֿטן, וואָס פֿילן אָן דאָס בוך פֿון אַלע ביכער — די ביבל, נעמט זיך דערפֿון, וואָס די ביבל איז עד היום געבליבן דאָס סימבאָלישע בוך אין דער וועלט.

„די ביבל איז דאָס בוך פֿון די פֿעלקער דערפֿאַר" -- זאָגט געטע — „ווייל עס האָט דעם גורל פֿון יידישן פֿאָלק פֿאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל פֿון אַלע איבעריקע פֿעלקער, פֿאַרבינדט זייער געשיכטע מיט דער אַנטשטייאונג פֿון דער וועלט. און דורך אַ טרעפֿעריי פֿון ערדישער און גייסטיקער אַנטוויקלונג, פֿון נויטווענדיקע און צופֿעליקע געשעענישן פֿירט ער זיי אַרויס אין די ווייטסטע ספֿערן פֿון דער סאַמע עקסטער אייביקייט".

צו וואָסערע הויכקייטן און טיפֿקייטן, צו וואָסערע נשמה-דערלייטערונגען און געדאַנקלעכע אויפֿלויכטונגען עס קאָנען פֿירן ערדישע ליידנשאַפֿטן, ליידנשאַפֿטן פֿון ליבע און שיינקייט — ווייזט אונז דאָס לעבן און דאָס שאַפֿן פֿון פּלאַטאָ. דורך זיין ליידנשאַפֿטלעכער פֿאַרליבטקייט אין אַ שיינעם יונגן בחור ווערט פּלאַטאָ געפֿירט צו דער אַנטפּלעקונג און דערבליקונג פֿון דער אידעע פֿון שיינקייט. די דאָזיקע אידעע פֿון שיינקייט, זייענדיק דער מקור פֿון אַלע שיינקייטן אין דער וועלט, איז אָבער אין דער זעלביקער צייט העכער און טיפֿער פֿון יעדער איינציקער שיינקייט באַזונדער. די שיינקייט-אידעע איז, לויט

פלאַטאָ, דער קוואַל, וואָס לאָזט פון זיך אַרויספליסן אַלע שיינקייטן אין דער וועלט; אַליין אָבער פאַרמאָגט זי, די שיינקייט־אידעע, אַן אַב־סאָלוטע אומדערשעפלעכקייט. צוקומענדיק מיט דער פאַנטאַזיע און העכערער געדאַנקלעכקייט דורך די דערפאַרונגען פון באַזונדערע שיינקייטן, צו דעם קוואַל, וואָס אים האָט פלאַטאָ אַ נאָמען געגעבן אידעע, באַקומט פאַר אונז, ווי פלאַטאָ האָט דאָס דערפילט, איטלעכע באַזונדערע שיינקייט אַ טיפערן אינהאַלט און אַ פאַרבנרייכערן אויס־זעען. דער אַרומנעמענדיקער בליק פון דעם גאַנצן ברענגט אַלע מאָל אַ פאַרטיפערונג בנוגע די באַזונדערע טיילן. די אידעע פון שיינקייט האָט שוין שפּעטער צונויפגעפירט פלאַטאָן צו דער אידעען־לערע בכלל.

וועגן דעם וועג, וואָס פירט צו דער אידעע פון שיינקייט, שרייבט פלאַטאָ פאָלגנדיקס אין זיין „סימפּאָסיום": „דער אמתער סדר פון אַליין גיין און פון געפירט צו ווערן פון אַן אַנדערן צו די זאַכן פון ליבע, איז אָנצוהייבן פון די שיינקייטן פון דער ערד, און שטייגן אין דער הויך צוליב דידאָזיקע אַנדערע שיינקייטן, באַנוצנדיק זיך מיט זיי, ווי מיט טרעפּ בלויז; און גייענדיק פון איינער צו דער צווייטער און פון דער צווייטער צו אַלע אַנדערע פאָרמען, און פון שיינע פאָרמען צו שיינע האַנדלונגען, און פון שיינע האַנדלונגען צו שיינע באַגריפן, ביז מען קומט פון שיינע באַגריפן צום באַגריף פון אַבסאָלוטער שיינקייט, און מען ווייסט ענדלעך, וואָס די עסענץ פון שיינקייט איז. אַך, ווען אַ מענטש זאָל האָבן אויגן צו זעען די אמתע שיינקייט, איך מיין, די געטלעכע שיינקייט, ריין און קלאָר, און נישט געמישט, נישט באַלאָדן מיט די טומאות פון שטערבלעכקייט און אַלע פאַרבן און נאַרישקייטן פון מענטשלעכן לעבן — אַהינקומענדיק און פירנדיק אַן אונטעררעדונג מיט דער אמתער שיינקייט, דער איינפאַכער און דער געטלעכער, נאָר אין אַזאַ צוזאַמענרעדונג, פאַרנעמענדיק די שיינקייט מיטן געדאַנקלעכן אויג, ווערט מען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען נישט פאָר־שטעלונגען פון שיינקייט, נאָרווירקלעכקייטן (מחמת מען האָט דאָך באַ־רירט נישט קיין פאָרשטעלונגען, נאָר ווירקלעכקייטן) און אַרויסברענ־גענדיק און דערנערנדיק אמתע טוגנד — צו ווערן אַ פריינט פון גאָט און זיין אומשטערבלעך, אויב אַ שטערבלעכער מענטש קען דאָס זיין!"

אָט ווי אַזוי און צו וואָס אַ ליידנשאַפטלעכע ליבע צו אַ שיינעם יונגן בחור האָט גערעגט און געשטויסן אין דער טיף און אין דער הויך די נשמה און דעם גייסט פון פּלאַטאָ!

און אויב זינלעכע ליידנשאַפט, ערדישע ליבע און שיינקייט אויף דער ערד אין דער געשטאַלט פון אַ פּשוט מענטשלעך לעבן, האָבן געקאָנט עפענען די אויגן אפילו, לאָמיר זאָגן, נאָר פון איין פּלאַטאָ — נאָר זיינע צוויי אויגן צו אַלע הימלישע שיינקייטן און צו דער שיינקייט פון אַלע שיינקייטן — צי דער אידעע פון שיינקייט; אויב זיי האָבן געקאָנט מאַכן פּלאַטאָן זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דער מעגלעכקייט פונם מענטש אַזוי נאָענט צוצוקומען צו גאָט, אַז ער זאָל זיין ווי ער אומשטערבלעך — זענען שוין אַלע רייד פון טאָלסטאָיען וועגן דער נידעריקייט פון שיינקייט און פון אַלץ, וואָס גייט אַרויס אָדער וואָס גייט מיט שיינקייט, און אַלע זיינע רייד וועגן דער מיאוסקייט און עקלהאַפטיקייט פון געשלעכט און פון ליבע — אַרויסגעוואָרפענע. איין זיכערער דערפיל און דערזע פון געוויסע ווערטן און קוואַליטעטן איז, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, וויכטיק און וואָגיק גענוג אויף נישט אַריבערגעוויגן צו ווערן פון אָן א שיעור נישט-דערפילונגען און נישט-דערזעונגען. און בפרט, ווען עס האַנדלט וועגן אַ דערפיל און אַ דערזע, וואָס איז מיטגעפילט און מיטגעזעען געוואָרן פאַר אַ פּאָר טויזנט יאָר פון אַ סך און אַ סך אַנדערע מענטשן, אַחוץ דעם גרויסן פּלאַטאָ.

דער פּראָגרעס אינם פילאָזאָפישן דענקען זינט פּלאַטאָ בנוגע דעם באַגריף פון שיינקייט אַזוי גוט, ווי בנוגע אַלע אַנדערע אויסדרוקן פון גייסט, איז געגאַנגען אַלץ מער און מער אין דער ריכטונג פון אָפּצושאַפן דעם טראַנסצענדענטאַליזם און פון פונאַנדערצוּוואַרפן די אייזערנע וואַנט צווישן ערדישן און הימלישן, צווישן דעם אומדערשעפּלעכן קוואַל פון אַלץ, וואָס איז גייסטיק און דער גייסטיקייט גופא, וועלכע פליסט און שטראָמט אומאויפהערלעך פון דעמדאָזיקן קוואַל. פונאַנדערגענומען ווערט אַלץ מער און מער די מחיצה צווישן געדאַנק און נשמה, וואָס דאָס מיינט צווישן געדאַנק פון איין זייט און איגסטינקט, געפיל, עמאָציע, ליידנשאַפט פון דער אַנדערער זייט, — קורץ, צווישן געדאַנק און אַלץ, וואָס איז איינגעשלאָסן אין דעם

מעכטיקן לעבנסשטראָם, וועלכער טראָגט זיך פון איין אומענדלעכקייט צו דער אַנדערער, פון איין אַלצייט און אַלרוים צום אַנדערן אַלצייט און אַלרוים, ביז צו צייט־און־רוימלאָזיקייט.

אויב נאָר ערדישע ליבע און ערדישע שיינקייט קאָנען אָנרעגן און פירן צו וויזיעס פון שיינקייטן און דורך זיי צו אַלערליי טוגנטן, איז שוין ווידער נישטאָ דער מינדסטער זין אויף צו טראַכטן וועגן ערדישער און הימלישער שיינקייט, ווי וועגן צוויי באַזונדערע עסענצן, אַנשטאָט — ווי וועגן איינאונאיינציקער ליבע און איינאונאיינציקער שיינקייט, וועלכע נעמט אָן פאַרשידענע געשטאַלטן און פאַרשידענע אויסדרוקן.

די זעלביקע ליבע און די זעלביקע שיינקייט, וואָס קאָן אונטער געוויסע אומשטענדן, אין געוויסע שייכותן באַקומען אַן אויסזען פון נידעריקייט, קאָן דערגרייכן די העכסטע סובלימירטקייט און סובלימירטסטע הויכקייט, ווען זי קומט צום אויסדרוק אונטער אַנדערע אומשטענדן און אין אַנדערע שייכותן. און דער ווייטערדיקער פראָגרעס פון דער פילאָזאָפיע בפרט, און פון דעם מענטשלעכן דענקען בכלל, וועט, לויט מיין איבערצייגונג נאָך, באַשטיין אין דעם, וואָס עס וועט אָנגעהויבן אַלץ מער און מער אָנערקענט צו ווערן די גלייכווערטיקייט פון אַלע אויסדרוקן פון גייסט — די גלייכווערטיקייט פון אמת, שיינקייט, גוטסקייט, גערעכטיקייט, ליבשאַפט און אַלע אַנדערע אויסדרוקן, וועלכע קאָנען נאָר געטראַכט און געדאַכט ווערן.

העכער איבער יעדן איינציקן אויסדרוק איז נאָר דער אוניווערסאַלער גייסט אין זיין אַבסאָלוטער גאַנצקייט און זיין אינטימסטער אויסדרוק — קולטור. אויף וויפיל פלאַטאָס באַגריף פון גוט לאָזט זיך אויסטייטשן ווי אַ גאָט־באַגריף, אָדער אַ באַגריף פון אוניווערסאַל־גייסט, אויף וויפיל עס איז דערלויבט זיך פאָרצושטעלן, אַז פלאַטאָ האָט געמיינט אידענטיפיצירן דאָס גוטס מיט דער אוניווערסאַלער גייסטיקער גאַנצקייט, אויף אַזויפיל איז ער געווען גערעכט אין זיין אַוועקשטעלן דאָס גוטע איבער אַלע אַנדערע גייסטיקייטן. אויף וויפיל אָבער עס איז זיכער, אַז ביי טאָלסטאָיען איז דאָס גוטע בלויז אַן אויסדרוק פון גייסט און נישט דער גאַנצער גייסט, אויף אַזויפיל איז זיין באַגריף פון דער אויסדערוויילטקייט פונם

גוטן לגבי דעם שײַנעם פּונקט אַזוי פּאַלש, ווי די אויסדערווײלטקייט פון שײנקייט לגבי אַלע אַנדערע גײסט־אויסדרוקן.

זאָגט למשל העלדערלין, אַז „דאָס שענסטע איז אויך דאָס הייליקסטע". וואָלט דער זעלביקער העלדערלין געוואָלט צוגעבן, אַז דאָס גערעכטסטע איז אויך דאָס הייליקסטע, און אַז הייליק איז יעדער איינער ווערטפולער אויסדרוק פון גייסט, וואָלט איך מיט אים איינגעשטימט איינס און צוויי; מחמת איך צווייפל נישט אויף איין האָר אין דעם, אַז די גאַנצקייט פון גייסט אַנטפּלעקט זיך דורך יעדן אייציקן אויסדרוק זיינעם אין די מאָמענטן, ווען די נשמה ווערט פון דעם באַטרעפנדיקן אויסדרוק פאַרכאַפּט אין אַלע אירע טיפע־נישן. ווען ער אָבער, ווי אַ סך אַנדערע, מיינט מיט דעם אויבן־גע־בראַכטן אויסדרוק צו זאָגן, אַז דאָס הייליקסטע איז דווקא נאָר דאָס שענסטע און אַז, ווי ער זאָגט אויף אַן אַנדער אָרט, רעליגיע איז די ליבע פון דער שיינקייט, וואָס דאָס ווידער מיינט דווקא פון דער שיינקייט, און נישט פון קיין אַנדערן גייסטיקן אויסדרוק — איז אַזאַ אויסשליסלעכקייט און איבערוואָגיקייט בנוגע צו דעם שיינקייט־אויס־דרוק פּונקט אַזוי, לויט מיין מיינונג, איינזייטיק און פאַלש, ווי די אויסשליסלעכקייט און איבערוואָגיקייט פון טאָלסטאָיס גוט־אויסדרוק, אָדער פון מינסטערבערגס אמת־אויסדרוק, אָדער פון וועלכן עס איז אַנדערן גייסט־אויסדרוק.

„וואָס מיינט" — פרעגט מינסטערבערג — „צו געפינען דעם אמת?" און ער ענטפערט: „עס מיינט צו דערפילן דעם אמת, ווי אַן עפּעס, וואָס איז אַן ענדציל אין זיך גופא, ווי אַן עפּעס, וואָס איז אַבסאָלוט, ווי אַן עפּעס, וואָס פאָדערט אונטערוואַרפונג און דערלויבט מער נישט קיינע ווייטערדיקע פראַגן בנוגע צו דעם, צי איז דאָס יאָ אָדער נישט נוצלעך פאַר עפּעס אַנדערש, נאָר עס ווערט גופא דער ציל פון אַלע שאלות".

וואָס מינסטערבערג זאָגט וועגן אמת קאָן דאָך אָבער אויך, נישט איבעראַנדערשנדיק קיין וואָרט, געזאָגט ווערן וועגן שיינקייט, וועגן ליבע, וועגן גערעכטיקייט, וועגן פרייהייט, וועגן גלייכהייט — קורץ, וועגן יעדן אייציקן אויסדרוק פון גייסט. אין דעם מאָמענט, ווען מען דערשפירט און דערפילט מיט אַן אומצווייפלהאַפטיקער זי־

כערקייט, אַז מען האָט זיך מיט דעם באַטרעפנדיקן אויסדרוק צונויפגעגאָסן, אַז מען איז מיט אים איינס געוואָרן, און אַז ער איז דערפאַר אַן אַבסאָלוטע און פולקאָמענע אַנטפּלעקונג. אַן אַבסאָלוטער און העכסטער אויסדרוק.

נאָך פּלאַטאָ איז שאָפּענהויער געווען דער צווייטער פילאָזאָף, וועלכער האָט מעטאַפיזיש אַ בליק געטון אויף די געשלעכטלעכע ליידנשאַפטן און ליבע-געפילן, וועלכע פילן אָן, דריקן און שפּאַרן ביז צום צעפּלאַצט ווע־ן די נשמית און הערצער פון אָן אַ שיעור וועזנס אין דער וועלט. דורך דעמדאָזיקן בליק האָט שאָפּענהויער אַוועקגעשטעלט געשלעכט, ליבע און די שיינקייט, וועלכע איז מיט זיי פאַרבונדן, בבחינת אוניווערסאַלן און קאָסמישן דראַנג, וועלכער שטייגט איבער אַלע איינצלנע פאַרלאַנגען, וואונטשן און באַגערן. די קאָסמישקייט און אוניווערסאַלקייט פון דעמדאָזיקן דראַנג שטעלט אַוועק אין אונזער פאַנטאַזיע העכערע צילן און צוועקן, ווי אַנדערער פון אַלע געשלעכט-ליבע-און שיינקייט-ליידנשאַפטלעכע געפילן און עמאָציעס. און דידאָזיקע העכערקייט פונם „פאַרוואָס" און „צוליב וואָס", אפילו ווען עס זאָל זיין אַ ריין אילוזאָרישע, גיט אַריין אַ טיפערן זין און העכערן ווערט אין אַלע גוף-און נשמה-צעטרייסלונגען און אויפרודערונגען. צו וויסן, אַז דער דראַנג, וועלכער רעגט אָן אַלע געשלעכט-ליבע-און שיינקייט-זוכענישן און יאָגענישן שטייגט זיי פונדעסטוועגן אין דערזעלביקער צייט אַריבער מיט זיין אַלצייטלעכקייט און אַלרוימלעכקייט און מיט דער קאַטעגאָרישקייט פון זייגע אימפּעראַטיוון — אָט אַזאַ וויסן גיט אַריין אין אַלע עראָטישע ליידנשאַפטן אַ מיסטעריעזן אָטעם און מאַכט שוועבן אַרום זיי און איבער זיי אַ גייסט פון דערהויבונג, אַ גייסט פון הייליקייט, וואָס דורך איר ווערן זיי אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון די העכסטע אינספּיראַציעס.

„דער ליבע-באַגער, דער „אימעפּאָס" — שרייבט שופּענהויער — „וואָס די פּאָעטן פון אַלע צייטן זענען אויף אַן אומאויפערלעכן אופן באַשעפטיקט אים אויסצודריקן אין אַן אַ שיעור פאָרמען, און שעפּן אַלץ נישט אויס דעם קעגנשטאַנד, ניין, קאָנען אפילו נישט געבן אים אַלץ, וואָס אים קומט; דערדאָזיקער באַגער, וועלכער קניפּט אָן די אידעע פון אומענדלעכער גליקועליקייט אָן דעם באַזיץ פון אַ באַ-

שטימטער פרוי און אַן אומדערשעפּלעכער שמערץ אָן דעם געדאַנק, אַז זי קאָן נישט דערגרייכט ווערן — דערדאָזיקער ליבע־באַגער און דערדאָזיקער ליבע־שמערץ קאָנען נישט קריגן זייער אינהאַלט פון די באַדערפענישן פון אַן עפּעמערישן אינדיווידואום. זיי זענען די זיפצן פון דעם גייסט פון דעם מין, וועלכער זעט דאָ, צום פאַרליַרן אָדער צום געווינען, אַ מיטל פאַר דער דערגרייכונג פון זיינע צוועקן, וואָס קאָנען נישט פאַרביטן ווערן, און דערפאַר קרעכצט ער אַזוי טיף. נאָר דער מין אַליין וואָס אַן אומענדלעך לעבן, און ער איז דעריבער פעיק אויף אומענדלעכער באַפרידיקונג און אויף אומענדלעכע ווייטיקן. זיי אַלע זענען אָבער דאָ פאַרשפּאַרט אין דער ענגער ברוסט פון אַ שטערבלעכן. קיין וואונדער דערפאַר נישט, ווען אַזאַ ברוסט זעט אויס, ווי זי וואָלט געפּלאַצט, און וואָס זי קען נישט געפינען קיין אויסדרוק פאַר די אָנצוהערענישן פון דער אומענדלעכער הינגעריסנקייט און דעם אומענדלעכן וויי, מיט וועלכע זי איז אָנגעפילט. דאָס אַלזאָ גיט דעם מאַטעריאַל פאַר דער גאַנצער עראָטישער פּאָעזיע פון דעם העכסטן מין, וועלכע דערהויבט זיך אין איינקלאַנג דערמיט צו טראַנסצענדענטאַלע מעטאַפאָרן, וועלכע טראָגן זיך איבער אַלץ, וואָס איז ערדיש".

איך וועל דאָ ברענגען נאָך איין ביישפּיל פון אַ באַגריפישער דערהויבנקייט פון דער עראָטיק צו איינעם פון די קוואַלן, פון וועלכן עס שלאָגט אַרויס אַ וועלט מיט אַ הויך־גראַדיקער גייסטיקער ענערגיע. דער אויסצוג, וואָס איך וועל דאָ ברענגען וועגן דעם ענין עראָטיק, איז פון עדוואַרד שפּראַנגערס בוך „לעבנספאָרמען", דאָס איז אַ טיף בוך פון קנאַפּע פינף הונדערט זייטן וועגן דער פּסיכאָלאָגיע און דער עטיק פון דער פּערזענלעכקייט. דאָס בוך איז אַרויס פון דרוק אין 1925. און עס איז זייער אינטערעסאַנט צו זען, ווי אַזוי דווקא אין ליכט פון אַלע נייסטע וויסנשאַפטלעכע פאַרשונגען אין פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע, באַקומט די עראָטיק ביי שפּראַנגערן אַ העכסט מעטאַפיזיש־הימלישן גלאַנץ.

אין די אינטערעסן פון דער העכסטער רעליגיעזיטעט אין דער וועלט, וואָס זי אידענטיפיצירט שפּראַנגער מיט דער אוניווערסאַלער גאַנצקייט און וואָס אָן איר קאָן ער זיך נישט מאָלן קיין שום פּערזענלעכקייט, און צוליב דער העכסטער עטיק, וועלכע איז פאַר דער

פערזעלעכקייט דאָס זעלביקע, וואָס וואָסער איז פאַר אַ פיש — אָט צו־ליב דער רעליגיעזיטעט און דער עטיק, אָדער אַרויסגייענדיק פון זיי ביידע, געפינט שפּראַנגער פאַר אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט צו פאַר־גייסטיקן די מאַטעריאַליטעט אין דער עראָטיק, צו אידעאַליזירן איר רעאַליטעט. דער אינדיווידועלער גוף און די אינדיווידועלע נשמה ווערן ביי אים דורך דער עראָטיק אריינגעוועבט אין איינאונאיינציקן העכערן און אַלגעמיינעם גייסט.

דווקא ווייל שפּראַנגער דאַרף, אין ליכט פון אַלע לעצטע קול־טור־שטודיעס און קולטור־פאָרשונגען, די האַרמאָנישקייט און די אַל־זייטיקייט פון אַלע גייסטיקע קרעפטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט; דווקא ארויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז דער אוניווערסאַל־גייסט ווי אַ גאַנצער הערשט און געוועלטיקט אין יעדער איינציקן גייסטיקן אַקט באַזונדער, — קומט שפּראַנגער צוריק צום פלאַטאָנישן באַגריף וועגן עראָטיק, ווי ער איז אויף דעם שענסטן פילזאָפיש־קינסטלערישן אופן אויסגעדריקט געוואָרן אין דער „סימפּאָזיום".

אין די ווערטער פון שפּראַנגערן אַליין לייענט זיך דערדאָזיקער געדאַנק אַזוי:

„אַ העכערע און אַ מער בלייבנדיקע פאָרם פון דערדאָזיקער עסטעטיש־סאָציאַלער באַציונג באַטייט די עראָטיק. אונטער עראָטיק פאַרשטייען מיר די אויסגעשפּראָכענע עסטעטישע פאָרם, וועלכע איז דער באַדינג פאַר ליבע. אורשפּרינגלעך איז די עראָטיק פאַרוואָרצלט אין דעם, וואָס דער גוף פון אַ מענטש ווירקט, ווי אַ סימבאָל פון אַ ריינער, פרייער, נאַטורגעבוירענער, פאָרמירנדיקער קראַפט, דאָס הייסט, אין דעם, וואָס ער, דער גוף דערשיינט ווי אַן אויסדרוק פון נשמהדי־קייט, וואָס פאַר דעם גענייסער איז דאָס אַ הייסער באַגער. דער גוף ווערט דאָ באַטראַכט ווי אַן אַרעקוואַטער סימבאָל פון אַ ווערטפולער נשמהדיקייט. די עראָטיק קאָן זיך זיין אַ קעגנזייטיקע. דאָס געהער זיך אָבער נישט אָן צו איר תּמצות. אויף אַ העכערער מדרגה קאָן דער קער־פּערלעכער מאָמענט אַרויספאַלן, און דער אַקט פון ליבע זאָל זיך באַ־ציען אויף דער אינערלעכער פאָרם פון דעם אַנדערנס נשמה.

„דער וועג צו דערדאָזיקער עראָטיק האָט אפשר ערשט פלאַטאָ

דורכגעזעצט פאַר דער מענטשהייט. דער אויסגעשפּראָכענער עסטעטי־קער איז אַן אויסגעשפּראָכענער עראָטיקער. און עס זעט אַפילו אויס ווי די עראָטיק פון דער נאָכדענקענדיקער נשמה פאַסט זיך מער פאַר דער נישט איבערגעשפּיצטער, יונגנטלעכער נשמה, באַת פאַרקערט, די נאַיווע נשמה גלוסט צו דער געדאַנקען־שווערער נשמה. יעדער איינער זוכט די פאָרמירנדיקע קרעפטן, וועלכע עס פעלן אים אויס. די צונויפ־פלעכטונג פון דערדאָזיקער עראָטיק מיט געשלעכט קאָן נישט געלייקנט ווערן. צווישן די פּלאַסטישע קרעפטן פון דער נשמה און פון דעם גוף איז פאַראַן אַ געהיימע פאַרבינדונג. אין באַוואוסטזיין אָבער, קאָ־נען די דערשיינונגס־פאָרמען זיין ריין נשמהדיק, און דאָס איז דער כלל ביי יונגע ריינע נאַטורן, וואָס ביי זיי איז די עראָטישע פאַנטאַזיע אַלעמאָל אַ סך מעכטיקער איידער דער לייביקער געשלעכט־אינסטינקט.

„דערפון נעמט זיך עס, וואָס די גלייכגעשלעכטיקע עראָטיק, ווי אַ גייסטיקע דערשיינונג, איז דורכויס נאָרמאַל, מחמת צו דער עראָטיק געהערן בלויז צוויי פאַרשידענע גייסטיקע פּרינציפּן, וואָס איינער פון זיי שפּילט די מענלעכע ראָל, דער צווייטער — די ווייבלעכע. מענ־לעך איז אַלעמאָל די קאָנצענטרירטע איינזייטיקע גייסטיקע קראַפט, ווייבלעך איז די גייסטיקע טאָטאַליטעט, וואָס אין איר ליגט אָנגעדייט אַ נאַיווע פאָרמירנדיקע קראַפט. אָבער ערשט פון דער גייסטיקער צו־נויפשמעלצונג פון ביידע אָנשטאָט דער פאָרם, דאָס הייסט, דער האַר־מאָנישער, נישט מער איינזייטיקער און נישט מער וועגעטיווער מענטש. אַזוי אַז ערשט אין דער עראָטיק פאַרפולקאָמט זיך דער מענטש, ווי אַן עסטעטיטישע לעבנספאָרם. מחמת יעדער מענטש איז אין זיין טיפער נאַטור ווי אַ גייסטיק איינגעשלעכטלעך וועזן, נישט פולקאָם און קאָן פולקאָם נישט ווערן".

ווי אַ ביישפּיל פון באַגריפישער דערהויבנקייט פון דעם ליבע־געפיל אין דער קונסט־קריטיק וועל איך ברענגען געאָרג בראַנדעסעס אָפּשאַץ פון שעקספּירס „ראָמעאָ און דזשוליעט".

ענטפערנדיק אַ שוועדישן פּראָפעסאָר, וועלכער טענהט, אַז דזשו־ליעטס ליבע איז אַ ריין־זינלעכע ליידנשאַפט, זאָגט בראַנדעס: „פונקט ווי עס וואָלט מעגלעך געווען אויף אַזאַ מין אופן צו אַנאַליזירן און אונטערשיידן! פונקט ווי אין אַזאַ פאַל וואָלט דער קערפּער און די־

בשמה געווען צוויי, פונקט ווי אַ ליבע, וואָסביידע געליבטע פילן פון דעם ערשטן מאָמענט אָן צו זיין פאַר זיי דער אַנטשיידער פון לעבן און טויט, קאָן אַרונטערגעריסן ווערן צו גונסטן פון אַ נייגונג, וואָס איז באַזירט אויף קעגנזייטיקער אַכטונג — פון דעם מין וואָס, ווי עס ווייזט אויס, „אונזער יאָרהונדערט פאָדערט". אָ, ניין! דידאָזיקע טוגנד־האַפטיקע פילאָזאָפן און חשובע פראָפעסאָרן האָבן קיין שום געפיל נישט פאַרן גייסט פון רענעסאַנס: זיי זענען לחלוטין ווייט פון אים. דער רענעסאַנס מיינט צווישן פיל אַנדערע זאַכן, אַ נייע געבורט פון אַ וואַרעם־בלוטיקער מענטשהייט און גריכיש־רוימישע אומשולד פון דער איינבילדונגס־קראַפט.

„עס איז נישט קיין קאָפּ־ליבע, וואָס דזשוליעט פילט צו ראָמעאָן, נישט קיין באַוואונדערנדיקע נייגונג, אין וועלכער זי לעבט זיך אַריין מיט איר פאַרנונפט, און עס איז אויך נישט קיין סענטימענטאַלע ליבע, אַן אויפרוף פון אידעאַליזם, אָפּגעזונדערט פון דער נאַטור. אָבער נאָך ווייניקער איז דאָס בלויז אַן אויפברויז פון די חושים. דאָס איז אַ ליבע, וואָס איר יסוד איז דער אינסטינקט, דער אומפעלבאַרער אינסטינקט פונם קינד פון דער נאַטור. אין אים, ווי אין איר, איז זי אַ וויברירונג פונם גאַנצן וועזן. אַ בענקעניש און אַ באַגער, אַ ציטער פון אַלע אַקאָרדן פונם העכסטן ביזן נידעריקסטן, אַזוי אינטענסיוו, אַז נישט זי און נישט ער קאָן זאָגן, וואו קערפּער ענדיקט זיך און גייסט הייבט זיך אָן".

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז איינע פון די פיל אַנדערע אורזאַכן פאַר דעם גרויסן, מעכטיקן און דויערהאַפטיקן איינפלוס פון דער ביבל אויף דער גאַנצער מענטשהייט איז דאָס, וואָס אין איר איז טויזנטער יאָרן פאַרן רענעסאַנס געקומען צום אויסדרוק דאָ, וואָס בראַנדעס רופט: גייסט פון דעם רענעסאַנס. און געקומען איז דערדאָזיקער גייסט צום אויסדרוק אין דער ביבל אויף דעם שטאַרקסטן, טיפסטן, שענסטן איינפאַכסטן אופן. אין דער ביבל, ווי אין קיין שום אַנדערער שאַפונג אין דער וועלט, איז דאָס קערפּערלעכע אַריינגעפלאָכטן און אַריינגעוועבט אין דעם גייסטיקן פונקט אַזוי שטאַרק, ווי דאָס גייסטיקע אינעם קערפּערלעכן. ביידע דאָס גייסטיקע און דאָס קערפּערלעכע, שטעלן

דאָך צונויף אַזאַ אָרגאַנישע גאַנצקייט, אַז יעדער איינציקער איינשניט, יעדער איינצלנע טייל איז קערפּער-גייסט און גייסט-קערפּער.

קיין וואונדער דעריבער נישט, וואָס אַפילו אַזאַ ריין עסטעטיש-עראָטישע שאַפונג ווי שיר השירים האָט זיך געלאָזט פאַר טויזנטער יאָרן פון גאָר אַ סך מענטשן אויסצוטייטשן אויף אַ ריין רעליגיעזן אופן, און וואָס עס איז ביזן היינטיקן טאָג פאַרבליבן דער מוסטער פון פּאָעטיש-קינסטלערישער דערהויבנקייט פון ליבע, און פון דער דער-גרייכונג דורך ליבע צו אַלערליי אַנדערע טיפע און הויכע קרעפטן ביז צו דער קראַפט פון אַלע קרעפטן — דעם אַלוועלט-גייסט.

צום שיר השירים און אַנדערע קינסטלערישע שאַפונגען אין פּאָעזיע און פּראָזע — ביז צו די שאַפונגען נישט נאָר פונם לעצטן יאָרהונדערט, נאָר אפילו פונם לעצטן יאָר — וועל איך איצט אַריבער-גיין אויף צו דעמאָנסטרירן די אויפלעזונג אין דער קונסט פון ליבע און געשלעכט-עמאָציעס אין אַלערליי אַנדערע גייסט-עמאָציעס, אַזוי גוט ווי אין דער עמאָציע פון אַלגייסטיקייט. און דידאַקטיק אויפלע-זונג פון איין גייסטיקן אויסדרוק אין דעם אַנדערן און פון יעדן איינציקן פון זיי אין דער טאָטאַליטעט פון גייסט און די אַנטפּלעקונג און רעאַליזירונג פון דעם אַלגייסט דורך יעדן באַזונדערן אויסדרוק פון גייסט וועט אונז דינען פאַר אַ באַווייז פאַר דער גלייכווערטיקייט און גלייכוויכטיקייט פון אַלע קולטור-אויסדרוקן — פאַר אַ באַווייז פאַר דעם, אַז יעדער גייסט-אויסדרוק, אמת אַזוי גוט ווי שיינקייט און שיינקייט אַזוי גוט ווי גוטסקייט, איז אַן ענדציל אין זיך גופא און קאָן דעריבער נישט אויסגענוצט ווערן ווי אַ מיטל בלויז פאַר אַן אַנ-דערן אויסדרוק.

ב.

די מענטשלעכע נשמה, היינט אַזוי גוט ווי ווען עס איז פריער, ווערט אָנגעפילט מיט גליקזעליקייט, מיט פריידיקער און פיינלעכער מיסטער-יעזקייט פון דער פּאָעטישער, פון דער בילדלעכער און קאָנקרעטער דערהויבנקייט, וואָס ליגט אין די פאָלגנדיקע שורות פון שיר השירים;

האָסט ס'האַרץ מיר געפאַנגען,
שוועסטער מיין כּלה,
האָסט ס'האַרץ מיר געפאַנגען
מיט איינעם פון דיינע בליקן,
מיט איין שנור פון דיינע האַלזבענדער.

ווי שיין איז דיין ליבשאַפט,
שוועסטער מיין כּלה,
ווי בעסער דיין ליבשאַפט פון וויין,
און דער ריח פון דיינע אייל‌ן
פון אַלערליי בשמים!

האָניקזאַפט טריפן דיינע ליפּן, מיין כּלה,
האָניק און מילך איז אונטער דיין צונג,
און דער ריח פון דיינע קליידער,
ווי דער ריח פון לבנון.

אַ פאַרשלאָסענער גאָרטן,
איז מיין שוועסטער, מיין כּלה,
אַ פאַרשלאָסענער ברונעם,
אַ פאַרחתמטער קוואַל.

ד'ער כּישוף און דער רייץ, וואָס ליגט אויך איצט פאַר דעם מענטש פאַרבאַהאַלטן אין דער פאַרשלאָסנקייט פון גאָרטן, אין דער פאַרשלאָסנקייט פון ברונעם און אין דער פאַרחתמטקייט פון קוואַל פון דער שוועסטער־כּלה, זענען עד־היום — נאָך אַלע עוואָלוציעס און רע־וואָלוציעס פונם מענטשלעכן שכל און נאָך אַלע וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס וועגן דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון מין מענטש — פאַרבליבן אַ מיסטעריע. און ווי יעדער מיסטעריע, אַזוי אויך פּירט און טרייבט די־דאָזיקע מיסטעריע דעם מענטש צו זוכענישן און טראַכטענישן וועגן קוואַלן, וואָס פון זיי שלאָגט אַרויס אַליץ, וואָס זעט אויס קלאָר און אַליץ, וואָס איז נישט קלאָר, אַליץ, וואָס לאָזט זיך דערקלערן און אַליץ, וואָס

לאָזט זיך נישט דערקלערן, אַלץ, וואָס שטילט און זעטיקט די לײדנ־שאַפטן און אַלץ, וואָס. ווי דער האָריזאָנט, פירט און פאַרפירט און דער־פירט צו דער אומענדלעכקײט מיט אַלע אירע מיסטעריעס.

און עס איז די מיסטעריע פון דער נשמה־זוכעניש, וואָס מאַכט, אַז די פּאָלגנדיקע ווערטער, וואָס קומען אַרויס פון דער קינסטלערישער געשטאַלט שולמית, זאָלן אויף שטענדיק אָנפילן די מענטשלעכע נשמה מיט געלײטערטקײט און געהויבנקײט:

מײן געליבטער געהערט צו מיר
און איך געהער אים,
דעם, וואָס וואַנדערט צווישן די ליליען

. . . . . . . . . . . . .

אויף מײן געלעגער בײנאַכט
האָב איך געזוכט דעם, וואָס מײן זעל האָט ליב,
איך האָב אים געזוכט
און האָב אים נישט געפונען.
לאָמיך אויפשטײן און אַרומגײן אין שטאָט
אין די מערק און אין די גאַסן,
לאָמיך זוכן דעם, וואָס מײן זעל האָט ליב.

די ליבע ווי אַ צונויפטרעף און צונויפשמעלץ־פונקט פון זעלישן און קערפּערלעכן איז אויסערגעוויינלעך שײן און אײנפאַך געמאָלן אין די שורות, וואָס קומען איצט:

איך שלאָף און מײן האַרץ איז אויף;
האָרך, מײן געליבטער קלאַפּט:
עפן מיר, מײן שוועסטער, מײן געליבטע,
מײן טויב, מײן אומשולדיקע,
וואָרים מײן קאָפּ איז פול מיט טוי,
מײנע לאָקן מיט טראָפּנס פון נאַכט.

איך האָב אויסגעטון מיין העמדל,
ווי קאָן איך דאָס אָנטון?
איך האָב געוואַשן מיינע פיס,
ווי קאָן איך זיי איינריכטן?

האָט מיין געליבטער אויסגעשטרעקט
זיין האַנט דורכן טיר־לאָך,
און מיין אינגעווייד האָט געברומט צו אים,
בין איך אויפגעשטאַנען עפענען מיין געליבטן,
און מיינע הענט האָבן מירע געטריפט,
און מיינע פינגער פליסיקע מירע
אויף די הענטלעך פון ריגל.
איך האָב געעפנט מיין געליבטן,
אָבער מיין געליבטער איז געווען פאַרשוואונדן, אוועק —
מיין זעל איז אויסגעגאַנגען, ווען ער האָט גערעדט צו
מיר — —

ביכער גאַנצע אין די הונדערטער וואָלטן נישט געקאָנט פאַר אונ־זערע אויגן אַוועקשטעלן אַזוי קלאָר און שאַרף — פון איין זייט: די ענלעכקייט צווישן דער חיה און דעם מענטש, וואָס זייערע אינגעווײדן ברומען צום געליבטן און — פון דער צווייטער זייט: דעם גרויסן חילוק, דעם געוואַלטיקן איבערשטייג פון דעם מענטש איבער דער חיה — ווי דאָס טוט פאַר אונז די פאַנטאַזיע פון דער שיינהייט שולמית, ווי דער קינסטלער מאָלט זי.

אָט די פיינלעכע גליקזעליקייטן, וואָס קומען פון די ליבע־זוכענישן און ליבע־בענקענישן, און וועלכע פירן זייער אָפט צו די טיפסטע זוכע־נישן און בענקענישן נאָך די טיפסטע און אַלע לעצטע מהותן פון דער וועלט — אָט דידאָזיקע מיט צער און פרייד דורכגענומענע און דורכ־געדרונגענע גליקזעליקייטן זענען די נישט־חיהשע עלעמענטן אין דעם מענטש—חיה. זיי טרייבן עס אָן זיין אַנטוויקלונג צום איבערמענטש, וועלכער וועט איבערשטייגן און איינשליסן אין זיך דעם מענטש, ווי דער מענטש האָט איבערגעשטיגן און איינגעשלאָסן אין זיך די חיה. שוין

נאָר דער ענטפער אַליין, וואָס שולמית גיט אויף דער פראַגע פון די טעכטער פון ירושלים, רעגט אונזערע נשמות צו יאָגענישן נאָך דער אומענדלעכקייט, וועלכע ציט דעם מענטש פון די ערדישע צו די הימלישע וועלטן און צוריק, ווייל די אומענדלעכקייט שליסט בשום אופן נישט אויס, נאָר פאַרקערט, זי שליסט איין די ענדלעכקייט און לאָזט זי אין זיך אויפגעלעזט ווערן.

די טעכטער פון ירושלים פרעגן:

וואָס איז דיין געליבטער פאַר אַ געליבטער,
דו שענסטע פון פרויען?
וואָס איז דיין געליבטער פאַר אַ געליבטער,
וואָס דו האָסט אונז אַזוי באַשוואוירן?

און שולמית ענטפערט:

מיין געליבטער איז קלאָר און גערויטלט,
די פאָן פון צען טויזנט,
זיין קאָפּ איז פיין גינגאָלד,
זיינע לאָקן געקרייזלט,
שוואַרץ ווי דער ראָב.
זיינע אויגן, ווי טויבן
ביי בעכן פון וואַסער,
געבאָדן אין מילך,
איינגעזעצט אין פולן.
זיינע באַקן, ווי אַ בייט בשמים,
ווי טורעמלעך געווירצן,
זיינע ליפּן ליליען,
וואָס טריפן פליסיק אין מירע.
די הענט זיינע — גילדענע וואַלצן
מיט קרישטאָל־שטיין באַזעצט,
זיין לייב — אַ שטיק עלפאַנטביין
מיט סאַפירן באַדעקט.
זיינע שענקלען מירמל־זיילן

געגרונטפעסטסט אויף שוועלן פון גינגאָלד.
זיין אָנבליק, ווי דער לבנון,
אויסדערוויילט פון די צעדערן.
זיין גומען איז זיסקייט,
און ער אינגאַנצן אַ גלוסטיקייט.
דאָס איז מיין געליבטער,
און דאָס איז מיין חבר,
טעכטער פון ירושלים. — —

די מענטשלעכע פאַנטאַזיע, וואָס קאָן באַשאַפן אַזאַ שיין, אַזאַ נשמה-און גוף-פאַרכאַפנדיק געשטאַלט — אַזאַ פאַנטאַזיע קאָן זיך בשום אופן נישט אָפּשטעלן שוין מער ביים מענטשלעכן בלויז. אַזאַ פאַנטאַזיע מוז אַליין גיין און אויך מיטשלעפּן מיט זיך אין איבערמענטשלעכע וועלטן אַלע די, וואָס ווערן באַווירקט פון פּראַכט און שיינקייט. אַזאַ פאַנטאַזיע מוז זיך אַוועקטראָגן איבער דעם רעאַלן אין דעם אידעאַלן. דאָרט שלאָגט זי זיך אָן אין דעם אַבסאָלוטן, וואָס אין אים גיסט זיך צונויף דאָס העכסטע און דאָס נידעריקסטע, דאָס גייסטיקע און דאָס קערפּערלעכע און אַלע אַנדערע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע אויסדרוקן, וועלכע האָבן וואוין-און בירגער-רעכט אין דער מענטשלעכער שפּראַך.

אַזוי, אַז ווען איך זאָל אָננעמען — ווי איך טו דאָס גערן — מיט טאָלסטאָיען און אַנדערע, אַז די העככטע און שטאַרקסטע דערהייבונג פון דער מענטשלעכער נשמה קומט דער עיקר פון רעליגיעזע איבערלעבונגען, דאָס הייסט, פון די געפילן, וואָס פירן צו און נעמען זיך פון טראַכטענישן וועגן דער אוניווערסאַלער קראַפט און אַלוועלטלעכן גייסט, וואָס הייסט גאָט, און פון דער באַהעפטונג מיט דער געטלעכקייט — איז אויך דעמאָלט מיינט דאָך נאָך נישט, ווי איך האָב דאָס שוין פריער באַטאָנט, אַז נאָר ווען רעליגיע אָדער גאָט איז די טעמע פונם קינסטלערישן ווערק, ווערן מיר רעליגיעז באַווירקט. איז דען דאָס שיינע, פרעג איך נאָכאַמאָל, נישט אַזאַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פונם הייליקן און וועלכן עס איז אַנדערן אויסדרוק פון גייסט? און קענען מיר דען נישט דורך דעם שיינעם, דורך דעם שטאַרקן און

דעם גרויסן, אָט דורך דעם אַלעם, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען עס־טעטיק געפּירט ווערן צו דעם הייליקן, צום אַבסאָלוטן פּונקט אַזוי גוט ווי דורך דעם גוטן, דורך דעם מאָראַלישן און עטישן אָדער וועלכן עס איז אַנדערן אויסדרוק, וואָס שלאָגט אַרויס פון דעם קוואַל — קולטור. פאַרמאָגט דען נישט אין זיך דאָס געפיל פון ליבע אין אַלע זיינע אויסדרוקן אַלע סימנים פון אַ קראַפט, וואָס צוליב איר פּרימיטיווקייט, באַשטענדיקייט און סובלימירונג־מעגלעכקייטן, שטויסט זי שטאַרקער פאַר אַלע קרעפטן צו אַלע העכסטע דערהייבונגען, וואָס עפנט אויף די ווייטסטע און טיפסטע גייסטיקע האָריזאָנטן ?

„נישטאָ — שרייבט טאָלסטאָי אין זיין בוך „וואָס איז קונסט" — קיין מער אַלטס און אויסגעטראָטנס, ווי פאַרגעניגן. און עס איז נישט פאַראַן קיין שום זאַך, וואָס איז נייער פאַר די געפילן, וואָס אַנטשטייען פון דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אַ געוויסער צייט. און עס קאָן אַנדערש נישט זיין: די פאַרגעניגן פון מענטשן האָבן אַ גרענעץ וועלכע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן פון דער נאַטור. די באַוועגונג פאָרויס אָבער פון דעם מענטש האָט נישט קיין שום גרענעצן. ביי יעדן טריט פאָרויס, וואָס די מענטשהייט מאַכט — און דידאַקטיקע טריט ווערן געמאַכט דורך אַן אַלץ גרעסערן און גרעסערן אַריינבליק אין דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין — לעבן איבער די מענטשן אַלץ נייע און נייע געפילן".

נו, איז מיט דעם, וואָס טאָלסטאָי זאָגט דאָ, דאָס זעלביקע, ווי מיט דעם גרעסטן טייל פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט און געשריבן ווי אַן אַבסטראַקטער און נישט קינסטלערישער דענקער: עס האַלט נישט אויס, לויט מיין מיינונג, נישט פילאָזאָפיש און נישט פּסי־כאָלאָגיש. עס ליגט זיך נישט אויף מיין שכל און נישט אויף מיין געמיט.

ערשטנס, איז דאָס נאָך אַ גרויסע פראַגע אויף וויפיל דער פּשוט און פּראָסטער מענטשלעכער פאַרגעניגן איז באַגרענעצט. אַ סברה, אַז אַלץ, וואָס שטראָמט־דורך דורך דער מענטשלעכער פּסיכיק, ווייסט נישט פון באַגרענעצטקייט. און צווייטנס, און דאָס איז די הויפּט־זאַך — שיינקייט, פריינטשאַפט און ליבשאַפט, וואָס פון זיי איז די עכטע עראָ־טישע ליבע אַ סינטעז, גיבן נישט נאָר פאַרגעניגן, נישט נאָר הנאה

און פריילעכקייט, נאָר זיי גיבן אַ פרייד, וואָס טראָגט אין זיך אַ פיינלעכקייט און אַ פיין, וואָס איז דורכגענומען מיט פריידיקייט. זיי גיבן נישט נאָר גליק, נאָר אויך גליקזעליקייט, און עס איז די געזעליקייט, וואָס פאַרוואַנדלט אומגליק אין טראַגיק, און טראַגיק איז אַ סינטעז פון אומגליק און גליק, טראַגיק איז דער ברענפונקט פון אַלע אינטענסיווסטע נשמה־אויסדרוקן. גליקזעליקייט איז דעריבער אַ צושטאַנד, וואָס ווייסט נישט פון קיין שום גרענעצן נישט אין דער טיף, נישט אינדערהייך און נישט אין דער ברייט. אין יעדן מאָמענט, ווען דער מענטש ווערט באַפאַלן פון אַזאַ געמיט־און נשמה־צושטאַנד, זענען די געפילן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ נשמה־צושטאַנד אַזוי פריש און ניי, ווי זיי וואָלטן אָט צום ערשטן מאָל אויף דער גרויסער וועלט געקומען. און דידאָזיקע נשמה־צושטאַנדן אָן נפקא־מינא צי קומען זיי פון ליבע־געפלעפטקייט, צי פון אַ העלדיש־רעוואָלוציאָנערער מחשבה אָדער טאַט, צי פון אַן אָריגינעלן קינסטלערישן, פילאָזאָפישן אָדער וויסנשאַפטלעכן אַריינבליק אין דער רעאַליטעט פון דער וועלט — זיי, אָט דידאָזיקע אַלע נשמה־צושטאַנדן, פירן צו אַלערליי פאַרטיפונגען פון דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין. און דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין ווערט אָפט פאַרטיפט פון אַזעלכע איבערלעבונגען אַ סך שטאַרקער, אויף אַ מער אינהאַלטסרייכן און פאַרנעמלעכן אופן, ווי פון די אָנרעגונגען, וואָס קומען דירעקט פון גאָט און רעליגיעזע ענינים.

מיין נשמה איז אינגאַנצן פרעמד, איר איז אינגאַנצן אומבאַקאַנט אַזאַ דערפאַרונג, וואָס זאָל פירן צו אַזאַ באַהויפטונג, וועלכע עס מאַכט למשל דר. י. נ. שטיינבערג: „איך פיל אָבער" — שרייבט ער — „די קדושה נישט ביי אַלע קולטור־אויסדרוקן, נאָר ביי דעם מענטשן, און דאָ גיסט זיך צונויף עטיק מיט רעליגיע."*) די קדושה, וואָס לאָזט פאַר י. שטיינבערג די עטיק זיך צונויפגיסן מיט דער רעליגיע, נעמט דורך מיין נשמה ביי יעדער אינטימער און אַלץ פאַרכאַפנדיקער באַהעפטונג מיט יעדן שטאַרקן און וויכטיקן קולטור־אויסדרוק. און דידאָזיקע קדושה, וועלכע עס טראָגט אין זיך פאָטענציעל

---

*) „פרייע שריפטן" נר. 7.

יעדער קולטור־אויסדרוק, גיסט פֿאַר מיר צונויף און גיסט אַריין יעדן קולטור־אויסדרוק מיט און אין דער רעליגיע, און לאָזט די רעליגיע אָדער בעסער געזאָגט די רעליגיאָזיטעט, זיך דורכשלאָגן, זיך אַנטפֿלעקן און צושטאַנד קומען דורך און פֿון יעדן באַזונדערן אויסדרוק פֿון דער קולטור און פֿון איר ווי אַ גאַנצע.

מיר איז שווער צו באַגרייפֿן ווי אַזוי מענטשן, ווי אַ טאָלסטאָי און אַנדערע, צווישן זיי דער דר. שטיינבערג, וועלכן כ׳האָב פֿריער דערמאַנט, זאָלן נישט וויסן און נישט פֿילן, וואָס פֿאַר אַ גוואַלטיקע קולטור־קראַפֿט, נשמה־פֿאַרטיפֿונג און נשמה־דערלייכטערונג עס טראָגן מיט אָדער אין זיך די מאָמענטן, ווען איינער אַן אויפֿגעהויבענער אויף די פֿליגלען פֿון דער ליבע אָדער מער־ווי־ליבע־געפֿיל טראָגט זיך אין די הייכן פֿון דער העכסטער הויכקייט, אין די טיפֿן פֿון די גרונטדיקסטע טיפֿקייטן — טראָגט זיך אַזוי ווייט, אַזוי טיף און אַזוי הויך, ביז ער דערפֿילט זיך אַ צוגעשפּאַרטער און אַן אַריינגעשפּאַרטער אין דעם קעניגרייך, וואו עס לאָזן זיך אויס די גרענעצן פֿון רוים און צייט, און וואו דאָס פֿיזישע ווערט צעשמאָלצן אין דעם פּסיכישן, דאָס פּסיכישע אין דעם ספּיריטועלען, און דאָס ספּיריטועלע געשטאַלטעט זיך אין פֿורעם און געשטאַלט פֿון געטלעכקייט, און מיט איר, דער געטלעכקייט, אין זיך, און זיך אין דער געטלעכקייט, ווערט דאָס מענטשלעך־אוממעגלעכע מעגלעך, דאָס מענטשלעך־אומהאַרמאָנישע האַרמאָניש, דאָס מענטשלעך־אומדערלעזבאַרע דערלעזבאַר.

און וואָס איז דער טייטש פֿון „מער ווי ליבע?“ מער ווי ליבע מיינט און באַטייט אַ סינטעז פֿון פֿריינטשאַפֿט, חברשאַפֿט, ליבשאַפֿט, אינטענסיווסטער פֿיזיש־גייסטיקער, הייס־ברענענדיקער אָנגענעמקייט, און פֿון נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נאָך צום וואָרט־אויסדרוק נישט געקומען, אָבער וואָס טראָגט אין זיך באַשטימטע ניואַנסן און פֿאַרבן פֿון אַלערליי ליבשאַפֿטן: מוטער־ליבשאַפֿט, פֿאָטער־ליבשאַפֿט, ווייב־און קינד־ליבשאַפֿט, שוועסטער און ברודער־ליבשאַפֿט און איבער זיי אַלעמען · די ליבשאַפֿט צו דעם העכסטן אין דער וועלט, וואָס אונזער פֿאַנטאַזיע קען זיך נאָר פֿאָרשטעלן, נישט וויכטיק, צי רופֿט מען דאָס גאָט אָדער מיט אַן אַנדערן נאָמען.

אָט דאָסדאָזיקע געפֿיל פֿון „מער־ווי־ליבע“ אָדער איבערליבע

האַלט אָן און ווירקט טיף קולטוריש און הויך־נשמהדיק אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן איבער דער גאַנצער לענג, ברייט און טיף פון דעם מענטשלעכן לעבן נאָר דעמאָלט — ווען דאָסדאָזיקע געפיל, אין זיין סינטעטישקייט, אָרגאַנישקייט און אימאַנענטקייט שליסט נישט אויס אַנאַליטיש און פּראַקטיש קיין איינעם פון די געפילן, פון וועלכע עס איז צונויפגעשטעלט, קיין איינאיינציקן נישט פון די געפילן, וועלכע מיר האָבן פריער אויסגערעכנט — געפילן, וואָס יעדער איינער פון זיי באַזונדער האָט זיך אויך זיין געוואַלטיק שטאַרקע קולטור־ווירקנדיקע און נשמה־פּאַרטיפנדיקע קראַפט, וועלכע קאָן נישט אויסגעפילט ווערן פון קיין אַנדערע געפילן און נישט פון זיי אַלע אינאיינעם גענומען.

אַ דאַנק דער סינטעטישקייט פון דעמדאָזיקן מער ווי ליבע, אָדער איבער ליבע־געפיל — און דאָס איז אייגנטלעך, וואָס די סאַם־ליבע איז אין איר טיפסטן און העכסטן אויסדרוק אין געציילטע מאָמענטן ביי געציילטע מענטשן — אַ דאַנק, זאָג איך, דער צונויפגעפלאָכטנקייט און סינטעטישקייט פון דעם געפיל, מוז עס זיין אָנגעלאָדן און דורכגעדרונגען מיט די אינטענסיווסטע ליידן, פיזישע ווי גייסטיקע — ליידן אַזעלכע אפשר, וואָס די ליטעראַטור אפילו האָט נאָך פאַר זיי קיין וואָרט־אויסדרוק נישט געפונען — ליידן, וואָס האָבן נישט קיין אַנדער וועג פון דערלייזונג ווי צעשמאָלצן צו ווערן אין דעם אַלץ־בייקומענדיקן פייער פון גליק און אומגליקזעליקייט און אין דעם עטישן און עסטעטישן גענוס פון דעם שפּיל פון דער טראַגיק — אַ שפּיל, וואָס מוז סוף־כל־סוף אַריינשפּילן אינם סאַמע מיט פון דער געטלעכקייט.

און דעריבער פיל איך, אַז ווען עס זאָל אפילו אמת זיין, ווי טאָלסטאָי זאָגט, אַז נאָר די פאַרטיפונג פון דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין באַשטימט די באַוועגונג פאָרויס פון דער מענטשהייט, וואָלט אויך דעמאָלט נישט געווען באַרעכטיקט דער אתה־בחרתּניזם, וואָס ווערט פון אַזוי פיל מענטשן צוגעשריבן דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין. נישט באַרעכטיקט איז דער אתה־בחרתּניזם דערפאַר, וואָס ער אַליין, דער רעליגיעזער באַוואוסטזיין, ווערט אין זיין פאַרטיפונג און אַנטוויקלונג באַווירקט און באַשטימט, געריכטעט און געלייטערט פון אַלע אַנדערע פאַרטיפונגען פון דעם מענטשלעכן גייסט. פּונקט אַזוי ווי ער לייטערט און לייטערט, ריכטעט און פאַרטיפט אַנדערע גייסט־אויסדרוקן, אַזוי אַז אויך

דער רעליגיעזער אויסדרוק פון דער מענטשלעכער נשמה איז בלויז אַ טייל, עלעמענט אָדער פונק פון דעם גרויסן פייער, וואָס הייסט קולטור, און וואָס איז נישט קיין אַנדערע זאַך ווי דער סכום פון אַלע אויסדרוקן און פונקציעס פון דער גייסטיקייט אינם אַלוועלט, נישט קיין אַנדערע זאַך ווי די נשמה פון דער געטלעכקייט. און דערפאַר מוז אויך דער רעליגיעזער אויסדרוק אין דעם מאָמענט, ווען ער גייט אַרויס מכּוח אל הפועל, דורכגענומען ווערן מיט די זאַפטן און די ריחות פון אַלע אַנדערע העכסטע אויסדרוקן פון גייסט — פון אַזעלכע אויסדרוקן ווי שיינקייט, גרויסקייט, שטאַרקייט, ערלעכקייט, ליבשאַפט און גערעכטיקייט. און יעדער איינער פון די לעצטע אויסדרוקן מוז ווידער, כּדי צו זיין אַן אמת גייסטיקער אויסדרוק, טראָגן אין זיך אויף אַן אָפּענעם אָדער פאַרבאַהאַלטענעם אופן אַ רעליגיעזע זאַפטיקייט און בשמימדיקייט.

אַ ביישפּיל פון עראָטישער ליבע, וועלכע, אַדאַנק איר קינסטלערישער דורכגענומענקייט מיט טיפער, הויכער רעליגיעזיטעט, וועקט אין אונז איינצייטיק ליבע און רעליגיע־געפילן און איבערלעבונגען — זענען די פאָלגנדיקע עטלעכע שורות פון עמיל ווערהאַרן — שורות, וואָס פלעכטן אונז אַריין מיט ליבע־פעדעם אין אַ רעליגיעזן געוועב:

איך האָב אויסגעריסן אַ בלום — זי איז געקומען
פון די לאָנקעס, וואָס אויף זיי וואַקסן די בלומען פון פלאַם:
רעד נישט צו איר — ס'איז בעסער, אַז מיר זאָלן קאָנטראָלירן
ווערטער, מחמת זיי זענען אומבאַדינגט טריוויאַל צווישן אונז.
אַלע ווערטער זענען געפערלעך, וואָרים עס זענען
די אויגן, וואָס דורך זיי הערט זיך איין אַ נשמה אין אַ
נשמה.

כּדי מיר זאָלן קאָנען ליב האָבן איינער דעם אַנדערן דורך
אונזערע אויגן,
זאָלן אונזער־ע בליקן ליבן און ריין מאַכן זיי
פון אַלע טויזנטער בליקן, וואָס זיי האָבן דאָ
אָנגעטראָפן, אין דערדאָזיקער וועלט פון קנעכטישע ליגנס.

אין שעהן ווי דידאָזיקע, ווען דורך אונזער חלום און גליק־
זעליקייט

אַזוי ווייט פון אַלץ אַ חוץ אונז אַליין באַוועגן מיר זיך,
וואָס פאַר אַ הייליק־מאַכנדיק בלוט, וואָס פאַר אַ טבילה איז
דאָס,
וואָס באָדט אונזערע הערצער, וועלכע ציען זיך צו פולקאָ־
מענער ליבע ?

אונזערע הענט זענען געקלאַמערט, און דאָך איז נישטאָ דאָרט
קיין תפילה,
אונזערע אָרעמס זענען אויסגעצויגן, און דאָך איז נישטאָ קיין
געשריי דאָרט.

פאַרגעטערנדיק עטוואָס, וואָס, קאָנען מיר נישט זאָגן ;
עטוואָס, וואָס איז ריינער איידער מיר זענען, און מער ווייט
אַוועק,
מיט אַ גייסט אַ בליענדיקן און אַ שטייגנדיקן אין אויפ־
ריכטיקייט,
ווי ווערן מיר צונויפגעמישט און אויפגעלעזט אין איינס,
ווי לעבן מיר איינער אינם אַנדערן, אינם אומדערקענטן !

ג.

דאָ האָבן מיר געהאַט פאַר זיך אַ ליד פון ריינער און שטאַרקער ליבע, און דאָך איז אין די הערצער און נשמות פון מענטשן, וועלכע האָבן נאָר ווען עס איז דורכגעלעבט אָדער לעבן איצט דורך אַ ריינע און שיינע ליבע אָדער ליבעס, רופט אַרויס אָט דאָסדאָזיקע ליד נישט אַזוי פיל די געפילן פון ליבע, ווי די געפילן פון דער צוגעבונדנקייט פון דעם מענטש צו דעם, וואָס איז ריינער, העכער און ווייטער פאַר דעם מענטש — אַ צוגעבונדנקייט צו דעם אומדערקענטן, וואָס מיט זיין שוועבן איבער אונז און זיין דורכדרינג דורך אונז הייליקט ער און

דערהייבט אַלץ אין אונז פון דעם חיהשן — צו דעם מענטשלעכן און פון דעם מענטשלעכן — צו דעם איבערמענטשלעכן.

און איז דען נישט אַזאַ אַנגעקניפּטקייט און אַנגעבונדנקייט אָן דעם אומדערקענטן דער סאַמע ערשטער באַדינג פאַר דער אָנערקענונג פון אַ גאָטס עקזיסטענץ אויף דער וועלט און פאַר דעם דערפיל פון אַ רעליגיעזיטעט, וואָס לייטערט די נשמה און גייסט? האָט דען אַ גלויבן אין גאָט אַ וועלכע עס איז ווירקונג און איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ העכערן מין מענטש, אויב דער גלויבן אין גאָט טראָגט נישט אין זיך קודם־כל אָט דאָסדאָזיקע געפיל פון אַנגעהעריקייט אין פון באַהעפטונג מיט דעם אומדערקענטן, וואָס אַנטפּלעקט זיך אַלץ מער און מער צו די נשמות, וועלכע גאַרן ביז צו זייערע תהומען נאָך דער מעגלעכקייט און געלעגנהייט זיך אויפצוועפּענען פאַר אונז?

און אויב דער מענטש וויל היינט צו טאָג אַוועקשטעלן אין פאָדערגרונט פון דעם מענטשלעכן דענקן און פילן רעליגיאָזיטעט אַנשטאָט רעליגיע, איז עס דען נישט דערפאַר, וואָס ער וויל די אָנערקענונג פון אַזאַ אַלץ אַרומנעמענדיקער גייסטיקער קראַפט, וואָס זאָל באַווירקן אויף שריט און טריט דאָס מענטשלעכע לעבן צום העכערן, שענערן און בעסערן? רעליגיאָזיטעט אַנשטאָט רעליגיע באַדייט די אוממעגלעכקייט פון צו גלויבן אין אַ גאָט און אין דער זעלביקער צייט שלום מאַכן מיט פּערזענלעכע און סאָציאַלע מיאוסקייטן, נידערטרעכטיקייטן און אומגערעכטיקייטן. אונטער די פליגל פון רעליגיאָזיטעט וועלן נישט קריגן קיין באַשיצונג, קיין גערעכטפאַרטיקונג אַזעלכע דערשיינונגען ווי מלחמה, אונטערדריקונג און אַנדערע אומעטישע און אומקולטורע פּערזענלעכע און סאָציאַלע אויפפירונגען — ווי זיי האָבן דאָס געקראָגן און קריגן עס איצט אונטער די פליגל פון רעליגיע.

רעליגיאָזיטעט באַשטייט אויף אַ געלייטערטקייט און געהייליקטקייט פון דעם מענטש, נישט דורך אַ וועלכן עס איז צוועק, צי אָדער לחלוטינדיקן אָפּטראָג פון דעם מענטש פון דער ערד אין די הימלען אַריין, נאָר פאַרקערט — דורך אַן אויפהייב פון דעם מענטש, ווי ער שטייט און גייט, אַן ערדישער, מיט דער ערד אין איר גאַנצער זאַפטיקייט, צו די הימלען, אָדער דורך אַ באַשטראַלונג מיט הימלישער פּראַכט

און גלאַנץ אַלץ, וואָס איז ערדיש, אָדער גאָר דורך אַן אַראָפּברענג פֿון די הימלען צו דער ערד.

דער צונויפֿגיוס פֿון דעם הימלישן מיט דעם ערדישן איז אַזוי טייער דער רעליגיאָזיטעט דערפֿאַר, וואָס זי וויל, אַז שוין דאָ, אין דערדאָזיקער ערדישער עקזיסטענץ, זאָל דער מענטשאין זיין כוח=הדמיון אַריבערשפּאַנען די גרענעצן פֿון רוים און צייט, דורכברעכן די מחיצה צווישן הימל און ערד, צווישן דער וועלט און יענער וועלט, צווישן לעבן און טויט — כּדי צו קענען אַריינוועבן די צייטווייליק=אויסזעענדיקע מענטשלעכע עקזיסטענץ, אין דער אייביקייט. אַזאַ אַריינוועב פֿונם צייטווייליקן און פֿאַרגענגלעכן אין דעם אייביקן, וועט מעגלעך מאַכן, אַז יעדער מענטש זאָל אַוועקשטעלן אַלץ, וואָס שטראָמט, לויפֿט און גייט פֿאַרביי אין ליכט פֿון דעם, וואָס שפּינאָזע האָט אָנגערופֿן: סוב ס עציאַ עטערניטאַטיס, אין ליכט פֿון דער אייביקייט און זאָל ווי ער, שפּינאָזע, פֿול ווערן מיט דערהויבנקייט, הייליקייט און גליקזעליקייט.

און היות ווי דער מענטש איז נישט אַליין אויף דער ערד, נאָר ער איז אָרגאַניש פֿאַרבונדן און פֿאַרקניפּט מיט געזעלשאַפֿט, פֿאָלק און מענטשהייט, איז דערפֿאַר די דערהייבונג צו די הימלען נישט נאָר אַ פּערזענלעכער, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלער, אַ סאָציאַלער און אוניווערסאַל=מענטשלעכער אַקט, און דעריבער פֿאָדערט רעליגיעזיטעט אַ שטרענגקעגנזייטיקע ווירקונג, אַן אַבסאָלוטע אָפּהענגיקייט צווישן די שייכותן בין אדם למקום און די שייכותן בין אדם לחברו. דורך דער דערהעכערונג און פֿאַרטיפֿונג פֿון מיין אייגענעם זעלבסט קומט די דערהעכערונג און פֿאַרטיפֿונג פֿון מיינע שייכותן צו אַנדערע זעלבסטן, און דאָס לעצטע ברענגט אַ טיפֿערע און אינטימערע דערנענטערונג און צוקום צום זעלבסט פֿון אַלע זעלבסטן — צו גאָט. דאָס איז דער טייטש, וואָס רעליגיעזיטעט, ווי איך פֿאַרשטיי זי און וויל, אַז זי זאָל פֿאַרשטאַנען ווערן, גיט אַריין אין דעם אויסדרוק: מבשרי אחזה אלוהי. פֿון מיר און דורך מיר, דורך דעם, וואָס איך בין און וואָס איך קען ווערן, פֿון און דורך מיין פֿלייש, נישט וואַרטנדיק אויף דער באַפֿרייונג פֿון מיין פֿלייש, וועל איך דערזעען גאָט. דאָס און נישט קיין אַנדער זאַך לערנט די רעליגיאָזיטעט. און צו דערדאָזיקער רעליגיאָזיטעט איז יעדער אינערלעכע גייסטיקע איבערלעבונג אַ שטויס און אַן אָנרעג, און יעדער שטויס צו

דערדאָזיקער רעליגיאָזיטעט איז אַ שטויס צו אַ העכערן מין מענטש.

דער דערפיל דעריבער פון אַן אינעווייניקסטער העכערקייט, וואָס קומט צום מענטש, זאָל זיין אויף איין מאָמענט אפילו, פון אַן איבער־לעבונג, וואָס טראָגט אין זיך אַ שטאַרקן אָנרעג, דער זיכערסטער און קירצסטער וועג צו דער רעליגיאָזיטעט. רעליגיאָזיטעט וויל נישט ווי רעליגיע גערעכטפאַרטיקן און הייליקן אַלץ אין ליכט פון דער פאַראַ־נענקייט פון אַ גאָט, נאָר זי וויל אויך דערקלערן און גערעכטפאַרטיקן גאָט אין ליכט פון אַלץ, וואָס גייט דורך, ווערט אויפגענומען און ווערט איינס מיט דער מענטשלעכער נשמה.

אין ליכט פון די נייעסטע בליקן, פילאָזאָפישע און אַלגעמיינע קולטור־בליקן, קאָנען מיר שוין מער נישט זאָגן, ווי עס איז אַמאָל גע־זאָגט געוואָרן: גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטש, נאָר מיר מוזן זאָגן: גאָט באַשאַפט דעם מענטש. די סימפּאַטיעס פון דער דענקענדיקער וועלט היינט צו טאָג זענען אויף דער זייט פון מלאך מיכאל, וועלכע־ שרייט אויס צו שמאלן (אין בער האָפמאַנס „יעקבס חלום"):

„פאַרלוימדער! ער האָט נישט באַשאַפן — ער באַשאַפט!"

און דערצו מוז נאָך אויך צוגעגעבן ווערן, אַז באַשאַפנדיק דעם מענטש, שאַפט זיך גאָט אַליין אויך אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן. און דערדאָזיקער שאַפונגס־פּראָצעס, דער פּראָצעס פון שטענדיקער באַנייאונג און אַנדערש ווערן, באַפרייט אי גאָט, אי דעם מענטש פון אומרירעוו־דיקייט און פאַרגלייווערטקייט, וואָס צו זיי האָט געמוזט פירן דער באַגריף פון אַן אייביק ביז אייביק אויסגעגאָסענער און אומפאַרענדערלעכער עקזיסטענץ. דער בליק פון אַן אוניווערסאַל־באַשאַפנדיקן און זיך זעלבסט־שאַפנדיקן מוח לייגט אַרויף נישט נאָר אויף גאָט, נאָר אויך אויף דעם מענטש א גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אַ גרעסערע נויטיקייט זיך אָנצושטרענגען, זיך אָנטון אַ כּוח, כּדי אָנצוטרייבן מיט מער אימפּעט דעם איבעראַנדערשונגס־פּראָצעס אין דער ריכטונג פון טיפערע, שענערע און העכערע אינהאַלטן. לויט דעמדאָזיקן בליק און באַגריף זענען אי־ גאָט אי דער מענטש פריי. זיי זענען ביידע פריי — פריי אָבער נישט אין דעם זין פון קאָנען טון אַלץ, וואָס עס ווילט זיך און אַלץ, וואָס עס גלוסט זיך צו טון, נאָר פריי אין דעם זין, וואָס פון פריער־

אָן איז קיין שום זאַך, קיין שום געשעעניש, קיין שום אָנגאַנג נישט באַשטימט.

מיט דעם אָפּשאַף פון פאָראויסבאַשטימטקייט פאַר דער אויספּי־רונג און דער רעאַליזירונג פון באַגערן און באַשטרעבונגען קומט דער אימפּעראַטיוו, אַז עס מעג, קאָן און זאָל געשטרעבט ווערן צו אַלץ, וואָס דער גוטער ווילן דיקטירט. אמת, נישט אַלץ וועט צושטאַנד קומען, נישט אַלץ וועט רעאַליזירט ווערן. היות אָבער, ווי קיינער קאָן נישט פאָרויסזאָגן, וואָס עס וועט יאָ און וואָס עס וועט נישט פאַרווירקלעכט ווערן, איז דעריבער פאַר גאָט און פאַר מענטש פריי די אָנשטרענגונג, פריי די שטרעבונג מעגלעך צו מאַכן אַלץ, וואָס דאַרף און זאָל מעג־לעך ווערן — אויב נישט איצט, איז ווען עס איז אין דעם לויף פון דעם אומענדלעכן דויער. און סיי גאָטס, סיי דעם מענטשס באַמיונגען און אָנשטרענגונגען גייען אויף אַזאַ אופן נישט לאיבוד אין דעם גאַנג, צונויפשטעל און אַנטוויקלונג פון דעם סכום פון אַלץ, וואָס הייסט אַלוועלט.

דער באַגריף וועגן אַן אומאויפהערלעכן שאַפונגס־פּראָצעס, וואָס צו אים איז אונטערוואָרפן אַלץ אין דער וועלט, פונם העכסטן ביזן קלענסטן, פאַרשטאַרקט ביז גאָר און גיט אַריין אַ נייעם אָטעם אין דעם באַגריף פון אימאַנענץ, וואָס אים האָט שפינאָזע צום ערשטן מאָל פילאָ־זאָפיש פעסטגעשטעלט, אין די ראַמען אָבער פון אַן אייביקן אומפאַר־ענדערלעכן זיין פון גאָט און וועלט. בערגסאָנס באַגריף פון באַשאַף און שפּינאָזעס באַגריף פון אימאַנענץ, דער באַגריף פון אַ וועלט, וואָס איז אָנגעשלאָסן אין גאָט, און פון אַ גאָט, וואָס נישט נאָר דריקט ער זיך אויס און זעצט זיך דורך דורך דער וועלט, נאָר אויך שאַפט אומאויפהערלעך אי זיך, אי די וועלט — דידאַזיקע באַגריפן פון באַשאַף און אימאַנענץ, קומען אַלץ שטאַרקער און אַלץ אָפטער צום אויסדרוק אין אַלע צווייגן פון קולטור, און צווישן זיי אויך אין דער ליטעראַטור.

וועגן דעם באַשאַף־באַגריף אין „יעקבס חלום“ האָב איך שוין דערמאַנט. דאָרט ווערט אָבער אויך גאָר שאַרף באַטאָנט דער באַגריף פון אימאַנענץ. די נאַטור פילט זיך דאָרט אַן איינגעשלאָסענע אין דעם צו גאָט שטייגנדיקן מענטש, און דער צו גאָט שטייגנדיקער מענטש אַן איינגעשלאָסענער אין גאָט.

יעקב דערהערט די שטים פון וואַסער־קוואַל, וואָס רעדט צו איס די פאָלגנדיקע רייד:

צי קלינגט עס דיר ווי רייד,
פאַרנעמסטו מיך, מיין זון,
ווייל דו — ווייל דו ביסט יעקב?
איך רויש אַוועק, איך רין,
אַ קוואַל, אַ קוואַל, פון טיפן שלאָג איך מיר
דורך פעלז מיין וועג אַהער —
ווייל דו — ווייל דו פאַרנעמסט מיך, יעקב,
בין איך נישט איינזאַם מער!
מיך הערט נישט קיין געוויקס,
קיין שטיין און קיין באַשעפעניש —
גאָטס שטערן זענען ווייט —
איין יעקב נאָר, וואָס הערט מיך,
נעמט צו פון מיר מיין איינזאַמקייט.

און אין דעם זעלביקן זין רעדן אַנדערע נאַטור־קעגנשטאַנדן צו יעקבן. זיי רעדן אַזוי צו יעקבן, און יעקב פאַרנעמט זייער שטים דער־פאַר, וואָס ער פילט יעדן נאַטור־קעגנשטאַנד באַזונדער און די נאַטור ווי אַ גאַנצע — ווי אַ טייל פון זיך, און זיך ווי אַ דורכזעצונג דורך איר. און אַזוי פילט ער זיך בנוגע צו גאָט, און גאָט אין שייכות צו זיך און צו דער נאַטור. דאָסדאָזיקע געפיל גיסט ער אויס אין זיין תּפילה, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם באַנעם פון דער וועלט, וואָס באַהערשט איצט דעם מענטשס גייסט.

כ׳בין אַזוי מיד! און דאַרף נאָך קודם בעטן,
די מוטער האָט פאַרלאַנגט — זי זאָגט ס׳ברענגט רו!
בעט איך!
דו נישט דערקענטער — נישט געזעענער דו —
דו גאָט פון מיינע פאָטערס — וועסטו מיך צוטרעדן?
ווייסטו פון מיר? און איז פאַר דיר מיין ציטערן

מ ע ר ווי דאָס ציטערן פון אַ גראָז אין ווינט ?
הערסטו מיין וואָרט דען מערער, ווי דאָס מורמלען
פון יענעם קוואַל, אין טאָל אַראָפּ, וואָס רינט ?
ווער ווייסט ! עס גלייבט דער כּוים צו ד י ר אַרויפצורוישן —
דאָך איז עס נאָר דיין שטורם דורך אים, וואָס ווייעט —
ס קען זיין — דו רעדסט פון מיר — צו דיר אַליין —
אַ שמועס פון דיר — מיט מיר — איז מיין געבעט.

אָט אַזעלכע מיני שטימונגען, דורכגעדרונגענע און אָנגעפילטע מיט מיסטעריען, אָט אַזעלכע געבעטן — אַ געבעט פון מענטש, וואָס איז אין גאָט, צו גאָט, וואָס זעצט זיך דורך אין דעם מענטש — רייסן זיך דורך אין דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע און שלאָגן אַרויפצו אין די העכסטע הימלען. אַזעלכע שטימונגען און אַזעלכע געבעטן ברעכן דורך אַלע מחיצות, וועלכע זענען ווע -עס-איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן גאָט, מענטש און וועלט. זיי נעמען פונאַנדער און רוימען אָפּ פון וועג אַלץ, וואָס דערלאָזט נישט דער ענדלעכקייט אַריינצוגיסן זיך אין דער אומענדלעכקייט, אַלץ, וואָס דערלויבט נישט דעם טויט און דעם לעבן צו טראָגן זיך אין דעם איינאונאיינציקן אומצייטלעכן און אומרוימלעכן שטראָם פון דויער.

און צו אַזעלכע שטימונגען, צו אַזעלכע תּפילות ווערט דער מענטש געפירט נאָר פון שטאַרקע גייסטיקע אויפרודערונגען און צעטרייסלונגען, וואָס פון זיי איז ליבע די שטאַרקסטע, די פאַרוואָרצלטסטע, די אַלגעמיינסטע און אין דער אייגענער צייט — די איינציקסטע אין איר אַרט פון אויסדרוק און געשטאַלטונג פאַר יעדן איינציקן מענטש באַזונדער.

וואָס פאַר אַ געפיל איז דאָס, וואָס פאַרכאַפּט אונז, באַגייסטערט און באַצויבערט אונז אין אַזאַ ווערק, למשל, ווי קנוט האַמסונס „פּאַן"? איז דאָס דען נישט דאָס געפיל פון אימאַנענץ — דאָס געפיל פון צו זיין איינס מיט דער נאַטור און אינאיינעם מיט איר — אין גאָט ? איז עס דען נישט דאָס געפיל פון צו זען גאָט און די געטלעכקייט אין דער נאַטור, אין יעדן ריר און יעדן ציטער, אונזערן און אירן ? און וואָס רופט אַרויס אין גלאַנען — דעם העלד פון „פּאַן", דאָס געפיל

פון אימאַנענץ, וועלכעס דער קינסטלער גיסט אַריין אין אונזער נשמה און פילט זי אָן מיט אים ביז איבער די ראַנדן? איז דען נישט דער אוממיטלבאַרער קוואַל, פון וועלכן עס שלאָגט אַרויס דאָסדאָזיקע געפיל צו גאָט און צו דער וועלט — אַ קוואַל פון ליבע — אַ ליבע אַ מאָדנע און אַן אייגנאַרטיקע? איז עס דען נישט די ליבע פון גלאַנען צו עדוואַרדען, וועלכע פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט און רעגט אָן ביז צום העכסטן גראַד גלאַנס נשמה און גייסט אפשר דווקא דערפאַר, וואָס עדוואַרדע איז געווען לאו דווקא צו די געפילן פון גלאַנען?

אין אַ צושטאַנד פון אַזאַ נשמה־און גוף־צעטרייסלענדיקער ליבע צעגיסט זיך איינמאָל שפעט אין דער נאַכט אַריין אויף דער פרייער נאַטור דאָס גאַנצע וועזן פון דעם פאַרליבטן גלאַנען אין דאַנקזאָגונג צו גאָט און צו אַלץ, וואָס איז געטלעך. איך ברענג דידאָזיקע דאַנק־זאָגונג, ווייל זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רעליגיאָזיטעט, פאַר וועלכער איך שטעל זיך איין און ווייל זי שלאָגט אַרויס אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן פון אַן עסטעטישן קוואַל.

פריידיק רופט גלאַן אויס:

„אַ גרוס, מענטשן, חיות און פייגל, צו דער איינזאַמער נאַכט אין וואַלד, אין וואַלד! אַ גרוס צו דער פינצטערניש און גאָטס מור־מלען צווישן דיביימער, צו דער זיסער איינפאַכער מעלאָדיע פון שווייגן אין מיינע אויערן, צו די גרינע בלעטער און די געלע! אַ גרוס צום לעבנסקלאַנג, וואָס איך הער. — אַ גרוס צום באַרמהאַרציקן שווייגן אויף דער ערד, צו די שטערן און צו דער האַלבער לבנה, יאָ, צו זיי און צו איר...“

„אַ דאַנק פאַר דער איינזאַמער נאַכט, פאַר די בערג, דעם גע־דראַנג פון דער פינצטערניש און פון דעם ים דורך מיין האַרץ! אַ דאַנק פאַר מיין לעבן, פאַר מיין אָטעמען, פאַר דער מתנה פון זיין אַ לעבעדיקער היינט ביינאַכט, אַ דאַנק פון האַרץ פאַר אַלץ! הערט, מזרח און מערב, אָ, הערט, הערט. דאָס איז דער אייביקער גאָט. דאָס שטילע מורמלען אין מיינע אויערן איז דאָס בלוט פון דער גאַנצער נאַטור, וואָס קאָכט. ס׳ס איז גאָט, וואָס וועבט זיך דורך דער וועלט און מיר. ביי מיין אומשטערבלעכער נשמה, איך דאַנק אָן אַ שיעור, וואָס איז איך, וועלכער זיצט דאָ!“

און דער איך, וואָס זיצט דאָ, אַ באַהעפטער אין גייסט מיט גאָט און נאַטור, דער איך, וואָס פילט זיך אין דער נאַטור און אין גאָט און די נאַטור און גאָט אין זיך — אַזאַ איך פילט זיין נשמה, ווי אַן אומשטערבלעכע, ער שווערט ביי זיין אומשטערבלעכער נשמה און אויף אַזאַ אופן וואַרפט ער אַריבער אַן אומצעשטערבאַרע בריק צווישן לעבן און טויט, פון וועלכער ער שפרינגט מיטאַמאָל אַריין און ווערט אויפגעכאַפּט פון די וואַלן פון דעם אומצייטלעכן און אומרוימלעכן ים פון דויער. און דאָס אַלץ לעבט דורך אָט דערדאָזיקער איך, וואָס גייט אויף דער וועלט אונטער דעם נאָמען גלאַן, אין אַ צושטאַנד פון אויפטרייסלענדיקער און אויפרודערנדיקער ליבע צו איינער מיטן נאָמען עדוואַרדע. און פאַר אונזערע אויגן ווערט דורך קאָנקרעט־קינסטלערישער בילדלעכקייט די עסטעטיק אַריינגעוועבט אין רעליגיאָזיטעט.

און אָט זענען נאָך עטלעכע שורות פון דעם פריער שוין גענאַכטן פּאָעט, עמיל ווערהאַרן, וועלכע ווייזן, ווי ליבע קאָן אין דער פאַנטאַזיע פונם ליבהאָבער דורכברעכן די מחיצה צווישן לעבן און טויט — דערהויפּט ווען דידאָזיקע ליבע קומט צום קינסטלערישן אויסדרוק, און וואָס קאָן דען פירן צו אַ שטאַרקערער און גרעסערער רעליגיעזער פאַרטיפונג, ווי דאָס שאַפן אין אונזער פאַנטאַזיע אַ וועלכע עס איז פאַרבינדונג צווישן לעבן און טויט, אַזוי אַז לעבן און טויט זאָלן ווערן בלויז פאַרשידענע געשטאַלטונגען אָדער אויסדרוקן פון איין אומאויפהערלעכן זיין אין דעם דויערנדיקן אוניווערס? אַזאַ פאַרקניפונג דערלאָזט נישט דערצו, אַז טויט זאָל באַדייטן אַ לחלוטינדיקע פאַרניכטונג, אַ צעשטערונג און אויסוואָרצן פון אַלץ אין אונז, וואָס דענקט, פילט און וויל — פון אַלץ, וואָס שטעלט צונויף דעם איך, דעם זעלבסט און די פערזענלעכקייט. און דער אומאויפהערלעכער דויער פון דער פערזענלעכקייט איז דער נייטיקסטער באַדינג און די שטאַרקסטע רעגונג פאַר דעם באַגריף און געפיל פון רעליגיעזיטעט.

עמיל ווערהאַרן לאָזט דעם ליבהאָבער זאָגן צו זיין געליבטער:

ווען דו וועסט האָבן צוגעמאַכט מיינע אויגן צום ליכט,
קוש זיי מיט אַ לאַנגן קוש, מחמת זיי וועלן האָבן דיר

געגעבן אין דעם לעצטן קוק פון זייער לעצטער
התלהבות די אויסערסטע ליידנשאַפטלעכע ליבע.

אונטער דער שטילער שיין פון דעם לוויה־
פאַקעל בייג אָן צום זיי־געזונט אין זיי
דיין טרויעריק און שיין פנים, אַזוי,
אַז דאָס איינציק בילד, וואָס זיי וועלן האַלטן אין קבר
זאָל זיך קאָנען אָפּשטעמפּלען אויף זיי, און זאָל קאָנען
דויערן.
און לאָז מיך פילן, אייזער דער טויטן־קאַסטן ווערט
צוגענאָגלט,
דאָס טרעפן זיך נאָכאַמאָל פון אונזערע הענט אויפן ריינעם
ווייסן בעט
און דאָס רוען פון דיין באַק איין לעצט מאָל אויף מיין
שטערן, אויף די בלאַסע קישנס,
און לאָז מיך נאָכדעם אַוועקגיין ווייט מיט אַ
האַרץ, וואָס וועט איינהאַלטן אַזאַ פייערדיקע
ליבע פאַר דיר, אַז די אַנדערע טויטע וועלן
פילן איר ברען אפילו דורך דער
קאָמפּאַקטער טויטער ערד.

אַ ליבע מיט אַ פייער, וואָס לאָזט אין דער פאַנטאַזיע
דורכברעכן די קאָ־פּאַקטע טויטע ערד — אַזאַ ליבע לייטערט
די נשמה און פילט זי אָן מיט דער טיפקייט און דערהויבנקייט,
וואָס זיי מוז אַ מענטשלעכע נשמה פאַרמאָגן, כּדי דער מענטש זאָל
קאָנען דורכגענומען ווערן מיט אַלע קולטור־אויסדרוקן — ביז צו
רעליגיעזיטעט — און מיט דער קולטור אַליין, ווי מיט דעם סכום פון
אַלע אויסדרוקן און פונקציעס פון דעם אוניווערסאַלן גייסט.

## ד.

אַ נשמה־פונאַנדערטרייסלונג, וואָס אין איר טרעפט זיך עראָטיק און רעליגיעזיטעט אַזוי צונויף און ווערן אַזאַ אָרגאַנישע גאַנצקייט, אַז עס איז שווער צו זאָגן וואו עס ענדיקט זיך דאָס ערשטע און וואו עס הייבט זיך אָן דאָס צווייטע — אַזאַ נשמה־פונאַנדערטרייסלונג ווערט אונז געגעבן אין דעם נישט לאַנג דערשינענעם היסטאָרישן ראָמאַן „שבתאי צבי״ פון פאָליאַקאָוו. ביידע קינסטלערישע ווערק מיט דעם נאָמען שבתאי צבי — זשולאַווסקיס דראַמע און פאָליאַקאָווס ראָמאַן — געשפיגלען אָפּ אויף אַ קינסטלערישן אופן דעם נייעם מענטשלעכן געדאַנקען־פלוס. אין די קאָנקרעט־קינסטלערישע געשטאַלטן פון דעם אַמאָל באמת לעבעדיקן שבתאי צבי קומען צום אויסדרוק די נייעסטע פילאָזאָפישע באַגריפן וועגן דער שייכות צווישן מענטש און גאָט, מענטש און מענטש. און אין דער שייכות צווישן מענטש און מענטש פאַרנעמט גאָר אַ געהויבן און אָנגעזועען אָרט די שייכות צווישן מאַן און פרוי. די דראַמע, ווי דער ראָמאַן שבתאי צבי, זענען ביידע פון דעם מין קינסטלערישע ווערק, וואָס בעטן זיך אַוועקגעשטעלט צו ווערן אין אַ פילאָזאָפיש ליכט. פאַר דעם פונקט אָבער, וואָס מיר ווילן דאָ אַרויסברענגען און דאָס איז די שייכות צווישן עראָטיק, וועלכע איז אידענטיש מיט דעם לעבנס־פראָצעס גופא אין אַלע זיינע אָנשויונגען, פאַרצווייגונגען און שטייגונגען, און רעליגיעזיטעט, וועלכע נעמט דורך און דרינגט דורך די העכערע פאָרמען און אויסדרוקן פון לעבן — פאַר דערדאָזיקער שייכות וועט זיין גענוג צו ברענגען איין אויסצוג פון דעם ראָמאַן „שבתאי צבי״.

אין דעמדאָזיקן אויסצוג ווערט געמאָלן די דערוואַכונג פון שרהס געפילן צו דעם משיח, וועלכן איר פאַנטאַזיע האָט אים געבראַכט צו איר אין אַלערליי פאַרבן און געשטאַלטן, און צו וועמען איר האַרץ און נשמה האָבן געגאַרט און געגלוסט. אַרום די זעונגען אין באַצוג צו דעמדאָזיקן משיח האָבן זיך געוועבט אירע חלומות ביינאַכט און אירע טראַכטענישן בייטאָג.

„שרה האָט געקוקט אויף די שיינע מתּנות און זאַכן, מיט וועלכע רחלס גוטע האַנט האָט באַצירט איר צימער, די ווענט, טישלעך און קאַנאַפּעס. אָט שטייט אַ געשליפענער, קרישטאָלענער פלאַקאָן, פול מיט אַ מחיהדיקן, שמעקנדיקן אייל. אָט איז אַ זילבערנער שפּיגל פון אַ זעלטענער אויסאַרבעטונג, באַצירט מיט קליינע פּערל אין די קאַנטן, אָט ליגן אויף דער קאַנאַפּע ווייכע סאַמעטענע קישעלעך, אויסגענייטע מיט זייד און גאָלדענע פעדעם — — מיט גלייכגילטיקן, פרעמדן בליק האָט שרה געקוקט אויף די רירנדע צייכנס פון ליבע צו איר מצד רחלן, אָבער זי דאַרף דאָס נישט. גיין אין די טויבע נעכט פון שטאָט צו שטאָט, שלינגען דעם שטויב פון די הייסע, ווייסע וועגן, לעכצן נאָך וואַסער און זיך פאַרשיכּורן מיט דער זיסער, דרייסטער, פייערדיקער רעדע פון שבתאי צבי — דעם גיכפיסיקן הירש פון גאָט. מיד ווערן ביזן אויסגיין פון די כּוחות, אַנידערפאַלן פון שוואַכקייט און גיין, גיין, גיין — נאָך זיינע טריט אים נאָכגיין טריט נאָך טריט — שעפּן וואַסער פאַר אים פון אַ קאַלטן ברונעם אין זומער, ברענגען אַ שייטערהויפן ביים וואַלד־ראַנד אין אַ קאַלטן לויטערן האַרבסט־טאָג. טרעפן אין האַרץ יעדן, נאָך נישט געבוירענעם געדאַנק משיחס און ציטערן מיט דער נשמה פון סודותפולן רמז. זיין לעבן אים אינם גרויסן טאָג פון זיין באַגעגעניש מיטן פאָלק, זעען פון דער הויכקייט פון זיין באַרג, ווי אויף אַלע ברייטקייטן פון דער ערד עפענען זיך די קברים, שטייען אויף תּחית־המתים די טויטע און גייען צו אונטערן שאָטן פון זיין אומשטערבלעכקייט, באַדעקנדיק אַלע וועגן פון דער וועלט ווי מיט שניי, מיט דער ווייסקייט פון תּכריכים, זיין זיין שוועסטער, זיין שקלאַפין...

„וואו איז ער ? מיט אַ נעפּלדיקער ווייטקייט איז פאַר שרהן געווען איינגעהילט דער וועג פון דער צוקונפט, נאָר אין נעפּל האָט געשיינט די העלע זון, וואָס איז אויפגעגאַנגען אויף איר לעבן און שיקזאַל. לויט דידאָזיקע שטראַלן פון דער זון וועט זי אַוועק צו דעם קוואַל פון ליכט און וועט אים געפינען, פּונקט ווי זי האָט לויט די קלאַנגען פון אַ פידל אַמאָל געפונען דעם וועג פון קלויסטער צו איר פאָלק — — — הירש, הירש!!"

נאָך לאַנגע זוכענישן, דורכמאַכנדיק אָן אַ שיעור גילגולים, געפינט שרה שבתאי צבי און ווערט אויפגענומען, ווי אַ געליבטע פון

דעם לאַנג געגאַרטן אין לאַנג געזוכטן משיחן, און אָט וואָס פאַר אַ נדר זי גיט זיך אין די אָרעמס פון איר מאַן: „צונויפצוזאַמלען אין איר נשמה מיליאָנען נשמות, צו קאָנצענטרירן אין זיך דעם כּוח און די אמונה פון די שטאַרקע דורות, פון אַמאָליקע צייטן, אַלע תּפילות פון די מוטערס ביי די קוואַלן פון די אַוועקגעגאַנגענע דורות, זיך אָנפילן מיט קדושה און ווערן פאַר משיחן דאָס פאָלק ישראל, ווי ער האָט געזאָגט”.

און וואָס איז מכּוח שבתאי צבי אַליין? ווי מאָלט פאַר אונז דער קינסטלער פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט די האַלב לעגענדאַרישע און האַלב היסטאָרישע פערזענלעכקייט? ווי מאָלט ער איר איבערנאַטירלעכן ברען און עקסטאַז אין ליכט פון די ביייעסטע באַגריפן וועגן שייכותן צווישן עראָטיק און גייסטיקע שטייגערונגען בכּלל און רעליגיעזע בפרט?

אויך אים, משיחן, לאָזט פּאָליאַקאָוו דערגרייכן נשמה־צושטאַנדן, אונטער וועלכע עס איז בשום אופן נישט מעגלעך נישט פאַר שבתאי צבי און נישט פאַר אַנדערע, אַ חוץ אים, צו ציען אַ ליניע צווישן דער ליבע צו שרהן, דער ליבע צום פאָלק ישראל און דער ליבע צו גאָט. אַזוי, אַז אויב עס איז אין אַ געוויסן זין אמת, ווי שבתאי צבי דערקלערט צום סוף פון זיין משיח־קאַריערע, אַז אָן אַ פאָלק איז נישטאָ קיין גאָט, איז דאָס אויך אמת, אַז אָן ליבע, אָן עסטעטיק, אָן עראָטיק אין דעם בעסטן זינען פון וואָרט, איז קיין פאָלק נישטאָ. און אויב עס איז אמת, ווי ער דערקלערט אין דער זעלביקער צייט, אַז אָן גאָט איז נישטאָ קיין משיח, איז אויך אמת, אַז אָן גאָט איז נישטאָ קיין ליבע, נישטאָ קיין עסטעטיק, נישטאָ קיין שום פאַרנונפטיקע באַדינגונג פאַר קיין שום גייסטיקער דערהויבנקייט, פאַר קיין שום צי אין די הימלען אַריין.

און דערפאַר טאַקע, גלייב איך, לאָזט אונז פּאָליאַקאָוו וויסן, אַז נאָך דעם ווי שבתא צבי האָט דערקענט שרהן, האָט ער „באַקומען זיין לאַנג־געזוכטע אמונה און זיין אומבאַגרענעצטן כּוח, און זיין ווילן אָן אַ שיעור. ער האָט שוין מער נישט מורא פאַרן סולטאַן, ווייל שרה איז געווען אַזאַ זיסע, אַזאַ וואוילע און אַזאַ התלהבותדיקע. איר לעבן פון די קינדערישע יאָרן אָן ביז זי האָט אים באַגעגנט — אַן אמתער

נס. וואונדערבאַר איז איר אויפהאַלטן זיך אין אַ קריסטלעכן קלויסטער, איר פּאַטערס קומען צו איר צו חלום, איר אַנטלויפן פון קלויסטער, אירע אַרומבלאָנדזשענישן, אירע גילגולים און אירע עבירות. וואונדערבאַר איז געווען איר בענקשאַפט נאָך אים, איר באַגעגעניש מיט כלבין און נאָך וואונדערבאַרער — איר קינדישע קריסטאַל־לויטערע נשמה, איר פייערדיקער גלויבן אין אים. דאָס פלעגט זי זיך באַווייזן אין דעם מיסטישן געשטאַלט פון דער מלכה מעליזעלדאַ. דאָס האָט איר וויזיע געשעמערירט פאַר זיינע אויגן אין דידאָזיקע זעגלען פון זיין געבורטס־ים אין סמירנע. דאָס פלעגט ער וועגן איר זינגען דאָס ליד, וואָס גאָט האָט אים אַריינגעגעבן — שופר של משיח, גאָטס שטים! —"

און שבתאיס אייגענע ווערטער צו שרהן זענען: „ס'איז נישטאָ קיין שיעור צו מיין מאַכט, שרה. זייט יענער מינוט אין קאַיראָ, ווען דו ביסט צו מיר געקומען און איך האָב ענדגילטיק אָנגעהויבן צו גלייבן, איז מיין גלויבן שטאַרקער און פעסטער פון די בערג פון יהודה, די נסים פון משהן פון מצרים וועלן בלייך ווערן לגבי מיינע נסים. דו וועסט דאָס זען מיט דיינע אייגענע אויגן".

און צום ברייטן עולם, צום המון, רופט אויס שבתאי צבי: „זייט וויסן, אַז איך בין גערופן געוואָרן מחיה־מתים צו זיין דאָס ליד וועגן שולמית און שלמה, וואָס איר האָט פאַרגעסן".

צוריק אַלזאָ צום אַלטן, אַלטן געזאַנג פון געזאַנגען! און אין דעם אַלטן ווי אין דעם נייעם איז נישט צום אָפּטיילן די ליבע־טענער, ליבע־קלאַנגען פון אַלע אַנדערע טענער און קלאַנגען, וואָס גיבן איבער די העכסטע און טיפסטע עמאָציעס, אין וועלכע נאָר אַ מענטשלעכע און אפשר אויך אַן איבערמענטשלעכע נשמה קאָן זיך צאַפּלען און ראַנגלען אין אומבאַשרייבלעכע פריידן אַזוי גוט ווי אין אומאויסדריקלעכעליידן — און אין ביידע פאַלן ציטערן ביז צו אירע פונדאַמענטן פון גליקזעליקייט. אין דעם אַלטן ווי אין דעם נייעם ליד פון לידער, אין דער אַלטער ווי אין דער נייער קונסט ציט זיך דער פאַרכישופטער נישט־איבערגעריסענער קרייז פון ליבע און עראָטיק צו רעליגיעזיטעט און קולטור, און צוריק — פון און דורך רעליגיעזיטעט און קולטור צו אַ טיפער און העכערער נאָך מער אינספּירירנדיקער, נאָך מער רעגנדיקער ליבע און עראָטיק.

אַזוי איז עס געווען און אַזוי וועט עס זיין כל־זמן מענטש וועט נאָך אַלץ זיין דאָס, וואָס דאָס וואָרט מענטש מיינט צו אונז היינט צו טאָג. מעג זיך דער אַבסטראַקט פילאָזאָפירנדיקער טאָלסטאָי און אַלע אָנהענגער פונם טאָלסטאָיזם דענקן, וואָס זיי ווילן און חקירן וויפיל זיי ווילן. בלייבן וועט עס, לויט מיין איבערצייגונג, נישט ווי עס האָט געשריבן דער מיטן קאָפּ טראַכטנדיקער טאָלסטאָי, נאָר אַזוי ווי עס האָט געמאָלן מיט דער גאַנצער נשמה מיט אַלע פיבערן פון זיין גייסט און פון זיין גאַנצער פערזענלעכקייט טאָלסטאָי, ווען ער איז געווען ריינער קינסטלער. און ווען מען רעדט וועגן אַ ליבע־ברען, וואָס צינדט אָן אַלערליי העכסטע און טיפסטע געפילן און דער עיקר די געפילן פון רעליגיעזיטעט, און אין די נשמות און אין די הערצער פון מענטשן דאַרף מען נישט זוכן דעמדאָזיקן ליבע־ברען נאָר אויסער די ווערק פון טאָלסטאָיען. ניין, אַ גאָר שטאַרקער, אַלץ אַרומכאַפּנדיקער און צו אַלץ, וואָס איז הימליש און געטלעך, אָנרעגנדיקער ליבע־ברען איז גע־קומען צו אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקן אויסדרוק אין די קינסטלע־רישע ווערק פון טאָלסטאָיען גופא.

און דערפאַר וועל איך איצט טאַקע דורכנעמען די צוויי קינסט־לערישע ווערק טאָלסטאָיס: „מלחמה און פרידן" און „אַננאַ קאַרענינאַ". און דורכנעמען וועל איך זיי בלויז פון דעם שטאַנדפונקט, וועלכער אינטערעסירט מיך אין דערדאָזיקער אַרבעט, און דאָס מיינט, פון דעם שטאַנדפונקט פון דער שייכות צווישן ליבע און אַלע אַנדערע העכסטע נשמה־אויסדרוקן, נשמה־פאַרטיפונגען און נשמה־דערהויבונגען.

און טון וועל איך דאָס, כדי זיך און אַנדערע נאָכאַמאָל אי־בערצייגן, ווי ווייניק מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויפן קינסטלער, ווי אויף אַ קריטיקער פון קונסט בכלל און פון זיין אייגענער קונסט בפרט; און אויך כדי אויף אַ נאָך מער קאָנקרעטן אופן איינצוזען, ווי דווקא דאָס אומבאַוואוסטע אינם קינסטלער, דאָס ריין קינסטלערישע אַזוי צו זאָגן, רעגט שטאַרקער און ווירקט דירעקט אויף אַ מער דערהויבענעם אופן, איידער דאָס, וואָס איז אין קינסטלערס באַוואוסטזיין, איידער דאָס, וואָס ער וויל און דענקט, אַז אַזוי און אַזוי זאָל עס און וועט ווירקן אויף דעם קונסט־געניסער.

עס וועט זיך, גלייב איך, אַרויסווייזן, אַז דווקא דאָרט, וואו דער

קינסטלער איז גאָרנישט אויסן, גאָרנישט מתכוון, דאָרט דווקא, וואו עס גייט אים נישט אָן צוווירקן אויף אַ סאָציאַלן, מאָראַלישן, רעליגיעזן אָדער וועלכן עס איז אַנדערן אופן — דאָרט באַקומט זיך גראָד איינע פון די דערמאַנטע ווירקונגען און אַמאָל אַלע ווירקונגען אינאיינעם, און זיי באַקומען זיך אָפּט אויף אַן אומגעהייער שטאַרקן אופן. נישט דאָרט, וואו עס אַרבעט דעם קינסטלערס אַזאַ אָדער אַן אַנדער דערקענטעניש־פעיקייט, נאָר דאָרט, וואו עס אַרבעט די אינטואיציע, וועלכע איז די צונויפשמעלצונג פון אַלע דערקענטעניש־פעיקייטן, נאָר דאָרט און נאָר דעמאָלט ווירקט די קינסטלערישע שאַפונג ביז אַלע טיפענישן, ברייטקייטן און הויכקייטן פון קולטור.

מיט דער דאָזיקער כּוונה און אין ליכט בלויז פון דער שייכות פון דער ווירקונג פון דער ריינער קונסט אָדער פון דעם אומבאַוואוסטן אין דער קונסט אויף אַלע אַנדערע קולטור־אויסדרוקן טרעט איך צו צו אַ קורצער צעגלידערונג פון „מלחמה און שלום" און „אַננאַ קאַרענינאַ".

# I.

## לעוו טאָלסטאָיס „קריג און פרידן" און „אננא קארענינא"

### 1.

### נאַטאַשאַ און מאַריאַ אין „קריג און פרידן"

### א.

טאָלסטאָי, דער קינסטלער, לאָזט איינעם פון זיינע העלדן אין „קריג און פרידן" — דעניסאָוון — זאָגן: „זעסטו, מיין פריינט, מיר שלאָפן, ביזוואַנען מיר ליבן נישט. קינדער פון שטויב זענען מיר — האָסטו זיך אָבער פאַרליבט, און דו ביסט גאָט, דו ביסט ריין, ווי אינם ערשטן טאָג פון באַשאַף..."

און דעם שלעכטן, בייזן דאָלאָכאָוון לאָזט טאָלסטאָי זאָגן: „איך האָב נאָך נישט געפונען יענע הימלישע ריינקייט, איבערגעבנקייט, וועלכע איך זוך אין אַ פרוי. ווען איך זאָל געפינען אַזאַ פרוי, וואָלט איך מיין לעבן אָוועקגעגעבן פאַר איר — — — און גלייבסטו מיר, אויב איך האַלט נאָך טייער מיין לעבן, האַלט איך עס טייער נאָר דערפאַר, וואָס איך האָף נאָך צו באַגעגענען אַזאַ הימליש וועזן, וואָס זאָל מיך באַנייען, רייניקן און דערהויבן".

און ווער נאָך האָט אַזוי שיין און טיף געמאָלן דעם הימלישן אויפשטייג פון דער מענטשלעכער נשמה אונטער דעם ערשטן האַרציקן פאַרדעכטיק-צוזאָגנדיקן בליק פון אַ פרוי, ווי דאָס האָט געמאָלן טאָלסטאָי אין זיין „קריג און פרידן"?

„אַלע מענטשן" — שרייבט טאָלסטאָי — „האָבן אויסגעזען אַזוי רחמנותדיק, אַזוי אָרים אין פאַרגלייך מיט יענעם געפיל פון ליבע, וואָס ער (פיער) האָט איבערגעלעבט. אין פאַרגלייך מיט יענעם צעווייכטן, דאַנקבאַרן בליק, מיט וועלכן זי האָט דאָס לעצטע מאָל פון הינטער

טרערן אַ קוק געגעבן אויף אים — נאָר קוקנדיק אויפן הימל, האָט פּיער נישט געפילט די באַליידיקנדיקע שפּלקייט פון אַלץ ערדישעס אין פאַרגלייך מיט דער הויכקייט, אויף וועלכער זיין נשמה האָט זיך געפונען. — — פּיער האָט פריילעך מיט אויגן, נאַסע פון טרערן, געקוקט אויף דעמדאָזיקן ליכטיקן שטערן, וועלכער דורכפליענדיק מיט אַן אומאויסדריקלעכער שנעלקייט אומדערמעסטלעכע שטחים אויף אַ פּאַראַבאָלישער ליניע, וואָלט זיך פּלוצלינג, ווי אַן אַריינגעשטעקטער אין דער ערד שפּיז, איינגעקלעפּט דאָ אין איין אָרט, וועלכעס ער האָט אויסגעקליבן אויפן שוואַרצן הימל, זיך אָפּגעשטעלט, אויפהייבנדיק ענערגיש אין דער הייך זיין עק, לייכטנדיק און זיך שפּילנדיק מיט זיין ווייס ליכט צווישן די אומצייליקע אַנדערע בלישטשענדיקע שטערן. פּיערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דערדאָזיקער שטערן ענטפערט פולקאָם אויף דעם, וואָס איז געווען אין דיין צעווייכטער און דערמוטיקטער נשמה, וועלכע האָט זיך פונאַנדערגעבליט צו אַ ניי לעבן".

און ווער איז אָט דידאָזיקע פרוי, וועמענס דאַנקבאַרקייט אויסדריקנדיקער בליק האָט געקאָנט אַזוי אַ שטויס טון פּיערן, דעם, וואָס איז געווען פול מיט איבערלעבונגען און דערפאַרוגען אין העכסטע הימלען אריין, אַז ער זאָל זיך מיטאַמאָל דערפילן ווי פון דאָס ניי-געבוירן צו אַ העכערן, טיפערן, אינהאַלטסרייכערן און זינפולערן לעבן?

דידאָזיקע פרוי איז נאַטאַשאַ — איינע פון די צוויי וויכטיקסטע און מערקווירדיקסטע פרויען-געשטאַלטן אין דעם ווערק „קריג און פרידן". און וואָס אַנבאַלאַנגט נאַטאַשען אַליין, איז זי, ווי איך גלייב, איינע פון די גאָר ווייניקע עכט-קינסטלערישע פרויען-געשטאַלטן אין דער וועלט-ליטעראַטור, וואָס דורך זיי איז צום טיפסטן און שענסטן צום אויסדרוק געקומען דאָס אייביק גייסטיק-בלייבנדיקע אין דער פרוי. אין נאַטאַשען זענען געקומען צום אויסדרוק די אייגנשאַפטן אין דער פרוי, וואָס דער מענטש דאַרף ווינטשן, זיי זאָלן פאַרטיפט און דערהויבן ווערן, זיך אַלץ מער און ווייטער אַנטוויקלען, אָבער קיינמאָל אין עצם-תוך נישט געענדערט ווערן און קיינמאָל חלילה נישט אָפּגעשאַפט ווערן. דער קאָנטראַסט צווישן נאַטאַשען און דער צווייטער פרויען-געשטאַלט — מאַריען, ווי ער וויקלט זיך פונאַנדער און קריסטאַליזירט זיך אַרויס אינם ווערק „מלחמה און פרידן" וואַרפט אַ ליכט אויפן פּראָבלעם פון

דער שייכות צווישן קונסט און קינסטלער, קונסט און קולטור און קונסט און קריטיקער. מיר הייבן אָן מיט נאַטאַשען.

נאַטאַשע איז עס די, וואָס טראַכט נישט וועגן גאָט, ווי דאָס טוט די צו איר אַנטקעגנגעזעצטע פרויען־געשטאַלט — מאַריע. נאַטאַשע איז קיינמאָל נישט פאַראינטערעסירט אויף אַ דירעקטן אופן אין גאָט. זי איז קיינמאָל נישט פאַרטון צופיל אין איבערערדישע זאַכן. נאַטאַשע אָבער האָט אַ האַרץ, וואָס וויל און קאָן ליב האָבן. און דערדאָזיקער טיפער, שטאַרקער און זעלטן אָפּנהאַרציקער באַגער צו ליבן, ווי אויך די פון דער נאַטור איר געגעבענע פעיקייט צו ליבן מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה און אַלע אברים פון דעם קערפּער, וואָס מאַכן זי אויך צו ווערן די איינציקסטע, וואָס רופט אַרויס ברענענדיקע ליבעס צו זיך פון מענער, ווי אַנדרעי און פּיער. זי, די גאָר יונגיטשקע און איינפאַכע, זי, דאָס פּשוטסטע פון אַלע פּשוטסטע מיידלעך, ווערט עס די ליבנדיקע און גאַרנדיקע און פון ליבע געגאַרטע קראַפט, וואָס אינספּירירט אַזעלכע טיפע און אייגנאַרטיקע נשמות, ווי די נשמות פון די שוין אין די מיטעלע יאָרן אַנטוויקלטע און קאָמפּליצירטע מענטשן — אַנדרעי און פּיער.

און עס איז די זעלביקע נאַטאַשע, וואָס ווען זי הערט זאָגן:
„אָ, אָבער עס איז שווער זיך אונז פאָרצושטעלן אייביקייט", רופט אויס: „פאַרוואָס זאָל עס שווער זיין זיך פאָרצושטעלן אייביקייט — עס וועט איצט זיין, מאָרגן זיין, אַלע מאָל זיין, און עס איז נעכטן געווען און אייערנעכטן געווען!"

נאַטאַשע איז אַזוי פול מיט לעבן, אַזוי פול מיט ליבע, האַרציקייט און איבערגעבנקייט, זי פאַרמאָגט אַזאַ באַרייטקייט אומאויפהערלעך צו האַנדלען און צו טון אַלץ פאַר דער אויסלעבונג און פאַר דעם אויסגוס, פאַר דעם לאָזן אין גאַנג אַלע אירע, ווי זי פילט, אומדערשעפּלעכע געפילן, אַז זי שוועבט שטענדיק אין דער אייביקייט, און זי פילט די אייביקייט שוועבנדיק אין זיך. דאָס איז בדרך כּלל אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר אַלע אַקטיווע און ערנסטע נאַטורן. און נאַטאַשע געהערט דאָך צו די גאָר שיינע פרויען־געשטאַלטן, וועלכע זענען אַזוי ווייניק אין דער ליטעראַטור און וועלכע צייכענען זיך אויס

מיט זייער טיפער נאַאיווקייט, ווי אויך מיט זייער אינטענסיוויטעט און לעבעדיקייט.

נאָך אַלס קינד פאַרברענט זיך נאַטאַשע די האַנט מיט אַ הייסער ווירע, כדי צו באַווייזן איר פריינטשאַפט צו סאָניען. און ווען זי ווערט פאַרכאַפּט אויף אַ מאָמענט פון ליבע צום אויסוואורף, דעם אָפיציר קוריאַגין, שטעלט זי זיך נישט אָפּ פון צו אַנטלויפן מיט אים אינמיטן נאַכט פון הויז פון אירע עלטערן, וועלכע זי האָט געליבט און געאַכט, אָפּזאָגנדיק זיך דערביי אויך פון קניאַז אַנדרעי, וועמען זי האָט נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן. זי שעמט זיך גאָרנישט מודה צו זיין זיך אַליין, אַז זי האָט זיי ביידן ליב: אי קוריאַגינען, אי אַנדרעיען. אַנדרעי פאַרכאַפּט מסתמא איר נשמה מיט זיין גייסט, און קוריאַגין מיט זיין פיזיק. אַן אַקטיווע נאַטור, ווי נאַטאַשע, קאָן נישט לאַנג בלייבן אין וואַקלענישן און עס האַלט שוין דערביי, אַז קוריאַגין, וועלכער האַנדלט אָן טראַכטענישן און קאָן זיך אויפן אָרט געפינען, זאָל זי פאַנגען אין זיין נעץ פון חיהשער ליידנשאַפט. בלויז דורך אַ נס ווערט זי פון אים געראַטעוועט. און גראָד אָט דידאָזיקע נאַאיוויטעט און אימפולסיווקייט, אָט דידאָזיקע אינטענסיוויטעט און גוואַלטיקן ערנסט און דעם אויסערגעוויינלעכן איבערפלוס פון ליבע-ענערגיע — אָט דאָס אַלץ אינאיינעם גענומען, האָבן דאָס אי אַנדרעי, אי פיער אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אין נאַטאַשען.

עס איז אפשר איר אומענדלעכע קראַפט צו ליבן און צו האַנדלען און צו טרייבן דאָס קלענסטע, אַזוי גוט ווי דאָס גרעסטע ביז צו דער אומענדלעכקייט און אויך אין דער אומענדלעכקייט אַליין גופא, וואָס ווירקט אויף אַזאַ הויך-גייסטיקן אופן אויף די ביידע זי שטאַרק ליבהאָבנדיקע מענער. זיי ווערן אונטער דעם איינפלוס פון איר באַצויבערנדיקער קראַפט געטריבן צו טראַכטן וועגן דער אומענדלעכקייט און וועגן דעם, וואָס אומענדלעכקייט איז איינע פון זיינע אַטריבוטן — וועגן גאָט. און אַ סך מער נאָך ווי צו טראַכטן ווערן זיי אונטער איר איינפלוס און אין איר נאָענטקייט געטריבן צו פילן גאָט און די געטלעכקייט. זייער ליבע צו איר און איר ליבע צו זיי פירט זיי נישט צו רעליגיע, נאָר צו רעליגיעזיטעט. קניאַז אַנדרעי איז קיינמאָל נישט געווען אונטער דער שליטה פון דער רעליגיע, וועלכע האָט געהאַלטן

געפאַנגען זיין שוועסטער מאַריע פון קינדווייז אָן. און פיער האָט זיך געהאַט באַפרייט פון דער רעליגיע פון דעם אָרדן פון די פרייע מויערער אַ סך פריער פאַר דעם מאָמענט, ווען נאַטאַשע האָט עס אויף אים אויף אַ מערקווירדיקן אופן אַ בליק געטון. צוליב דער ליבע זייערער אָבער צו נאַטאַשען דערפילן זיי זיך ביידע טיפער איינגעוויקלט אין דער מיסטעריע, וועלכע נעמט אַרום די וועלט אינאיינעם מיט זיי פון אַלע זייטן. זיי גייען אַרום ווי אָנגעקניפּטע אָן אַ וועלט־נשמה, וואָס פון איר זענען זייערע און נאַטאַשעס פון ליבע זיך צאַפּלענדיקע נשמות — פונקען, טיילן, אויסדרוקן אָדער געשטאַלטונגען.

דערמאָנענדיק זיך אָן נאַטאַשען, זאָגט אַנדרעי צו זיך אַליין: „דידאָזיקע נשמהדיקע קראַפט, דידאָזיקע האַרציקייט, דידאָזיקע נשמהדיקע אָפנהאַרציקייט, אָט דידאָזיקע נשמה אירע, וואָס האָט אַזוי ווי געהאַלטן געבונדן דעם קערפער אירן, אָט די נשמה אין איר האָב איך עס ליב געהאַט אין איר — אַזוי שטאַרק, אַזוי גליקלעך ליב געהאַט". נאַטאַשעס נשמהדיקע קראַפט קרעפטיקט אַנדרעיען נישט נאָר עסטעטיש, נאָר אויך מאָראַליש און רעליגיעז. און עס איז דיזעלביקע נשמה־קראַפט אין נאַטאַשען, וואָס טרייבט זי אַרויסצוגנבענען זיך אין מיטן נאַכט אין שלאָפראָק פון איר מוטערס צימער און טאַפּנדיק אין דער פינסטערניש, און שפּאַנענדיק איבער די קערפער פון פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, צושלאָגן זיך צום בעטל פון דעם קראַנקן, באַלד־שטאַרבנדיקן אַנדרעיען, וועלכן נאַטאַשע האָט אונטער דעם מאָמענטאַלן, אָבער שטאַרקן ברען פון ליידנשאַפט, געוואָלט פאַרבייטן אויף אַן אַנדערן.

„נאַטאַשע" — לייענען מיר צום סוף פון דריטן באַנד „מלחמה און פרידן", און יעדעס וואָרט, וואָס מיר לייענען אין דעמדאָזיקן זייטל קריצט זיך איין אויף שטענדיק אין אונזער נשמה און באַווירקט און באַאיינפלוסט זי ק ו ל ט ו ר י ש אין אַלע ריכטונגען. — „נאַטאַשע האָט נאָך פון אינדערפרי אָן, ווען מען האָט איר געזאָגט וועגן דער וואונד און וועגן דער אָנוועזנהייט פון קניאַז אַנדרעי, באַשלאָסן, אַז זי מוז אים זען זי האָט נישט געוואוסט צוליב וואָס דאָס האָט געמוזט זיין, נאָר זי האָט געוואוסט, אַז דאָס זען זיך וועט זיין פול מיט

יסורים, און דערפאַר איז זי נאָך מער געווען איבערצייגט, אַז עס איז געווען נויטיק.

„דעם גאַנצן טאָג האָט זי געלעבט נאָר מיט דער האָפענונג, אַז בײַנאַכט וועט זי אים זען. אָבער איצט, ווען עס איז אָנגעקומען די דאָזיקע מינוט, איז אָנגעפאַלן אויף איר אַ שרעק פאַר דעם, וואָס זי וועט דערזען. ווי שטאַרק צעקאַליעטשעט איז ער געווען? וואָס איז געבליבן פון אים? איז ער געווען אַזוי ווי עס איז געווען דער נישט אַנטשוויגנווערנדיקער קרעכץ פון דעם אַדיוטאַנט? יאָ, ער איז אינגאַנצן אַזוי. ער איז געווען אין איר פאָרשטעלונגס־קראַפט די פאַרקערפּערונג פון דעמדאָזיקן קרעכץ. ווען זי האָט דערזע די נישט קלאָרע מאַסע אין ווינקל און האָט אָנגענומען זײַנע אונטערגעהויבענע אונטער דער קאָלדרע קניען פאַר זײַנע אַקסלן, האָט זי זיך פאָרגעשטעלט עפּעס אַזאַ מין שרעקלעכן קערפּער, און אין שרעק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. אָבער אַן אומווידערשטײַלעכע קראַפט האָט זי געצויגן פאָראויס, זי האָט פאָרזיכטיק געמאַכט איין טראָט, אַן אַנדערן, און האָט זיך געפונען אין מיטן פון אַ גרויסער פאַרצוימטער שטוב. אין שטוב אונטער די איקאָנעס איז געליגן אויף אַ באַנק אַן אַנדערער מענטש (דאָס איז געווען טימאָכין). און אויפן דיל זענען געלעגן עפּעס נאָך אַ פּאָר מענטשן (דאָס זענען געווען דער דאָקטאָר און דער קאַמערדינער).

„דער קאָמערדינער האָט זיך אויפגעהויבן און האָט עפּעס אַ שושקע געטון. טימאָכין, לײַדנדיק פון ווייטיק אין דעם פאַרוואונדעטן פוס, איז נישט געשלאָפן און האָט געקוקט מיט אַלע אויגן אויף דעם מיידל אין אַ ווייס העמד, קאָפטל און שלאָף־מיץ, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף אַ מאָדנעם אופן. די פאַרשלאָפענע און דערשראָקענע ווערטער פונם קאַמערדינער: „וואָס ווילט איר?” „צוליב וואָס” האָבן געצוואונגען נאַטאַשען שנעלער צוצוגיין צו דעם, וואָס איז געלעגן אין ווינקל. ווי שרעקלעך נישט ענלעך צו אַ מענטש ס'איז געווען אָט דערדאָזיקער קערפּער, האָט זי דאָך אים געמוזט זען. זי האָט אויסגעמיטן דעם קאַמערדינער. דאָס אָנגערויכערטע בערגל פון דעם ליכט איז אַרונטערגעפאַלן, און זי האָט קלאָר דערזען דעם ליגנדיקן מיט

אויסגעדאַרטע הענט אויף דער קאָלדרע, קניאַז אַנדרעיען אַזעלכן, ווי זי האָט אים אַלעמאָל געזעען.

„ער איז געווען אַזוי ווי אַלעמאָל. נאָר די אויפגעפלאַמטע פאַרב פון זיין פנים, די בלישטשענדיקע אויגן, וועלכע זענען געווען פריידיק אָנגעשטעלט אויף איר און דערהויפּט דער צערטלעכער קינדערישער האַלז, וועלכער האָט אַרויסגעשטעקט פון דעם אַראָפּגעלייגטן קראַגן פון העמדל, האָבן אים געגעבן אַ באַזונדער אומשולדיק קינדערישן אויסזען, וועלכן זי האָט אגב קיינמאָל נישט באַמערקט אין קניאַז אַנדרעיען. זי איז צוגעקומען צו אים, און מיט אַ שנעלער, בייגעוודיקער, יונגער באַוועגונג זיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני.

„ער האָט אַ שמייכל געטון און אויסגעצויגן צו איר די האַנט".

און ציען זיך דען נישט אויך אונזערע הענט צו איר — צו דער, וועלכע ענטפערט אַזוי שיין און אַזוי הנעוודיק, אַזוי נאַאיוו און אַזוי גרינטלעך אויף דעם רוף און אויף דעם באַפעל פון דער העכסטער קראַפט, וואָס אָפּערירט מיט דעם שיקזאַל, אָדער וועלכע איז אַליין אפשר דער אומאַנטפלעקטער און אומדערקענטער שיקזאַל — אַליין דער אומדערשעפּערלעכער קוואַל פון מיסטעריעס און פאַרבאָרגענישן, פון וועלכע עס שלאָגן אַרויס די לעבנס־שטראָמען, פאַרפלייצנדיק די וועלט און דורכזעצנדיק זיך דורך פלאַנץ, חיה און מענטש?

ציט דען נישט אונדזער נשמה צו איר נעמה? קלאַפּט דען נישט אונזער נשמה אין אוניסאָן מיט די אַלע איבערלעבענישן, אָנקומענישן און בייקומענישן פון איר נשמה אין די מאָמענטן פון איר דערנענטערונג און צוקום צו דעם, וואָס נעמט ביסלעכווייז אָפּשייד פון דערדאָזיקער ערדישער וועלט און גייט בהדרגהדיק אַריבער אויף יענער וועלט? און גייען מיר דען נישט נאָך אין אַלע טיפן נאַטאַשעס איבערלעבענישן ביז צו דעם מאָמענט ווען אַנדרעי פאַרלירט לחלוטין דעם אינטערעס אין דער אונזעריקער וועלט, ווייל ער — ווי עס ווילט זיך טאָלסטאָיען — דערפילט זיך שוין אינגאַנצן אַ יענער־וועלטיקער?

און אויב עס האָט זיך נישט איינגעגעבן טאָלסטאָיען אונז צו

איבערצייגן בילדעריש דעם לחלוטינדיקן איבעררייס מיט דער וועלט, מיט דער ערדישער וועלט, איידער דאָס לעבן נעמט אַנטשיידנדיקן אָפּשייד פון קערפּער. אויב טאָלסטאָי מאַכט אונז נישט צו דערפילן די נאַטירלעכקייט און מעגלעכקייט פון אַנדרעיס איבעררייס פון אַלע אינטערעסן און אַלע געפילן צו נאַטאַשען און צו זיין זון נאָך איידער ער, אַנדרעי, איז ווירקלעך טויט, באַווייזט דערפאַר אָבער טאָלסטאָי אויף אַן אויסגעצייכנטן זיכערן און שטאַרקן אופן צו מאַכן אונז אין אונ־זער פאַנטאַזיע צו פילן און צו איבערלעבן מיט אַנדרעיען אַ מאָמענט פון שטאַרקער פאַרבינדונג צווישן די צוויי וועלטן, אַ מאָמענט פון שטאַרקער אָנגעהעריקייט און אָנגעקניפּטקייט פון איין וועלט אָן דער אַנדערער. ער באַווייזט צו מאַכן אונז צו דערפילן דווקא דעם היפּוך פון דעם, צו וואָס זיין אַבסטראַקט דענקען און טראַכטן האָט אים געפירט, דער היפּוך דערפון, צו וואָס ער איז געבראַכט געוואָרן דורך זיין פילאָ־זאָפישער שפּעקולאַציע.

די פילאָזאָפיע האָט אים אַלע מאָל געפירט צו דעם ווען גלויבן אין דער אַבסאָלוטער איבערגעריסנקייט פון די צוויי וועלטן, אין דער לחלוטינדיקער נ י ש ט ־ מחותנשאַפט צווישן הימל און ערד, קערפּער און גייסט, אין אַ גענצלעך אויסגעליידיקט ווערן און באַפרייט ווערן פון אַלץ, וואָס הייסט די וועלט ביי דעם אַריבערגאַנג אַהין, וואָס מען רופט יענע וועלט. און אָט פאַרוואָס טאָלסטאָי דערציילט אונז וועגן דער גלייכגילטיקייט, וואָס כאַפּט אַרום אַנדרעיען די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן — אין די מינוטן, הייסט עס, ווען ער איז שוין מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער וועלט. ער דערציילט אונז וועגן דעם. און ווייל ער דערציילט, נישט קאָנענדיק עס מאָלן, דערפילן מיר די געקינצלט־קייט פון דערדאָזיקער גלייכגילטיקייט אַנדרעיס. מיר בלייבן גלייכגיל־טיק צו דער גלייכגילטיקייט אַנדרעיס, ווייל דעם מענטשס נשמה, גלויבן מיר, קאָן זיך מער אַריינלעבן אין אַ צוגעבונדנקייט און פאַר־אינטערעסירטקייט אין י ע נ ע ר וועלט, שטייענדיק נאָך מיטביידע פיס אויף דער וועלט און פאַרקערט — אַ צוגעבונדנקייט און גאָר אַ שטאַרקע פאַראינטערעסירטקייט אין ד ע ר וועלט, אפילו ווען מען איז שוין מיט אַ פוס אויף יענער וועלט.

און דערפאַר ווערן מיר מער באַווירקט און מיר קאָנען זיך

מער אַרײַנלעבן אין די געפֿילן פֿון אַנדערע, װעלכע, װען ער דערפֿילט זיך נאָענט צום טויט, דיקטירן אים צו זאָגן: „ליבע שטערט דעם טויט. ליבע איז לעבן. אַלץ, אַלץ, װאָס איך פֿאַרשטײ, פֿאַרשטײ איך נאָר דערפֿאַר, װאָס איך האָב ליב. אַלץ איז פֿאַראַן, אַלץ עקזיסטירט נאָר דערפֿאַר, װאָס איך האָב ליב. אַלץ איז נאָר דורך איר אײנער פֿאַרבונדן. ליבע איז גאָט, און שטאַרבן — מײנט פֿאַר מיר, דער צוריקקער פֿון דעם טײלכעלע ליבע צום אַלגעמײנעם און אײביקן קװאַל". און אויב דידאָזיקע געדאַנקען האָבן, װי טאָלסטאָי זאָגט אונז, נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער טרײסט, װאָס זײ האָבן אין זיך געטראָגן, עליטן פֿון אַן אײנזײטיקײט און פֿון נישט גענוג באַשײנפּערלעכקײט, איז עס דערפֿאַר, װאָס טאָלסטאָי האָט אין אַנדרעיס באַהױפּטונג אַרײַנגעלײגט זײַן, טאָלסטאָיס, אײגענע אײנזײטיקײט, טאָלסטאָיס געניגטקײט צו דער אױסדערװײלטקײט פֿון דעם ליבע־אױסדרוק פֿון און איבער אַלע אַנדערע אױסדרוקן פֿון קולטור. גיבן מיר אָבער צו צו ליבע אויך די אַנדערע אױסדרוקן, אין װעלכע מענטשן קאָנען זיך מאָמענטװײַז לײַדנשאַפֿטלעך פֿאַרקאָכן, דערפֿילן מיר שוין אַלזײַטיק און באַשײנפּערלעך די מעגלעכקײט פֿון דעם מענטש צו דערזען זיך װי אַ טײלכעלע גײַסט, װאָס קערט זיך צוריק צום אַלגעמײנעם און אײביקן קװאַל פֿון גײַסט און װאָס צװישן זײ אָבער, צװישן טײלכל און דעם גאַנצן, װערט אויף קײן אײן מאָמענט און אויף קײן אײן האָר נישט איבערגעריסן די פֿעדעם, װאָס בינדן זײ װי אָרגאַנישע טײלן אין אַן אָרגאַנישער גאַנצקײט.

אמת טאַקע, אַז אויף נאַטאַשעס פֿראַגן: װאוהין איז ער אַװעקגעגאַנגען? װאו איז ער איצט?" — קאָנען מיר נישט געבן קײן קלאָרן און זיכערן ענטפֿער. מיר קאָנען זיך אָבער, נישט מיטן שכל און נישט מיטן געפֿיל, באַפֿרײַען פֿונם גלױבן און פֿון דער האָפֿנונג, אַז דאָס, װאָס האָט זיך דאָ אויף דער װעלט דורכגעזעצט דורכן קערפּער אין דער פֿאָרם און געשטאַלט פֿון דענקען, װעלן און פֿילן, זאָל נישט פֿאַרמאָגן אַ געװיסן תּוך, אַ געװיסע אינערלעכקײט, אַ מהות אַזעלכן, װאָס איז געװען, איז און װעט זײַן און בלײַבן די זעלביקע אויף אַלע מאָל און אַלע װעלטן. און דידאָזיקע זעלביקײט איז דער אומאיבערגעריסענער פֿאָדעם, װאָס בינדט אַלע װעלטן צוזאַמען און שאַפֿט איבער

אָדער אונטער אַלע מחיצות — איבערגאַנג, אָדער דורכגאַנג־מעגלעכקייטן.

עס איז שווער זיך אויך פאָרצושטעלן, אַז די קערפּערלעכקייט, וואָס פון איר רעדט אַרויס צו אונז דער גייסט, און וועלכע ציט צו און פאַרכישופט דעריבער אונזער גייסט, נשמה און קערפּער, — עס איז שווער, זאָג איך — זיך פאָרצושטעלן, אַז די־דאָזיקע קערפּערלעכקייט האָט שוין גאָר קיין ברעקל מהות נישט, וואָס זאָל זי ערגעץ־וואו, אויף אַ וועלכן ס'איז נישט אופן צונויפגיסן מיט אַלץ דעם, וואָס מיר רופן אָן גייסט אין איינאונאיינציקער אוניווערסאַלער גאַנצקייט — אין אַ גאַנצקייט, וועלכע קאָן אַזוי ווייניק געמאָלט זיין אָן דעם, וואָס מיר רופן גייסט אין דער לעצטער אינסטאַנץ, ווי ווייניק זי קאָן געמאָלט זיין אָן דעם, וואָס באַווייזט זיך צו אונז אין דער געשטאַלט און פאָרם פון קערפּערלעכקייט. דאָס איז אַ מאָניזם, צו וועלכן טאָלסטאָי, ווי אַן אַבכטראַקטער דענקער, האָט, צוליב זיין פאַרקאָכטקייט אין קריסטוסעס וועלטאָנשויאונג, נישט געקאָנט נישט באַנעמען און נישט אויפנעמען. טאָלסטאָי דער קינסטלער אָבער האָט עס יאָ געקאָנט. און דער קינסטלער אין טאָלסטאָיען, מאָלנדיק די לעצטע טעג, שטונדן און מינוטן ביז און נאָך דעם לעצטן אָטעם־צוג פון אַנדרעיען, האָט ווי אַלע מאָל גובר געווען דעם דענקער אין אים.

„נאַטאַשע״ — שרייבט טאָלסטאָי — „איז צוגעגאַנגען, האָט אַ קוק געטון אין די טויטע אויגן און האָט זיך געאיילט זיי צוצומאַכן. זי האָט זיי פאַרמאַכט און האָט זיי נישט אַ קוש געטון, נאָר זי האָט זיך צוגעלייגט צו דעם, וואָס איז געווען די נאָענטסטע דערמאָנונג וועגן אים. און אָט אַזוי ליגנדיק לעבן אים, פרעגט זי: „וואוהין איז ער אַוועקגעגאַנגען? וואו איז ער איצט?״. נישט זי, נאַטאַשע, און נישט מיר מיט איר, קאָנען זיך פאָרשטעלן אָדער באַגרייפן אַנדרעיס שטאַרבן, ווי אַ לחלוטינדיק נישט ווערן, און אָט פאַרוואָס די פראַגע: וואו איז ער איצט? און אַזוי ווי ער איז איצט נישטאָ אין דעם געוויינלעכן זין פון דעם וואָרט — זיין, בלייבט די פראַגע: וואוהין איז ער אַוועקגעגאַנגען? און ביידע פראַגן: דער „וואו״ און דער „וואוהין״ טראָגן אין זיך אַן אָנוואונק און אַן אָנדייט, אַ געפיל און אַ גלויבן, אַז צווישן דעם „דאָ״ און דעם „דאָרט״ זענען פאַראַן שייכותן, פאַר־

בינדונגען און אָנגעקניפּטקייטן, וואָס אַנטפּלעקט זיך און וועלן זיך אַלץ מער אַנטפּלעקן צו די, וואָס וועלן קומען אויף דער וועלט מיט אַ שטאַרקערער גייסטיקער דורכדרינגלעכקייט און אַ טיפערער זעאונג.

„נאַטאַשע און פּירשטין מאַריע" — שרייבט ווייטער טאָלסטאָי — „האָבן אויך איצט געוויינט, זיי אָבער האָבן געוויינט נישט אויס זייער פּערזענלעכן צער — — זיי האָבן געוויינט אויס אַ געפיל פון אויסערגעוויינלעכן יראת־הכבוד, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט זייערע נשמות פאַר דער אָנערקענונג פון דער איינפאַכער און פריידיקער מיסטעריעזקייט פון טויט, וועלכער איז פאָרגעקומען פאַר זיי".

דער יראת־הכבוד פאַרן טויט איז אייגנטלעך יראת־הכבוד פאַר דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. דער גרויסער דרך־ארץ פאַר דעם איך, דעם זעלבסט אָדער דער פּערזענלעכקייט אין דעם מענטש דעלאָזט נישט צו באַטראַכטן און צו פילן דעם טויט ווי בלויז אַ פאַרניכטונג און אַ צעשטערונג־פּראָצעס פון דער קערפּערלעכקייט און גייסטיקייט, וואָס אין זייער סינטעז שטעלן זיי צונויף דעם מין מענטש. און איז דער טויט עפּעס מער ווי אַ סוף און אַן עק פון דעם אויף דער ערד זיך פּרוכפּערנדיקן און מערנדיקן מענטש, מוז שוין זיין אַ וועלכע עס איז פאַרבינדונג צווישן דער וועלט און יענער וועלט. עס מוז זיין אַ וועלכע עס איז, זאָל זיין אַן אומדערקענט און אומאַנטפּלעקטבאַרע, אונטערליגנדיקע איינהייטלעכקייט, וועלכע ווערט אויפגענומען מאָמענטנווייז פון די געפילן און וועלכע קאָן פון דעם שכל קיינמאָל נישט אָפּגעפרעגט ווערן. און דידאָזיקע אונטערליגנדיקע איינקייט און איינהייטלעכקייט פון די צוויי וועלטן דיקטירט אונז צו דענקען, אַז דאָס לעבן אויף דער וועלט, דאָס ערדישע בלוט־און פלייש־לעבן האָט אַ זין און אַ ווערט פאַר דער יענערוועלטיקער עקזיסטענץ, פּונקט ווי יענעוועלטיקע עקזיסטענץ, פון וועלכער אונזער פאַנטאַזיע און אונזערע געפילן קאָנען זיך נישט באַפרייען, גיט אַ זין און אַ ווערט, א י נ ה אַ ל ט און אַ נ ה אַ ל ט פאַר דער דער־וועלטיקער עקזיסטענץ. דערפון נעמט זיך עס מסתמא די אָנערקענונג נישט נאָר פון דער איינפאַכקייט, נאָר אויך פון דער פריידיקייט פון אַ געוויסער גליקזעליקייט אין דער מיסטעריע פון טויט — די אָנדערקענונג, וואָס טאָלסטאָי, דער קינסטלער, שרייבט צו נאַטאַשען

און מאַריען — דער שוועסטער און דער געליבטער פון דעם אויף יע־נער וועלט אַוועקגייענדיקן אַנדרעיען.

און איצט, צוריקקערנדיק זיך צו נאַטאַשען און צו איר מיסטער־יעזן באַווייזן זיך צו דעם אונטער די פליגלען פון טויט ליגנדיקן אַנדרעיען, מיט וועלכן זי פאַרבלייבט ביז דאָס לעבן פאַרלאָזט אים — פרעגן מיר זיך: איז אין נאַטאַשעס קומען און בלייבן ביים בעט פון דעם קראַנקן און גוססדיקן אַנדרעיען, ווי טאָלסטאָי מאָלט עס פאַר אונז, נישט פאַראַן מער רעגונג און רעליגיאָזיטעט פון אַלץ, וואָס איז פאַר־בונדן מיט איר ווי אין אַ סך און אַ סך פון פירשטין מאַריעס טראַכ־טענישן וועגן רעליגיע, וועלכע טאָלסטאָי לאָזט דורכלויפן פאַר אונזער געדאַנק? און אָן די מינדסטע וואַקלענישן, נישט געמאַטערט פון קיין שום ספיקות, ענטפערן מיר אויף דערדאָזיקער פראַגע מיט אַן אַבסאָ־לוטער באַיאָאונג. און דאָס דאַרף, לויט אונזער איבערצייגונג, זיין דער ענטפער פון יעדן איינעם אינטעליגענטן און קריטישן לייענער פון „קריג און פרידן". די איבערלעבונג און מיטפיל פון נאַטאַשעס געפילן פון ליבע, רחמנות, שרעק, געוויסן־מאַטערניש, חרטה און באַרייטקייט צו מסירת־נפש, וועלכע שלאָגן דורך אַ וועג פאַר איר צו דעם אויף אייביק אָפּשייד נעמענדיקן אַנדרעיען, דער אַריינלעב אונזערער אין נאַ־טאַשעס נשמה־צושטאַנד, אין יענע פול מיט טונקלהייטן און מיסטעריעס מאָמענטן, לייטערט שטאַרקער פאַר אַלע אַבסטראַקטע טראַכטענישן און שפּעקולאַטיווע דענקענישן די נשמה פון יעדן איינציקן מענטש סיי מאָראַליש, סיי רעליגיעז, סיי אויף וואָסער עס איז אַנדערן קולטור־אופן.

„קיינער נישט ווי איר" — זאָגט אַנדרעי צו נאַטאַשען — „גיט מיר אָט אָ יענע ווייכע שטילקייט... אָט דאָסדאָזיקע ליכט". און נישט נאָר האָט נאַטאַשע געגעבן אָט אָ יענע ווייכע שטילקייט און אַ באַזונ־דער מין ליכט צו אַנדרעיען, נאָר דורך נאַטאַשען האָט טאָלסטאָי אויך אונז געגעבן אָט־אָ יענע ווייכע שטילקייט און אָט־אָ יענץ ליכט, וואָס פון זיי ביידע, פון דער שטילקייט און פון דעם ליכט, עפענען זיך אין אונז אַלערליי קולטור־קוואַלן, רעליגיעזע אַזוי גוט ווי עסטעטישע און אַזוי גוט ווי מאָראַלישע. און געגעבן האָט דאָס אַלץ אונז טאָלסטאָי דווקא דורך דער דורכאויס עראָטישער, ערדישער, פול־בלוטיקער און

גאַנץ־ביינערדיקער נאַטאַשע, און נישט דורך דער בלוטלאָזער, אָפּ ע־צערטער, טאָלסטאָיִש־קריסטלעכער מאַריע — די צווייטע וויכטיקע פרויען־געשטאַלט אין „מלחמה און פרידן".

ב

דער איינדרוק, וואָס מאַריע מאַכט אויף אונז, איז אייגנטלעך דער־זעלביקער, וואָס זי מאַכט אויף טאָלסטאָי דעם קינסטלער גופא. דער חילוק צווישן די צוויי קינסטלערישע געשטאַלטן: נאַטאַשע און מאַריע, נעמט זיך, לויט מיין מיינונג, פון דעם חילוק אין דעם פּראָצעס פון באַשאַף. און דערדאָזיקער חילוק אינם פּראָצעס פון באַשאַפן געשטאַלטן אין דער קונסט, וועלכער פירט צו דעם חילוק אין דער געשטאַלטונג פון די העלדן און צו זייער ווירקונג אויף די קונסט־געניסער, איז כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר אַלע קינסטלער און זייערע שאַפונגען. און דער־פאַר שטעל איך זיך אַזוי ציל אָפּ אויף אים, ברענגענדיק טאָלסטאָיען, ווי איינעם פון די ווייניק קינסטלער פון אַזאַ גרויס, ביי וועמען דער קאָנ־טראַסט צווישן דעם באַוואוסטן און אומבאַוואוסטן אינם שאַפונגס־פּראָ־צעס טרעט אַרויס אויף אַן אומגעהייער בולטן אופן.

פון די צוויי פרויען־געשטאַלטן, אַלזאָ, נאַטאַשען און מאַריען, איז נאַטאַשע באַשאַפן געוואָרן פון טאָלסטאָי — דעם קינסטלער, און נישט פון טאָלסטאָי דעם פילאָזאָף. נאַטאַשע איז באַשאַפן געוואָרן אָן פילאָזאָ־פישע כוונות. זי איז פון די ריין־קינסטלערישע געשטאַלטן, שאַפנדיק זיי, אַרבעט דאָס אומבאַוואוסטע אַ סך מער איידער דאָס באַוואוסטע. און דערפאַר איז נאַטאַשע אויסגעהאַלטן פון אָנהייב ביזן סוף אין איר כאַ־ראַקטער, און אַלס אַזעלכע איז זי, ווי מיר האָבן געזען, ערנסט האַר־ציק, אינטענסיוו און נאַטור־גאַנץ. און נאָר אַזעלכע וועזנס אין לעבן און נאָר אַזעלכע געשטאַלטן אין דער קונסט רופן אַרויס צו דער אויבער־פלאַך אין אונז גופא דאָס טיפסטע, דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס ליגט אויף די אָפּגרונטן פון אונזער נשמה און וואַרט אויף אַרויסצוקו־מען מכח אל הפועל.

געדאַנקלעך איז טאָלסטאָי אַליין פאַראינטערעסירט אין מאַריען.

דורך מאַריען לאָזט אונז טאָלסטאָי הערן אַ סך פון זיינע אייגענע טראַכטענישן, זיינע אייגענע אָנשויאונגען און באַגריפן וועגן זאַכן און געשעענישן ווי זיי זענען און ווי זיי דאַרפן זיין. ליב האָבן אָבער מיט אַלע אויסדרוקן און טיפעגישן פון זיין גייסט, פאַרקאָכט ביז צו משוגעת פון גליקזעליקייט, ווי זיין העלד פיער למשל איז, נישט אָפגעבנדיק זיך קיין חשבון פאַר וואָס און פאַר ווען — — אַזוי פאַרליבט און אַזוי פאַרקאָכט מיט אַלערליי צאַפּלעגישן און ראַנגלענישן פון דער נשמה — איז טאָלסטאָי אין נאַטאַשען. און עס איז דורך דער עראָטישער נאַטאַשע, אין וועלכער טאָלסטאָי איז עראָטיש און עסטעטיש פאַרקאָכט, וואָס ער וועקט און רופט אַרויס אין אונז נישט נאָר מחשבותן, נאָר אויך די טיפסטע און הייליקסטע געפילן אפילו וועגן לעבן און טויט, וועגן אַ לעבן נאָכן טויט, און וועגן די קרעפטן, וואָס שטייען הינטער לעבן און טויט, ווי אויך וועגן דער קראַפט, וואָס ווייסט נישט פון לעבן און טויט. יאָ, דורך נאַטאַשען, וועלכע לעבט אירע געפילן און געדאַנקען, און נישט דורך מאַריען, וועלכע טראַכט און פילט אַנדערש ווי זי לעבט, און לעבט אַנדערש ווי זי טראַכט און פילט — — דורך נאַטאַשען, דער עסטעטישער געשטאַלט, און נישט דורך מאַריען, דער פילאָזאָפיש-רעליגיעזער געשטאַלט, ווערן מיר טיף און הויך רעליגיעז אָנגערעגט, באַווירקט און באַאיינפלוסט.

נאָך אַלס אַ גאָר, גאָר יונג מיידל שרייבט מאַריע צו איר חברטע:
„מיר אָבער ווייזט זיך אויס, אַז קריסטלעכע ליבע, ליבע צום נאָענטן, ליבע צו שונאים, איז ווירדיקער, זיסער און בעסער ווי יענע געפילן, וואָס שיינע אויגן פון אַ יונגנמאַן קאָנען אַרויסרופן אין אַ יונג מיידל, אַזאַ פּאָעטישע און לעבעדיקע ווי די — — — וואָס אָנגעהערט דעם פּלאַן פון חתונה האָבן בנוגע מיר, וועל איך דיר זאָגן, מיין ליבער און אומשעצבאַרער פריינט, אַז חתונה האָבן איז, לויט מיין מיינונג נאָך, אַ געטלעכע פאַראָרדנונג, וועלכער מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן. ווי עס זאָל מיר נישט שווער זיין, נאָר אויב עס וועט דעם אַלמעכטיקן געפעלן ווערן אַרויפצולייגן אויף מיר די פליכטן פון ווייב און מוטער, וועל איך מיך באַמיען אויסצופילן זיי אַזוי געטריי ווי נאָר מעגלעך, נישט זאָרגנדיק זיך וועגן דער דערקענונג פון מיינע געפילן בנוגע צו דעם, וועמען ער וועט מיר געבן פאַר אַ מאַן".

אַזוי האָט געשריבן מאַריע און אַזוי האָט זי נאַטירלעך געטראַכט. זי האָט ערלעך און אָפנהאַרציק איבערגעגעבן איר חברטע אירע טראַכטונגען; נישט אַזוי אָבער האָט מאַריע געפילט אין די צפּגרונטן אָדער אונטערגרונטן פון איר נשמה. נישט דאָס זענען געווען די ווערטער, וועלכע זענען געלעגן אין דעם קול דממה דקה, וואָס איז געקומען צו איר פון די טיפענישן אין די פינסטערע קעמערלעך פון איר נשמה, אין אירע טרוימען, פאַרשטעלונגען און געדאַנקען וועגן חתונה האָבן, וועלכע זענען אָרגאַניש אַרויסגעוואַקסן פון די געפילן פון איר טיפערן און אמתדיקערן זעלבסט, האָט זיך איר — אַזוי זאָגט אונז טאָלסטאָי — געחלומט, געטראַכט און פאָרגעשטעלט פאַמיליען־גליק, גליק פון קינדער. דער הויפּט־געדאַנק אָבער, דער שטאַרקסטער און פאַרבאַהאַלטנסטער געדאַנק אירער, איז געווען ערדישע ליבע. דידאָזיקע ליבע האָט עס, ווי טאָלסטאָי דער קינסטלער וויל האָבן, געגעבן זיסקייט און זאַפטיקייט צו פיל פון אירע חלומות. און דידאָזיקע געפילן און דידאָזיקע חלומות זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער, וואָס גרעסער עס זענען געוואָרן אירע באַמיונגען און מאַטערנישן צו פאַרבאַהאַלטן דידאָזיקע געפילן פון אַנדערע און פון זיך אַליין.

און דידאָזיקע צעשפּאָלטנקייט אין מאַריעס פערזענלעכקייט, אָט דידאָזיקע פאַר אַ לאַנגער צייט אָנהאַלטנדיקע נישט־צונויפגיסונג פון דער צוויי־שטראָמיקייט אין איר לעבן, וואָס האָט איר געגעבן אַ רעליגיע, אָבער נישט קיין רעליגיאָזיטעט, פירט דערצו, אַז דעם קינסטלערס נשמה אין טאָלסטאָיען קערט זיך אָפּ פון מאַריען, ווען זי ווערט אַ מיידל אין די יאָרן.

אָט וואָס טאָלסטאָי שרייבט וועגן מאַריען און וועגן דעם דאָרף „ליסיאַ גאָרי“ אין דער צייט, ווען איר ברודער קניאַז אַנדרעי באַזוכט זי און די עלטערן פאַר זיין אָפּפאָר אין דער אַרמיי: „די לעצטע דריי יאָר זענען אינם לעבן פון קניאַז אַנדרעי געווען אַזוי פיל איבערקערענישן, ער האָט אַזויפיל איבערגעטראַכט, איבערגעפילט, איבערגעזען, (ער איז דורכגעפאָרן דעם מערב און דעם מזרח) אַז אים האָט אויף אַ מאָדנע און אומדערוואַרטן אופן דערשטוינט, אַריינפאָרנדיק אין ליסי־גאָרי, דער לעבנס־לויף דאָרט, וועלכער איז אין אַלע פרטים געבליבן דער זעלביקער. ווי אין אַ פאַרכישופטן איינגעשלאָפענעם שלאָס, איז ער

אַריינגעפאָרן אין דער אַלעע און אין די שטיינערנע טויערן פון דעם ליסיגאָריער הויף. די זעלביקע געזעצטקייט, די זעלביקע ריינקייט, די זעלביקע שטילקייט, דאָס זעלביקע מעבל, די זעלביקע ווענט, די זעלביקע קלאַנגען, דער זעלביקער ריח און די זעלביקע שרעקנדיקע פנימער, נאָר אַ ביסל פאַרעלטערט. קניאַזשנאַ מאַריע איז געווען דאָס זעלביקע שרעקנדיקע, נישט שיינע, פאַרעלטערטע מיידל, וואָס פאַרברענגט די בעסטע יאָרן פון איר לעבן אין פחד און אין אייביק מאָראַלישע ליידן, אָן נוץ און אָן פרייד".

מיט אַ כּיוון האָב איך געבראַכט נישט נאָר די שורות, אין וועלכע טאָלסטאָי דערציילט אונז וועגן דעם פיזישן, פסיכישן און מאָראַלישן צושטאַנד, צו וועלכן דאָס קריסטלעכע אין מאַריען האָט זי געבראַכט, נאָר אויך די שורות, אין וועלכע טאָלסטאָי מאָלט פאַר אונז די גאַנצע סביבה, וועלכע רינגלט אַרום מאַריען, און וועלכע אָטעמט מיט דערזעלביקער פאַרשטיינערטקייט און שרעקעוודיקייט, מיט וועלכער עס אָטעמט די קניאַזשנע מאַריע אַליין. איך האָב דאָס געטון דערפאַר, וואָס, לויט מיין מיינונג, איז אַלץ, וואָס טאָלסטאָי דערציילט און מאָלט אין דידאָזיקע שורות וועגן מאַריען און וועגן דער סביבה, וואָס ווירקט און ווערט באַווירקט פון דעם שטראָם פון די קריסטלעכע מיינונגען און טענדענצן אין מאַריעס נשמה, כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלץ, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם אויסדרוק רעליגיע. רעליגיע, אונטער וואָסער אַ נאָמען אָדער צייכן זי זאָל נישט גיין, אויף וויפיל זי פאַרקערפּערט אין זיך אינסטיטוציע און טראַדיציע, האָט אַלעמאָל זיך אויסגעצייכנט און צייכנט זיך אויך איצט אויס מיט פאַרגליווערטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, מיט אַ טראַנסצענדענץ אָנשטאָט אַן אימאַנענץ, מיט אַ שטענדיקן שטיין *איבער* דעם לעבן, אָנשטאָט צו זיין *אין* דעם לעבן און גיין *מיט* און *דורך* דעם לעבן.

אַזאַ בילד פון טאָלסטאָיען וועגן דעם צושטאַנד, צו וועלכן מאַריע איז געפירט געוואָרן פון איר רעליגיע, שטויסט אונז מער און מער זיך צו פאַרטראַכטן און צו אַרבעטן פאַר דעם, אַז רעליגיאָזיטעט זאָל וואָס גיכער פאַרנעמען דאָס אָרט פון רעליגיע; אַז וואָס גיכער זאָל קומען די צייט, ווען דער גלויבן אין דער פאַראַנענקייט פון דער העכסטער גייסטיקער קראַפט אין דער וועלט און דאָס פילן פון אונזער איבער-

לעכסטן אָנקניפּ און אָנהאַנג אָן דערדאָזיקער קראַפט, זאָלן נישט זיין מער פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט מעכאַניזירטע אינסטיטוציעס און אויסגעוועבטע טראַדיציעס. דער גלויבן אין דעם זיין פון אַ העכסטער קראַפט און דאָס פילן פון אַן אינטימקייט און באַהעפטונג מיט אַזאַ קראַפט טאָרן נישט שטיין איבער דעם לעבן און דאַרפן נישט לויפן פאַ־ראַלעל צום לעבן, נאָר זיי מוזן אַלץ מער און מער אינטעגרירט ווערן מיט דעם גאַנצן מענטשלעכן לעבן. זיי מוזן מאַכן דאָס מענטשלעכע לעבן לויטערער, פריידיקער, אינהאַלטסרייכער, זאַפטיקער און פאַרביקער.

רייכער מוז דורך זיי ווערן דאָס מענטשלעכע לעבן אין אַלע זיי־נע אויסדרוקן און געשטאַלטונגען און נישט אָרימער, אַלץ דאַרף אַריינ־גענומען ווערן, איבערגעקאָכט, אַסימילירט און סינטעטיזירט ווערן, און קיין זאַך, קיין אויסדרוק דער נידעריקסטער אַפילו, טאָר נישט מיט דער האַנט אַוועקגעמאַכט ווערן. ער קאָן נישט, טאָר נישט און זאָל נישט בטל ווערן דאָס מענטשלעכע לעבן דאַרף דורכגענומען ווערן מיט מאָ־ראַל, עסטעטיק, פילאָזאָפיע, אַזוי גוט ווי מיט רעליגיעזיטעט עס דאַרף, אין אַנדערע ווערטער, דורכגענומען און דורכגעדרונגען ווערן, עס דאַרף אָנגעזאַפּט און אָנגעפילט ווערן מיט טראַכטונגען, געפילן און איבער־לעבונגען פון די שייכותן פון אַלע איינצלנע זאַכן צווישן זיך און אויך צו דעם סכום פון אַלע זאַכן און פון דעם סכום פון אַלע זאַכן צו דעם סינטעז זייערן — צו דער העכסטע קראַפט. און זי, די דאָזיקע העכסטע קראַפט, איז, ווי דער זיידע שפּינאָזע האָט געלערנט, אין זיי, אין די זאַכן, און זיי אין איר. און דער מענטש מיט זיין זעלבסט אין אים קאָן זיך נישט פאָרשטעלן די קראַפט אַנדערש, ווי אַן אוניווערסאַלן זעלבסט. און דער דאָזיקער זעלבסט זאָגט מער דער נשמה פון דעם איצטיקן מענטש, ווי שפּינאָזעס סובסטאַנץ.

דורך דער קניאַזשנע מאַריע, דורך אירע טראַכטונגען, דורך אירע געפילן, איבערלעבונגען און האַנדלונגען, ווי דער קינסטלער טאָלסטאָי מאָלט זיי פאַר אונז, לאָזט ער אונז אומבאַוואוסט פאַר אים אַליין — צו דערפילן דעם באַנקראָט פון דעם סאָרט קריסטנטום, פאַר וועלכן דער אַבסטראַקטער דענקער טאָלסטאָי שטעלט זיך איין אין זיינע פילאָזאָפישע שריפטן. קעגן דעם ווילן פון דעם קריסטלעכן שטראָם אין אים ברענגט אונז טאָלסטאָי דער קינסטלער פנים אל פנים מיט דעם באַנקראָט פון

קריסטוּסעס לערע, ווי אַ פילאָזאָפיע פון לעבן, דער באַנקראָט נעמט זיך דערפון, וואָס דידאַקטיקע לערע וויל פירן דעם מענטש צו דער איבער־מענטשלעכקייט נישט דורך דער מענטשלעכקייט און נישט דורך די אַלע עטאַפּן, וואָס האָבן געפירט צו דער מענטשלעכקייט. נאָר דורך אַן אָפּ־גרונט איבער וועלכן אַ בריק קאָן נישט אַריבער־געוואָרפן ווערן. און אַ שייכות און אַן איינהייטלעכקייט קאָן נישט געפונען און נישט געמאָלט ווערן צווישן דער זייט און יענער זייט פון אָפּגרונט פון ליידיקייט. אַזאַ לערע, אַזאַ שטרעבן צו אַן איבערמענטשלעכקייט, וואָס דאַרף דאָס מענטש־לעכע מיט אַלע זיינע שטאַרקסטע, לעבהאַפטיקסטע און אינטענסיווסטע באַגערן און פאַרלאַנגען מבטל זיין און צו גאָרנישט און נישטיקייט מאַכן, מוז פריער אָדער שפּעטער, און גיכער פריער איידער שפּעטער, געבן אַ שטויס אַראָפּ דעם מענטש אין די תּהומען פון אוממענטשלעכ־קייט, חיהשקייט און בעסטיאַליטעט.

די קריסטן מאַריע האָט שטאַרק ליב געהאַט איר פאָטער. אַ שטיק לעבן אירס האָט זי מקריב געווען פאַר אים. זיין ליבע צו איר, און איר ליבע צו אים האָט זי געקאָסט אַ סך פון איר פּסיכישער אויסגעטריקנט־קייט און אויסגעדאַרטקייט. און איצט איז דער פאָטער קראַנק, און עס איז נישטאָ קיין האָפענונג אויף זיין קומען צו זיך מער. נו, איז וואָס זענען די מחשבות און די געפילן, וועלכע טליען אין דער נשמה פון דער קריסטלעכער מאַריע אין די מאָמענטן, ווען עס דערפילט זיך דער רוף פון יענער וועלט פאַר איר פאָטערס נשמה? זיי זענען, ווי טאָלסטאָי דער קינסטלער זעט זיי, ווייט־ווייט נישט קיין דערהויבענע, ווייט פון צו קאָנען אַוועקשטעלן קריסטוּסעס לערע אין אַ גוט ליכט. און וואָס טאָלסטאָי דער קינסטלער זעט, איז פּסיכאָלאָגיש און פילאָזאָפיש אַ סך מער אמת, ווי דאָס, וואָס דער מאָראַליזירנדיקער טאָלסטאָי טראַכט, און דערפאַר וועט דאָס אַנטי־קריסטלעכע אין זיין קונסט איבערשטייגן אויף אייביק דאָס קריסטלעכע אין זיין פילאָזאָפיע. דער קינסטלער טאָלסטאָי זעט ווי בעת דער פאָטער פון דער קריסטלעכער מאַריע ווערט שטערב־לעך קראַנק, שטייגן אויף אין דער נשמה פון דער זעלביקער קריסטין אַזעלכע פראַגן, ווי: „און וואָס וואָלט געווען, ווען ער שטאַרבט אויפן וועג? נישט בעסער וואָלט געווען אַ סוף, צו אַלץ אַ סוף?“ און טאָל־סטאָי דערציילט אונז, אַז „טאָג און נאַכט, כמעט אָן שלאָף האָט זי נישט

צראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג, און, שרעקלעך צו זאָגן, זי האָט
אָפּט נאָכגעקוקט נישט מיט דער האָפנונג צו געפינען סימנים פון פאַר-
לייכטערונג, נאָר זי האָט נאָכגעקוקט, וועלנדיק אָפּט געפינען
סימנים פון דערנענטערונג צום סוף".

און טאָלסטאָי שטעלט זיך דאָ נישט אָפּ. ער זאָגט אונז, אַז
„נאָך שרעקלעכער פאַר קניאַזשנאַ מאַריע איז געווען דאָס, וואָס זינט
דער פאָטער איז קראַנק געוואָרן — — — האָבן זיך אין איר דער-
וועקט אַלע איינגעשלאָפענע און פאַרגעסענע וואונטשן און האָפנונגען,
דאָס, וואָס פאַראַיאָרן איז איר אין קאָפּ נישט געקומען — געדאַנקען
וועגן אַ פריי לעבן, אָן דער מורא פאַרן פאָטער; געדאַנקען אפילו פון
ליבע און פאַמיליען-גליק האָבן זיך, ווי פאַרפירונגען פונם טייוול, גע-
טראָגן אין איר איינבילדונגסקראַפט. ווי זי האָט זיי נישט דערווייטערט
פון זיך, זענען דאָך אומאויפהערלעך געקומען אין איר קאָפּ פראַגן
וועגן דעם. ווי זי וועט איצט נאָך דעם איינאָרדנען איר לעבן. דאָס
זענען געווען נסיונות פון דעם טייוול, און קניאַזשנאַ מאַריע האָט עס
געוואוסט. זי האָט געוואוסט, אַז די איינציקע כּלי-זין קעגן אים זע-
נען תּפילות, און זי האָט געפּרוווט דאַוונען, זי האָט זיך אַוועקגע-
שטעלט אין דער פּאָזע פון אַ גאָט-בעטער, געקוקט אויף די איקאָנעס,
געלייענט די ווערטער פון דער תּפילה, זי האָט אָבער נישט געקאָנט
גאָט-בעטן. זי האָט געפילט, אַז איצט האָט אַן אַנדערע וועלט זי אַרומ-
געכאַפּט — אַ וועלט פון לעבעדיקער, שווערער און פרייער טעטיקייט,
לחלוטין דער היפּוך פון דער מאָראַלישער וועלט, אין וועלכער זי איז
פריער געווען איינגעשלאָסן און אין וועלכער תּפילה-טון איז געווען
די גרעסטע טרייסט. זי האָט נישט געקאָנט מתפּלל זיין און נישט גע-
קאָנט וויינען, און די לעבנס-זאָרג האָט זי אַרומגעכאַפּט".

און קניאַזשנאַ מאַריע ווערט טאַקע צוריק מענטש ערשט דעמאָלט
און נאָר דעמאָלט, ווען זי ענטפערט אויף דעם רוף פון לעבן — אָט
טאַקע דעמאָלט ווען זי, לויט די געבאָטן און אימפּעראַטיוון פון די לעבנס-
קרעפטן, פאַרליבט זיך און ווען איר ליבע ווערט געענטפערט פון ני-
קאָלאַי ראָסטאָוו. אָט דידאָזיקע קעגנזייטיקע ליבע, אָט די זעלבע לי-
בע, וועלכע טאָלסטאָי האָט אויף דער עלטער, דענקענדיק אַבסטראַקט
אָנגערופן זינדיקע ליבע, האָט עס געראַטעוועט מאַריען פון צו ווע־ן

ווי סאָניע — די דריטע פּרויען־געשטאַלט אין „מלחמה און פרידן" — אַן אומפּרוכטבאַרע בלום.

און אויך דורך סאָניען האָט טאָלסטאָי דער קינסטלער אָפּגע־לייקנט טאָלסטאָי דעם דענקער. סאָניע קאָן ליב האָבן און האָט ליב מענטשן, סאָניע קאָן זיך מקריב זיין און איז זיך מקריב פאַר מענטשן. סאָניע פירט אַ ריין און עכט מאָראַליש לעבן. סאָניע איז דורכאויס אַלטרואיסטיש, אַזוי לחלוטין נישט עגאָאיסטיש, ווי נאָר אַ מענטש קאָן עס זיין. קורץ, סאָניע איז, פון אַ טאָלסטאָיש־קריסטלעכן שטאַנד־פּונקט, מיט אַלע מעלות, און דאָך איז אין די הענט פון טאָלסטאָי דעם קינסטלער געוואָרן פון איר אַ געשטאַלט, וועלכע רופט אין קיי־נעם נישט אַרויס געפילן פון שטאַרקער און אמתער ליבע. אַ געשטאַלט, וואָס רעגט קיינעם צו קיין שום זאַך נישט אָן און באַגייסטערט קיינעם נישט פאַר קיין זאַך אין דער וועלט. אַלץ, וואָס מען קאָן האָבן פאַר איר, איז אַ באַרג מיט רחמנות. דאָס הייסט, אַזעלכעס, וואָס אַ מענטש מיט זעלבסט־רעספּעקט איז דווקא מוחל דעם אַנדערן במחילה גמירה. „אין איר", זאָגט אונז טאָלסטאָי, „איז געווען אַלץ, וואָס פאַר דעם שאַצט מען מענטשן הויך, געווען איז אָבער ווייניק פון דעם, וואָס זאָל צווינגען מענטשן זי ליב צו האָבן, און ער האָט געפילט, אַז וואָס מער ער שעצט זי, אַלץ ווייניקער ליבט ער זי".

און נאָך שטאַרקער אין דעם זעלביקן ליכט איז די כאַראַקטע־ריסטיק, וואָס טאָלסטאָי לאָזט נאַטאַשען געבן וועגן סאָניען.

„אַמאָל" — אַזוי שרייבט טאָלסטאָי — „האָט זי (קניאַזשנאַ מאַ־ריע) זיך צערעדט מיט איר פריינט נאַטאַשען וועגן סאָניען און חעגן איר אומגע עכטיקייט צו איר.

„ווייסטו וואָס", — האָט געזאָגט נאַטאַשע, — „דו האָסט דאָך אַ סך מאָל געלייענט די עוואַנגעליום? דאָרט איז פאַראַן איין אָרט די־רעקט וועגן סאָניען": „דעם, וואָס פאַרמאָגט, וועט געגעבן ווערן, און ביי דעם, וואָס פאַרמאָגט נישט, וועט אָוועקגענומען ווערן", געדענקסט? זי איז פון די, וואָס פאַרמאָגן נישט. פאַרוואָס? ווייס איך נישט. זי האָט אפשר נישט קיין עגאָאיזם — איך ווייס נישט. אָבער ביי איר ווערט אָוועקגענומען, און אַלץ איז אָוועקגענומען געוואָרן. איך האָב אַמאָל

אויף איר שטאַרק רחמנות — זי איז אַן אומפרוכטבאַרע בלום, ווי אויף די ערדבערן — —".

אָט פון אַזאַ מין אומפרוכטבאַרקייט ווערט מאַריע גראַטעווע, ווען זי וואַרפט זיך אַריין אין דעם לעבנסשטראָם. און דערדאָזיקער לעבנסשטראָם האָט אַ היפש ביסל גובר געווען דעם טאָלסטאָיש-קריסטלעכן שטראָם אין איר. און אויב עס איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אין איר אַ טויטקייט און אַ פאַרגליווערטקייט, זענען זיי אָט די אַלע טאָלסטאָיש-קריסטלעכע אייגנשאַפטן און נאָכווייעענישן אַזוי טיף פאַרזונקען געוואָרן אין די אונטערשטע שיכטן פון איר באַוואוסטזיין, אַז זיי פלעגן זעלטן אַרויפקומען צו דער אויבערפלאַך. צום גרעסטן טייל פון איר איצטיקן לעבנסלויף זענען זיי געבליבן אומבאַמערקבאַר פאַר אַלע אַ חוץ דעם, וועלכער האָט זי שטאַרק געליבט און נאָך מער געשאַצט און געאַכט אין דאָס איז — פאַר איר מאַן ניקאָלאַי ראָסטאָוו.

טאָלסטאָי זאָגט וועגן דעם: „די נשמה פון דער קניאַזשנע מאַריע האָט אַלעמאָל געשטרעבט צו דעם אומענדלעכן, אייביקן און פולקאָמענעם, און דערפאַר האָט זי קיינמאָל נישט געקאָנט זיין רויק. אויף איר פנים איז אַרויסגעטרעטן אַ שטרענגער אויסדרוק פון אַ פאַרבאַהאַלטן הויך ליידן פון אַ נשמה, וואָס אויף איר איז שווער דער קערפער. ניקאָלאַי האָט אַ קוק געטון אויף איר. „מיין גאָט! וואָס וועט זיין, ווען זי וועט שטאַרבן, ווי דאָס ווייזט זיך מיר אויס, ווען ביי איר איז אַזאַ פנים", האָט ער טראַכט געטון, און אַוועקשטעלנדיק זיך פאַר דער איקאָנע, האָט ער אָנגעהויבן לייענען די אָוונט-תפילות".

אַ גליק טאַקע, וואָס דאָס טאָלסטאָישע קריסטנטום אין מאַריען האָט זיך דורכגעזעצט אויף אַזאַ אופן, וואָס נאָר איר מאַן האָט עס געקאָנט מערקן, אַז נישט וואָלט אַ געוויסער אויסזען פון איר פנים אין געוויסע צייטן ביי גאָר אַ סך מענטשן אַרויסגערופן דעם געדאַנק און דאָס בילד פון טויט און אפשר גאָר — וואָס איז נאָך ערגער — פון אָפּגעטויטקייט, און זיי וואָלטן אַלע אַ שטעל געטון זיך פאַר די איקאָנעס גאָט בעטן. דאָס איז די טבע פון דעם טאָלסטאָיש-קריסטלעכן. דאָס קריסטלעכע אין דער טאָלסטאָישער געשטאַלט דערמאָנט שטענדיק אין דעם טויט, רייסט אַוועק איינעם פון דעם לעבן, ווייזט נישט קיין שום וועג, גיט נישט קיין שום וואונק אויף אַ וועלכער עס איז מעג-

לעכקייט צו וואַרפן אַ בריק צווישן לעבן און טויט. אָדער אָנכאַפּן ווען עס איז, אויף אַ וואָסער עס איז אופן, אַ פאַרבינדונג-פאָדעם צווישן די צוויי פּאָליוסן פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

פאַרוואָס, פרעגן מיר זיך, אַזאַ אייביקע נישט צום דורכברעכן מחיצה צווישן לעבן און טויט? און מיר ענטפערן: דאָס איז דערפאַר, וואָס טאָלסטאָי, דער אַבסטראַקטער דענקער, איז געווען דורך און דורך טראַנסצענדענטאַל. ער האָט דאָס העכסט-גייסטיקע, דאָס איבערמענטשלעכע, דאָס איבערנאַטירלעכע אָוועקגעשטעלט מחוץ פון דעם אַלגעמיין-גייסטיקן, מחוץ פון דעם מענטשלעכן, מחוץ פון דעם נאַטירלעכן. דאָס לעצטע איז נישט איינגעשלאָסן אינם ערשטן, און דאָס ערשטע זעצט זיך נישט דורך דורך דעם לעצטן. און היות ווי דער טויט ערשט פירט עס אַריבער אין דער וועלט, וואָס איז מחוץ און למעלה פון דער זינדיקער וועלט, היות ווי מיט דעם טויט עפנט עס זיך אויף אַ נייַ בלעטל אין דעם דויער פון וועזן, וואָס הייסט מענטש, מוז דעריבער דער טויט באַגריפן און געפילט ווערן אויף אייביק און אייביק, ווי עפּעס, וואָס איז ווייט אָפּגעשיידט פון דעם לעבן און איז גאַנץ אַנדערש פון אים. צ ישן לעבן און טויט מוז אַלזאָ אַלעמאָל זיין אַ תהום, וואָס קאָן נישט אָנגע ילט ווערן און וואָס קאָן נישט אַריבערגע-שפּאַנט ווערן. אָט פאַרוואָס א סך פון טאָלסטאָיס העלדן זענען טויט פאַר די לעבעדיקע און פאַר אַלץ, וואָס לעבט אַרום זיי, א סך פריער נאָך איידער זיי זענען שוין אויף אַן אמת געשטאָרבן. אַזוי שנעל, ווי זיי ווערן נאָענט געגוג צו יענער וועלט אויף צו דערפילן דעם אָטעם פון יענער ה עלטיקער גייסטיקייט, ווערט גלייך דער ריס געמאַכט צווישן זיי און דעם „אַרום“ זיי. זיי הערן זיך גלייך אויף איינע די אַנדערע צו פאַרשטיין. דער אויף יענער וועלט אָוועקגייענדיקער שטייט שוין פון יענער זייט און אַזוי הויך שוין און אַזוי אויסנווייניק פון די, וואָס בלייבן אויף דער וועלט, אַז זיי זענען איינע די אַנדערע פרעמד, ווי עקזיסטענצן פון צוויי וועלטן, וואָס האָבן איינע מיט די אַנדערע קיין שום שייכות נישט.

ווען קניאַז אַנדרעיס שטאַרבן, למשל, שרייבט טאָלסטאָי: „אין דער לעצ ער צייט — — זענען זיי (נאַטאַשע און מאַריע) אַרומגע-גאַנגען שוין נישט אַרום אים (ער איז שוין נישט געווען, ער איז

אַוועקגעגאַנגען פון זיי) נאָר אַרום דער סאַמע נאָענטסטער דערמאַנונג וועגן אים. — — אַרום זיין קערפּער. זיי האָבן ביידע געזען „ווי ער האָט טיפער, פאַמעלעכדיק און רויק זיך אַוועקגעלאָזט פון זיי ערגעץ־וואו".

און אָט דערדאָזיקער טראַנסצענדענטאַליזם טאָלסטאָיס, זיין נישט זען קיין אָרגאַנישע גאַנצקייט צווישן לעבן און טויט, צווישן דער וועלט און יענער וועלט, צווישן דעם נאַטירלעכן און איבערנאַטירלעכן, חיהשן און מענטשלעכן, מענטשלעכן און איבערמענטשלעכן. אָט דידאָזיקע איבערשטייגנדיקע און נישט איינשליסנדיקע העכערקייט, אָט דידאָזיקע אויסנווייניקסטע און נישט אינעווייניקסטע איבעראַלצקייט אין טאָלסטאָיס בליק אויף דער וועלט, מענטש און גאָט איז, לויט אונזער מיינונג, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שטענדיקער און אומאויפהערלעכער פאַראַלעלקייט, מיט וועלכער די צוויי שטראָמען, — דער חיהשער און דער איבערמענטשלעכער — זענען געלאָפן אין דער מענטשלעכער געשטאַלט, באַקאַנט צו אונדז אונטער דעם נאָמען לעוו טאָלסטאָי. און אפשר פאַרקערט, אפשר איז די איינגעבוירענע פאַראַלעלקייט אין זיין נשמה די איינגעבוירענע צעשפּאָלטנקייט פון זיין באַוואוסטזיין, די סיבה פון זיין פילאָזאָפיש־אַנטשטאַנענעם טראַנסצענדענטאַליזם.

נישט נאָר צווישן לעבן און טויט האָט טאָלסטאָי נישט געקאָנט זען און פילן אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג, נאָר אָפט האָט זיך אים געדאַכט, אַז צווישן זיין אייגענעם פאַרגאַנגענעם און איצטיקן אָדער צוקונפטיקן לעבן איז פאַראַן בלויז אַ מעכאַנישע און נישט קיין אָרגאַנישע פאַרבינדונג און אַז דער עבר קאָן דעריבער אָפּגעריסן ווערן אָדער אינגאַנצן איבערגעמאַכט ווערן און ער זאָל ווי אַ שפּאָגל־בייער עלעמענט אַריינגיין אינם צונויפשטעל פון דעם עתיד. „עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן — שרייבט טאָלסטאָי אין זיין „יוגנט" — אַז עס וועט זיין אַזוי גרינג און נאַטירלעך פאַר מיר זיך אַוועקצורייסן פון מיין פאַרגאַנגענהייט און זי איבערצומאַכן — צו פאַרגעסן אַלץ, וואָס איז געווען, און אָנצוהייבן מיין לעבן מיט אַלע זיינע שייכותן פונדאָסניי".

און ווי די צייט־דימענסיעס האָבן זיך נישט אַריינגעפלאָכטן ביי אים אָרגאַניש איינע אין דער אַנדערער, אַזוי אויך זענען ביי אים גע־

לאָפן פּאַראַלעל, זיך קיינמאָל נישט צונויפטרעפנדיק און זיך קיינמאָל נישט איבערהאַקנדיק, די אויסדרוקן פון גייסט. דערפאַר איז דאָס מעגלעך געווען פאַר אים, ווי מיר האָבן שוין פריער געזען, זיך אַזוי שטאַרק איינשטעלן און געבן דעם גאַנצן פאָרצוג צו איין אויסדרוק פון גייסט ווי גוטסקייט, צו אַזאַ אויסדרוק פונם זעלביקן גייסט, ווי שיינקייט. און דערפאַר איז עס מעגלעך געווען פאַר אים צו שרייבן אין אַ בריוו צו זיינער אַ געליבטער: „איך האָב נישט ליב איידעלע און דערהויבענע זאַכן, איך האָב ליב ערלעכע און גוטע זאַכן" (זע פּאַוסטעס בוך וועגן טאָלסטאָיען, ז. 92), אַזוי ווי עס וואָלט באמת געווען אַ פּסיכאָלאָגישע מעגלעכקייט אָפּצוטיילן ערלעכקייט און גוטסקייט פון דערהויבנקייט און איידלקייט. אָבער וואָס איז נישט מעגלעך פאַר אַ באַוואוסטזיין אָ־ער אונטערבאַוואוסטזיין, פאַר אַ נשמה אָדער גייסט, וואָס אַרבעט פון וויגעלע ביז צום קבר, ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט, איז יאָ מעגלעך פאַר אַ פּסיכיק, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט צעשפּאָלטנקייט פון דער פריסטער קינדהייט אָן. די פּסיכאָלאָגישע צעשפּאָלטנקייט, וועלכע האָט אפשר פאַרורזאַכט די פילאָזאָפישע טראַנסצענדאַליטעט, און די פילאָזאָפישע אַלץ אויסשליסנדיקע און פון אַלץ אויסגעליידיקטע העכערקייט, וועלכע האָט זיכער פאַרשטאַרקט די פּסיכאָלאָגישע צעשפּאָלטנקייט, פּאַראַלעלקייט און צווייטשטראָמיקייט — זיי ביידע, די פּסיכאָלאָגיע, אַזוי גוט ווי די פילאָזאָפיע, האָבן געפירט דערצו, אַז אין טאָלסטאָיס פאַנטאַזיע און פאַרשטעלונגס־קראַפט איז די גאַנצע די־וועלטיקע עקזיסטענץ מיט אירע אַלע דערשיינונגען און אויסדרוקן, אַריינגעקומען און אויף שטענדיק געבליבן אַ פאַרנאַנדערגעטיילטע אין צוויי באַזונדערע מהותן, איינער אַ נידעריקער, אַ חיהשער, אַן ערדישער, אַ בלוט־און־פליישיקער, דער אַנדערער אַ העכערער, אַן איבערמענטשלעכער, אַ הימלישער, אַ גייסטיקער, איינער אַזוי ווייט אָפּגעשיידט פון דעם אַנדערן, אַז די ענדגילטיקע הערשאַפט אָדער דערגרייכונג פון איינעם קאָן קומען נאָר דורך דער פאַרניכטונג פון דעם אַנדערן. און נאָך מער אָפּגעטיילט און אָפּגעשיידט איז אין איר תמצית און מהות די גאַנצע די־וועלטיקע עקזיסטענץ פון יענוועלטיקער עקזיסטענץ. איין עקזיסטענץ איז אַזוי ווייט און אַזוי לחלוטינדיק אַנדערש פון דער אַנדערער, אַז אַלע אונזערע באַגריפן און פאָרשטעלונגען בלייבן, ווי טאָלסטאָי דענקט, שטיין פאַר דער איבערנאַ־

טירלעכער וועלט, ווי פאַר אַן אַבסטראַקטן, אינהאַלטסלאָזן, אַלגעברייאישן איקס.

עס איז נאַטירלעך, אַז סיי די פסיכאָלאָגישע, סיי די פילאָזאָפישע האַלבקייט און אַנטי-אימאַנענטקייט זאָלן קומען צום אויסדרוק צום שטאַרקסטן דאָרט, וואו דער באַוואוסטזיין אַרבעט שטאַרקער פאַר דעם אונטערבאַוואוסטזיין, דאָרט, וואו די באַגריפן איבערפליסן אָדער פאַרדעקן די עמפינדונגען, דאָרט, וואו די טראַכטענישן שטאַרקן זיך איבער די געפיל. און עס איז אויך נאַטירלעך, אַז דאָרט, וואו די צעשפאָלטנקייט דערגרייכט איר העכסטן פונקט, דאָרט, וואו דער טראַנסצענדענטאַליזם פאַרטרייבט די אימאַנענץ — אַז דאָרט זאָל דאָס געשאַפענע, אויף אַ וואָסער געביט עס זאָל נישט זיין, וויניקער אויפרודערן די מענטשלעכע געמיטער, וויניקער אָנרעגן די מענטשלעכע נשמות, וויניקער רעגן דעם מענטשלעכן גייסט, וויניקער אים באַווירקן און איבערצייגן אידער דאָס, וואָס ווערט געשאַפן אינם פלאַם פייער פון נשמה און גייסט-גאַנצקייט און אין דער זאַפטיקייט פון אַן אוניווערסאַלער גרונטיקער אין תוך-און-תוכיקער איינאונאיינציקייט.

דידאָזיקע גאַנצקייט און אימאַנענטקייט שאַפן אָפּ די אַבסאָלוטקייט, די פאַרגליווערטקייט און די פאַראַלעלקייט פון דעם נידעריקן און הויכן. אין ליכט און אונטער דער השפעה פון דער גאַנצקייט און אימאַנענטקייט ווערט דאָס נידעריקסטע איבערגעטראָגן און אַריינגעזעצט אין דעם העכסטן, און דאָס העכסטע באַקומט די מעגלעכקייט זיך דורכצוברעכן און זיך דורכצוזעצן דורך דעם נידעריקסטן. אויף אַזאַ אופן ווערט מעגלעך, אַז דאָס, וואָס אונטער געוויסע אומשטענדן, ווען געטריבן פון געוויסע גאָטיוון, פאַרלאַנגען און באַשטרעבונגען, איז עס נידעריק, זאָל אונטער אַנדערע אומשטענדן און אונטער דער אָנטרייבנדיקער קראַפט פון אַנדערע מאָטיוון, אויסזיכטן, באַשטרעבונגען און צילן — — זיין גוואַלטיק הויך.

עס לאָזט זיך דעמאָלט צו דערפילן און צו באַטראַכטן דאָס העכסטע ווי אַ סינטעטיזירנדיקן פראָצעס פון הויך און נידעריק און פון נידעריק און הויך. דאָס העכסטע און דאָס אַבסאָלוטע ווערט דעמאָלט גאָר אינגאַנצן קיין אַנדערע זאַך נישט, ווי אַן אַבסאָלוטע און העכסטע

שטרעבונג צום נאָך העכערן. און אַלץ פירט צו דער מעגלעכקייט פון די מאָמענטן אין דעם מענטשלעכן לעבן, צו די גאָר געציילטע, אָבער דערפאַר אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן, ווען עס ווערן פאַר אים ווי דורך אַ כישוף, אָבער אויף דעם רעאַלסטן און זיכערסטן אופן אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן הויך און נידעריק, ערדיש און הימליש, צייטווייליקייט און אייביקייט, די־וועלטיקייט און יענע־וועלטיקייט, און עס ווערט אייב־אונאיינציקע דינאַמיש־שטייגנדיקע אַבסאָלוטקייט, וועלכע פילט אָן דאָס גאַנצע וועזן, דורך דעם געפיל פון אָנגעהעריקייט צו איר, מיט דערהויבנקייט, הייליקייט און גליקזעליקייט. דאָס זענען די מאָמענטן, וואָס ווערן די דירעקטירנדיקע פאַקטאָרן און קרעפטן און די וועג־ווייזנדיקע ליכט־זיילן אויף אַ גרויסן אָדער גאַנצן לויף פון דעם מענטשלעכן לעבן.

און אויב דאָס איז אמת בנוגע שאַפונג בכלל — ווייל שאַפונג פאָדערט פלאַם־פייערדיקייט און זאַפטיקייט, וועלכע נאָר גאַנצקייט און אימאַנענטקייט קאָנען געבן — איז עס אָבער נאָך אמתער בנוגע דער שאַפונג אויף דעם קינסטלערישן געביט, וועלכער איז פון אַלע געביטן דער זאַפטיקסטער און פלאַם־פייערדיקסטער.

דידאָזיקע נייטיקייט און באַדינגלעכקייט פון גאַנצקייט און אימאַנענטקייט פאַר עכטע קינסטלערישע שאַפונגען דערקלערט אונז פאַר וואָס די אַלע טיפּן און געשטאַלטן אין טאָלסטאָיס קינסטלערישע ווערק, וואָס דורך זיי דאַרפן עס קומען צום אויסדרוק טאָלסטאָיס פילאָזאָפישע און אַבסטראַקטע באַגריפן וועגן דעם, ווי דער מענטש דאַרף זיין און ווי ער דאַרף זיך אויפפירן און האַנדלען, — פאַר וואָס אַט דידאָזיקע טראַנסצענדענטאַל־געזוכטע טיפּן און געשטאַלטן זענען ביי טאָלסטאָיען און אויך ביי אַלע אַנדערע קינסטלער אַ סך טרוקענער, ווייניקער באַגייסטערנדיק, זאָגן ווייניקער צו אונזערע הערצער און נשמות, ווי די טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן אויף אַן אימאַנענטן אופן אין די מאָמענטן, ווען דאָס באַוואוסטע און אומבאַוואוסטע גיסן זיך צונויף אין אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער סינטעטיש־און אינטויטיוו־זעענדיקער גאַנצקייט. אַז טאָלסטאָי דער קינסטלער האָט אַליין קיין גוט וואָרט נישט צו זאָגן וועגן זיינע טיפּן און געשטאַלטן, וועלכע שטימען מיט זיינע פילאָזאָפישע אַבסטראַקציעס און

אַבסטראַקטע פּילאָזאָפיעס, האָבן מיר שוין געזעען אין דעם פּאַראַ־
לעל צווישן נאַטאַשען און מאַריען אין דעם ווערק „מלחמה און פרידן".
און איצט וועלן מיר אַריבערגיין צום פּאַראַלעל צווישן אַננאַ קאַרע־
נינאַ און קאָנסטאַנטין לעווין, אין דעם גרויסן קונסט־ווערק „אַננאַ
קאַרענינאַ".

## 2.

## אַננאַ און לעווין אין „אַננאַ קאַרעני נאַ“.

### א.

פון די צוויי געשטאַלטן אַננאַ און לעווין, אינם ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ“ — ווער פון זיי האַלט אונז מער געפאַנגען, ווער פון זיי שניידט זיך מער איין אין אונזער ליב און לעבן און ווערט, דאָס ליכט און פייער־זייל אויף אונזער אייגענעם פאַרפלאָנטערטן זיגזאַגיש זיך שלענגלדיקן לעבנסוועג — אַננאַ אָדער לעווין? ביי מיר איז קיין שום ספק נישט פאַראַן, אַז נישט נאָר אונז, די לייענער, נאָר אויך טאָלסטאָיען, דעם קינסטלער גופא, האָט אַננאַ פאַרכאַפּט אַ סך מער איידער לעווין. אַננאַ און נישט לעווין האָט אָנגעפילט און אויסגעפילט די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך און פּינסטערע קעמערלעך פון זיין נשמה.

אינם באַשאַף פון דער געשטאַלט אַננאַ קאַרענינאַ, האָבן געאַרבעט אַלע כוחות, אַלע געפילן, צאַלע לעבונגען און איבערלעבונגען פון דער פערזענלעכקייט טאָלסטאָי, עס האָבן געאַרבעט אַלע פאַקטאָרן און אַלע לעבנסקרעפטן, וועלכע האָבן געפירט טאָלסטאָיען נישט נאָר צו טראַכטונגען, נאָר אויך צו מעשים, נישט נאָר צו פראַגן: ווי דאַרף עס און ווי זאָל עס געטון ווערן, נאָר אויך צום ענטפער, אַז אַזוי און נישט אַנדערש איז עס געטון געוואָרן. מחמת נאָך אַלעמען מוז דאָך זיין אַ געוויסע שייכות און אַ געוויסע פּראָפּאָרץ צווישן דעם, ווי מען קאָן און דעם, ווי מען דאַרף און ווי מען זאָל זיין.

נעמט זיך דען נישט דער גרויסער כוח פון דער קונסט צו סובלימירן און צו פאַרטיפן אונזערע געפילן דערפון, וואָס זי, די קונסט,

שטעלט זיך נישט אָפּ ביי דעם רעאַלן און מעגלעכן, נאָר זי וואַגט אויך זיך אַריינצורייסן אין דער ממשלה פון דער פאַנטאַסטיק, אין דעם רייך פון דעם אוממעגלעכן? און וואו דאָס פאַנטאַסטישע ווערט רעאַל און דאָס אוממעגלעכע מעגלעך, דאָרט הייבן זיך אָן צו וועבן גאַנץ אַנדערע שייכותן און גאַנץ אַנדערע פּראָפּאָרצן צווישן דעם קאָנען און דעם דאַרפן און זאָלן. די קונסט העלפט צו באַשאַפן נייע באַגריפן פון מעגלעכקייט, נייע באַגריפן וועגן דעם, וואָס מען דאַרף און וואָס מען זאָל, און זי העלפט אויך איינצופלאַנצן אין אונז נייע כוחות פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די נייע מעגלעכקייטן און פאַר דעם קאָנען אויספירן און דורכפירן די נייע דאַרפענישן און זאָלענישן.

פון אַנגאַס דערגראָבן זיך, דורך אירע טואונגען און האַנדלונגען, ביז צו די אורקוואַלן פון איר גאַנצן פיזישן און גייסטיקן לעבן, ווערן מיר באַווירקט און גערעגט צום בעסטן, שענסטן און העכסטן אַ סך מער, ווי פון לעווינס דענקענישן און טראַכטענישן, וועלכע רירן קוים אָן די אין די טיפענישן לויפנדיקע שטראָמען פון זיין פיזיש און גייסטיק לעבן, און באַווירקן און באַאיינפלוסן גאָר ווייניק זיינע טואונגען, האַנדלונגען און אויספירונגען.

נישט אומזיסט גייט דער ראָמאַן אויף אַנגאַ קאַרעניגאַס נאָמען, הגם ער ענדיקט זיך מיט דעם גרויסן סוד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו לעווינען — אַ סוד, וואָס לעווין האָלט, אַז ער איז נייטיק נאָר פאַר אים, לעווינען, אַליין. נישט געלאָזט האָט אָבער טאָלסטאָי אַנגאַן אַוועקנעמען מיט זיך אין קבר אַ וואָסערן עס איז סוד, די אַנטפּלעקונג פון וועלכן ס'האָבן זי געקאָסט אומדערטערגלעכע אַנגסטן, ליידן און מאַטערנישן, דורכגענומענע מיט איבערמענטשלעכער פּיין.

„און דאָס ליכט" — זאָגט אונז טאָלסטאָי — „ביי וועלכן זי האָט געלייענט דאָס בוך, אָנגעפילט מיט דאגות, פאַלשקייטן, ערגערניש און שלעכטס, האָט אויפגעלויכטן מיט אַ מער ליכטיקער ווי ווען איז שיין, האָט באַלויכטן פאַר איר אַלץ דאָס, וואָס איז פריער געווען אין פינצטערניש, האָט אַ קנאַק געטון, האָט אָנגעהויבן טונקעלער ווערן און איז פאַרלאָשן געוואָרן".

דאָסדאָזיקע ליכט אָבער — זאָגן מיר — וואָס איז אָנגעצונדן גע-

וואָרן דורך טאָלסטאָי דעם שײנסטלער, אין שײן, פון וועלכן ער האָט אויף דעם מייסטערהאַפטסטן אופן געלאָזט דורכגיין פאַר אונז אַננאַס אינטענסיוו און דורך און דורך אויסגעהאַלטן לעבן, ווי נאָר עס קאָן זײן און זאָל זײן דאָס לעבן פון אַ גאַנצער פערזענלעכקייט, — אָט דאָסדאָזיקע ליכט וועט נישט אויסגעלאָשן ווערן אַזוי לאַנג, ווי עס וועט נישט אויסגעלאָשן ווערן דאָס מענטשלעכע לעבן.

פונם קלאַנג, וועלכער דערטראָגט זיך אין אונזער פאַנטאַזיע צו אונזערע אויערן פון דעם פאַל פון אַננאַס קערפּער אויף די רעלסן און פון דעם קלאַפּ פון דעם „עטוואָס גרויסעס און אומברחמנותדיקס, וואָס האָט אַ שטויס געגעבן אַננאַן אין קאָפּ און האָט זי אַוועקגעטראָגן פאַרן רוקן" — פון דעמדאָזיקן קלאַנג, וועלכער ברענגט צו אונזער כּוח־הדמיון דאָס גאַנצע קאַטאַסטראָפאַלע לעבן אַננאַס, וועלן זיך נישט באַפרייען נישט מיר און נישט קיינער פון די, וואָס האָבן אָדער וועלן לייענען, ווי אינטעליגענטן דאַרפן לייענען, דאָס גרויסע קונסט־ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ".

איר פאַל אויף די רעלסן קאָן פונקט אַזוי ווייניק אויסגעמעקט ווערן פון אונזער זכרון און פאַרשטעלונגס־קראַפט, ווי עס קאָן אויסגעמעקט ווערן איר פאַלן פון דעם דיוואַן אויפן דיל באַלד נאָכדעם ווי עס איז צום ערשטן מאָל צום אויסדרוק געקומען אי איר, אי ווראָנסקיס אומווידערשטייטלעכער דראַנג און באַגער פאַר באַהעפטונג און צונויפגוס. „זי פאַלט אויפן דיל צו זײנע פיס, און צודריקנדיק ווראָנסקיס הענט צו איר ברוסט, בעט זי זיך: גאָט מײנער, זײ מיר מוחל!" זי בעט מחילה, ווייל זי האָט זיך געפילט פאַרברעכעריש און שולדיק. און עס איז דאָך אָט דאָסדאָזיקע געפיל, דאָס געפיל פון שולדיקייט, וועלכעס שטויסט זי אייגנטלעך סוף־כּל־סוף צום אַרונטערוואַרפן זיך אונטער די רעדער און אויף אַן אומברחמנותדיקן אופן צעריבן ווערן פון זיי אויף דעם שטרענגן באַפעל פון דעם גאָר בלינדן אָדער אפשר גאָר זעעוודיקן שיקזאַל.

און פאַרוואָס — פרעגט זיך — אָט דאָסדאָזיקע געפיל פון דערנידערונג און זעלבסטפאַראַכטונג צוליב דער דערגרייכונג פון דעם הויכן און שאַרפן פונקט פון די ליבע־געפילן און ליבע־באַגערן? און דער ענטפער איז: פאַרוואָס ער זאָל נישט געווען האָבן געקומען און געבליבן,

איז אָבער איין זאַך זיכער, און דידאָזיקע זיכערקייט דאַרף פריער פון אַלץ קאָנסטאַטירט ווערן, און דאָס איז, אַז דאָסדאָזיקע געפיל, וואָס האָט באַהערשט אַננאַן באַלד נאָך דער רעאַליזירונג פון דער פיזיאָלאָגישער זייט פון דער ליבע, איז נישט חלילה אַ פועל־יוצא דערפון, וואָס דער געשלעכטלעכער אַקט אַלס אַזעלכער נעמט אַוועק די ריינקייט, שיינקייט, הייליקייט און שטאָלצקייט פון דער ליבע און פון דער באַציאונג צווישן פרוי און מאַן, ווי טאָלסטאָי וואָלט עס זיכער אויסגעטייטשט נאָכדעם, ווי ער איז אינגאַנצן געוואָרן מער אַבסטראַקטער טראַכטער, ווי קאָנקרעטער קינסטלער. ניין, די פיזיאָלאָגישע רעאַליזירונג, דער פיזיאָלאָגישער קולמינאַציאָנס־פונקט פון דער ליבע ברענגט מיט זיך, די ערשטע צייט אַמווייניקסטן, אַן אינטענסיווע און שאַרפע אינטימיטעט, וועלכע פאַרטיפט און פאַרשענערט די ליבע און גיט איר צו אַ וועלט מיט מער חן און חנעוודיקייט.

זינגט דאָך עמיל ווערהאַרן אין זיינע „ליבע־פאָעמעס" מיט גרויס שיינקייט און דערהויבנקייט און מיט אַן אָנרעגונג צו טיפקייט וועגן „דעם אַראָפגאַנג אין דעם גאָרטן פון פלייש", כדי צו לאָזן די ליבע ריין צו לויכטן דורך עפעס אַ קערפער פון דער געליבטער און כדי אַלע טיילן פון קערפער זאָלן איינגעשלאָסן ווערן אין דער אומאַרמונג, וועלכע איז ביז צו הייליקייט אינטענסיוו.

און איז דען נישט די דערבליקונג פון אַ געוויסער שיינקייט, הויכקייט און דערהויבנקייט אין יעדן אינטימען און האַרציקן אָנריר, באַריר און באַהעפטונג פון מענטש מיט מענטש — איינע פון די שטאַרקסטע און שענסטע שטריכן אין דער פאָעזיע פון וואָלט וויטמאַן. זאָגט ער דאָך אונז אין זיין „געזאַנג וועגן מיר זעלבסט", אַז „דייע־ליגן" אין אַ דורכזיכטיקן פרימאָרגן אַזאַ, האָט אים געבראַכט אַ רו און אַ דערקענטעניש, וועלכע איבערשטייגן אַלע אַרגומענטן פון דער ערד, און ער האָט זיך אין יענעם מאָמענט דערוואוסט, אַז דער גייסט פון גאָט איז אַן אייגענער ברודער זיינער, און אַז אַלע מענטשן, וואָס זענען ווען עס איז געבוירן געוואָרן זענען זיינע ברידער, און די פרויען — זיינע שוועסטער און געליבטע.

וואָלט וויטמאַן, ווי יעדער קינסטלער, האָט באַגריפן, אַז נשמות זעצן זיך דורך אין דער וועלט, אין וועלכער מיר אָטעמען, נישט

אַנדערש, ווי דורך קערפּער און אין יעדן אינטימסטן און נאָענטן צו־נויפטרעף מיט קערפּער האָט ער געזעען און געפילט דעם אויסדרוק פון דער נשמה. און דערפאַר האָט ער, זייענדיק דורכאויס קינסטלער, און דורך און דורך אַ גאַנצע פּערזענלעכקייט, געקאָנט, אין קאָנטאַקט, צונויפגוס און באַהעפטונג מיט דער נשמה־און־קערפּער־איינהייט, וואָס הייסט מענטש, דורכלעבן, דורכפילן און דורכמאַכן די העכסטע דער־הויבעניש, די טיפסטע פּאַרטיפונגען און די ברייטסטע אַרומנעמעניש. און ווי אַ זעלכער האָט ער געהאַגט אַוועקצושטעלן גלייך אין אָנהייב פון זיינע „בלעטער פון גראָז":

פון פיזיאָלאָגיע פון קאָפּ ביז די פיס זינג איך, פאַר דער מוזע.
נישט די פיזיאָנאָמיע אַליין, נישט דער מאַרך איז ווירדיק.
איך זאָג די פ אָ ר ם, קאָמפּלעט איז ווירדיקער אַ סך,
די פ ר ו י גלייך מיט דעם מ אַ ן זינג איך.

און פון די טיפענישן פון זיין וועזן הערט ער ווי:

קום, האָט געזאָגט מיין נשמה,
לאָמיר שרייבן אַזעלכע פערזן פאַר מיין קערפּער, מחמת מיר זענען איינס,
אַז אויב איך זאָל נאָכן טויט אויף אַן אומזיכטבאַרן אופן זיך צוריקקערן,

— — — — — — — —

זאָל איך מיט אַ שטענדיק גוטמוטיקן שמייכל דאָך קאָנען אָנהאַלטן
אויף שטענדיק און שטענדיק צו באַטראַכטן פאַר מיינע די פערזן — — ווי צום ערשטן מאָל, איך דאָ און איצט
זינגענדיק פאַר נשמה און קערפּער, זעץ צו צו זיי מיין נאָמען.
וואָלט וויטמאַן.

צו גרויס איז געווען דער קינסטלער און די קינסטלערישקייט אין טאָלסטאָיען, אַז ער זאָל אַנדערש פאַר ווערהאַרגען אָדער וויטמאַ־

נען מאָלן די ליבע-אויסדרוקן און ליבע-קולמינאַציאָנס-פּונקטן צווישן די מענטשלעכע פרוי-און מאַן-געשטאַלטונגען, אַז ער זאָל אַנדערש ווי זיי לאָזן אונז קינסטלעריש אָנגערעגט און באַווירקט ווערן. נישט אַלזאָ אין דער געשלעכטלעכקייט פער סע ליגט די אורזאַך פון אַנאַס דער-פיל פון געפאַלנקייט.

ניין, אַנאַס געפיל פון דערנידערונג און פאַראַכטונג צו זיך קומט צו איר דערפון, וואָס זי האָט גלייך דערפילט, אַז מיט דעמדאָ-זיקן אַקט איז, צוליב איר אייגענעם און אַנדערעס באַגריפן וועגן דעם, ווי עס דאַרפן און זאָלן זיין די געזעלשאַפטלעכע שייכותן צווישן מאַן און פרוי, אַריינגעטרעטן די נייטיקייט און אומבאַדינגלעכקייט פון צו פירן אַ לעבן פון אַ ליגנערין. און דאָס ליגנט זאָגן איז דערווידער צו אַ פערזענלעכקייט. אַ פערזענלעכקייט פילט זיך באַליידיקט און דערנידע-ריקט פון יעדער ליגנט, וואָס פאַלט אויס אויף איר גורל צו זאָגן. און דער עיקר איז די דערנידערונג אַ שרעקלעכע, ווען מען דערפילט, אַז דאָס באַטייט נישט נאָר אַ ליגנט צו זאָגן, נאָר אויך צו פירן אַ לעבן פון אַ ליגנער.

פאַר דעם, אַז אונזער אינטערפּרעטאַציע איז אין גייסט פון טאָל-סטאָי דעם קינסטלער, זאָגן עדות די פאָלגנדיקע שורות פון טאָלסטאָיס אינם ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ״: „ער (ווראָנסקי) האָט געפילט״ — שרייבט טאָלסטאָי — „די גאַנצע מאַטעריניש פון זיין און איר לאַגע, די גאַנצע שוועריקייט אונטער דערדאָזיקער אַרויסגעשטעלטקייט פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען: צו פאַרדעקן זייער ליבע, צו ליגנערן און אָפּנאַרן, זיך שפּיצלען און שטענדיק טראַכטן וועגן אַנדערע דעמאָלט, ווען די ליידנשאַפט, וועלכע בינדט זייביידן, איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן ביידע פאַר-געסן וועגן אַלעם אַנדערן אַ חוץ זייער ליבע״. און אַננאַ אַליין זאָגט וועגן זיך: „איך בין אַ שלעכטע פרוי, איך בין אַ פאַרלוירענע פרוי — נאָר איך האָב נישט ליב צו ליגנערן, איך קאָן נישט איבערטראָגן קיין ליגן״.

די שנאה אגב צו ליגן זאָגן איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סך פון טאָלסטאָיס העלדן. זיי אַלע פילן ביי אים אינסטינקטיוו די גרויסע באַליידיקונג, וואָס ליגט אינם ליגן זאָגן פאַר דער מענטשלע-

כער פערזענלעכקייט, אָבער אין ערגעץ קומט עס נישט אַזוי צום צינויפבּרוך פון דער פערזענלעכקייט און צוריק צו איר ווידעראויפשטעלונג, צו איר רעאַביליטירונג דורך דעם באַצאָלן פאַר דער זינדיקער „זעלבסט" דורך דעם טויט פון דעם „איך" — — ווי אין דעם פאַל פון אַננאַ. און דערדאָזיקער פאַל לערנט אונז נישט נאָר, אַז פּערזענלעכקייט און ליגן פאַרטראָגן זיך נישט איינס ס'אַנדערע, נאָר אויך, אַז נישט קיין ריינע וועגן און מיטלען, נישט קיין הייליקע וועגן פאַרשווערכן די הייליקייט און ריינקייט פון די צילן און ענדפּונקטן, צו וועלכע די וועגן פירן. דער ליגנערישער וועג, אָדער בעסער געזאָגט, דער וועג, וואָס אים האָט אַננאַ אין איר געדאַנקלעכן אויפנעם פון מאַן־און־פרוי־שייכותן באַטראַכט פאַר אַ ליגנערישן, — אָט דערדאָזיקער פון אַננאַס געדאַנק נישט גוט געהייסענער און דערפאַר ליגנערישער וועג צום אינטענסיווסטן און פאַראַנטוואָרטלעכסטן אויסדרוקס־מאָמענט פון ליבע, האָט פאַרשוועכט די דערהויבנקייט און הייליקייט פון דעמדאָזיקן לעבן־און גייסט־שאַפנדיקן מאָמענט.

און מערקווירדיק, ווי דאָ גייט זיך טאָלסטאָי דער קינסטלער צונויף מיט דעם פילאָזאָף קאַנט. אויך קאַנט שטעלט זיך איין מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין סיסטעמאַטישן דענקן פאַר דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, און ווי אַזעלכער, פאָדערט ער די אויסראָטונג פון ליגן זאָגן. קאַנט שטעלט אַוועק דאָס האַלטן זיך אונטער אַלע אומשטענדן ביים אמת, ווי איינע פון די העכסטע אידעאַלן, וואָס זיי מוז און דאַרף שטרעבן די פערזענלעכקייט צו דערגרייכן.

און עס איז דווקא אָט די ריין קינסטלערישע באַשרייבונג פון די פסיכישע צושטאַנדן פון צוויי וועזנס, אַננאַ און ווראָנסקי, אין דעם מאָמענט. ווען די גליקזעליקייט וואָלט געדאַרפט דערגרייכן דעם העכסטן עקסטאַז. וואָס מאַכט אונז צו פאַרגעסן אין דער עסטעטיק, און טראָגט אונז אַריבער אויף דעם שטאַרקסטן און טיפסטן אופן אין דער וועלט פון מאָראַל. און די מאָראַל, די עטישקייט פון די שייכותן צווישן מענטש און מענטש, פירט אונז אַריין און קניפּט אונז אָן, ווי דאָס איז אַלע מאָל די טבע פון מאָראַל און עטיק צו טון — אָן דער רעליגיעזיטעט. דאָ האָבן מיר פאַר אונז אַ קאָנקרעטן ביישפּיל, ווי קינסט־

לעריש דערהויבענע עראָטיק פירט צו מאָראַלישער און רעליגיעזער פאַרטיפונג אָן וועלכע עס איז אַרויסגעזאָגטע אַבסטראַקטע טראַכטענישן מצד דעם קינסטלער.

און ווען מיר קומען צו לעווינען, האָבן מיר אַ ביישפיל פון דעם פאַרקערטן — אַ ביישפיל פון דעם, ווי אַזוי אַלערליי שיינע און טיפע געדאַנקען וועגן מאָראַל און רעליגיע, אַרויסגעזאָגט פון אַ העלד אין אַ קונסט-ווערק, קאָנען לאָזן די לייענער קאַלט און אומבאַרירבאַר, אויב דער העלד טוט נישט דאָס, וואָס מען דערוואַרט, אַז ער זאָל ווי אַ קינסטלעריש געשטאַלט טון, און דאָס איז דורכלעבן, איבער־לעבן, און אַליין באַווירקט און באַאיינפלוסט ווערן צו טאָט אין צו הערראָאישער אַקטיוויטעט פון זיינע געדאַנקען. די קונסט און די געניסער פון קונסט קאָנען נישט פאַרטראָגן קיין אַבסטראַקציעס, דאָס הייסט געדאַנקען, וועלכע זענען נישט געלייטערט און געפשרט אין די זודיקע קעסלען פון געפילן און מעשים.

ווען טאָלסטאָי לאָזט לעווינען זאָגן: „אָן דעם וויסן פון דעם, וואָס איך בין און פאַרוואָס איך בין דאָ, קאָן מען נישט לעבן. און וויסן קאָן איך עס נישט, און דערפאַר קאָן מען נישט לעבן. — — אין דער אומענדלעכקייט פון צייט, אין דער אומענדלעכקייט פון מאַטעריע, אין דער אומענדלעכקייט פון רוים טיילט זיך אַרויס אַ פענכערל אָרגאַניזם, און דאָסדאָזיקע פענכערל וועט זיך אויפהאַלטן אַ ווייל און פלאַצן, און דאָסדאָזיקע פענכערל בין איך״ — — איז ווען מיר לייענען דידאָזיקע געדאַנקען, און אפילו ווען מיר שטימען איין מיט זיי, ווירקן זיי אָבער נישט אויף אונזער פסיכיק, נשמה אָדער גייסט, זיי ווירקן נישט און באַאיינפלוסן נישט אונזער וועזן ווי אַן איינהייט־לעכע גאַנצקייט. ווי דאָס דאַרף טון אַלץ, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען קונסט, אַלץ, וואָס געהערט צו דער ממשלה פון עסטעטיק. אויפגעצי־טערט ווי אַן איינהייטלעכע גאַנצקייט ווערט די פסיכיק, די נשמה אָדער דער גייסט פון מענטשן נאָר דעמאָלט, ווען עס ווערן אָנגערירט די עמאָציעס — די דירעקטע אָנשטויסער צו האַנדלונגען, צו אָפּשאַצונ־גען, צו אויפנעמונגען און איבערקאָכענישן פון זאַכן, געשעענישן און האַנדלונגען. זיי זענען עס די אוממיטלבאַרע פאַקטאָרן, קרעפטן און אורזאַכן פון דעם מענטשס רעאַגירן אויף דער וועלט אַרום אים און

איבער אים. דאָס רעדן צו די עמאָציעס און דער אָפּרוף פֿון די עמאָ-
ציעס אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופֿן איז די ערשטע כאַראַקטעריס-
טיק און דער וויכטיקסטער באַדינג פֿאַר דעם קולטור-אויסדרוק, וואָס
הייסט קונסט, און פֿאַר דער דאָזיקער מענטשלעכער דערפֿאַרונג און
איבערלעבונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען עסטעטיק. דאָרט, וואו די עמאָ-
ציעס בלייבן גלייכגילטיק, דאָרט איז נישטאָ קיין עסטעטיק, און וואו
עס פֿעלט די עסטעטיק, דאָרט פֿעלט די קונסט. לעווינס געדאַנקען זאָגן
עטוואָס צו אונזער קאָפּ, אָבער זייער ווייניק אָדער גאָרנישט צו אונזער
האַרץ, מחמת אַלץ, וואָס קומט אַרויס פֿון לעווינס מויל, ווערט באַלד
אַסאָציאירט אין אונזער כּוח-הדמיון מיט האַמלעטס אויסגעשריי: ווער-
טער, ווערטער, ווערטער!

לעווינס געדאַנקען זענען פֿאַר אונז נאָר ווערטער, ווייל טאָלסטאָי
האָט נישט באַוויזן אַריינצוציען אונז אין די געפֿילן, וואָס אַזעלכע
געדאַנקען דאַרפֿן אַרויסרופֿן אָדער פֿון זיי אַרויסגערופֿן ווערן, ווי דאָס
האָט למשל געטון שעקספּיר מיט די געדאַנקען פֿון האַמלעטן. יעדעס
מאָל, ווען מיר קומען צו צום קונסט-ווערק „האַמלעט", ווערן מיר, ווי
פֿון אַן אומווידערשטייטלעכער קראַפֿט, אַריינגעשליידערט אין די אַלע
זודיקע קעסלען, אין וועלכע עס זענען אויסגעקאָכט געוואָרן האַמלעטס
געדאַנקען וועגן גאָט, וועלט און מענטש. מיר הייבן גלייך אָן צו פֿילן
האַמלעטס געפֿילן, מיר הייבן תּיכּף אָן איבערצולעבן די ציטערס,
וואַרפֿענישן און צאַפּלענישן פֿון זיין נשמה און פֿון זיין גאַנץ וועזן,
און וויכטיק ווערט פֿאַר אונז נישט, וואָס ער דענקט, נאָר ווי ער דענקט.
זיין דענקען איז זאַפֿטיק, אָרגאַניש, קאָנקרעט און אימאַנענט, ווייל עס
זעצט אַרויס פֿון זיין אויפֿגערודערטער און אויפֿגעקאָכטער נשמה ווי
אַ לאַווע פֿון אַ ווולקאַן. זיין דענקען איז דורכאויס געפֿילפֿול און
עמאָציאָנעל, און זיינע געפֿילן און עמאָציעס ווערן דענקפֿול, און מיט
זיין עמאָציאָנעלן דענקען און מיט זיינע דענקפֿולע עמאָציעס שטעקט
ער אָן אויך אונז. די זאַפֿטיקייט, אָרגאַנישקייט, קאָנקרעטקייט און
אימאַנענטקייט פֿון האַמלעטס דענקען האָט געמאַכט דאָס קונסט-ווערק
„האַמלעט" פֿאַר אַן אייביק אומדערשעפּלעכן קוואַל פֿון אַלערליי אָנרע-
גונגען פֿון האַמלעטישע און נ י ש ט - ה אַ מ ל ע ט י ש ע געפֿילן און
עמאָציעס, רעפֿלעקטירונגען, טראַכטענישן און געדאַנקען. און אויב דאָס

קונסט־ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ" פאַרמאָגט — ווי דאָס וועט פון קיינעם נישט אָפּגעלייקנט ווערן — אַן אייביק־דויערנדיקע אָנרעגונגס־קראַפט איז עס אַ דאַנק דער זאַפטיקער, אָרגאַנישער קאָנקרעטער און אימאַנענטער געשטאַלט, וואָס איר האָט טאָלסטאָי אַ נאָמען געגעבן — אַננאַ, און נישט דער טרוקענער, מעכאַנישער, אַבסטראַקטער און טראַנסצענדענטאַלער געשטאַלט, וואָס פיגורירט אין דעם ווערק אונטער דעם נאָמען קאָנסטאַנטין לעווין און וואָס אָן אים וואָלט דאָס ווערק „אַננאַ קאַרענינאַ" געווען, לויט מיין מיינונג, נאָך אַ גרעסער קונסט־ווערק ווי דאָס איז.

ווען טאָלסטאָי דערציילט אונז, אַז דער גליקלעכער פאַמיליע־מאַן, דע״ געזוטנער מענטש לעווין, איז עטלעכע מאָל געווען אַזוי נאָענט צו זעלבסטמאָרד, אַז ער האָט באַהאַלטן דאָס שטריקל, כדי ער זאָל זיך חלילה נישט אויפהענגען אויף אים, או אַז ער, לעווין, האָט מורא געהאַט אַרומצוגיין מיט אַ ביקס, ווייל ער קאָן נאָך מיט איר זיך אַליין דערשיסן — ווען, זאָג איך, מיר הערן דאָס וועגן לעווינען, רירט עס אונז נישט, ווייל מיר האָבן דעם שטאַרקן איינדרוק און די פעסטע זיכערקייט, אַז מענטשן פון לעווינס פסיכיק, מענטשן, וואָס נעמען אויף די וועלט טראַנסצענדענטאַל, און נישט ווי אַננאַ — אימאַנענט, אַזעלכע מענטשן וועלן מיט זייער אייגענעם ווילן נישט פאַרציען דעם האַלז אויף אַ שטריק, נישט ווערן קיין ציל־ברעט פאַר אַ קויל, און וועלן אויך נישט וואַרפן זיך אונטער די רעדער פון אַ באַן.

און אַז אויך דער קינסטלער אין טאָלסטאָיען ווייסט דאָס זעלביקע וועגן לעווינען, זעען מיר פון דעם, ווי טאָלסטאָי גיט איבער קיטיס — לעווינס ווייבס — קוק אויף איר אייגענעם מאַנס פילאָזאָפיע. „זי האָט געוואוסט" — שרייבט טאָלסטאָי — „וואָס עס האָט געמאַטערט איר מאַן. דאָס איז געווען זיין נישט־גלויבן. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ווען מען זאָל זי געווען פרעגן, צי שטעלט זי זיך פאָר, אַז אויב ער וועט נישט אָנהייבן גלויבן, וועט ער אויף יענער וועלט זיין אַ פאַרלוירענער, וואָלט זי געמוזט איינשטימען, אַז ער וועט זיין אַ פאַרלוירענער — האָט דאָך זיין נישט־גלויבן נישט געמאַכט זי אומגליקלעך. אָנערקענענדיק, אַז פאַר דעם נישט־גלויביקן קאָן נישט זיין קיין

שום רעטונג, און ליבהאָבנדיק מער פון אַלץ אויף דער וועלט די נשמה פון איר מאַן, האָט זי דאָך מיט אַ שמייכל געטראַכט וועגן זיין נישט־גלויבן, און האָט צו זיך אַליין געזאָגט, אַז ער איז קאָמיש".

און מיר, לייענענדיק דידאַזיקע ווערטער, פילן ווי אויסצושרייען: בראַוואָ, קיטי! נישט נאָר האָסטו שטאַרק ליב די נשמה פון דיין מאַן, נאָר דו קאָנסט אויך ביז גאָר דעם שניט פון דערדאָזיקער נשמה.

יאָ, לעווין איז קאָמיש: קאָמיש ביז צו דעם מאָמענט, ווען ער איבערצייגט זיך, אַז ער איז ווי נאַקעט (פסיכיש נאַטירלעך), און אַז ער מוז אין מאַטערנישן פאַרלוירן גיין. און קאָמיש איז ער פון דעמ־דאָזיקן מאָמענט אָן, ווען ער דערפילט זיין נאַקעטקייט, ביז צו דעם מאָ־מענט, ווען ער ווערט גלויביק, אויסגעפינענדיק דעם גרויסן סוד, וועלכן ער באַשליסט צו האַלטן פאַר זיך אַליין. און אין זיין גלויביקייט איז ער פונקט אַזוי קאָמיש ווי אין זיין אומגלויביקייט.

ער איז קאָמיש ווען ער ווערט גערירט און, ווי ער דענקט, רע־וואָלוציאָניזירט פון דעם, וואָס ער הערט, אַז דער פויער פלאַטאָן לעבט צוליב דער נשמה, ווי גאָט האָט געבאָטן. קאָמיש, ווען ער באַשליסט, אַז מען דאַרף דווקא לעבן צוליב עטוואָס אומפאַרשטענדלעכס, צוליב גאָט, וואָס אים קאָן קיינער נישט פאַרשטיין און נישט דעפינירן. און נאָך קאָמישער איז ער, ווען באַלד נאָך דעמדאָזיקן באַשלוס דערפילט ער, אַז „נישט קוקנדיק אויף דעם שטענדיקן און דערהויפט איצטיקן באַזונדערס־שטאַרקן פאַרלאַנג אין אים צו זיין אין פריינטלעכע און דער עיקר איינפאַכע באַציונגען צו זיין ברודער, איז אים דאָך נישט אָנגענעם צו קוקן אויף אים. און ער לאָזט אַראָפּ די אויגן, און ער ווייסט אים נישט וואָס צו זאָגן".

ער איז קאָמיש ווען ער זאָגט קיטין, זיין ווייב, בעת זי איז אין גרעסטן עקסטאַז און אויסער זיך ממש פון פרייד, גליק און ליבשאַפט צום זויג־קינד מיטיאַן — אַז דאָס קינד האָט נישט נאָר נישט אַרויס־גערופן אין אים אַ ניי אייגנאַרטיק געפיל, ווי ער האָט עס דערוואַרט ווי אַ סורפריז, נאָר — אָנשטאָט דעם, אַ געפיל גאָר פון עקל און רחמנות. און קאָמיש, אויב נאָך נישט ערגער ווי דאָס, איז לעווין אין זיין קאָקעטירן מיטן סוד, וועלכן ער האָט אַנטדעקט.

לעווינס לאַנגע דרשה, וואָס מיט איר ענדיקט טאָלסטאָי דאָס בוך „אַננאַ קאַרעניגאַ“, וואָס האָט זיך אייגנטלעך פון זיך אַליין געענדיקט מיט דעם טויט פון אַננאַן — מאַכט אויף אונז קיין שום איינדרוק נישט. זי באַווירקט און באַאיינפלוסט אונז נישט, זי באַקערט אונז נישט צו קיין נייער אידעע און צו קיין שום נייעם אידעאַל, ווייל מיר פילן נישט, אַז דערדאָזיקער סוד, וועגן וועלכן ער האַלט אַ גאַנצע דיסערטאַציע, זאָל אים אַליין האָבן געווען איבערגעאַנדערשט, באמת געטריבן צו העכערע, איידעלערע און טיפערע טאַטן. שוין דאָס אַליין, וואָס ער מאַכט אַזאַ גרויס וועזן פונם האַלטן זיין סוד נאָר פאַר זיך אַליין, רעדט שוין זייער שטאַרק פאַר דעם, אַז נישט געווען איז אין דער נשמה גענוג עקסטאַז, גענוג ענטוזיאַזם, גענוג פאַרכאַפּטקייט מיט עטוואָס. וואָס זאָל שלאָגן טיפע וואָרצלען און לאָזן טיפע שפורן.

לעווין זאָגט אונז: „ניין, מען דאַרף נישט רעדן — — — דערדאָזיקער סוד איז פאַר מיר אַליין נויטיק, וויכטיק און אומאויסדריקלעך אין ווערטער“.

„דאָסדאָזיקע נייע געפיל האָט מיך נישט איבערגעביטן, אויך נישט באַגליקט, נישט דורכגעלויכטן פּלוצלינג, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט — — פונקט אַזוי, ווי דאָס געפיל צום זון. נישט געווען איז אויך קיין שום סורפּריז. אמונה, נישט אמונה — איך ווייס נישט וואָס דאָס איז אַזעלכעס — נאָר דאָסדאָזיקע געפיל איז אויך אַזוי אומבאַמערקבאַר אַריין מיטליידן און האָט זיך פעסט אַוועקגעזעצט אין דער נשמה.

„איך וועל, ווי ביז איצט, זיך בייזערן אויף איוואַן דעם פורמאַן, וועל, ווי ביז איצט, זיך קריגן, איך וועל, נישט וועגן, און נישט וואו מען באַדאַרף, אַרויסזאָגן מיינע געדאַנקען. עס וועט, ווי ביז איצט, זיין אַ וואַנט צווישן דעם הייליקסטן פון די הייליקסטע אין מיין נשמה און די אַנדערע, אפילו מיין ווייב, איך וועל ווי ביז איצט זי באַשולדיקן פאַר מיין שרעק, און דערנאָך חרטה האָבן אויף דעם. וועל, ווי ביז איצט, נישט פאַרשטיין מיטן שכל פאַרוואָס איך דאַוון, און וועל דאַוונען — נאָר מיין לעבן איצט, מיין גאַנץ לעבן, אומאָפּהענגיק פון אַלץ, וואָס קאָן זיך טרעפן מיט מיר — יעדע מינוט פון מיין לעבן, איז נישט נאָר נישט אומזיניק, ווי עס איז פריער געווען, נאָר עס האָט אַן אומצווייפל־

האַפטן זין פון גוטס, וועלכן איך האָב די מאַכט אין אים אַריינצולייגן".

און נישט נאָר לעווין, נאָר ווער עס זאָל אַזעלכע ווערטער אונז נישט זאָגן, אפילו גאָט אַליין, וואָלטן מיר באַשטאַנען מיט דער גאַנצער קראַפט פון אונזער איבערצייגונג, אַז דידאָזיקע ווערטער מיינען גאָרנישט און גיבן גאָרנישט קיין איינציקן מענטשן אַ חוץ לעווינען. און וואָ זיי מיינען צו לעווינען אַליין ווייסט נאָר, אָדער לעווין אָדער טאָלסטאָיס טראַנסצענדענטאַלער גאָט — דער גאָט, וואָס קאָן נישט פאַרשטאַנען ווערן און וואָס קאָן נישט דעפינירט ווערן. דער גאָט, וועלכער זיצט איבער דעם מענטש אָדער שוועבט איבער דעם מענטשלעכן ערדישן לעבן, אָבער אין דעם מענטש, אין די אינערלעכקייטן פון דער מענטשלעכער גייסטיקער און פיזישער עקזיסטענץ, איז פון אים קיין שום שפור נישט פאַראַן, ווייל ער רייסט זיך נישט דורך און קומט נישט צום אויסדרוק דורך יעדן ריר און בייג, דורך יעדן פלאַטער און ציטער פון דעם מענטשלעכן לעבן אויף אונזער זינדיקער וועלט. אָס איז אַ גאָט, וואָס קאָן נישט אידענטיפיצירט ווערן מיט דעם גייסט און דער נשמה פון דעם מענטש, און ממילא קאָן ער אויך פון זיי נישט דערקענט ווערן. און דאָס וויסן פון אַזאַ גאָט מיינט צו אונז, מענטשן אַבסאָלוט ג אָ ר נ י ש ט.

## ב.

אַ געפיל, וואָס בייט נישט דעם מענטש, צו ווען ער איז געקומען, ברענגט אים נישט קיין גליק און קיין גליקזעליקייט און ברעכט נישט די ווענט, וועלכע זענען געשטאַנען צווישן אים און די אַנדערע — אַזאַ געפיל האָט פאַר אונז נישט מער די ווערט ווי דימענטן פאַר אַ מענטש, וועלכער גייט אויס פון הונגער אין אַ מדבר. און וויפיל איינער, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ געפיל, זאָל נישט רעדן צו אונז וועגן אַן אומצווייפלהאַפטן זין פון גוטס, וואָס דאָסדאָזיקע געפיל האָט אַריינגעגעבן אין זיין לעבן, בלייבט אָבער דאָסדאָזיקע געפיל און אַלע רייד וועגן אים — פאַר אונז, זיינע מיטמענטשן, — אַבסאָלוט זינלאָז.

אין אַז די געפילן, וואָס עס רופט אַרויס אַ פלוצלינג אַנטדעקטער סוד בנוגע די שייכותן צווישן מענטש און דעם „אַלץ", וואָס רינגלט אים אַרום, קאָנען יאָ איבערגעגעבן ווערן, אַז זיי קאָנען יאָ אויף שטענדיק באַווירקן און איבעראַנדערשן אי דעם, צו וועמען דער סוד אַנטפּלעקט זיך, אי דעם, מיט וועמען ער טיילט זיינע אַנטפּלעקונגען פון און וועגן דעם סוד — אַז אַזעלכע געפילן פאַרמאָגן אין זיך יאָ אַ טיפע, העכסט-דינאַמישע קראַפט, וואָס רעגט, ווירקט, באַאיינפלוסט און אַנדערשט איבער דעם טרעגער פון די געפילן און אויך די. פאַר וועמען ער גיסט אויס די נשמה-איבערפולנדיקע און די נשמה-אויפברויזנדיקע געפילן — האָט אונז געוויזן דאָסטאָיעווסקי, מאָלנדיק פאַר אונז אַן עקסטאַזישן מאָמענט אינם לעבן פון זיין ליבלינג-העלד — אַליאָשאַ.

אָט איז איינס פון די אומפאַרגעסלעכע זייטלעך פון „ברידער קאַראַמאַזאָוו", אין וועלכן עס ווערט איבערגעגעבן אַ צושטאַנד פון אַליאָשאַס נשמה:

„ער (אַליאָשאַ) האָט זיך אויף די טרעפ נישט אָפּגעשטעלט, נאָר שנעל אַראָפּגעגאַנגען. זיין נשמה איז איבער די ראַנדן געווען אָנגעפילט מיט אַנטציקונג, גאַרנדיק נאָך פרייהייט, אויסגעשפרייטקייט און אומפאַרצוימטקייט. דער הימל-געוועלב, פול מיט ווייכע שיינענדיקע שטערן, האָט זיך אומענדלעך און אומדערגרינטלעך אויסגעצויגן איבער אים. דער מילך-וועג איז געלאָפן אין צוויי בלאַסע שטראָמען פונם זעניט צום האָריזאָנט. די פרישע, אומבאַוועגלעכע, שטילע נאַכט האָט אַרומגערינגלט די ערד. י ווייסע אָרעמס און די גילדערנע קופּאָלן פון די קאַטעדראַלן האָבן אַרויסגעגלאַנצט אַנטקעגן דעם סאַפיר-שטיינערנעם הימל. די רייכפאַרביקע האַרבסט-בלומען און די בייטן אַרום הויז האָבן געדרימלט ביז אינדערפרי. דאָס שווייגן פון דער ערד האָט אויסגעזעען, ווי עס זאָל זיך צונויפגיסן מיטן שווייגן פון די שטערן. די מיסטעריע פון דער ערד איז געווען איינס מיט דער מיסטעריע פון די שטערן.

„אַליאָשאַ איז געשטאַנען, געקוקט און זיך פלוצלינג אַ וואָרף געטון אויף דער ערד. ער האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס ער האָט זי אַרומגענומען, ער וואָלט נישט געקאָנט זאָגן פאַרוואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געגערט זי צו קושן, צו קושן זי אין איר גאַנצקייט. אָבער ער האָט זי געקושט, וויינענדיק און קרעכצנדיק און באַוואַסערנדיק זי מיט זיינע

טרערן, און ער האָט ליידנשאַפטלעך געשוואוירן זי צו ליבן, צו ליבן זי אויף אייביק און אייביק. „באַוואַסער די ערד מיט טרערן פון דיין פרייד און האָב ליב דידאָזיקע טרערן" — האָט אָפּגעקלונגען אין זיין נשמה.

איבער וואָס האָט ער געוויינט?

אָ, אין זיין אַנטציקונג האָט ער געוויינט אפילו איבער דידאָזיקע שטערן, וועלכע האָבן געשיינט צו אים פון די אומענדלעכקייטן פון רוים, און ער האָט זיך מיט זיין עקסטאַז נישט געשעמט. דאָרטן האָבן אויס־געזעען צו זיין פעדעם פון דידאָזיקע אָן אַ שיעור גאָטס וועלטן, וועלכע האָבן אָנגעקניפּט זיין נשמה אָן זיי, און זי האָט דורך און דורך געציי־טערט אין באַריר מיט אַנדערע וועלטן. ער האָט געגאַרט צו פאַרגעבן יעדן איינעם פאַר אַלץ און בעטן מחילה. אָ, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר אַלע מענטש, פאַר אַלע און פאַר אַלץ. „און אַנדערע בעטן אויך פאַר מיר" — האָט ווידער אָפּגעקלונגען אין זיין נשמה. אָבער מיט יעדער רגע האָט ער געפילט קלאָר און ממשותדיק, אַזוי צו זאָגן, אַז עפּעס שטאַרקס און אומפעלבאַרס, ווי אָט דער הימל־געוועלב, האָט אַריינגע־טרעטן אין זיין נשמה אַריין. עפּעס ווי אַ געוויסע אידעע וואָלט אַרומ־געכאַפּט די סוווערעניטעט פון זיין געדאַנק אויף זיין גאַנץ לעבן און אויף אייביק און אייביק. ער איז געפאַלן אויף דער ערד אַ שוואַך ייִנגל, ער איז אָבער אויפגעשטאַנען אַן אַנטשלאָסענער קעמפער, און ער האָט דאָס געוואוסט און דערפילט פלוצלינג אינם מאָמענט פון זיין עקסטאַז. און קיינמאָל, קיינמאָל נישט, זיין גאַנץ לעבן לאַנג, האָט ער פאַרגעסן דידאָזיקע מינוט".

און נישט נאָר אַליאָשאַ, נאָר אויך מיר, די לייענער, וועלן אונ־זער גאַנץ לעבן נישט פאַרגעסן דידאָזיקע מינוט, אין וועלכער דאָסטאָ־יעווסקי מאַכט אונדז דורך אַליאָשאַן צו דערפילן די פעדעם, וועלכע וועבן זיך און ציען זיך צווישן אונזער נשמה און מהותן פון אַלערליי וועלטן, וואָס זענען אינאיינעם מיט אונזער וועלט און אונזער זעלבסט — טיילן און אויסדרוקן פון אַן איין־און־איינציקער אוניווערסאַלער גייסטי־קייט און נשמהדיקייט.

און פאַרוואָס — פרעגט זיך — ווירקט אויף אונדז אַזוי שטאַרק און אַזוי טיף אַליאָשאַס דערפילן די אַנטפּלעקונג פון עפּעס, אויף וואָס

ער איז ביז צו דעמדאָזיקן מאָמענט געווען אומבאַוואוּסט, זײַן פאַרוואָס לאָזט אונז אַזוי קאַלט און גלײַכגילטיק לעווינס געוואויר ווערן דאָס, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרבאָרגן פאַר אים — אַ פאַרבאָרגעניש, וואָס האָט אים, ווי ער זאָגט אונז, געפערלעך געפּלאָגט און געמאַטערט? דער ענטפער אונזערער אויף דערדאָזיקער פראַגע ליגט אין דער פאַרשידנקייט פון די צוויי אויסדרוקן, וועלכע מיר האָבן מיט אַ כּיוון באַנוצט פאַר צליאָטעס און לעווינס אופנים פון צוטריט און צוקום צו איינער און דער זעלביקער אין אַ זין דערקענטעניש. אַליאָשאַ האָט דערפילט די נײַע דערקענטעניש, לעווין איז זי געוואויר געוואָרן. אַליאָשאַ האָט אויפגענומען דידאָזיקע דערקענטעניש מיט אַ ברענענדיקער, דעם גאַנצן גוף און די גאַנצע נשמה־פאַרכאַפּנדיקער לײַדנשאַפט. לעווינען האָט געפעלט אָט די לײַדנשאַפט, וואָס נאָר זי איז בכוח צו מאַכן פון אַ דערקענטעניש אַן איבערלעבונג, וואָס אין איר זאָלן אַרײַנגעוועבט ווערן אַלע פעדעם און אַלע פיבערן פון דעם וועזן־מענטש, און ממילא אויך שוין די פעדעם, וואָס ציען זיך צווישן דעם מענטש און דעם גאַנצן סך־הכּל פון אוניווערסאַלן זײַן.

די לײַדנשאַפט, אַן אַוועקגעשטעלטע אונטער די פליגל פון שײנקייט, פירט דעם קינסטלער צו מאָמענטן ווען גוף און נשמה, טראַכטענישן און געפילן, רעפלעקטירונגען און עמאָציעס וויקלען זיך אײַן אײנע אין די אַנדערע, און עס ווערט איין גאַנץ און אײנהייטלעך מיט לעבן־און־גײַסט־אָטעמענדיק וועזן, פונקט ווי די אָרגאַנישע אײַנוויקלונגען פון הויט, פלייש און ביין שטעלן צונויף אַן אומגעטיילטן לעבעדיקן קערפּער. אין אַזעלכע מאָמענטן זענען עס אַרויסגעקומען פון אונטער טאָלסטאָיס פּינזל טיפּן ווי נאַטאַשע און אַננאַ. די אומבאַדינגלעכע פאַר דער קונסט לײַדנשאַפט, וועלכע איז אי סיבה, אי פּועל־יוצא פון גאַנצקייט און סינטעטישקייט, איז די אורזאַך פון דעם, פאַרוואָס טיפּן ווי נאַטאַשע און קאַרענינאַ זענען פאַרכאַפּנדיק, אָנרעגנדיק און פול מיט אַלערלײַ מעגלעכקייטן פאַר אינספּיראַציע און באַגײַסטערונג, און פאַרוואָס טיפּן ווי מאַריע, לעווין און אַנדערע, זײַענדיק אַ פּראָדוקט פון ריינער פילאָזאָפיע און אַבסטראַקציע, זענען אַלץ, אָבער נישט אָנרעגנדיק און נישט באַגײַסטערנדיק.

די ערשטע טיפּן זענען געשאַפן און געמאָלן פון טאָלסטאָיען מיט

דער פולסטער ליידנשאַפטלעכקייט, אָן וועלכער שיינקייט, עסטעטיק און קונסט קאָנען לחלוטין נישט קומען צום אויסדרוק. די צווייטע — זיינען אויף אַ מאַטעמאַטיש-מעכאַנישן אופן צוגעשניטן געוואָרן לויט דעם מוסטער, וואָס עס האָט זיך געוואָלט טאָלסטאָיען, אַז זיי זאָלן זיין. און געוואָלט האָט ער אַזעלכע טיפן דעמאָלט, ווען זיינע רעפלעקטירונגען, טראַכטענישן און דענקענישן האָבן ביטער געקעמפט מיט זיינע אינסטינקטן, געפילן און עמאָציעס, און ווען זיין באַוואוסטזיין האָט ווי אָפּגערייסנדיק זיך פון זיין אונטערבאַוואוסטזיין אָדער אומבאַוואוסטזיין, געשטרעבט צו אַן איבערבאַוואוסטזיין. דערדאָזיקער קאַמף און דידאָזיקע אָפּגעריסנקייט האָבן אוממעגלעך געמאַכט פאַר אים צו געשטאַלטן די טיפן ווי מאַריע און לעווין אויף אַזאַ אינטואיטיוון אופן, ווי די טיפן פון אַ נאַטאַשע אָדער אַן אַננאַ.

ליידנשאַפטלעכקייט, אָרגאַנישקייט, גאַנצקייט, סינטעטישקייט און אימאַנענטקייט זענען באַדינגונגען, אָן וועלכע די אינטואיציע קאָן זיך נישט באַווייזן, קאָן צו קיין שטאַנד נישט קומען און קאָן נישט טון די אַרבעט פון צונויפגיסן זיך און ווערן איינס מיט די תמציתן, מהותן און תוכנס פון די זאַכן, קעגנשטאַנדן און געשעענישן, וואָס זיי שטרעבט דעם מענטשס גייסט צו דערקענען. און צוריק ווידער — וואָס מער עס אַרבעט די אינטואיציע, אַלץ מער שטייגן אין אינטענסיוויטעט די אַלע גייסטיקע צושטאַנדן ווי ליידנשאַפטלעכקייט, אָרגאַנישקייט, סינטעטישקייט און אימאַנענטקייט.

דערפאַר געפינען מיר, אַז וואָס מער אַ פילאָזאָף איז מודה, אַז די אינטואיציע און אינטואיטיווע קרעפטן אַרבעטן אין זיינע אַריינבליקן אין די שייכותן צווישן מענטש, גאָט און וועלט, אַלץ ווייטער איז זיין פילאָזאָפישע שיטה פון טראַנסצענדענטאַליזם און דעם דואַליזם, און אַלץ נענטער צו דער אימאַנענץ און מאָניזם. און אויב — ווי די סברה גייט איצט אין דער דענקענדיקער וועלט — קיין שום שפּאַלטונג, אויף וועלכן געביט עס זאָל נישט זיין, איז נישט מעגלעך אָן אָט דער סינטעטישקייט פון אַלע מענטשלעכע, גייסטלעכע און אפילו פיזישע און פיזיאָלאָגישע אויסדרוקן, וועלכע הייסט אינטואיציע, מוז דאָך זיכער דידאָזיקע אוממעגלעכקייט זיין די שטאַרקסטע אויף דעם קולטור-געביט פון קונסט. מחמת דער קונסט-געביט איז פון אַלע איבעריקע קולטור-געביטן

דער פרימיטיוויסטער, אָריג נעלסטער און דער אַפעלירנדיקסטער צו דער גרעסטער צאָל מענטשלעכע הערצער און מוחות. און, ווי אַזעלכער, מוז ער דעריבער זיין אָנגעזאַפּט, דורכגענומען און דורכגעדרונגען מיט די רויסטע און פּריסטע זאַפטן, אַזוי גוט ווי מיט די צייטיקסטע און שפּעטסטע זאַפטן. און דידאָזיקע זאַפטן אַלע אינאיינעם האַלטן אויף, גיבן באַשטאַנד און שטויסן די אַנטוויקלונג פון אַלץ, וואָס הייסט מענטשלעך לעבן.

רעדנדיק וועגן דאָסטאָיעווסקין און באַרופנדיק זיך דערהויפּט אויף דעם ווי דאָסטאָיעווסקי מאָלט אַליאָשאַס באַציאונג און אַליאָשאַס געפיל צום הימל איבער אים און צו דער ערד אונטער אים, שרייבט מערעזשקאָווסקי צווישן אַנדערעס אויך די פאָלגנדע שורות:

„ביז איצט האָט זיך אונז געדאַכט, אַז צו זיין אַ קריסט מיינט ליב צו האָבן דעם הימל, אָפּזאָגנדיק זיך פון דער ערד, האַסנדיק די ערד. אָבער אָט איז קריסטנטום (דאָסטאָיעווסקיס הייסט עס) — — נישט ווי אַ פאַרלייקענונג פון דער ערד, נאָר ווי אַ נייע, נאָך ביז איצט נישט געוועזענע „געטרייקייט צו דער ערד”, אַ נייע ליבע צו דער ערד, אַ „ניי קושן פון דער ערד”. עס ווייסט זיך אַרויס, אַז נישט נאָר קאָן מען ליב האָבן דעם הימל און די ערד אינאיינעם, נאָר אַז אַנדערש ווי אינאיינעם, קאָן מען זיי נישט ליב האָבן, מען קאָן זיי נישט, על פּי קריסטוסעס לערע, ליב האָבן באַזונדער. אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן נישט ליב דעם הימל, אָדער די ערד ביז צום סוף, ביז צו דער סאַמע לעצטער גרענעץ פון הימל און ערד, ווייזט זיך אונז אויס, ווי טאָלסטאָיען און ניטשען, אַז איין ליבע פאַרניינט די אַנדערע. מען דאַרף ליב באַקומען די ערד ביז צום סוף, ביז צום לעצטן ראַנד פון דער ערד — — ביז צום הימל. מען דאַרף ליב באַקומען דעם הימל ביז צום סוף, ביז צום לעצטן ברעג פון הימל — — ביז צו דער ערד. און דעמאָלט וועלן מיר פאַרשטיין, אַז זיי זענען נישט צוויי, נאָר איין ליבע, אַז דער הימל גייט אַראָפּ אויף דער ערד, נעמט אַרום די ערד ווי אַ ליבהאָבער די געליבטע (צוויי האַלבע, צוויי געשלעכטן פון דער וועלט) און די ערד גיט זיך איבער דעם הימל, אַנטפּלעקט זיך צום הימל. „דער סוד פון דער ערד”, לויט דעם אויסדרוק פון דאָסטאָיעווסקן, טרעפט

זיך צונויף מיטן „סוד פון די שטערן". אין דעמדאָזיקן „צונויפטרעף", צונויפגוס איז אַנטהאַלטן דער מהות, אויב נישט פונם היסטאָרישן קריסטנטום, איז פון קריסטוסעס לערע גופא".

אויף וויפיל דאָס נשמהדיקע דערפילן און דאָס געדאַנקלעכע דערזען דעם הימל אין דער ערד און די ערד אין הימל — איז אַ געפיל אָדער אַ זעאונג, וואָס קאָן צוגעשריבן ווערן קריסטוסן, נעם איך זיך נישט אָן צו זאָגן. עס פעלט מיר פאַר דעם אַ גענויערע און לענגערע באַקאַנטשאַפט און אינטימיטעט מיט דער לעגענדע וועגן און דער לערע פון קריסטוסן. אין וואָס איך בין אָבער יאָ זיכער איז, אַז דאָרט, וואו טאָלסטאָי איז קינסטלער, און אַזוי לאַנג ווי די קונסט האָט ביי אים גענומען די אויבערהאַנט איבער דעם אַבסטראַקטן דענקן און טראַכטן, דאָרט איז אויך טאָלסטאָי געווען און געבליבן קריסט, אינם זין ווי מערעזשקאָווסקי פאַרשטייט קריסטוסעס לערע. דאָרט און דעמאָלט האָט אויך טאָלסטאָי ווי יעדער קינסטלער געזען און געפילט, און אויף וויפיל ער איז געווען פון די גרעסטע קינסטלער, אויף אַזוי פיל האָט ער טיפער פאַרגעפילט און קלאָרער פאַר זיי געזען אין דער הימלישקייט און ערדישקייט צוויי אויסדרוקן אָדער צוויי זייטן פון איין און דערזעלבער אַלוועלט-סובסטאַנץ. ווער נאָך האָט אַזוי ווי ער, דורך זיינע קינסטלערישע ווערק, אונז געצוואונגען צו דערפילן, און צו פאַרטראַכטן זיך וועגן דער מאַכט, שטאַרקייט, וויכטיקייט און אייביקייט פון שייכותן און געשעענישן, וואָס צוליב דעם, וואָס זיי זענען אומאויפהערלעך, באַשטענדיק און צוליב זייער פאַרשפּרייטקייט און געוויינטלעכקייט האָבן זיי פאַרלוירן אין אונזערע אויגן זייער גרויסן ווערט, זין און ציל? איז עס דען נישט טאָלסטאָי, וועלכער אין דער מיט פון אַלע גראַנדיעזגעוואַלטיקע און געוואַלטיק-גראַנדיעזע געשעענישן, וואָס האָבן געפירט צו און זענען אַרויסגעקומען פון דער באַרימט-געוואָרענער נאַפּאָלעאָנישער מלחמה — מאַכט אונז אינאיינעם מיט נאַטאַשען אָנצוקוועלן פון דעם, וואָס איר קינדס וויקעלעך זענען באַפאַרבט געוואָרן דאָס מאָל שוין געל, אָנשטאָט גרין, וואָס דאָס איז אַ סימן, אַז דעם קינדס מעגעלע בעסערט זיך? און איז עס דען נישט טאָלסטאָי, וואָס רייסט אַוועק אונז אינאיינעם מיט לעווינען פון די גרויסע לעווינישע פילאָזאָפישע טראַכטענישן און

מעטאַפיזישע שפּעקולאַציעס און וואַרפט אַרײַן אין לעווינען, אי אונז אין דעם צימער, וואו קיטי גײט אויס פון נחת דערפון, וואָס איר קינד האָט ערשט הײַנט אָנגעהויבן צו דערקענען די מענטשן, וועלכע געפינען זיך שטענדיק אַרום אים און דערהויפּט זײַן מוטער? און אויב קיטיס פרייד ווערט נישט לעווינס פרייד, ווײַל לעווין איז אַן אַבסטראַקציע און נישט קײן קינסטלערישע געשטאַלט, ווערט אָבער קיטיס פרייד אונזער פרייד, און מיר פרייען זיך אַזוי האַרציק מיט איר פריידיקייט, ווי האַרציק מיר לאַכן פון לעווינס קאָמישקייט.

פרעגן מיר זיך פאַרוואָס, אָדער בעסער געזאָגט, מיט וואָס און דורך וואָס טאָלסטאָי באַווײַזט עס צו מאַכן אונז צו קוועלן אַזוי שטאַרק פון נאַטאַשעס קוועלן פון דעם, וואָס איר קינד בעסערט זיך, און צו פרייען זיך מיט קיטיס פרייען זיך מיט איר קינדס חכמות — קאָן דאָ קײן שום אַנדערער ענטפער נישט זײַן ווי דער, אַז טאָלסטאָי באַווײַזט אַרויסצורופן אין אונז דאָס מיטקוועלן און דאָס מיטפרייען זיך דורך דעם, וואָס ער צווינגט אונז דורך זײַן קונסט צו דערפילן און צו דערזעען אין דעם קוועלן און פרייען זיך פון די צוויי מאַמעס מיט זייערע זייג-קינדער — דעם אוניווערסאַליזם, די דויערהאַפטיקייט, און ממילא אויך שוין דאָס געוויכט און די ווערדע, דאָס ציל-און זין-באַוואוסטקייט, אַזוי גוט ווי דאָס ציל-און זין-אומבאַוואוסטקייט און איבערבאַוואוסטקייט פון אַלץ, וואָס איז אַנטהאַלטן און אײַנגעשלאָסן אין דעם הימליש-ערדישן און ערדיש-הימלישן באַגריף, וואָרט און אויסדרוק: *מוטערשאַפט*.

אין ליכט פון דער אייביקייט און הייליקייט, וואָס טאָלסטאָי דער קינסטלער וואַרפט אויף מוטערשאַפט, באַקומען אַ גאַנץ אַנדערן זין און באַטײַט אַלע געשעענישן און געשטאַלטן, וועלכע טאָלסטאָי לאָזט דורכלויפן פאַר אונז אין די קונסט-ווערק „קריג און פרידן" און „אַננאַ קאַרענינאַ". און אַ דאַנק אַזאַ אָדער אַן אַנדער ליכט, וואָס ער טוט אַ וואָרף מיט אַן אויסערגעוויינלעך קינסטלערישער קראַפט אויף מענטשלעכע געשטאַלטן, שייכותן און באַציאונגען, טאַטן און האַנדלונגען, ווערן פון זײַן קינסטלער-האַנט אַרײַנגעפלאָכטן אינעם אוניווערסאַלן געוועב פון באַשטיין און פאַרגיין, זײַן און ווערן אַלע געשעענישן, אַלע

זאַכן און אַלע פאַרקומענישן, סיי די, וואָס זעען אויס צו זיין קליין, אומבאַ‌ווייטנדיק און מינדערוואַרטיק, סיי די, וואָס פאַרכאַפן אונז מיט זייער גרויסקייט, פילבאַדייטנדיקייט און הויכווירדיקייט — זיי אַלע גייען אַריין אין דער אוניווערסאַלער אַלץ-אַרומנעמענדיקער גאַנצקייט, ווי גלייכבאַרעכטיקטע, גלייכבאַדייטנדיקע טיילן.

טאָלסטאָי דער קינסטלער ווייסט, וואָס יעדער קינסטלער מוז וויסן, און ניש ווייט איז די צייט, גלייב איך, ווען יעדער איינער, וואָס וועט קומען אין אַן אינטימען באַריר און באַהעפטונג מיט קול-טור וועט ווי סן און פילן, אַז דאָס קלענסטע און דאָס מינדסטע איז אַנטהאַלטן אין דעם גרעסטן און וויכטיקסטן, און אַז דאָס גרעסטע און וויכטיקסטע זעצט זיך דורך און קאָן פאַרנומען און אויפ-גענומען ווערן פון איינעם דורך דעם, וואָס זעט אויס צום אַנדערן קלענער פונם קלענסטן און מינדערוואַרטיקער פונם מינדערוואַרטיקסטן, וויסן און פילן וועט אויך יעדערער, אַז אין דער אַנטשטייאונג, זיין און אַנטוויקלונג פון יעדער איינציקער זאַך אין דער וועלט, באַטיי-ליקן זיך וויווירקנדיקע און אומבאַדינגלעכע פאַקטאָרן און קרעפטן, ביידע — דער הימל און די ערד. און אַריינגיין מוזן זיי ביידע, די הימלישקייט און די ערדישקייט, אין אַלץ, — אפילו אין דעם, וואָס איז איבער הימל און ערד.

איז דען ניש אַ שטייגער דאָס אומשולדיק נאַיווע, אויג, האַרץ און נשמה-פאַרכאַפנדיקע, בלימעלע „פאַרגעס מיך נישט" מיט זיין מיס-טעריעזער סימעטרישקייט און האַרמאָנישקייט, אַ פּראָדוקט פון דער סינטעטישער פאַראורזאַכלעכקייט, ווירקונג און איינפלוס פון דעם הימל, אַזוי גוט ווי פון דער ערד? און פון בלימעלע טוען מיר אַ שפרונג — גייסטיק האַלט דאָך אונז קיין שום זאַך נישט אָפּ פון צו טון אַ שפרונג אין הימל אַריין — צו גאָט, און מיר פרעגן זיך: קאָן זיך דען דאָס העכסטע פון אַלע אוניווערסאַלע הויכקייטן, וואָס מענטשן האָבן דעם אַ נאָמען געגעבן גאָט — קאָן ער דען, גאָט אַליין, זיך פאָרשטעלן דער-מענטשלעכער פאַנטאַזיע אויף אַ קאָנקרעטן אופן, אַנדערש ווי אַ סינ-טעז, אַנדערש ווי אַן אָרגאַנישע פאַרייניקונג און פאַרבינדונג פון דעם, וואָס זעט אויס דעם מענטש צו זיין דאָס נידעריקסטע און דאָס העכ-סטע — נידעריקער פון „ערד" און העכער פון „הימל"? און נישט

נאָר אין אונזער אייגענער נשמה געפינען מיר אַן אומצווייפלהאַפטע און קאַטעגאָרישע באַיאָאונג פון דידאַקטיקע פראַגן. נאָר מיר לייענען אַזאַ באַיאָאונג אַרויס אין יעדער שורה פון טאָלסטאָיס ווערק, דאָרט, וואו ער איז טאָלסטאָי דער קינסטלער.

די אַבסאָלוטע אָפּגעשיידקייט און טראַנסצענדענטאַלקייט פון דעם העכסטן איבער דעם נידעריקסטן, און אַ גאָט אַן אויסגעשיילטן פון אַלע קאָנקרעטע אינהאַלטן, וואָס פילן אָן און אָפּט איבערפלייצן די מענטשלעכע נשמה — אַזאַ טראַנסצענדענטאַליזם און דואַליזם געפינען מיר ביי טאָלסטאָי דעם דענקער.

מיר היטן זיך פון אָנצווענדן דעם אויסדרוק פילאָזאָף אויף טאָלסטאָיען און אויף זיין לערע, הגם ער האָט געשריבן אַזוי פיל פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען. מחמת דער, וואָס קאָן אויף אַן אומצווייפלהאַפטן אופן באַצייכנט ווערן מיטן נאָמען פילאָזאָף, מוז, ווי איך גלייב, זיין איינער, וואָס זיין אַרומנעם און אַריינבליק אין תוך, תמצית און מהות פון דער וועלט זאָלן באַגלייט ווערן מיט און אַרויסגערופן ווערן פון אַ לעבנסלענגלעכער ברענענדיק-ליידנשאַפטלעכער תשוקה צו דער-גרונטעווען דעם זין פון דער וועלט און צו ווערן איינס מיט דער טאָטאַלער איינציקייט פון דער וועלט. אַלע פיברען פון דער נשמה דאַרפן אַריינגעצויגן ווערן אין דערדאָזיקער אַרבעט און איבערגעבנקייט, און עס דאַרף שוועבן איבער איר אַ דויער, וואָס אין איר זאָלן צו יעדן מאָמענט זיך צונויפגיסן די פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט.

מעגן די לעבונגען און איבערלעבונגען פון דעם פילאָזאָף זיין אַזעלכע אָדער אַנדערע, מעגן זיי זיך זיין שוואַכערע אָדער שטאַרקערע, רויקע אָדער ברויזנדיקע, מוזן זיי אָבער אַלע, פון דער ערשטער, וועלכע איז געקומען צו זיין באַוואוסטזיין, ביז דער לעצטער, וועלכע איז נאָך פריש און צאַפּלדיק — באַלעבן און באַזעלן זיינע אָנשויאונגען און וועלט-בליקן. זיינע לעבונגען און איבערלעבונגען מוזן אינאיינעם מיט זיינע אָנשויאונגען און בליקן צונויפשטעלן אין זיין אייגענעם באַוואוסטזיין אַזאַ פאַרכישופטן קרייז, אַז ער אַליין זאָל נישט וויסן, וואו עס הייבן זיך אָן זיינע לעבונגען און וואו די איבערלעבונגען, און נישט וויסן דאַרף ער אויך, ווען די אָנשויאונג אָדער בליק

איז די סיבה און ווען — דער פועל־יוצא פון דער איבערלעבונג. עס מוז זיין אַ פאָלקאָמענע צונויפגיסונג און צונויפשטימיקייט צווישן דער איבערלעבונג און דער אָנשויאונג און צווישן דעם, וואָס איז ווען עס איז איבערגעלעבט געוואָרן, און דעם, וואָס ווערט פּראָזשעקטירט ווי אַ סיסטעם, קייט אָדער קרייז פון אָנשויאונגען און בליקן פאַר אַנדערע צום איבערלעבן.

נישט נאָר אַלזאָ די קונסט, נאָר אַפילו די פילאָזאָפיע קאָן נישט פאַרטראָגן די צעשפּאָלטנקייט פון דער פערזענלעכקייט. אַ דענקער, וואָס ליידט פון נשמה־אָדער גייסט־צעשפּאָלטנקייט, איז קיינמאָל נישט געווען און וועט קיינמאָל נישט ווערן קיין פילאָזאָף.

און אויב דאָסטאָיעווסקי איז אין זיינע שאַפונגען דורכאויס קריסט, ווי מערעזשקאָווסקי פאַרשטייט קריסטוסן, אָדער אויב ער איז דער גרעסטער אַנטיקריסט, ווי ניטשע האָט פאַרשטאַנען, אָדער בעסער געזאָגט, שלעכט פאַרשטאַנען קריסטוסן. אַזוי צי אַנדערש, קריסט אָדער נישט קריסט, נאָר אויב דאָסטאָיעווסקי האָט ליב געהאַט די ערד מיט אַ טיפקייט, פון וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך דער הימל, און דעם הימל — מיט אַ ברייטקייט, וועלכע שליסט איין און נעמט אַרום די ערד, מיט אַ שטאַרקייט און וואַרעמקייט, וואָס העכערט און דערהויבט, איז עס דערפאַר, וואָס ער, דאָסטאָיעווסקי, איז נאָך קינסטלער. און זיין טיף און הויך זיך אומאויפהערלעך אַנטוויקלענדיקע פערזענלעכקייט זעצט זיך דורך און קומט צום אויסדרוק אין אַלע זיינע ווערק, אָנהייבנדיק מיט „אָרימע מענטשן" און ענדיקנדיק מיט „ברידער קאַראַמאַזאָוו".

אַלץ, וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט געדענקט און געטראַכט — און ווער האָט נאָך אַזוי שטאַרק געטראַכט און אַזוי טיף געדענקט ווי ער? — האָט שטענדיק אָנגענומען אַ קינסטלערישן אויסדרוק און אַ קינסטלערישע געשטאַלטונג. זיין ווילן, פילן און טראַכטן האָבן זיך אין אַלע זיינע שאַפונגס־מאָמענטן צונויפגעגאָסן, באַהעפט און סינטעטיזירט און אַרויסגעקומען איז דערפאַר אַן אינטואיטיווער אויפנעם און באַשאַף פון וועלט, מענטש און גאָט און זייערע שייכותן, — אַן אויפנעם און אַ באַשאַף, וואָס אים צו באַגרייפן און צו דערפילן ביז אַלע זיינע

טיפֿקייטן און הויכן וועט נאָך נעמען דער מענטשהייט אַ היפּש ביסל יאָרן.

טאָלסטאָי, וועלכער איז גאָר גרויסער קינסטלער אין די מאָמענטן פֿון גאַנצקייט און אימאַנענטקייט, איז אויך דעמאָלט קריסט אין מערעזשקאָווסקיס זין פֿון קריסטנטום. טאָלסטאָי איז נישט קריסט, נישט קינסטלער און נישט פֿילאָזאָף, הגם גרויסער דענקער און טראַכטער, אין די מאָמענטן פֿון צעשפּאָלטנקייט, אין די מאָמענטן, ווען ער רעוואָלטירט מיט זיין גערדאַנק קעגן דער ליידנשאַפטלעכקייט, וועלכע עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן אינגאַנצן צו סובלימירן און צו אוניווערסאַליזירן, און קעגן דער פיזישקייט, פיזיאָלאָגישקייט און קעגן דער שיינקייט, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן געדאַנקלעך צו פּלאַטאָניזירן און צו אידעאַליזירן און ווי אַזעלכע זי אויף איין פּעדעסטאַל מיט גוטסקייט און גערעכטיקייט אַוועקצוזעצן. אין די מאָמענטן פֿון רעוואָלט אַנטקעגן דעם צווייטן „איך” אין זיין אייגענעם, טאָלסטאָישן, „זעלבסט”, אין די מאָמענטן, ווען דער קאַמף ווערט האָפֿנונגסלאָז און ווען עס ווערן פֿאַרלוירן אַלע האָפֿענונגען אויף אַ וועלכער עס איז האַרמאָניע אין זיך גופא, ווי אויך אויף דער האַרמאָניע צווישן זיך מיט דער וועלט אַרום און פֿון דער וועלט אַרום מיט דער איבערוועלט — אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט טאָלסטאָי אויס קינסטלער. אין אַזעלכע מאָמענטן, אָדער אין אַ צייט פֿון אַזעלכע שוין גאָר אָן אַ שיעור מאָמענטן, באַקעמפט טאָלסטאָי קונסט בכלל און זיין אייגענע קונסט בפרט.

דער קינסטלער, מער פֿאַר אַלע אַנדערע קולטור־שאַפער, מוז זיין אינטואיטיוו. ער מוז אויף אַן אינטואיטיוון אופן צוטרעטן, אויפנעמען, שאַפן און איבערשאַפן די וועלט. ער מוז אַ צונויפגעגאָסענער און אַ צונויפגעפלאָכטענער אין זיין ווילן, אין זיין פילן און אין זיין דענקען, אַ צונויפגעוואַקסענער אָרגאַניש אין אַן אומבאַוואוסטער באַוואוסטזיניקייט און אין אַ באַוואוסטזיניקער אומבאַוואוסטקייט, זיך אַראָפּלאָזן אין אַלע תהומען און דערהויבן זיך צו אַלע הויכן פֿון דער איניווערסאַלער דינאַמישקייט. און ווי אַזעלכער מוז ער שטויסן נישט נאָר די קונסט, נאָר דורך דער קונסט, אויך די גאַנצע קולטור,

אין דער ריכטונג פון אַלץ אַ טיפערער און שטאַרקערער אימאַנענט־
קייט און פון אַן אַלץ מער אויסגעהאַלטענעם, איינהייטלעך־פילפאַכיקן
און פילפאַך־איינהייטלעכן מאָניזם, ווי אויך אין דער ריכטונג פון אַ
מער דינאַמישער שעפערישקייט און שעפערישער דינאַמישקייט. דאָס
איז אַ דינאַמישקייט, וואָס אין איר איז יעדער מאָמענט אַבסאָלוט
אין ליכט פון דער פאַרגאַנגענהייט, און רעלאַטיוו אין ליכט
פון דער צוקונפט, וועלכע איז פריי און אומבאַשטימט, ווייל נישט פרע־
דעטערמענירט.

II.

# אַלפרעד ווייטהעד — די ערשטע שוואַלב

## „וויסנשאַפט און די מאָדערנע וועלט"

### א.

ווי די קונסט, אַזוי אויך די פילאָזאָפיע. אויך זי, די פילאָזאָפיע, קאָן נישט אויפנעמען די וועלט-מהותן אַנדערש ווי דורך אַן אינטואיטיווער דערקענטעניש. אַזוי האָט געלערנט שפּינאָזע אַמאָל, פּלאָטינוס לאַנג, לאַנג נאָך פאַר שפּינאָזען, און אַזוי לערנט איצט בערגסאָן. און דידאָזיקע אינטואיטיווע דערקענטעניש אין דער פילאָזאָפיע, ווי אין יעדער אַנ־ערן קולטור-אויסדרוק, וואָס שטרעבט צו דערגרונטעווען דאָס אוניווערסאַלע זיין ביז צו אַלע טיפענישן זיינע, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס די קלאָרסטע און אַבסטראַקטסטע, אַזוי גוט ווי די קאָנקרעטסטע און קינסטלעריש-געשטאַלטעטע פילאָזאָפישע שאַפונגען רופן אַרויס אַ וועלט מיט פאַרשידענע אויסטייטשונגען און דערקלערונגען וועגן זייער זין און מיין. אַ לעבן אַ גאַנצס פון דעם פילאָזאָף גופא קלעקט אַמאָל נישט פאַר אים אויף קלאָר צו מאַכן זיך און אַנדערע אַן איינאונאיינציקן גרויסן און טיפן אינטואיטיוון אויפנעם.

וואָס קאָן נאָך זיין קלאָרער ווי שפּינאָזעס „עטיק", און וואָס קאָן זיין נאָך מער אַבסטראַקט און מער אַ פּראָדוקט פון דעם ריינעם און רעפלעקטירנדיקן באַוואוסטזיין, ווי קאַנטס „קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט" ? — דאָס איז פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט: וואָס קאָן נאָך זיין מער אי עכט-פילאָזאָפיש, אי עכט-קינסטלעריש ווי די שאַפונגען פון פּלאַטאָ ? און פונדעסטוועגן הערשט אַ ים מיט מיינונגס-פאַרשידנהייטן — איניקע אָפט דיאַמעטראַל אַנטקעגנגע-

זעצט צו די אַנדערע — מכּוח דעם, וואָס שפּינאָזע האָט געמיינט דאָ און דאָ, קאַנט — דאָ און דאָרט, און פּלאַטאָ — אין דעם אָדער אין יענעם טייל פון אַזאַ אָדער אַן אַנדערן דיאַלאָג.

און נישט נאָר דער לייענער און קריטיקער קאָנען שוין נישט מער צוקומען צו דעם אָריגינעלן און פּינקטלעכן זין און מיין, וואָס די ווערטער פון פּלאַטאָ, שפּינאָזע און קאַנט האָבן אין זיך געטראָגן, ווען זיי זענען צום ערשטן מאָל אויף דער וועלט געקומען, נאָר די פילאָזאָפן פּלאַטאָ, שפּינאָזע און קאַנט — זיי אַליין האָבן צום סוף פון זייער לעבן שוין נישט געגעבן דעם זעלביקן זין און מיין, וואָס זיי האָבן געגעבן צו די ווערטער, וועלכע זיי האָבן געשריבן אין אָנהייב פון זייער לעבן, אַ פּשיטה שוין, ווען זיי זאָלן על פּי נס אויפשטיין איצט תּחית המתים. עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך צוצוקומען צו דעם, וואָס דער פילאָזאָף האָט געמיינט און צו דעם, וואָס אים האָט באַוועגט אַזוי און נישט אַנדערש צו פאָרמולירן פאַר זיך און אַנדערע זיין בליק און אַריינבליק אין דער סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט פון זאָט, מענטש און וועלט. און ווען עס וואָלט אפילו מעגלעך געווען, וואָלט עס געווען לחלוטין אומוויכטיק און אומנוצלעך.

פאַר אונז לייענער אָדער קריטיקער איז וויכטיק נישט דאָס, וואָס דער שאַפער האָט אין זינען געהאַט, נישט דאָס, וואָס ער האָט באמת געמיינט, ווען ער האָט געשאַפן דאָס ווערק, נאָר וויכטיק איז פאַר אונז דאָס, וואָס די שאַפונג מיינט צו אונז, צו די, וואָס געניסן זי, און צו די, וואָס קומען צו איר מיט אַזעלכע און אַנדערע כּוונות.

די וויכטיקייט און גרויסקייט פון אַ שאַפונג באַשטייט אין די מעגלעכקייטן, וואָס זי פאַרמאָגט, אַז עס זאָלן אין איר פון די, וואָס קומען אין באַריר מיט איר, קאָנען אַריינגעלייגט ווערן באַדייטונגען, זינען און מיינען, וועלכע זאָלן פאַרטיפן דעם מהות מענטש און גורם זיין דאָס אַוועקשטעלן פון דעם מענטש אויף אַ העכערער מדרגה פון קולטור. די גריבלערייען אין דעם מיין און זין פון עמעצנס אַ שאַפונג, די אויסטייטשונגען פון דעם אינטעליגענט אָדער קריטיקער האָבן אַ ווערט נאָר דעמאָלט, ווען זיי, אומאָפּהענגיק פון דעם צי האָבן זיי יאָ אָדער נישט געטראָפן אין פּינטל מיט זייערע אויסטייטשונגען, קאָנען אַרויסרופן אין די, פאַר וועמען זיי ברענגען זייער פּשט און דרש —

אַרויסרופֿן אַ גייסטיקע פֿאַרטיפֿונג און אַן אָנרעגונג אין דער נשמה צו אַ קולטור־אַנטוויקלונג אין פֿאַרשידענע דימענסיעס.

אינטערפּרעטאַציעס, אָפּשאַצונגען און קריטיקן וועגן שאַפֿונגען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן קולטור־געביט האָבן אַ ווערט נאָר דעמאָלט און נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿיל זיי אַליין — די אינטערפּרעטאַציעס און קריטיקן — זענען אמתע שאַפֿונגען, דאָס הייסט אויף וויפֿיל זיי זענען אַן אויסדרוק פֿון אַן אָריגינעלער און באַדייטנדיקער פּערזענלעכקייט. און אַלע אמתע שאַפֿונגען זענען קולטור־אויסדרוקן, און ווי אַזעלכע זענען זיי גלייכווערטיק. די מחיצות, וואָס זענען לעצטנס אויפֿגעבויט געוואָרן צווישן די פֿאַרשידענע קולטור־אויסדרוקן, זענען אי שעדלעך פֿאַר דער מענטשלעכער קולטור, אי אַבסאָלוט אומבאַגרינדעט אין ליכט פֿון קולטור, ווען זי ווערט אויפֿגענומען אין איר גאַנצער גאַנצקייט. דאָס גאַנצע גערעדעריי וועגן תהומען צווישן אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אויסדרוק פֿון קולטור, צווישן אַזאַ אָדער אַן אַנדערער אַנטפּלעקונג פֿון די סודות, וועלכע ליגן אין די פֿאַלדן פֿון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ איז אַן אילוזיע, וואָס וועט פֿריער אָדער שפּעטער צערינען ווערן פֿון אַ שאַרפֿן און אַלץ־אַרומנעמענדיקן קולטור־בליק ווי דער שניי פֿון אַ שאַרפֿן שטראַל פֿון דער פֿרילינג־זון.

איז עס טאַקע, פֿרעג איך, אוממעגלעך אויף אַ קינסטלערישן אופֿן צוצוקומען צו דער פֿילאָזאָפֿיע, און אויף אַ פֿילאָזאָפֿישן אופֿן צו דער קונסט און דורך זיי ביידע צו דער וויסנשאַפֿט און מיט דער וויסנשאַפֿט צוריק צו די פֿילאָזאָפֿיש־קינסטלערישע און רעליגיעזע קולטור־אויסדרוקן? און איך ענטפֿער: אוודאי און אוודאי איז דאָס מעגלעך! אַ סימן און אַ באַווייז פֿאַר דער מעגלעכקייט איז דאָס, וואָס דאָ און דאָרט זענען שוין לאַנג צוריק געבראָכן געוואָרן די מחיצות און אָפּגעשאַפֿט געוואָרן די תהומען, און איצט מערקט זיך גאָר אַ שטאַרקע נייגונג און טענדענץ אין דער ריכטונג פֿון אַלץ אַ גרעסערער אָנערקענונג פֿון אַן אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג און אָביעקטיווער גלייכווערטיקייט פֿון אַלע קולטור־אויסדרוקן. אַלץ, וואָס איז נויטיק, איז אַ קלאָרערער און טיפֿערער באַוואוסטזיין פֿון דער ווינטשנסווערטיקייט פֿון אַזאַ ריכטונג. אַזאַ באַוואוסטזיין וואָלט געדינט ווי אַן אָנרעגונג און באַלייכטונג אויף דעם וועג

צו אַ שטאַרקערער און שטאַרקערער אינטימיטעט, באַהעפטונג און סינ־טעטישקייט פון אַלע אויסדרוקן פון קולטור.

האָט דאָך שוין דער טאַטע פון דער פילאָזאָפיע, פּלאַטאָ, איבער־געגעבן די טיפּסטע און גרעסטע פילאָזאָפישע סיסטעם אויף אַ ריין קינסטלערישן אופן. קאָן די קונסט זיך באַרימען מיט שענערע קינסט־לערישע שאַפונגען, ווי פּלאַטאָס „סימפּאָזיום" אַ שטייגער? און האָט דען נישט דער וויסנשאַפטלעכער מאַטעריאַליזם פון גריכנלאַנד זיך פאַר־קערפּערט אין זיין גאַנצער אָפּגעשלאָסנקייט פון יענער תקופה אין לוקרעציוס פּאָעמע „דע רערום נאַטוראַ"?

אין לאַנגעס „געשיכטע פון דעם מאַטעריאַליזם", פאַרנעמט דידאָ־זיקע דידאַקטישע פּאָעמע וועגן נאַטור אַ גאָר־גאָר אָנזעעוודיק אָרט. אַן ערך פון דרייסיק זייטן גיט לאַנגע אַוועק פאַר אַ וויסנשאַפטלעך־פילאָ־זאָפישן אַנאַליז פון דערדאָזיקער שטאַרקער און טיפער פּאָעמע. „די מאַטעריאַליסטן פון דעם לעצטן יאָרהונדערט" — זאָגט לאַנגע — „האָבן געשטודירט און ליב געהאַט לוקרעציאוס". און לאַנגעס אייגענע ליבע און באַגייסטערונג פאַר לוקרעציאוס און זיין פּאָעמע זעען מיר פון לאַנגעס פאָלגנדיקע ווערטער: „דער ענטוזיאַזם, מיט וועלכן ער (לוקרע־ציאוס) באַקעמפט די דערלייזונג, וואָס מען האָט געדענקט, אַז זי געפינט זיך אין זיין (עפּיקורעסעס) פילאָזאָפיע — אַ דערלייזונג פון די צרות פון דעם ניהיליזם פון יענע צייטן, גיט זיין ווערק אַ דערהויבענעם טאָן, אַ התלהבות פון גלויבן און איינבילדונג, וואָס גייט אַ סך העכער פאַר דער אומשולדיקער לויטערקייט פון עפּיקורס לעבן און נעמט אָפּט אָ אַ סטאָאישן אימפּעט — — — — — די ריינקייט, קרעפטיקייט און שטאַר־קייט פון השגה, וואָס לוקרעציאוס האָט אַרויסגעוויזן זענען געוועזן זעלטן אין זיין שול, און אפשר קאָן מען זיי שוין נישט אָנטרעפן נאָכאַמאָל פון לעקרעציאוס צייטן ביז אויף היינטיקן טאָג".

און וואָס איז מכּוח אונזער אייגענעם צוואָנצ־קסטן יאָרהונדערט? האָט די בילדערישקייט און קינסטלערישקייט, וועלכע איז ביי בערג־סאָנען געקניפּט און געבונדן מיט אַ שטרענג־וויסנשאַפטלעכער אַנאַלי־טיק, אויף אַ האָר געשטערט זיינע פילאָזאָפישע טיפקייטן צום אויסדרוק צו קומען? האָט דען זיין ריין וויסנשאַפטלעכע און אַנאַליטישע צעגלי־דערונג פון די אַלע ביז אין אים עקזיסטירנדיקע באַגריפן פון עוואָלוציע

נישט געפֿירט דערצו, אַז אַלע וויסנשאַפֿטלער זאָלן פֿון דעמאָלט אָן און ווייטער אָוועקשטעלן אַלע זייערע פֿאָרשונגען אין ליכט פֿון בערגסאָנס פֿילאָזאָפֿיש־קינסטלערישן באַגריף פֿון באַשאַפֿנדיקער עוואָלוציע? און האָט דען נישט בערגסאָנס אינטואיטיוו־קינסטלערישער דערפֿיל פֿון אַ שטענדיק־לויפֿנדיקן און אומאויפֿהערלעך־שאַפֿנדיקן און דערפֿאַר זיך בייטנדיקן שטראָם פֿון דויער. וואָס פֿון אים זענען צייט און רוים נישט מער, ווי קריסטאַליזאַציעס אָדער אייביקע און אוניווערסאַלע אויסגע־שפּרייטקייטן — האָט דען נישט אָט דערדאָזיקער אינטואיטיוו־קינסטלע־רישער דערפֿיל פֿון אַ דויער, וואָס איז צום ערשטן מאָל מיט בערג־סאָנען געקומען צום באַוואוסטזיין פֿון דער מענטשהייט, אַ שטויס גע־געבן אַלע וויסנשאַפֿטן אין גאַנץ נייע ריכטונגען אַ דאַנק דעם גאַנץ נייעם פֿילאָזאָפֿישן באַגריף וועגן צייט־און רוים־שייכותן?

מער אָבער פֿאַר אַלע האָט אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אָנערקענט די קעגנזייטיקייט און צופּהענגיקייט פֿון אַלע קולטור־צווייגן און קולטור־אויסדרוקן דער גרויסער וויסנשאַפֿטלער אַלפֿרעד נאָרד ווייטהעד.

אין זיין בוך „וויסנשאַפֿט און די מאָדערנע וועלט" האָט ער אַזוי אָרגאַניש צונויפֿגעפֿלאָכטן אַלע קולטור־אויסדרוקן, אַז ווען ער זאָל אָנרופֿן אים אָנשטאָט וויסנשאַפֿט־פֿילאָזאָפֿיע, ליטעראַטור אָדער רעליגיע, וואָלט דער אינהאַלט פֿון בוך געווען אין איינקלאַנג מיט דעם נאָמען. אין דעמדאָזיקן בוך פֿאַרטיפֿט און פֿאַרברייטערט ווייטהעד אויף אַן אוי־סערגעוויינלעכן אופֿן די וויסנשאַפֿט דורך דער פֿילאָזאָפֿיע און די לעצטע פֿאַרשטאַרקט ער דורך דער ערשטער. דורך דעם ווידער, וואָס ער לייענט אַרויס אי וויסנשאַפֿט אי פֿילאָזאָפֿיע פֿון דער ליטעראַטור, גיט ער צו אַ וועלט מיט שיינקייט, אַ וועלט מיט קאָנקרעטקייט צו דער וויסנשאַפֿטלע־כער פֿילאָזאָפֿיע, און די נשמה פֿון דעם ליטעראַטור־לייענער באַרייכערט ער דורך דעם מיט אַ סך וויסנשאַפֿטלעכע און פֿילאָזאָפֿישע אינהאַלטן, וועלכע ער מאַכט אַרויסצוקומען פֿון די באַהעלטענישן אין די קנייטשן און פֿאַלדן פֿון דער ליטעראַטור. ער לאָזט אויך נישט אויס פֿון דעמ־דאָזיקן בוך די רעליגיע, וועלכע וואַקסט און אַנטוויקלט זיך מיט דעם וואוקס און דער אַנטוויקלונג פֿון די שוין דערמאָנטע קולטור־אויסדרוקן פּונקט אַזוי פֿיל, ווי די לעצטע וואַקסן און אַנטוויקלען זיך

דורך דעם וואוקס און דער אַנטוויקלונג פון די מענטש-און גאָט-שייכותן.

איך וועל דאָ ברענגען די מיינונגען פון ווייטהעדן, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג פון די קולטור-אויסדרוקן, פאַר וועלכן איך שטעל זיך איין — מיינונגען, וועלכע איך באַטראַכט אויך ווי אַן אָנזאָג אויף דעם אָנקום פון דער צייט, ווען עס וועט נישט בלייבן מער קיין סימן פון אויסדערוויילטקייט פון איין קולטור-אויסדרוק לגבי דעם אַנדערן און ווען שאַפונגען אויף איין געביט וועלן, צוליב זייער אָרגאַנישער אָנגעשלאָסנקייט אָן אַנדערע געביטן, אַלע מאָל געלייענט און אַרויסגעלייענט ווערן אין ליכט פון די קולטור-שאַפונגען אויף אַלע אַנדערע געביטן און וועלן גאָר אָפט אַוועקגעשטעלט ווערן אין ליכט פון דער קולטור, ווי אַ סינטעטישע גאַנצקייט.

ב.

פילאָזאָפיע, רעליגיע, וויסנשאַפט און קונסט פליסן אַרויס פאַר ווייטהעדס וועלט-בליק פון איין און איינציקן קוואַל, און דערפאַר גלייבט ער, אַז צווישן זיי קאָן נישט זיין קיין אַנדערע, ווי נאָר אַן אינטים-אָרגאַנישע שייכות. ער געפינט אַ סטימולירנדיקן איינפלוס און אַ גוטע נישט פאַרלוירן-גייענדיקע ווירקונג אויף דעם אייראָפּעישן געדאַנק אפילו אין דער סכאָלאַסטישער לאָגיק און מיטלאַלטערלעכער טעאָלאָגיע. און אָן אַריסטאָטעלס פילאָזאָפיע וואָלט, דענקט ער, גאַליליס וויסנשאַפט אָדער אינגאַנצן נישט געווען, אָדער זי וואָלט געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי זי איז.

„די געוואוינהייט" — שרייבט ווייטהעד — „פון באַשטימטן עקזאַקטן דענקען איז איינגעפלאַנצט געוואָרן אינעם אייראָפּעישן געדאַנק דורך דער לאַנגער הערשאַפט פון סכאָלאַסטישער לאָגיק און סכאָלאַסטישער גאָטהייט. דידאָזיקע געוואוינהייט איז, נאָך דעם ווי די פילאָזאָפיע איז פאַרשטויסן געוואָרן, געבליבן די אומשאַצבאַרע געוואוינהייט פון זוכן אַן עקזאַקטן פונקט און האַלטן זיך אין אים, ווען מען האָט אים געפונען. גאַלילי האָט צו פאַרדאַנקען אַריסטאָטעלן מער, איידער

דאָס ווייזט זיך אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון זיינע דיאַלאָגן. ער האָט אים צו פאַרדאַנקען זיין קלאָרן קאָפּ און זיין אַנאַליטישן גע-דאַנק — — — דער גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון וויסנשאַפט, וואָס איז געבוירן געוואָרן פריער פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מאָ-דערנער וויסנשאַפטלעכער לערע, איז אַן אומבאַוואוסטער אָפּשטאַם פון מיטלאַלטערלעכער טעאָלאָגיע. (ז. ז. 17—9)

און דער צוקונפטיקער גאַנג פון דער וויסנשאַפט, גלייבט ווייטהעד, וועט מוזן זיין אַ גאַנג נישט פון דערווייטערונג און אָפּזונדערונג פון דער פילאָזאָפיע, נאָר פון דערנענטערונג און שטאַרקערן אָנקניפּ אָן דער פילאָזאָפיע. „די אַלטע יסודות פון וויסנשאַפטלעכן דענקען" — לייענען מיר ווייטער אין דעם זעלביקן בוך — „ווערן אומפאַרשטענד-לעך. צייט, רוים, מאַטעריע, מאַטעריעל, עטער, עלעקטריציטעט, מעכאַ-ניזם, אָרגאַניזם, קאָנפיגוראַציע, סטרוקטור, מאָדעל, פונקציע — אַלע פאָדערן זיי אַן אינטערפרעטאַציע פון דאָס ניי. וואָס פאַר אַ זין צו רעדן וועגן מעכאַנישער דערקלערונג, ווען מען ווייסט נישט, וואָס מען מיינט אונטער מעכאַניק? — — — — כדי די וויסנשאַפט זאָל נישט דעגענערירט ווערן צו אַ מיש-מאַש פון ad hoc השערות, מוז זי ווערן פילאָזאָפיש און זי מוז אונטערנעמען אַ גרינטלעכע קריטיק פון אירע אייגענע יסודות". (ז. ז. 24—25).

די וויסנשאַפט איז און דאַרף זיין אָנגעקניפּט נישט נאָר אָבער אין דער פילאָזאָפיע, נאָר זי איז און דאַרף ווערן אַלץ מער אָנגע-קניפּט, אַריינגעוועבט און דורכגענומען מיט אַלע אויסדרוקן פון קולטור. דער מהות און די אָנטרייבנדיקע אַנטוויקלונגס-קראַפט פון דער וויסנשאַפט איז דער גלויבן, אַז אין דער נאַטור איז פאַראַן אַ סדר און אַ שכלדיקייט און אַז פון אַלע פינסטערע בלינדקייטן שלאָגט אַרויס און זעצט זיך דורך אַ ליכטיקע זעעוודיקייט. דערדאָזיקער גלויבן איז נישט קיין פּראָדוקט פון אָן אַ שיעור צונויפגעקליבענע פאַקטן אין דער וועלט, וואָס ליגט אויסנווייניק פון אונז — נאָר ער איז אַ פועל-יוצא פון דעם פילן די ליכטיקייט און די זעעוודיקייט אין אונז גופא. דאָרט, אין די טיפענישן פון אונזער נשמה און אונזער גייסט, נעמט אָן דידאָזיקע זעעוודיקייט און ליכטיקייט געשטאַלטן נישט נאָר פון שכלדיקייט, נישט נאָר פון אמת, נאָר אויך פון שיינקייט, גערעכטיקייט, פון פרייהייט —

קורץ, געשטאלטן פון אלערליי קולטור-אויסדרוקן. פון די זעלביקע טיפענישן, פון דער זעלביקער נשמה און גייסט פילט זיך אויך דאס פיינלעכע און אנגסטלעכע רייסן זיך פונם גאנצן מענטשלעכן וועזן צום אורקוואל, וואס פון אים שלאגט ארויס אויף אן אומאויפהערלעכן אופן די ליכטיקייט און זעעוודיקייט. און דאס רייסן זיך גופא צום אור-און-אלץ-קוואליקן, צום איבערמענטשלעכן, — איז דער אנלען-פונקט פאר אלע גלויבנס און פילט אן מיט זין און אינהאלט אלע זוכענישן, די ווויסנשאפטלעכע אריינגערעכנט. די וויסנשאפט מוז דעריבער באטראכט ווערן ווי אן אבר אין דעם קולטור-ארגאניזם. דעמדאזיקן געדאנק דריקט אויס ווייטהעד אויף דעם פאלגנדיקן אופן:

„דער גלויבן אין דעם סדר פון דער נאטור, וואס האט מעגלעך געמאכט דעם וואוקס פון וויסנשאפט, איז א ספעציפישער ביישפיל פון א טיפערן גלויבן. דערדאזיקער גלויבן קאן נישט גערעכטפארטיקט ווערן דורך א וואסער עס איז אינדוקטיווער פאראלגעמיינערונג. ער אנטשטייט פון א גערעכטער אונטערזוכונג פון דער נאטור פון זאכן, ווי זיי אנטדעקן זיך אין אונזער אייגענער אוממיטלבארער קעגנווארטיקער דערפארונג. מען קאן זיך נישט אפטיילן פון דעם אייגענעם שאטן. צו דערפארן דעמדאזיקן גלויבן מיינט צו וויסן, אז זייענדיק דאס, וואס מיר זענען, זענען מיר מער איידער דאס, וואס מיר זענען. עס מיינט צו וויסן, אז אונזער דערפארונג, טונקל און פראגמענטאריש ווי זי איז, גרונטעוועט פונדעסטוועגן די סאמע לעצטע טיפענישן פון דער רעאליטעט, עס מיינט צו וויסן, אז די אפגעריסענע איינצלהייטן, כדי צו זיין דאס, וואס זיי זענען, פאדערן, אז זאלן זיך געפינען אין א סיסטעם פון זאכן, עס מיינט צו וויסן, אז דערדאזיקער סיסטעם שליסט איין די הארמאניע פון שכלדיקייט און די הארמאניע פון עסטעטישער דערגרייכונג. עס מיינט צו וויסן, אז בעת די הארמאניע פון לאגיק ליגט אויף דעם אוניווערס ווי אן אייזערנע נויטוועדיקייט, שטייט פאר איר די עסטעטישע הארמאניע ווי א לעבעדיקער אידעאל, וועלכער מאדעלירט דעם אלגעמיינעם פלוס אין זיין נישט-פליסנדיקן פארשריט אין דער ריכטונג פון איידעלערע און סובטעלערע אויסגאנגען". (ז. ז. 27—28).

אזא באציאונג און אזא אריינלעבן און אריינוועבן זיך אין עסטעטישע דערגרייכונגען מצד איינעם, וואס איז באַרופן געווארן צו דינען

דער וויסנשאַפט אויף אַן עכט־שעפערישן אופן, איז אַן אויסערגעוויינלעכע זעלטנקייט. פאַר מיר איז ווייטהעדס אויפטו אַ שוואַלבישער אָנזאָג אויף דעם נאָענטן אָנקום פון אַ צייט, ווען יעדער שאַפער אויף איין קולטור־געביט וועט האָבן דעם ווילן און די פעיקייט דורכצונעמען אַלע דערגרייכונגען אויף אַנדערע קולטור־געביטן אין ליכט פון זיין געביט, און אין ליכט פון דידאָזיקע אַלע דערגרייכונגען טרייבן מיט מער אימפעט די אַנטוויקלונג פון דער קולטור־צווייג פון זיין אייגענעם באַרוף.

די מאָדערנע וועלט מיינט אייגנטלעך פאַר ווייטהעדן דער בייעסטער געדאַנקען־פלוס פונם אַלוועלטלעכן גייסט, ווי ער שלאָגט זיך דורך און אַנטפלעקט זיך צום מענטש. און אין דעם ליכט פון דעמדאָזיקן געדאַנקען־פלוס נעמט ער דורך די אויפטואונגען און די דערגרייכונגען פון דער וויסנשאַפט. און אויך פאַרקערט, אין זייער ליכט — דעם בייעסטן פלוס פון דעם גייסט און געדאַנק פון מענטשן אין אַלע זיינע ראַמיפיקאַציעס.

און מיט אַ וויסן און אַ פילן, וואָס איז זעלטן פאַר אַ וויסנשאַפטלער, ווייסט און פילט ווייטהעד, אַז אַן איבערלעבונג פון געשעענישן און אַריינלעבן זיך אין זאַכן און געשעענישן, טראָגן אין זיך אַ טיפערע, אַ מער אַרומנעמענדיקע און אמתערע דערקענטעניש, ווי דאָס אויפנעמען פון געשעענישן מיטן פאַרשטאַנד און מיט דער לאָגיק. דער קאָנקרעטער אַריינבליק איז פאַר אים מער ווערט, ווי די אַבסטראַקטע דעדוקציע, און דערפאַר דאַרפן די קאָנקרעטע אַריינבליקן האַלטן וואַך איבער די אַבסטראַקציעס. און אַלע אַבסטראַקציעס דאַרפן פון צייט־צו־צייט רעווידירט ווערן אין ליכט פון די קאָנקרעטע דערקענטענישן — אין ליכט פון די דערקענטענישן, וואָס אין זיי איז די אינטואיציע אַ גרעסערער פאַקטאָר און אַ שטאַרקערע אָנטרייבנדיקע קראַפט, איידער די לאָגיק. און דערפאַר מוזן די וויסנשאַפטלער לאָזן אַלע זייערע השערות דורכגענומען ווערן מיט די שטראַלן פון פילאָזאָפיע, און זיי ביידע, אי דער וויסנשאַפטלער אי דער פילאָזאָף, מוזן און זאָלן אַזוי אָפט, ווי מעגלעך, טרינקען פון די קוואַלן פון קונסט. און דאָס אַלץ דאַרף און זאָל געטון ווערן, כדי וואָס מער צו באַזונען און צו באַוואַ-

סערן דאָס לאָגישע וויסן מיט דער אינטואיטיווער דערקענטעניש און דער קאָנקרעטער בילדלעכקייט.

איין אינטואיטיווער אַרייַנבליק, איין קאָנקרעט-בילדלעכער אַרייַנ-דרינג איז בכּוח אַרויסצובּרענגען און זיך פונאַנדערצוּוואַקסן אין אַן אַ שיעור אַבּסטראַקציעס, היפּאָטעזן און אַלערליי לאָגישע דעדוקציעס. זיי אַלע בלייבּן אָבּער פּאַרגליווערט און אומפּרוכטבּאַר, זיי פּאַרלירן זייער דינאַמיש-אָרגאַנישע קראַפט אַן די ווייטערדיקע און נייערע אָנשטרענ-גונגען פון דער אינטואיציע און קאָנקרעטער בילדלעכקייט און אַן די ווייטערדיקע אָנרעגונגען, באַלויכטונגען און דערוואַרעמונגען זייערע. פאַר דער ווייטערדיקער אָבּער אָנשטרענגונג פון דער אינטואיטיווער קאָנקרעטקייט און קאָנקרעטער אינטואיטיווקייט איז נייטיק אַ שטענדי-קער קאָנטאַקט, אַן אינטימע דורכגעוומענקייט מצד דעם קאָנקרעט-אינ-טואיטיוון שאַפער מיט דעם אַלץ, וואָס איז אַרויסגעקומען אל הפועל פון דעם כּוח, וועלכער ליגט אין דער אינטואיציע און אין דער קאָנ-קרעטער בילדלעכקייט. און דערפאַר איז שטאַרק נייטיק פאַר דעם גייַן פּאָראויס פון דער קולטור אויך דער פּאַרקערטער פּראָצעס — דער פּראָצעס פון גייַן פון דער קונסט צו דער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט. עס איז נייטיק אַן אינטימע באַקאַנטשאַפט פון קינסטלער מיט דער פילאָזאָפיע און פון זיי ביידע, פון קינסטלער און פילאָזאָף מיט דער וויסנשאַפט.

„די פילאָזאָפיע — שרייבּט ווייטהעד — איז די קריטיק פון אַבּ-סטראַקציעס. אַ ציוויליזאַציע, וואָס קאָן נישט דורכבּרעכן אירע לויפנ-דיקע אַבּסטראַקציעס, איז פאַרמשפּט צו אומפּרוכטבּאַרקייט נאָך אַ זייער באַגרענעצטער תּקופה פון פּראָגרעס. אַן אַקטיווע שול פון פילאָזאָפיע איז אַזוי נייטיק פאַר דער באַוועגונג-פעיקייט פון אידעען, ווי אַן אַקטיווע שול פון באַן-אינזשעניערן פאַר דער באַוועגונג-קראַפט פון דעם ברענ-מאַטעריאַל — — — דער חסרון פון דער וויסנשאַפטלעכער סכעמע פונם אַכצענטן יאָרהונדערט באַשטייט אין דעם, וואָס זי ווייזט נישט אָן אויף קיין איינעם פון די עלעמענטן, וואָס שטעלן צונויף די אומ-מיטלבאַרע פּסיכאָלאָגישע דערפאַרונגען פון דער מענטשהייט. זי גיט אונז אויך נישט קיין שום עלעמענטאַרן שפור פון דער אָרגאַנישער איינהייט פון אַ גאַנצן, וואָס פון אים זאָלן קאָנען אַרויסקומען די אָר-

גאַנישע אייגנהייטן פון עלעקטראָנען, פּראָטאָנען, מאָלעקולן און לעבע־דיקע קערפּער. לויט דערדאָזיקער סכעמע איז נישטאָ קיין שום אור־זאַך אין דער נאַטור פון זאַכן, פאַרוואָס טיילן פון שטאָף זאָלן האָבן אַ וואָסער עס איז שייכות איינער צום אַנדערן. לאָמיר צוגעבן, אַז מיר קאָנען נישט האָפן צו זיין בכוח זיך צו דערוויסן, פאַרוואָס די געזעצן פון דער נאַטור זענען נויטווענדיק. מיר קאָנען אָבער יאָ האָפן צו זען, אַז עס איז נויטיק, אַז עס זאָל זיין אַ סדר אין דער נאַטור". (ז. ז. 107—108).

און פאַר דערדאָזיקער דערבליקונג פון די עלעמענטן פון די אוממיטלבאַר'ע פּסיכאָלאָגישע מענטשלעכע דערפאַרונגען און פאַר דער־דאָזיקער דערזעאונג פון אָרגאַנישער אייגנהייט פונם גאַנצן, וואָס קאָן פונאַנדערפאַלן אין אָן אַ שיעור טיילן און וואָס קאָן אָבער נישט פון זיי צונויפגעשטעלט ווערן — פאַר דער דערבליקונג און דערזעאונג פון דעם גאַנצן, וואָס אַנטפּלעקט זיך דורך זיינע אויסדרוקן אין דעם סדר פון דער נאַטור און וואָס דעקט זיך אָבער בשום אופן נישט מיט זיי — אָט פאַר אַזעלכע דערבליקונגען און דערזעאונגען פון אָרגאַנישקייט און גאַנצקייט דאַרפן מיר, דענקט ווייטהעד, גייען צו דער קונסט.

און אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די וויסנשאַפט האָט ביז דער לעצטער צייט נישט געוואָלט וויסן פון דער נויטיקייט פון אַלע פילאָ־זאָפישע אין קינסטלערישע אַריינבליקונגען און אַריינדרינגונגען אין די קאָנקרעטע מהותן און תמציתן פון זאַכן און געשעענישן, כּדי נענטער צוצוקומען צו דעם „וואָס" און „ווי אַזוי" פון דער רעאַליטעט — אויף אַזוי פיל איז די קונסט, צום גליק פון דער מענטשהייט, זיך גע־גאַנגען איר וועג אַזוי, ווי עס וואָלט גאָר קיין וויסנשאַפט אויף דער וועלט נישט געווען.

„ביז נישט לאַנג צוריק" — זאָגט ווייטהעד — „האָבן כּמעט אַלע שרייבער זיך געווייקט אין דער קלאַסישער ליטעראַטור און אין דער ליטעראַטור פון דעם רענעסאַנס — — — — דער וויסנשאַפטלעכער אויסבליק איז אין אַלגעמיין פּשוט איגנאָרירט געוואָרן.

די קונסט בכלל און די ליטעראַטור בפרט האָט זיך איינגעהערט צו די טיפערע בענקענישן און זוכענישן, גאַרענישן און וועלענישן פון

דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע האָט זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט די וויסנשאַפטלעכע לאָגיש אָנגענומענע השערות. אין דערפאַר דאַרפן מיר גיין צו דער ליטעראַטור, ווען מיר ווילן דערקענען דאָס טיפערע און דאָס מער אמתע דענקען און פילן פון דעם מענטש און דעם דור, אין וועלכן ער לעבט. „אין דער ליטעראַטור באַקומט דער קאָנקרעטער פּרצוף פון דער מענטשהייט זיין אויסדרוק. צו דער ליטע־ראַטור, דער עיקר צו אירע מער קאָנקרעטע פאָרמען, נעמלעך, פּאָעזיע און דראַמע דאַרפן מיר קוקן, אויב מיר האָפן צו אַנטדעקן די אינע־ווייניקסטע געדאַנקען פון אַ דור". (ז. 110).

די גאַנצע גייסטיקע צערודערטקייט, באַדנלאָזיקייט, אומפעסטע גלויביקייט און גלויביקע אומפעסטקייט פון דעם 19-טן יאָרהונדערט געפינט ווייטהעד אויסגעדריקט אין דער פּאָעזיע פון טעניסאָן און מעטיו אַרנאָלד.

טעניסאָנס פּאָעמע Du memoriam — אַזוי שרייבט ווייטהעד — הייבט זיך אָן:

שטאַרקע זון פון גאָט, און שטערבלעכע ל י ב ע,
וואָס מיר, וועלכע האָבן דיין פּנים נישט געזעען,
דורך גלויבן, און בלויז גלויבן, נעמען אַרום,
גלויבנדיק דאָרט, וואו מען קאָן נישט באַווייזן.

„שוין דאָ ווערט אָנגעקלאַפּט דער טאָן פון פאַרווירונג. דער ניינצעטנטער יאָרהונדערט איז געווען אַ פאַרווירטער יאָרהונדערט אין אַ זינען, וואָס איז נישט אמת בנוגע קיינע פון די פריערדיקע יאָר־הונדערטער פון פאַר דער מאָדערנער תקופה. אין די פריערדיקע צייטן זענען געווען איינע קעגן די אַנדערע שטייענדיקע מחנות, וואָס האָבן נישט אָנגעשטימט איינע מיט די אַנדערע אויף דעם ביטערסטן אופן וועגן פראַגן, וועלכע זיי האָבן באַטראַכט פאַר פונדאַמענטאַל. אָבער מיט דעם אויסנאַם פון אייניקע בלאָנדזשענדיקע, איז יעדע מחנה געווען גאַנץ האַרציק. די וויכטיקייט פון טעניסאָנס פּאָעמע ליגט אין דעם פאַקט, וואָס זי האָט גענוי אויסגעדריקט דעם כאַראַקטער פון זיין תקופה".

„מעטיו צַרנאָלד נאָך מער אפילו פאַר טעניסאָנען איז געווען דער פּאָעט, וואָס האָט אויס עדריקט דידאָזיקע שטימונג פון אינדיווידועלער צעמישטקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעמדאָזיקן יאָרהונדערט.

פאַרגלייכט מיט Du memoriam די לעצטע שורות פון אַרנאָלדס Dover Beach.

אוּן מיר זענען דאָ, ווי אויף אַ פינצטערן פליין
פאַרטראָגן מיט צעמישטע ליאַרעמס פון קאַמף און אַנטלויפן,
וואו אומוויסנדיקע מחנות שטויסן זיך צונויף בייּנאַכט.

און בעת ווייטהעד באַטראַכט טעניסאָנען און אַרנאָלדן פאַר די אויסדריקער פון דעם גייסט פון דעם נײַנצענטן יאָרהונדערט, פילט ער אָבער אין די פּאָעטן וואָרדסוואָרט און שעלי די פאָרלויפער, די בשורה־אָנזאָגער פון דעם וועלט־גייסט, וועלכער איז געקומען און קומט צום אויסדרוק ערשט איצט, אינם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

זיין אייגענעם פילאָזאָפישן בליק אויף דער וועלט, אַ בליק וואָס זעט הינטער יעדער דערשיינונג און זאַך אין דער וועלט אַ פּסיכיש אָדער גייסטיק־אינדיווידואַליזירטע געשטאַלטונג און אין דידאָזיקע אַלע געשטאַלטונגען גופא — אויסדרוקן פון אַן איינאונאיינציקן אוניווערסאַלן גייסט — אָט דעמדאָזיקן פילאָזאָפישן בליק זיינעם לייענט אַרויס ווייטהעד פון וואָרדסוואָרטס און שעליס פּאָעזיע, אָדער אפשר איז ער גאָר צו דעמדאָזיקן בליק גערעגט און געפירט געוואָרן דורך דער פּאָעזיע.

אין קורצן פאָרמולירט ווייטהעד זיין פילאָזאָפישע אָנשויאונג אין די פאָלגנדיקע ווערטער: „דער גאַנצער באַגריף פון מאַטעריאַליזם איז חל בלויז אויף די זייער אַבסטראַקטע וועזנטלעכקייטן, די פּראָדוקטן פון לאָגישער פונאַנדערשיידונג. די קאָנקרעט־דויערנדיקע וועזנטלעכקייטן זענען אָרגאַניזמען, אַזוי, אַז דער פּלאַן פונם גאַנצן באַאיינפלוסט דעם עצם־כאַראַקטער פון די פאַרשידענע אונטערגעאָרדנטע אָרגאַניזמען, וואָס גייען אַריין אין אים. — — — דער עלעקטראָן לויפט

בלינדערהייט סיי אינעווייניק אין קערפּער, סיי אויסנווייניק פון קער־פּער. אָבער אינעווייניק אין קערפּער לויפט ער אין איינקלאַנג מיט זיין כאַראַקטער, וואָס ער פאַרמאָגט אינעווייניק אין קערפּער, דאָס מיינט צו זאָגן אין איינקלאַנג מיט דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון קערפּער. און דער־דאָזיקער פּלאַן שליסט איין דעם גייסטיקן צושטאַנד. דער פּרינציפּ אָבער פון פאַרענדערונג איז דורכאויס אַלגעמיין דורך דער גאַנצער נאַטור און שטעלט נישט פאָר מיט זיך קיין אייגנשאַפט פון די לעבעדיקע קערפּערס בלויז — — — דידאָזיקע לערע מיינט דאָס אויפגעבן פונם טראַדיציאָנעלן וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַליזם און דאָס איינשטעלן אַנ־שטאָט אים די אַלטערנאַטיווע לערע פון אָרגאַניזם".

די אָרגאַניזם־לערע מעטאַפיזיש גענומען מיינט צוועקצושטעלן ביים מקור פון דער וועלט אַ לעבעדיקע גייסטיקע קראַפט, וועלכע דריקט זיך אויס און פאַרווירקלעכט זיך דורך אינדיווידואַליזירטע געשעענישן און טרעפעניש, וואָס יעדע איינע פון זיי טראָגט אין זיך מהותן פון גייסט. דערדאָזיקער אַלגייסט שליסט אַלץ אין זיך איין און ער דערלויבט נישט קיין שום זאַך, קיין שום געשעעניש, קיין שום מאָדוס אָדער פאַרענדערונג באַטראַכט צו ווערן ווי איין אויסגעשלאָסע־נעם פון אים.

דאָס איז, וואָלט איך געזאָגט, אַ בערגסאָניזירטער שפּינאָזיזם. מיר האָבן דאָ פאַר זיך די פולסטע שפּינאָזיסטישע אימאַנענץ, אַן אָר־גאַניש אַנטוויקלטע, אָנשטאָט אין אַ מעכאַניזירטער סובסטאַנץ, — אין אַן אַקטיוו־לעבעדיקער, גייסטיקער קראַפט, וועלכע איז פול מיט זיך און באַטייט. פאַר שפּינאָזען איז די וועלט, די נאַטור, וועלכע ער האָט אידענטיפיצירט מיט גאָט געווען אַ סובסטאַנץ. אַלץ אין דער נאַטור, אַלץ אין גאָט זענען געווען אָן אַ שיעור סובסטאַנץ־פאַרענדערונגען אין זייער אומבאַגרענעצטער פאַרשידנאַרטיקייט. דידאָזיקע סובסטאַנץ אָבער מיט אַלע אירע צו אונז אויסזעענדיקע אומענדלעכע פאַרענדערונגען, איז אַליין אין זיך, אין איר עצם מהות און איר טיפסטער טיפקייט, געווען און געבליבן אַן אומפאַרענדערנדיקע און אַ נישט אַנדערש־ווערנדיקע פון אייביק ביז אייביק. אַזאַ באַגריף וועגן אַ וועלט־מקור רעגט נישט אין אונז קיין פאָרשטעלונג פון אַן אַקטיוון לעבעדיקן גייסט, וואָס זוכט און שטרעבט צו קומען צום אויסדרוק, און וואָס

שטרענגט זיך אָן צו רעאַליזירן און אינדיווידואַליזיר זיך אויף אַלערליי אופנים. עס איז דערדאָזיקער סובסטאַנץ־באַגריף, אַן איינגעשמידטער אין די קייטן פון דעטערמיניזם, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז פאַר אַ געוויסער צייט זאָל דער מאַטעריאַליזם געפינען אַ שטיץ־פונקט אין דעם שפינאָזיזם.

ווייטהעד שטעלט אַוועק אָנשטאָט נייטראַלער סובסטאַנץ אַן אַקטיוו־גייסטיקע וועזנטלעכקייט, וועלכע רעאַליזירט זיך אויף אַן אומענדלעכער צאָל אופנים און דריקט זיך אויס אין אָן אַ שיעור איינע די אַנדערע באַווירקנדיקע און איינע אָן די אַנדערע אָנגעשלאָסענע מאָדוסן. צו רעאַליזירן זיך אויף אַ ממשותדיקן און ווערטפולן אופן מיינט ווידער נישט נאָר זיך אַרויסברענגען מכוח אל הפועל, נאָר אויך — צו שאַפן אין זיך און דורך זיך נייע כוחות. און יעדער כוח ווי יעדער פועל האָט אַ נייעם ווערט, אַ נייעם זין און באַטייט.

זיין פילאָזאָפישע קרובהשאַפט מיט שפינאָזען אַזוי גוט ווי מיט בערגסאָנען איז ווייטהעד ווי יעדן איינעם אייגנטלעך גרויסן דענקער פון היינטיקער צייט, — גוט באַוואוסט. בנוגע שפינאָזען אין שייכות צו זיך זאָגט ווייטהעד: „אין דער אַנאַלאָגיע מיט שפינאָזען איז זיין סובסטאַנץ פאַר מיר די יסודותדיקע זיך רעאַליזירנדיקע טעטיקייט, וועלכע אינדיווידואַליזירט זיך גופא אין אַ צונויפגעפלאָכטענער פלוראַליטעט פון מאָדוסן".

און אין שייכות צו בערגסאָנען קומען די פאָלגנדיקע ווערטער:

„אין אַ סך וועגן זענען נישט דעקאַרט און נישט דזשיימס געווען די כאַראַקטעריסטישע פילאָזאָפן פון זייער באַטרעפנדיקער עפּאָכע. איך בין גענייגט צוצושרייבן דידאָזיקע פּאָזיציעס צו לאָקן און צו בערגסאָנען רעספּעקטיוו, אויף אַזוי ווייט לפּחות, ווי עס איז נוגע זייערע שייכותן צו דער וויסנשאַפט פון זייערע תקופות. — — — בערגסאָן האָט אַריינגעפירט אין דער פילאָזאָפיע די אָרגאַנישע באַגריפן פון דער פיזיאָלאָגישער וויסנשאַפט. ער איז לחלוטין אַוועק פון דעם סטאַטישן מאַטעריאַליזם פונם נייַנצענטן יאָרהונדערט. זיין פּראָטעסט קעגן דער טענדענץ צו רוימיזירן איז אַ פּראָטעסט קעגן דעם אָננעמען פון ניוטאָנישן באַגריף וועגן דער נאַטור פאַר

עפּעס אַנדערש איידער אַ הויכער אַבסטראַקציע. זיין צוריקקער צו דעקאַרטן איז באַגלייט מיט אַן אינסטינקטיוון דורכדרינג מיט דער מאָדערנער ביאָלאָגיע". (ז. ז. 212—213)

אין דערדאָזיקער ביאָלאָגישקייט גייט ווייטהעד ווייטער פאַר בערגסאָנען. ווייטהעד אידענטיפיצירט די אָריגינעלסטע און פּרימיטיווסטע רעאַליזירונג אָדער אויסדרוק־אַקט מיט אַ דערקענעניש־דערפיל, מיט השגה. אַזאַ אַקט רופט ער אָן „עווענט", אַ געשעען. דער־דאָזיקער „עווענט" — דער מהות און תּמצות פון אַלע נאַטור־און וועלט־דערשיינונגען איז פאַר זיך שוין אַ גאַנצער גייסטיקער יש. ער פאַרמאָגט שוין זיין אייגענע גייסטיקע פאַרב און קאָלאָריט. ער האָט שוין זיין אייגענע ווערטפולקייט און זעלבסטצוועקיקייט. און דאָס דערקלערט, פאַרוואָס דער מענטש קאָן, אַראָפּלאָזנדיק זיך אין די טיפערע, פּרימיטיווערע און אָריגינעלערע אונטערגרונטן פון זיין אייגענעם זעלבסט, זיין אייגענער פּערזענלעכקייט, צוקומען דאָרט צו עפּעס וואָס זאָל אים מאַכן צו דערפילן זיין ענלעכקייט מיט דעם העכסטן און פילפאַכסטן אין דער וועלט, אַזוי גוט, ווי די ענלעכקייט זיינע מיטן נידעריקסטן און איינפאַכסטן, און וואָס זיי ביידע זאָלן נישט זיין ווייט אָפּגעשיידט פון דעם, וואָס אונזער פאַנטאַזיע שטעלט אַוועק ביי דעם אורקוואַל פון דער וועלט דער „עווענט", דער דערקענטעניש־דערפיל, די אינדיווידואַליזירטע תּפיסה אָדער השגה בינדט גאָט, מענטש און וועלט, בינדט דעם אורקוואַל מיט אַלע זיינע שטראָמען, און שאַפט אויף אַזאַ אופן פאַר אונז אַ בילד פון גייסטיקער, דינאַמישער, אינדיווידואַליזירטער און פּערזאָניפיצירטער אימאַנענץ, אַנשטאָט שפּינאָזעס סובסטאַנציעלער, פּאַנטעאיסטישער און מעכאַניזירטער אימאַנענץ.

און כאַראַקטעריסטיש פאַר ווייטהעדן און וויכטיק פאַר מיין איינשטעלן זיך פאַר דער אָרגאַנישקייט און גלייכווערטיקייט פון די קולטור־אויסדרוקן איז דאָס, וואָס פאַר דעם דערזעען און דערפילן דעם „עווענט", דעם דערקענטעניש־געפיל, ווי אַ קאָסמישע גרונטלאַגע, האָט ווייטהעד, ווי ער אַליין זאָגט, צו פאַרדאַנקען דער קונסט בכלל און דער פּאָעזיע בפרט. ער שרייבט: „געדענקענדיק דעם פּאָעטישן פּירוש פון אונזער קאָנקרעטער דערפאַרונג, זעען מיר תּיכף, אַז דער עלע־

מענט פון ווערט. פון זייענדיק ווערטפול און האָבנדיק אַ ווערט, פון זייענדיק אַ צוועק אין זיך גופא, פון זייענדיק עטוואָס, וואָס איז צוליב זיך גופא, טאָר נישט אַרויסגעלאָזט ווערן פון קיין שום חשבון, וואָס מיר גיבן זיך אָפּ וועגן אַ געשעעניש, ווי עטוואָס, וואָס איז מער פון אַלץ קאָנקרעט און אַקטועל. „ווערט" איז דאָס וואָרט, וואָס איך באַנוץ פאַר דער אינעווייניקסטער רעאַליטעט פון אַן עווענט. „ווערט" איז אַן עלע־מענט, וואָס דרינגט דורך ביז צו די טיפענישן דעם פּאָעטישן בליק פון דער נאַטור. מיר דאַרפן בלויז אַריבערטראָגן צום עצם־געוועב פון דער רעאַליזירונג גופא יענעם ווערט, וואָס מיר דערקענען אַזוי גרינג אין די טערמינען פונם מענטשלעכן לעבן. דאָס איז דער סוד פון וואָרדסוואָרטס פאַרגעטערונג פון דער נאַטור".

און ווייטהעד ציטירט די פאָלגנדיקע שורות פון וואָרדסוואָרטן:

דו פּ אַ ר אַ נ ע נ ק יי ט פון נאַטור אינם הימל
און אויף דער ערד! איר וו ז י ע ס פון די בערג!
און נשמות פון איינזאַמע ערטער! קאָן איך טראַכטן,
אַז דו האָסט געהאַט אַ וואולגאַרע האָפנונג, ווען דו האָסט זיך באַנוצט

מיט אַזאַ מיניסטעריום, ווען אין לויף פון יאָרן,
פאַרפאָלגנדיק מיך ווישן מיינע יינגלשע ספּאָרטן
אין היילן און אויף ביימער, אין די וועלדער און אויף די בערג

האָסטו אָפּגעשטעמפּלט אויף אַלע פאָרמען סימנים
פון געפאַר אָדער באַגער, און געמאַכט אַזוי אַרום
די אויבערפלאַך פון דער אוניווערסאַלער ערד
מיט טריאומף און תענוג, מיט האָפנונג און שרעק
צו אַרבעטן ווי אַ ים? — — — —

פאַרגלייכנדיק וואָרדסוואָרטס אויף אַ פּאָעטישן אופן אויסגעדריקטן בליק אויף דער נאַטור מיטן בליק, וואָס די וויסנשאַפט האָט ביז לעצטנס געהאַט אויף דער נאַטור, קומט דער וויסנשאַפטלער ווייטהעד צום שלוס, אַז דער פּאָעט וואָרדסוואָרט איז געווען אַ סך ווייטזעעוודיקער ווי אַלע

פֿאַרשטייער פֿון דער מאָדערנער וויסנשאַפֿט. די נייע אָדער נייעסטע וויסנשאַפֿט וועט זיך דעריבער מוזן אַריינלעבן און אָנהייבן איבערצולעבן די קינסטלערישע דערפֿילונגען און זעאונגען בנוגע צו אַלץ, וואָס הייסט נאַטור, אויב זי וויל אויף אַ דערפֿאָלגרייכן און פּראָגרעסירנדיקן אופֿן טרייבן אירע ווייטערדיקע פֿאָרשונגען.

„דער פּונקט" — זאָגט ווייטהעד — „וואָס איך וויל אַרויסברענגען ציטירנדיק וואָרדסוואָרטן איז, אַז מיר פֿאַרגעסן, ווי אָנגעצויגן און ווי פּאַראַדאָקסאַל עס איז דער בליק אויף דער נאַטור, וואָס די מאָדערנע וויסנשאַפֿט לייגט אַרויף אויף אונזערע געדאַנקען. וואָרדסוואָרט, ביז צו דער הויכקייט פֿון גאונות, דריקט אויס די קאָנקרעטע פֿאַקטן פֿון אונזער אויפֿפֿאַסונג־קראַפֿט, פֿאַקטן, וואָס ווערן פֿאַרקריפּלט אינעם וויסנשאַפֿטלעכן אַנאַליז. איז עס דען נישט מעגלעך, אַז די סטאַנדאַריזירטע באַגריפֿן פֿון דער וויסנשאַפֿט האָבן אַ ממשות נאָר אין שמאָלע גרענעצן, צו שמאָלע אפֿשר פֿאַר דער וויסנשאַפֿט גופֿא".

און ווי מיט וואָרדסוואָרטן איז אויך מיט שעלין.

„וואָס די בערג" — שרייבט ווייטהעד — „זענען געווען צו דער יוגנט פֿון וואָרדסוואָרטן, איז די כעמישע לאַבאָראַטאָריע געווען צו שעלין. עס איז אַן אומגליק, וואָס שעליס ליטעראַרישע קריטיקער האָבן אין דערדאָזיקער הינזיכט געהאַט אַזוי ווייניק פֿון שעלין אין זייער אייגענער געדאַנקלעכקייט. זיי זענען גענייגט צו באַטראַכטן ווי אַ צופֿעליקע זאַך דערבאַרקייט פֿון שעליס נאַטור דאָס, וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט אַ טייל פֿון דער עיקר־סטרוקטור פֿון זיין געדאַנק, וואָס דרינגט דורך זיין פּאָעזיע דורך און דורך".

און דאָ ברענגט ווייטהעד צוויי אויסצוגן פֿון שעליס פּאָעזיע. אין איינעם פֿון זיי פֿירן די ערד און די לבנה אַן אונטעררעדונג צווישן זיך אין דער שפּראַך פֿון דער אַקוראַטער וויסנשאַפֿט.

די ערד זאָגט:

„איך שפּין אונטער מיין פּיראַמידע פֿון נאַכט,
וועלכע ווייזט אין די הימלען אַריין — אַ טרוימענדיקן פֿאַרגעניגן,
מורמלענדיק זיגרייכע פֿרייד אין מיין פֿאַרכישופֿטן שלאָף,

ווי אַ יונגלינג איינגעשלעפערט אין ליבע־הלומות, שוואַכלעך
קרעכצנדיק.
אונטער דעם שאָטן פון זיין שיינהייט ליגנדיק.
וועלכע אַרום זיין רו אַ וואַך פון ליכט און וואַרעמקייט טוט
האַלטן".

דערדאָזיקער פערז, דענקט ווייטהעד, האָט געקאָנט אָנגעשריבן ווערן נאָר פון איינעם, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיין אינערלעך אויג אַ באַשטימטן געאָמעטרישן דיאַגראַם — אַ דיאַגראַם, וואָס ער אַליין פלעגט דעמאָנסטרירן צו זיינע קלאַסן אין מאַטעמאַטיק.

דער צווייטער אויסצוג איז פון דער פּאָעמע „מאָנט בלאַנק" און רעדט וועגן דער שייכות צווישן דער נאַטור און מענטשלעכן געדאַנק:

„די תמיד דויערנדיקע אוניווערס פון זאַכן
פליסט דורך דעם געדאַנק און וויגט זיינע זיך שנעל־רייסנדיקע
כוואַליעס,
אָט שוואַרץ — אָט בלישטשענדיק — אָט רעפלעקטירנדיק
טרויער —
אָט לייסטנדיק גלאַנץ, וואו פון סודותדיקע קוואַלן
דער מקור פון מענטשלעכן דענקען זיין טריבוט ברענגט
פון וואַסערן — מיט אַ קלאַנג האַלב בלויז זיינער,
אַזאַ ווי אַ שוואַך טייכל וועט אָפט אָננעמען
אין דיווילדע וועלדער, צווישן דעם באַרגס איינזאַם,
וואו וואַסער־פאַלן אַרום אים שפּרינגען אַלע מאָל,
וואו וועלדער און ווינטן שטרייטן, און אַן אומגעהייערער
טייך
איבער זיינע פעלזן אומאויפהערלעך פלאַצט און ווילדעוועט.

ווייטהעד איז זיכער, אַז דידאָזיקע שורות האָט שעלי געשריבן אין זינען האָבנדיק אַ וועלכע עס איז פאָרם פון אידעאַליזם — דעם

אידעאַליזם פון קאַנטן, בערקלין אָדער פּלאַטאָן. איך אַזאַ אופן זענען, לויט ווייטהעדן נאָך, ביידע, אי שעלי, אי וואָרדסוואָרט, שטאַרקע עדות אויף דעם, אַז די נאַטור קאָן נישט אָפּגעשיידט ווערן פון אירע עסטעטישע ווערטן, און אַז דידאַקטיקע ווערטן אַנטשטייען פון דער אָנזאַמלונג אין אַ געוויסן זין פון דער בריענדיקער פאַראַנענקייט פון דעם גאַנצן אין זיינע פאַרשידענע טיילן.

ווייטהעד שטעלט אַוועק וואָרדסוואָרטן און שעלין אויף איין ברעט דערהויפּט מיט דעם פילאָזאָף בערקלי און ער רעדט בנשימה־אחת וועגן זיי אַלע דריי, ווי פון „פאָרשטייער פון אַן אינטואיטיוון אָפּזאָגן זיך פון ערנסט אָנצונעמען דעם אַבסטראַקטן מאַטעריאַליזם פון דער וויסנשאַפט".

אויף אַזאַ אופן ווייזט אונדז ווייטהעד בחוש, אַז די וויסנשאַפט איז אין איר ווייטערער און טיפערער אַנטוויקלונג לחלוטין אָפּהענגיק פון דער פילאָזאָפיע, און אַז פאַר דעם העכסט־אינטואיטיווסטן און סאַמע טיפסטן אַריינדרינג אין די אמתן און מהותן פון דער רעאַליטעט, און פאַר דער שטאַרקסטער אָנרעגונג צו די זוכענישן פון דידאַקטיקע אמתן און מהותן, דאַרף דער וויסנשאַפטלער, אַזוי גוט ווי דער פילאָזאָף, גייען צו דער עסטעטיק. פאַר איינער פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער פילאָזאָפיע שטעלט ווייטהעד אַוועק די אויפגאַבע פון צו מאַכן אַ סוף „צו דער אָפּזונדערונג פון דער וויסנשאַפט פון די י אָ־זאָגונגען פון אונדזערע עסטעטישע און עטישע דערפאַרונגען".

גלייך באַגלייך אָבער מיט די וויסנשאַפטלעכע, פילאָזאָפישע און עסטעטישע קולטור־אויסדרוקן שטעלט ווייטהעד אויך אַוועק דעם רע־ליגיעזן קולטור־אויסדרוק, ווי אַן אויסדרוק, וואָס הענגט אָפּ פון די אַלע איבעריקע אויסדרוקן אין דער זעלבער מאָס, ווי זיי הענגען אָפּ פון אים. איך שטעל זיך באַזונדערס אָפּ אויף דעם רעליגיעזן אויסדרוק, ווייל אַפילו פון די, וואָס שטעלן זיך איין פאַר אַ שטאַרקער קעגנזייטיקער ווירקונג און ווירקזאַמקייט צווישן די קולטור־אויסדרוקן, געפינען זיך אַזעלכע, וואָס ווילן באַטראַכטן דעם רעליגיעזן אויסדרוק, ווי אַן אויסדרוק, וואָס וועט איינגעשלינגען און אַסימילירט ווערן פון די אַנדערע אויסדרוקן — אייניקע זאָגן פון דער קונסט, אַנדערע זאָגן פון

דער פילאָזאָפיע. פאַר אַזאַ, לויט מיין מיינונג, פאַלשן געדאַנק, שטעלט זיך איין נישט קיין קלענערער דענקער און פילאָזאָף ווי קראָטשע.

„עס איז אוממעגלעך" — זאָגט קראָטשע אין זיין בוך עסטעטיק — „איינצוהאַלטן אַזאַ אומפולקאָמענעם און נידעריקן גראַד פון דערקענטעניש, ווי די רעליגיע, זייט ביי זייט מיט דעם, וואָס האָט זי איבערגעשטיגן און האָט באַוויזן איר נישט ריכטיקייט". און נאַטירלעך מיינט דאָ נישט קראָטשע צו זאָגן, אַז פילאָזאָפיע האָט באַוויזן די נישט ריכטיקייט פון דער אָנערקענונג פון דער עקזיסטענץ פון אַ גאָט אויף ער וועלט. אַזעלכעס האָט נאָך קיין אמתער פילאָזאָף קיינמאָל נישט געזאָגט. וואָס קראָטשע וויל, איז אַריבערצוטראָגן די גאָט-דערקענטעניש פון דער רעליגיע אין דער פילאָזאָפיע. ער וויל מאַכן פון דעם גאָט- און מענטש-שייכות אַ קאַטעגאָריע פון פאַרנונפט און לאָגיק, אָנשטאָט אַ קאַטעגאָריע פון גלויבן און עמאָציאָנעלן צוטרוי. אָבער דאָס איז נישט מעגלעך.

אין דעם מענטשס נשמה אָדער גייסט, אין דעם מענטשס גאַנצן פסיכישן צונויפשטעל קאָן קיין שום זאַך נישט אַריבערגיין מכּוח אל הפּועל, קיין שום פראָצעס, וואָס גייט דאָרט אָן, קאָן נישט ברענגען ווירקונג און ווערן ווירקזאַם, איידער עס ווערט אויף דעם אַרויפגעצויגן די הויט און פלייש פון דעם געפיל אָדער עמאָציע. אַזוי אַז אַלע פילאָזאָפישע טראַכטענישן און מעטאַפיזישע שפעקולאַציעס מוזן סוף-כּל-סוף ווערן עמאָציאָנעל אין דעם פילאָזאָף גופא, און אין אַלע די, וואָס טראַכטן מיט מיטן פילאָזאָף, כּדי זיי זאָלן קאָנען באַווירקן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן דעם גאַנג פון די וועלט-מענטש-און גאָט-געשעענישן.

עס מאָר אָבער נישט אַרויסגעלאָזט ווערן פון אויג די גרויסע נפקא מינה אין די צוויי סאָרטן לעבונגען און איבערלעבונגען פון דעם מענטש: איינע — וואָס קומען פ ו ן און ד ו ר ך די גייסט-אויסדרוקן, וועלכע נעמען אָן פריער אַ געדאַנקלעכע געשטאַלט און דערנאָך אַן עמאָציאָנעלע, און די אַנדערע — ד ו ר ך און פ ו ן די אויסדרוקן פון גייסט, וועלכע זעצן זיך דורך קודם-כּל עמאָציאָנעל, און דערנאָך ערשט וואַקסן זיי אַריין אָדער קלויבן זיך אָן אין דענקענישן און נאָכדענקענישן, אין וועלט-בליקן און וועלט-באַגריפן. אין דער הינזיכט פון

פריאָריטעט פון דענקען און פילן אָדער פון לאָגיק און עמאָציע שטייען אויף איין זייט: וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, און אויף דער אַנדערער זייט — עסטעטיק און רעליגיעזיטעט. רעליגיעזיטעט, גאָט־גלויביקייט, גאָט־זעעוודיקייט אָדער גאָט־פילעוודיקייט איז, ווי עסטעטיק, ווי די שיינקייט און די ליבע אַ לכתחילהדיקער עמאָציאָנעלער אויסדרוק פון קולטור. און פונקט ווי די פילאָזאָפיע קען, און עס איז זייער ווינטשנסווערט, אַז זי זאָל אַלץ נענטער און נענטער און אינטימער צוקומען צו די קוואַלן און שטראָמען פון קונסט און ווערן אַלץ מער און מער קינסטלעריש, און דאָך קען זי נישט, און ווען זי זאָל קאָנען, וואָלט עס בשום אופן נישט ווינטשנסווערט געווען, אַז זי זאָל פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער קונסט — אַזוי אויך קאָן און זאָל די רעליגיעזיטעט זיך אַלץ מער און מער אַריינוועבן אין דער פילאָזאָפיע, די פילאָזאָפן קאָנען און זאָלן אַלץ טיפער און שטאַרקער איבערלעבן רעליגיעזע געפילן און עמאָציעס. די פילאָזאָפיע קאָן אָבער נישט איבערשטייגן די רעליגיעזיטעט. זי קאָן נישט שפּילן די ראָל, און זי קאָן נישט אויספילן די פונקציע פון רעליגיעזיטעט, און זי קאָן דעריבער איר אָרט נישט פאַרנעמען. די עמאָציאָנעלע שייכותן צווישן מענטש און גאָט מיט דער גאַנצער איראַציאָנאַליטעט, וואָס איז אין זיי אַנטהאַלטן, מוזן האָבן זייער אייגענעם אויסדרוק, זיי מוזן זיך אויסווירקן און אַנטוויקלען אויף אַ באַזונדערן געביט, אויף אַ באַזונדערער צווייג פון קולטור.

און דאָס איז אויך מכוח די עסטעטישע און רעליגיעזע אויסדרוקן. די עסטעטיק און די רעליגיעזיטעט זענען ביידע עמאָציאָנעלע און איראַציאָנעלע אויסדרוקן פון גייסט און קולטור. זיי זענען גאַנץ ענג פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן, אַזוי אַז עס איז זייער לייכט צו רייבערצוגיין דורך שיינקייט און ליבע צווישן מענטש און מענטש צו שיינקייט און ליבע צווישן מענטש און גאָט, און פאַרקערט — דורך די לעצטע צו די ערשטע, עס איז זייער לייכט אַריינצופאַלן פון עסטעטישע עמאָציעס אין רעליגיעזע און פון רעליגיעזע אין עסטעטישע, און דאָך זענען די עסטעטישע עמאָציעס אַ קאַטעגאָריע פאַר זיך, פונקט אַזוי ווי דאָס זענען די רעליגיעזע עמאָציעס. יעדע קאַטעגאָריע האָט איר באַזונדערע און גאַנץ באַשטימטע קוואַליטעט.

איין קולטור־אויסדרוק אַלזאָ הענגט אָפּ פון דעם אַנדערן און זיי

ווידער — פון אים. זיי ווערן איינער דורכן אַנדערן פאַרטיפט און פאַרשענערט, אינהאַלטרייכער און פילפאַרביקער. קיין איינער פון זיי האָט נישט קיין פאָרזוג איבער דעם אַנדערן. אַלץ, וואָס מיר קאָנען פילן און אַלץ, וואָס מיר קאָנען אָפּשאַצן, איז די אַנדערשקייט, די פאַרשידנאַרטיקייט פון זייערע ראָלן און פונקציעס און זייערע ווירקונגען און איינפלוסן אויף אונזער נשמה. און אויב מיר זאָלן רעדן וועגן זיי, ווי דער פילאָזאָף קראָטשע טוט עס, ווי וועגן מינים פון דערקענטעניש, וועלן מיר בשום אופן נישט זאָגן, אַז איין מין פון דערקענטעניש, ווי אַ שטייגער פילאָזאָפיע, איז העכער פון דעם קינסטלערישן מין אָדער פאַרקערט, און אַז רעליגיע איז גאָר אַ נידעריקערער מין פון דערקענטעניש, וואָס וועט און דאַרף מיט דער צייט פאַרשווינדן, און זיין אָרט זאָל און וועט פאַרנומען ווערן פון דער פילאָזאָפיע. ניין, איך שטעל מיך אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז יעדער מין פון דערקענטעניש, עמאָציאָנעלער אָדער באַגריפלעכער, ראַציאָנעלער אָדער איראַציאָנעלער, האָט זיין ספּעציפישן ווערט, זיין אייביקן און אַבסאָלוטן צושטייער, אָן וועלכן די דערקענטעניש ווי אַ גאַנצע, וואָלט נישט געווען דאָס, וואָס זי איז. איין מין דערקענטעניש, אָדער איין אויסדרוק פון קולטור איז אַזוי הויך און וויכטיק ווי דער אַנדערער און קאָן קיינמאָל נישט איבערשטיגן ווערן פון אַן אַנדערן און קיין אַנדערער קאָן זיין אָרט נישט פאַרנעמען. ווי פאַרשידנאַרטיק די אויסדרוקן פון קולטור אָדער גייסט זענען, אַזוי גלייכווערטיק זענען זיי.

און נישט נאָר זענען זיי לויט מיין מיינונג גלייכווערטיק און גלייכוויכטיק אין זייערע ראָלן און פונקציעס, אין זייערע ווירקונגען און איינפלוסן, נאָר זיי זענען אויך איינציי־טיק אין זייער לכתחילה־דיקן קומען צושטאַנד. און דאָ גיי איך שוין ווייטער פאַר ווייטהעדן וואָס איך זאָג דאָ, איז שוין ווי אַ קריטיק אויף ווייטהעדס באַגריף וועגן דער פריאָריטעט פון דער אַנטשטייאונג פון דער עסטעטישער אָרדנונג אין דער וועלט. די עסטעטיק, ווי ווייטהעד דענקט, איז אָריגינעלער און פריערער פאַר דער עטיק.

אין זיין בוך וועגן רעליגיע זאָגט ער: „די מעטאַפיזישע לערע, וואָס ווערט דאָ אַנטוויקלט, געפינט די יסודות פון דער וועלט אין דער עסטעטישער דערפאַרונג און נישט — ווי מיט קאַנטן — אין דער

דערפאַרונג, וועלכע איז פאַרבונדן מיט וויסן און באַגריף. די גאַנצע וועלט-אָרדנונג איז אַן עסטעטישע, און די מאָראַלישע אָרדנונג איז בלויז אַ געוויסער אַספּעקט פון איר. און די עסטעטישע אָרדנונג נעמט זיך פון דער אימאַנענץ פון גאָט".

בעת קאַנט לאָזט די עטיק קומען אויף דעם אוממיטלבאַרסטן אופן פון דעם וועלט-אורקוואַל, ווילט זיך ווייטהעדן טון דאָס זעלביקע מיט דער עסטעטיק. ער וויל איר צושרייבן מער אינטימקייט מיט דעם אורקוואַל, אין פריערדיקייט אין איר אַרויסשלאָג פון דעם קוואַל.

פון אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט געבראַכט פון ווייטהעדן, איז געווען צו זען, וואָסער גרויסן מהלך ווייטהעד האָט געמאַכט לגבי די דענקער ביז איצט אויף דעם וועג פון גלייכווערטיקייט און גלייכוויכטיקייט פון די קולטור-אויסדרוקן. דאָס לאָזט מיך האָפן, אַז די צייט איז נישט ווייט, ווען דער מענטשלעכער גייסט וועט קומען צו דער אָנערקענונג נישט נאָר פון פולסטער און אַבסאָלוטער אָרגאַנישקייט און סינטעטישקייט, פון גלייכווערטיקייט פון די קולטור-אויסדרוקן, נאָר אויך — פון זייער אַבסאָלוטער גלייכצייטיקייט פון אַנטשטייאונג און אַנטפּלעקונג. עס מוז און עס וועט קומען, ווי איך גלייב, צו דער פולסטער אָנערקענונג פון אַ גלייכצייטיקן אַרויסשלאָג און דורכשלאָג פון אַלע שטראָמען פון דעם אורקוואַל, פון אַלע אויסדרוקן פונם וועלט-גייסט; און זייט ביי זייט מיט דער אָנערקענונג פון זייער גלייכצייטיקייט אין זייער קומען צו שטאַנד, וועט גיין די אָנערקענונג פון זייער גלייכקייט אין ווערט און וויכטיקייט. אַזוי אַז עס וועט קיין שפּור נישט בלייבן פון וועלכן עס איז פאָרצוג אָדער וועלכער עס איז אויסדערווײלטקייט און מיוחסדיקייט פון איין קולטור-און גייסט-אויסדרוק אָדער אַנטפּלעקונג איבער דעם אַנדערן.

אַזוי איז עס מיט קולטור-אויסדרוקן און אַזוי אויך מיט נשמה-אויסדרוקן. איין געפיל פאַרנעמט נישט דאָס אָרט און ברענגט נישט די צופרידנשטעלונג אָדער די גליקזעליקייט פון אַן אַנדער געפיל. יעדעס איינע געפיל, יעדע איינע עמאָציע טראָגט אין זיך ספּעציפישע מעגלעכקייטן פאַר לעבונגען און איבערלעבונגען פון אַזאַ און נישט קיין אַנדער קאָלאָריט, און אַלע אין איינעם טרייבן זיי די נשמה

און דעם גייסט פון מענטשן צו אַ טיפערער און העכערער אַנטוויקלונג. די ראָל פון דער קונסט באַשטייט דער עיקר דערין, וואָס זי אַקצענ־טירט פאַר אונז און לאָזט אויפציטערן אונזער נשמה און גייסט פון זייער פיל קנייטשעלעך און פעלדעלעך אין די געפילן און עמאָציעס, פון זייער פיל פאַרשידנאַרטיקע פאַרבן און ניואַנסן, וועגן וועלכע מיר וואָלטן נישט געחלומט, ווען נישט די קונסט. און וואָס ווייניקער חלומות און וואָס אָרימער עס זענען די חלומות — דערהויפּט די חלומות, וואָס מען חלומט אויף דער וואַך — אַלץ אָרימער דאָס גייסטיקע לעבן פונם מענטש.

ווי גרויס אָבער דער אויפטו און ווירקונג פון קונסט זאָל נישט זיין אין דער נשמה פון דעם איינצלנעם מענטש און דורך איר אויף דער אַנטוויקלונג פונם מענטשלעכן גייסט בכלל — קאָן דאָך די קונסט, אַזוי ווייניק ווי די פילאָזאָפיע אָדער ווי די וויסנשאַפט, איבערשטייגן און פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם רעליגיעזן אויסדרוק. ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין מענטשן מיט נשמות, וואָס אַ דאַנק זייער אייגנאַר־טיקן פסיכישן שניט און בוי ווערן זיי צום שטאַרקסטן אויפגעציטערט נאָר אין די מאָמענטן, ווען זיי דערפילן ממשותדיק און דערזען אויג אויף אויג — אין אַ מעטאַפאָרישן זין נאַטירלעך — די אַלץ איינ־שליסנדיקייט פון דעם אַלץ אַרומנעמענדיקן גייסט, ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין קולטור־שאַפונגען, וואָס אין זיי פאַרנעמען אָט דידאָזיקע דערפילונגען און דערזעאונגען דעם אויבנאָן, און ווען די קונסט אַליין וואָלט דורך אַזעלכע פאָרשטייער ווי אַ דאַנטע, שעקספּיר, געטהע, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי, מענדעלע און פּרץ נישט געטרונקען פון צייט־צו־צייט די קוואַלנדיקע וואַסערן פון די רעליגיעזע ברונעמער — וואָלטן מיט דער צייט אַלע קונסט־שאַפונגען מיט אַלע זייערע אויס־דרוקן געוואָרן שוואַכער און בלאַסער און וואָלטן סוף־כל־סוף אויסגעג־גאַנגען פון גייסטלאָזיקייט, פונקט אַזוי ווי די רעליגיעזע שאַפונגען וואָלטן געוואָרן פוסט און טרוקן און וואָלטן אויסגעגאַנגען פון בלוט־לאָזיקייט, ווען זיי זאָלן נישט טרינקען פון די קוואַלן פון קונסט, וועלכע דורך איר בילדערישקייט מאַכט פאַר אונז פאַנטאַסטיש די ווירקלעכקייט און ווירקלעך דאָס פאַנטאַסטישע, און אַזוי אַרום קאָנקרעטיזירט זיך פאַר אונז די סינטעטישקייט פון גאָט, מענטש און היה, און גיט אַ זין

צום געפיל, וואָס ליגט אין דעם אויסגעשריי: „איך בין אַ וואָרים, איך בין אַ קיסר, איך בין אַ גאָט!“

און אויב דאָס איז אמת בנוגע די שייכותן צווישן קונסט און רעליגיע, איז עס נאָך מער אמת בנוגע די שייכותן צווישן די אַנדערע קולטור-צווייגן און רעליגיע. און מער פאַר אַלע דענקער האָט ווייטהעד איינגעזען אָט דעמדאָזיקן אמת. „מען קאָן נישט“ — זאָגט ער — „באַהאַלטן טעאָלאָגיע פון וויסנשאַפט אָדער וויסנשאַפט פון טעאָלאָגיע און קיינע פון זיי קאָן מען נישט באַהאַלטן פון מעטאַפיזיק אָדער מעטאַפיזיק פון איינער פון זיי. נישט פאַראַן קיין פאַרקירצטער וועג צום אמת“. און יעדעס מאָל ווען ווייטהעד ווייזט אָן אויף דער אָרגאַנישקייט און קעגנזייטיקער אָפּהענגיקייט צווישן די קולטור-אויסדרוקן, פאַרגעסט ער נישט באַלד צו דערמאָנען אויך וועגן דער אייגנאַרטיקייט און זעלבסטצוועקיקייט פון יעדן איינעם פון זיי — פון דעם רעליגיעזן, אַזוי גוט ווי פון וועלכן עס איז אַנדערן אויסדרוק. „בעת די רעליגיע“ — שרייבט ער — „שטעלט איין אירע דאָגמעס, מוז זי צולאָזן מאָדיפיקאַציעס פון דעם גאַנצן קרייז פון אונזער דערקענטעניש. זי פאַרמאָגט אָבער אויך איר אייגענעם צושטייער פון דער אוממיטלבאַרער דערפאַרונג“.

דער רעליגיעזער באַוואוסטזיין איז פאַר ווייטהעדן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער באַוואוסטזיין, אַ באַוואוסטזיין, וואָס איז גאַנץ אַנדערש פאַר דעם פילאָזאָפישן, וויסנשאַפטלעכן אָדער קינסטלערישן. דאָס איז אַ באַוואוסטזיין, וואָס איז פאַראינטערעסירט און גיט זיך אָפּ מיט די שייכותן צווישן דעם מענטש און דעם, וועלכן דער מענטש פילט ווי אַ העכסטע טיפסטע און אַלץ אַרומנעמענדיקע קראַפט — און דערצו נאָך ווי אַ קראַפט, וועלכע ווייסט און פילט דעם מענטש, ווי דער מענטש פילט און ווייסט די קראַפט. „רעליגיע — זאָגט ווייטהעד — איז וואָס דער אינדיווידואום טוט מיט זיין איינזאַמקייט“. און איינזאַם מוז זיך דער מענטש פילן סיי אין אַ וועלט, וואָס אין איר זאָל נישט זיין קיין העכערעס איבער דעם מענטש, סיי אין אַ וועלט, וואָס איר איבערוועלט-קראַפט איז טראַנסצענדענט, שטייגט אַזוי אַריבער דעם מענטש, אַז צווישן דעם מענטש און דער קראַפט איז נישט שייך אַ וועלכע עס איז קעגנזייטיקע באַציאונג. און די אוממעגלעכקייט פאַר דעם מענטש צו-

זיין אַליין מיט דער איינזאַמקייט פירט זיין פאַנטאַזיע צו מאָלן און זיין האַרץ צו גלייבן, אַז עס איז פאַראַן אַ העכערע קראַפט, און אַז רידאָזיקע העכערע קראַפט איז אימאַנענט און נישט טראַנסצענדענט — אַז זי האָט געבויט דעם מענטש ווי חוה איז געבויט געוואָרן פון אָדמן. זי האָט געבויט דעם מענטש פון דער ריפּ, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון זיך אַליין. און דערום קאָן אַ מענטש פאַרלאָזן די וועלט אָדער ווערן פון איר פאַרלאָזט און זיך באַהעפטן אָדער זיין אַ באַהעפטער אין זיין גאָט, און זיי זאָלן ווערן נישט איין לייב, נאָר איין גייסט, וואָס שליסט איין אויך לייב.

עס איז דער דראַנג זיך צו באַפרייען פון דער איינזאַמקייט, וועלכע האָט געטריבן דעם מענטשלעכן גייסט אויסצושרייען: ליהוה הארץ ומלואה תבל וישבה בה — די ערד איז גאָטס און איר פולקייט, די וועלט און די, וואָס וואוינען אין איר. (תהילים, כד) און: גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע, כי אתה עמדי שבתך ומשענתך המה ינחמני — אפילו ווען איך גיי דורך דעם טאָל פון שאָטן פון טויט, וועל איך קיין מורא נישט האָבן פאַר קיין שלעכט, וואָרים דו ביסט מיט מיר, דיין רוט און דיין שטעקן, זיי טרייסטן מיך. (תהלים, כג).

זיכער איז דער גאַנצער תנך פול מיט דער טיפסטער פילאָזאָפיע און שענסטער קונסט, דאָס איז אָבער אַ פילאָזאָפיע און אַ קונסט, וואָס שלאָגט זיך דורך און שלאָגט אַרויס פון שאַפונגען, וועלכע זענען אָרגאַניש און אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין. זיי זענען דירעקטע און אינטימע פּראָדוקטן פון דער רעליגיעזער אינטואיציע אָדער אינטואיטיווער רעליגיעזיטעט.

רעדנדיק וועגן קריסטוסן, זאָגט ווייטהעד: די אַפּאָריזמען, וועלכע מען שרייבט צו קריסטוסן, זענען נישט קיין פאָרמולירט דענקען. זיי זענען באַשרייבונגען פון אַ דירעקטן אַריינבליק. די אידעען זענען אין זיין געדאַנק ווי אוממיטלבאַרע בילדער, און נישט ווי אַנאַליזירט אין טערמינען פון אַבסטראַקטע באַגריפן. ער זעט אינטואיטיוו די שייכותן צווישן גוטע און שלעכטע מענטשן. זיינע אויסדרוקן זענען אויסגעגאָסן אין דער פאָרם פון אַנאַליז פון גוטסקייט און שלעכטקייט פון מענטש. זיינע אַפּאָריזמען זענען האַנדלונגען און נישט קיין איינאָרדנונגען פון באַגריפן״.

די רעליגיעזיטעט, אַלזאָ, אויף וויפיל זי איז אַנדערש אין קוואַליטעט פון אַלע אַנדערע קולטור־אויסדרוקן, אויף וויפיל איר צוטריט צו דער רעאַליטעט איז אַנדערש פון דעם צוטריט פון וועלכער עס איז אַנדערער קולטור־צווייג, אויף אַזוי פיל איז אויך אַנדערש איר וואָרט־אויסדרוק, אויף אַזוי פיל זענען רעליגיעזע שאַפונגען אַ מין פאַר זיך אַליין, מעגן זיי האָבן אַ וועלט מיט פילאָזאָפיע און קונסט אין זיך, פונקט ווי פילאָזאָפישע אָדער קינסטלערישע ווערק בלייבן פילאָזאָפ׳שע אָדער קינסטלערישע, מעגן זיי אפילו רעגן צו דער שטאַרקסטער און טיפסטער רעליגיעזיטעט, און אָפט אפילו צו מער און טיפערער רעליגיעזיטעט ווי אייניקע ריין־רעליגיעזע שאַפונגען, בלייבט דאָך גריכנלאַנד דאָס וויגעלע פון פילאָזאָפיע מיט דער גאַנצער טיפסטער פילאָזאָפישקייט פון תנ״ך.

וויפיל ענלעכקייטן די דעפיניציעס פון רעליגיע זאָלן נישט האָבן מיט די דעפיניציעס פון פילאָזאָפיע און קונסט, וועלן די טיפערע דעפיניציעס אַרויסברענגען דאָס ספעציפישע, דאָס אייגנאַרטיקע און זעלבסטצוועקיקע פון דעם רעליגיעזן קולטור־אויסדרוק. און דאָס טוען ווייטהעדס דעפיניציעס פון רעליגיע.

ער דעפינירט רעליגיע, ווי אַ וויזיע פון עפּעס פון יענער זייט, פון הינטן און אינעווייניק פון דעם פאַרבייגייענדיקן פלוס פון באַלדיקע זאַכן, פון עפּעס, וואָס איז רעאַל און וואַרט אויף דער רעאַליזירונג, עפּעס, וואָס איז אַ ווייטע מעגלעכקייט און דאָך דאָס גרעסטע פון קעגנוואַרטיקע פאַקטן, עפּעס, וואָס גיט זין צו אַלץ, וואָס גייט פאַרביי, און דרייט זיך דאָך אַרויס פון באַגריפן צו ווערן, עפּעס, וואָס זיין פאַרמעג איז דאָס לעצטע גוט און דאָך לחלוטין אומדערגרייכבאַר, עפּעס, וואָס איז דער סאַמע לעצטער אידעאַל און דאָך האָפנונגסלאָזע נאָכזוכונג. (ז. 275)

אַזאַ וויזיע גיט זאַפט צום גלויבן, אַז „דער סדר פון דער וועלט, די טיף פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט און דער ווערט פון דער וועלט אין איר גאַנצקייט און אין אירע טיילן, די שיינקייט פון דער וועלט, דער געשמאַק פון לעבן, די רויקייט פון לעבן און דער קאָנטראָל איבער שלעכטס זענען אַלע אינאיינעם געבונדן — נישט אויף אַ צופעליקן אופן, נאָר צוליב דעם אמת, אַז די אוניווערס ווייזט

אַרויס אַ באַשאַפנקייט מיט אַן אומענדלעכער פרייהייט און ממלכה פון פאָרמען מיט אומענדלעכע מעגלעכקייטן. דידאָזיקע באַשאַפנקייט אָבער און דידאָזיקע פאָרמען זענען אינאיינעם נישט בכוח צו דערגרייכן ממשותדיקייט, אָפגעזונדערט פון דער פאַרפולקאָמענער האַרמאָניע, וועלכע איז גאָט". (ז. 119, אין בוך וועגן רעליגיע.)

און גאָט איז צו ווייטהעדס רעליגיעזן אַריינבליק — די סאַמע לעצטע באַגרענעצונג. גאָטס עקזיסטענץ איז די סאַמע לעצטע איראַציאָנאַליטעט. „גאָט" — שרייבט ווייטהעד — „איז נישט קאָנקרעט, ער איז אָבער די גרונדלאַגע פאַר קאָנקרעטער אַקטואַליטעט. קיין שום טעם קאָן נישט אָנגעגעבן ווערן פאַר דער נאַטור פון גאָט, מחמת יענע נאַטור איז דער יסוד פון ראַציאָנאַליטעט — — — דאָס דינען גאָט איז נישט קיין פראַגע פון באַקוועמלעכקייט, עס איז אַן אַוואַנטורע פון גייסט, אַ פלי נאָך דעם אומדערגרייכבאַרן".

עס איז באמת מערקווירדיק, וואָס די גרויסע דערגרייכונגען ווייטהעדס אויפן געביט פון וויסנשאַפט, אויף וועלכן ער האָט לאַנג געאַרבעט מיט ראַציאָ, לאָגיק און עקספערימענטאַלע דערפאַרונגען און באַווייזן — האָבן נישט אוממעגלעך געמאַכט פאַר אים צו פילן די נויטיקייט פאַר דעם מענטש זיך צו ציען צום אומדערגרייכבאַרן, אַרויפציען אַלץ, וואָס איז דערגרייכבאַר צו די הויכן, איבער וועלכע און אונטער וועלכע עס שוועבט דאָס אומדערגרייכבאַרע און, ווי ווייט מעגלעך, אַריינציען דאָס אומדערגרייכבאַרע אין אַלץ, וואָס איז דערגרייכבאַר.

פאַר מיר איז דאָס אַלץ אַ סימן פון דער צייט, אַ באַווייז פון דעם נאָענטן אָנקום פון אַ ק ו ל ט ו ר ע ר באַציאונג מצד יעדן שאַפער און יעדן געביט־קולטיווירער צו יעדן באַזונדערן גייסט־אויסדרוק און צום אַלגייסט אין זיין גאַנצקייט. אונטער קולטורער באַציאונג פאַרשטיי איך די באַלויכטונג און פאַרטיפונג פון יעדן קולטור־אויסדרוק דורך אַן אינטימער באַקאַנטשאַפט מיט די דערגרייכונגען פון די אַנדערע קולטור־אויסדרוקן, און דורך דער אָנערקענונג פון דער סינטעטישקייט, גלייכווערטיקייט און גלייכצייטיקייט פון די אויסדרוקן און אַנטפּלעקונגען פונם אַלגייסט און זיין מהות־קולטור.

ווי ביישפילן פאַר דער אָנרעגונג און לייטערונג, פון דער דערהויבונג און פאַרטיפונג פון דעם רעליגיעזן און אַנדערע קולטור־אויס־

דרוקן דורך דעם ליטעראַטור־צווייג פון עסטעטיק, וועל איך איצט נע־מען די פיר, לויט מיין מיינונג, גרעסטע ליטעראַריש־קינסטלערישע ווערק, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן נאָך „קריג און פרידן" און „אַננאַ קאַרענינאַ".

איך וועל נעמען די פיר ווערק אין דער פאָלגנדיקער אָרדנונג: 1) „מיסטעריע" פון קנוט האַמסון, 2) „זשאַן קריסטאָף" פון ראָמען ראָלאַנד, 3) „ברידער קאַראַמאַזאָוו" פון פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקי און 4) דער „צויבערבאַרג" פון טאָמאַס מאַן.

אויף קיין איינעם פון די דאָזיקע ווערק, וועל איך מיך נישט אָפּשטעלן אַזוי לאַנג, ווי דאָס ווערק פאַרדינט, מחמת די אַלע פיר ווערק, אָנהייבנדיק מיט „מיסטעריע" און שליסנדיק מיט „צויבער באַרג", ברענג איך דאָ בלויז, ווי ביישפּילן פאַר מיין טעזע פון אָרגאַנישקייט, סינטעטישקייט און גלייכווערטיקייט פון קולטור־אויסדרוקן. דורך די־ דאָזיקע פיר ווערק קומען די רעליגיעזע און אַנדערע קולטור־עמאָציעס צום שאַרפן און טיפן אויסדרוק אין פראָפּאָרץ צו דער טיפקייט און שאַרפקייט פון די ליבע־און שיינקייט־עמאָציעס.

פרץ האָט אַ דראַמע אונטערן נאָמען „וואָס אין פידעלע שטעקט". דאָס פידעלע איז איינגעגלעך די נשמה פון יואל דעם קלעזמער, און פרץ ווייזט אונז ווי אין דער דאָזיקער נשמה, אין דעם דאָזיקן פידעלע, שטעקן ביידע זוכענישן, ביידע בענקענישן — די גאָט־זוכעניש און די ליבע־זוכעניש, גאָט־בענקעניש און ליבע־בענקעניש — ביידע שטעקן זיי אַזוי טיף און שטאַרק, אַז יואלן איז שווער צו אונטער־שיידן איינע פון דער אַנדערער. פאַר זיין טויט לאָזט פרץ יואלן זאָגן צו גאָט: „איך האָב געזונדיקט קעגן דיר, האָסט דאָס אַליין דערלאָזט.. האָסט מיר אַ פאַרבענקטע נשמה געגעבן, אַן אומרויקע, וואָס האָט, גלייך מיט נחת טויב, אין ערגעץ קיין רו נישט געפונען. פאַר בענקשאַפט געזינדיקט... שטענדיק געזוכט, קיינמאָל נישט געפונען. און ווייסטו וועמען זי האָט געזוכט, מיין אָרימע נשמה? — — דיך! נאָר דיך! — — אָן דיר איז איר קאַלט און פינסטער געוועזן. און דו האָסט זיך באַהאַלטן פאַר איר... באַהאַלטן פאַרן זינדיקן מענטש.. האָט זי דיך געזוכט אין פעלד און אין וואַלד... געבלאָנדזשעט נאָך דיר איבער בערג און טאָל, האָט זי דיך אין יעדן וואַסערל געזוכט, צווישן

בעפל און וואָלקן געזונס... און אין יעדן שטראַל, אין יעדער פאַרב, אין יעדן טאָן, אין יעדן קלאַנג, אין יעדן טיפערן אויג".

אָט צו דעם, וואָס שטעקט אין פידעלע, וואָס דאָס מיינט, אין דער נשמה פון די הויפּט-העלדן פון די פיר גרויסע קונסט-ווערק, גיי איך איצט אַריבער. איך גיי אַריבער צו זייערע אין ליבע און שיינקייט זיך וואָרצלענדיקע גליק-און אומגליק-זעליקייטן, וועלכע רעגן זיי און אונז צו אַלערליי גייסטיקע אַוואַנטורעס און אַלערליי צ״אונ׳ען נאָך דעם אומדערגרייכבאַרן, צווישן זיי — אויך צו דער אַוואַנטורע פון גאָט, צו יענעם פּלי נאָך דעם אומדערגרייכבאַרן, וועלכן ווייטהעד אידענטיפיצירט מיט עבודת הבורא.

# III.

## קנוט האַמסונס „מיסטעריעז"

### א.

אין זיין ווערק „מיסטעריעז" לאָזט קנוט האַמסון זיין העלד נאַגלס פאַנטאַזיע, אַ געפייערטע פון אַן אומדערלעשלעכער ליבע, דורכברעכן די מהיצה צווישן דער וועלט און יענער וועלט, צווישן לעבן און טויט. דאָס לאָזט האַמסון טון יאָהאַן נילסען נאגל, וועלכער געדאַנקלעך און לאָגיש וויל נישט וויסן פון קיין גאָט און פון קיין יענער וועלט.

טראַכטנדיק וועגן דעם טויט, וועלכן נאַגל האָט בדעה באַלד זיך אַליין צו מאַכן מיט דעם ביסל סם אין פלעשל, וואָס ער טראָגט מיט זיך שטענדיק אַרום, רעדט נאגל אין זיין געדאַנק צו דאַגני קילאַנד די פאָלגנדיקע רייד. דאַגני קילאַנד איז עס די, וועלכע ער ליבט ביז משוגעת, כאָטש זי, און אפשר דערפאַר, וואָס זי איז — פאַרליבט ווי פאַרליבט — אָבער פאַרקנסט זיכער צום לייטענאַנט האַנסען. צו דערדאָזיקער דאַגני קילאַנד רעדט עס נאַגל אין זיין פאַנטאַזיע אָט אַזוי:

„— — — און אָט וועסטו באַלד זיגן, ווען די שעה וועט שלאָגן, איך וועל דיך שוין מער נישט פאַרפאָלגן — — איך וועל קומען צו דיר און אַרומפאָכען אַרום דיר מיט ווייסע פליגל, בשעת דו וועסט שלאָפן, און בעת דו וועסט זיך אויפכאַפּן, וועל איך דיר נאָכגיין און דיר אַריינרוימען ליבע, גוטע ווערטער אין די אויערן — — — נאָר אויב מיינע פליגל וועלן נישט זיין אַזוי ווייס, וועל איך בעטן אַ מלאך פון גאָט, ער זאָל דאָס טון פאַר מיר — — — אָ, איך בין גליקלעך, ווען איך

טראַכט נאָר דערפֿון, און ווי שטאַרק וואָלט איך געוואָלט, איך זאָל דאָס שוין קאָנען טון. — — איך וואָלט שטאַרק געוואָלט זינגען איבער דיין קאָפּ יעדן זונטיק אינדערפֿרי, ווען דו ביסט אין דער קירכע, און וועגן דעם וועל איך אויך בעטן דעם מלאך. — — — איך פּלאַטער, ווען איך טראַכט דערפֿון נאָר, איצט וועט שוין לאַנג נישט נעמען, ביז די שעה וועט שלאָגן! איך אַליין וועל זי דערנענטערן, אויך איך פֿריי זיך שוין מיט איר".

און נאָכדעם ווי נאַגל האָט שוין אויסגעטרונקען, ווי ער דענקט, דעם סם, נישט וויסנדיק וועגן דעם שפּיצל, וואָס מינוט האָט אים אָפּגעטון, און ווען ער איז זיכער, אַז ער שטאַרבט שוין, לייגט ער צונויף די הענט, און בעט גאָט ער זאָל שטאַרבן וואָס גיכער, אַזוי אַרום וועט ער נאָך קענען זיין היינט ביי דאַגנין, איידער זי וועט זיך אויפֿכאַפּן פֿון שלאָף.

יאָ, דאָס דריי און צוואָנציקיעריקע מיידל דאַגני קילאַנד, און די פֿלאַם-פֿייערדיקע ליבע צו איר פֿון דעם נײַן און צוואָנציק יעריקן יאָהאַן נילסען נאַגעל, איז דער באָדן, וואָס פֿון אים לאָזט קנוט האַמסון אַרויסשפּראָצן און זיך אַנטוויקלען אין אַלערליי ריכטונגען, טיפֿענישן און הויכקייטן פֿון די מיסטעריען, וואָס רינגלען אַרום און נעמען דורך אין געוויסע מאָמענטן יעדן מענטש און, מענטשן פֿון נאַגעלס שניט — צו יעדן מאָמענט פֿון זיין לעבן. און היות ווי יעדער דור האָט געהאַט, האָט און וועט האָבן זיינע נאַגעלס, און היות ווי יעדער מענטש האָט אַלעמאָל געהאַט, האָט איצט און וועט אין דער צוקונפֿט האָבן נאָך אָפּטערע מאָמענטן פֿון אַן אויג-אויף-אויג צונויפֿטרעף מיט אַזעלכע אָדער אַנדערע מיסטעריען — איז דעריבער דאָס ווערק „מיסטעריען" אַ ווערק פֿאַר אַלע דורות און פֿאַר אַלע צייטן.

די שאַרפֿסטע און שטאַרקסטע כאַראַקטעריסטיק פֿון יאָהאַן נילסען נאַגל, און די נאַגלס בכלל, גיט אונז האַמסון דעמאָלט, ווען ער לאָזט אים פּלוצלינג און אומדערוואַרט פֿאַר אַלעמען צום ערשטן און צום לעצטן מאָל שפּילן אויף דער פֿידל אין דער קליינער נאָרוועגישער פֿאַרשטאָט, אין וועלכער פֿריילין קילאַנד איז געבוירן געוואָרן. וואָס און ווי אַזוי נאַגל איז אין די טיפֿענישן פֿון זיין נשמה, אַזוי און דאָס שפּילט ער אויס אויף זיין פֿידל. ער באַציט זיך צו דער פֿידל אַזוי, ווי

ער באַציט זיך צו זיין אייגענער נשמה און צו די נשמות פון אַנדערע. און ווי מען האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס און צוליב וואָס ער איז געקומען אין דערדאָזיקער שטאָט; און ווי מען האָט נישט געוואוסט די שייכות צווישן אים און דעם מיידל, צוליב וועלכן ער איז געקומען אַהער אין דערדאָזיקער שטאָט; און ווי מען האָט נישט געוואוסט ווער עס איז די, וועלכע האָט אים געגעבן דעם לעצטן שטויס אין יענער וועלט אַריין — אַזוי האָט מען נישט געוואוסט צוליב וואָס ער האָט מיטאַמאָל געשפּילט און פאַרוואָס ער האָט אַזוי און נישט אַנדערש געשפּילט.

די קונסט, וועלכע ווערט אין דעם פאַל סימבאָליזירט דורך דער פידל, איז אַזוי מיסטעריעז ווי דאָס לעבן, דער טויט און די ליבע, וועלכע האָבן זיך פאַר נאַגלען געדרייט פון זיין אָנקום אין דער שטאָט ביז זיין אַריינשפּרונג אויף אייביק אין ים—אַרום דער אַקס—פּרוי, וועלכע ווערט סימבאָליזירט אין דעם פאַל דורך דאַגני קילאַנד.

„ער זאָגט גאָרנישט, קיין וואָרט נישט" — אַזוי שרייבט האַמסון וועגן נאַגלען — „נאָר ער ציט אויס די האַנט נאָכן בויגן, הייבט אָן פּלוצלינג צו שפּילן און שטילט אַלעמען איין. ביסלעכווייז ווערט אומעטום שטיל. אָט דער קליינער מענטש, מיט די ברייטע פּלייצעס און אין שרייענדיק געלן אָנצוג, וואָס האָט זיך גענומען, איין גאָט ווייסט פון וואַנעט, אין זאַל אַריין, האָט זיי אַלעמען אַריינגעבראַכט אין דער שטימונג. און וואָס האָט ער געשפּילט? אַ ליד, אַ ‿גאַרקאַ‿אָלע, אַן אונגאַרישן טאַנץ פון בראַמס, אַ מיש־מאַש פון פאַרשידענע מאָטיוון, געשפּילט אין אַ רויען, האַסטיקן טעמפּאָ, וואָס האָט דורכגעדרונגען דעם גאַנצן זאַל. ער האָט געהאַלטן דעם קאָפּ שטאַרק אויסגעבויגן אויף אַ זייט. אַלצדינג האָט כמעט אויסגעזען מיסטיש. זיין אומגעריכטער אויפטריט אַ חוץ דער פּראָגראַם, און דערצו נאָך אין מיטן זאַל, וואו עס איז געווען פינסטערלעך. זיין אויסערלעכקייט, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. און איצט אָט די ווילדע געשיקטקייט פון זיינע פינגער — דאָס אַלץ האָט צעטומלט דעם עולם און אַרויסגערופן אין די מענטשן אַן איינדרוק פון אַ מכשף — — אָבער עס זענען נאָך נישט אַריבער קיין פיר־פינף מינוט, ווי ער האָט עטלעכע מאָל האַסטיק אַ פיר־געטון מיטן בויגן איבער די סטרונעס. דאָס איז געווען

אַ פֿאַרצווייפֿלטער געשריי, אַ יאָמערלעכער קלאַנג, אַזוי שרעקלעך, אַזוי ליידגשאַפֿטלעך, אַז קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך".

און נישט נאָר האָט קיין אַנדערער נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך, נאָר ער אַליין אויך נישט.

אויף דער פֿראַגע פֿון פֿריילין אַנדערסאָן: אָבער פֿאַרוואָס האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַזוינע שוידערלעכע טענער? ענטפֿערט ער: „איך ווייס אַליין נישט, אין דער אמתן. ס'איז געקומען פֿון זיך אַליין. כ'האָב געוואָלט אַרויספֿטרעטן דעם טייוול אויפֿן עק".

נאַגל איז פֿון די מענטשן, וואָס ווערט פֿאַרכאַפּט און באַווירקט פֿון דעם, וואָס קומט פֿאָר פֿון זיך אַליין, מעג עס זיין אינעווייניק אין דער נשמה און אויסנווייניק פֿון דער נשמה, אַ סך מער ווי פֿון דעם, וואָס קומט פֿאָר ווי אַ פּועל-יוצא פֿון עפּעס אויסער זיך אליין. אַלץ אין נאַגלען איז מער סענסיטיוו און מער עמפּינדלעך צו דעם, וואָס ער ווייסט נישט און וואָס מען קען נישט וויסן, איידער צו דע, וואָס מען ווייסט שוין יאָ אָדער וואָס מען וועט קאָנען וויסן — מער סענסיטיוו און עמפּינדלעך צו דעם, וואָס לאָזט זיך בשום אופֿן נישט דערקלערן, וואָס איז אין זיין עצם טבע אומדערקלערבאַר, איידער צו דעם, וו ס ווערט אויף דער מעגלעכקייט דערקלערט צו ווערן. אַזעלכע מענטשן פֿילן שטאַרקער פֿאַר אַנדערע דעם גערויַנגל צווישן די שלעכטע און גוטע, נידעריקע און הויכע, מיאוסע און שיינע כּוחות — דעם גע-ראַנגל, וואָס גייט אָן אומאויפֿהערלעך אינעווייניק אין דעם מענטש און אויסנווייניק אַרום און איבער דעם מענטש צווישן כּוחות, וואָס לאָזן זיך פֿילן און נישט זען, כּוחות, וואָס צווינגען צו קלערן, און אַליין בלייבן זיי אומדערקלערבאַר.

דער טייוול סימבאָליזירט די שלעכטע, די נידעריקע און מיאוסע כּוחות, און אויף זיין עק, אויף דעם עק פֿון דעם טייוול, ווילט זיך עס נאַגלען אַרויספֿטרעטן.

און וואָס איז פֿאַר אים דאַגני קילאַנד?

דאַגני קילאַנד איז פֿאַר אים דאָס, וואָס די פֿאַרקערפּערונג אָדער סימבאָל פֿון פֿרוי דאַרף זיין, דאָס, וואָס זי איז אַלעגאָל געווען און וועט אַלעמאָל בלייבן. זי איז אייגנטלעך דאָס, וואָס דער מענטש בכלל איז,

נעמלעך, טייוול און מלאך צוזאַמען, נישט מער, וואָס אין איר ראָל פון עראָטישער און אַלערליי אַנדערע פּאַסיווקייטן אין קעגנזאַץ פון דעם מאַנס אַקטיווקייטן, מוז אין דעם ברען פון דעם ליבע-פייער, וואָס צינדט אָן אַלע ווינקלען פון דער נשמה אויף איין מאָל, אַרויסטרעטן צום שאַרפסטן און צום שטאַרקסטן דער קאָנטראַסט פון גוט און שלעכט, פון נידעריק און הויך, מיאוס און שיין — — דער קאָנטראַסט צווישן טייוול און מלאך, דער קאָנטראַסט צווישן דעם חיהשען און דעם געטלעכן.

און דערפאַר איז אין די מאָמענטן, ווען נאַגל טראַכט וועגן באַגיין זעלבסטמאָרד, פאַראַן אויך דער מאָמענט, ווען ער רעדט נישט צו דאַגנין דעם מ ל א ך, ווי מיר האָבן פריער געזעען, נאָר צו דאַגנין דעם ט יי ו ל — צו דער דאַגני, וועלכע נישט קענענדיק אַליין אים האָבן, צוליב איר ליבע און פאַרקנסטקייט צום לייטענאַנט, וויל אָבער נישט צוליב איר אומבאַוואוסטער צו זיך אַליין פאַרליבטקייט, און אפשר גאָר שטאַרקער פאַרליבטקייט אין נאַגלען, וויל נישט בשום אופן, אַז וועלכע עס איז אַנדערע פרוי זאָל אים האָבן.

צו דערדאָזיקער דאַגני, וועלכע איז אין איר אונטערבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט שלעכט ביז צו פאַרברעכערישקייט, צו איר רעדט דאָס נאַגל, אָדער עפּעס אין נאַגלען, רייד ווי די פאָלגנדיקע: „דאַגני, איך האָב דיך ליב, דו ביסט מיר אומעטום געשטאַנען אין וועג, איך האָב נישט ליב דיין נאָמען, ער רייצט מיך, איך פאַרדריי אים און רוף דיך דאַנגני, און שטעק אַרויס די צונג דערביי. אין נאָמען פון קריסטוסן, הער מיך אויס! ווען די שעה וועט שלאָגן, וועל איך קומען צו דיר און איך וועל זיין טויט, איך וועל זיך דיר באַווייזן אויף דער וואַנט פון דיין חדר מיט אַ פּנים, ווי דעם יינגל-קרייץ, און איך וועל דיך פאַרפאָלגן אַלס סקעלעט, אַרומטאַנצן אַרום דיר אויף איין פוס און פאַראַליזירן דיינע הענט, ווען איך וועל דיך אָנרירן. איך וועל דאָס טון, איך וועל עס טון! זאָל מיך גאָט אָפּהיטן פון דיר אין אַלע צייטן, דאָס הייסט, אַ כאָליערע זאָל דיך נעמען, דאָס ווינטש איך דיר פון גאַנצן האַרץ".

דאָס איז די טייוולשע זייט פון דער ליבע — דערהויפּט פון דער ליבע, וועלכע האָט נישט געהאַט די געלעגנהייט און די מעגלעכקייט

אַריינצוּוואַקסן אין דויערהאַפטער פריינטשאַפט און חברשאַפט, און צו לאָזן אַזעלכע פון זיך אַרויסוואַקסן און זיך אַנטוויקלען. די ריין פון פריינטשאַפט און חברשאַפט ליבע, די ליבע, וואָס שניידט דורך, פאַרכאַפּט און פאַרברענט ווי אַ בליץ, איז אַ סך אַ גינסטיקערער באָדן פאַר דער אַ־ויסשיסונג פון מיסטעריען, ווי די ליבע, וואָס איז געקנעטן און אָר־גאַניש פאַ־בונדן מיט חברשאַפט און פריינטשאַפט. אַזאַ ליבע האָט אין זיך מער פרימיטיווקייט, ווילדקייט און אינטענסיווקייט, און ווי אַזעלכע, איז זי, ווי יעדע ווילדע, פרימיטיווע און אינטענסיווע קראַפט, מער מסוגל צו שטויסן מיט אַ גרעסערן אימפעט אין די נידעריקסטע גרונטן אַזוי גוט ווי אין די העכסטע הויכן. זי איז מער דער צ־נויפטרעף־פונקט פון דעם נידעריקסטן און דעם העכסטן און פון אַלערליי אַנדערע עקס־טרעמען און קאָנטראַסטן. ווי אַזעלכע פירט זי גיכער צו אַלערליי גע־ראַנגלען, וואָס דורך זיי שלאָגן זיך דורך אַלערליי מיסטעריען אַזוי גוט, ווי פון די מיסטעריען שלאָגן אַרויס אַלערליי געראַנגלען.

אַזעלכע און נישט קיין אַנדערע ליבעס צו שילדערן איז קנוט האַמסון בכלל דער מייסטער פאַר עקסעלענץ, און בפרט נאָך אין אַ ווערק, וואָס טראָגט דעם בפירושדיקן נאָמען „מיסטעריען".

און די „מיסטעריען" הייבן זיך אָן מיט דער מיסטעריע פון נאַגלס קומען אין דער שטאָט, אין וועלכער, די פון אַלעמען געליבטע דאַגני קילאַנד איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן.

ווער און וואָס האָט אים געבראַכט אַהער ? פרעגן מיר, לייענענ־דיק אַ היפּשע צאָל זייטלעך, און מיר קריגן נישט קיין ענטפער נישט פון נאַגלען און נישט פון האַמסונען, ביז מיר קומען נישט צום שמועס, וואָס האָט זיך פאַרפירט צווישן זיי — צווישן נאַגל און קילאַנד — אָט דעם שמועס, וואָס „האָט געדויערט די גאַנצע צייט אין וואַלד, ווי פאַ־מעלעך זיי זענען נישט געגאַנגען פון ענין צו ענין, פון שטימונג צו שט־מונג, מיט דער גאַנצער אומרואיקייט, וואָס האָט זייביידע דורכ־גענומען".

אין דעמדאָזיקן שמועס זאָגט נאַגל : „איר האָט געטראַכט וועגן מיר ? באמת ? אָבער איך האָב דאָך אַ סך, אַ סך מער געטראַכט וועגן אייך, פריילין. איך האָב שוין געוואוסט פון אייך נאָך איידער איך בין געקומען אַהער, איך האָב געהערט אייער נאָמען אויף דער שיף.

על פי צופאַל האָב איך אים געהערט, איך האָב זיך צוגעהערט צו אַ שמועס, און איך בין געקומען אַהער דעם 12-טן יוני, דעם 2-טן יוני — —"

בלויז דער נאָמען אַלזאָ, בלויז דער קלאַנג דאַגני קילאַנד, פאַר-אינטערעסירט נאַגלען, און דערצו נאָך אויף די פאָנען, מיט וועלכע די שטאָט איז באַהאַנגען, ווען זיין שיף גייט פאַרביי דערדאָזיקער שטאָט. די פאָנען זענען עס געווען לכבוד דער פאַרקנסונג צווישן פרייליין דאַגני קינלאַנד און לייטענאַנט האַוסען. באַלד אָבער ווי נאַגל טרעט אַריין אין שטאָט, פאַראינטערעסירט אים אויך דער טויט פון איינעם אַ קאַרעלסען. דער טויט פון קאַרעלסען פאַראינטערעסירט אים דערפאַר, וואָס עס איז אַ סברה אַ טויט, וואָס אים האָט קאַרעלסען אַליין גורם געווען, און גורם געווען האָט ער אים טאַקע צוליב דער זעלביקער דאַגני קילאַנד. געבראַכט האָט ער אויף זיך דעם טויט מיט אַ מעסערל, וואָס האָט געהערט צו דאַגני קילאַנד. אַז דאָס איז אַזוי, האָט עדות געזאָגט אויף דעם דאָס צעטעלע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט, אַ צעטעלע מיט די פאָלגנדיקע שורות: „הלוואי וואָלט דיין שטאָל געווען אַזוי שאַרף, ווי דיין לעצטער ניין".

דעם 12-טן יוני אַלזאָ גייט קאַרעלסען אַראָפּ פון דער בינע, און זיין אָרט פאַרנעמט יאָהאַן נילסען נאַגל. ער ווערט פון שיקזאַל גע-בראַכט אַהער צו וועבן ווייטער די מיסטעריע פון ליבע, לעבן און טויט — די מיסטעריען, וועלכע פייניקן די נשמה, אָבער ראַטעווען זי דערפאַר פון פאַרפלאַכונג.

די שטאַרקייט און גרויסקייט פון ווערק „מיסטעריען" ליגט דער עיקר אין דער שיינקייט און טיפקייט, מיט וועלכע האַמסון מאָלט די מעכ-טיקייט פונם שיקזאַל און די שרעקלעכע אומברחמנותדיקייט, מיט וועל-כער ער פייניקט די טיפערע נשמות, וועלכע טראָגן די פיינען און יסורים מיט ליבשאַפט צוליב דער זעליקייט, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די קנייטשן און פאַלדן פון אַזעלכע פיינען און יסורים. דאָס איז אַ זעלי-קייט, וואָס פאָרט זיך אַמאָל מיט גליק און אַמאָל מיט אומגליק, און איןביידע פאַלן פאַרשאַפט זי נישט דאָס, וואָס מענטשן פאַרשטייען געוויינ-לעך אונטער פאַרגעניגן און פרייד.

דאָס איז דער זין פון נאַגלס ווערטער צו דאַגנין נאָך אַ געוויסן

ליידנשאַפטלעכן אויסברוך פון זיינע געפילן צו איר — אַ זין, וואָס זי האָט מסתמא נישט פאַרשטאַנען אַזוי גוט, ווי אַ סך לייענער פון „מיס-טעריען" וועלן אים נישט פאַרשטיין. נאַגל זאָגט צו איר:

„איר מוזט פאַרשטיין, אַז איך ווער באַהערשט פון אַ מאַכט, וואָס קומט פון אייך, וואָס איך קאָן נישט בייקומען, און עס איז דאָך נישט אינגאַנצן מיין שולד, וואָס איך האָב אייך דאָ געטראָפן אויף מיין וועג. זאָל גאָט געבן, איר זאָלט קיינמאָל נישט וויסן פון אַזאַ פיין, ווי די, וואָס איך לעב איצט איבער".

אייגנטלעך איז נישט נייטיק געווען נאַגלס גאָט-בעטן, אַז דאַגני זאָל נישט קומען צו אַזאַ פיין: נישט דאַגני קילאַנד, נישט אַ סך אַנדערע מענטשן זענען מסוגל דורכצולעבן אַזאַ פיין, וועלכע עס לעבן דורך נשמות פון נאַגלס טיפ. די קוואַליטעט פון שיקזאַלס פיין און פרייד איז אָפהענגיק פון דער קוואַליטעט פון דער נשמה, וואָס איינער פאַרמאָגט. די וועלט נאַטירלעך, אַזוי דאַכט זיך מיר, וואָלט געווען אַ סך אַ בעסערע און אַ שענערע, ווען מער נשמות וואָלטן מסוגל געווען צו וויסן און פילן די פיין, וואָס נאַגל האָט איבערגעלעבט.

און דער שיקזאַל האָט געפירט דערצו אַלזאָ, אַז נישט נאָר דער קלאַנג פון נאָמען דאַגני קילאַנד זאָל מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף נאַגלען, נאָר אַז אויך איר פנים זאָל מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אים. זיינע ערשטע ווערטער, ווען ער טרעפט זיך מיט איר, זענען — „דער טייוול זאָל נעמען אייער קלאָר פנים, אויב עס האָט נישט געמאַכט אויף מיר דעם שטאַרקסטן איינדרוק!"

שוין גלייך אין ערשטן צונויפטרעף מיט דאַגנין האָט נאַגל אינטואיטיוו דערפילט ווי צו טון ביידע זאַכן: אי זי צו שעלטן, אי זי צו בענטשן — צו שעלטן פאַר די ליידן און פיינען, דערנידעריקונגען און באַליידיקונגען, וואָס דאָסדאָזיקע קלאָרע איינדרוקספולע פנים וועט אים פאַרשאַפן, און זי בענטשן פאַר די מינוטן און שעהן פון דערהויבנקייט און זעליקייט, וואָס נאָר אַ פרוי, וועלכע מען ליבט, ווי אַ נאַגל קען ליבן, איז בכוח צו געבן, און וואָס נאָר אַ קינסטלער ווי האַמסון קען עס אַזוי אייגנאַרטיק באַשרייבן. וועגן צען שעה פון אַזאַ דערהויבנקייט און זעליקייט דערציילט נאַגל אויף דעם פאָלגנדיקן אופן:

„פון דער פרי אָן, זינט איך בין אויפגעשטאַנען פון שלאָף, צען

שעה נאָכאַנאַנד, בין איך אַרומגעגאַנגען מיט די שענסטע חלומות. שטעלט זיך פאָר, איך ווער ממש פאַרפאָלגט פון דמיון, אַז איך געפין מיך אין אַ שיפל פון שמעקנדיק האָלץ מיט אַ זעגל פון העל-בלויען זייד, וואָס איז אויסגעשניטן אין דער פאָרם פון אַ האַלבער לבנה. איז עס נישט שיין? דער טייערער ריח פון שיפל לאָזט זיך נישט איבערגעבן אין ווערטער — — — מיר קומט פאָר, ווי איך וואָלט געוועז אויפן ים און געכאַפּט פיש מיט אַ זילבערנער ווענטקע".

און ווי גערעכט עס איז געווען נאַגלס אינטואיטיוו געפיל, וואָס האָט אים געלאָזט באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט דאַגנין אויסשרייען: דער טייוול זאָל נעמען אייער קלאָר פנים, ווי גערעכט די אינטואיציע איז געווען אין איר דערפילן נישט קיין גאָר קלאָרע נשמה אונטער דעם קלאָרן פנים, זעען מיר פון נאַגלס ווערטער אין די מאָמענטן, ווען ער איז אַנטשלאָסן אַריבערצוטראָגן זיך מיט אַלע געפילן אויף יענער וועלט, איבערלאָזנדיק דאַגנין אויף דער וועלט. מיט טיפן ווייטיק און צער שרייט נאַגל אויס:

„וואָס פאַר אַ כוח זי האָט דאָס אָט די דאַגני! ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען יענעם מענטש נעבעך, וואָס האָט נישט געוואָלט לעבן אָן איר, דעם, וואָס מיטן שטאָל און מיטן לעצטן ביין. ער האָט זיך שוין גאָרנישט געוואונדערט אויף אים, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, דער אומגליקלעכער, און וואָס האָט ער דען געהאַט צו טון? — — ווי אירע בלויע, סאַמעטענע אויגן וועלן עס פינקלען, ווען איך וועל אויך אַוועקגיין מיט דעמזעלביקן וועג! אָבער איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב אויך דערפאַר! נישט נאָר צוליב דיינע גוטע מידות, נאָר אויך צוליב דיין רשעות, דו מאַטערסט מיך אַזוי מוראדיק מיט דיין אויסגערעכנטקייט, ווי קענסטו גאָר אויסהאַלטן, וואָס איך האָב מער ווי איין אויג? דאָס אַנדערע וואָלסטו געדאַרפט ביי מיר צונעמען, יאָ, ביידע מיטאַמאָל, דו וואָלסט נישט געדאַרפט פאַרטראָגן, וואָס איך גיי רויק אַרום איבער דער גאַס און איך האָב אַ דאַך איבערן קאָפּ. דו האָסט מיר צוגענומען מאַרטען, נאָר איך האָב דיך פאָרט ליב, און דו ווייסט, אַז איך האָב דיך ליב, נישט געקוקט אויף קיין זאַך, און לאַכסט און דו חוזקסט דערפון, און אויך דערפאַר האָב איך דיך ליב, ווייל דו לאַכסט און חוזקסט. וואָס ווילסטו נאָך? איז דאָס נישט גענוג? דיינע ווייסע, לאַנגע הענט, דיין

שטים, דיינע העלע האָר, דיין גייסט און דיין נשמה האָב איך ליב מער פאַר אַלץ אין דער וועלט, און איך קאָן זיך נישט שיצן דערפון און איך ווייס נישט ווי זיך צו העלפן, זאָל מיר גאָט העלפן!"

אָבער גאָט העלפט נישט נאַגלען. נאַגל בלייבט שקלאַף צו דער, וואָס ליבט אים נישט גענוג אויף צו האָבן אים פאַר זיך, נישט געקוקט אויף אַלע מניעות אין דער וועלט, און וואָס האָט אים שטאַרק גענוג ליב — שטאַרקער ווי זי אַליין ווייסט עס — גענוג ליב אויף נישט צו דערלאָזן ער זאָל זיין אָדער ווערן עמעצן אַנדערש. נאַגל בלייבט שקלאַף צו דער, וואָס פייניקט אים. ער איז גרייט צו קושן דאָס מויל, וואָס לאַכט און חוזקט פון אים, און די פיס, וואָס וואָלטן זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף צו טרעטן אויף אים. „דער ווינט רוישט אין וואַלד, דער רעגן הערט נישט אויף צו גיסן, ווייטער אַרום איז אַלץ טויט און שטיל! ער פליסטערט צו זיך אַליין אַ פאָר ווערטער, אַ נאָמען, ער זאָגט: דאַגני, דאַגני. ער שווייגט און זאָגט דאָס נאָכאַמאָל. ער רעדט און זאָגט דאַגני מיט אַ הילכיקער שטימע. זי האָט אים באַליידיקט היינט, האָט אויסגעגאָסן איר גאַנצן חוזק, איר גאַנצע פאַראַכטונג אויף זיין קאָפּ. ער פילט נאָך איצט אַזוי דייטלעך יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט אים געוואָרפן אין פנים אַריין, און נישט געקוקט אויף דעם, שטייט ער דאָ און רעדט פון איר, ער פאַלט אַנידער אויף די קניען לעבן בוים, ער נעמט אַרויס זיין טאַשן-מעסערל, און אין דער פינסטער שניידט ער אויס איר נאָמען אויפן שטאַם פון בוים — — — בייגט זיך אָן און טוט אַ קוש דעם נאָמען".

דאָס איז דער נאָמען, וואָס מאַכט אים ציטערן פאַר פרייד, דאָס איז דער נאָמען, וואָס ער וואָלט געוואָלט הערן כסדר און אָן אויפהער, הערן ווי מען רופט מיט אים אָן מענטשן און חיות און אַלע בערג און אַלע שטערן. און עס איז אָט דאָסדאָזיקע געפיל פון קנעכטשאַפט. עס איז אָט דידאָזיקע איבערוועלטיקונג פון איין געפיל — דאָס ליבע-געפיל איבער אַלע אַנדערע געפילן, אַריינגערעכנט אפילו דאָס געפיל פון זעלבסט-אַכטונג — עס איז די איבערוועלטיקונג פון אַ געפיל ביז צו דער פאַרניכטונג פון דער פערזענלעכקייט אין דעם ווען מענטש — עס איז אָט דידאָזיקע איבערוועלטיקונג, אָט די פאַרלוירנקייט ביז צו דעגראַדאַציע, וואָס האָט געמאַכט נאַגלען אַזוי גוט צו דערקענען, אַזוי גוט

אַריינלעבן זיך און אַזוי אינטים ווערן מיט דעם צווייטן נאָך נאַגלען וויכטיקן העלד פון די „מיסטעריען". דאָס איז דער העלד, וואָס זיין נאָמען אַליין רעדט שוין וועגן זיין נישטיקייט און קליינלעכקייט, דאָס איז דער העלד מ נוט.

## ב.

ווער איז אייגנטלעך מינוט? איבסען אויך דער פראַגע, ווער איז בראַנד, האָט געענטפערט: דאָס איז איבסען אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן. מינוט איז נישט נאָר האַמסון אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן, נאָר ער איז יעדער מענטש אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן, אָדער אין געוויסע שייכותן צו איינעם אָדער אייניקע מענטשן. און ווי נאַגל האָט דורך זיין פאַרשקלאַפטקייט צו דאַגני, ווי בכלל אפשר צו די פיש, וועלכע ער האָט געפאַנגען אין זיין זילבערנער ווענטקע, דער־פילט מינוטן אין זיך, דעם צווייטן איך זיינעם אפשר — פונקט אַזוי האָט דער זעלביקער נאַגל דורך דער פרוי בכלל און דורך דאַגנין בפרט דערקענט דעם לאַנדריכטער ריינערט, וועלכער האָט אויף אַ בעסטיאַלן אוממענטשלעכן אופן געפייניקט מינוטן.

דאָס איז, ווי איך פאַרשטיי, דער טייטש פון דעם חלום, וואָס נאַגל דערציילט אין דער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס געפינען זיך אויך אי דאַגני, אי ריינערט. מיט דעם דערציילן דעם חלום רעכנט ער ער זיך אָפּ מיט זיך אַליין און מיט אַנדערע אויף אייביק און אייביק.

דורך דעמדאָזיקן חלום האָט קנוט האַמסון אויף אַ סימבאָלישן אופן אַרויסגעבראַכט די לינקע זייט, די נידעריקע זייט נישט נאָר פון דעם אייביק ווייבלעכן און אייביק מענלעכן, נאָר אויך פון דעם אייביק מענטשלעכן. ער האָט אַרויסגעבראַכט דאָס אייביק חיהשע, דאָס שקלאַפּישע און דאָס ברוטאַלע אין דעם מענטש, וואָס וועט אים אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן אויך נאָכגיין און אַריינגעוועבט ווערן אין זיין געשטאַלטונג פון איבערמענטש — זי וועט אים נאָכגיין, ווי די

נאַכט גייט נאָך דעם טאָג און די פינצטערניש דער ליכטיקייט, וואָס זיי קאָן זיך אונזער פאַנטאַזיע נישט מאָלן איינס אָן דעם אַנדערן.

„נאַגל“ — ווי ער אַליין דערציילט — „האָט געזעען אין חלום אַ וויטן, ברייטן זומפּ, אָן ביימער, נאָר מיט אַ מאַסע בוים־וואָרצלען, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אומעטום, ווי מאָדנע פאַרדרייטע שלאַנגען — עפּעס אַ מענטש, אַ חסר־דעה, איז אַרומגעגאַנגען צווישן אָט די קרומע וואָרצלען — — איך בין געלעגן אונטער אַ שטיין, און איך האָב געשריגן צו אים — — האָב איך ווידער אַ געשריי געטון, כּדי אים צו צערייצן. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר שריט צו מיר, געעפנט דאָס מויל, ווי ער וואָלט געוועזן גרייט צו בייסן, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. די וואָרצלען האָבן זיך אויפגעהויבן ווי טורעמס און אים פאַרשטעלט דעם וועג, זיי האָבן אים אַראָפּגעדריקט צו דער ערד, די וואָרצלען, און ער האָט נישט געקאָנט קיין טריט טון“.

נאַגל בייט דאָ אין זיין דערציילן דעם חלום די יוצרות: דער מענטש, דער חסר־דעה, אין וועמען ער דערקענט צום סוף חלום מינוטן, מיינט זיך אַליין, נאַגלען, צו וועמען פון אונטער אַ שטיין ערגעץ־וואו רופט דאָס אייביק־ווייבלעכע, איצטיקס מאָל אין דער געשטאַלט פון דאַגני קילאַנד, וועלכע איז אַ פאַרקנסטע און וועלכע ליבט נאַגלען, אויב זי ליבט אים בכלל, אַ סך ווייניקער, ווי ער ליבט זי און דערפאַר איז זי זיגרייך און אומאָפּהענגיק. זי רייצט זיך עס מיט אים. אָבער ווען דער זעלבסט־רעספּעקט פאָדערט זיך אַ וואָרף צו טון אויף איר און פאַר דעם רייצן זיך און באַליידיקן אים, זי ביז בלוט אַ ביס צו טון, טוען זיך אַ הייב אויף ווי טורעמס נישט די ביימער, וואָס צו זיי קומען צו בייטאָג די שטראַלן פון דער זון מיט זייער שאַרפער ליכטיקייט און וואַרעמקייט און ביינאַכט די ווייכע און מילדע ליכטיקייט און לויטערקייט פון דער לבנה — נאָר עס טוען זיך אַ הייב ווי טורעמס די וואָרצלען, וואָס ווייסן בלויז פון דער האַרטקייט און דער פינצטערקייט פון דער ערד. דידאָזיקע וואָרצלען סימבאָליזירן די פּרימיטיווקייט, ווילדקייט און די אור־אַלטיקע פינצטערניש אין דעם ליבע־געפיל. דאָסדאָזיקע געפיל טוט עס זיך אַ הייב אויף, פאַרשטעלט דעם וועג צו די אָנשטרענגונגען פון דעם העכערן אין דעם מענטש, צו די שטרעבונגען פון דער פּערזענלעכקייט אין דעם מענטש. דאָסדאָזיקע געפיל דריקט און בייגט

צו דער ערד און לאָזט זיך נישט קיין ריר טון, און דעם קאָפּ אויפצוהייבן אוודאי נישט.

און אַלץ, וואָס נאַגל זעט אין חלום מינוטן טון צו אים, דערמאָנט אין אַלע איינצלהייטן אַלץ, וואָס נאַגל האָט געטון, אַלץ ווי נאַגל האָט געהאַנדלט בנוגע צו זיין האַרין און הערשערין איבער אים — דאַגני קילאַנד. און אַלץ ווידער, וואָס נאַגל טוט צו מינוטן, דערמאָנט אין אַלע פּרטים דאָס, וואָס דאַגני האָט געטון צו נאַגלען, וואָס איז זייער ענלעך צו דעם, וואָס דער לאַנדריכטער האָט געטון, גלאַט אַזוי צוליב שפּאַס און שפּאַסיקן וואוילגיין, צו מינוטן.

„ער מינוט הייסט דאָס — אַזוי ציט ווייטער נאַגל זיין חלום — האָט אָנגעהויבן אַזוי ביטער צו קרעכצן — — זיינע אויגן זענען פאַר ווייטיק ממש אַרויסגעקראָכן פון די לעכער — — בין איך אויפגעשטאַנען — — זיך געוויזן פאַר אים אין מיין גאַנצער גרויס און זיך גערייצט מיט אים — — — איך בין נענטער צו צו אים, כּדי אים פּייניקן ביז בלוט — — ער האָט זיך צעבלוטיקט, זיך צעשלאָגן דאָס פּנים — — ס'איז געווען פאַרקרימט פון מוראדיקע יסורים צוליב דעם, וואָס ער קאָן מיך נישט כאַפּן. — — איך בין צוגעגאַנגען נאָך נענטער צו אים, און איך האָב געקנאַקט מיט די פינגער אין זיין נאָז, און מיט דעם שרעקלעכסטן חוזק האָב איך געמאַכט: טי-הי-היהי-הי. כ'האָב אים געוואָרפן אַ בוים-וואָרצל, אים געטראָפן גלייך אין מויל אַריין".

אָט אַזוי, יאָ, אָט אַזוי איז דער מענטש, מאַן אָדער פרוי, אין די מאָמענטן, ווען דאָס אוממענטשלעכע, דאָס בעסטיאַלע שטאַרקט זיך איבער דעם מענטשלעכן, איבער דעם געטלעכן אין דעם מענטש, און אָפטער פון אַלץ קומען אָט די שרעקלעכע מאָמענטן אין די באַציאונגען צווישן ער-און-זי-מענטש. און זיי קומען, אָט די מאָמענטן, טאַקע צוליב אָט דער געוויסער האַרמאָנישקייט, צוליב דער געוויסער גאַנצקייט, וואָס קאָן נישט קומען צו שטאַנד אַנדערש ווי דורך דער ער-און-זי-באַהעפטונג. זיי קומען פאַר צוליב די קעגנזייטיקע פיזישע און גייסטיקע דערגענצונגס-מעגלעכקייטן, וואָס ער טראָגט אין זיך פאַר איר און זי פאַר אים. דידאָזיקע דערגענצונגס-מעגלעכקייטן דערקלערן די שרעקלעכע אָפּהענגיקייט פון איינעם און דעם אַנדערן. און אַזאַ אָפּהענגיקייט קאָן פירן צו אַ רעאַקציע פון אַ מינוט סיי מצד דעם מאַן, סיי מצד דער פרוי,

ווען געוויסע באַציאונגען צווישן זיי דערגרייכן אין זייער נישט־גלאַטקייט אַ געוויסן קולמינאַציאָנס־פּונקט.

ווי ענטפערט מינוט אויף די טאַטן און די האַנדלונגען פון נאַגלען צו אים, וואָס דאָס מיינט אין דעם פאַל טאַטן און האַנדלונגען פון פריילין דאַגני קילאַנד אָדער. לאַנדריכטער ריינערט?

„ער — אַזוי וועבט זיך ווייטער דער חלום, דאָס הייסט מינוט — האָט זיך אַ וואָרף געטון פאַר מיר און געקושט די ערד, וואָס איך האָב געטרעטן, אַ צעבלוטיקטער, אַ צעהרגעטער איז ער געלעגן פאַר מיר אויף די קני און האָט מיר געדאַנקט, דערפאַר, וואָס איך בין גוט צו אים — — כ'האָב געפרעגט: פאַרוואָס קושסטו דווקא די ערד, וואָס איך בין געגאַנגען א יף איר? ווייל זאָגט ער — ווייל מיין מויל בלוטיקט, און איך וויל נישט פאַראומרייניקן דיינע שיך! דעמאָלט זאָג איך ווי־דער: אָבער פאַרוואָס דאַנקסטו מיר, נאָך דעם, וואָס איך האָב דיר שלעכטס געטון און דיר אָנגעטון אַזוי פיל יסורים? איך דאַנק דיר, האָט ער געענטפערט, דערפאַר, וואָס דו האָסט מיך נישט נאָך מער געפיי..יקט.

נאַגל זעט דאָ אין חלום מינוטן טון צו אים און האַנדלען בנוגע צו אים אַ וי שקלאַפיש, אַזוי דערנידערנדיק, ווי ער, נאַגל, האַנדלט צו דאַגנין. מינוט ווי נאַגל, און נאַגל ווי דאַגני, און דאַגני ווי די פאַר־שלייערטע דאַמע, וואָס קומט צו נאַגלען מאָנען פון אים זיין אַמאָליקע ליבע צו איר — אַלע, אַלע זענען זיי אינם ווערק „מיסטעריען" סימבאָ־לישע פיגורן. יעדער איינער אויף זיין אופן איז אַזוי ווי מענטש איז געוועזן, איז און וועט זיין אין געוויסע מאָמענטן אונטער אַזעלכע אָדער אַנדערע אומשטענדן. איינער וועט זיין מער, דער אַנדערער ווינציקער, אָבער יעדער איינער וועט עפּעס זיין דערפון אונטער אַ צוטויפשטויס מיט אומשט::נדן און מענטשן, וואָס וועלן אַרויסרופן מער אָדער ווייני־ניקער ענלעכע נשמה־צושטאַנדן. און אויב אַפילו זיי וועלן נישט טון דאָסזעלביקע, נישט האַנדלען אויף דעמזעלביקן אופן, וועלן זיי אָבער פילן דאָסזעלביקע אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער גראַד. דאָס איז אפשר, וואָס דער קינסטלער טוט אַלעמאָל: ער לאָזט זיינע העלדן אַרויס־ברענגען אל הפּועל אַלץ דאָס, וואָס ליגט אין זיין אייגענער נשמה בכּוח. ער לאָזט זיי דורכפירן טאַטן און האַנדלונגען אין לעבן, וואָס ער האָט

אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן אַ דערפיל געטון, ווי צו טון און האַנדלען.

און ווען נאַגל שמועסט זיך איינמאָל אַ געוויסן אָוונט דורך פאַר שעהן לאַנג מיט מינוטן, און וואָס מער שיכּורלעך נאַגל ווערט, דערציילט ער א״ם אַלץ מער, וואָס עס טוט זיך ביי אים אונטער די נעגל, אַזוי צו זאָגן, פון זיין נשמה — דערפילן מיר ווי דאָס וואָלט געווען אייגנטלעך אַ שמועס צווישן נאַגלען מיט נאַגלען, דאָס הייסט צווישן נאַגלען דעם באַוואוסטזיניקן, דענקענדיקן און לאָגישן טייל פון מענטש, מיט נאַגלען דעם אונטערבאַוואוסטזיניקן, איראַציאָנעלן תוהו־ובוהודיקן טייל פון מענטש. דער ערשטער טייל מאַטערט זיך ביז גאָר צו דערגרונטעווען דעם אַנדערן, זיי ווילן זיך איינער דעם אַנדערן דערקענען.

נאַגל זאָגט צו מינוטן, וואָס דאָס מיינט, ווי איך טייטש אויס, צום נאַגל נומער צוויי: „האַ האַ! איך רעד וועגן אַ „מענטשלעכער נשמה״, מוז אייך שוין זיין קלאָר, אַז איך האָב גאָר נישקשהדיק אין קעפּל, נישט אמת? מילא, אָבער איך וועל עס אייך אויסטייטשן, ווי ווייט עס וועט זיך לאָזן: איך באַמערק אפילו אַ גאַנץ דינעם אונטערטאָן אין דער שטים פון דעם, וואָס איך רעד מיט אים. איך האָב אַן אומגלויבלעך גוטן געהער. אַז איך רעד מיט אַ מענטש, דאַרף איך אים נישט אָנקוקן, כּדי ריכטיק צו פאַרשטיין, וואָס ער זאָגט, איך הער תּיכּף ומיד, צי ער האַקט אַ טשייניק, אָדער דערציילט מיר אַן אמתע זאַך, ווי עס דאַרף צו זיין. די שטים פון אַ מענטש איז אַ געפערלעכער מעכאַניזם. הערט, וואָס איך רעד צו אייך, איך מיין נישט דעם ממשותדיקן קלאַנג פון דער שטים, דעם, וואָס איז פאַראַן, ניין, איך מיין דאָס מיסטעריעזע, דאָס פאַרבאָרגענע, וואָס ליגט הינטער אַלעמען, די וועלט, וואָס פון איר גייט די שטים אַרויס.. איבעריקנס, מעג זי גיין צום טייוול, אָט די וועלט, וואָס ליגט פון הינטן! איר הערט, ס׳וואָלט געווען גוט און וואויל, ווען איר נעמט אויך אַ גלעזל, איך קאָן גאָרנישט באַגרייפן, ווי איר קאָנט דאָ אַזוי זיצן מיט אַ טרוקענעם האַלז״.

אין כּעס איז נאַגל אויף דער וועלט, וואָס ליגט פון הינטן, וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך אַ כּעס אויף דעם איראַציאָנעלן, וואָס שטויסט און טרייבט צו געפילן, האַנדלונגען און טואונגען, וואָס קאָנען זיך נישט אַריינפּאַסן אין דער ראַם פון ראַציאָנעלן, וועלכעס איז אַלעמאָל שמע-

לער און זייער אָפּט פֿלאַכער פֿאַר דעם איראַציאָנעלן. און ווען נאַגל דערציילט מינוטן וועגן זיין שרעקלעכער, אַלע גרעניצן איבערשטייגנדיקער, אַלע ברעגן אַריבערפֿליסנדיקער ליבע צו קילאַנד, און ווען ער דערציילט אים אַלץ דאָס, אויף וואָס ער, נאַגל, איז קאַפּאַבל צו גיין צוליב דער ליבע, פֿילן מיר אויך, אַז דאָס דערציילט נאַגל אָט די אַלע זאַכן נישט קיין אַנדערן, ווי זיין אייגענעם זעלבסט. נאַגל רעדט דאָס פֿאָלגנדיקע צו מינוטן וועגן זיין באַציאונג און האַנדלונג צו דאַגני קילאַנד: „איך וואָלט געוועזן בכּוח צוצוגיין צו איר אויף דער גאַס, און פֿאַר מענטשן אין די אויגן איר זאָגן: אַ גוטמאָרגן אייך, פֿריילין, איך גראַטוליר אייך צוליב דעם ריינעם העמד! יאָ, איר האָט שוין אַמאָל געהערט אַזעלכעס? אָבער איך וואָלט עס געקאָנט זאָגן. וואָס איך וואָלט געטון דערנאָך — — צי איך וואָלט אַנטלאָפֿן אַהיים און זיך אויסגעוויינט, אָדער איך וואָלט גענומען אַ פֿאָר טראָפּן פֿונם פֿלעשל, וואָס איך טראָג ביי מיר אין וועסטל־קעשענע — דאָס איז אַ זאַך פֿאַר זיך. יאָ, יאָ, אָבער אַזעלכע זאַכן קאָן באַווייזן די מענטשלעכע נשמה! ווייסט איר, אַז איך וואָלט געקאָנט אין אַ שיינעם טאָג, בעת איר פֿאָטער, פּאַסטאָר קילאַנד, האַלט זיין דרשה, דורכגיין די גאַנצע קירכע און זיך אָפּשטעלן לעבן פֿריילין קילאַנד און איר זאָגן די חוצפּהדיקסטע ווערטער, נאָר צוליב דעם, כּדי זי זאָל רויט ווערן פֿון חרפּה, און דערנאָך איר פֿאַלן צו די פֿיס און זיך בעטן ביי איר, זי זאָל מיך באַגליקן מיט דעם, וואָס זי וועט מיר אָנשפּייען אין פּנים אַריין".

אָט אַזוי רעדט דאָס נאַגל צו מינוטן, איז דאָס דען נישט קלאָר, אַז דאָס דערציילט אינדערהייך נאַגל זיך אַליין, נאַגל דערציילט דעם ראַציאָנעלן טייל זיינעם, אויף וואָס זיין איראַציאָנעלער טייל, אין דעם פֿאַל — פֿון שטאַנדפּונקט פֿון ראַציאָ — דער שקלאַפֿישער, דער ווערימדיקער טייל, וואָלט געוועזן פֿעיק צו טון, און ווער ווייסט אויב ער וועט דאָס נישט טון ביי דער ערשטער מעגלעכקייט און פֿעיקייט.

מינוט אַלזאָ איז דער סימבאָל פֿון דער שקלאַפֿישקייט און פֿאַרלוירנקייט פֿון דער פּערזענלעכקייט אין דעם מענטש — אַ שקלאַפֿישקייט און פֿאַרלוירנקייט, וואָס קומט פֿון אַן איבערוואָג און אַן איבערוועלטיקונג פֿון אַ שאַרף אין דער ערד פֿאַרוואָרצלט געפֿיל — אַ געפֿיל,

װעלכער איז נישט גענוג געזאָפּטיקט און נישט גענוג געװאָרעמט גע־װאָרן פֿון אַלץ דעם, װאָס קומט פֿון די הויכע הימלען.

אויב נאַגל קושט נישט די שיך, מיט װעלכע דאַגני איז גרייט צו טרעטן אויף אים, קושט ער אָבער יאָ דאַגניס טאַשן־טיכל, װאָס איז איינגעשמירט אין בלאָטע און װאָס זי האָט דאָס, װי נאַגל דענקט, אוי־מישנע געלאָזט אַראָפּפֿאַלן, כּדי אים צו מאַטערן, כּדי פֿון אים צו חוזקן. „נאַגל באַשליסט ביי זיך — שרייבט האַמסון — אַז דאָס װיל זי אים שטעלן פֿאַר אַ נסיון, איר כּעס האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט. זי װיל אים צװינגען אויפֿצוהייבן דאָסדאָזיקע טאַשן־טיכל און עס איר צו דערלאַנגען, אַזוי אַז זי זאָל קאָנען אים אַריינקוקן אין פּנים אַריין און אָנקװעלן פֿאַר נחת צוליב זיין מפּלה ביי מאַרטען. זיין כּעס װאַקסט, ער פֿאַרבייסט די ליפּן און פֿאַרקנייטשט דעם שטערן. הע, הע, יאָ, נישט אמת, ער זאָל זיך אָװעקשטעלן פֿאַר איר און װייזן זיין פּנים, כּדי זי זאָל זיך קאָנען אויסלאַכן פֿון אים — — — ער איז געגאַנגען זייער לאַנגזאָם און אַז ער איז צוגעקומען צום טאַשן־טיכל, האָט ער אַרויפֿגע־טרעטן אויף דעם און איז זיך אַװעק װייטער — — — — אַז ער איז װידער צוגעקומען צום טיכל, האָט ער װידער אַרויפֿגעטרעטן אויף צום צװייטן מאָל, און איצט פֿאַר איר אין די אויגן, און ער איז געגאַנגען װייטער זיין װעג".

איז דאָך שוין, דאַכט זיך, גאָר גוט! װאָס פּאַסירט אָבער מיט נאַגלען, װען ער קומט צוריק אין האָטעל? „איצט איז שוין זיין צאָרן געװוען פֿאַרביי, ער האָט זיך איינגעהויקערט און אָנגעהויבן שלוכצן, דעם קאָפּ אויף די אָרעמס, שטום, מיט טרוקענע אויגן און אַ ציטערדיקן קערפּער — — — און ער פּייניקט זיך מיט דעם געדאַנק, און אפשר װאָלט ער פּאָרט געדאַרפֿט אויפֿהייבן דאָס טאַשן־טיכל, צוגנבֿענען עס און טראָגן עס דאָס גאַנצע לעבן אויפֿן האַרץ — — — — — — עס איז געװוען װייס װי שניי, און ער האָט עס איינגעטרעטן אין בלאָטע".

און אָן אַ היטל, װי איינער, װאָס איז פֿון זינען אַראָפּ, לויפֿט נאַגל גאַס־איין, גאַס־אויס איבער דער שטאָט — ער לויפֿט אין װאַלד אַריין צוריק, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ לייגט ער אַריין דאָס צעריסענע און אויסגעשמירטע טיכל צו זיך אין קעשענע". „און — שרייבט

האַמסון — „אַך, ווי גליקלעך ער איז געווען, וואָס ער האָט עס געפונען".

דער מקור פון דעמדאָזיקן גליק־צושטאַנד ווערט צוריקגעפירט צום מקור פון דעם גליק פון דער פרייד און פון דער גליקזעליקייט און פון דער קאָסמישקייט, וואָס האָט אַ געוויסע נאַכט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע וועזן, דאָס פּסיכישע און דאָס פיזישע, דאָס ראַציאָנעלע און איראַציאָנעלע — נאַגל. דאָס איז געווען די נאַכט, ווען ער, נאַגל, האָט צום ערשטן מאָל דורך וואַלד און פעלד געשפּאַצירט און גערעדט אָן אַן אויפהער וועגן אַלץ און אַלעם מיט דאַגני קילאַנד. צווישן אַנדערן זאָגט ער צו דאַגנין: „אָבער דערצו בין איך אַזוי פריילעך, ווייל מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז די שענסטע נאַכט, וואָס איך האָב ווען געהאַט אין מיין לעבן".

דאָס איז די זעליקייט, וואָס האָט דורכגענומען דורך און דורך נאַגלס נשמה. איצט קומט די קאָסמישקייט, איצט קומט נאַגלס זיך דערפילן, אַ דאַנק זיינע געפילן צו דאַגנין, ווי ער וואָלט געוואָרן איינס מיט דער גאַנצער נאַטור, מיט דער גאַנצער וועלט. און קומען קומט דאָ נישט נאָר נישט נאַגלס קאָסמישקייט, נאָר אויך אונזער אייגענע. די קאָסמישקייט נעמט דורך יעדן איינציקן לייענער. דאָס געפיל פון צונויפגעוואַקסנקייט מיטן קאָסמאָס מאַכט גרעסער, טיפער און דערהויבענער אי נאַגלען, אי דעם לייענער. די ליבע פאַרמאָגט דעם כּוח צו פּראָזשעקטירן און אוניווערסאַליזירן די נשמה פון יעדן ליבהאָבער בכלל און בפרט די נשמות פון די טיפערע און קולטורערע וועזנס. און די קונסט צייכנט זיך אויס מיט איר מעגלעכקייט און פעיקייט צו מאַכן די נשמה פונם לייענער צונויפצופאַלן אויף דעם מאָמענט מיט דער נשמה פונם העלד און דורך דעם אויסגעברייטערט, פאַרטיפט און דערהויבן ווערן אויף אַלערליי אופנים און אין אַלערליי ריכטונגען.

„איך באַגרייף עס נישט — זאָגט נאַגל — איך פיל עפּעס אַזוי־ווי איך וואָלט געווען אַ טייל פון דעמדאָזיקן וואַלד, אָדער פון דעמדאָזיקן פעלד, דער צווייג פון אַ סאָסנע, אָדער עפּעס אַ שטיין, פון מיינעטוועגן אויך שטיין, נאָר אַ שטיין, וואָס איז דורכגעדרונגען פון אָט דעם גאַנצן צערטלעכן ריח און פון דער שלוה, וואָס נעמט אונז אַרום. זע נאָר

דאָרט, אַך, זע נאָר! ס'טאָגט שוין. איר זעט דעם זילבערנעם פּאַס? איז דאָס נישט הערלעך?"

צי האָט דאָס דאַגני דערזען און דערפילט, ווייסן מיר נישט. מעגלעך אַז נישט, ווייל זי איז דאָך נישט געווען, ווי נאַגל, פאַרכישופט פון דער ראָמאַנטיק. דער לייענער אָבער אויב נאָר ער איז מיט זיין נשמה און אין זיין פאַנטאַזיע בעתן לייענען נישט אינגאַנצן קיין געפאַנגענער אין די נעצן פון דעם רעאַליזם — אַזאַ לייענער ווערט געצוואונגען פון קנוט האַמסון צו דערזען און דערפילן די הערלעכקייט פון דעם אַלעמען, און פון דערדאָזיקער הערלעכקייט טאָגט זיך, זילבערט זיך און הערלעכט זיך זיין נשמה. און זייער דאַנקבאַר איז דער לייענער דאַגנין, וואָס זי האָט מיט איר זיין אויף דער וועלט אַרויסגערופן די ליבע-געפילן אין נאַגלס נשמה, מחמת די געפילן פירן אָפּט נאַגלען צו אַ צושטאַנד, אין וועלכן אָט דיזעלביקע געפילן, אַן נאַגלס וויסן אַפילו, גייען פון זיך אַליין אַריבער אין געפילן צו דעם קאָסמאָס און אין זייער טראַנספאָרמאַציע-צושטאַנד רופן זיי אַרויס טיפע איבערלעבונגען און טראַכטענישן וועגן אַלץ און אַלעם אין דער וועלט. זיי ווערן געפילן און טראַכטענישן, וועלכע מאַכן אי נאַגלען, אי דעם לייענער צו פאַרגעסן אין דאַגנין און נישט נאָר אין דאַגנין, נאָר אויך אין דעם טייל פון זיך אַליין, וועלכער איז פאַרגענגלעך און פאַרגעסבאַר, און אַנשטאָט דעם אַלעמען ווערט מען אַריינגעלעבט און אַריינגעוועבט אין אַלץ, וואָס איז אומפאַרגעסלעך און אומפאַרגענגלעך, אין אַלץ דעם, וואָס אַן אָנקניפּ און אַ באַהעפטונג דערמיט, גרויסט, העכערט, טיפט און דערהויבט אונז.

אַן אויסגעצויגענער אין זיין גאַנצער גרויס אויפן רוקן, ליגט זיך נאַגל אין אַ שטילער, לויטערער נאַכט אין וואַלד. אָבער נישט חלילה סתם זיך אַזוי אין מיטן וואַלד, נאָר אויפן אָרט, וואָס צו זיין רעכטער האַנט האָט ער געהאַט דעם פּאַסטאָרס הויף — דעם הויף, וואו דאַגני האָט געוואוינט, לינקס די שטאָט, און איבער זיך דעם אומענדלעכן בלויען הימל — און אַזוי ליגנדיק דאָרט, און נישט ערגעץ אַנדערש, ווייל פון דאָרט אין געווען אַזוי נאָענט ווי עס איז מעגלעך געווען פאַר אים צו זיין פיזיש צו דאַגנין — אַזוי ליגנדיק דאָרט, ווערט נאַגל אַריבערגעטראָגן מיט זיין איבערלעכן וועזן אין אַ וועלט, וואָס ווייסט

נישט פון קיין דאָרט און דאָ, פון קיין איצט און שפּעטער, אין אַ וועלט, וואָס זייענדיק אין איר, ווערט מען דורכגענומען מיט אַ גאַנץ אייגנ־אַרטיקער גליקזעליקייט, מיט אַ פרייד, וואָס איז אין איר תּוך און תּמצות אַנדערש פון אַלע פריידן פון דער וועלט.

אַ ציטערדיקע פרייד האָט אים דורכגענומען, ער איז געווען אויס־געטון פון אַלץ אַרום זיך, ער האָט זיך געפילט ווי אין אַן אַנדערער וועלט, און האָט זיך באַהאַלטן אין דעם גליענדיקן זונשיין. די שטילקייט האָט אים פּשוט משוגע געמאַכט פאַר פרייד, נאָר קיין זאַך האָט אים נישט געשטערט, נאָר אויבן פון דער לופט האָט זיך געטראָגן דער ווייכער גערויש, דער גערויש פון דער אומגעהויערער מאַשין: גאָט, וואָס איז געגאַנגען אין זיין ראָד. אין וואַלד האָט זיך נישט גערירט קיין בלאַט, קיין צווייג. נאַגל האָט זיך אַוש איינגעדרייט פאַר תּענוג. ער האָט פּשוט פאַרלייגט די פיס אונטער זיך און זיך געשאָקלט, ווייל אַלץ איז געווען אַזוי גוט. עמעצער האָט אים גערופן, און ער האָט געענטפערט: יאָ, און זיך צוגעהערט — — ער איז געווען אין אַ מאָד־נעם סודותדיקן צושטאַנד, דורכגענומען פון פיזישן פאַרגעניגן. יעדער נערוו איז ביי אים געווען וואַך. ער האָט דערהערט מוזיק אין זיין בלוט, ער האָט זיך געפילט פאַרייניקט מיט דער גאַנצער נאַטור, מיט דער זון און מיט די בערג, און מיט אַלץ אַרום, ער האָט זיך געפילט אַרומגע־רינגלט פון זיין איך־געפיל, וואָס האָט אַרויסגעשטראָמט פון די ביימער און פון די בערגלעך ערד און פון די גראָזן. זיין נשמה איז געוואָרן גרויס און פולקלינגענדיק, ווי אַן אָרגל וואָלט געזעסן אין אים, און ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי זיסע מוזיק איז געשוואומען ביי אים אין בלוט אַרויף און אַראָפּ".

אָט דאָס איז דער כּוח פון ראָמאַנטיק!

## ג.

קיין אַנדערער אויסדרוק פון גייסט און פון נשמה קאָן נישט אַזוי ווי די ראָמאַנטיק אויף אַמאָל אָפּרייסן דעם סוביעקט פון דעם אָביעקט, וועלכער האָט פאַראורזאַכט דעם באַטרעפנדיקן גייסטיקן צושטאַנד, אַוועקנעמען אים פון די אַלע געפילן זיינע צום באַשטימטן, אים אָן אַן־אויפהער אינטערעסירנדיקן, אָביעקט און פאַרזעצן אים אין אַ וועלט פון גאַנץ אַנדערע געפילן, גאַנץ אַנדערע טראַכטונגען, גאַנץ אַנדערע איבערלעבונגען און אינטערעסן און גאַנץ אַנדערע סוביעקטן און אָביעקטן ביז צום אַלוועלטלעכן סוביעקט, וואָס הייסט גאָט. דאָס איז דער כוח פון דער ראָמאַנטיק פאַר דעם אינדיווידוּ, וואָס איז אין איר און פון איר פאַרכּישופט און אין אירע נעצן געפאַנגען. און דער כוח פון דער קונסט ליגט אין דעם, וואָס זי קאָן דעם קונסט־געניסער מאַכן צו לעבן און איבערלעבן אַלע נשמה־פאַרטיפנדיקע און גייסט־דערהויבנדיקע פיינען און גליקזעליקייטן, וואָס באַפאַלן דעם פון דער ראָמאַנטיק געפּלעפטן העלד.

אין דעם קונסט־ווערק „מיסטעריען" דערגרייכט דער קולטור־אויפטוּ פון ראָמאַנטיק פאַרן העלד נאָגל און דער קולטור־אויפטוּ פון דער קונסט פאַרן לייענער זיין קולמינאַציאָנס־פּונקט אין דעם מעשהלע, וואָס נאָגל טראַכט אויס פאַר דאַגנין, אַ מעשהלע טאַקע, וואָס ווי ער זאָגט, האָט זיך טאַקע באמת מיט אים פאַרלאָפן. אָבער ער ווייסט נישט צי אין חלום, צי אויף דער וואָר, און אויך דער לייענער ווייסט עס נישט, און וועט עס קיינמאָל נישט וויסן, וואָרים ווער אין דער וועלט ווייסט, און ווער וועט וויסן ווען עס איז די אמתע גרענעץ צווישן חלום און וואָר, צווישן ווירקלעכקייט און נישט־ווירקלעכקייט, צווישן פינצטערניש און ליכטיקייט, צווישן בלינדקייט און זעעוודיקייט. וויסן מיר דאָך שוין, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי אַ מיסטיש זעען, אַ זעען פון אינעווייניק, הגם מען איז בלינד פון אויסנווייניק. און אַזוי אויך מיטן הערן און מיטן פאַרנעמען און עמפּינדן בכלל, און אָט צו דעם סאָרט זעען, הערן, באַנעמען און עמפּינדן, ווערט נאָגל געריסט

דורך דער ליבע צו דאַגנין, און דורך אים, דורך נאַגלען און זיין ראָמאַנטיק, רעגט דערצו קנוט האַמסון דעם לייענער, וועלכער קאָן מיטפילן און מיטלעבן מיט די געפילן און מיטן לעבן פון אַ נאַגל.

זייענדיק אין וואַלד מיט דאַגנין, רופט זיך נאַגל אָן צו איר:

„אויף דעם אָרט אין וואַלד האָב איך אייך געטראָפן דאָס ערשטע מאָל. ניין, איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי כישופדיק איר האָט אויסגעזען, בעת איר זענט אַנטלאָפן פון מיר, ווי אַ וואַסער־פרוי, ווי אַ דמיון... אָבער אַצינד וועל איך אייך דערציילן אַ מעשהלע, וואָס איז פאַרלאָפן מיט מיר. זאָל איך?

„אַך, יאָ, אַ מעשהלע! — האָט זי נישטווילנדיק אויסגערופן. איצט איז זי שוין ווידער געווען גליקלעך ווי אַ קינד און האָט אים אונטערגעהאַלטן צו דערציילן, גוט, ער קאָן טראָגן איר שירם, ווען ער וויל עס דווקא, כון וואָס מענטשן קאָנען עס האָבן פאַרגעניגן! אָבער דאָס מעשהלע! פאַרוואָס הייבט ער שוין נישט אָן?"

אים, נאַגלען, האָט זי נישט געקענט און נישט געוואָלט צו שטאַרק ליב האָבן. פאַרוואָס? ווער ווייסט? אפשר צוליב איר פאַרקנסטקייט און אפשר צוליב אַנדערע אורזאַכן? זיינע מעשהלעך אָבער האָט זי ליב געהאַט ביז גאָר. און איר ליבע צו זיינע מעשהלעך און איצט נאָך איר שירם אין זיינע הענט פאַרכישופן פשוט נאַגלען, און עס קומט דאָס מעשהלע, וואָס פאַרכישופט און וועט אַלעמאָל פאַרכישופן די, וואָס וועלן לייענען און הנאה האָבן פון מיסטעריען. דאָס פאַרכישופט ווערן פון דאַגנין, וואָס כישופט אַרויס פון נאַגלען, דאָס פול מיט כישוף מעשהלע, איז אַ סימבאָלישער אָנדייט אויף דעם אייביקן כישוף פון דער ראָמאַנטיק אויף דער קונסט, דער סימבאָלישער אָנדייט אויף דער ליבע אַקס, אַרום וועלכער עס האָט זיך אַלעמאָל געדרייט און וועט זיך קיינמאָל נישט אויפהערן דרייען די קונסט.

דאָס מעשהלע, וואָס נאַגל דערציילט דאַגנין, איז די נשמה פונם גאַנצן ווערק „מיסטעריען". דאָס מעשהלע פירט אַריין אין די אינגעווײדן פון די מיסטעריען, אין זייערע טיפענישן, אין זייערע טונקלקייטן און אומדערקלערבאַרקייטן, און אין זייער אומדערקלערבאַרער ווירקונג און איינפלוסקראַפט אויף דעם לעבן און גייסט פון דעם מענטש. דאָס איז די קראַפט, וואָס דערהייבט דעם מענטש, נישט־ווייסנדיק צו

וועלכער הויך, פֿאַרטיפֿט אים, נישט־וויסנדיק צו וועלכע טיפֿן, און וואָס פֿירט אים ערגעץ־וואו, וואו עס איז וואויל און גוט דער נשמה, נישט־וויסנדיק פֿאַרוואָס און צוליב וואָס, פֿילנדיק אָבער, אַז אַהין און נאָר אַהין דאַרף און זאָל דער מענטש גיין.

דאָס מעשהלע האָט אין זיך דעם זעלביקן צויבער און די זעלביקע אייגנשאַפֿטן, וואָס דאָס בילד מאָנאַ־ליזאַ האָט פֿאַר די מבינים פֿון מאָלעריי. די מבינים פֿון מאָלעריי זאָגן, אַז די גרויסקייט פֿון בילד פֿון מאָנאַ־ליזאַ באַשטייט דער עיקר אין דעם, וואָס ווער עס קומט צום בילד, דערזעט מאָנאַ־ליזאַ אין דער זעלביקער שטימונג, אין וועלכער ער אַליין געפֿינט זיך. איז אים טרויעריק, איז מאָנאַ־ליזאַ אינגאַנצן אַ טרויערנדיקע, איז אים פֿריילעך, זעט זיך פֿרייד פֿון יעדן גליד פֿון מאָנאַ־ליזאַ. איינס אָבער, וואָס אַלע זעען און פֿילן אין מאָנאַ־ליזען, איז אַ זעלטענער פֿרויאישער חן און רייץ — אַ חן און אַ רייץ, וואָס גייט מיט מיט איר טרויעריקייט, אַזוי גוט, ווי מיט איר פֿריידיקייט, אָדער וועלכער עס איז אַנדערער שטימונג.

און אַזוי איז אויך דאָס מעשהלע: יעדערער קאָן עס אויסטייטשן אויף זיין אייגענעם אופֿן. דאָס מעשהלע טראָגט אין זיך אַזוי פֿיל זינען און מיינען, וויפֿיל לייענער עס וועט האָבן. אָבער יעדער איינער לייענער וועט פֿאַרכאַפּט ווערן פֿון דער שיינקייט פֿון דעם מעשהלע, און יעדער איינער לייענער וועט זיך דערפֿילן ווי אַ זוכנדיקער, וואָס קאָן בשום אופֿן נישט געפֿינען די גרענעץ צווישן דער וועלט און יענער וועלט, צווישן חלום און וואָר, צווישן אַ ווירקלעכן טורעם אין וואַלד, אין וועלכן עס וואוינען אַ חסר־דעה און אַ בלינדע — צווישן דעם ווירקלעכן טורעם און דער גאַנצער וועלט אונזערער, אין וועלכער מיר אַלע, אויב מיר ווילן, קענען זיך באַטראַכטן, ווען מיר פֿאַרטראַכטן זיך וועגן אונזערע האַנדלונגען און טואונגען — ווי חסר־דעות און בלינדע. און ווי דער חסר־דעה אין טורעם האָט פֿונדעסטוועגן אונטער די קליידער געטראָגן אַ לאַמטער, וואָס האָט ליכטיק געמאַכט אַ געוויסן שטח אַרום אים, אַזוי טראָגן מיר אויך אין זיך דאָך אַ געוויס ליכט, וואָס וואַרפֿט שיין אויף אַ געוויסן „אַרום". און אַזוי ווי די בלינדע האָט פֿונדעסטוועגן פֿאַרנומען אַ סך זאַכן פֿון אַרום און איבער דעם טורעם, וואָס האָבן זי געמאַכט צו זינגען און צו שפּילן און צו ווייזן זיך נאַגלען

אין שלאָף ווי אַ זינגענדיקער און טאַנצנדיקער מלאך, אַזוי מיר אויך: אין דער גאַנצער בלינדקייט אונזערער פאַרנעמען און באַנעמען מיר דאָך עפּעס פונם „אַרום" און פונם „אַ בער", וואָס גיט דאָ און דאָרט אָנהאַלט און אינהאַלט, זין און באַטייט און אַ מעגלעכקייט זיך צו זיגן פון צייט צו־צייט זינגענדיק — צווישן הימל און ערד.

„פלוצלינג — אַזוי דערציילט נאַגל — דערפיל איך אַ הויך, אַ ריר, ווי עמיצער אַ מענטש וואָלט געאָטעמט, און איך הער, ווי ער פּליסטערט: קום!"

וועלכער מענטש אין זיין לעבן — אויב ער לעבט נאָר ווי אַ מענטש דאַרף און זאָל לעבן — הערט עס נישט אַמאָל דעם פּליסטער „קום!" און פילט בשעת־מעשה, אַז עס איז קיין ברירה נישט פאַראַן, אַז ער מוז גיין: דאָס איז דעם שיקזאַלס רוף.

אויך נאַגל פאָלגט דעם רוף און ווערט געפירט צום טורעם אין וואַלד. זייענדיק אין טורעם, און נאָכדעם ווי דאָס שיינע בלינדע מיידל, וואָס ער טרעפט דאָרט, גיט אים תיכף איבער איר בעט צום שלאָפן און זאָגט אים אַ גוטע נאַכט, דערהערט נאַגל: „ווייטע קלאַנגען, אַ וואונ־דערלעך געזאַנג פון טויזנט שטימען ערגעץ־וואו אינדרויסן, אפשר גאָר טיף אויבן אונטערן הימל, אָבער טויזנטפאַכיק און שטיל — — און דערנאָך פלוצלינג — אַ שטורם פון קליינע בלענדנדיקע ברואימלעך שווימט צו־רוף צו מיר — — מלאכים, מיליאַרדן מלאכימלעך, וואָס לאָזן זיך אַרונטער פון אויבן ווי אַ משופּעדיקע וואַנט — — און זיי זינגען, זיי זינגען, און זיי זענען אינגאַנצן נאַקעט און ווייס — — — אָבער איך בייג זיך אָן אויף פאָרנט און קוק זיי אַריין אין די אויגן, און איך זע, אַז זיי זענען בלינד — — — און בעת זיי זענען אַוועקגעפלויגן, האָבן זיי אַלע געקוקט צו מיר. דער לעצטער האָט זיך אויסגעדרייט און האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אויף מיר מיט זיינע בלינדע אויגן — — דאָס איז מיין לעצטע דערינערונג, אָט דער מלאך — — — איך בין איינגעשלאָפן — — אינדערפרי עפנט זיך מיטאַמאָל די טיר, און דאָס מיידל פון נעכטן איז ווידער אַריינגעקומען — — אָבער האָסטו גאָר־נישט געהערט קיין מוזיק די נאַכט, פרעגט נאַגל — — און זי ענט־פערט: יאָ, דאָס האָב איך געשפּילט און געזונגען".

וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן דעמדאָזיקן אָוונט, ווען נאַגל

האָט זיך געזעען אין טורעם און דעם אַנדערן אָוונט, הייבט נאַגל נישט אָן צו וויסן — פֿאַרלירן די גרענעץ, איבערגעהאַקט איז געוואָרן די באַוואוסטזיניקע אומאיבערגעריסנקייט, אויסגעליידיקט געוואָרן, אז סגע־שיילט געוואָרן אַ צווישנצייט, און נישט געבליבן איז די זיכערקייט וועגן דעם, צי איז ער יאָ אויף אַן אמת געווען ערגעץ־וואו און ווי אַזוי ער איז געווען.

„איצט — זאָגט נאַגל — זענען פֿאַראַן צוועלף שעה, וואָס אין קאָן מיר וועגן זיי גאָר קיין רעכענונג נישט אָפּגעבן, וואָס זענען מיר איינפֿאַך אַרויס פֿון זכרון, איך ווייס נישט וואוהין זיי זענען אַהינגע־קומען, איך האָב זיך געריבן דעם שטערן און געזאָגט: עס זענען פֿאַראַן צוועלף שעה, זיי מוזן דאָך ערגעץ זיין אינעווייניק. זיי האָבן זיך בלויז באַהאַלטן, און איך מוז זיי אויסזוכן, אָבער איך האָב זיי נישט געפֿונען".

נישט געפֿונען די צוועלף שעה — — וואָלט עס געקאָנט מיינען: נישטאָ קיין פֿאַרבינדונג, נישטאָ קיין שייכות צווישן דער וועלט פֿון טרוים און דער וועלט פֿוןווירקלעכקייט, צווישן דעם וועלט־טורעם און דעם טורעם אין וואַלד, צווישן דער העכערער בלינדקייט, וועלכע איז אייגנטלעך די אמתע זעעוודיקייט, און דער נידעריקער זעעוודיקייט, וועלכע איז ביז אַ געוויסן גראַד בלינדקייט. נישט געפֿונען די צוועלף שעה — — וואָלט עס געקאָנט מיינען: נישט צום אָנכאַפּן איז דער פֿאָדעם, וואָס פֿאַרבינדט די ראָמאַנטיק מיט דער וואָכעדיקער ווירקלעכ־קייט פֿאַסירט אָבער, אַז נאַגל טוט אַ קוק דעם צווייטן אָוונט אויף זיין האַנט און, צו זיין און אונזער גרויסער דערשטוינונג, געפֿינט ער, אַז אַ שטיק שוואַרצער באַנד איז אַרומגעבונדן אַרום זיין האַנט, ובכן איז אַלץ ריכטיק, עס שטימט, עס איז פֿאַראַן די פֿאַרבינדונג, מחמת ער געדענקט דאָך קלאָר און זיכער, אַז די שיינהייט, דאָס בלינדע מיידל פֿון טורעם, האָט אַראָפּגענומען פֿון זיך אַ שוואַרצן באַנד און אַרומגע־בונדן מיט אים זיין האַנט. — פֿאַראַן אַלזאָ אַ געוויסער באַנד, פֿאַראַן אַ געוויסער שנור צווישן דעם איבער און דעם אונטער. דאָס איז אַ באַנד אָבער, וואָס קאָן נישט מיט געוויינלעכע חושים און מיטן געוויינ־לעכן שכל־הישר אויפֿגענומען ווערן.

און דערפֿאַר, ווען נאַגל, אַן אויסגעניכטערטער, גייט צום וואַלד־

טורעם נישט מער שוין אויף דעם רוף פון עמעצנס פליסטער, נישט מער שוין אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט, נאָר ווען ער גייט צום וואַלד-טורעם אויף זיין אייגענער איניציאַטיוו און אין דער שיין פון טאָג, געפינט ער דאָס בלינדע מיידל אַ טויטע. עס האָט פּאַסירט דאָס זעלבע מיט דעם מיידל, וואָס מיט מעטערלינקס „בלויען פויגל". אי דאָס בלינדע מיידל, אי דער בלויער פויגל זענען לעבעדיק, בלוי און זינגענדיק אין דער פאַנטאַזיע, שוואַרץ און טויט אָבער ביים אָנריר פון דער גראָבער ווירקלעכקייט.

„גאָט — שרייט אויס דאַגני — וואָס פאַר אַ וואונדערלעך מעשה-לע !" און דאָ זענען מיר איינס מיט איר. דאָס איז אַ וואונדערלעך מעשהלע — אַ מעשהלע, וואָס סימבאָליזירט די וואונדער און די מיס-טעריען אין, אַרום און איבער דעם טורעם, וואָס הייסט וועלט, אין דעם וואַלד, וואָס איז איבערוועלט אָדער וועלטפאָזיקייט. די וועלט, וואָס מיר דענקען, אַז זי איז גאָר, און אַרום איר איז דער גאָרנישט, איז אינ-דעראמתן אפשר דער גאָרנישט און דער אַרום איז דער גאָר. אָן „אפשרס" אָבער קאָן מען זאָגן, אַז נישט דאָ איז גאָר און נישט אַרום איז גאָרנישט, נאָר, אַז דער דאָ און דער אַרום זענען איין גאָר. און אויב פון די זוכעניש און די חלומות וועגן דעם גאָר אָדער גאָרנישט, בלייבט אפילו בלויז אַ קליין שוואַרץ בענדעלע, אַ קליין שנירעלע צווישן דער זייט און יענער זייט פונם גאָר, האָבן זיך די זוכענישן און די חלומות אינדעראמתן געלייענט מער ווי אַלע ממשותדיקע און רעאַלע דערוווערבונגען.

נישט אומזיסט איז נאַגל מקנא דאָס פאָלק, דעם אורשטאַם פון ציילאָן, וואָס לעבט „דאָס צרהדיקסטע לעבן, פאַריאָגט אין די וועל-דער דורך די סינגאַלעזן און דער איראָפּעישער באַנדע. אָבער דער-ציילן קענען זיי — — זיי שטייען פאַרן פרעמדן אָנגעטון אין שמאַטעס, אָבער בעת זיי רעדן, צווינגען זיי אים פונדעסטוועגן אַראָפּצולאָזן פאַר זיי די אויגן".

און דאָ איז דער שליסל צו דער גרויסקייט פון ווערק מי-סטעריען. עס צווינגט די ציוויליזאַציע אַראָפּצולאָזן אירע אויגן פאַר דער קולטור. עס צווינגט די ווירקלעכקייט בויגן דעם קאָפּ פאַרן חלום. עס צווינגט דאָס אָנגענומענע און אַלץ, וואָס מען ווייסט שוין און וואָס

מען מיינט, אַז מען ווייסט — צו שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט אַ געבויגענעם קאָפּ פאַר דעם, וואָס מען קען נישט וויסן און פאַר דעם נאָך נישט אָנגענומענעם.

„וואָס ווייסט די וועלט — פרעגט נאָגל — און ער ענטפערט: גאָרנישט! מען געוויינט זיך נאָר צו צו אַ זאַך, מען נעמט זי אָן, מען אָנערקענט זי, ווייל די לערער האָבן זי פריער אָנערקענט. אַלץ אין דער וועלט איז נאָר אָנגענומען, יאָ, אַפילו צייט, רוים, באַוועגונג, מאַטעריע זענען אָנגענומענע זאַכן. די וועלט ווייסט גאָרנישט, זי נעמט נאָר אָן...״

די ראָמאַנטיק האָט אין זיך דעם גרויסן כּוח צו צעשטערן פאַר דעם אינדיווידואַל דאָס אָנגענומענע, און דערפאַר די גרויסע מעגלעכקייט אירע צו מאַכן ברייטער, טיפער און העכער די אָנגענומענע וועלט און דעם מענטש אין איר. און די קונסט האָט דעם כּוח און די פעיקייט דורך דער ראָמאַנטיק, וועלכער זי גיט קאָנקרעטע און בילדערישע געשטאַלטונג, פונאַנדערציִען און דערהויבן די וועלט אויף אַלע וועגן און אופנים פאַר אַלע געניסער, וואָס אין זייערע נשמות קאָן די ראָמאַנ־טיק ווען עס איז אַרויסגעבראַכט ווערן מכּוח אל הפּועל.

## IV.

# ראָמען ראָלאַנס „זשאַן קריסטאָף".

## 1.

## קריסטאָף און די פייערן פון דעם ברענענדיקן דאָרן

### א.

זשאַן קריסטאָף האָט זיך אין אַ געוויסער צייט פון זיין לעבן איבערגעגעבן מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן ברען צו זיין קונסט — דער מוזיק. וועגן די רעזולטאַטן פון דערדאָזיקער לב־ונפש־איבערגעגעבנקייט שרייבט ראָלאַן פאָלגנדיקס:

„קריסטאָף איז געווען איבערראַשט צו זעען, אַז פון איר שטייגן אַרויס אומבאַקאַנטע כּוחות, פון וועלכע ער האָט קיין באַגריף נישט געהאַט. עפּעס־וואָס איז גאַנץ אַנדערש פון זיינע ליידנשאַפטן, זיין טרויער, זיין באַוואוסטזיניקע נשמה. עפּעס אַ פרעמדע נשמה, וואָס איז געווען גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס ער האָט געליבט און געליטן, צו זיין גאַנץ לעבן, אַ פריילעכע, פאַנטאַסטישע, ווילדע, אומפאַרשטענדלעכע נשמה. זי איז געריטן אויף אים, זי האָט אים געטריבן מיט שפּאָרן, און אין די זעלטענע רגעס, ווען ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, ווען ער האָט איבערגעלייענט דאָס, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, האָט ער געפרעגט ביי זיך: ווי איז עס מעגלעך, אַז דאָס זאָל אַרויס־קומען פון מיר?

ער איז באַהערשט געוואָרן פון יענער גייסטיקער שיכּרות, וואָס איז באַקאַנט יעדן גאון, אַ ווילן, וואָס איז נישט אָפּהענגיק פון זיין ווילן, „דאָס רעטעניש פון דער וועלט, וואָס לאָזט זיך נישט אויס־

דרוקן", וועלכעס געטהע רופט אָן דאָס „דעמאָנישע" — — — — — און קריסטאָף האָט געשריבן און געשריבן, גאַנצע טעג, גאַנצע וואָכן — — — קריסטאָף האָט נישט געהאַט קיין צייט צו דענקען, ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו לעבן. די שעפערישע נשמה האָט געהערשט איבער די חורבות פון זיין לעבן".

און ווען קריסטאָף האָט געוויזן דידאָזיקע שאַפונג צו זיין פריינט, דעם מוזיק-קריטיקער, וואָס פלעגט שטענדיק צום בעסטן אורטיילן זיינע ווערק, האָט ער זי נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. נישט אַנדערש, האָט ער געטראַכט, אַז קריסטאָף איז משוגע געוואָרן. און ער כאַראַקטעריזירט די שאַפונג אַזוי: „נישטאָ קיין מעלאָדיע, קיין טאַקט, קיין טעמאַטישע אַרבעט. עפּעס אַ מין פליסיקער קערן, אַ צעגאָסענע מאַטעריע, וואָס איז נאָך נישט פאַרשטייפט געוואָרן, וואָס נעמט אָן אַלע פאָרמען און באַזיצט קיין איינע נישט. דאָס דערמאָנט נישט אין גאָרנישט. ליכט-שטראַלן אין אַ כאַאָס".

אויף דעם ענטפערט אים קריסטאָף מיט די ווערטער פון נאָוואַליס: „די אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרדנונג".

געקומען איז נאַטירלעך די צייט, ווען דידאָזיקע שאַפונג קריסטאָפס, אין וועלכער עס איז געקומען צום אויסדרוק, אויף אַן אומבאַוואוסטן צו אים אופן, דער גאַנצער כאַאָס, אין וועלכן דער שיקזאַל האָט לעצטנס צעריינגעשליידערט זיין גאַנץ וועזן — געקומען איז די צייט, ווען דידאָזיקע שאַפונג איז אָנערקענט געוואָרן פאַר אַן אומגעהויער גרויסער שאַפונג. וואָס עס האָט אויסגעזען נישט מעלאָדיש, איז באַלד געוואָרן מעלאָדיש, וואָס עס האָט אויסגעזען נישט צו האָבן קיין פאָרם, האָט באַקומען אַ פאָרם, און וואָס האָט פריער דערמאָנט אין גאָרנישט, האָט איצט דערמאָנט אין אַלץ, כאַאָס האָט אָנגענומען די געשטאַלט פון קאָסמאָס. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך, וואָס די גרויסע קונסט האָט אַלעמאָל געטון און וועט טון. זי האָט, און זי וועט דאָס כאַאָטישע פאַרוואַנדלען אין דאָס קאָסמישע. וואָס גרעסער די קונסט, אַלץ מער דער לכתחילהדיקער כאַאָס, און אַלץ גרעסער דער דערנאָכדעמדיקער קאָסמאָס. וואָס דער קינסטלער לאָזט זיך פונם כאַאָס אַרויסשלאָגן און זיך אַנטוויקלען.

אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרדבונג" — וואָלט, גלייב איך, געווען אַן אויסגעצייכנטע דעפיניציע פאַר קונסט. איין גרויס קונסט־ווערק קאָן האָבן מער אָדער ווייניקער אָרדבונג פאַרן אַנדערן, אָבער יעדעס גרויסע קונסט־ווערק מוז טראָגן אין זיינע א נגעווייידן אַ וועלט מיט כאַאָס. אומענדלעכער כאַאָס אין די גרעסטע ווערק פון שעקספיר, דאָס זעלביקע אין געטהעס קונסט־ווערק „פאַאוסט" און אין בייראָנס בעסטע ווערק „מאַנפריד" און „קין". עס פעלט נישט קיין כאַאָס אין טאָלסטאָיס בעסערע קינסט־ווערק. דורכגענומען מיט כאַאָס, ווי מיר האָבן געזעען, איז דאָס ווערק „מיסטעריען", פון וועלכן מיר זענען נאָר־וואָס אַוועק.

און וואָס איז מכוח „זשאַן קריסטאָף", צו וועלכן מיר קומען איצט? איז אויך דאָסדאָזיקע ווערק דורכגעדרונגען מיט כאַאָס? ניין, נישט דאָס גאַנצע ווערק איז דורכגענומען און דורכגעדרונגען מיט כאַאָס. אין דעמדאָזיקן גרויסן אין כמות ווערק זענען פאַראַן הונדערטער זייטן געשריבן נישט פון קינסטלער ראָמען ראָלאַן נאָר פון ראָמען ראָלאַן דעם עטיקער. אין דידאָזיקע היפשע הונדערטער זייטן זענען איבערגעגעבן געוואָרן זאַכן און געשעענישן, וואָס זיי געפינט מען אויף אַ גרינטלעכערן און בעסערן אופן געשריבן אין געשיכטע, סאָציאָלאָגיע און אין פילאָזאָפיע. דאָס זענען זייטלעך, וואָס ראָמען ראָלאַן האָט געשריבן, ווען ער האָט, להיפוך צו קריסטאָפן, יאָ צייט געהאַט צו דענקען, יאָ צייט געהאַט צו לעבן, און ווען עס האָט לחלוטין נישט געהערשט די שעפערישקייט אין דער נשמה.

גרויס איז דאָס ווערק זשאַן קריסטאָף — און נאַטירלעך נישט אַזוי גרויס, ווי עס וואָלט געווען, ווען נישט אָט די אין גאָר אַ סך פרטים זשורנאַליסטישע זייטן אינם ווערק — גרויס איז דאָס ווערק צוליב די הונדערטער זייטן אין דעם, וואָס אין זיי איז דאָס כאַאָטישע אין דער מענטשלעכער נשמה, דאָס אומדערקענבאַרע, דאָס מיסטעריעזע אָרום און איבער דער מענטשלעכער נשמה — געקומען צום אויסדרוק. זיי זענען עס די זייטן, וואָס רעגן אין אונז דאָס שענסטע, דאָס האַרמאָנישסטע, דאָס העכסטע און דאָס טיפסטע; זיי זענען עס די זייטן, וואָס מאַכן אונז דערפילן ווי באַהעפטע מיטן קאָסמישן און אייביקן.

## ב.

דאָס בוך זשאַן קריסטאָף הייבט זיך אָן מיט די אומדערקלער־באַרע, אינם כאַאָס ערגעץ־וואו זיך וואָרצלענדיקע קרעפטן, וואָס פירן צו אומדערוואַרטעטע באַציאונגען צווישן „אים" און „איר", וועלכע זענען געוואָרן די טאַטע־מאַמע פון דעם גאון אין דער מוזיק — זשאַן קריסטאָף קראַפט.

„דאָס שיפל אָן דעם רודער גייט גלייך אויף אַ פעלז, און דער אין פלוג ניכטערער מעלכיאָר האָט גאָר התונה מיט אַ קעכין, און אין יענעם טאָג, ווען ער האָט זיך פאַרבונדן מיט איר אויפן גאַנצן לעבן, איז ער דווקא נישט געווען נישט שיכור און נישט באַוואוסטלאָז, און קיין שטאַרקע לײדנשאַפט האָט ער צו איר נישט געפילט".

טאָ ווי אַזוי־זשע און פאַרוואָס האָט עס דאָך פאַסירט, אַז דווקא דאָס דינסטמיידל לואיזע זאָל ווערן דאָס ווייב פון מעלכיאָר קראַפט און די מוטער פון דעם גאון זשאַן קריסטאָף קראַפט? דער ענטפער אויף דער פראַגע, אין די ווערטער פון רָמען ראָלאַן, איז: „אינם מענטש זענען פאַראַן אפשר גאָר אַנדערע כּוחות, אויסער שכל, האַרץ און חושים, געהיימנישפולע כּוחות, וואָס באַהערשן אים אין מאָמענט פון פוסטקייט, ווען זיינע איבעריקע גייסטיקע כּוחות דרימלען. עס קאָן זיין, אַז מעלכיאָר האָט זיך טאַקע אָנגעטראָפן מיט דידאָזיקע כּוחות אין דער טיפקייט פון די בלייכע, האַלב־דערשראָקענע אויגן אין יענעם אָוונט, ווען ער איז צוגעגאַנגען צום מיידל אויפן ברעג פונם טייך און האָט זיך געזעצט לעבן איר אין געדיכטן אַאיר און האָט איר — ער האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס — אויסגעצויגן זיין האַנט".

די התונה איז געווען אַן אומגליק פאַר מעלכיאָרן און ווייט־ווייט נישט קיין גליק פאַר לואיזען. „אָבער — זאָגט ראָלאַן — וואָס האָט עס געאַרט יענע געהיימע קראַפט, וואָס האָט אים צוזאַמענגע־פירט מיט דעם פלאַקסהאָריקן דינסטמיידל? זי האָט אויסגעפירט איר ראָלע, און דער קליינער זשאַן קריסטאָף איז געקומען אויף דער ערד, וואוהין עס האָט אים אַראָפּגעבראַכט זיין גורל".

פונקט אַזוי אָבער ווי עס אַרט נישט די געהיימע קראַפט, וועד עס זענען דער „ע ר און ז י", וואָס זי פירט צוזאַמען. און ווי אַזוי זיי ווערן צוגויפגעפירט — מיט ליידנשאַפט אָדער אָן ליידנשאַפט, מיט ליבע אָדער אָן ליבע, מיט אַזאַ ליבע אָדער אַן אַנדערער ליבע — אַזוי לאַנג, ווי זי פ רט אויס איר ראָלע פון צו ברענגען אַ ניי באַשעפעניש אויף דער וועלט — אַזוי אויך, זעט אויס, אַרט נישט אָפט די געהיימע קראַפט, יאָ אָדער נישט באַשעפעניש, אַזוי לאַנג, ווי זי פירט אויס איר ראָל פון צו שטאַרקן און פון צו מאַכן אינטענסיווער און לעבעדיקער דעם שוין געקומענעם אויף דער ערד מענטש, דורך דער שטאַרקער ליידנשאַפט, און איר ראָל פון צו פאַרטיפן און דערהייבן דעם מענטשנס גייסט דורך טיפע און דערהויבענע ליבעס פון אַזאַ אָדער אַנדער כאַראַקטער. אויף וויפיל דער מענטש קאָן און זאָל אין זיינע אויפפירונגען און זיינע באַציאונגען אַנטקעגנשטעלן דער געהיימער קראַפט אַרום און איבער אים די קראַפט פון זיין אינעווייניקסטן און טיפסטן באַוואוסטזיין, אויף אַזויפיל דאַרף ער אין די „ע ר"־און „ז י"־שייכותן טון עס אַזוי, אַז דאָס אַנטשטיין פון אַ ניי באַשעפעניש זאָל באַגלייט ווערן פון וואָס מער ליבע און ליידנשאַפט. די אויסדרוקן אָבער פון ליבע און ליידנשאַפט קאָנען נישט און טאָרן נישט באַגרענעצט ווערן דורך דער אַנטשטייאונג פון נייע באַשעפענישן, אָדער דורך וועלכע עס איז אַנדערע אַנטשטייאונגען און אַנטוויקלונגען. ליידנשאַפט, ליבע און שיינקייט זענען זעלבסטצוועקן. זיי האָבן פאַר דעם מענטש, פאַר זיין אַנטוויק ונג און פאַראויסגיין זייערע זעלבשטענדיקע קרעפטן פאַלט רן און מאָטיוון, זייערע, נאָר צו זיי אָנגעהעריקע אָנרעגונגען צו טיפקייט, דערהויבנקייט און שיינקייט, וואָס אָן דעם אַלעמען וואָלט דאָס מענטשלעכע לעבן נישט געווען ווערט געלעבט צו ווערן.

און גרויס, טיף און שיין זענען אָט די אַלע זייטן פונם ווערק זשאַן קריסטאָף, וואָס אין זיי לאָזט אונז ראָלאַן דערפילן די זעלבסטצוועקיקייט פון ליידנשאַפט און ליבע און פון די אַלע טיפע און שטאַרקע עמאָציעס, וואָס טראָגן אין זיך גרויסע מעגלעכקייטן צו שטויסן די אַנטוויקלונג פון מענטשן אין אַלע ריכטונגען און אויף אַלערליי וועגן.

נישט דורך טראַכטענישן און בענקענישן, נישט דורך שטודיעס

פֿון גרויסע און טיפֿע ביכער ווערט קריסטאָף געבראַכט צום ערשטן מאָל אין זיינע גאָר יונגע יאָרן צו דערפֿילן גאָט אין זיך און זיך ווי אַ גאָט. ער ווערט געבראַכט צו אַזאַ דערהויבענעם גייסטיקן צושטאַנד דורך דעם כאַאָס אין זיין אייגענער נשמה, וועלכע שטויסט זיך אָן איינמאָל אין אַ שטאָק פֿינסטערער נאַכט אויף דעם שטורם און געוויטער, אויף דעם כאַאָס פֿון דער נאַטור אויסנווייניק פֿון זיין נשמה.

ווען קריסטאָפֿס גייסט איז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַלערליי פֿראַגן וועגן רעליגיע, קונסט און מאָראַל, וואַרפֿט ער זיך, ווי ראָלאַן דערציילט אונז, אויף אַלערליי ביכער: טעאָלאָגישע, וויסנשאַפֿטלעכע און פֿילאָזאָפֿישע. אָבער פֿון זיי, פֿון די אַלע ביכער, האָט ער קיין שום זאַך נישט געלערנט, קיין שום זאַך נישט פֿאַרשטאַנען, דאָס לייענען האָט אים נאָר פֿאַרמאַטערט און פֿאַרשאַפֿט אַ שווערן טרויער. און אָט אין אַ געוויסן אָוונט דערפֿילט קריסטאָף, ווי זיין אינעווייניקסטע פּוסטקייט וואַקסט פֿון מינוט צו מינוט, און — שרייבט ראָלאַן — „ער האָט זיך אָנגעטון אַ כּוח נישט אַראָפּצוקוקן אין תּהום, וואָס האָט אים געצויגן, און דאָך האָט ער זיך איבערגעבויגן אויף זיין ברעג און פֿאַרזונקען מיט די אויגן אין דער טיפֿקייט פֿון דער נאַכט. אינם חלל האָט זיך באַוועגט דער כאַאָס. דער חושך האָט גערוישט. אַן אַנגסט האָט דורכגענומען זיין האַרץ, אַ שוידער איז אים אַדורך איבערן רוקן, זיין אויג איז אָנגעשוואָלן געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין טיש נישט אומצופֿאַלן. ער איז געבליבן אין קאָנוואולסיווער דערוואַרטונג פֿון זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין נאָמען, פֿון אַ נס, פֿון אַ גאָט — — — פּלוצלינג האָט אַ גאָס געטון אַ מבול מיט וואַסער — — — די פֿאַרגליווערטע לופֿט האָט אַ ציטער געטון, די טרוקענע האַרטע ערד האָט זיך צעקלונגען ווי אַ גלאָק, און אַ שטאַרקער ריח פֿון דער גליענדיקער, ווי אַ חיה, הייסער ערד — דער ריח פֿון בלומען, פֿרוכט און ליבע־גיריקע לייבער, האָט אויפֿגעשטיגן אין אַ ספּאַזמע פֿון שגעון און תּענוג. ווי פֿאַרכּישופֿט, אויסגעצויגן מיטן גאַנצן וועזן, האָט קריסטאָף אַ ציטער געטון ביזן אינגעווייד, ער האָט געצאַפּלט — — דער שלייער איז אַראָפּגעריסן געוואָרן. עס איז געוואָרן אַ פֿאַרבלענדעניש. ביי דער שיין פֿונם בליץ האָט ער דערזען, אין דער טיפֿעניש פֿון דער נאַכט האָט ער דערזען, אַז — ער איז אַליין געווען גאָט. גאָט איז געווען אין אים. ער האָט

דורכגעבראָכן דעם סופיט פונם צימער, די ווענט פון הויז. ער האָט צעשמעטערט די גרענעצן פון דער עקזיסטענץ. ער האָט אויסגעפילט דעם הימל, די גאַנצע וועלט און דעם גאָרנישט. די וועלט האָט זיך אַריינגעזאָפּן אין אים ווי אַ וואַסערפאַל. קריסטאָף איז געפאַלן אינם פּחד און עקסטאַז פון דעמדאָזיקן שטורעם, ער איז מיטגעריסן געוואָרן אינם נעווירבל, וואָס האָט אויפגעטרייסלט און אויסגעקלאַפּט ווי פּלעוועס די געזעצן פון דער נאַטור. ער האָט פאַרלוירן דעם אָטעם, ער איז געווען שיכור פון זיין אַראָפּזינקען אין גאָט — גאָט תּהום! גאָט חורבן! אַלאָמענשייטער פון דער עקזיסטענץ! הוראַגאַן פונם לעבן! שגעון פון לעבן — אָן ציל, אָן צוים, אָן שכל — צוליבן שגעון פון לעבן גופא!"

און ווי די געטלעכקייט אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטאַלט אַנטפּלעקט זיך צו דעם יינגלינג קריסטאָף, און ווי ער האָט צום ערשטן מאָל רעאַגירט אויף דערדאָזיקער אַנטפּלעקונג, אַזוי האָט זיך פון יענעם מאָמענט אָן אַלץ און אַלעס אין לעבן פון דעם מענטש און פון דער קונסט אַנטפּלעקט צו קריסטאָפן. און ווי ער האָט געענטפערט צו דער ערשטער אַנטפּלעקונג, אַזוי אויך אויף דעם זעלביקן אופן האָט ער געענטפערט מיט אַלץ און אַלעס אין זיין וועזן צו אַלע אויסדרוקן און אַנטפּלעקונגען אַרום אים און איבער אים. וואָס מיט זיי האָט ער זיך אָנגעטראָפן אין פאַרלויף פון זיין גאַנצן לעבן.

שוין גאָר-גאָר צום סוף פון זיין לעבן, ווען זיין באַקאַנטער עמאַנועל זאָגט צו אים: דו ביזט גליקלעך, קריסטאָף! דו זעסט נישט די פינסטערניש פון דער נאַכט, ענטפערט אים דער אַלט-גרויער קריסטאָף: „איך זע אין דער נאַכט-פינסטערניש".

יאָ, אין דער נאַכט-פינסטערניש האָט קריסטאָף צום ערשטן מאָל דערזען די געטלעכקייט, אין דער נאַכט-פינסטערניש האָט ער צום ערשטן מאָל דערשפּירט דעם ריח פון בלומען, פרוכט און ליבע — ניריקע לייבער — דעם ריח, וועלכער האָט אַרויפגעשטיגן אין אַ ספּאַזמע פון שגעון און תּענוג. אין דער נאַכט-פינסטערניש האָט ער צום ערשטן מאָל דערזען, דערפילט און ליב געקראָגן מיט דער גאַנצער קראַפט אין אים דעם שגעון פון לעבן צוליב דעם שגעון פון לעבן גופא! און פון דעמדאָזיקן ערשטן מאָל אויף אַלעמאָל ביז צום לעצטן

מאָמענט פון זיין לעבן האָט קריסטאָף אין דער נאַכט־פינסטערניש, אין דעם כאַאָס, אין דעם שגעון דערזען די ליכטיקייט, די קאָסמישע האַרמאָניע, די פאַרנונפטיקייט און דאָס אייביקע לעבן!

גאָר אַ קורצע צייט פאַר זיין אַוועקגיין פון דער זינדיקער וועלט, האָט קריסטאָף אין בין־השמשות שפּאַצירט הינטער דער שטאָט, איבער די פעלדער, איינגעהילט אין געדיכטע נעפּלען, און געטראַכט „וועגן די געדיכטע נעפּלען, וואָס רינגלען אַרום זיין לעבן, וועגן די געליבטע וועזנס, וואָס האָבן געפונען אין דער ערד זייער אייביקע רו און אַ מקום־מקלט אין זיין האַרץ און וועלכע וועלן צוזאַמען מיט אים איינ־געשלונגען ווערן דורך דער צופאַלנדיקער נאַכט. פאַרפאַלן! וואָס קאָן מען טון! איך האָב נישט קיין מורא, אָ נאַכט, וואָס דו ביסט די מאַמע פון ליכט! אויפן אָרט פון איין שטאַרבנדיקן שטערן, וועלן אויפפלאַ־קערן טויזנטער נייע שטערן. דער תּהומיקער חלום באָדט זיך אין ליכ־טיקייט. פונקט ווי אַן איבערגעפילט גלאָז מיט קאָכעדיקער מילך. דו וועסט מיך קיינמאָל נישט בייקומען, דער אָטעם פון טויט וועט אויפסניי צעפלאַקערן מיין לעבן".

געלעבט האָט קריסטאָף זיין אייגן לעבן אַזוי אינטענסיוו, אַזוי פולבלוטיק און פולזאַפטיק, און געפילט האָט ער אַזוי שטאַרק יעדן שאָרך, יעדן ציטער, יעדע וויברירונג פון דעם לעבן אַרום און איבער אים, און געליבט האָט ער אַזוי שטאַרק דאָס לעבן צוליבן לעבן גופא, און אַזוי טייער און ליב איז אים געווען אַלץ, פון וואָס דאָס לעבן שלאָגט אַרויס און דורכוואָס דאָס לעבן שלאָגט זיך דורך, אַז עס איז פּשוט אוממעגלעך געווען פאַר זיין פאַנטאַזיע זיך און אים צו מאָלן ערגעץ־וואו אַן אַבסאָלוטן איבעררייס פון זיין אייגן אָדער עמעצן אַנדערש לעבן. ער האָט זיך געקאָנט מאָלן אַלערליי געשטאַלטן, פאַר־מען און צושטאַנדן פון לעבן און אַלערליי איבערגאַנגען פון איין פאָרם צו אַן אַנדערן פאָרם, פון איין צושטאַנד אין אַן אַנדערן צושטאַנד, אָבער בשום אופן נישט — אַן איבערגאַנג פון לעבן צו נישט לעבן, און אריינשפרונג — נישט מיר נישט דיר — פון דעם קעניגרייך פון לעבן אין אַ תּהום פון טויט.

שטאַרקע און לעבנספולע מענטשן, מענטשן, וואָס קאָנען אָן שאָדן צו וועמען עס איז עקספּלואַטירן די נאַטור און דאָס לעבן אַרום זיי פאַר

זייער אייגענער פֿאַרטיפֿונג פֿון גייסט און פֿאַר זייער אייגענער גליקזע־ליקייט, וואָס קומט מיט גייסט־דערהויבונג און גייסט־פֿאַרטיפֿונג — — אַזעלכע מענטשן איז שווערער פֿאַר אַנדערע איבערצוטראָגן גייסט־פֿאַר־פֿלאַכונגען און וואָכעדיקייטן און אומזעליקע אומגליקלעכקייטן, און דעריבער טראַכטן דווקא אַזעלכע מענטשן פֿון צייט־צו־צייט וועגן זעלבסט־מאָרד, און אַמאָל באַגייען זיי אים טאַקע אויך. קריסטאָף, ווי איינער פֿון זיי, טראַכט וועגן זעלבסטמאָרד, און איינמאָל באַשליסט ער טאַקע אַרי־בערצוגיין פֿון טראַכטעניש צו טאַט. אָבער אָט באַלד טוען זיך אַן עפֿן אַלע אָפּגרונטן פֿון זיין נשמה און עס טוט אַ שלאָג אַרויס אַן אַלץ אויספֿילנדיקע און אַלץ איבערפֿילנדיקע ליבע צו דער נאַטור און צום לעבן — אַ ליבע, וואָס מיט איר פֿייער שמעלצט זי איבער אַלע ליידן און יסורים אין גליקזעליקייטן.

„קריסטאָף" — שרייבט ראָלאַן — „האָט זיך צוגעהערט, אָנגע־שפּאַרט אין אַ בוים, געקוקט אויף דער פֿרילינגדיקער ערד, עס האָט אים אַרומגענומען די שלוה און פֿרייד פֿון די באַשעפֿענישן: ער האָט פֿאַרגעסן, פֿאַרגעסן — — פּלוצלינג האָט ער אַרומגענומען מיט די הענט דעם שיינעם בוים, אָן וועלכן ער האָט געהאַלטן אָנגעשפּאַרט זיין באַק, ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף דער ערד, איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין גראָז און נערוועיש געלאַכט, געלאַכט פֿון גליק. די גאַנצע שיינקייט, דער חן, דער צויבער פֿון לעבן האָט אים אַרומגענומען, איינגעזאַפּט זיך אין אים, דורכגעדרונגען אים ווי אַ שוואָם.

ער האָט געטראַכט:

פֿאַרוואָס ביסטו אַזוי שיין, און זיי — די מענטשן — אַזוי מיאוס?

נישט וויכטיק! ער האָט זי ליב געהאַט, ער האָט געפֿילט, אַז ער וועט זי שטענדיק ליב האָבן, אַז קיין זאַך וועט זי ביי אים נישט צונע־מען. ער האָט אַרומגענומען פֿאַרשיכורט די ערד. ער האָט אַרומגענומען דאָס לעבן.

כ'האָב דיך! ביסט מיינע. זיי וועלן דיך נישט צונעמען ביי מיר. זאָלן זיי טון וואָס זיי ווילן! זאָלן זיי מיר אָנטון יסורים! — ליידן — איז נאָך אַלץ לעבן!

און אַזוי שטאַרק ווי קריסטאָף האָט געקענט ליב האָבן די ערד,

דעם בוים, די נאַטור, דאָס לעבן, אַזוי שטאַרק האָט ער אויך געקענט ליב האָבן די מענטשן, און דערהויפּט זיינע פריינט און געליבטע, ליב האָבן יעדן איינעם, וואָס האָט ווען עס איז אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן געבראַכט גליק און גליקזעליקייט זיין ווען. און ליב האָט ער זיי געהאַט סיי ווען זיי זענען געווען מיט אים, נאָענט צו אים, סיי ווען זיי זענען נישט געווען מיט אים, ווען זיי זענען געווען ווייט אַוועק פון אים, ליב האָט ער זיי געהאַט, ווען זיי האָבן געלעבט, און נישט אויפגעהערט האָט ער זיי קיינמאָל צו ליבן, ווען זיי זענען שוין געווען טויט. זיין ליבע צום לעבן האָט אים געטריבן צו פאַרלייקענען זייער טויט דערמיט, וואָס ער האָט זיי געלאָזט לעבן אין זיין נשמה, אין זיין גייסט און זיין גאַנץ לעבן.

סאַבינע איז די ערשטע פרוי, וואָס אין איר פאַרליבט זיך קריסטאָף ווי אַ דערוואַקסענער מענטש שוין, ווי אַ יונגערמאַן און נישט קיין יינגל. סאַבינע שטאַרבט איידער קריסטאָפס ליבע צו איר און איר ליבע צו אים האָט זיך רעכט פונאַנדערגעבליט. און אין דעם אָוונט, ווען צוריקקומענדיק פון אַ רייזע, געפינט ער עס אויס, דערמאַנט ער זיך „ווען זיין האַנט איז געלעגן אויף איר קליינעם באָרוועסן פוס. אירע קליינע פיסלעך, וואו זענען זיי איצט? ווי קאַלט עס מוז זיי זיין?! — — ער האָט געטראַכט, אַז די וואַרעמע באַרירונג איז דער איינציקער זכר פון דעם טייערן קערפּער. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט זי אָנצורירן, צו נעמען זי אין די אָרעמס. זי איז אַוועק אויף דער אמתער וועלט אינגאַנצן פאַר אים אומבאַקאַנט. — — — עס איז אים קיין זאַך נישט פאַרבליבן אויסער זיין ליבע צו איר, אויסער ער אַליין".

זי מוז אָבער — אַזוי באַשליסט קריסטאָף — בלייבן לעבן. זיין טייערע סאַבינע וועט נישט שטאַרבן. זי וועט נישט פאַרלוירן גיין אין דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ. זי וועט לעבן אינם זכרון פון אים — קריסטאָפן, וועלכער האָט זי אַ קורצע צייט געקענט און נישט דערקענט און דאָך שטאַרק געליבט.

פאַר אַ געוויסער צייט פלעגט קריסטאָף קומען צום בערגעלע ערד, אונטער וועלכן סאַבינעס קערפּער איז געלעגן, און ווען זיין קומען צו סאַבינעס קבר שרייבט ראָלאַן פּאָלגנדיקס: „ווי נאָר ער

פֿלעגט אַהינקומען, האָט ער זיך געלייגט אויף דער ערד — אויף דער זעלביקער ערד, וואו איר קערפּער איז געלעגן — ער האָט צוגעמאַכט די אויגן — און זי האָט אים אַרומגעהילט. ער האָט נישט געזעען מער אירע שטריכן, נישט געהערט מער איר שטים: ס'איז געווען איבעריק, זי איז אַריין אין אים, זי האָט אים דורכגענומען, באַהערשט. אין דעם מצב פֿון ליידנשאַפֿטלעכע דמיונות האָט ער נישט געוואוסט, וואָס מיט אים קומט פֿאָר, ער האָט געוואוסט נאָר דאָס, אַז ער איז מיט איר".

און דערדאָזיקער באַוואוסטזיין קריסטאָפֿס אין דעמדאָזיקן מאָמענט, איז געוואָרן אַ באַשטענדיק און אומאויפֿהערלעך אָנרעגנדיקע קראַפֿט אינם גאַנצן אַנטוויקלונגס־גאַנג פֿון קריסטאָפֿס לעבן. דערדאָזיקער נישט לאַנג אָנהאַלטנדיקער באַוואוסטזיין האָט נישט אויפֿגעהערט אויף אַ באַוואוסטן, און נאָכמער אויף אַן אומבאַוואוסטן אופֿן, צו ווירקן אויף דער פֿונאַנדערבליאונג און פֿונאַנדערצווייגונג פֿון קריסטאָפֿס לעבן. ער האָט נישט אויפֿגעהערט צו זאַפּטיקן זיינע געפֿילן, פֿאַרבן זיינע געדאַנקען און רעגן זיינע שאַפֿונגס־כוחות.

נישט אַלע האָבן שאַפֿונגס־כוחות, אַלע מענטשן אָבער פֿאַרמאָגן געפֿילן און געדאַנקען, וואָס קאָנען געזאַפּטיקט און געפֿאַרבט ווערן פֿון טיפֿער ליבע צו איינעם אָדער צו איינער אַ גאַנץ לעבן נאָכדעם, ווי דער איינער אָדער איינע איז שוין טויט. דער מענטש, וועמען איך האָב איצט אין זינען, איז די העלדין פֿון בוך „זשאַן קריסטאָף" מיט דעם נאָמען מאָדעסטאַ, וועלכע קאָן אויך, ווי קריסטאָף, שעפּן גליקזעליקייט פֿון אַ בערגעלע ערד, אַדאַנק דעם, וואָס אונטער אים ליגט איינער, פֿאַר וועמען איר האַרץ האָט זיך געצאַפּלט בעת ער איז געווען צווישן די לעבעדיקע.

## ג.

אונטער דעמדאָזיקן בערגל ערד, וועלכעס מיר האָבן נאָר־וואָס דערמאָנט, איז געלעגן גאָטפריד — קריסטאָפס פעטער, זיין מוטערס אַ ברודער. און דער וועזן, אין וועמענס זכרון ער איז געבליבן לעבן, און וועמענס נשמה ער האָט אויך נאָך זיין טויט אָנגעפילט מיט גליק־זעליקייט, איז געווען דאָס בלינדע מיידל מאָדעסטאַ.

גאָטפריד איז געווען איינער פון די מענטשן, וועלכע געפינען זייער גליק און גליקזעליקייט אין לעבן אין דעם, וואָס זיי ווילן נישט פון דער אַרומיקער וועלט און פון דעם לעבן אַרום זיי קיין שום זאַך מער, ווי די וועלט און דאָס לעבן גיט זיי פון זיך אַליין, אָן וועלכער עס איז אָנשטרענגונג פון זייער זייט. „ער האָט זיך — אַזוי דערציילט וועגן אים מאָדעסטאַס מוטער — קיינמאָל נישט געקלאָגט, ער האָט שטענדיק געפונען אַ זכות אין יעדער נישט אָנגענעמער זאַך. בעת ער האָט געטון אַ שווערע אַרבעט, האָט ער זיך תּמיד געפרייט, ווי גוט עס וועט זיין ביינאַכט אין בעט, און ווען ער האָט געליטן, פלעגט ער זאָגן, ווי גוט עס וועט זיין, ווען ער וועט אויפהערן צו ליידן“.

און קריסטאָף, טראַכטנדיק וועגן דעם ליבן פעטער זיינעם, כאַראַקטעריזירט אַזוי די נשמה פון דעם, וועלכער איז אַוועק, נישט לאָזנדיק זיך דערקענען און נישט קענענדיק אפשר זיך אַליין: „איר גאַנצע חכמה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט קיין חכמה נישט געוואָלט, וואָס זי האָט נישט געוואָלט אָנוואַרפן איר ווילן דעם לעבן, נאָר זיך געלאָזט מיט זיין שטראָם, עס אויפגענומען און ליב געהאַט — — — ער האָט אָנשטאָט ווערטער פון מענטשלעכן בונט קעגן דער נאַטור, געבראַכט אַ ביסל גלייכמוטיקן פרידן פון דער נאַטור און געטרייסט דערמיט זיין אונטערטעניקע נשמה. ער האָט געטון גוטס, ווי די פעלדער, ווי די נאַטור אַליין, וואָס האָט זיך אין אים איינגעזאַפּט“.

דערדאָזיקער גאָטפריד האָט זיך פאַרליבט אין מאָדעסטאַס מוטער, און ווי ער האָט נישט אָנגעוואָרפן זיין ווילן דעם לעבן, אַזוי האָט ער אויך נישט אָנגעוואָרפן זיין ווילן דער ליבע. ער האָט נישט געפאָדערט,

נישט געמאָנט קיין שום זאַך פֿון דער, וועלכע ער האָט ליב געהאַט. ער האָט זיך אויך נישט גערעכנט דערמיט, וואָס די, וואָס ער האָט ליב געהאַט, האָט התונה געהאַט פֿאַר אַן אַנדערן. ער האָט נישט פֿאַרפֿעלט צו קומען צו איר און צו איר פֿאַמיליע יעדעס יאָר, פֿאַרברענגען אַ אַ ווײַלע און זיך ווײַטער גיין זײַן וועג אַ צופֿרידענער און אַ גליקגעזעלקטער.

איין מאָל בלויז איז גאָטפֿריד געבליבן לענגער ווי ווען עס איז פֿריער, און דאָס איז געווען אין דעם יאָר, ווען עס האָט פּאַסירט דאָס אומגליק מיט מאָדעסטאַן. מאָדעסטאַ, אַ שיין געזונט מיידל, ווערט פֿון אַ האַסטיקן זעץ אין אויג פֿון אַ באַרנעבוים־צווײַג אין אַ קורצער צײַט בלינד אויף בײדע אויגן. די שטענדיק־פֿריילעכע און לאַכנדיקע מאָדעסטאַ פֿאַלט אַרײַן אין אַ פֿאַרצווייפֿלטן טרויער און וויל שטאַרבן. זי וויינט און קלאָגט בײַטאָג און בײַנאַכט, זאָגט זיך אָפּ פֿון עסן און טרינקען, וויל זיך וואַרפֿן אין וואַסער אַרײַן. די אַרומיקע האַלטן זי אָפּ, אָבער קיינער קען איר קיין טרייסט נישט געבן, קיינער קען איר נישט געבן קיין מוט און ווילן צום לעבן, ביז עס קומט אויף זײַן יערלעכן באַזוך גאָטפֿריד.

„גאָטפֿריד האָט זיך געזעצט לעבן איר, נישט געגעבן קיין שום אָנצוהערעניש וועגן איר אומגליק און גענומען רעדן שטיל, ווי ער פֿלעגט עס טון פֿריער. ער האָט מיט קיין איין וואָרט נישט אויסגעדריקט זײַן מיטלייד, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט באמת נישט באַמערקט, אַז זי איז בלינד — — ער האָט עס געמאַכט אײנפֿאַך ווי אַ נאַטירלעכע זאַך, מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז ער אַליין איז אויך געווען אַ בלינדער. פֿון אָנהייב האָט זי נישט געהערט און אָן אויפֿהער געוויינט, נאָר צומאָרגנס האָט זי שוין געהערט בעסער און אפֿילו אַליין גענומען אַ ביסל רעדן — — —".

און אַזוי הערנדיק גאָטפֿרידן רעדן און אַליין רעדנדיק, וועקן זיך אויף מיטאַמאָל געפֿילן אין דער נשמה פֿון מאָדעסטאַן, וועלכע זי האָט פֿריער נישט פֿאַרמאָגט. זי קריגט ליב מיט איר גאַנצער נשמה די נשמה פֿון גאָטפֿרידן, און דורכדעם ווערט איר שוין ליב און טײַער, זינפֿול און ווערטפֿול איר לעבן ווי עס איז, דאָס לעבן, וואָס אויב עס זעט נישט, פֿילט עס אָבער גאָטפֿרידן, און דורך אים — די

גאַנצע וועלט אַרום. אין אַ צייט אַרום גייט זיך גאָטפריד ווייטער אַוועק אין זיין וועג אריין, אָבער נישט אַוועק איז שוין קיינמאָל די ליבע צו אים פון דער בלינדער מאַדעסטאַ, נישט אַפילו נאָכדעם ווי ער איז שוין אינגאַנצן פון דער וועלט אַוועק, נישט נאָכדעם ווי זי האָט גערעדט צו אים דאָס לעצטע מאָל — גערעדט מינוטן לאַנג צו אים, ווען ער איז שוין געווען טויט, גערעדט און גערעדט, נישט וויסנ־דיק, אַז ער איז שוין טויט.

און ווען אין אַ צייט אַרום קומט אַריין צו זיי אין הויז אויף אַ גאַנץ צופעליקן אופן קריסטאָף, און ווען מאַדעסטאַ ווערט געוואויר, אַז ער איז גאָטפרידס אַ געשוועסטער־קינד, בעט זי אים אַלץ איר צו דערציילן וועגן גאָטפרידן, זי אַליין אָבער שווייגט. „אירע זכרונות זענען געווען איר אייגנטום, זי האָט זיך מיט זיי נישט געוואָלט טיילן מיט אַן אַנדערן. זי האָט אַריינגעלייגט אין איר ליבשאַפט די עקשנות פון אַ פויערטע, וואָס איז צוגעבונדן צו איר ערד: עס איז איר גע־ווען נישט אָנגענעם צו טראַכטן, אַז אַ צווייטער האָט ליב גאָטפרידן פונקט ווי זי, אייגנטלעך האָט זי גאָרנישט געוואָלט אין דעם גלייבן".

געטיילט זיך מיט אַלע אירע געפילן צו גאָטפרידן, האָט מאַ־דעסטאַ נאָר מיטן בערגל ערד, אונטער וועלכן גאָטפריד איז געלעגן און וועלכעס זי פלעגט זייער אָפט באַזוכן. אויך קריסטאָפן האָט זי איינגעלאַדן אַ קוק טון אויף דעם בערגל ערד, און געזעען האָט קריסטאָף ווי „מאַדעסטאַ האָט מיט פאַרבראָכענע פינגער תפילה געטון, רירנדיק שטיל מיט די ליפן. דערנאָך איז זי אַרומגעגאַנגען אויף די קני אַרום קבר, טאַפנדיק מיט די הענט די גראָזן און בלומען, ווי זי וואָלט זיי געגלעט. אירע בלויע פינגער האָבן געזעען, זיי האָבן שטיל געפליקט די טויטע אַאיר־שטענגעלעך און די פאַרוויאַנעטע פיילכעלעך. אויפשטייענ־דיק, האָט זי זיך אָנגעשפאַרט מיט דער האַנט אין דער מצבה, קריס־טאָף האָט געזעען, ווי אירע פינגער לויפן גיך אַדורך איבער גאָטפרידס נאָמען, אָנרירנדיק יעדעס אות".

אויף קריסטאָפס פראַגע, צי איז זי גליקלעך, ענטפערט זי:

„ — — — אָך, יאָ, איך בין זייער גליקלעך!"

קריסטאָף, דער געניאַלער מוזיקער, און מאַדעסטאַ, דאָס פשוטע

לחלוטין-אומוויסנדיקע מיידל — זיי ביידע שעפן — מאָדעסטאַ אויסשליסלעכן, קריסטאָף אַלץ איינשליסנדיקן גליק און גליקזעליקייט פון דער ליבע צו דעם, וועמעס פיזישע געשטאַלט ליגט אונטער אַ בערגעלע ערד. פאַר מאָדעסטאַן, ווי פאַר קריסטאָפן, רייסט דער טויט נישט איבער די ליבע-פעדעם, וואָס האָבן אָנגעקניפּט און פאַרבונדן די ערשטע — צום פאַרשטאָרבענעם גאָטפרידן, דעם אַנדערן — צו דער פאַרשטאָרבענער סאַבינע. און גאָטפריד, ווי סאַבינע, זענען אַוועק אויף יענער וועלט אינגאַנצן אינערלעך-אומדערקענטע צו די, וועלכע האָבן זיי ליב געהאַט. די ליבע צו גאָטפרידן, ווי די ליבע צו סאַבינען, האָבן נישט געטראָגן אין זיך קיין סימנים פון רעאַליזירונג, קיין סימנים פון מעגלעכקייטן פאַר די פרוכטן, וואָס קאָנען געבראַכט ווערן פון דער פינאַנדערוואַקסונג, פונאַנדערבליאונג און פונאַנדערצווייגונג פון דער ליבע. נישט געטראָגן האָט אין זיך דידאָזיקע ליבע קיין סימנים פון דעם, צוליב וואָס די נאַטור האָט, ווי מען קאָן אָננעמען, געלאָזט די ליבע זיך אַנטוויקלען, ווי אַ מיטל צו אַ ציל. דער מענטש אָבער, די איבערנאַטור אין אים, האָט געמאַכט פון דעם מיטל גופא אַ דערהויבענעם ציל, אַן אַבסאָלוטן צוועק. איר ליבע איז געוואָרן אַ זעלבסטצוועק. נאַטירלעך מוזן זיך פונאַנדערבליען די ביימער, כדי עס זאָלן קומען די פרוכטן פון זיי, וועלכע זענען אַבסאָלוט נויטיק פאַר דעם מענטשס פיזישער דערהאַלטונג. די בליאונגען גופא אָבער פון די פרוכטביימער זענען אַבסאָלוט נויטיק פאַר דעם מענטשלעכן אויג, אַבסאָלוט נויטיק פאַר זיין גייסטיקער דערהאַלטונג, וויכטיק ביז גאָר פאַר זיין עסטעטיש געפיל, וועלכעס איז, ווי איך באַשטיי, גלייכווערטיק מיט אַלע אַנדערע געפילן זיינע.

די ערד-בערגלעך, אונטער וועלכע עס זענען געווען — אונטער איינעם סאַבינע, אונטערן אַנדערן גאָטפריד, — האָבן אַריבערגעטראָגן אויף אַ קירצערער אָדער לענגערער צייט קריסטאָפן און מאָדעסטאַן פון ליבע-צושטאַנדן אין אַלערליי אַנדערע נשמה-צושטאַנדן און אין אַ סינטעטישן צושטאַנד פון אַלערליי קולטור-אויסדרוקן אין איינעם גענומען. סיי מאָדעסטאַ, סיי קריסטאָף זענען אַוועק פון דידאָזיקע בערגלעך מער גייסט, מער קולטור-פאַרטיפטע מענטשן, יעדער איינער פון זיי אויף זיין שטייגער, יעדער איינער פון זיי לויט

די אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן און אַנטוויקלונגס פעיקייטן, מיט וועלכע ער איז געקומען אויף דערדאָזיקער וועלט. און אונז, די לייענער, פאַרטיפן און דערהויבן פילאָזאָפיש, מאָראַליש און רעליגיעז אָט דידאָזיקע פון ראָלאַנען געמאָלענע בערגלעך נישט ווייניקער און אפשר נאָך מער ווי וועלכע עס איז בילדער פון ריין מאָראַלישע, ריין פילאָזאָפישע אָדער ריין רעליגיעזע באַציאונגען.

דידאָזיקע בערגלעך און די באַציאונגען פון די, וואָס אַרום די בערגלעך צו די, וואָס זענען אונטער די בערגלעך, צווינגען אַרויף אויף אונז טראַכטענישן און נאָכדענקענישן וועגן די שייכותן צווישן די צוויי וועלטן — דער וועלט און יענער וועלט און פון די ביידע וועלטן צו דער איבערוועלט, און פון דער איבערוועלט צו דעם, וואָס איז איבער און אין אַלע וועלטן, און פון דעמדאָזיקן איבערוועזן צו די אַלע וועזנס און צו די אַלע וועלטן בכלל, און צו אונז מענטשן בפרט, און פון די מענטשן צו אים, און דורך אים צו די מיטמענטשן. דורך דידאָזיקע טראַכטענישן און דענקענישן, אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זענען באַגלייט פון קאָנקרעטע געשטאַלטן, קאָנקרעטע קעגנשטאַנדן און קאָנקרעטע געשעענישן, ווערן מיר אַרייַנגעפירט און אָפט אַרייַנגעשליידערט אין אַלערליי איבערלעבונגען — איבערלעבונגען פון ליבע, פון מיסטיק, פון עטיק און פון רעליגיעזיטעט. און דורך די איבערלעבונגען נאָך מער, ווי דורך די טראַכטענישן און דענקענישן, ווערן אונזערע וועזנס, אונזער גייסט, אונזער נשמה און אפילו אפשר אונזער פיזיק געריייניקט און געלייטערט, פאַרטיפט און דערהויבן, געאיידלט און פאַרשענערט.

און וואָס גאָטפריד איז געווען צו דער בלינדער אומוויסנדיקער פשוטער פויערטע מאָדעסטאַ, איז זשאַן קריסטאָף געווען צו אַנטואַנעטן און נאָך אַ אויף פיל מער מיסטעריעזן אופן. און אַנטואַנעט איז אויך געוואָרן צו קריסטאָפן דאָס, וואָס מאָדעסטאַ איז נישט געווען צו גאָטפרידן. גאָטפריד האָט באַלד, ווי מאָדעסטאַ איז בלינד געוואָרן, פאַרבראַכט מיט איר שעהן לאַנג יעדן טאָג פאַר אַ סך טעג, און נאָכדעם פאַר עטלעכע יאָר באַזוכט זי יעדן יאָר. קריסטאָף אָבער טרעפט אַנטואַנעטן איינמאָל אויף אַ גאַנץ צופעליקן אופן אין טעאַטער, און אַ צווייט מאָל זעט זי אים בלויז פאַר עטלעכע סעקונדן פון פענסטער

פון איר וואַגאָן, און ער זי דורכן פענסטער פון זיין וואַגאָן. „צופעליק האָט זיך איר צוג געטראָפן אין וועג מיט יענעם צוג, אין וועלכן קריס־טאָף איז געפאָרן פון דעם נאָענטן שטעטל — — — — די צוגן זענען געבליבן שטיין עטלעכע מינוט, און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט אין דער שטילער נאַכט און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט — — אין דער־דאָזיקער לעצטער מינוט, בעת זיי האָבן זיך אומבאַקאַנטערהייט איבער־געקוקט, האָבן זיי זיך ביידע געזעען אַזוי דורכזיכטיק, ווי זייער סביבה האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געזעען".

באַשרייבנדיק זייער קורצווייליק איבערקוקן זיך איינער מיט דעם אַנדערן, גיט ראָלאַן צו: „אַלץ פאַרשווינדט: דער זכר פון אַ וואָרט, אַ קוש, די אומאַרמונג פון געליבטע — אָבער דער בונד פון צוויי נשמות, וואָס האָבן זיך באַרירט און דערקענט איינער דעם צווייטן צווישן אַ המון פון פאַרבייגייענדיקע פנימער — דערדאָזיקער בונד ווערט קיינמאָל נישט פאַרווישט. אַנטואַנעט האָט מיטגעטראָגן קריסטאָפן אין איר האַרץ, וואָס איז פול געווען מיט צער, און וואָס האָט אָדער געשמייכלט מיט אַ פאַרבאָרגן פון ערגעץ טיף־שטראָמענדיקן ליכט, אַ בלייכע, צאַרטע שיין, ענלעך, צו יענעם ליכט, וואָס הילט אַרום גלוקס „גן־עדן־ריחות".

דאָס האַרץ פון קריסטאָפן איז נישט געווען זיין גאַנץ לעבן פול מיט אַזאַ צער, ווי דאָס האַרץ פון אַנטואַנעטן. פילטאָניקער, פילפאַרבי־קער, רעשיקער און רייכער אין אינהאַלטן און אינטערעסן איז געווען קריסטאָפס לעבן אין פאַרגלייך מיטן לעבן פון אַנטואַנעטן, אָבער זיין האַרץ ווי איר האַרץ, זיין נשמה ווי איר נשמה זענען מענטשלעכע הער־צער, מענטשלעכע נשמות, און דערצו ביידנס הערצער און ביידנס נשמות — נשמות פון איידעלע, טיפע און דערהויבענע וועזנס. און דער־פאַר האָט אויך קריסטאָף אין יענעם מאָמענט, ווען זייערע בליקן „זענען פאַרזונקען געוואָרן איינער אינעם אַנדערנס אויגן", מיטגעטראָגן אויף שטענדיק אַנטואַנעטן אין זיין האַרץ, כאָטש ער האָט שוין מער אין זיין לעבן קיין וואָרט נישט גערעדט צו איר. און די גאַנצע ליבע, וואָס איז, ווייזט אויס, געלעגן אין זיין נשמה בכוח פאַר אַנטואַנעטן, איז געקומען צום אויסדרוק, אָדער, בעסער געזאָגט, מגולגל געוואָרן אין זיין ליבע צו איר ברודער אָליווער. פון אים, פון דעם ברודער, ווען ער באַקענט

זיך מיט אים, געפינט ער אויס, אַז אַנטואַנעט איז געשטאָרבן, און אַז דער איינציקער עדות וועגן איר שטאַרקער ליבע צו קריסטאָפן איז דער בריוו צו אים, וואָס אָליווער האָט געפונען צווישן אירע פּאַפּירן, און אַז אויך זי האָט פאַרן טויט זיך דערוואוסט וועגן קריסטאָפס ליבע צו איר דורך דעם שטיק מוזיק, וואָס אָליווער האָט איר געבראַכט פאַרפּאַסט פון זשאַן קריסטאָף און געווידמעט „מיין טייערן, אומגליקלעכן קרבן" — ווערטער, וואָס נאָר זי, אַנטואַנעט, האָט געקענט וויסן, אַז דאָס מיינט: „מיין טייערער אַנטואַנעט". און וויסן האָט זי דאָס געקענט צוליב דעם באמת מיסטישן צונויפטרעף אירן מיט אים אין טעאַטער אינם קליינעם שטעטל — אַ צופעליקער צונויפטרעף, צוליב וועלכן, דורך אַ שלעכטן אויסטייטש און פאַרשטענדעניש, זי האָט פאַרלוירן איר שטעלע אַלס גוווערנאַנטקע.

און וואָס מער מיר לייענען וועגן די פאַרשידענע, טיפע, שיינע און שטאַרקע ליבעס — יעדע ליבע מיט אירע באַזונדערע שאַטירונגען, אירע באַזונדערע ניואַנסן, באַזונדערע זאַפטן און פאַרבן — ליבעס, וואָס קריסטאָפס נשמה האָט געטראָגן צו פאַרשידנאַרטיקסטע פרויען-געשטאַלטן, און וואָס מער אונזער זכרון דרינגט אַרויף אויף אונז דעם פאַקט, אַז זשאַן קריסטאָף איז געקומען אויף דער וועלט נישט ווי אַ פּראָדוקט פון ליבע, נישט ווי אַ פּראָדוקט פון ראָמאַנטיק — אַלץ אין מער מיסטעריעזקייט, מער פאַרבאָרגנקייט, מער אומדערקלער-באַרקייט קליידן זיך אָן פאַר אונז גאָטס וועגן און דעם שיקזאַלס קאַפּריז.

וועגן קריסטאָפן זאָגט אונז ראָלאַן, אַז „ער האָט נישט געקאָנט לעבן, ער זאָל וועמען עס איז נישט ליב האָבן, נאָר זעלטן ווען איז זיין האַרץ געווען פּוסט: שטענדיק האָט געוואוינט אין אים עפּעס אַ שיין בילד, וואָס איז געווען זיין אָפּגאָט, אַלץ איינס, צי ווייסט דער אָפּגאָט, אַז ער האָט אים ליב אָדער נישט, דער עיקר איז ביי אים געווען די באַדערפעניש ליב צו האָבן. עס איז נויטיק געווען דאָס פייער זאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן, און די נאַכט זאָל נישט פאַרפינצטערן זיין האַרץ".

עס איז שוין אָבער אין דער טבע פון אַ ליבנדיק האַרץ, אַז עס זאָל געליבט ווערן. און הערצער גאָר פיל האָבן געקלאַפּט מיט שטאַר-

קער ליבע, וואָס דאָס מיינט, אַז וועזנס גאָר פיל זענען פאַרטיפט און פאַרשענערט געוואָרן, דערהויבן און געגליקזעליקט געוואָרן פון זייער ליבע צו קריסטאָפן, ווי ער איז עס געוואָרן דורך זיינע ליבעס צו זיי. די פאַרטיפונג און פאַרשענערונג, די דערהויבונג און די גליקזעליקייט זענען געווען און געבליבן די איינציקע פועל־יוצאס, די איינציקע פראָדוקטן און רעזולטאַטן פון דער ליבע. און דעם שיינעם, טיפן, גרויסן מענטש און געניאַלן מוזיקער זשאַן קריסטאָף האָט דער שיקזאַל באַשטימט צו זיין דער פראָדוקט פון אַ חתונה אָן ליבע!

וואָס־זשע באַטייט עס פאַר אונז מענטשן, וואָס דאַרפן מיר און וואָס זאָלן מיר לערנען דערפון? מיר דאַרפן און זאָלן דערפון לערנען, גלייב איך, אַז מיר, מענטשן, דאַרפן זיך רעכענען מיט ביידע זאַכן, אי מיט דעם שיקזאַל איבער אונז און אין אונז, אי מיט דעם ווילן, פילן און דענקען אין אונז — אין אונזער אינעווייניקסטן סינטעטישן זעלבסט־באַוואוסטזיין.

דער בלינדקייט פון שיקזאַל מוזן מיר אַנטקעגנשטעלן אונזער זעעוודיקייט, ווי מיר פילן זי. אויף וויפיל אָבער מיר מוזן אָנערקענען אָביעקטיוו די מעגלעכקייט פין דעם, אַז דעם שיקזאַלס בלינדקייט איז אינדעראמתן אַן איבערמענטשלעכע זעעוודיקייט, אויף אַזוי פיל מוזן מיר זיך לערנען און זיך אָנשטרענגען מיט אַלע כוחות אין אונז זיך צו אָריענטירן אין אַלץ, וואָס דער שיקזאַל ברענגט אונז נאָך אַלע אונזערע אים אַנטקעגנשטעלונגען, פונקט ווי מיר טוען עס מיט דעם פאַקט פון זיין ברענגען אונז גופא אויף דער וועלט, נישט אָנפרעגנדיק זיך ביי אונז.

מיר מוזן אָננעמען, אַז וואָס מער דער מענטש וועט ווערן אינדיווידואַליזירט און סוביעקטיוויזירט, וואָס מער ער וועט אַריינוויקלען זיך אין די העכערע ספערן פון קולטור, נישט קענענדיק אין דער זעלביקער צייט זיך קיינמאָל אינגאַנצן אַרויסוויקלען פון אַלע נישט־קולטורקייטן, וועלכע זענען געווען און וועלן בלייבן וויכטיקע פאַקטאָרן אויף דעם גאַנצן גאַנג פון זיין אַנטוויקלונג — אויף אַזוי פיל וועלן די קאָנפליקטן זיינע ווערן שטאַרקער און זיינע פראָבלעמען טיפער, און אים וועט אויסקומען אָפטער זיך אַקעגנצושטעלן דעם שיקזאַל. דער שיקזאַל

מיט זיין איבערמענטשלעכער זעעוודיקייט זעט דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פונם קוק־ווינקל נישט נאָר פונם מענטש, נאָר אויך פונם גאַנצן קאָסמאָס. פון אַ קאָסמישן קוק־ווינקל קאָנען זיין געשעענישן און פּאַסירונגען גוט און פאַרנונפטיק, וועלכע פון אַ מענטשלעכן קוק־ווינקל זענען שלעכט און אומזיניק. דאָס דאַרף דער מענטש אין זינען האָבן נאָך דעם, ווי די געשעענישן און פּאַסירונגען פון שיקזאַל זענען אים באַפאַלן און ער דאַרף זיך אין זיי אָריענטירן. עס איז אָבער אויך פּונקט אַזוי אָביעקטיוו גענומען אמת, אַז דעם מענטשס באַגריפן, זיינע געפילן, זיין ווילן און זיין דענקען גייען אויך אַריין ווי זייער נויטיקע פאַקטאָרן, קרעפטן און מאָטיוון אין דער אַנטוויקלונג נישט נאָר פון דעם מענטש, נאָר פון דעם גאַנצן קאָסמאָס. און דאָס מוז אומבאַדינגט דער מענטש אין זינען האָבן, ווען די צייט דערלויבט אים נאָך, אַזוי צו זאָגן, זיך צו דינגען מיט דעם שיקזאַל פאַר די געשעענישן און פּאַסירונגען, וואָס דער שיקזאַל גרייט זיך אויף אים אָנצושיקן. עס איז דאָך מעגלעך, אַז זיין דינגען זיך גופא איז אַ מין סאָרט דינגען זיך פון דעם שיקזאַל מיט זיך גופא. און דערפאַר איז, ווען דער מענטש פילט, אַז די אָנקומענישן פונם שיקזאַלס באַשטימונגען גייען להיפּוך צו זיינע געפילן, צו זיינע אַספּיראַציעס, צו די שטרעבונגען פון זיין איך און זיין זעלבסט, דאַרף און זאָל דער מענטש, אויב די צייט דערלויבט דאָס, אָדער וויינען און קלאָגן ווי דוד, ווען זיין קינד האָט געגוססט, אָדער שטורמען ווי איוב, ווען מען האָט נישט אַנדערש ווי נאָר אים געוואָלט דערקלערן פאַר אַ זינדיקן, בעת ער האָט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה געפילט זיין ריינקייט און געלייטערטקייט, זיין אומשולדיקייט און גערעכטיקייט.

צו דעם וויינען אָבער און שטורמען קומט אויך צו די גרויסע נויטיקייט פאַר דעם מענטש זיך צו קאָנען אָריענטירן און צו קאָנען באַטראַכטן די אָנקומענישן פונם שיקזאַלס באַשטימונגען נישט ווי אָנשיקענישן, נאָר ווי קאָסמישע אָנפירונגען אָדער אפשר גאָר ווי אַ געשען, וואָס איז נישט געווען אפילו אין די כוחות פון דער העכסטער קראַפט — צוריקצוהאַלטן. וואָס מער און וואָס העכער דער מענטש וועט זיך אַנטוויקלען, אַלץ מער מוז זיין לעבן זיך אַריינוויקלען אין פּראָבּלעמאַטישע קאָנפליקטן, דאָס הייסט אין קאָנפליקטן, וואָס וועלן שטענ־

ריק אָנהאַלטן אַלס אַזעלכע צוליב דער אוממעגלעכקייט זייערער געלייזט
צו ווערן אָדער איינגעשטילט צו ווערן.

אַ פּראָבלעם, וואָלט איך געזאָגט, איז אייגנטלעך עפּעס אַזעלכעס,
וואָס אין זיין נאַטור ליגט דאָס אַנטינאָמישע, דאָס אייביק סתירהדיקע,
עפּעס וואָס איז אין זיין עצם־טבע אומדערלייזבאַר. די פולע אָנערקע-
נונג גופא פון דער אומדערלייזבאַרקייט פון געוויסע קאָנפליקטן און
געוויסע פּראָבלעמען, דאָס אַריינלעבן זיך בלב־ונפש אין דער אומדער-
לייזבאַרקייט פון פּראָבלעם אָדער פון פּראָבלעמען, העלפט דעם מענטש
ביז צו אַ גרויסן גראַד זיך צו קאָנען בעסער, מער מענטשלעך אָדער
אפילו איבערמענטשלעך, צו אָריענטירן אין אַלע שוועריקייטן און פאַר-
פלאָנטערטקייטן, וואָס די פּראָבלעמען ברענגען מיט זיך אָדער טראָגן
אין זיך פאַר דעם מענטש. און וואָס בעסער דער מענטש אָריענטירט זיך
און וואָס מער ער אָנערקענט די אַנטינאָמיעס און סתירות אין אַ קול-
טוריש לעבן, וואָס מער ער אָנערקענט זייער שיקזאַלישקייט, אַלץ גרע-
סער ווערט די מעגלעכקייט צו פאַרוואַנדלען אַלע פריידן און ליידן, אַלע
שרעקן און אומגליקן, וואָס די אַנטינאָמיעס פון דעם פּראָבלעם ברענגען
דעם יחיד — אין זעליקייט, אַמאָל גליקזעליקייט, אַמאָל אומגליקזעלי-
קייט, אָבער אַלעמאָל — אַ זעליקייט. און אַ צושטאַנד פון זעליקייט
איז די זעלטנסטע און גרעסטע מענטשלעכע דערגרייכונג, און דער
ווערטפולסטער ציל און צוועק, צו וועלכן אַ מענטשלעך וועזן דאַרף
שטרעבן. זעליקייט איז דער שטאַרקסטער פאַרבינדונגס־פאָדעם צווישן
דעם מענטשלעכן און איבערמענטשלעכן.

די אָריענטירונג אין אומדערלייזבאַרע און פּראָבלעמאַטישע שווע-
ריקייטן און פאַרפלאָנטערטקייטן קאָן דערגרייכט ווערן אויף צווייערליי
אופנים: איין אופן איז רעזיגנאַציע, און דאָס מיינט דאָס באַגרענעצן
ביז צום סאַמע מינימום די אַבסאָלוט־נויטיקע באַדערפענישן, די אונ-
טערדריקונג ביז צום סאַמע מעגלעכסטן גראַד אַלע באַגערענישן און
ווילעכישן, און אַ חוץ דעם אַלעמען זיך נישט אַריינמישן, נישט ווידער-
שטיין, נישט אַרויסווייזן קיין שום אומצופרידנהייט מיט קיינע פון די
באַשטימונגען פון דעם מענטשלעכן גורל. דער צווייטער אופן פון אָריענ-
טירן זיך איז, וואָס איך וואָלט אָנגערופן, אַקטיוויזאַציע און פּערזאָנאָ-
פיקאַציע. דאָס איז דער אופן פון צו לאָזן קומען צום מעגלעך פולסטן

אויסדרוק און צו אַנטוויקלען אַלץ מער און מער די באַדערפעניש, באַגערן און וועלעניש, אַנטוויקלען זיי אַזוי ברייט, אַזוי טיף און אַזוי הויך, ווי נאָר די פּערזענלעכקייט פון דעם מענטש קאָן זיי אַריינגעמען, ווי נאָר זי קאָן זיי אַלע אַסימילירן, דאָס הייסט אַזוי לאַנג נאָר, ווי זי קאָן זיי מאַכן צו דינען די אינטערעסן פון איר שענערער און טיפערער אַנטוויקלונג. און ווי אַ הויך, טיף און שיין אַנטוויקלטע פּערזענלעכקייט מוז און זאָל דער מענטש מיט אַלע זיינע אַקטיוויטעטן פילן זיך ווי אַ שותּף אין די באַשטימונגען פון אַלע אָנקומעניש פונם שיקזאַל און ער זאָל באַטראַכטן זיינע אָריענטירונגען, זיינע באַגיבעניש און נאָכלאָזע־נישן, ווי אַ טייל פון די אָריענטירונגען, באַגיבעניש און נאָכלאָזעניש פונם שיקזאַל גופא.

ד.

אינס ווערק זשאַן קריסטאָף לאָזט ראָלאַן פאַר אונזערע אויגן זיך אויסלעבן אַ ריי טיפּן פון דעם ערשטן סאָרט, דאָס הייסט פון מענטשן, וועלכע אָריענטירן זיך און פילן זיך געגליקט און געזעליקט אַ דאַנק דער אָריענטירונג דורך רעזיגנאַציע. איינער פון דידאָזיקע מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך שוין באַקאַנט, איז קריסטאָפס פעטער, גאָטפריד.

די איינציקע צוויי זאַכן, וואָס גאָטפריד לאָזט איבער בירושה מאָדעסטאַן און איר פאַמיליע, איז אַ ניגון, וועלכן ער האָט אַמאָל אויס־געלערנט אויך קריסטאָפן, און זיין שטעקן, מיט וועלכן ער האָט, אַ שטילער און אַ צופרידענער, זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגנדיק, געוואַנ־דערט אומעטום און איבעראַל זיין גאַנץ לעבן. „דאָס איז געווען", — דערציילט ראָלאַן — „אַ לאַנגער איינגעבויגענער שטעקן, וואָס זיין גראָב אויסגעשניצט הענטל האָט פאָרגעשטעלט אַ געבויגענעם מענטש, וואָס באַגריסט זיך". דער אָנגעבויגענער שטעקן אין דער געשטאַלט פון אַ געבויגענעם מענטש, וואָס באַגריסט זיך, איז דער סימבאָל נישט נאָר פון קריסטאָפס פעטער גאָטפריד, נאָר פון אַלע גאָטפרידס — פון אַלע, וואָס קומען צו דער אָריענטירונג דורך רעזיגנאַציע. זיי אַלע גייען אַרום

אויף דער וועלט זיך נישט קלאָגנדיק און געפינענדיק שטענדיק אַ זכות אין יעדער נישט אָנגענעמענער זאַך. קריסטאָפס פעטער, ווערן מיר געוואויר, האָט געהאַלטן פאַר נאַטירלעך, וואָס מען לאַכט פון אים, נאַטירלעך, וואָס מען האָט אים נישט ליב, און נאַטירלעך, וואָס די, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן און איז גליקלעך מיט אים.

און ווי גאָטפריד, אַזוי אויך זיין שוועסטער, קריסטאָפס מאַמע, לואיזע. קורצע, דערפאַר אָבער שיינע און טיפע שורות גיט ראָלאַן אַוועק דער באַשרייבונג פון לואיזעס לעצטע שעהן. די דאָזיקע באַשרייבונג כאַראַקטעריזירט לואיזעס נשמה און לואיזעס שטעלונג צו לעבן און טויט, אַ שטעלונג, וואָס ברענגט זי אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון די, וואָס אָריענטירן זיך דורך רעזיגנאַציע. איך וועל ברענגען בלויז אייניקע אויסצוגן פון ראָלאַנס כאַראַקטעריזירנדיקער באַשרייבונג:

„קיינער האָט זיך מיט לואיזען נישט פאַרנומען. אויסער איין שכנהטע, וואָס איז געקומען אַ פּאָר מאָל אין טאָג, געזוימט זיך עטלעכע מינוטן און אַוועקגעגאַנגען. דערצו איז זי געווען זייער אומפּינקטלעך און טיילמאָל פאַרשפּעטיקט. ביי לואיזען איז עס אויסגעקומען נאַטירלעך, וואָס מען פאַרגעסט אין איר. פּונקט ווי זי האָט זיך נישט געחידושט, וואָס זי איז קראַנק. זי איז געווען געדולדיק ווי אַ מלאך: זי איז געוואוינט געווען צו ליידן. זי האָט געליטן אויפן האַרץ און אָפטמאָל געהאָט האַרץ־אַטאַקן. דעמאָלט פלעגט זי מיינען, אַז זי שטאַרבט. די אויגן האָבן זיך איר ברייט צעעפנט. די הענט האָבן זיך געקאָרטשעט אויף דער קאָלדרע און אַ שווייס האָט באַדעקט איר פּנים. זי האָט זיך נישט באַקלאָגט, זי האָט געוואוסט, אַז אַזוי דאַרף זיין און איז געווען צוגעגרייט. זי האָט אָנגענומען די סאַקראַמענטן. נאָר איין דאגה האָט זי געהאָט: טאָמער איז זי נישט ווערט אַריינצוקומען אין גן־עדן, דאָס איבעריקע האָט זי מיט הכנעה מקבל געווען — — — זי האָט געטראַכט וועגן איר טייערן קריסטאָפן, ווי שטאַרק זי האָט געבענקט אים צו זען די רגע, און דאָך האָט זי שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז ער איז נישטאָ. זי איז געווען זיכער, אַז זי וועט זיך זען מיט אים אין הימל. עס איז גענוג געווען צו פאַרמאַכן די אויגן, כּדי אים צו זען. דעם גאַנצן טאָג האָט זי דרימלענדיק פאַרבראַכט אין איר פאַרגאַנגענהייט".

קריסטאָף קומט אָן צו דער לעצטער מינוט.

„זי האָט איבערגעגעבן קריסטאָפן איר גאַנצע ליבע, וואָס זי האָט געפילט צו אירע אַנדערע צוויי זין, וועלכע האָבן אין איר פאַרגעסן. זי האָט אויך איבערגעגעבן אַ וואָרט פאַר אָליווערן, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז ער איז קריסטאָפס אַ פריינט. עס האָט איר ווידער אויסגעפעלט אָטעם, קריסטאָף האָט זי אונטערגעהאַלטן מיטן אָרעם. שווייס האָט זיך איר געגאָסן איבערן פּנים. זי האָט געפּרוווט אַ שמייכל טון. זי האָט געטראַכט, אַז איצט פעלט איר שוין גאָרנישט — — איצט, בעת דער זון האַלט זי פאַר דער האַנט — — זי האָט אַרומגענומען איר זון מיט אַ בליק פון אומענדלעכער ליבע און איז אויסגעגאַנגען".

אויב נישט אין אַלע פּרטים, איז אין גאָר אַ סך פון זיי מאַדאַם אַרנאָ ענלעך צו גאָטפרידן און לואיזען.

גאָר אַ סך געפילן האָבן געבראויזט אויף די גרונטן פון מאַדאַם אַרנאָס נשמה, געוואוסט האָט איר גייסטיק וועזן פון אַ סך וועלענישן און גאַרענישן. נישט געוועזן איז אָבער מאַדאַם אַרנאָ אַקטיוו גענוג, ענערגיש גענוג אויף צו געבן אויסדרוק צו זיי. איינע אַליין אין איר איינזאַמקייט, האָט זי איר גאַנץ לעבן זיך געשטיקט מיט זיי און זיי אַרונטערגעטריבן אַלץ מער און מער אין די אונטערגרונטן פון דער נשמה. דאָס טוענדיק, האָט זי נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע אומצופרידנהייט, די מינדסטע אָנשטרענגונג אויף צו אַנדערשן און ענדערן זאַכן און נישט דעם מינדסטן פּראָטעסט קעגן עמעצן אָדער עפּעס אין דער גאָרער וועלט. מאַדאַם אַרנאָ לעבט איבער אין אירע קינדער-יאָרן שטאַרקע ליבעס צו מיידלעך — — איינע איז אין אירע יאָרן, אַ מיידל אין אַן ערך צוועלף יאָר, וואָס האָט זי טיראַניזירט, „אַ לוסטיק-הערשנדיק בלאָנד טייבעלע, וואָס האָט מיט דער גרעסטער הנאה דערפירט זי ביז צו טרערן און דערנאָך באַדעקט זי מיט קושן". נאָך דעם קומט די באַהערשונג פון אַ שטאַרקער ליידנשאַפט צו אַ פיל עלטערן מאַן, פון וועלכער דערדאָזיקער מאַן האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן. זי אַליין אָבער האָט דערביי דורכגעמאַכט אַ שטאַרקע מסירת-נפש און פאַרשווענדט אוצרות מיט צערטלעכקייט. נאָך דעם פאַרליבט זיך אין איר איינער. צוליב אָבער איר איינגעבוירענער ניכטערקייט און אומצוטרוי צו זיך אַליין, האָט זי נישט געגלייבט, אַז מען האָט זי ליב, און האָט זיך גע-

מאַכט נישט זעענדיק, אַז זי איז אויך פאַרליבט. און אַזוי איז דאָס גליק אַוועקגעפֿלויגן, און זי האָט עס אפילו נישט איבערגעלעבט. און נאָך און נאָך אַזעלכע און אַנדערע נשמה־צערודערונגען פון ליבע אין די יינגערע און אין די מיטעלע יאָרן — צווישן זיי אפילו די „קלענסטע אויפֿמערקזאַמקייט פון אַ פריינט, אַליוועדס אַ גוט וואָרט, וואָס ער אַליין האָט נישט באַמערקנדיק געלאָזט פאַלן, און קריסטאָפס האַרציקע באַזוכן און די פאַרכּישופטע וועלט פון זיין מוזיק — — דאָס אַלץ איז געווען אַזוי אומשולדיק — צעשטראַלט אין האַרץ אַ ביסל זון־ליכט... זי האָט האַרציק ליב געהאַט איר מאַן, הגם ער איז נישט געווען אַזוי ווי זי האָט געטרוימט".

דאָס איז אָנגעגאַנגען אַלץ אינעווייניק אין דער נשמה פון מאַדאַם אַרנאָ. אויסנווייניק אָבער איז געווען רו און שטילקייט, שימל און דרימל, פאַרפרוירנקייט און פאַרגליווערטקייט. „מיט אַ קינדערישן פאַרגעניגן — שרייבט ראָלאַן — האָט זי געפּוצט מעבל, אַרומגעווישט דעם שטויב פון אַלע זייטן און מיט אומענדלעכער פּאָרזיכטיקייט זיי צוריקגעשטעלט אויף דעם פריערדיקן אָרט — — די קלענסטע טאָג־טעגלעכע פליכטן זענען געווען בכּוח זי אינערלעך צו פאַראינטערעסירן: אַ קליין געוויקס, וואָס זי האָט יעדן פרימאָרגן מיט מוטערלעכער זאָרגעוודיקייט גערייניקט זיינע צאַרטע בלעטער. איר שטילע גרויע קאַץ, וואָס האָט מיט דער צייט אָנגענומען די זעלביקע געוואוינהייטן, וואָס זי — — — זייער גליקלעך איז זי געווען נאָך דעם פאַרענדיקטן טאָג אַרבעט אַרום זייגער פיר, ווען זי האָט געקאָנט מיט איר האַנט־אַרבעט און מיט איר קעצל זיך זעצן ביים פייער".

אויף קריסטאָפס פראַגע: זענט איר, הייסט עס, גליקלעך? ענטפערט מאַדאַם אַרנאָ: יאָ, אַזוי גליקלעך, ווי עס איז מעגלעך צו זיין אין לעבן.

דער מערקווירדיקסטער טיפּ פון די טיפּן ביי ראָלאַנען, וואָס אָריענטירן זיך דורך רעזיגנאַציע, איז דאָס בלינדע מיידל מאָדעסטאַ, וואָס מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט.

„קריסטאָף" — שרייבט ראָלאַן — „האָט געטראַכט וועגן מיידל, וואָס איז איינגעהילט אין חושך, וואָס לייקנט אָפּ די פינסטערניש און וויל זיך איינרעדן, אַז דאָס, וואָס איז — איז נישט, און דאָס, וואָס איז

געוועזן — איז נישט געווען. דעמאָלט האָט ער דערזען די גרויסקייט פון דעם דייטשישן אידעאַליזם, וואָס ער האָט אַזוי פיל מאָל געהאַסט — — ער האָט דערזען די שיינקייט פון דעמדאָזיקן גלויבן, וואָס שאַפט זיך אַ וועלט אין אַ וועלט און איז דאָך אַנדערש פון דער וועלט, ווי די כוואַליע אינם אָקעאַן. — — — נאָר אין זיך אַליין האָט ער נישט געקענט פאַרטראָגן דעמדאָזיקן גלויבן, ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון אָט דעם טויטן אינזל... לעבן!! וווירקלעך!"

מיטן גאַנצן רעספעקט און מיט דער גאַנצער ליבע, וואָס קריסטאָף האָט געהאַט פאַר זיין מוטער, פאַר זיין פעטער, פאַר מאַדאַם אַרנאָ און פאַרן בלינדן מיידל מאָדעסטאַ, און מיט אַלץ דעם, וואָס ער האָט געירשנט און איבערגענומען פון זיי אין זיין אייגענעם פסיכישן און פיזישן צונויפשטעל, מיט דעם אַלץ פון זיי, וואָס ער האָט אַסימילירט און געמאַכט פאַר אַ באַשטאַנד־טייל פון זיין אייגענער נשמה — מיט דעם אַלץ ווילט זיך אים אַנטלויפן פונם אינזל, וואָס עס באַוואוינען די אַלע, וואָס אָריענטירן זיך דורך רעזיגנאַציע. אים ווילט זיך אַנטלויפן דערפאַר, וואָס זיין נשמה, זיין גייסט קען זיך נישט אָריענטירן אַנדערש, ווי דורך אַקטיוויטעטן, דורך אַגרעסיוון ווידערשטאַנד, דורך דעם ברוסט־צו־ברוסט־קאַמף צווישן דער פערזענלעכקייט און דעם שיקזאַל.

„ער, קריסטאָף, האָט בעסער געוואָלט שטאַרבן איידער לעבן מיט אילוזיעס. איז אַלזאָ די קונסט אויך אַן אילוזיע? — ניין, זי דאַרף עס נישט זיין! אמת! אמת! מיט גרויסע צעעפנטע אויגן, אַריינאָטעמען מיט אַלע קעמערלעך דעם אַלמעכטיקן אָטעם פון לעבן, זען די זאַכן ווי זיי זענען, קוקן די צרות גלייך אין די אויגן אַריין — און לאַכן".

מיט די טיפן פון דער ערשטער קאַטעגאָריע, פון דער קאַטעגאָריע פון רעזיגנאַציע, וואָס ראָלאַן האָט אַריינגעבראַכט אין זיין ווערק „זשאַן קריסטאָף", האָט ער אָפּגעצאָלט זיין צינז דעם שטאַרקן און טיפן איינפלוס, וואָס טאָלסטאָי האָט אויף אים געמאַכט.

אין אַ בריוו, וואָס טאָלסטאָי האָט געשריבן צו דעם נאָך גאָר יונגן דעמאָלט ראָלאַנען און וואָס האָט געמאַכט אויף ראָלאַנען אַ שטאַרקן איינדרוק, שרייבט טאָלסטאָי: „דער פאָרבאַדינג פון יעדן אמתן באַרוף

מוז זיין נישט די ליבע צו דער קונסט, נאָר ליבע צו דער מענטשהייט. נאָר די, וואָס זענען אָנגעפילט מיט אַזאַ ליבע, קענען האָפן, אַז זיי וועלן ווען עס איז זיין ביכולת, ווי קינסטלער טון עפּעס, וואָס עס איז ווערט געטון צו ווערן".

ראָלאַנס ביאָגראַף און קריטיקער סטעפאַן צווייג, ברענגענדיק דעם אויסצוג פון בריוו, גיט צו: דידאָזיקע ווערטער האָבן געהאַט אַן אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף ראָלאַנען. אַז ראָלאַן האָט, מאָלנדיק די טיפן פון גאָטפרידס שניט, אין זינען געהאַט טאָלסטאָיען — — אויף דעם זאָגן עדות זיינע אייגענע ווערטער וועגן קריסטאָפס מוטער, לויזע. „און דאָך — שרייבט ראָלאַן — איז געווען אַ סך אמת, אַ סך זיטלעכע גרויסקייט אין דער אומבאַוואוסטער פילאָזאָפיע פון דער מוטער, וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין דאָס יאָגן זיך נאָך כבוד, און וואָס האָט דאָס גאַנצע גליק פון לעבן געזען אין פאַמיליען-לעבן און אין דעם דערפילן די באַשיידענע פליכטן. זי איז געווען אַ נשמה, וואָס האָט געוואָלט ליב האָבן, קיין זאַך נישט, נאָר ליב האָבן. מען קען מוותר זיין אויפן לעבן, שכל, לאָגיק, ווירקלעכער וועלט, אויף אַלץ, אָבער נישט אויף דער ליבע! — די ליבע-קראַפט פון אַן איינפאַכער נשמה! מיט איין מאָל געפינט זי אויס דאָס, וואָס די פאַרטונקלטע, רירנדיקע פּראָבלעמען פון אַזאַ צווייפלענדיקן גאון ווי טאָלסטאָי דענקן אויף — — נאָך אַ געראַנגל. וואָס זייגט אויס די כוחות". און באַלד גיט ראָלאַן צו — און אין דעם, וואָס ער גיט צו, גייט שוין אַריין אַ גאַנץ אַנדערער, ווי דער טאָלסטאָישער שטראָם — אַ שטראָם, וואָס האָט זיך זייט-ביי-זייט מיט דעם טאָלסטאָישן, דורכגעשלאָגן מיט אימפּעט אין דער זעלביקער ראָלאַנס נשמה — ער, ראָלאַן, אַליין, רעדנדיק וועגן קריסטאָפס מוטער, גיט צו: „אָבער די אומגעצוימטע קראַפט, וואָס האָט געלעבט אין קריסטאָפן, האָט פאַרמאָגט אַנדערע געזעצ און געפאָדערט אַן אַנדער קלוגשאַפט".

אין ראָלאַנען, ווי אין טאָלסטאָיען, זענען געלאָפן צוויי שטראָמען — דער עטישער און דער קינסטלערישער — אין פאַל פון ראָלאַנען קאָנען זיי הייסן דער טאָלסטאָיש-עטישער און דער רענעסאַנס, אָדער גאָר דער שעקספּיריש-קינסטלערישער. דער עטישער האָט געפאָדערט קונסט ווי אַ מיטל, דער קינסטלערישער — קונסט ווי אַ

זעלבסטצוועק. און אין ראָלאַנס פאַל, ווי אין טאָלסטאָיס, זענען די בעסטע זייטן אינם ווערק די, אין וועלכע די קונסט האָט דעם שאַפער געהאַלטן אין דער אינטענסיווסטער געשפּאַנטקייט און איבערגעגעבנ־קייט ביז צו דער פאַרגעסנקייט אויף דעם מאָמענט אין אַלע אַנדערע אויסדרוקן, אַ חוץ דעם קונסט־אויסדרוק פון קולטור.

ווען ראָלאַן איז אַלט געווען 20 יאָר, האָט ער פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין איטאַליע, און וועגן דער ווירקונג פון איטאַליע אויף ראָלאַנען, שרייבט צוויג פאָלגנדיקס:

„די אַנדענקס פונם רענעסאַנס האָבן גערופן דעם רייזנדן צו גרויסקייט. אין איטאַליע זעט זיך שטאַרקער ווי וואו עס איז אַנדערש, אַז די קונסט איז דער זין פונם מענטשלעכן לעבן, און אַז די קונסט דאַרף זיין דעם מענטשס העראָישער ציל. אַוועקוואַרפנדיק זיין פריער־דיקע טעזע, האָט דער יונגער צוואַנציקיעריקער מענטש, פאַרשיכּורט פון דער אַוואַנטורע פון ליבע און לעבן, געדרייזט פאַר חדשים אין גליקזעליקער פרייהייט דורך די קלענערע שטעט פון איטאַליע און סיציליע. אפילו טאָלסטאָי איז פאַרגעסן געוואָרן, וואָרים אין דערדאָ־זיקער געגנט, וואו די זינלעכקייט רעדט אַרויס פון אַלץ און אַלעם, אין דעם פאַרבלענדנדיקן דרום, איז די שטים פון די רוסישע סטעפּעס, וואָס פאָדערט פאַרלייקענונג, געפאַלן אויף אַ טויט אויער. אָבער פּלוצ־לינג האָט שעקספּיר, דער פריינט און וועג־ווייזער פון ראָלאַנס קינדהייט, גענומען די אויבערהאַנט”.

און אין דעם ווערק „זשאַן קריסטאָף” איז דאָרט, וואו שעקספּיר האָט געוועלטיקט אין ראָלאַנס נשמה שטאַרקער פון טאָלסטאָיען — דאָרט איז יעדעס וואָרט און יעדע שורה פון אַ טיפערן און שענערן און דערהויבענערן נישט נאָר קינסטלערישן ווערט, נאָר אפילו מאָראַ־לישן ווערט, ווי אויך קולטור־ווערט בכלל.

זשאַן קריסטאָף אַליין, דער הויפּט־העלד פון ווערק, איז דורכאויס אַ פּראָדוקט פון דעם שעקספּירישן אין ראָלאַנס נשמה, און דערפאַר איז ער און וועט בלייבן טיף און שטאַרק אין זיין ווירקונג און איינ־פלוס אויף די דורות, וואָס וועלן קומען. קריסטאָף האָט געליבט מיט אַלע פיברן פון זיין נשמה און פון זיין גאַנץ וועזן נישט נאָר זיין אייגן לעבן, נאָר דאָס לעבן בכלל — דאָס לעבן מיט אַלע זיינע שטיי־

גערונגען און נידערונגען, אַלע זיינע איבערראַשונגען און אַנטוישונגען, מיט אַלע זיינע ליידן און פריידן, מיט אַלע זיינע ציטערס פון גליק און אומגליקזעליקייט. און דערפאַר וועלן אַלע די, וואָס וועלן לעבן, און וואָס וועלן וועלן לעבן און וואָס וועלן ליב האָבן דאָס לעבן, אויך ליב האָבן קריסטאָפן, און פון אים באַווירקט און באַאיינפלוסט ווערן צו לעבן אינטענסיוו — צו לעבן טיף, שיין, פאַרבנרייך און אינהאַלטסרייך. זיי וועלן באַווירקט און באַאיינפלוסט ווערן פון קריסטאָפן, ווי ער איז באַווירקט און באַאיינפלוסט געוואָרן פון די, וואָס האָבן ליב געהאַט די קראַפט פון לעבן, און וואָס האָבן געגעבן דעם פולסטן אויסדרוק צו דערדאָזיקער קראַפט.

קריסטאָפס נשמה שפיגלט זיך אָפּ אין זיין בליק און אין זיין רעאַקציע צו יאָהאַן סעבאַסטיען באַך און זיינע שאַפונגען.

„ער האָט געהערט — לייענען מיר ביי ראָלאַנען — דעם אָקעאַנישן געברום פון באַכס נשמה. די שטורעמס, די הוליענדיקע ווינטן, די אַנטלויפנדיקע וואָלקנס פון זיין לעבן — — — שטורמישע ליידנשאַפטן, מוזיקאַלישע פאָרמען פון אַ העלדיש לעבן, שעקספּירישע האַלוצינאַציע. — — — ער האָט אים אַזוי גוט, אַזוי גוט געזעען: אָנגעבלאָזן, האַרציק, אַ ביסל לעכערלעך. דער קאָפּ פול מיט אַלעגאָריעס און סימבאָלן, גאָטיק און ראָקאָקאָ, אַ כעסן, אַן עקשן. אַ פריילעכער, פול מיט לעבנס-ליידנשאַפטן און בענקשאַפט נאָכן טויט — — ער האָט אים געזען אין קרייז פון פאַמיליע, צווישן זיינע איין און צוואָנציק קינדער, וואָס דרייצען פון זיי זענען געשטאָרבן פאַר אים, און איינער איז געווען אַן אידיאָט, די איבעריקע קינדער, גוטע מוזיקער, האָבן געשפילט פאַר אים קליינע קאָנצערטן — — קראַנקהייטן, לוויות, שאַרפע ויכוחים, דחקות, נישט אָנערקענטע גאונות — און איבער אַלץ — זיין מוזיק. זיין גלויבן, זיין באַפרייאונג, און ליכט. פאָרגעזעען, פאָרגעפילט, אויסגעבענקט, אייביק גליק — גאָט. דער אָטעם פון גאָט פאַרברענט זיינע ביינער, סמאַליעט זיין הויט, פלאַמט אַרויס פון זיין מויל! אָ, קראַפט! קראַפט! גליקלעכער דונער פון דער קראַפט!"

יאָ, זשאַן קריסטאָף קראַפט האָט מיט אַלץ, וואָס איז אין אים, ליב געהאַט קראַפט. אין דעם איז זיין גרויסקייט. זי, די קראַפט, האָט אים געפירט, ווי זי פירט אַלע קראַפט-באַזיצנדיקע און קראַפט-ליב-

האָבנדיקע מענטשן, צו גרויסע דערגרייכונגען. מיט קראַפט און דורך קראַפט קאָן אַלץ זיין, קאָן אַלץ ווערן: שיינקייט, גוטסקייט, אמתדיקייט, גערעכטיקייט, הייליקייט! זיי אַלע באַזונדער און זיי אַלע אין איינעם קאָנען זיין נאָר דאָרט, וואו עס איז פאַראַן אַקטיוויטעט, קרעפטיק לעבן און לעבעדיקע, לעבנסברענגענדיקע קראַפט, און דערפאַר זאָגט קריסטאָף צו זיין בעסטן פריינט אָליווער, דעם ברודער פון אַנטואַנעט:

„טייערער אָליווער, איך האָב דיך ליב מער ווי מיין לעבן, אָבער זיי מיר מוחל, איך האָב דיך נישט ליב מער. ווי איך האָב ליב דאָס לעבן אַליין, די זון פון אונזערע ראַסן — — — אייער גאַנצע רעזיגנאַציע פאַרדעקט אייער בודיסטישע נירוואַנאַ. נאָר די טאַט איז לעבעדיק, אפילו בעת זי איז דערהרגעט. מיר מעגן אויסקלויבן אויף דער וועלט נאָר צווישן ברענענדיקן פלאַם און דער פינצטערער נאַכט. די בין-השמשות-חלומות זענען טרויעריק און אָנגענעם, אָבער איך וויל נישט דידאָזיקע רו, וואָס זאָגט אָן דעם טויט. איך האָב מורא פאַר שטילקייט פון דער ברייטער אומענדלעכקייט. לייגט צו האָלץ אויפן פייער! נאָך! נאָך! און מיך לייגט אויך אַרויף אויפן פייער, אויב עס איז נויטיק. איך וויל נישט דאָס פייער זאָל אויסגיין, אויב עס וועט אויסגיין, איז דאָס אַ סוף צו אַלץ, צו אונז און צו אַלץ, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט".

עס קאָן, גלייבט קריסטאָף, נעמען אַ סוף צו אַלץ, וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט, — צו דער וועלט אַליין אָבער, גלייבט ער, קאָן נישט נעמען קיין סוף. און איז דאָ אַ וועלט, זאָל אויף איר און אין איר אַלץ עקזיסטירן, אין עקזיסטירט אַלץ, זאָל עס עקזיסטירן פול לעבן, פול טאַט, פול קראַפט און פול פייער. קריסטאָף האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם דייטשישן פילאָזאָפישן אידעאַליזם — דעם אידעאַליזם פון קאַנט און העגעל, דערפאַר, וואָס דערדאָזיקער אידעאַליזם איז געווען אַ טראַנסצענדענטאַלער. דאָס איז געווען אַן אידעאַליזם, וואָס האָט געלאָזט די אידעע שוועבן אין די עולמות העליונים, ערגעץ-וואו איבערן לעבן און איבער דעם מענטש, אָנשטאָט צו לאָזן די העכערע און די נידעריקע וועלטן און אַלץ, וואָס מיר רופן אָן לעבן און אַלץ, וואָס מיר רופן אָן מענטשלעך — אַרויסשלאָגן און אַרויס-

וואַקסן פון דער אידעע און אין דער אידעע. דערפאַר אָבער איז קריסטאָפן געווען טייער און ליב דער דייטשישער קונסט-אידעאַליזם, דער אידעאַליזם פון אַ באַך, דער אידעאַליזם פון אַ געטהע — דער אידעאַליזם, וועלכער איז דורכגעדרונגען מיט אימאַנענטקייט, דער אידעאַליזם, וואָס אָטעמט שטאַרק מיט דער גריכיש-קינסטלערישער פילאָזאָפישקייט און מיט פילאָזאָפישער קינסטלערישקייט פון פּלאַטאָ. און דערפאַר דערמאָנט טאַקע דער כאַראַקטער פון זשאַן קריסטאָף אין אַ סך פּרטים אָן געטהעס העלד פאַוסט, וועלכער האָט אויך געקענט פאַלן און שטייגן, שטייגן און פאַלן און אָבער און ווידעראַמאָל שטייגן און שטייגן, און שטאַרבן שטייגנדיק. קריסטאָף ווערט אַפילו פון ראָלאַנען, ווי פאַאוסט פון געטהען, געבראַכט צו פאַרזוכן דעם טעם פון צו דערשטעכן אַ מענטש. קריסטאָף דערשטעכט אַ פּאָליציאַנט אין צייט פון אַן אַרבעטער גאַסן-דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער קריסטאָף, דער גרויסער מוזיקער, האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. צו קרעפטיק און צו לעבהאַפטיק זענען מענטשן, ווי קריסטאָף, אַז זיי זאָלן אין דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אָדער הרגענען אָדער דערהרגעט ווערן, בלייבן ווי דורך אַ נס הענגען אינדערלופטן לעבעדיקע, אָדער איינס און צוויי עובר זיין אויפן לאו פון לא תרצח. „אין יענעמס אויגן האָט ער דערזען רציחה, און די רציחה — שרייבט ראָלאַן — האָט אין אים דערוואַכט. ער האָט דערזען, אַז ער קאָן דערשטאָכן ווערן ווי אַ שעפּס, און מיט איין האַסטיקער באַוועגונג האָט ער אויסגעדרייט דעם געלענק און האָט אָנגעשטעלט די שווערד קעגן דער ברוסט פון דעם מאַן. ער האָט זי אַריינגעשטאָכן, ער האָט געפילט, אַז ער הרגעט — ער הרגעט...“

אויב בישט גאָט, ווי באַכן, האָט קריסטאָפן געגעבן מוט און באַגייסטערונג נאָך אַלע נידערונגען און דערנידערונגען, נאָך אַלע פאַלונגען און געפאַלנקייטן דאָך צו שטייגן און צו שטייגן און נאָכאַמאָל צו שטייגן — אויב בישט גאָט, זאָג איך, ווי באַכן, האָט אים מוט דערצו געגעבן זיין גלויבן אינם זיין פון דער אייביקייט און אין דער אייביקייט פון זיין און אין דער סינטעטישקייט און אימאַנענטקייט פון דעם אייביקן זיין און זייענדיקער אייביקייט. און אויך דורך דעמדאָזיקן

גלויבן ציט זיך די קייט פון אים צו געטהען, ווי זי ציט זיך אין אַ סך הינזיכטן פון געטהען צו שפּינאָזען.

„איין מאָל, ווען קריסטאָף איז געזעסן אינאָוונט אין שטוב, האָט אים — אַזוי שרייבט ראָלאַן — אָנגעכאַפּט אַ חשק צו וויינען. ער האָט פאַרצווייפלט אַראָפּגעקניט פאַר זיין בעט און תפילה געטון... צו וועמען האָט ער תפילה געטון? צו וועמען האָט ער געקאָנט תפילה טון? אין גאָט האָט ער נישט געגלייבט. ער האָט געגלייבט, אַז גאָט איז נישטאָ, אָבער ער האָט געפילט די נויטווענדיקייט תפילה צו טון צו זיך אַליין. נאָר שלעכטע מענטשן ריכטן נישט אָפּ קיין תפילה קיינמאָל נישט, זיי איז אומבאַקאַנט די באַדערפעניש פון שטאַרקע נשמות זיך איינצושרומפּן פון צייט־צו־צייט אין זייער קודש־הקדשים. נאָך די באַליידיקונגען פון אַ גאַנצן טאָג, האָט קריסטאָף געפילט אין דער שטילקייט פון זיין האַרץ זיין אייביקע עקזיסטענץ, זיין גאָט. די שטראָמען פון אָרימען לעבן זענען געפלאָסן אונטער אים, נישט אָנרירנדיק אים — — אַלע ווייטיקן פון דער וועלט, וואָס האָבן אים געוואָלט אומברענגען, זענען צעקלאַפּט געוואָרן אָן דעמדאָזיקן פעלז, קריסטאָף האָט געהערט ווי עס פולסירט זיין בלוט ווי אין אַן אינערלעכן ים, און אַ שטים, וואָס האָט איבערגעחזרט:

„איך בין אייביק... איך בין... איך בין...“

אין ליכט פון דער אייביקייט, מיט וועלכער ער האָט באַהעפט זיין גאַנצע פערזענלעכקייט, און אין ליכט און אין די ראַמען פון דער פערזענלעכקייט, פון וועלכער און דורך וועלכער ער האָט געפילט דעם אָטעם פון דער אייביקייט, האָט זשאַן קריסטאָף קראַפט געגעבן דעם פולסטן אויסדרוק צו אַלע זיינע געפילן און עמאָציעס, צו אַלע זיינע נידעריקסטע און העכסטע ליידנשאַפטן, און אין דעמזעלביקן ליכט און אין דיזעלביקע ראַמען האָט ער זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע כוחות צו אַנטוויקלען אין זיין אייגענעם לעבן און אין דעם לעבן אַרום און אין דעם לעבן, וואָס וועט קומען, אַלץ מער און אַלץ שטאַרקערע געפילן, אַלץ מער און אַלץ שטאַרקערע עמאָציעס און ליידנשאַפטן, אַלץ מער אַגרעסיווקייט, אַלץ מער אַקטיוויטעט, אַלץ מער קראַפט, מער פייער, מער ברען,

די פרימיטיווסטע און אָריגינעלסטע ליידנשאַפטן אָטעמען מיט

ברען און פייער. די סתירות, די אומלייזבאַרע פאַרפּלאָנטערטקייטן, די פּראָבלעמען און פּראָבלעמאַטישקייטן דערגרייכן זייער העכסטן און שטאַרקסטן פּונקט אין דעם קולטור־מענטש דאָרט, וואו עס שטויסן זיך צונויף די נידעריקסטע און די העכסטע עמאָציעס. נשמה־פאַרפּלאָנטערט־קייטן און פּראָבלעמאַטישקייטן, שטאַרקע און טיפע צונויפשטויסן פון דעם נידעריקסטן מיטן העכסטן, גוף־און־נשמה־ברען, נשמה־און־גוף־פייער — אָט דאָס אַלץ באַזונדער און דאָס אַלץ אינאיינעם גענומען איז דער זאַפטיקסטער און גינסטיקסטער באָדן פאַר קונסט. און דאָס, גלייב איך, איז די אורזאַך פאַרוואָס ראָלאַנס קינסטלערישקייט האָט אינם ווערק „זשאַן קריסטאָף" דערגרייכט איר העכסטע מדרגה אין די זייטלעך און די טיילן פונם ווערק, וואו ער לאָזט זיך אויסשפּילן קריסטאָפס נידעריקערע לײַדנשאַפטן, דאָרט וואו ער לאָזט קומען צום וואָרט און אויסדרוק נישט נאָר די ליבע, וועלכע וואַקסט אַרויס, ווי אַ רויז פונם געשלעכט־באָדן, נאָר — דער געשלעכט־באָדן גופא — די סעקסואַליטעט, וואָס דורך איר און פון איר שלאָגן זיך דורך אין דעם מענטשס ליבעס פון אַלערליי אינטענסיוויטעטן און מאַגניטודן, פון אַ טראָפּעלע ביז צו אַ ים, פון אַ רעגנדל ביז צו אַ מבול, און ליבעס פון אַלערליי קוואַ־ליטעטן — פון ערדישקייט ביז הימלישקייט, פון חיהשקייט ביז געט־לעכקייט.

## ה.

די ערשטע פרוי, וועלכע קריסטאָף דערקענט אין זיין לעבן גע־שלעכטלעך, איז אַ פרוי, וועלכע ער האָט בכלל בלויז געקענט פאַר אייניקע שעהן, אַזוי אַז פון דעם, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער ליבע, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. ער האָט דאָס צו איר נישט געקאָנט האָבן. דאָס ביסעלע ליבע, וואָס ער האָט יאָ געפילט צו איר, איז גע־קומען נאָכדעם, ווי ער האָט שוין דורך איר פאַרזוכט די פרייד פון געשלעכט. און געקומען איז די דיזאָזיקע ליבע פון קריסטאָפן צו איר דערפאַר, וואָס יעדע פרייד, וואָס וועלכעס עס איז וועזן האָט באַוויזן אים צו געבן, האָט אין זיין נשמה אַרויסגערופן אַ ליבע צו דעמדאָזיקן וועזן. ווי יעדע גרויסע און שטאַרקע נאַטור, וואָס ליבט דאָס לעבן אין אַלע

זיינע פֿאַרבן און אין אַלע זיינע געשטאַלטן, האָט קריסטאָף אין דער אמתן בלויז זיך ליב געהאַט אין יעדן איינציקן וועזן. ער האָט ליב געהאַט זיין פֿרייד, זיין גליק און זיין גליקזעליקייט, און מיט דערדאָזיקער ליבע האָט ער אָנגעשטעקט יעדן איינעם, מיט וועלכן ער איז געקומען אין אינטימען באַריר, און יעדעס איינע וועזן האָט אין באַריר מיט קריסטאָפֿן מער ליב געקריגן זיך אַליין און דורך דעם אויך אים — קריסטאָפֿן.

אַדאַ — די ערשטע פֿון אים געשלעכטלעך־דערקענטע פֿרוי — האָט נישט געהאַט קיין איבעריק גוטן שם אין דער געגנט, וואו מען האָט זי געקענט. אַדאַ איז געווען ווייט, גאַנץ ווייט פֿון קולטור בכלל און פֿון דעם, וואָס ווערט געוויינלעך פֿאַרשטאַנען אונטער הויכער מאָראַל — בפֿרט. אָבער אין דער נאַכט, אין וועלכער קריסטאָף האָט דערקענט אַדאַן, האָט ער ווי יעדע שטאַרקע, לעבנזוכנדיקע, לעבנשלינגענדיקע נאַטור, דערקענט נישט נאָר ווייבלעכקייט, נישט נאָר געשלעכט, נאָר אויך — אַ וועלט־מיסטעריע, וועגן וועלכער ער האָט נישט געוואוסט פֿריער. ער האָט מיט זיין גאַנצן גוף, מיט זיין גאַנצן גייסט דערפֿילט און ליב געקריגן דאָס זיגזאַגישע און ווירוואַרישע דרייען זיך פֿון דער גאַנצער וועלט אַרום דער אַקס פֿון געשלעכט. ער האָט דידאָזיקע נאַכט פֿאַרלוירן זיין באַוואוסטזיין, און מיט זיין אונטערבאַוווסטזיין אָדער אומבאַוואוסטזיין האָט ער געשוועבט איבער דער גרענעץ, וואָס איז צווישן דעם וועלטיקן און דעם איבערוועלטיקן זיין. און דידאָזיקע נאַכט, די דערינערונג וועגן איר, האָט מיט דער צייט געלאָזט אַרויסשפּראָצן אין קריסטאָפֿס נשמה אַ ליבע צו איר — אַ ליבע צו דער, וועלכע האָט אים געפֿירט צו די איבערלעבונגען פֿון אַזאַ נאַכט. ער האָט זי אַזוי ווייט ליב געקריגן, אַז ער האָט זיך פֿאַראינטערעסירט צו דערקענען אַדאַן אויך גייסטיק. ער האָט אָנגעהויבן וועלן צו פֿאַרשטיין איר נשמה. „זי האָב זיך — שרייבט ראָלאַן — אָנגעשטרענגט איינער דעם אַנדערן צו פֿאַרשטיין, דעם אמת זאָגנדיק, וואָס מער ער האָט זי דערקענט, אַלץ ווינציקער האָט ער זי פֿאַרשטאַנען, זי איז געווען די ערשטע פֿרוי, וואָס ער האָט געקענט. ווייל אויב די אָרימע סאַבינע איז געווען די ערשטע געליבטע האָט ער אָבער וועגן איר גאָרנישט געוואוסט: זי איז געבליבן פֿאַר אים אַ פֿאַרזיגלטער חלום. אַדאַ האָט זיך ווי אונטערגענומען צו

באַפרידיקן אים פאַר דער פאַרלוירענער צייט. ער האָט זיך באַמיט פון זיין זייט צו לעזן דאָס רעטעניש פון דער פרוי: אַ רעטעניש אפשר באַר פאַר די, וואָס זוכן אין דעם אַ געוויסן זין".

און ווען נאָך אַ לענגערער באַקאַנטשאַפט מיט אַדאַן פרעגט זיך קריסטאָף, צי געפינט ער נישט אין זיין ליבע צו דער נישט גאָר מאָראַלישער אַדאַ עפּעס, וואָס פאַרדינט פאַראַכטונג? ענטפערט ער אויף דעם מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. און ניין דערפאַר, ווייל ליבע, ווי ער דריקט זיך אויס, „געהערט צו דעם, וואָס האָט ליב און נישט צו דעם, וואָס ווערט געליבט. וויפיל עס באַטייט דער, וואָס עס האָט ליב, אַזוי פיל איז ווערט די ליבע. און דער קוואַל פון דער יוגנט, וואו די נשמה טובלט זיך, די הייליקע צעשטראַלונג פון דער קראַפט און פון דער פרייד — זענען שיין און דערהויבן און מאַכן וואַקסן דאָס האַרץ פאַר פרייד".

אין יענער נאַכט מיט אַדאַן האָט קריסטאָף דערקענט מיסטעריען, און יעדע מיסטעריע טראָגט אין זיך פאַר ריינע און טיפע נשמות שיינקייט און דערהויבנקייט. און נישט קיין ריינע און פלאַכע נשמות ווייסן גאָרניש פון אַזאַ זאַך, ווי מיסטעריען. און ראָלאַן האָט באַוויזן דורך זיין באַשרייבונג פון דערדאָזיקער נאַכט אַריינצוציען אויך אונז אין די אינעווייניקייטן פון דער מיסטעריע, באַוויזן האָט ער צו מאַכן אויך אונז צו דערפילן די מאַכט און קראַפט פון אַ ליידנשאַפט, וואָס קאָן פאַרן מענטשלעכן וועזן עפענען אַלע גרונטן און אונטערגרונטן פון דער ערד און אַלע איבער און אונטער-אויסשפרייטן פונם הימל.

„דאָס פינקלדיקע ליכט פונם גאָרטן איז פאַרלאָשן געוואָרן" — אַזוי לייענען מיר ביי ראָלאַנען וועגן דער נאַכט — „אַלץ איז אויסגעגאַנגען — — נאַכט... תהום... אָן ליכט, אָן באַוואוסטזיין... דאָס זיין. די טונקעלע, פאַרשלינגענדיקע קראַפט פון זיין. די אַלמעכטיקע פרייד. די האַרץ-רייסנדיקע פרייד, די פרייד, וואָס שלינגט איין די עקזיסטענץ, ווי דער הלל — אַ שטיין, דער קוואַל פון באַגער, וואָס זויגט אויס דעם געדאַנק, דאָס זינלאָזע און פעסטע געזעץ פון בלינדע און שיכורע וועלטן, וואָס קייקלען זיך אַראָפּ אין דער נאַכט".

— — — — — — — — —

„דער רהײן קלאַפּט זיך אָפּ אין ברעג, צופוסנס דער שטוב, אין דער װײטנס װערט פון זײנע ברױזנדיקע כװאַליעס אַ קלײן רעגנדל, װאָס פאַלט אױפן זאַמד. די בריק פונם דאַמפּער קרעכצט אונטער דער װאַסער־משא. די קײט, אין װעלכער ער איז אָנגעבונדן, ציט זיך אױס און ציט זיך אײַן מיט אַ קריצערײ פון אַלט אײַזן. די שטים פונם טײַך שטײַט אױף, זי פילט אָן דאָס צימער, דאָס בעט זעט אױס װי אַ שיפל. זײ װערן מיטגעשלעפּט, זײט בײ זײט, מיטן שװינדלענדיקן שטראָם — — העגנגענדיק אינם חלל, װי אַ פױגל אינם פליען. די נאַכט װערט נאָך שװאַרצער, דער חלל נאָך פּוסטער, זײ דריקן זיך ענגער צו אײנער צום צװײטן. אַדאַ װײנט, קריסטאָף פאַרלירט דאָס באַװאוסטזײן. זײ װערן בײדע פאַרשװינדן אין די כװאַליעס פון דער נאַכט— — —".

דאָס איז דער ערשטער אױסשפּיל, װאָס ראָלאַן גיט אונז פון קריסטאָפס לײדנשאַפטן. נאָך מער קינסטלעריש מאָלט ראָלאַן דעם צװײטן לײדנשאַפּטלעכן, און װי קריסטאָף אַלײן באַצײכנט אים — „נאָך מער װי ליבע", אױסשפּיל און אױסדרוק פון דעם װעזן, װאָס הײסט זשאַן קריסטאָף קראַפט. מיט אַ קינסטלערישקײט, װאָס איבערטײַגט אין אַ סך און אַ סך גראַדן די קינסטלערישקײט פון אַלע אַנדערע זײטן פון דעם גרױסן, שױן צו גרױסן אין צאָל זײטן, װערק „זשאַן קריסטאָף", מאָלט ראָלאַן דעם צװײטן און דעם לעצטן סעקסועלן אױסברוך פון קריסטאָפן, און שױן נישט פון קריסטאָפן דעם ייִנגלינג, נאָר פון דעם קריסטאָפן, װעמענס האָר האָבן זיך שױן גאַנץ געדיכטלעך געזילבערט.

אױב דער צונױפּטרעף מיט אַדאַן האָט געגעבן דעם קינסטלער מאַטעריאַל און געלעגנהײט צו מאָלן דאָס פײַער און ברען פון דער לײדנשאַפט, װאָס כאַפּט אַמאָל אַרום דאָס מענטשלעכע װעזן פון אַלע מיליאַרדן זײטן, האָט דער צונױפּטרעף פון קריסטאָפן מיט מאַדאַם בראַון געגעבן מאַטעריאַל און געלעגנהײט צו מאָלן נישט נאָר דעם ברענענדיקן פלאַם־פײַער פון אירע לײדנשאַפטן, נאָר אױך דעם פּײַן און צער, װאָס כאַפּן אַרום דעם מענטש און װאָס מאַטערן צום טױט אָט װי שלאַנגען האָבן אַרומגעכאַפּט און געמאַטערט לאַקאָאָנען. דאָס איז דער פּײַן און צער, װאָס קומט װי אַ פּועל־יוצא פון דעם צונױפשטױס פון דעם אומװידערשטענדלעכן דראַנג פון דעם פּרימיטיװערן און נידעריקערן מיט די קאַטעגאָרישע פאָדערונגען פון דעם שפּעטער־

דיקן און העכערן אין איינער און דערזועלביקער מענטשלעכער נשמה.

אין פֿאַל פֿון אַדאַן זענען נישט געווען צו גרויס און נישט צו שטאַרק די לײדן, וואָס זענען געקומען צו קריסטאָפֿן נאָך דעם אומקאָנטראָלירבאַרן אויסדרוק פֿון די לײדנשאַפֿטן. קריסטאָפֿס אײדעלע נשמה, וועלכע פֿילט שטענדיק דעם הויך פֿון דער דערהויבנקייט איבער זיך לײדט באַלד אינדערפֿרי נאָך יענער נאַכט דערפֿון, וואָס ער איז געקומען אין אינטימען קאָנטאַקט מיט איינער, וועלכע ער קאָן נישט ליב האָבן. ער קוקט אויף אַדאַן, ווען זי שלאָפֿט, און טראַכטנדיק מיט ליבשאַפֿט וועגן דער פֿאַרשטאָרבענער סאַבינע, זאָגט ער: אָבער וואָס טוט זי דאָ? ווי נעמט זי זיך אַהער? — — ער קוקט זי אָן, ער דערקענט זי נישט: זי איז אַ פֿרעמדע, נעכטן אינדערפֿרי האָט זי נאָך פֿאַר אים נישט עקזיסטירט, וואָס ווייסט ער וועגן איר? ער ווייסט, אַז זי איז נישט קלוג. ער ווייסט, אַז זי איז אפילו נישט שיין אין דער רגע, מיט איר בלוטלאָז פֿון שלאָפֿן אָנגעשוואָלן פּנים, מיטן נידעריקן שטערן, מיטן אָפֿענעם מויל, וואָס אָטעמט מיט אירע אָנגעלאָפֿענע און אָנגעצויגענע ליפּן, וואָס זענען פֿאַרקרימט, ווי ביי אַ פֿיש, ער ווייסט, אַז ער האָט זי נישט ליב און אַ שאַרפֿער ווייטיק שנײדט איין, אַז ער האָט געקושט די פֿרעמדע ליפּן אין דער ערשטער מינוט פֿון זייער באַקאַנטשאַפֿט, אַז ער האָט גענומען דאָס שיינע גלייכגילטיקע לייב אין דער ערשטער נאַכט".

דערדאָזיקער ווייטיק האַלט אָבער נישט לאַנג אָן, ווייל אָט באַלד און פֿון אַדאַן, וואָס בײנאַכט האָט ער בלויז איר לייב דערקענט, הייבט אָן אַרויסרעדן דער מענטש. און אַדאַ, דער מענטש, מאַכט קריסטאָפֿן באַלד צו דערפֿילן, אַז אויב זי איז נישט אַזוי קלוג ווי ער, איז ער דערפֿאַר נישט אַזוי פֿריי, נישט אַזוי נאַטירלעך און נאַטור-גאַנץ ווי זי. אַדאַ פֿילט נישט, אַז קריסטאָף האָט איר לייב גענומען, נאָר זי פֿילט, אַז זי האָט אים איר לייב געגעבן, און גענומען פֿון אים, פֿון קריסטאָפֿן אַזוי פֿיל, אויב נישט נאָך מער, ווי זי האָט געגעבן. אַדאַ פֿילט אי זיך, אי קריסטאָפֿן ווי אַ טייל פֿון דער נאַטור, און נאַטור-טיילן קענען צווישן זיך נישט פֿירן קיין חשבונות און קענען נישט אָפּהאַלטן איבער זיך קיין שום מאָראַלישע אינקוויזיציעס.

„זי האָט געלאַכט, געהויבן מיט די אַקסלען און געזאָגט, אַז ער

איז גראָב און נישט דערצויגן, און אַז זי בעט אים, אגב, ער זאָל זי נישט דוצן.

— צי האָב איך דערצו קיין רעכט נישט ?

— אַבסאָלוט נישט.

— נאָכדעם וואָס ס׳איז געשען ?

— עס איז גאָרנישט נישט געשען !

— — — זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער, קוקנדיק אויף קריסטאָפן, און אים מיט אַ טומל געקושט, נישט זאָרגנדיק בשעת־מעשה, וואָס דערבײַ זיצן שכנים".

און דאָס שטיק נאַטור אין איר, אָט די פרייהייט אין איר, האָט געמוזט אין קריסטאָפן, ווי אין יעדן מענטש, אַרויסרופן אַ ליבע צו אַדאַן, און ווען ער האָט, ווי מיר האָבן פריער געזען, דערפילט צו דעם אַלעמען נאָך, אַז ליבנדיק זי, ליבט ער אויך זיך, או, אַז די ליבע צו איר איז אַ קולטוריזירנדיקע קראַפט פאַר אים — איז נישט געבליבן מער קיין שפור פון פאַרדרוס און חרטה אָדער אַנדערע ליידן, און אַדאַ איז אויף אַלעמאָל געבליבן אין זיין נשמה צווישן די געשטאַלטן, וואָס אפילו ווען זיי שטאַרבן, שטייען זיי אָבער אויף זייער אָפט, ווי ראָלאַן זאָגט, תּחית־המתים אין דער מענטשלעכער נשמה. זיי ווע ן דערמאַנט. און די דערמאָנונג וועגן זיי ווירקט צום שעכסטן אין בעסטן אויף דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן גייסט.

גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער איז אָבער קריסטאָפס שיקזאַלישער אָנשלאָג אָן מאַדאַם ברוין. צו אים גייען מיר איצט אַריבער.

## 2.

## קריסטאָף, אַננאַ און גראַציאַ.

### א.

נאָך דער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער אַ פּאָליציאַנט איז געפאַלן אַ טויטער פון קריסטאָפס הענט, מוז קריסטאָף פאַרלאָזן פראַנקרייך, וואָס איז ווייט נישט דאָס ערגסטע פאַר קריסטאָפן. דאָס ערגסטע, וואָס ערגער האָט נישט געקאָנט זיין פאַר אים, איז דאָס, וואָס אין דער־דאָזיקער דעמאָנסטראַציע איז דערהרגעט געוואָרן זיין ליבסטער און טייערסטער חבר און איינאונאיינציקער אמתער פריינט, אָליווער, דער ברודער פון אַנטואַנעטן. קריסטאָף האָט זיך אין זיין לעבן גע־געטראָפן מיט מער מענטשן אפשר ווי וועלכער עס איז אַנדערער מענטש. קריסטאָף האָט ליב געהאַט מענטשן, און מענטשן האָבן ליב געהאַט קריסטאָפן. ווי יעדן גרויסן און שטאַרקן מענטש האָבן אויך נישט גע־פעלט קיין מענטשן, וואָס האָבן אים געהאַסט און פיינט געהאַט. יאָרנ־לאַנג האָט אָבער גענומען קריסטאָפן צו דערוועררבן אַט דעם פריינט, וואָס זייער ווייניק מענטשן זענען זוכה אין לויף פון זייער גאַנץ לעבן צו דערווערבן. אין אָליווערן האָט קריסטאָף געקריגן דעם פריינט, וועמענס פריינטשאַפט צו אים און זיין פריינטשאַפט צו אָליווערן איז געווען דורכגענומען מיט אַ הייליקער ליבשאַפט און טייערקייט און אַ טייערער און ליבער הייליקייט.

ביים רוסישן פאַבל־שרייבער קרילאָוו איז פאַראַן אַ פאַבל אויף דער טעמע: „דער האָן און דאָס דימענטענע קערנדל“. דאָרט דער־

ציילט ער, אַז אַ האָן גראַבלענדיק זיך אין אַ בערגעלע מיסט, האָט גע־פֿונען אַ דימענט, און קוקנדיק אַזוי אויף דעם גרויסן אוצר, רופֿט ער אויס: אַך, ווי בעסער עס וואָלט מיר געווען ווען איך געפֿין אַ פּשוט קערנדל, אַ קערנדל, וואָס וואָלט אָט שוין געקענט מיין הונגער שטילן.

יעדער מענטש אין דער וועלט האָט מאָמענטן אין זיין לעבן, ווען ער איז בבחינת האָן און ווען אַ הונגער־שטילנדיק קערנדל ווערט וויכטיקער אין ווערט אים טייערער, ווי אַלע דימענטן און אַנדערע לוקסוסן, נאָך וועלכע ער האָט געגאַרט און וועלכע ער האָט אַ לעבן־לאַנג געזוכט און זיך געמאַטערט אויף צו קריגן זיי.

פֿאַראַנען מענטשן — און מיין איינדרוק איז, אַז זייער צאָל איז זייער גרויס — וואָס קוקן אויף פריינטשאַפֿט און פילן פריינטשאַפֿט אַזוי ווי פריינטשאַפֿט וואָלט געווען עפּעס אַ מין דימענט, אַ גרויסער אוצר, אַ לוקסוס שבלוקסוס. איז דעריבער די פריינטשאַפֿט און דער פריינט, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך די פריינטשאַפֿט זיי טייער. ער איז פֿאַר זיי זייער וויכטיק און זיי צאַצקען זיך מיט אים, ווי מיט אַן אבן־טוב. עס קאָן אָבער דאָך צו יעדער צייט פּאַסירן, און עס פּאַסירט טאַקע, אַז דורך גרויס נויט זאָל אַ קערנדל ווערן וויכטיקער און עס זאָל דעם דימענט, דעם פריינט פון זכרון אַרויסשטויסן, אָבער אַז דער פריינט זאָל אין אַ זייט אַוועקגעשטעלט ווערן צוליב העכערע ענינים, אָדער אַז ער זאָל אפילו געבראַכט ווערן ווי אַ קרבן אויפן מזבח פון העכערע זאַכן.

פֿאַראַנען ווידער מענטשן — און זייער צאָל איז שוין נישט אַזוי גרויס — וואָס האָבן דאָס גליק צו דערפילן אַ פריינטשאַפֿט, ווי אַ יום־טובדיקייט. אָבער אויך דאָ זענען פֿאַראַן צוויי מדרגות. פֿאַראַן די סאָציאַלע אָדער פריידענקערשע יום־טובדיקייט, און פֿאַראַן די הייליקע יום־טובדיקייט. יום־טוב, נאַטירלעך, בלייבט יום־טוב. און בעת דאָס מענטשלעכע לעבן קאָן געמאָלט זיין אָן דימענטן און אָן לוקסוסן, קאָן עס אָבער נישט געמאָלט זיין אָן יום־טוב, און די וואָך קאָן קיינמאָל נישט אינגאַנצן פון זכרון אַרויסשלאָגן אפילו דעם סאָציאַלן אָדער פריידענקערישן יום־טוב. אַז דעריבער ווען גאָט העלפֿט, אַז מען דער־ווערבט זיך אַ יום־טובדיקן פריינט אָנשטאָט אַ דימענטיקן, איז אַזאַ דערווערבונג פון אַזאַ קערנהאַפֿטיקן כאַראַקטער, וואָס קיין קערנ־

דלעך וועלן נישט אויף אַלעמאָל פאַרנעמען איר אָרט אין וויכטיקייט און טייערקייט.

די העכסטע מדרגה אָבער איז די הייליקע יום־טובדיקייט. און נשמות, וועלכע זענען מסוגל דורכצולעבן און איבערצולעבן געפילן פון הייליקייט, פירן אָן און האַלטן אָן די וואָכעדיקייט אינם ליכט און אונטער דער השפעה פונם הייליקן יום־טוב.

פריינטשאַפט און ליבשאַפט, וועלכע ווערט דורכגענומען מיט הייליקייט, הערט נישט אויף אויף קיין איין־און־איינציקן מאָמענט צו שוועבן און צו פלאַטערן איבער אַלע סאַמע וויכטיקסטע. סאַמע נויטווענדיקסטע, סאַמע טייערסטע און סאַמע ליבסטע לעבנס־אינטערעסן, לעבנס־פונקציעס און לעבנס־שייכותן. זי איז ווי דער הייליקער שבת־קודש פאַר דעם פרומען ייד, וועלכער לעבט אַ גאַנצע וואָך. וועלכער עסט יאָ אָדער עסט נישט אַ גאַנצע וואָך אינם זכות פונם שבת־קודש, וואָס אָט־אָט וועט ער זיך אַראָפּלאָזן מיט זיין שיינקייט, לויטערקייט און ליכטיקייט אויף גאָטס יידישער וועלט.

אַזאַ פריינטשאַפט ווערט נישט אָפּגעשוויסן און צוריקגעשטויסן פון קיין שום אינטערעסן אין דער וועלט. איר זעליקייט נעמט דורך און פילט אָן אַלע גליקן און אַלע אומגליקן, וואָס באַפאַלן איינעם. און נישט פאַראַן איז אויף דער גאָרער וועלט קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיין הויך גענוג אויף צו באַרעכטיקן דאָס ברענגען פון אַזאַ פריינטשאַפט ווי אַ קרבן. גאָט אַליין קאָן זי נישט פאָדערן ווי אַ קרבן, מחמת זי איז די הימל־דערגרייכנדיקע לייטער צו גאָט. אָט פון אַזאַ קוואַליטעט איז עס געווען די קריסטאָף־אָליווער־פריינטשאַפט. סיי אין לעבן, סיי אין דער ליטעראַטור איז שווער זיך אָנצוטרעפן אויף אַזאַ מין פריינטשאַפט.

און דערדאָזיקער זעלטנסטער פון אַלע זעלטנהייטן פריינט, דערדאָזיקער פריינט קריסטאָפס, איז טויט. אַ טויטער אין גוף בלייבט אָליווער, קריסטאָפס פריינט, אין פראַנקרייך. אַ פאַרחלשטער אין גייסט, אַ גייסט־גוסס, וואַנדערט איצט קריסטאָף אַרום איבער גאָטס וועלט, גייענדיק נישט וויסנדיק וואוהין און צוליב וואָס, געטריבן בלויז פון אַן אינסטינקטיווער קראַפט צו גיין און גיין, זיך צו באַוועגן, זיך צו רירן אָן אַ ציל און אָן צוועק.

קריסטאָף האָט זיך אויטאָמאַטיש געלאָזט אין וועג אַריין. „ער האָט

נישט געוואוסט — שרייבט ראָלאַן — צוואָס ער גייט אייגנטלעך. ער איז געווען מיד, מיט אַ צעבראָכענעם גוף און נשמה — — — זיין קערפער איז געווען ווי אַ געדרודפטע חיה, וואָס אַנטלויפט. זיין פיזישע נויט, די מידקייט, דער הונגער, אַ טונקעלער פחד, וואָס האָט זיך גענומען פון זיין מידקייט, האָבן אויף אַ רגע דערשטיקט זיין מאָראַלישע פאַרצווייפלונג. ער האָט מער נישט פאַרלאַנגט ווי צו געפינען אַ שוץ, ווי זיך צו פאַרמאַכן מיט זיין ווייטיק און אָנצופרעסן זיך מיט אים".

אין דעם אויגנבליק דערמאַנט זיך קריסטאָף, אַז אָט אין דער שטאָט, וואָס ער האָט איצט פונדערווייטנס דערזעען, האָט ער אַ באַקאַנטן דאָקטאָר פון זיין שטעטל, עריק ברוין, וואָס האָט אים געשריבן אַ בריוו נאָך דעם, ווי ער האָט געלייענט וועגן קריסטאָפס גרויסע דערפאָלגן אַלס מוזיקער. ווי דורכשניטלעך ברוין איז נישט געווען און ווי ווייניק קריסטאָף איז נישט געווען פאַרבונדן מיט זיין לעבן, האָט ער דאָך — אַזוי דערציילט ראָלאַן — מיטן אינסטינקט פון אַ פאַרוואונדעטער חיה געמאַכט די ערשטע אָנשטרענגונג צו פאַלן פאַר דער טיר פון עמעצן, וואָס איז אים נישט געווען אינגאַנצן פרעמד.

עריק ברוין נעמט אויף קריסטאָפן מיט אַ האַרציקייט, וואָס רירט ביז אַלע טיפענישן קריסטאָפן. קריסטאָף טוט זיך אַ וואָרף ברוינען אין די אָרעמס און הייבט אָן חלשן. און אַזוי שלאָפט קריסטאָף אָפּ שעהנלאַנג און דערנאָך ערשט ליגט ער שעהן לאַנג אַ פאַרגליווערטער אין טויטער מידקייט. ווען זיין געדאַנק האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, גייט דער געדאַנק אַריבער אין אַן אומקלאָרן געפיל פון ווייטיק. „ער האָט זיך — ווי ראָלאַן שרייבט — פאַרצווייפלט אָנגעשטרענגט צו פאַרשטיין — — צוואָס האָט ער אים געקענט, צוואָס האָט ער אים ליב געהאַט, צוואָס האָט זיך אַנטואַנעט געדאַרפט מקריב זיין? וואָס פאַר אַ זין האָט געהאַט אָט די אַלע לעבנס, אָט די אַלע דורות, אָט דער סכום פון ביטערע דערפאַרונגען און האָפענונגען, וואָס זענען אויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט זייערע לעבנס, וואָס זענען פאַרזונקען געוואָרן אין אַ חלל? אומזין פון לעבן! אַ מזין פון טויט! זיין אוממאַכט קעגן דעם ווייטיק, זיין ווייטיק צוליב אַ אוממאַכט האָבן אים דערשלאָגן, זיין האַרץ איז געווען צעבראָכן".

אין אָט אין דעם מאָמענט, אינם מאָמענט, ווען קריסטאָף האָט

פאַרלוירן יעדן חוש פאַר צייט, קומט אַריין דעם דאָקטאָרס ווייב אַננאַ ברוין, זי האָט געבראַכט מיטאָג אויף אַ טאַץ. קריסטאָף האָט זי אָנגע־קוקט אומבאַוועגלעך און מיט די ליפּן אַפילו קיין ריר נישט געטון איר צו דאַנקען.

דאָ אָבער טוט אָפּ די פּסיכיק און דאָס פּולסירנדיקע לעבן אַ מאָדנע שפּיצל קריסטאָפן. מיט זיין באַוואוסטזיין האָט קריסטאָף כמעט ווי נישט באַמערקט די אַריינקומענדיקע פרוי און זיכער נישט גע־שענקט איר די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. קריסטאָפס אונטערבאַוואוסט־זיין אָבער כאַפּט אויף עטוואָס, צוואָס דער באַוואוסטזיין האָט נישט געקאָנט אין דעמדאָזיקן מאָמענט ריכטן זיין אויפמערקזאַמקייט. „אין זיינע פאַרטראַכטע אויגן — אַזוי דערציילט אונז ראָלאַן — וואָס האָבן, דאַכט זיך, גאָרנישט געזען, האָט זיך אַריינגעקריצט דאָס בילד פון דער יונגער פרוי מיט פאָטאָגראַפישער גענויקייט: אירע גערדיכטע האָר גע־פלאָכטן אין אַ דינעם קנויפּ, דער בולטער שטערן, ברייטע באַקן, אַ קורצע גלייכע נאָז, עקשנותדיק אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וואָס ביים באַגעגענען אַ פרעמדן בליק זענען זיי גוטמוטיק און אויפריכטיק אַנטלאָפן".

און ווי פריער און אַלעמאָל זענען זיך טעג געקומען און טעג געגאַנגען, און ביסלעכווייז האָט קריסטאָף אָנגעהויבן קומען צו זיך. קריסטאָף הייבט אָן שמועסן, שרייבן מוזיק און אפילו לאַכן. ער טוט דאָס אַלץ, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס „אין אָט דעם שטאַרקן מענטש, ווי די אויגן, וואָס האָבן געשפריצט מיט ליבע, איז עפּעס אין זיין נשמה חרוב געוואָרן".

אַננאַ ברוין, דעם דאָקטאָרס ווייב, איז איינע פון די, וועמען קריסטאָף צווינגט זיך צוליב העפלעכקייט צו שמועסן מיט איר, ווען אים קומט אויס מיט איר אַליין צו זיצן ביי איין טיש. און דאָס קומט אים אויס אָפט צו טון, ווייל דער מאַן איז פאַרנומען מיט זיין פראַקטיק, באַזוכנדיק די פּאַציענטן. דאָס געפיל פון צוואַנג נעמט זיך ביי קריסטאָפן דערפון, וואָס אַננאַ ברוין געפעלט אים נישט, אָפט האָט זי אויסגעזעען אין זיינע אויגן זייער מיאוס און דערצו איז זי קיינמאָל נישט געווען די ערשטע עפּעס צו זאָגן.

אָפט, אָבער נישט אַלעמאָל, האָט אַננאַ אויסגעזעען מיאוס צו

קריסטאָפן. „ער האָט איניגיכן — שרייבט ראָלאַן — באַמערקט די שיינקייט פון אירע האָר, אירע הענט, איר מויל און אירע אויגן — אין די זעלטענע רגעס, ווען עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַגעגענען דעם דאָזיקן בליק, וואָס האָט אים שטענדיק אויסגעמיטן״.

אָט אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז דער צייט, ווען קריסטאָף האָט אָנגעהויבן צו שפילן אָפט אויף דעם פאָרטעפּיאַן. קריסטאָפס שפּילן טוט אויף ממש וואונדער פאַר דער, וואָס, לויט אירע ביז איצטיקע האַנדלונגען און באַנעמונגען, האָט מען געקאָנט דענקען, אַז אָדער זי האָט גאָר קיינמאָל נישט געהאַט אַזאַ זאַך, ווי אַ נשמה, אָדער אַז דער נשמה איז שוין לאַנג-לאַנג צוריק נמאס געוואָרן אַזאַ וואויינאָרט. און זי האָט זיך אָזגעטראָגן ערגעץ-וואו אַנדערש. אָט שפּילט איינמאָל קריסטאָף אויף דער פיאַנינאָ און אַננאַ זיצט אין הינטערגרונט פון צימער, רעדט נישט קיין וואָרט. זי האָט געהאַלטן אַ האַנט-אַרבעט אויף די קני, און עס האָט אויסגעזעען, ווי זי נייט, אָבער אירע אויגן זענען געווען פאַרשטאַרט און די הענט אומבאַוועגלעך, טיילמאָל איז זי גאַנץ שטיל אַרויס אינמיטן אַ שטיק און מען האָט זי מער נישט געזעען.

געטראָפן האָט איינמאָל, אַז אַרויסגייענדיק אין מיטן פון זיין שפּילן, איז זי אַ פאַרגליווערטע און אַ פאַרשטאַרטע געבליבן ליגן פון יענער זייט טיר, ווי אַ פאַרהלשטע, ביז קריסטאָף האָט זיך מיט שרעק און פאַרוואונדערונג אָנגעשטויסן אויף איר קערפּער. קריסטאָף, באַאומרויקט צי עס טוט איר עפּעס נישט וויי, האָט זי האַרציק אָנגענומען פאַר ביידע הענט. אירע הענט זענען געווען קאַלט, ווי אייז, זי האָט געציטערט און האָט געמורמלט: „איך האָב געזוכט... אין עסצימער..״

קריסטאָף האָט נאַטירלעך נישט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געזוכט, אָבער איין גאָט ווייסט צי אַננאַ האָט געוואוסט און פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט געזוכט. זי האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין און וויסן, ווייל נישט זי, אַננאַ, נישט איר באַוואוסטזיניקער איך, האָט עס געזוכט, נאָר עפּעס אין איר האָט געשטרעבט צו עפּעס, געזוכט עפּעס, באַגערט און געוואָלט עפּעס אויף אַן אומווידערשטייליכן אופן. טיף אין די אונטערגרונדן פון איר וועזן איז געלעגן ערגעץ-וואו, פאַר יאָרן און יאָרןלאַנג דערשטיקט פון דעם אַלץ אַרום, אַ פעאיקייט און ליבע פאַר מוזיק.

אין די זעלבע אונטערגרונדן איז אויך געלעגן אַ פאַרשטיקטע און דער שטיקטער דורשט ליב צו האָבן, אַ דערשטיקטער און פאַרשטיקטער דראַנג זיך ליידנשאַפטלעך אויסצולעבן, אויסדרוק צו געבן צו דעם פייער און ברען, וואָס די סעקסואַליטעט פאָדערט פאַר איר אמתער רעאַליזירונג, ווי אַ רעגער און באַגלייטער. און זשאַן קריסטאָפס וואונדערבאַרע קלאַנגען און טענער, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון דער פּיאַנינאָ, האָבן, ווי אין חומש שטייט וועגן דעם מבול, געלאָזט אויסברעכן אַלע קוואַלן פון גרויסן תהום און צו עפענען די פענסטער פון הימל, און דורכגענומען איז געוואָרן אַננאַס גאַנצע וועזן ביז אַלע גרונדן זיינע, ביז אַלע הויכן און נידערונגען זיינע, ביז אַלע טיפן און ברייטן זיינע, מיט סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט פון אַלע דראַנגען און באַגערן, אַלע גאַרענישן און וועלענישן אין אַלע שאַטירונגען און ניואַנסן פון ליבע: ליבע צו מוזיק, ליבע צו דער ליבע, ליבע צום פייער און ברען פון דער ליידנשאַפט, ליבע צו דער פרייהייט און מעגלעכקייט אויסצודריקן אויף אַ ליידנשאַפטלעכן אופן אַלץ, וואָס גייט מיט איר און איבער איר. און דער מבול פון אויסברוך, וואָס איז באַפאַלן אַננאַן, האָט אָנגעהאַלטן טעג און נעכט — מיר קאָנען נישט זאָגן גענוי וויפיל — און די וואַסערן פון ליידנשאַפט האָבן זיך געמערט און האָבן געטראָגן אַננאַן, ווי די וואַסערן פון מבול האָבן געטראָגן די תיבה און ווי די תיבה, אַזוי האָט זיך אויך אַננאַ אויפגעהויבן איבער דער ערד.

„אין אַ וואָך אַרום — דערציילט אונז ראָלאַן — האָט קריסטאָף געפּרוווט שפּילן אויף דער פּיאַנינאָ אַ ליד, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהאַט קאָמפּאָנירט — און צו ברוינס און קריסטאָפס גרעסטער דערשטוינונג, האָט אַננאַ אַוועקגעלייגט די אַרבעט, אויפגעשטאַנען צו דער פּיאַנינאָ און געזונגען דאָס ליד, וואָס זי האָט פריער קיינמאָל נישט געקענט. דאָס איז געווען אַ מין וואונדער. איר שטימע האָט געהאַט אַ טיפן קלאַנג און האָט לחלוטין נישט דערמאַנט אָן איר רויער, פאַרשלייערטער שטים בעת איר רעדן. זי האָט גענומען באַלד דעם ערשטן טאָן פעסט און אָן אַ סימן פון פאַרלעגנקייט. אָן שום אָנשטרענגונג האָט זי אַריינגעלייגט אין דעם מוזיקאַלישן זאַץ אַ ריירנדיקע און ריינע גרויסקייט. זי האָט זיך דערהויבן צו אַזאַ געוואַלטיקער ליידנשאַפט, אַז קריסטאָף האָט אַ ציטער געטון. אין יענעם אָוונט האָט צווישן זיי געהערשט

אַ טיפע שווייגעניש, עס איז קלאָר געוואָרן, אַז זי האָט זיך אויפגעהויבן איבער זיך אַליין און אפשר צום ערשטן מאָל זיך אַליין דערפילט, זי האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס".

צום צווייטן מאָל, ווען עס האָט פּאַסירט דאָס זעלביקע, האָט שוין יאָ, ווייזט אויס, אַננאַ פאַרשטאַנען פאַרוואָס. דאָס צווייטע מאָל זינגט זי, און קריסטאָף שפּילט אויף דער פּיאַנינאָ, און וועגן זייער איינצייטיקן זינגען און שפּילן, שרייבט ראָלאַן אַזוי: „ער האָט געשפּילט. זי האָט געזונגען. ער האָט זי באַלד דערזועען אין יענעם ליכט, ווי זי איז דערשינען פאַר אים דאָס ערשטע מאָל. מיט דער גאַנצער זיכערקייט האָט זי געטרעטן אין דערדאָזיקער הערויאישער וועלט, גלייך ווי זי וואָלט גע-הערט צו איר. ער האָט זי ווידער אויסגעפּרוווט, גענומען שפּילן אַ צווייט שטיק, דערנאָך אַ דריטס מיט מער שוואונג, דערגליענדיק אין איר אַלע ליידנשאַפטן, מיטרייסנדיק זי און זיך אַליין. דעמאָלט ווען זי איז געקומען צום העכסטן פּונקט, האָט ער פּלוצלינג איבערגעריסן, און, קוקנדיק איר גלייך אין די אויגן אַריין, געפרעגט:

— אָבער ווער זענט איר אייגנטלעך?

זי האָט געענטפערט:

— איך ווייס נישט.

ער האָט גראָב געזאָגט:

— וואָס געפינט זיך אין אייך אַזוינס, וואָס איר זינגט אַזוי?

זי האָט געענטפערט:

— דאָס, וואָס איר הייסט מיך זינגען.

קריסטאָפס הייסן איר זינגען, אַלזאָ, ברענגט אַרויס אירע זינג-כוחות מכח אל הפועל און איניינעם מיט זיי אַלע אַנדערע קרעפטן, וואָס זענען פאַר יאָרנלאַנג געווען ווי פּאַראַליזירט. איר קענען זינגען אויף קריסטאָפס באַפעל, רודערט ביסלעכווייז אויף אין אים געפילן אומבאַשטימ-טע, ליידנשאַפטן געפּאַרביקטע און געזאַפּטיקטע מיט פאַרבן און זאַפטן אַלערליי. נאָך דער פּיאַנינאָ קומט די נאַטור צו הילף אין דעם שאַפן צווישן קריסטאָפן און אַננאַן אַ טיפערע און אינטימערע פיזישע און גייסטיקע דערקענונג.

געדאַכט האָט זיך אַלע, צווישן זיי אויך קריסטאָפן, און אפילו אַננאַן אַליין, אַז אַננאַ איז לחלוטין נישט געווען עמפּינדלעך אויף נאַ-

טור. „אינדעראמתן אָבער — שרייבט ראָלאַן — איז דאָס נישט געווען ריכטיק, זי האָט נישט ליב געהאַט דאָס, וואָס ווערט פון אַלעמען אָנגערופן שיינע לאַנדשאַפט! זי האָט זיי נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע. אָבער זי האָט ליב געהאַט דאָרף, ערד און לופט. זי האָט אָבער וועגן דעם נישט געוואוסט פונקט ווי פון אַנדערע געפילן אירע, און די, וואָס זענען געווען אַרום איר, האָבן עס נאָך ווייניקער געוואוסט".

און אָט אין אַ געוויסן זונטיק לאָזט דורך אַננאַ צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אירע תפילות, איר גיין אין קלויסטער, און פאָרט אָנשטאָט דעם אַרויס אין דאָרף מיט קריסטאָפן. און דאָרט, אויף דער מוטער ערד, פאַרשיכורט פון דער פרישער לופט, דערשפירט אין זיך אַננאַ דעם אויפרייס פון אַלע דאַמבען און דעם אויפשטייג און אַרויסגוס פון אַלע קרעפטן און כוחות, דראַנגען און באַגערן, וואָס זענען געלעגן אין די גרונטן און אָפגרונטן, וואָס זענען געלעגן יאָרן־לאַנג פאַרפרוירענע און פאַרגליווערטע פון טויטקייט און שרעק, וואָס האָבן געהערשט אַרום איר און אין איר, און ווידער ווי די וואַסערן פון מבול האָבן זיך דידאָזיקע אַלע תהומידיקע קרעפטן געשטאַרקט און האָבן זיך געמערט, און ווי עס זענען פאַרדעקט געוואָרן פונם מבול אַלע הויכע בערג, וואָס אונטערן גאַנצן הימל, אַזוי ווערן פאַרדעקט אין אַננאַס וועזן פון דער מבולדיקער ליידנשאַפט אַלע העכסטע שפּיצן פון דער באַוואוסטזיניקער און לאָגישער געדאַנקלעכקייט, וועלכע האָבן זי יאָרן־לאַנג געהאַלטן אין צוימען און קלאַמערן. אַננאַ ווערט קינד, אַננאַ ווערט פרימיטיוו און ווילד.

„אַננאַ — שרייבט ראָלאַן — קלעטערט פאָרויס אויף אַלע פיר, זיי זענען דורכגעגאַנגען די נעפּלען, וואָס האָבן געשוועבט איבערן טאָל, ווי אַ זילבערנער שלייער, און איבערגעריסן זיך אין די קוסטעס. זיי זענען געבליבן שטיין אונטער דער הויכער וואַרעמער זון. אויבן אויפן שפּיץ האָט זי זיך אויסגעדרייט. איר פּנים האָט געשיינט, זי האָט געאָטעמט מיט אַן אָפן מויל. מיט שפּאָטישע אויגן האָט זי אַ קוק געטון אויף קריסטאָפן, וואָס האָט געקלעטערט איבער די שטיינער, זי האָט אויסגעטון איר מאַנטל, אַ וואָרף געטון אים אין קאָפּ אַריין, און נישט וואַרטנדיק ער זאָל כאַפּן דעם אָטעם, האָט זי זיך געלאָזט גיין ווייטער. קריסטאָף האָט גענומען נאָכיאָגן. דער שפּיל האָט זי געווילט. די לופט

האָט זי פאַרשיכּורט. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון אַ משופּעדיקן אָפּהאַנג, די שטיינער האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטער די פיס, נאָר זי איז נישט אומגעפאַלן. זי האָט זיך געגליטשט, געשפּרונגען און געפלויגן, ווי אַ פייגל — — — זי האָט זיך אַ וואָרף געטון אין וואַלד, די טרוקענע בלעטער האָבן געקנאַקט אונטער אירע פיס. די צווייגן, וואָס זי האָט באַזייטיקט, האָבן איר געשלאָגן איר פּנים. זי איז פּלוצלינג געשטרויכלט געוואָרן פון די וואָרצלען פון אַ בוים. ער האָט זי אָנגעכאַפּט. זי האָט זיך געווערט מיט די הענט און מיט די פיס. געריסן זיך און געוואָלט אים אומוואַרפן, זי האָט געשריגן און געלאַכט — —
זיי זענען געווען ווילד און געוואָלט איינער דעם אַנדערן אָנטון וואָס מער ווייטיק. זיי זענען געווען גליקלעך אָן שום הינטערגעדאַנקען, די גאַנצע איבעריקע וועלט, די קייטן פון זיין לעבן, די דאגות פון דער פאַרגאַנגענהייט, די מורא פאַר דער צוקונפט, דער שטורעם, וואָס האָט זיך אין זיי געגרייט, אַלץ איז פאַרשוואונדן געוואָרן".

ווילד און אין אַלץ פאַרגעסנדיקע זענען זיי געווען צום צווייטן מאָל אין עטלעכע טעג אַרום און דאָס מאָל שוין ווידער ביי דער פּיאַנינאָ. „ער האָט אַ שלאָג געטון אויף די קלאַווישן די זעלבע רעליגיעזע און ליידנשאַפטלעכע מעלאָדיע, וואָס זי האָט אים געזונגען דאָס ערשטע מאָל, בעת זי האָט זיך אַנטפּלעקט. אויף דער טעמע האָט ער אימפּראָוויזירט שטורמישע וואַריאַציעס. הגם ער האָט איר קיין וואָרט נישט געזאָגט, האָט זי גענומען זינגען. זי האָט פאַרלוירן דעם חוש פאַר דער גאַנצער סביבה. דער געהייליקטער שגעון פון דער מוזיק האָט זי אַוועקגעריסן אין זיינע נעגל.

נאָך דידאָזיקע שטורמישע וואַריאַציעס זענען אַוועק שוין נישט קיין טעג, נאָר שעהן בלויז. און בלויז אַ קליינע צאָל שעהן — און דער שטורם, וואָס האָט זיך געגרייט אין זיי, האָט אויסגעבראָכן, אויסגעבראָכן אַזוי ווי ער קאָן נאָר אויסברעכן אין מענטשלעכע נשמות, אויסגעבראָכן אַזוי ווי ער וועט מסתמא אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטאַלט, אונטער אַזעלכע אָדער אַנדערע אומשטענדן אויסברעכן אַלץ שטאַרקער, אַלץ מוראדיקער, וואָס מער און מער דער מענטש וועט זיך אַנטוויקלען, וואָס מער און מער פייערן און ברענענישן, וואָס מער און מער פּרימיטיווע כּוחות, קרעפטן און מאָטיוון עס וועלן פון דעם באַ־

וואוסטזיין אַרונטערגעשפּאַרט ווערן אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין און געהאַלטן ווערן דאָרט אויף זיבן און זיבעציק שלעסער.

„אינמיטן פון דער נאַכט — — קריסטאָף איז נישט געשלאָפן. ער האָט געפילט עפּעס אַ שרעק, וואָס איז געוואַקסן פון מינוט־צו־מינוט——— אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ ווייס געשטאַלט. זי האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט. עטלעכע טריט פאַרן בעט איז זי געבליבן שטיין. קריסטאָף האָט גאָרנישט געקאָנט אונטערשיידן, נאָר ער האָט געהערט זיין אָטעם און זיין אייגן פולסירנדיק האַרץ, זי איז צוגעקומען צום בעט און איז ווידער געבליבן שטיין, זייערע פּנימער זענען געווען אַזוי נאָענט, אַז זייערע אָטעמס האָבן זיך אויסגעמישט, זייערע בליקן האָבן זיך אַרומגעזוכט און נישט געקאָנט געפינען אין דער פינסטער, זי איז אַ פאַל געטון איבער אים. — — אַ שעה, צוויי שעה, שפּעטער אַן אייביקייט. די טיר האָט זיך געעפנט, אַננאַ האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס, אין וועלכע זי איז געווען פאַרשלונגען, אַרויסגעגליטשט זיך פון בעט און פאַרלאָזט קריסטאָפן אָן איין וואָרט, ווי זי איז געקומען צו אים — —"

ב.

אַננאַ בּרוין איז די דריטע פרוי, וואָס קומט אויף אַזאַ אופן צו קריסטאָפן אין דערמיט פון דער נאַכט, אין דער פינסטערניש פון צייט. די ערשטע איז געווען, ווי מיר האָבן שוין געזען, די פרוי אַדאַ. די צווייטע איז פראַנסואַז. אַדאַ איז געווען אַ פּשוטע אומאַנטוויקלטע פּויערטע. פראַנסואַז איז געווען אַ הויך אַנטוויקלטע און אַ היפּשלעך קולטורעלע פּערזענלעכקייט. וועגן דער אַקטריסע פראַנסואַז דערציילט אונז ראָלאַן, „אַז אין אַ געוויסן אָווגט נאָך אַ סך פריערדיקע אָוונטן, ווען זי און קריסטאָף האָבן פאַרבראַכט אויף אַ זייער פריינטלעכן אופן, איז זי, ווען עס איז געוואָרן צו שפּעט אַוועקצוגיין, געבליבן מיט איר אייגענעם ווילן — אָט אַזוי זענען זיי געבליבן צוזאַמען און האָבן געפילט ווי ביסלעכווייז וואַקסט אַלץ שטאַרקער אין זיי דער באַגער און זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן — — זייער ליבע איז נישט

געווען קיין עגאָאיסטישע ליידנשאַפט. זי איז געווען אַ טיפע פריינט־שאַפט, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אויך זייערע קערפּערס".

אין ערשטן פאַל, אַלזאָ, איז עס געווען אַ ריין קערפּערלעכע ליידנשאַפט, אין צווייטן פאַל איז דאָס געווען אַ פריינטשאַפט, באַפאַרבט און געזאַפּטיקט דורך ליידנשאַפט. וואָס־זשע איז דאָס געווען אין דריטן פאַל, אין פאַל פון אַננאַ ברוין? אין איר פאַל איז עס געווען, ווי קריס־טאָף אַליין דריקט זיך אויס, „אַ פייער־שטראָם, וואָס האָט אים דורכגע־נומען, קוים האָט ער נאָר פון איר אַ טראַכט געטון. דאָס איז נישט געווען קיין ליבע און דאָך טויזנט מאָל מער ווי ליבע".

יעדער פאַל פון דידאָזיקע דריי פאַלן האָט זיך זיינע שאַטירונ־גען, זיינע באַזונדערע ניואַנסן, זיינע אייגנאַרטיקע, אייגנפאַרביקע און אייגנזאַפּטיקע רעגונגען, ווירקונגען און איינפלוסן, פיזישע און גייסטי־קע, פסיכישע און ספּיריטועלע. אַננאַ ברוינס פאַל איז אַ חוץ אַלעמען אויך אייגנאַרטיק דערמיט, וואָס ער פירט צום צונויפבברוך פון די פּער־זענלעכקייטן — אַננאַ ברוין און זשאַן קריסטאָף קראַפּט. פאַרוואָס דער־דאָזיקער צונויפבברוך? אויף דערדאָזיקער פראַגע איז דער ענטפער איינער: דערפאַר, וואָס אין דעמדאָזיקן פאַל טרעט אַריין מיט זיין גאַנ־צער מאַכט און קראַפט דער מאָראַלישער פאַקטאָר, דער מאָראַלישער כוח. עס טרעט אַריין דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו, וואָס זייגט אָן אויפהער דאָס בלוט און דעם נערוון־זאַפט פון דעם לעבן, פון דער נשמה און פונם גייסט, אי פון אַננאַן, אי פון קריסטאָפן. מיט רעכט אָדער אָן רעכט אין ליכט פון דער מאָראַל, ווי זי וועט זיין אין דער צוקונפט, אָדער ווי זי איז איצט אין די אויגן פון אַנדערע, האָבן אַננאַ און זשאַן געפילט און געגלויבט אין דער אינערלעכקייט פון זייערע וועזנס, אין דער טיפקייט פון זייער מאָראַלישן גייסט־אָפּצווייג, אַז זי, אַננאַ, איז עריק ברוינס ווייב, און דעריבער איז דאָס זשאַן־אַננאַ־פאַרבאָרגענע געשלעכטלעך־ליידנשאַפטלעכע איבערגעבן זיך איינער צום אַנדערן אַ גרויסע עוולה, אַ גרויסע אומרעכט קעגן ברוינען, און דעריבער אַ מאָ־ראַלישער פאַרברעך, אַ דערנידערונג און באַליידיקונג פאַר דער אייגענער פּערזענלעכקייט.

נאָך אַננאַס אַרויסגליטשן זיך פון זיין בעט, זאָגט קריסטאָף צווישן אַנדערס צו זיך: „און אָט האָב איך זיך אַליין באַפלעקט מיט אַזאַ

שאַנד! די אומשטאַנדן האָבן נאָך עקלדיקער געמאַכט זיין פאַרברעכן. אַ פריינט האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. געגעבן אים הילף, געטרייסט אים. קיינמאָל האָט אים נאָך זיין גוטסקייט נישט געניאַרט, קיין זאַך איז פאַר אים נישט שווער געווען, אים האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין לעבן, און אַלס דאַנק האָט ער ביי דעמדאָזיקן מענטש אַוועקגערויבט זיין ערע און זיין באַשיידן פאַמיליען־גליק. ער האָט אים אויף אַ געמיינעם אופן פאַרראַטן". און נישט ווייניקער אומגליקלעך פילט זיך אויך אַננאַ, וועלכע איז נאָך צו דעם אַלעם אַ גאָט־גלויביקע. זי האָט שטענדיק געהערט גאָטס פאָרוואורף, און געטראַכט האָט זי וועגן קריסטאָפן נאָר מיט האַס. זי האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט זי — אין אירע אייגענע ווערטער — „אויף אַן אויגנבליק אַרויסגעריסן פון איר גייסטיקער תפיסה, כדי זי באַלד ווידער וואַרפן אירע תלינים צום רויב".

און אָט אַזוי האָבן זיך פאַר וואָכן־לאַנג אויף אַ זיגזאַגישן אופן געשלענגלט די באַציאונגען צווישן אַננאַ ברוין און זשאַן קריסטאָף, זיך געשלענגלט הין און צוריק און ווי בייזע שלאַנגען געפרעסן די לייבער און די נשמות פון זיי ביידע, ביז צום פונקט פון אומדערטרעגלעכקייט, ביז צו דעם מאָמענט, ווען אַננאַ זאָגט:

— קריסטאָף, וואָס וועלן מיר טון?

און קריסטאָף האָט זי אָנגעקוקט און געזאָגט:

— שטאַרב.

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פרייד:

— אָ, דו ווילסט באמת? דו ווילסט אויך... איך וועל נישט זיין אַליין.

זי האָט אים געקושט.

— האָסטו געגלייבט, אַז איך וועל דיך פאַרלאָזן?

זי האָט שטיל געענטפערט:

— יאָ.

ער האָט געפילט וויפיל זי האָט געמוזט ליידן, אין אַ פאָר מינוט אַרום האָט ער אָנגעפרעגט מיטן בליק.

זי האָט פאַרשטאַנען:

— אין שרייב-טיש — האָט זי געזאָגט — רעכטס אין אונטערשטן שיפלאָד.

דאָרט אין שיפלאָד איז געלעגן אַ רעוואָלווער. אַננאַ וויל זיין די ערשטע צו שטאַרבן און קריסטאָף זאָל זיין דער צווייטער. קריסטאָף נעמט אָן דעם אָפּמאַך. די גאָט-גלויביקע אַננאַ, ווי דער פריידענקער זשאַן קריסטאָף, קומען ביידע צום שלוס, אַז זייערע זינד דאַרפן און קאָנען אויסגעקויפט ווערן נאָר דורכן טויט. דער שיקזאַל האָט אַנ-דערש באַשטימט. דער רעוואָלווער שיסט נישט. אַננאַ און קריסטאָף בלייבן לעבן. וויכטיק פאַר אונז אָבער איז, וויכטיק פאַר די, וואָס לייענענדיק „זשאַן קריסטאָף", וועלן איבערלעבן מיט אַננאַן און קריסטאָפן אַלע מאַטערנישן פון דעם גרייטן זיך צום טויט און קוקן אים אין די אויגן אַריין — — וויכטיק פאַר אונז און פאַר אַלע לייענער איז אַננאַ און קריסטאָפס באַשלוס און נישט די באַשטימונג פון שיקזאַל.

צו שטאַרבן, זיך אַליין איינצייטיק און אויף אייגעם און דעם זעלביקן אופן אַוועקנעמען פון דערדאָזיקער וועלט – — איז געווען דער ענדגילטיקער באַשלוס פון אַננאַן און קריסטאָפן. לעבן צוזאַמען האָבן זיי נישט געקאָנט, האָבן זיי געוואָלט זיך באַשטראָפן פאַר זייער לײַדנשאַפטלעכער איבערגעבנקייט איינער צו דעם אַנדערן דערמיט, וואָס זיי וועלן שטאַרבן צוזאַמען, קושנדיק מיט פריינטשאַפט איינער דעם אַנדערן צום לעצטן מאָל.

דאָס האָט געזאָלט זיין דער סוף פון אַ טיפן און שרעקלעכן איפּבראויז, פון אַ לײַדנשאַפט, וועלכע האָט זיך צונויפגעשטויסן מיט דעם אומברדהמנות שטרענגן און בייזן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון דער מאָראַל. אַזאַ סוף וואָלט געווען נישט דער ערשטער, און ער וועט נישט זיין דער לעצטער, אויף דעם וועג פון דער מענטשלעכער אַנט-וויקלונג. אין אַזעלכע פינאַלן וועלן זיין, אומאָפּהענגיק פון דעם צי וועלן זיך די אַננאַ ברוינס יאָ אָדער נישט באַטראַכטן, ווי דאָס אייגנ-טום פון דעם מאַן, וועלכער מוז וויסן, וואָס דאָס ווייב טוט מיט אירע געפילן אין איר קערפּער, און אומאָפּהענגיק אויך דערפון צי וועלן די קריסטאָפס פילן אין זייערע באַציאונגען צו די אַננאַס, ווי זיי וואָלטן עפּעס געגנבעט, ווי זיי וואָלטן גענומען עפּעס, וואָס איז זיינס,

דעם מאַנס, אָן זיין הסכמה. פינאַלן אַזעלכע װעלן פאָרקומען, סײ עס װעלן הערשן אַזעלכע אָדער אַנדערע מאָראַלישע בליקן און מאָראַלישע געפילן אין דער װעלט. קוים װעט נאָר הערשן מאָראַל בכלל, זענען אַזעלכע און ענלעכע אָפּשלוסן אומפאַרמיידלעך. די אימפּעראַטיװן פון מאָראַל פאַר דעם מענטש — און װאָס העכער דער מענטש, שטאַרקער די אימפּעראַטיװן — די אימפּעראַטיװן פון דער מאָראַל װעלן קיינמאָל נישט צונױפפאַלן מיט די אַלערלײ אױפּברױזן פון דער לײדנשאַפט.

אַזעלכע אָדער אַנדערע לײדנשאַפטן — כּל־זמן אָבער זײ גײען אונטער דעם נאָמען לײדנשאַפטן, װעלן זײ זיך זוכן דורכצוברעכן אַ װעג, נישט רעכענענדיק זיך מיט קײנע קאָנסעקװענצן. אַלעמאָל װעלן זײן אָט דידאָזיקע זיך רײסנדיקע אױף דער פרײ לײדנשאַפטן. און זײן װעט אױך אַלעמאָל אין די טיפסטע טיפענישן פון דעם מענטשס װעזן דעריעניקער, אָדער דאָס יעניקע, װאָס װעט רופן צ.ם משפּט פאַר דעם דערלױבן זיך צו געבן צו אײן אױסדרוק פון קולטור אָדער פון נישט קולטורקײט די הערשאַפט און די אױבערהאַנט איבער אַלע אַנדערע קולטור־אױסדרוקן. און דער משפּט װעט אַלעמאָל זײן און בלײבן אַ קאַטעגאָרישער און אַ שטרענגער: שטרענג װי דער משפּט איבער אַננאַ קאַרענינאַ, אפילו װען עס װעט שױן קײן סימן נישט בלײבן פון אַננאַ קאַרענינאַס באַגריפן װעגן ליבע. האַרט און שטרענג װי דער משפּט איבער איװאַן קאַראַמאַזאָװ, אפילו װען די מענטשהײט װעט שױן גאָר אַנדערש דענקען װעגן די באַציאונגען צװישן טאַטן און קינדער און צװישן מענטש און מענטש. שרעקלעך און גרױזאַם װי דער משפּט, װאָס האָט שיעור נישט געזאָלט זײן איבער אַננאַ ברױן און זשאַן קריסטאָף, אפילו װען די קומענדיקע אַננאַס און קריסטאָפס װעלן נישט קענען שױן אָנהײבן צו פאַרשטײן, פאַרװאָס קריסטאָף און אַננאַ האָבן געדאַרפט געבן ברױנען אַ רעכנונג װעגן זײערע באַציאונגען צװישן זיך.

אַזאַ אָדער אַן אַנדערע מאָראַל, אַזאַ אָדער אַן אַנדער מאָראַל־געפיל, אַזאַ אָדער אַן אַנדערער מאָראַל־אינהאַלט — — בלײבן װעלן אָבער מאָראַל־מהותן און מאָראַל־תּמצותן און בלײבן װעט די מאָראַל, װי אַזעלכע, אַזױ לאַנג, װי מענטש װעט זײן און בלײבן מענטש. אַ ליגן צו אַ פרײנט צוליב אײגננוציקײט װעט זיך אַלעמאָל פילן, װי אַ

דעגראַדאַציע פאַר דער פּערזענלעכקייט און וועט אַלעמאָל אויף אַ קאַטעגאָרישן אופן צעפּרעסן ביז אומדערטרעגלעכקייט דאָס לעבן און דעם גייסט פון מענטשן, און דאָס זעלביקע מיט דעם נעמען זיך דאָס רעכט איבער יענעמס לעבן אין די אינטערעסן פון דעם, וואָס רויבט אַוועק דאָס לעבן. אַזעלכע און אַנדערע אַקטן וועלן מאַכן שווער און אָפּט אומדערטרעגלעך דעם מענטשס לעבן אויף דער וועלט צוליב דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו, צוליב דעם גרויסן שטאַרקן און אומ־אויפהערלעכן רוף צום משפּט. און ד׳ערפאַר טאַקע וועלן ווערק ווי „אַננאַ קאַרעני נאַ“, „ברידער קאַראַמאַזאָוו“ און „זשאַן קריסטאָף“ קיינמאָל נישט פאַרלירן זייער ווערט און אינטערעס.

די גרויסקייט פון דידאָזיקע און אַנדערע אַזעלכע קינסטלערישע ווערק באַשטייט אָבער אויך אין דעם, וואָס זיי רעגן אין אונז דעם געדאַנק — — און אויב נישט קיין אַנדערע, קאָן איך אַליין עדות זאָגן צו דער רעגונג פון דעמדאָזיקן געדאַנק — פון דעם געדאַנק, אַז דער מאָראַלישער משפּט איז נאָך נישט דער לעצטער, נאָר אַז איבער אים, איבער דעם מאָראַלישן משפּט, איז נאָך פאַראַן, וואָס איך וואָלט אָנגערופן, דער קולטור־משפּט, דער משפּט איבער דעם מענטש־לעכן וועזן פון שטאַנדפּונקט פון דער קולטור אַלס אַ גאַנצע.

נאָך דעם, ווי די מאָראַל איז אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן פאַרטיק געוואָרן מיט איר משפּט, פרעגן מיר זיך ערשט: נו, וואָלט דערדאָזיקער מענטש, ווען די מאָראַל האָט שטרענג און גרויזאַם געמשפּט, וואָלט ער געבליבן אַ העכער, שענער און טיפער וועזן, אַ מער קולטורער וועזן, ווען דער אויפברויז און די ליידנשאַפטן, די אויפקאָכענישן פון לייב, נשמה און גייסט, וואָס פאַר זיינע קאָנסעק־ווענצן איז ער געשטעלט געוואָרן צום מאָראַלישן משפּט — וואָלטן אינגאַנצן נישט אַרויסגערופן געוואָרן און נישט געקומען צום אויס־דרוק? וואָלטן למשל אַננאַ קאַרעני נאַ און אַננאַ ברוין געווען געבליבן בעסערע, שענערע און מער קולטורע וועזנס, ווען זיי זאָלן געווען ביז דעם סוף פון זייער לעבן פאַרבלייבן די ריינע און כשרע ווייבער, די — צוליב פאַרפרוירנקייט, פאַרגליווערטקייט און אָפּגעטויטקייט — שטי־לינקע ציגעלעך פון זייערע מאַנען באַלעבאַטים? איז קריסטאָף געוואָרן קולטוריש שוואַכער צוליב דעם אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט מיט

און דורך אַנגאַן? און די זעלביקע פראַגן קאָנען געשטעלט ווערן וועגן אַ סך פון די העלדן פון שעקספּיר, געטהע, בייראָן, און וועגן די הונ־דערטער העלדן אין לעבן, וואָס זענען אין דער ליטעראַטור נישט אַריין. וועגן זיי אַלע פרעגט זיך: וואָלטן זיי אויף יענער וועלט גע־קומען מיט אַ רייכערן קולטור־באַגאַזש, ווען נישט די אויפרודערונגען, אויפברויזן און אויפקאָכענישן פון זייערע נשמות, פאַר וועלכע די מאָראַל האָט געפאָדערט און וועט אַלעמאָל פאָדערן אַ שטרענגן דין־וחשבון? דער ענטפער צו דערדאָזיקער פראַגע פון אַ קולטור־שטאַנד־פונקט איז, ווי איך בין אין דעם איבערצייגט, אַ קאַטעגאָרישער ניין: זיי וואָלטן אָן דידאָזיקע אַלע איבערלעבונגען נישט אַוועק פון דער וועלט און וואָלטן נישט געקומען אויף יענער וועלט קולטור־רייכערע און בכלל אינהאַלט־רייכערע מענטשן. און דאָס איז אפשר דער זין פון דער באַהויפּטונג, אַז וואו בעלי־תשובס שטייען, קאָנען קיין צדיקים גמורים נישט שטיין. דער צדיק, דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געזינ־דיקט, קאָן זיך נישט פאַרגלייכן אין קולטור־רייכקייט און טיפקייט מיט דעם, וואָס לעבט איבער דעם צער און פיין פון די זינד, אין וועלכע ער איז אַריינגעיאָגט געוואָרן פון די ליידנשאַפטלעכע אימפּעטן, וואָס ראַטעווען אָפט די נשמה און גייסט פון געליימטקייט און פאַראַליז, וואָס עס קומט פון סטאַטישקייט.

און דערפאַר וועלן און זאָלן אייביק זיין די אויפברויזן פון די אומאונטערדריקבאַרע עמאָציעס און געפילן און אייביק וועלן און זאָלן זיין די משפטים פון דער מאָראַל, און ביידע וועלן זיי אייביק פירן דעם באַטרעפנדיקן מענטש און דורך אים אַלע מענטשן און די מענטש־הייט ווי אַ גאַנצע צו מער טיפקייט, דערהויבנקייט און שיינקייט, צו מער און טיפערער קולטור. און נאָכמער ווערט די מענטשהייט געפירט צו אַ קולטור־פאַרטיפונג און דערהויבונג דורך דער קונסט, וועלכע מאָלט דידאָזיקע אַלע אויפברויזן און זייערע צונויפשטויסן מיט די אַלערליי קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון. פאַר גאָר אַ סך מענטשן טוט די קונסט, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר זיי, צוליב אַזעלכע און אַנדערע טעמים, נישט געטון. דער אינטעליגענטער לייענער. דער, אין וועמען עס לעבן בכוח איבערלעבונגען, לעבט זיך אויס ביז אַ געוויסן גראַד אין דער קונסט, ווי דער קינסטלער גופא לעבט זיך אויס אין איר.

די קונסט פֿילט אָן אונזערע נשמות, באַווירקט און באַאײַנפֿלוסט זיי נישט נאָר מיט דער אימפּעראַטיווקייט פֿון דער מאָראַל, נאָר אויך מיט דער אימפּעראַטיווקייט פֿון דעם אַלץ, פֿאַרוואָס די מאָראַל רופֿט צום משפּט. די קונסט לעבט זיך אַליין אַרײַן און צווינגט אונז זיך אַרײַנצולעבן אין די דראַנגען און שטרעבונגען, וואָס ליגן אונטער דער שוועל פֿון באַוואוסטזײַן. זי לאָזט אונז דורך דעם דערפֿילן זייער ווערט און זין, אויב נישט דעם אינדיווידועלן, איז דעם קאָסמישן. מיר ווערן געפֿירט פֿון דער קונסט צו זאָגן ווען זיי — ווען אָט דידאָזיקע אַלע בלינדע, פֿון דער מאָראַל שטרענג-געמשפּטע כּוחות — דאָס זעלביקע, וואָס לאה אין פּרצס „גאָלדענע קייט" זאָגט ווען דער וועלט בכלל: „איז פֿאַראַן אַ וועלט, מוז זײַן עמעצער, וואָס פֿירט די וועלט. עס קאָן נישט זײַן קיין הפקר-וועלט". און זאָגן מיר: אין דעם מענטש, זינט ער איז מענטש געוואָרן, אַרבעטן מיט אַזאַ אומגעהייערער און אומווי-דערשטייעלעכער קראַפֿט דידאָזיקע דראַנגען, באַגערן און רייסענישן, אין עס איז נישט פֿאַראַן קיין סימן פֿאַר דעם, אַז זייער אַרבעט זאָל ווערן ווייניקער אינטענסיוו און מילדער מיט דער קולטור-שטייגונג פֿון דעם מענטש, און אויב אַזוי, מוז זײַן אַ זין און אַ ווערט אין זייער אַרבעט, זי קאָן נישט זײַן סתּם אַזוי זיך אַ הפקר-זאַך, אַ פֿינסטערע בלינדקייט אָדער אַ בלינדע פֿינסטערניש, זייער זײַן און זייער אַרבעט מוז האָבן אַ קאָסמישן זין און ווערט, ווי אים האָט עס דער מאָראַלי-שער דראַנג, דאָס מאָראַלישע שטרעבן און די מאָראַלישע געוועלטיקונג און אַמאָל איבער־געוועלטיקונג.

באַלד נאָך דעם קוק דעם טויט אין די אויגן אַרײַן, וועלכער איז נישט געקומען בלויז צוליב דער אײַנגעזעפּאַרטקייט פֿון דעם רע-וואָלוער נישט צו שיסן, קומט קריסטאָף צוריק צו אַנאַס פֿענסטער, פֿון וועלכן ער גייט אַוועק, דאָס מאָל ערשט צום לעצטן מאָל, פֿון אַנאַן.

ווען דעמדאָזיקן קומען צו אַנאַס פֿענסטער, לייענען מיר פֿאָלגנדעס בײַ ראָלאַנען: „דידאָזיקע נאַכט און אויך דעם צווייטן טאָג, די נאַכט און דעם טאָג, ווען ער איז צום ערשטן מאָל אַוועק פֿון דער שטאָט, אין וועלכער אַננאַ האָט געוואוינט, איז קריסטאָף געווען דורכ-געדרונגען מיט דער פֿיקס-אידעע: אַננאַ, אַננאַ. ער האָט זי אַרומגע-

הילט מיט עפּעס אַ ליידנשאַפטלעכער אילוזיע... צוגעטראַכט אַ גייסטיקע גרויסקייט, אַ טראַגיש געוויסן, אין וועלכן ער האָט זיך געניטיקט, כדי זי נאָך מער ליב צו האָבן — — — ער האָט געזעען אין איר אַ געזונטע, פרייע, אָבער אונטערדריקטע נאַטור, וואָס האָט זיך געבונטעוועט קעגן אירע קייטן, געבענקט צו אַ לעבן פול מיט גייסטיקן ליכט. און קריסטאָף פאָרט צוריק אין אַנגאַס שטאָט — — — קריסטאָף האָט אַריבערגעקלעטערט איבערן מויער, אַריינגעשפּרינגען אין אַ פרעמדן גאָרטן, און פון דאָרט אין ברוינס גאָרטן אַריין. פאַרן הויז איז ער געבליבן שטיין. אומעטום איז געווען פינסטער, נאָר דער שימער פון אַ ליכט האָט געל באַפאַרבט איין פענסטער — אַנגאַס פענסטער — — — ער האָט געדאַרפט מאַכן נאָך איין טריט, כדי אַריינצוגיין. ער האָט שוין אויסגעשטרעקט די האַנט צום הענטל פון טיר. ער האָט אַ קוק געטון אויף זיין האַנט, אויף דער טיר, אויפן גאָרטן און פלוצלינג איז אים קלאָר געוואָרן, וואָס ער האָט געטון. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם פיבער-חלום, וואָס האָט אים געהאַלטן געשפּאַנט אין משך פון זיבן אָדער אַכט שעה. ער האָט אַ ציטער געטון און מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג באַפרייט זיך פון דער מאַכט, וואָס האָט זיינע פיס צוגעשמידט צו דער ערד. ער איז צוגעלאָפן צום טויער, אַריבערגעקלעטערט און אַנטלאָפן.

אין דער זעלביקער נאַכט האָט ער צום צווייטן מאָל פאַרלאָזט די שטאָט און צומאָרגנס איז ער געגאַנגען באַגראָבן זיך אין דאָרף, אין די בערג אונטערן שניי — באַגראָבן זיין האַרץ, איינשלעפערן זיין געדאַנק, פאַרגעסן, פאַרגעסן".

האָט ער פאַרגעסן? פרעגן מיר, און מיר ענטפערן: יאָ און ניין. ער האָט פאַרגעסן אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס איז מיט דער צייט מעגלעך געוואָרן פאַר אים ווייטער אָנצוגיין מיט זיין לעבן, ווייטער צו אַרבעטען, ווייטער צו ליבן און געליבט ווערן, ווייטער צו שאַפן. נישט פאַרגעסן האָט ער אויף אַזויפיל, אויף וויפיל אַלץ, וואָס ער האָט געטון, אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט, אַלץ, וואָס ער האָט געפילט, איז, פון דעם מאָמענט אָן, וואָס ער איז אַנטלאָפן פון אַנגאַן ביז צום לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן, געווען אַנדערש, ווי עס וואָלט געווען געוועזן, ווען דער שיקזאַל זאָל אים נישט געווען צוגעפּרענגען מיט אַנגאַ ברוין. און

נישט נאָר האָט ער אַנדערש געאַרבעט, אַנדערש געשאַפן, אַנדערש גע-
פילט און געטראַכט, נאָר ער האָט אויך טיפער און שנעער, העכער און
אָריגינעלער געאַרבעט, געשאַפן, געפילט און געטראַכט. די לעצטע צע-
טרייסלונגען האָבן אַריינגעבראַכט אַן איבערקער אין אַלע אויסדרוקן,
אין אַלע איינדרוקן-און אין אַלע אַנטפלעקונגען פון זיין נשמה.

נישט פאַרפעלט האָבן דידאָזיקע איבערלעבונגען, בין איך זי-
כער, צו פאַרטיפן אויך אַננאַן. און אויב זי האָט די איבערגעבליבענע
יאָרן פון איר לעבן קאָנצענטרירט איינגאַנצן אויף שמועסן און דורכ-
רעדונגען מיט גאָט, האָבן די לעצטע אויפרידן און אויפברויזן אין
איר נשמה געגעבן מער זין און ווערט צו אירע תפילות צו גאָט.

דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אַרויסגערופן פון די טיפענישן פון
קריסטאָפס נשמה באַלד נאָך זיין אַנטלויפן פון אַננאַן, איז אויך געווען
אַ תפילה צו גאָט, צום גאָט, אין וועלכן זיין שכל האָט דווקא נישט גע-
גלייבט. ער בעט זיך ביי אים צווישן אַנדערס, אַז ער זאָל אים אויפ-
לעזן, ער זאָל צעברעכן זיין גוף און זיין נשמה. „רייס מיך אַרויס —
שרייט ער — פון דער ערד. לאָז מיך נישט ראַנגלען זיך אין קבר,
פאַרלענגער נישט די גסיסה ביז דער אומענדלעכקייט. איך בעט ביי
דיר רחמים — — — דערהרגע מיך, דערשלאָג מיך ביז אין סוף“.

און ווי אין דער צייט, ווען ער איז נאָך געווען כמעט אַ קינד,
אַזוי אויך איצט, באַווייזט זיך צו אים גאָט אין אַ נאַכט פון אַ שרעק-
לעכן שטורם. עס האָט זיך אים געדאַכט, ווי אין זיין פוסטער נשמה
האָט זיך אַריינגעריסן דער לעבעדיקער גאָט, תחית המתים! — — און
„גאָט איז נישט געווען פאַר קריסטאָפן דער געפיללאָזער באַשאַפער,
נישט געראָן, וואָס באַטראַכט פון דער הייך די שרפה פון דער שטאָט,
וואָס ער אַליין האָט אָנגעצונדן. גאָט האָט געקעמפט, גאָט האָט געליטן,
צוזאַמען מיט די אַלע, וואָס האָבן געקעמפט און געליטן, ווייל ער איז
געווען דאָס לעבן, דאָס טראָפן ליכט, וואָס איז געפאַלן אין חושך, וואָס
פאַרשפרייט זיך און פאַרברייטערט זיך און שלינגט איין אין זיך די
נאַכט. אָבער אומבאַגרענעצט איז די נאַכט און קיינמאָל רוט נישט דער
געטלעכער קאַמף, און קיינער קאָן נישט וויסן מיט וואָס ער וועט זיך
ענדיקן. דאָס איז אַ העלדישע סימפאָניע, וואָס אפילו די דיסאָ-

גאַנסן, וואָס שטויסן זיך צוזאַמען און שטויסן זיך צונויף, שאַפן אַ לוס־טיקן קאָנצערט !״

דערקענענדיק און דערפילנדיק אָט דעם גאָט, גיט זיך עס קריס־טאָף מיט לייב און לעבן ווידעראַמאָל איבער דער מוזיק. פון דעם גאַנצן כאַאָס, אין וועלכן זיין נשמה האָט זיך געבאָדן און געטרונקען פאַר חדשים־לאַנג, שאַפט ער אַ קאָסמאָס. זיינע שאַפונגען זענען איצט אַזוי טיף און אָריגינעל, אַז זיי קאָנען נישט, ווי מיר האָבן געזעען, פאַרשטאַנען ווערן פון זיינע ז׳מאַליקע, אים באַוואונדערנדיקע קריטיקער.

„קריסטאָפס נשמה — זאָגט ראָלאַן — איז געגליכן געוועזן צום פויגל. זי האָט געוואוסט, אַז זי וועט באַלד אַראָפפאַלן און מסתּמא נאָך אַ סך מאָל, אָבער זי האָט אויך געוואוסט, אַז זי וועט זיך אומדערמיד־לעך ווידער הייבן צום ליכט און וועט ווידער זינגען אירע טרעלן, וואָס דערציילן די אונטן־פאַרבליבענע וועגן דעם הימל פון ליכט״. און אויך דאָ דערמאַנט אונז קריסטאָפס קאָנקרעטע געשטאַלט אין דער סימ־באָלישער געשטאַלט פון געטהעס פאַאוסט.

צוויי זענען איצט געוועזן די, וואָס האָבן געגעבן שטאַרקייט צו קריסטאָפס פליגל און די מעגלעכקייט פאַר אים זיך צו האַלטן אין די הויכן און ציען דעם לעבנס־אָטעם פון די טיפן. איינע פון זיי איז גע־ווען די מוזיק, און די צווייטע — גראַציאַ.

ג.

צו דער מוזיק, וואָס פון איר ווערט ער פלוצלינג פאַרכאַפּט, גע־האַלטן געשפּאַנט און פאַרפּישופּט ביז צו אַ גראַד, וואָס ער האָט נאָך פריער קיינמאָל נישט דורכגעלעבט — צו איר רופט ער עס אויס אין אַזאַ פול מיט באַגייסטערונג מאָמענט : „מוזיק — דו וויגסט מיין פאַר־חלומטע נשמה ! דו האָסט מיך ווידער געמאַכט פאַר אַ פעסטן, רואיקן, פרייליכן ! דו ביסט מיין ליבע און מיין לעבן ! איך קוש דיינע ליפּן, איך באַהאַלט מיין פּנים אין דיינע גאָלדענע האָר, איך לייג מיינע ברע־נענדיקע וויעס אין דיינע הענט. מיר שווייגן. אונזערע אויגן זענען פאַרמאַכט און דאָך זע איך דאָס נישט אויסגעלאָשענע ליכט פון דיינע

אויגן. און דאָך טרינק איך דעם שמייכל פון דיינע שטומע ליפּן, און צוגעטוליעט צו דיין האַרץ, הער איך דעם פּולס פון דעם אייביקן לעבן״.

נאָך דער מוזיק און צווישן דער מוזיק, הינטער און אָפט איבער דער מוזיק, איז געשטאַנען פאַר קריסטאָפן די פרויען־געשטאַלט, וואָס איז געגאַנגען אונטער דעם נאָמען גראַציאַ. און געוואָרן איז גראַציאַ צו קריסטאָפן אַ סך מער, אומגעהייער מער, ווי גראַציאַ האָט עס געוואוסט, מער ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, מער ווי זי האָט געקאָנט וועגן דעם אפילו חלומען. גראַציאַ האָט אָפט געשפּילט אויף דער פּיאַנינאָ פאַר קריסטאָפן זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס, „און — שרייבט ראָלאַן — דאָס שפּילן פון זיין פריינדין האָט אים בעסער געלאָזט פאַרשטיין די טונקעלע ליידנשאַפטן, וואָס ער האָט אויסגעדריקט. מיט געשלאָסענע אויגן האָט ער זיך צוגעהערט און געלאָזט זיך פירן פאַר דער האַנט דורכן לאַבירינט פון זיין אייגענער געדאַנקנוועלט. בעת ער האָט דורכגעלעבט זיין מוזיק דורך גראַציעס נשמה, האָט ער זיך פאַרייניקט מיט איר נשמה און זי באַזעסן. פון דערדאָזיקער געהיימנישפולער פאַרייניקונג זענען געבוירן געוואָרן מוזיקאַלישע ווערטן, וואָס זענען געווען גלייכצייטיק די פרוכט פון זייערע ביידנס צוזאַמענגעשמאָלצענע נאַטורן״. און איינמאָל האָט ער איר טאַקע געזאָגט: אונזערע קינדער!

אָבער גאָט, ווייסט דען דער, וואָס האָט קיין קינד נישט געהאַט, וואָס עס מיינט צו זיין מוטער אָדער פּאָטער, היינט ווי אַזוי קאָן דער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געשאַפן, וויסן וואָס עס מיינט, וואָס עס באַטייט און וואָס עס פּילט צו זיין שאַפּער, און וואָס עס מיינט צו אים די, וועלכע איז פאַר אַ געוויסער צייט, זאָל זיין פאַר אַ קורצער צייט, געפּילט געוואָרן, ווי די אָנרעגערין פון די שאַפּונגס־כּוחות — די, וועלכע האָט זיך געפּילט ווי איינע, וואָס גיט דעם ווידערשטאַנד, וואָס דערמעגלעכט די פּאַנטאַזיע־פליגלען צו פּאַטשן די לופּט פון אונטער און איבער הימלישע הויכן.

מיט איר גאַנצן איצטיקן וויסן וועגן דער שטאַרקער ליבע, וואָס קריסטאָפּס נאָר אויף ליבע־לעבנדיקע נשמה האָט אין זיך געטראָגן פאַר איר, האָט דאָך גראַציאַ אין אַ סך הינזיכטן נישט מער געוואוסט וועגן

איר ראָל און ווירקונג און איינפֿלוס אויף קריסטאָפֿן, ווי קריסטאָף האָט געוואוסט וועגן זיין ווירקונג אויף גראַציאַן, ווען זי איז געווען אַ קליין מיידעלע פֿון אַ יאָר דרייצען, וועלכע האָט אים געליבט, בעת ער האָט זיך אויף איר קוים אומגעקוקט. גראַציאַ האָט עס נישט געוואוסט און זי האָט עס נישט געקענט וויסן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, צוליב דעם, וואָס זי האָט נישט — ווי איך האָב שוין געזאָגט — פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון שאַפֿן, און צווייטנס, צוליב דעם, וואָס איר נשמה איז נישט געווען, ווי קריסטאָפֿס, פֿון די נשמות, וועמענס קוואַל פֿון ליבע איז אַן אומדערשעפּלעכער, און וואָס קאָנען ליבן צום לעצטן מאָל אַזוי שטאַרק אָדער שטאַרקער, אַזוי ניי און נייער, ווי צום ערשטן מאָל, איינשליסנדיק אין דערדאָזיקער ליבע אַלע פֿריערדיקע ליבעס, נישט אויסשליסנדיק קיין איינע פֿון זיי און אַריינזאַפּנדיק אין דעם זכרון פֿון יעדער צעל און יעדן אבר פֿון גוף און יעדער וויבּרירונג פֿון גייסט און ליידן אַלע גליקזעליקייקן און פּיינען, וואָס יעדע איינציקע פֿון די ליבעס האָט אים ווען עס איז פֿאַרשאַפֿט.

ווען גראַציאַ טרעפֿט זיך צום לעצטן מאָל מיט קריסטאָפֿן, איז זי אַן אלמנה. זי האָט פֿאַרלוירן איר מאַן, וועלכן זי האָט ליב געהאַט. און צוליב דערדאָזיקער ליבע, וועלכע איז אין איר נשמה געגאַנגען איינצייטיק מיט אַ פֿאַראַכטונג צו דעם מאַן, וועלכער איז געווען ווייט פֿון דעם, וואָס ווערט פֿאַרשטאַנען אונטער אַ דערהויבן וועזן — צוליב דערדאָזיקער ליבע צו דעם גראַף בערעני, וועלכער איז געשטאָרבן פֿון אַ דועל, האָט גראַציאַ געקאָנט געבן קריסטאָפֿן אַ ים מיט פֿריינטשאַפֿט, אַ וועלט מיט ליבשאַפֿט, אָבער איר גאַנצן גייסט און נשמה קאָן זי נישט געבן אים, ווי ער האָט עס געגעבן איר. זי קאָן אים נישט געבן עפּעס אַ באַשטימט געפֿיל, וואָס איר מאַן — אָט דער דווקא. וואָס האָט פֿאַרדינט אויך איר פֿאַראַכטונג — האָט עס יאָ געקאָנט אַרויסרופֿן און קריסטאָף האָט נישט פֿריער און נישט שפּעטער געקאָנט עס אַרויסרופֿן. וועגן דער מיסטעריעזקייט פֿון דערדאָזיקער, נישט מיט פֿריינטשאַפֿט און נישט מיט ליבשאַפֿט דורכגענומענער ליבע פֿון גראַציאַן צו בערענין, גיט אונדז ראָלאַן עטלעכע אינטערעסאַנטע שורות — וועלכע וואַרפֿן אונדז אַריין אין אַ גאַנץ מאָדנער קאָנטעמפּלאַציע.

ראָלאַן שרייבט: „צי וואָלט גראַציאַ אפֿילו דעמאָלט, ווען קריס-

טאָך האָט זי צום שטאַרקסטן ליב געהאַט, חתונה געהאַט מיט אים? זי וואָלט אים אפשר אַוועקגעגעבן איר לעבן, אָבער צי וואָלט זי גרייט געווען צו פאַרברענגען מיט אים איר גאַנץ לעבן? זי האָט געוואוסט (און זי האָט זיך געהיטן דאָס קריסטאָפן אַרויסצוווייזן), זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט ליב געהאַט איר מאַן, און אַז נאָך היינט, נאָך אַלדאָס בייזע, וואָס ער האָט איר גורם געווען, האָט זי אים נאָך אַלץ ליב, ווי זי האָט קריסטאָפן קיינמאָל נישט ליב געהאַט... סודות פון האַרץ, סודות פון קערפּער, מיט וועלכע מען איז נישט זייער שטאָלץ און וועלכע מען באַהאַלט דערפאַר פאַר די געליבטע מענטשן, סיי צוליב אַכטונג צו זיי, סיי צוליב אַ געוויסן מיטלייד צו זיך אַליין".

און כאַראַקטעריסטיש פאַר דעמדאָזיקן נישט־ליבע־געפיל פון גראַציאַן צו קריסטאָפן איז דאָס, וואָס ווען זי טוט אַמאָל אַ דערפיל אַ מין ליבע צו אים און ווען עס לויפט איר דורך אַ געדאַנק פון חרטה פאַר נישט חתונה־האָבן מיט אים, איז אפילו דעמאָלט טראַכט זי נישט וועגן דעם גליק, וואָס די פיזישע און גייסטיקע באַהעפטונג מיט קריסטאָפן וואָלט איר — גראַציאַן פאַרשאַפט, נאָר זי טראַכט וועגן דעם גליק, וואָס עס וואָלט אים געבראַכט.

„יאָ — זאָגט זי אַמאָל צו זיך אַליין — עס איז אַן אומזין און פשוט אַ פאַרברעכן צו פאַרלאָזן אַזאַ גליק. וואָס איז דאָ בעסערס אויף דער וועלט, ווי גליקלעך צו מאַכן דעם, וועמען מען האָט ליב? צי האָב איך אים באמת ליב?

זי איז שטיל געבליבן און דערהערט, ווי דאָס האַרץ ענטפערט איר גערירט:

— איך האָב אים ליב".

דאָס אין זינען האָבן אַזוי שטאַרק קריסטאָפס גליק, וואָס איר ליבע וועט אים געבן, און די נויטיקייט פון אָנצופרעגן זיך אין דער שטיל ביים האַרץ, צי זי האָט אים ליב, זענען גענוג אויף צו ווייזן דעם תהום, וואָס איז געלעגן צווישן דער ליבע פון קריסטאָפן צו גראַציאַן און פון איר ליבע צו אים. אויב מען קאָן עס אפילו באַצייכענען מיטן זעלביקן נאָמען. נישט קאָנענדיק ליב האָבן קריסטאָפן מיט פייער און ברען, האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט פילן און באַנעמען, וואָס זי, גראַציאַ, האָט געמיינט גייסטיק און קולטוריש און אין אַלע אַנדערע

הינזיכטן צו דעם שוין היפשלעך גרויוואַרנדיקן זשאַן קריסטאָף, וועלכער איז דורך אַלע זיינע שיינע, שטאַרקע און טיפע ליבעס צו אַנדערע נישט געשטערט געוואָרן נישט אין זיין שטאַרקייט פון ליבע, נישט אין זיין טיפקייט פון חברשאַפט און נישט אין זיין איבערגעבנקייט פון פריינטשאַפט צו גראַציאַן.

גראַציאַ און קריסטאָף באַווייזן אונז, אַז עס פאָדערן זיך, ווייזט אויס, גייסטיקע און אַנדערע וועזנטלעכע קרעפטן אויף צו קאָנען אַ סך און שטאַרק ליב האָבן, עס פאָדערט זיך דערויף אַ דינאַמישער טעמפעראַמענט, עס פאָדערט זיך אַ שטאַרקער אומדערשטילבאַרער דורשט צום לעבן אַן אינטענסיוו לעבן. גראַציאַ האָט עס נישט פאַרמאָגט בכלל און אוודאי און אוודאי נישט אין דער זעלביקער מאָס, אין וועלכער קריסטאָף האָט עס, ווי מיר האָבן געזעען, יאָ פאַרמאָגט. „אַרום דער קליינער גראַציאַ — אַזוי דערציילט אונז ראָלאַן — האָט דאָס לעבן געדרימלט, מען האָט זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. זי איז רואיק אויפגעוואַקסן אין דער שיינער שטילקייט, וואָס האָט זי שטענדיק געגלעט אָן היץ, אָן איילעניש. זי איז געווען פויל, האָט ליב געהאַט צו שפאַצירן און צו שלאָפן לאַנג. לאַנגע שעהן פלעגט זי ליגן אויסגעצויגן אין גאָרטן און ווי געשוועבט איבער דער ערד, ווי אַ פליג איבער אַ זומער־טייכל — — — בכלל איז זי געווען אַ פאָלגעוודיק, פאַרטרוימט פויל מיידעלע“.

איר פאַרטרוימקייט פירט זי מסתמא צו דעם, אַז זי זאָל אַלס קינד שטאַרק באַווירקט ווערן פון קריסטאָפס שפילן אין דער צייט, ווען אַלע גרויסע האָבן געלאַכט פון אים. און דורך זיין שפילן ווערט זי באַווירקט פון אים אַליין. זי קריגט ליב מיט אַ קינדערישער און אומפאַרגעסלעכער ליבע קריסטאָפן און זיין מוזיק. און ווען זי פאָרט אַוועק צוריק קיין איטאַליע, גיט זי זיך אָפ גאָר אַ סך מיט דער פיאַנינאָ און חלומט אָן אויפהער וועגן איר ליבן און אויסדערוויילטן. וועגן דעם אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער נשמה פון דעמדאָזיקן קינד, האָט קריסטאָף נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג, ביז ער טרעפט זיך נישט דאָס צווייטע און דריטע מאָל מיט גראַציאַן. דאָס צווייטע מאָל טרעפט ער זיך מיט גראַציאַן, ווען זי איז די פרוי פון גראַף בערעני. „די איצטיקע גראַציאַ איז געווען זייער אַ קלוגע, אָבער בשום אופן נישט קיין ראָמאַנטישע

פרוי. איר צמאָליקע קינדערישע צערטלעכקייט האָט דערוועקט אין איר אַ לייכטע איראָניע, אָבער די זכרונות פון אַמאָל האָבן זי שטאַרק גערירט".

מערקווירדיק איז אָבער, וואָס אין דער נשמה פון דעם יאָ ראָמאַנישן מאַן קריסטאָף דערוועקט צערטלעכקייט עפּעס, וואָס איז גאַנץ ווייט פון איראָניע. כאַראַקטעריסטיש פאַר קריסטאָפן און פאַר די אומבאַוואוסטע טואונגען פון אַ מענטשלעכער נשמה, איז דאָס, וואָס דער שמייכל פון גראַציאַן, איידער נאָך ער דערקענט זי, רופט אַרויס דורך אַ מיסטעריעהאַפטער אַסאָציאַציע אין זיין זכרון אַ שמייכל צו אים פון אַ קליין מיידעלע מיט אַ טרויעריק פּנים, ווען ער איז אַלט געווען 6 אָדער 7 יאָר. דאָס איז געווען, ווען ער איז געזעסן אין שול אַ באַליידיקטער און אַ צעווייטיקטער פון די קלעפּ פון די עלטערע און שטאַרקערע חברים. דעמאָלט איז צוגעגאַנגען דאָס קליינע מיידעלע, וועמענס אויסזען קריסטאָף דערמאָנט זיך איצט אין אַלע פּרטים, און האָט אַרויפגעלייגט אירע קליינע הענטעלעך אויף קריסטאָפס קאָפּ און האָסטיק מיט אַן איינפאַכן מיטפילנדיקן שמייכל געזאָגט צו אים:

— וויין נישט, וויין נישט.

דעמאָלט האָט שוין קריסטאָף מער נישט געקענט אויסהאַלטן, ער האָט גענומען שלוכצן, און ער האָט באַהאַלטן זיין נאָז אין דעם פאַרטוך פון מיידעלע, וואָס האָט מיט איר ציטערנדיקער און שאַרפער שטים נישט אויפגעהערט צו רעדן:

— וויין נישט.

„נישט געווען" — זאָגט אונז ראָלאַן — „קיין שום שייכות צווישן יענעם מיידעלע, וועלכע האָט מיט דער וועלט זיך נישט געעלטערט און דערדאָזיקער דאַמע גראַציאַ בערעני". מיר אָבער וואַרפט זיך אין די אויגן גאָר אַ שטאַרקע שייכות צווישן די ראָלן און באַציאונגען צו קריסטאָפן פון גראַציאַן און פון דעמדאָזיקן קליינעם, אָבער האַרציקן מיידעלע. די ענלעכקייט און די ראָלן און שייכותן צווישן מיידעלע און גראַציאַן בנוגע צו קריסטאָפן ווייזט זיך אַרויס, ווען קריסטאָף טרעפט צום דריטן מאָל גראַציאַן, נאָך דעם ווי איר מאַן איז שוין געווען איינוקע חדשים טויט.

פון דעם מאָמענט, וואָס קריסטאָף טרעפט אָן איצט גראַציאַן ביז

צו דעם מאָמענט, ווען גראַציאַ גייט אַוועק אַהין, וואו די קליינע טרייסטערין קריסטאָפס איז אַוועק מיט צענדליקער יאָרן צוריק — אָט דידאָזיקע גאַנצע צייט, וואָס קריסטאָף לאָזט זיין גייסט און נשמה זיך באַהעפטן מיט גראַציאַס און וואָס פון זיין זייט איז קיינמאָל נישט געווען קיין מניעה און קיין אָפּהאַלט צו אַלע אַנדערע באַהעפטונגען, איז גראַציאַ געבליבן פאַר קריסטאָפן מער פון אַלץ די טרייסטערין און די יעניקע, פון וועלכער ער שעפט מיטן בייגיר פון אַ דורשטיקן אין אַ מדבר — צערטלעכקייט.

און אַ גרויס, גאָר אַ גרויס גליק איז געווען פאַר ביידע, אי פאַר קריסטאָפן, אי פאַר גראַציאַן דאָס, וואָס זי האָט געקאָנט געבן קריסטאָפן, אויב נישט קיין ליבע, וועלכע זי האָט אויף אייביק אַוועקגעגעבן בערענין — איז אַ וועלט מיט צערטלעכקייט. זי האָט אים געגעבן עפּעס, וואָס אין דעם נויטיקט זיך דער שעפער, דערהויפּט דער קינסטלער, נאָר איין גאָט ווייסט פאַרוואָס, מער און שטאַרקער, זעט אויס, ווי דער נישט־שעפער, ווי דער נישט־קינסטלער. דורך אַ געוויסער זעעוודיקייט, וואָס שלאָגט אַרויס פון די פינסטערנישן פון נשמה־אָפּגרונטן האָט עפּעס אין קריסטאָפן דערזען און דערפילט אינם ערשטן שמייכל פון גראַציאַן, אַז די נשמה, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ און לייכט אויף אינם שמייכל, וועט זיין פאַר לענגערער אָדער קירצערער צייט צו אים דעם שוין גרויסווערנדיקן קריסטאָף דאָס, וואָס דאָס קליינע מיידעלע איז געווען צום קליינעם יינגעלע קריסטאָף אויף איין מינוט בלויז. זי וועט זיין און בלייבן פאַר אים אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון טרייסט און צערטלעכקייט.

דער גרויסער, שטאַרקער מענטש, דער געניאַלער מוזיקער זשאַן קריסטאָף קראַפט — דער שעפער פון מוזיק, וואָס האָט צו צענדליקער טויזנטער מענטשן נאָך ביי זיין לעבן פאַרשאַפן אַ וועלט מיט טרייסט און צערטלעכקייט, גליק און גליקזעליקייט — ער אַליין, זשאַן קריסטאָף, האָט זיך געפילט עלנט און פאַרלאָזן. פאַר אים אַליין איז די טרייסט און צערטלעכקייט פון אַ גראַציאַ געוואָרן ווי אַ מין אַרכימעדס פעסטער פונקט, וואָס אויף אים אָנלענענדיק זיך, האָט ער דערפילט דעם כוח וועלטן איבערצוקערן.

באַקומענדיק דאָס ערשטע בריוועלע פון גראַציאַן, „איז זיין האַרץ — שרייבט ראָלאַן — געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט. ער האָט

זיך געלייגט אין זיין צימער אויפן בעט, באַגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און געוויינט. דאָס איז געווען די אויסלייזונג פון די צען יאָר איינזאַמקייט, ווייל זינט אָליוויערס טויט איז ער געווען איינזאַם. דערדאָזיקער בריוו איז געווען פאַר אים די בשורה פון זיין תחית־המתים. זיין האַרץ איז ווידער פול געוואָרן מיט צערטלעכקייט, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי געבענקט. צערטלעכקייט! ער האָט געמוזט זיך אָפּגעוויינען פון דעם דאָזיקן געפיל. היינט האָט ער געפילט, ווי שטאַרק עס האָט אים געפעלט און וואָס פאַר אַ ליבע עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין זיין האַרץ".

און דידאָזיקע צערטלעכקייט האָט גראַציאַ אינטואיטיוו געוואוסט ווי אַזוי אים צו געבן, און דאָס איז געווען א גליק פאַר זיי ביידן. זי אין איר עלנטקייט האָט זיך געניטיקט אין זיין ליבע און אין זיין פריינטשאַפט. זי אים האָט געקאָנט געבן אין דער פולסטער מאָס פריינטשאַפט. דידאָזיקע פריינטשאַפט, אַן אָרגאַניש־איינגעוויקלטע אין זאַפטיקער און גייסטיק־בשמימדיקער צערטלעכקייט, האָט קריסטאָפן פאַרבלענדט ביז צום נישט זען און ביז צום פאַרגעסן אין דער נויט פון ליבע, וועלכע די פוילע גראַציאַ האָט געקאָנט געבן נאָר איין מענטש. אויף אַזאַ מין אופן האָט קריסטאָף, צוליב דער פאַרבלענדטקייט, וואָס האָט געבראַכט בלינדקייט און פאַרגעסנקייט אין ליבע, געקאָנט געבן גראַציאַן אָן אַ וועלכן עס איז אָפּהאַלט, אי זיין פריינטשאַפט, אי זיין ליבע — געבן עס איר אין אַ וועג און אופן, ווי נאָר אַזעלכע נאַטורן ווי קריסטאָף קאָנען געבן.

קריסטאָפס לאָזונג איז געווען: ווער עס ליבט באמת, דער קאָן נישט געבן קיין מער אָדער ווייניקער, ער גיט אַלץ צו די, וואָס ער האָט ליב. ער האָט געגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט נעמען אין פאַרנעמען, סאַבינען, אַנטואַנעטן, אַדאַן, פראַנסואַזן און אַננאַ ברוין. און איצט אַלץ — גראַציאַן. איין אַלץ איז געווען אַנדערש פאַרן אַנדערן, אָבער אין יעדן פאַל איז דער אַלץ געווען אויף דעם אַבסאָלוטן אין דעם מאָמענט אופן. און ווען זיי אַלע, וועלכע ער האָט ליב געהאַט, וואָלטן אַלע אויפגעשטאַנען תחית־המתים, וואָלט יעדע איינע פון זיי קריסטאָפן געווען איצט פונקט אַזוי טייער, ווי דעמאָלט. און קריסטאָפן

וואָלט יעדע איינע פון זיי געוועזן פונקט ווי פריער טייער און ווער פון זיי אי טייער, אי הייליק. דאָס אַלץ דערפאַר, וואָס פון יעדער איינער פון זיי מיט איר ווילִיקייט, איבערגעבנקייט, האַרציקייט און פרייקייט האָט קריסטאָף געגומען אַלץ אין וואָס זיין וועזן האָט זיך געגויטיקט פאַר זיין זיין און ווערן. און איצט האָט ער גענומען פון גראַציאַן און געגעבן צו גראַציאַן אַלץ, וואָס ער און זי האָבן געקאָנט אונטער די געגעבענע פון שיקזאַל-אומשטענדן נעמען און געבן. זיי האָבן זיך, צוליב איר צערטלעכקייט און פריינטשאַפט צו אים, און צוליב זיין ליבע און פריינטשאַפט צו איר, אָריענטירט אויף דעם בעסטן, און אויב נישט גליקלעכן, איז גליקזעליקן אופן, אין די אַלערליי פראָבלעמאַטישקייטן פון זייערע שייכותן.

„אַזוי אַז ווען עס איז איר נישט דערלויבט געווען — שרייבט ראָלאַן — אַריינצוברענגען אינם לעבן פון איר פריינט באַקוועמלעכקייטן, האָט זי געוואוסט אויסצושפרייטן איבער זיין לעבן עפעס, וואָס איז טויזנט מאָל מער ווערט: צערטלעכקייט — — איצט האָט ער אין יעדער צייט פון טאָג געפילט איר וואַרעמען אָטעם. ער האָט אינדערפרי נישט געעפנט די אויגן און האָט זיי אינאָווענט נישט פאַרמאַכט אָן אַ שטילער תפילה פון פאַרליבטער באַוואונדערונג. און זי, בעת זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אָדער — ווי עס פלעגט טרעפן זייער אָפט — בעת זי איז אין דער נאַכט געלעגן שלאָפלאָז לאַנגע שעהן, האָט זי צו זיך גערעדט:

— מיין פריינט טראַכט וועגן מיר.

און אַ גרויסע רואיקייט האָט זיך פאַרשפרייט איבער איר.

און ווי איר פילן, אַז קריסטאָף טראַכט וועגן איר האָט פאַרשפרייט אַ רואיקייט אַרום איר אַלע לעצטע יאָרן פון איר לעבן, סיי ווען זי איז געווען וואו ער איז, סיי ווען זי איז געווען ווייט אַוועק פון אים, אַזוי אויך האָבן פאַרשפרייט אַ רואיקייט און אַ גליקזעליקייט אַרום אים און אין אים די שמועסן, וואָס ער האָט געפירט מיט גראַציאַן נאָך דעם, ווען גראַציאַ איז אַוועק אַהין, פונוואַנען קיינער האָט זיך נאָך ביז איצט נישט צוריקגעקערט.

„קריסטאָפן — שרייבט ראָלאַן — האָט קיינער נישט געשטערט צו פאַרברענגען לאַנגע טעג אין אַ שטומען געשפרעך מיט דער, וועל-

כע ער האָט איצט געטראָגן אין זיין נשמה, ווי אַ שוואַנגערנדע פרוי טראָגט איר טייער קינד. דאָס זענען געווען רירנדיקע שמועסן, וואָס לאָזן זיך גאָרנישט איבערזעצן אויף קיין מענטשלעכער שפּראַך. קוים האָט די מוזיק זיי געקאָנט אויסדריקן. און אַזוי שנעל טאַקע, ווי דער ווייטיק פון גראַציאַס אַוועקגעשטעלט ווערן פון יענער זייט גרענעץ פון דעם, וואָס ווערט געוויינלעך פאַרשטאַנען אונטער לעבן, — אַזוי שנעל ווי „דערדאָזיקער ווייטיק איז געוואָרן אַ קראַפט, וואָס מען קאָן באַהערשן", אַזוי שנעל האָט טאַקע קריסטאָף געלאָזט די קריסטאָף-גראַציאַ-איבערלעבונגען קומען צום אויסדרוק אין דער מוזיק. צווישן אַנדערע זאַכן פאַרפאַסט קריסטאָף מוזיק צו אַ שפּאַניש ליבע-און-קבר-געזאַנג:

הלוואי וואָלט איך געווען דער קבר,
וואו מען לייגט דיך אין רו,
כּדי דיך קענען האַלטן אין מיינע
אָרעמס דורך דער גאַנצער אייביקייט.

און צו יענער צייט האַלט זיכער קריסטאָף פון צייט-צו-צייט אין זיינע הענט גראַציאַס אַ ווייסע האָר. מחמת באַלד נאָך דעם ערשטן בריוו, וועלכער האָט פונאַנדערגעעפנט די צערטלעכקייט-קוואַלן אין קריסטאָפס נשמה, האָט גראַציאַ געדאַרפט אַוועקפאָרן אויף אַ געוויסער צייט, און געזעגנענדיק זיך מיט איר, האָט ער ביי איר שטיל און ציטערנדיק געבעטן ווי אַ טייערן אוצר איינע פון אירע ווייסע האָר.

דידאָזיקע קינדערישקייט און נאַאיווקייט, דידאָזיקע סענטימענטאַלקייט און צערטלעכקייט שטערט אָבער נישט זשאַן קריסטאָפן אַ חודש אָדער צוויי נאָך גראַציאַס טויט צו פאַרנעמען זיין אָרט אין לעבן מיט אַ שטאַרק האַרץ און זיכערן טראָט. „דער ווינט — טויט האָט אַוועקבלאָזן — שרייבט ראָלאַן — די לעצטע נעפּלען פון פּעסימיזים, די גרויקייט פון דער סטאָאישער נשמה און די פּאַטאַ-מאָרגאַנאַ פון דער מיסטישער האַלב-טונקלקייט. דער רעגנבויגן האָט געלויכטן איבער די צעזייטע וואָלקנס. עפּעס ריינער ווי אויסגעבאָדן אין טרערן

האָט געשמייכלט דאָס אויג פון דעם הימל. איבער די בערג איז געלעגן דער אָוונט".

און אויך זיי, די בערג, און מיט זיי די וואַסערן און די גראָזן, די פעלדער און די וועלדער, די לבנה און די שטערן זענען בכּוח צו עפענען קוואַלן פון צערטלעכקייט אין דער נשמה פון קריסטאָפן, און דערצו נאָך האָט ער געהאַט דעם כּוח און די פעיקייט צו זעען אין זיינע געדאַנקלעכע אויגן פון צווישן יעדן שיינעם און רירנדיקן אויסדרוק פון דער נאַטור אַרויסקומענדיק די געשטאַלטן פון די, וועלכע ער האָט ליב געהאַט. גאַנצע פינף טעג איז קריסטאָף אַמאָל געווען פאַרשיכּורט פון דער זון. פינף טעג אַזוי פאַרשיכּורט, אַז ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן נישט געדענקט וועגן דעם, אַז ער איז אַ מוזיקער. „די מוזיק פון זיין לעבן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין ליכט, ליכט, ים און ערד. שטראַלנדיקע סימפאָניע, וואָס עס שפּילט דער אָרקעסטער פון דער זון".

און באַלד איז געקומען די שעה, ווען דאָס שמייכלענדיקע געשטאַלט פון זיין פריינדין גראַציאַ האָט אַרויסגעשטראַלט פון אַלץ, וואָס איז געווען אַרום אים, „פון דעם מיט אייבירטן באַדעקטער באַרגקייט און פון די הויכע בלאַנקע אַפּענין-קאַמען, וואו עס האָבן זיך געראַנגלט געדיכטע שאָטנס מיט דער ברענענדיקער זון. זי האָט אַרויסגעשטראַלט פון די פרוכט-באַלאָדענע אָראַנזש-ביימער, פון דעם טיפן אָטעמצוג פון ים, פון די אומצייליקע אויגן פון דער לופט האָבן אַרויסגעקוקט אירע אויגן. זי האָט אַרויסגעבליט פון דערדאָזיקער געליבטער ערד, ווי אַ רויז פון אַ קוסט. דאָס האָט געטון גראַציאַ, ווען זי האָט נאָך געלעבט, און זי האָט עס נישט אויפגעהערט טון פאַר קריסטאָפן זייענדיק טויט".

און נישט נאָר זי, גראַציאַ, נאָר אויך סאַבינאַ, אויך אַנטואַנעט, אויך אָליוויער, אַלע, וועלכע קריסטאָף האָט אַמאָל געליבט, פלעגן אויפשטיין זייער אָפּט תּחית-המתים אין קריסטאָפס נשמה, און פון די אומצייליקע אויגן פון דער לופט און פון די אומצייליקע טענער פון דער מוזיק, פלעגן אַרויסקוקן זייערע אויגן און אים מיט זייער בליק קוויקן, טרייסטן, צערטלען, שטאַרקן, גליקזעליקן און רעגן צו נאָך טיפערער, שטאַרקערער, גייסטיקער און קולטורער אַנטוויקלונג.

און וואָס די געשטאַלטן פון די געליבטע האָבן געטון פאַר קריסטאָפן, טוט קריסטאָפס געשטאַלט פאַר אונז און וועט עס טון פאַר אַלע, וואָס וועלן לייענען מיט הנאה און אינטערעס דאָס ווערק „זשאַן קריסטאָף״.

קיינע קונסט-געשטאַלטן וועלן נישט אויף שטענדיק אַרויסשטויסן קריסטאָפס געשטאַלט פון דער נשמה, וועלכע האָט איינמאָל אויפגענו-מען דאָסדאָויקע געשטאַלט, וואָס אָטעמט מיט ליבע, עסטעטיק און דינאַ-מיק. ביי אַזאַ אָדער אַן אַנדערער געלעגנהייט, דורך אַזאַ אָדער אַן אַנ-דערער אַסאָציאַציע, וועט דאָס קריסטאָף-געשטאַלט אויפשטיין תחית המתים און עפענען פאַר אונז פונדאָסניי אַלערליי לאַבירינטן פון עסטעטיק, מאָ-ראַל, רעליגיע און אַלע אַנדערע קולטור-אויסדרוקן, ווי אויך פון דער קולטור אין איר גאַנצער סינטעטישקייט, אימאַנענטקייט און אָרגאַנישקייט.

V.

# פיאָדאָר דאָסטאָיעווסקיס „ברידער קאַראַמאַזאָוו"

1.

## פ י אָ ד אָ ר א ו ן אַ ל י אָ ש אַ.

א.

„די אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרד־נונג" — זענען, ווי מיר האָבן געזעען, נאָוואַליסעס ווערטער, וואָס קריס־טאָף ווענדט אָן אויף זיינע שאַפונגען, אין וועלכע ער האָט געגעבן אויסדרוק צום שרעקלעכן כאַאָס פון זיין נשמה — צום כאַאָס, וואָס האָט אים געמאַכט דורכצוגיין אַלע גיהנומס, אין וועלכע די קאַטעגאָרישע אימפעראַטיוון פון בלינד־זעעוודיקן דראַנג און זעעוודיק־בלינדער מאָראַל און קולטור וואַרפן אַריין דעם מענטש.

„די אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרד־נונג" וואָלט געווען, האָב איך געזאָגט, די פּאָרטרעפלעכסטע דעפיניציע פאַר קונסט. און אויב דאָס זאָל זיין אמת וועגן קונסט בכלל, איז דאָס נאָך מער אמת וועגן דער קונסט פון דאָסטאָיעווסקין. און צווישן אַלע דאָסטאָיעווסקיס ווערק איז „ברידער קאַראַמאַזאָוו" דאָס ווערק, וואָס צייכנט זיך אויס אי מיט פינסטערניש און ווילדקייט, מיט שרעק און כאַאָס, וועלכע דאָסטאָיעווסקי לאָזט אַרויסשלאָגן פון די אונטערגרונטן פון די נשמות פון זיינע העלדן און זיי — די נשמות — פונם כאַאָס; אי מיט דער אָרדנונג, מיט דער קאָסמישקייט און אוניווערסאַלער דער־הויבנקייט, אין וועלכער דאָסטאָיעווסקי לאָזט די תוהו־ובוהיקייט זיך פונאַנדערוויקלען, זיך אַנטוויקלען און זיך אויפלעזן, כדי אויף אַ טיפערן

און מוראדיקערן אופן פונסניי אויפשטייגן און פונסניי זיך אויפלעזן; און אַזוי אַרום ציִען די אייביקע און אומענדלעכע זיגזאַגישקייט פון כאַאָס־קאָסמאָס, פון ווידער כאַאָס און ווידער קאָסמאָס, און ווידער און ווידער ביז צום אין סוף!

פון שטאַנדפונקט פון כאַאָס און קאָסמאָס זענען די וויכטיקסטע העלדן אין דעמדאָזיקן ווערק די צוויי ברידער, דמיטרי און איוואַן, און די צוויי נישט־שוועסטער — גרושענקאַ און קאַטיאַ. פון גרויס וויכטיקייט, אין ליכט פון קאָסמישקייט בלויז, איז אויך דער שאָטן פון דעם בעסערן זעלבסט אין די העלדן — דאָס סימבאָלישע געשטאַלט אַליאָשאַ, וואָס איז די געשטאַלטיקייט פון יעדן מענטש אין די דערהויבנסטע מאָמענטן פון זיין לעבן. דאָס איז דאָס געשטאַלט, נאָך וועלכן דער מענטש גלוסט און בענקט, דאָס געשטאַלט, וואָס ער ליבט און האַסט, ציט זיך דערצו און שרעקט זיך דערפאַר אין די שטורעם־און דראַנג־מאָמענטן פון זיין לעבן, ווי אויך אין די מאָמענטן פון ערב־און־נאָך־שטורעם, ערב־און־נאָך־אויפרור און אויפברויז.

די סימבאָליש־אידעאַלע געשטאַלטן אין דער ליטעראַטור, ווי די לעגענדאַריש־אידעאַלע געשטאַלטן אין דער געשיכטע, זענען ווי די זון, די לבנה און די שטערן: ווי ווייט מיר זענען פון זיי, ווי הויך זיי זענען איבער אונז, געניסן מיר אָבער שטענדיק פון זייער ליכט און שיין, זייער פראַכט און גלאַנץ. און ווי אין די אויגן פון קינד, וואָס פאַרגעסט אָפט די ווייטקייט און הויכקייט פון די „ליכטער אין דעם אויסשפרייט פון הימל", פאַרלירן דידאָזיקע ליכטער אַ סך פון זייער פראַכט און גלאַנץ; עס פאַלט אַוועק אַ סך פון זייער עסטעטישקייט דורך דעם קינדס אויסדוכט, אַז אַ גוטער אויסשטרעק פון אַן אמת לאַנגער האַנט וועט זיי דערגרייכן — אַזוי אויך פאַרלירן די סימבאָלישע געשטאַלטן אין דער ליטעראַטור און די לעגענדאַרישע געשטאַלטן אין דער געשיכטע גאָר אַ סך פון זייער פראַכט און גלאַנץ, גאָר אַ סך פון זייער טיפערער און שענערער ווירקונג און איינפלוס, ווען מען דערזעט נישט, אָדער ווען מען פאַרגעסט אָן זייער סימבאָלישקייט און לעגענדאַרישקייט.

איך שטעל מיך אָפּ גלייך פון אָנהייב אויף דער פילאָזאָפישקייט פון אַליאָשאַן, ווייל די סימבאָלישע קאָנקרעטקייט פון אַליאָשאַן, אַזוי גוט ווי די קאָנקרעטע סימבאָלישקייט פון די אַנדערע העלדן, איז, לויט מיין

מיינונג, איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם קינסטלער דאָסטאָיעווסקי, און מער פון אַלע אַנדערע העלדן וואָלט דער העלד אַליאָשאַ קינסטלעריש שטאַרק געליטן, ווען די אויפמערקזאַמקייט זאָל נישט צוגעצויגן ווערן צו דעם פאַקט, אַז ער איז מער סימבאָליש, ווי אַ קאָנקרעט געשטאַלט. דאָסטאָיעווסקיס המצאה, וועלכע ער האָט גענוצט אפשר אויף אַן אומבאַוואוסטן אופן — אָט דידאָזיקע פון גאָט אים געגעבענע המצאה צו קאָנקרעטיזירן דעם סימבאָל און צו סימבאָליזירן די קאָנקרעטהייט, האָט מעגלעך געמאַכט פאַר דאָסטאָיעווסקין צו בלייבן קינסטלער אפילו דאָרט, וואו עס האָט אַרויסגערעדט פון אים דער מאָראַל-און רעליגיע-פרעדיקער, דער וועלט-דערלייזער און נביא; אַזוי אַז אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור איז צווישן אַלע ביז אים קינסטלער דאָסטאָיעווסקי געבליבן און ער וועט ווערן אַלץ מער און מער דער גרעסטער, אויב נישט דער איינציקער פרעדיקער, דערלייזער און נביא אינאיינעם גענומען, און אין דער זעלביקער צייט — אויך גרויסער קינסטלער.

דאָסטאָיעווסקי האָט נישט צווישן אַלע קינסטלער קיין גלייכן צו זיך אין דער פעאיקייט צו מערקן און אויפצוכאַפּן דאָס אויסערגעוויינלעכסטע און אומדערוואַרטעטסטע אין די סאַמע געוויינלעכסטע און דערוואַרטעטסטע געשעענישן און פאָרקומענישן אין לעבן און אין דער וועלט. ער דערפירט דערפאַר זיינע פול מיט לעבן און זאַפט געשטאַלטן, זיינע קאָנקרעטע לעבעדיקע געשטאַלטן, אָט-אָ די אַלע מענטשן, וואָס לעבן אויף זיין ערד מיט אונז און אָטעמען די זעלבע לופט, וואָס מיר אָטעמען; אָט-אָ די אַלע מענטשן, וואָס לעבן און האַסן, פרייען און קלאָגן זיך, ליבן און שטאַרבן, ווי מיר און אַלע אונזעריקע — זיי אַלע דערפירט ער דורך די מינדסטע, וואָס אונז דאַכט זיך, קליניקייטן און אומבאַדייטלעכקייטן, צו אַזעלכע אויסטערלישקייטן, צו אַזעלכע פאַר אונזערע דערפאַרונגען אומגלויבלעכקייטן און אוממעגלעכקייטן, אַז מיט דעם גאַנצן גלויבן, וואָס ער, מיט זיין קינסטלערישער עכטקייט, צווינגט אַרויף אויף אונז, וואָלט דאָך אונזער פאַנטאַזיע נישט אויסגעהאַלטן, ווען ער טוט אונז נישט מיטאַמאָל אַ פיר אַריין אין דער ממשלה פון דער סימבאָליק — אַזוי אַז וואָס עס איז מעגלעך געווען פאַר זיין אַקטועלער דערפאַרונג און אינטואיטיווער דערשפירונג, ווערט פאַר אונז

מעגלעך אין דער סימבאָלישער איבערלעבונג און אינטואיציע אַרומנעם. די אין אַ זין איבעראינדיווידועלע דערפֿאַרונגען ראַטעווען זיך און בלייבן לעבן אינם סימבאָל, ווי די אין אַ זין איבערגעשיכטלעכע דער־פֿאַרונגען פֿאַראייביקן זיך אין דער לעגענדע.

פֿאַראַן אַ קאַפּיטל אין „ברידער קאַראַמאַזאָוו", וואָס טראָגט אויף זיך דאָס קעפּל „די ציבעלקע". דאָס קאַפּיטל הייסט „ציבעלקע" דערפֿאַר, וואָס דערין דערציילט גרושענקאַ אַליאָשאַן אַ מעשהלע, וואָס זי האָט נאָך אַלס קינד געהערט פֿון איר מאַטרענאַ. די מעשה איז אַזאַ: אַמאָל האָט גע־לעבט אַן אַלטע באַבע, אַ בייזע ווי בייז קאָן נאָר זיין, און איז גע שטאָרבן. נישט איבערגעלאָזט האָט זי נאָך זיך קיין סימן פֿון וועלכע עס איז מעשים־טובים. געכאַפּט האָבן זי די שדים און אַריינגעוואָרפֿן זי אין אַ פֿייערדיקן גרוב. שטייט דער מלאך, איר שומר, און טראַכט: וואָס עפּעס פֿאַר אַ מעשה־טובה וואָלט איך געקאָנט דערמאַנען, אַז איך זאָל גאָט דערציילן. און ער האָט זיך דערמאַנט און זאָגט צו גאָט: זי האָט אַמאָל אַ ציבעלקעלע אויסגעריסן אין איר גאָרטן און האָט עס גע־געבן אַ בעטלערקע. און גאָט ענטפֿערט אים: נעם־זשע, זאָגט ער, די זעלביקע ציבעלע און האַלט זי פֿאַר איר אין גרוב זאָל זי זיך אָנכאַפּן און שלעפּן. ווערסטו זי אַרויסשלעפּן פֿון גרוב, זאָל זי גיין אין גן־עדן, ווערט זיך איבעררייסן דאָס ציבעלקעלע, מוז זי בלייבן וואו זי איז. אַוועקגעלאָפֿן דער מלאך צו דער באַבע, דערלאַנגט איר דאָס ציבעלקע־לע. „נאַ, זאָגט ער, דאָס ציבעלקעלע, כאַפּ זיך אָן אָן דעם און איך וועל דיך שלעפּן". און פֿאָרזיכטיק האָט ער אָנגעהויבן זי שלעפּן, און האָט זי שוין באַלד אַרויסגעשלעפּט. איז ווען אָבער די איבעריקע זינדיקע אין גרוב האָבן דערזעען, אַז מען שלעפּט זי, האָבן זיי אַלע אָנגעהויבן זיך אָנכאַפּן אין איר, כּדי מען זאָל זיי אינאיינעם מיט איר אַרויסציִען. איז דאָך אָבער די באַבע געווען אַ שלעכטע און אַ בייזע, האָט זי אָנגעהויבן זיי דריגען מיט די פֿיס און שרייען: ס'טייטש, מיך שלעפּט מען און נישט אייך, עס איז מיין ציבעלקע און נישט אייערע! און אַזוי שנעל, ווי זי האָט אַרויסגעזאָגט אָט דידאָזיקע ווערטער, האָט זיך די ציבעלקע איבערגעריסן, און אַריינגעפֿאַלן איז די באַבע צוריק אין גרוב אַריין און ברענט דאָרט ביז אויף היינטיקן טאָג.

און ווען אַליאָשאַ הערט שפּעטער אין חלום די רייד צו אים פֿון

דעם פֿאַרשטאָרבענעם הייליקן פֿאָטער זאָסימאַ, איז צווישן דידאָזיקע רייד הערט ער אים אויך רעדן וועגן דער ציבעלקע. „און אַ סך דאָ — זאָגט זאָסימאַ — האָבן געגעבן צו ציבעלקעלעך — איין קליין ציבעלקעלע“.

ווי דעם גוטן מלאך פֿון דער באַבע, אַזוי אויך זענען דאָסטאָיעווסקין, מער ווי וועלכן עס איז קינסטלער ביז אים, געקומען אויפֿן זכּרון און אין דער אינטואיציע אַלערליי פֿאַרבן, שטריכן, שאַטירונגען, ביוואַנסן, אויסדרוקן און איינדרוקן פֿון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס זענען אויסנווייניק און אויבנאויפֿיק גענומען פֿון נישט קיין גרעסערן באַטייט ווי אַ ציבעלקע, און וואָס דאָך פֿאַרמאָגן זיי אין זיך נישט פֿאַרדעכטיקטע און ביז דאָסטאָיעווסקין אומגעדאַכטע כּוחות, ווערטער שלעפּן דעם מענטש פֿון די אונטערגרונדן צו די הימלען. און אייביק פֿאַרקערט שליידערן אים פֿון די הימלען אין די אונטערגרונדן.

פֿון דעמדאָזיקן מעשהלע מיט דער ציבעלקע זעען מיר ווי אַ ציבעלקע, וואָס איז געוואַקסן אין אַ געוויסן גאָרטן פֿון אַ געוויסער באַבע, וואַקסט אויס מיטאַמאָל אין אונזערע אויגן, דורך דעם כּוח פֿון דער קונסט, אין אַ סימבאָל פֿון האַנדלונג בכלל — אַ האַנדלונג, וואָס ווי אומבאַדייטנד זי זאָל נישט אויסזען צו זיין, קאָן זי פֿירן אויף אייביק אין גן־עדן אָדער אויף אייביק אין גיהנום. דורך דער פֿאַנטאַזיע פֿון שעפֿער נעמט די ציבעלקע אַרויף אויף זיך אַזוי פֿיל קראַפֿט און כּוח, זי ווערט געמאַכט דורכצופֿירן אַזוי פֿיל ראָלן און פֿונקציעס, אירע שוואונגען און אויפֿשוואונגען ווערן אַזוי גראַנדיעז און אויסערגעוויינטלעך, אַז זי וואַקסט אויס אין אונזערע אויגן אין אַ סימבאָל, זי ווערט די מינדערווערטיקסטע און דאָך פֿון גרויסער ווערט האַנדלונג פֿון יעדן מענטש אין דער וועלט. און צוליב דער ציבעלע ווערט די בייזע באַבע אַ סימבאָל פֿון בייזקייט און שלעכטקייט, און זיי ביידע ווערן אויף אַזאַ אופֿן אוניווערסאַליזירט צו באַדייטן פֿאַר אונז אייביקע מעגלעכקייט פֿון אָפּצווישן פֿלוצלינג די גרענעצן צווישן קליין און גרויס, באַדייטנד און אומבאַדייטנד, געוויינטלעך און אויסערגעוויינטלעך, און די מעגלעכקייט פֿאַר דעם, אַז דורך דעם קלענסטן זאָל דערגרייכט ווערן דאָס העכסטע, דורך דעם אומבאַדייטנדסטן דאָס באַדייטנדסטע אין

דורך דעם געוויינטלעכסטן דאָס אומגעוויינטלעכסטע; און עס זאָל אויך אַזאַ אופן ווערן מעגלעך דאָס אוממעגלעכסטע, און קומען זאָל דאָס אומדערוואַרטעטסטע דאָרט און דעמאָלט, ווען מען האָט דאָס אַמווינציקסטן דערוואַרט.

## ב.

דאָסטאָיעווסקיס פֿאַנטאַזיע לאָזט געוויסע געפֿילן, עמאָציעס אָדער אויסדרוקן פֿון דער מענטשלעכער נשמה, פֿון דער נשמה אפילו פֿון דעם פּשוטסטן און קאָנקרעטסטן מענטש אין דער וועלט, ווערן אַזוי מעכטיק און קרעפֿטיק, אַזוי ברויזנדיק און אַלץ פֿאַרכאַפּנדיק, אַז אונדזער פֿאַנטאַזיע קאָן זיך זיי נישט מער פֿאָרשטעלן ווי געפֿילן, עמאָציעס און אויסדרוקן פֿון איין נשמה, נאָר ווי פֿון אַלע נשמות אינאיינעם גענומען. זיי הייבן אָן סימבאָליזירן פֿאַר אונדז דעם שטורעם און דראַנג פֿון דער וועלט־נשמה, פֿון דעם וועלט־גייסט. דער טרעגער פֿון אַזוינע פֿייערן און ברענענישן, פֿון אַזעלכע אויפֿרירס און אויפֿברויזן, וואָס שלאָגן זיך דורך צוליב אומדערקענבאַרע אורזאַכן דורך אים שטאַרקער, ווי דורך אַנדערע — דערדאָזיקער טרעגער פֿון די ליידשאַפֿטלעכע באַגערן און דראַנגען ווערט פֿאַר אונדז, אומאָפּהענגיק אפילו פֿון אונדזערע אַנטיפּאַטיעס צו זיין קאָנקרעטן געשטאַלט — אַ סימבאָל. ער ווערט אַ יעדער איינער פֿון אונדז אין געוויסע, זאָל זיין געציילטע, מאָמענטן פֿון אונדזער לעבן, ווען אויך מיר ווערן אַרומגעכאַפּט פֿון אַלע עקן, ביז צו דער געפֿאַר פֿון פֿאַרניכטונג און צעשטערונג, פֿון אַזאַ אָדער אַן אַנדער פֿייער, פֿון אַזאַ אָדער אַן אַנדערן ברען, שטורעם און קאָך. ער ווערט אַ יעדער איינער פֿון אונדז אין גאַר אַ סך מאָמענטן פֿון אונדזער לעבן, ווען אונדזערע פֿאַרלאַנגען, וואונטשן און באַגערן דערגרייכן אַזאַ מדרגה פֿון אינטענסיוויטעט, וואָס הגם זיי ווילן, צוליב אונדזער פּסיכישן און גייסטיקן צונויפֿשטעל, קיינמאָל נישט אויסברעכן אין האַנדלונגען ענלעכע צו זיינע, ווילן זיי אָבער אַ סך ווייכער און מילדער מאַכן אונדזער אורטייל וועגן זיינע האַנדלונגען. איינער פֿון אַזעלכע קאָנקרעט־

סימבאָלישע געשטאַלטן אינם ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו“ איז דער טאַטע זייערער פיאָדאָר פאַוולאָוויטש קאַראַמאַזאָוו.

אַזוי פיל תאווה, אַזוי פיל מעכטיקן און קרעפטיקן אויסברוך פון ליידנשאַפט, אַזוי פיל אומגעצוימטקייט, אַזוי פיל אומקאָנטראָלירבאַרקייט אין די דראַנגען, גאַרענישן און ווילענישן בכלל און אויף דעם געביט פון סעקסואַליטעט בפרט, אַז וואָלט ער זיך אויסגעשטאַלטעט אין אונזער פאַנטאַזיע ריין קאָנקרעט, וואָלט ער נישט געהאַט פאַר אונז קיין ברעקל קינסטלערישע רעגונג. אָבער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו ווערט פון דאָסטאָיעווסקין פאַרגעשטעלט פאַר אונז קודם־כל, ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט אַ גאַנץ טיפן בליק אויף זאַכן און אַריינבליק אין זאַכן. ער פאַרמאָגט עטוואָס אין זיך פון דעם, וואָס קאָן פאַרצייכנט ווערן אַלס פערזענלעכקייט, און ווי אַזעלכער איז ער שטאַרק פאַראינטערעסירט צו וויסן צי עס איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַ פערזענלעכקייט איבער אַלע פערזענלעכקייטן אין דער וועלט, צי עס איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. און פון דעמדאָזיקן שטאַרקן דורכדרינגענדיקן און אַריינדרינגענדיקן מענטש מיט אַ היפשן אָנוואוקס אויף פערזענלעכקייט, לאָזט דאָסטאָיעווסקי אַרויסשלאָגן, ווי די לאַווע פונם וועזוויוס פלאַמפייערדיקע ברענענישן — פלאַמען און פייערן פון ליידנשאַפטן, וואָס ווערן נישט אויסגעלאָשן אויף איין מאָמענט אין זיין לעבן. די ליידנשאַפטן שלאָגן פון אים אַרויס, אָדער שלאָגן זיך דורך אים דורך מיט אַזאַ מאַכט און קראַפט, מיט אַזאַ ברען און אימפעט, אַז ער הייבט אָן ביסלעכווייז פאַרלירן אין אונזערע אויגן די קאָנקרעטהייט פון געשטאַלט פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. ער ווערט פאַר אונז, אויב נישט אין אַלע הינזיכטן און זינען, איז אין אַ געוויסן זין און הינזיכט, אַ סימבאָליש געשטאַלט. ער הייבט אָן סימבאָליזירן פאַר אונז אַן עפאָכע, אַ פאָלק אָדער יעדן מענטש בכלל, ווען די מעכטיקע וואַסערן פון דער ליידנשאַפט טוען אים אַ רייס אויף, אַ הייב אויף און אַ טראָג איבער זיך, ווי אַ שפענדעלע אויף די מעכטיקע כוואַליעס פון אַן אויפגעשטורעמטן און אויפגעברויזטן ים.

און אַז וואָס איך זאָג וועגן פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, איז נישט ריינער אַריינטייטש, נאָר אַז דאָסטאָיעווסקי אַליין האָט ביז צו אַ גרויסן גראַד אין זינען געהאַט די סימבאָלישקייט פון דעם פאָטער פיאָדאָר

אַזוי גוט ווי פון די זין זיינע, וואָס אַלע איניינעם שטעלן זיי צונויף די פאַמיליע קאַראַמאַזאָוו — אויף דעם גיבן הסכמה די ווערטער, וואָס דאָסטאָיעווסקי לאָזט רעדן דורך דעם פּראָקוראָר.

„אינדעראמתן — פרעגט דער פּראָקוראָר — וואָס איז אַזעלכעס אָט די פאַמיליע קאַראַמאַזאָוו, וואָס איז פּלוצלינג אויף אַ טרויעריקן אופן באַוואוסט געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד אפילו ?” און ער ענטפערט : „עס קאָן זיין, אַז איך טרייב איבער, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אין דעם בילד פון דעמדאָזיקן פאַמיליעלע, שפּיגלען זיך אָפּ די סודותדיקע עלעמענטן פון אונזער איצטיקער אינטעליגענטער געזעלשאַפט”.

און רעדנדיק אַלץ מער און מער וועגן די קאַראַמאַזאָווס בלשון מיר, מיינענדיק מ י ר ר ו ס ן , און דאָ און דאָרט — אויך מיר מענטשן זאָגט דער פּראָקוראָר צווישן אַנדערן אויך דאָס : „מיר זענען ברייטע נאַטורן — קאַראַמאַזאָווישע נאַטורן, — וואָס זענען פעיק אַריינצונעמען אין זיך אַלערליי מעגלעכע ווידערשפּרוכן און אין איינער אין דער זעלביקער צייט אַריינצוקוקן אין ביידע תהומען, דעם תהום איבער אונז, דעם תהום פון די העכסטע אידעאַלן, און דעם תהום אונטער אונז, דעם תהום פון דער נידעריקסטער און העכסטער געפאַלנקייט — — — צוויי אָפּגרונטן, צוויי אָפּגרונטן, מיינע הערן, אין איינעם און דעם זעלביקן מאָמענט — אָן דעם זענען מיר אומגליקלעכע און אומצופרידענע, אונזער עקזיסטענץ איז נישט קיין גאַנצע. מיר זענען ברייט. ברייט ווי אונזער גאַנצע מאַטושקאַ ראָסיאַ, מיר ווען אַלץ אַריינגעמען און מיט אַלץ זיך איינלעבן”.

סיי אַלזאָ וועגן דעם אַלטן פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, סיי וועגן זיינע זין לאָזט דאָסטאָיעווסקי דעם פּראָקוראָר רעדן וועגן זיי, ווי וועגן מענטשן, וואָס סימבאָליזירן מענטש, לאַנד און עפּאָכע. און אויסרעכענענדיק איינע נאָך די אַנדערע אַלע מיאוסע טאַטן און האַנדלונגען פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, וועלכע זענען געוואָרן אַ שם-דבר, זאָגט דער פּראָקוראָר ווייטער : „נו, גענוג, גענוג וועגן דעמדאָזיקן אומגליקלעכן אַלטן. ער האָט שוין געקריגן, וואָס אים איז געקומען. זאָלן מיר אָבער געדענקען, אַז דערדאָזיקער פּאָטער איז איינער פון די היינטיקע פּאָטערס. וועל איך באַליידיקן די געזעלשאַפט, ווען איך וועל זאָגן, אַז ער איז איינער אפילו פון אַ סך פון די היינטיקע פּאָטערס ? אָ, אַזוי פיל פון די היינטיקע פּאָטערס

זאָגן זיך בלויז נישט אַרויס אַזוי ציניש, ווי ער, ווייל זיי זענען בעסער דערצויגן, בעסער געבילדעט, אָבער אינדערעמתן כּמעט פון דער זעלבער פילאָזאָפיע, ווי ער".

און רעדנדיק וועגן דמיטריען זאָגט דער פּראָקוראָר: „להיפּוך צו דער „אייראָפּעישקייט" און „פּאָלקספּרימיטיווקייט" פון זיינע ברידער, שטעלט ער מיט זיך פאַר דאָס אוממיטלבאַרע רוסלאַנד! אָ, נישט די גאַנצע, נישט די גאַנצע, זאָל גאָט אויסהיטן, אַז עס זאָל זיין די גאַנצע, און פונדעסטוועגן איז דאָ פאַראַן אונזער „ראַססייאושקאַ", עס שמעקט מיט איר, עס הערט זיך אונזער מאַטושקאַ!"

פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, און מיט אים דאָסטאָיעווסקי אַליין, קוקט אויף ליידנשאַפטלעכע פאַרפלייצונגען ווי אַ מין אויסדרוק פון און אַ פּראָטעסט קעגן די פיל אומזיניקע און אומבאַרעכטיקטע אונטערדריקונגען פון מענטשלעכע גלוסטעניש און גאַרעניש מצד דער רעליגיע, וועלכע דורך איר פאַרשימלטקייט און פאַרגליווערטקייט לאָזט דער רעליגיעזיטעט דעם קאָפּ נישט אויפהייבן, און מצד דער געזעלשאַפט, וועלכע נישט קענענדיק זיך דערשלאָגן צו פרישע און נייע געהייליקטע אָנפירונגען און שייכותן, קלאַמערט זיך איין אויף אַ מעכאַנישן, צי האַרץ־שלאָגנדיקן אופן, אין די טראַדיציעס, וואָס זיי איז שוין אויסגעגאַנגען דאָס לעבן, און אָפּגעטון האָט זיך פון זיי די נשמה.

דאָסטאָיעווסקי לאָזט דעריבער קומען דערצו, אַז אָט דער צעלאָזטער און אויסגעלאַסענער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו זאָל בקול רם מיט אַן עכט פאַרנונפטיקן און גערעכטן אופן פאַרטיידיקן קריסטוסן אַקעגן קריסטנטום, פאַרטיידיקן די געפילן און די בליקן פון דעם לעגענדאַרישן קריסטוסן אַקעגן דעם, וואָס איז אין זיין נאָמען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט. צו די מאָנאַכן פון קלויסטער שרייט אויס פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו: „יענע באַשעפעניש, יענע „זיך נישט אָנשטענדיק־אויפירנדיקע פרוי" איז אפשר הייליקער פאַר אייך, איר קלויסטער־פּרושים, וואָס זוכן רעטונג פון זינד! זי איז אפשר געפאַלן אין איר יוגנט, רואינירט פון איר סביבה. זי האָט אָבער אַ סך געליבט, און קריסטוס אַליין האָט מוחל געווען דער פרוי, וואָס האָט אַ סך געליבט". און ווען איינער פון די מאָנאַכן ענטפערט אויף דעם: „נישט פאַר אַזאַ ליבע האָט קריסטוס מוחל געווען". ענטפערט אויף דעם צוריק מיט כּעס פיאָדאָר קאַראַמאַ־

זאָגט: „יאָ, פֿאַר אַזאַ, פֿאַר אַזאַ, מאַנאַכן! איר ראַטעוועט אייערע נשמות דאָ, עסנדיק קרויט און איר דענקט, אַז איר זענט צדיקים, איר עסט אַ גרונדלינג אַ טאָג, און איר דענקט, אַז איר קויפֿט אונטער גאָט מיט אַ גרונדלינג!"

פֿאַרדאָרבן, שלעכט און זינדיק ביז גאָר איז געווען דער אַלטער קאַראַמאַזאָוו, אָבער נאָך אַלץ נישט ביז צו דער מדרגה פֿון נישט פֿילן, לפּחות אין געוויסע מאָמענטן, זיין געפֿאַלנקייט, פֿון נישט בענקען אין יענע מאָמענטן נאָך דער ריינקייט און דער גוטסקייט פֿון דער טוגנט, און פֿון נישט שרעקן זיך פֿאַר דעם אומבאַקאַנטן און אומזעבאַרן ער-געץ-וואו אין דער וועלט, וועלכער איז אין זיין משפּט שרעקלעך און געפֿערלעך. ער האָט געליבט און געבענקט נאָך דעם צדיק, אָבער ער האָט מיט אַלע פֿיבערן פֿון זיין נשמה און פֿון זיין וועזן, וואָס האָט ליב געהאַט דאָס לעבן ביז צו אַלע זיינע ברייטקייטן און טיפֿענישן, גע-פֿילט, אַז נישט צווישן די ווענט פֿון רעליגיע-אינסטיטוציעס, וועלכע דערלאָזן נישט צו זיך דאָס לעבן, און וועלכע קאָנען דעריבער נישט פֿילן די גרויסקייט און גראַנדיעזקייט, וואָס ליגן אפֿילו אין אַ געוויסן זין אין אַ געוויסער זינדיקייט — געפֿילט האָט ער, זאָג איך, אַז נישט צווישן אַזעלכע ווענט קאָן זיך געפֿינען דער, וואָס דאַרף זיין און זאָל זיין אַ סינטעז פֿון טוגנט, ריינקייט און גוטסקייט און אין דער אייגענער צייט אויך פֿון דער פֿולסטער דינאַמישער לעבהאַפֿטיקייט. און עס איז דידאָזיקע בענקעניש אין אים נאָך עמעצן, וועלכער איז בעסער און ריינער פֿאַר אים און די שרעק אין אים פֿאַר דעם עמעצן, וועלכער וועט אפֿשר משפּטן, וואָס האָט אים געמאַכט צולאָזן צו זיך און מיט ליבע אויפֿנעמען זיין זון אַליאָשאַ, און טאַקע אויך עפּעס לערנען פֿון אים.

„אַליאָשאַ — שרייבט דאָסטאָיעווסקי — האָט גערירט ביז גאָר זיין האַרץ דערמיט, וואָס ער האָט געלעבט מיט אים, אַלץ געזעען און אין קיין שום זאַך נישט באַשולדיקט און נאָך מער, ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ זאַך, וואָס איז נאָך נישט געווען: „אַ לחלוטינדיקע אָפּוועזנהייט פֿון פֿאַראַכטונג צו אים — צום אַלטן, אַ שטענדיקע צערטלעכקייט, אַ פֿולקאָמענע נאַטירלעכע, אָפֿנהאַרציקע צוגעבונדנקייט צו אים, וועלכער האָט עס אַזוי ווייניק פֿאַרדינט. דאָס אַלץ איז געווען פֿאַר דעם אַלטן אַ

לחלוטינדיקער סורפריז — פאַר דעם קאַראַמאַזאָוו, וועלכער האָט שוין פאַרלוירן דעם חוש פאַר בושה און און נישט געווען געבונדן מיט קיינע פאַמיליען־פעדעם. עס איז געווען אַ נייע און אומדערוואַרטעטע דערפאַרונג פאַר אים, וועלכער האָט ביז דעמאָלט ליב געהאַט נאָר שלעכטס. נאָכדעם ווי אַליאָשאַ איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך מודה געווען צו זיך אַליין, אַז ער האָט פאַרשטאַנען עפּעס, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוואָלט פאַרשטיין".

און שוין דידאָזיקע ווערטער גופא פון דאָסטאָיעווסקין וועגן אַליאָשאַס באַציאונג צום פאָטער און וועגן זיין איינפלוס אויפן פאָטער, וואָלטן געווען ריינער פרעדיקט, ריינע כוונה צו לערנען דעם מענטש, ווי צו זיין וואויל און גוט, ליבנדיק און פרום, עס וואָלט געווען אַלץ — מאָראַליש, פילאָזאָפיש און רעליגיעז, אָבער נישט קינסטלעריש, ווען אַליאָשאַ זאָל אין דעמדאָזיקן ווערק טאַקע געגעבן ווערן נאָר ווי דער זון פון אַ ליידנשאַפטלעך־זינדיקן טאַטן און פון אַן אמת־צניעותדיקער מאַמע. דידאָזיקע ווערטער וואָלטן נישט געווען קיין קונסט דערפאַר, וואָס אַ בלוט־און פלייש־מענטש, אַ לעבעדיקער, אויף גאָטס ערד אַרומ־גייענדיקער מענטש, קאָן נישט, דאַרף נישט און זאָל נישט קיין איינ־אונאיינציקן מאָל אין זיין לעבן נישט האָבן קיין פאַראַכטונג, קיין כעס, קיין פאַרדרוס אויף אַ טאַטן, וואָס איז אין יעדן ריר זיינעם, אין יע־דער מינע זיינער פונקט דער היפוך — און דער היפוך אין אַלץ צום ערגערן, צום שלעכטסטן און צום מיאוסטן — וואָס דער זון איז.

עס איז קיינמאָל נישט געווען און עס וועט קיינמאָל אין לעבן נישט זיין אַזאַ זון, וואָס זאָל אויף אַ פולקאָמען און נאַטירלעך־האַר־ציקן אופן זיין איבערגעגעבן צו אַ טאַטן, וועלכער האָט עס אַזוי ווייניק פאַרדינט, ווי עס האָט עס פאַרדינט פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, דער שטאַר־קער און שטרענגער צו אַלץ און אַלעמען מענטש, אַ חוץ צו דער ליידנשאַפט און אַלע אירע נידעריקסטע אויסדרוקן. מען קאָן אַלץ אין דער וועלט טון צו אַזאַ טאַטן — פון הרגענען אים, ווי דאָס האָט פאַרטראַכט דמיטרי, ווי דאָס האָט געוואָלט אין זיין אונטערבאַוואוסט־זיין איוואַן און ווי דאָס האָט אָן חכמות געטון דער האַלב־אידיאָטי־שער נישט לעגיטימער זון סמערדיאַקאָוו — ביז צו לאָזן אים אין גאַנצן צורו, באַפרייענדיק זיך פון די פאָטער־געפילן, ווי ער האָט זיך

באַפֿרייט פֿון די קינדער־געפֿילן, און זיך פֿרעגן אָפֿט ווי קרישטשען וואַנשאַפֿע ביי וואַסערמאַנען פֿרעגט זיך, קוקנדיק אויף זיין טאַטן: וואָס פֿאַר אַ שייכות איז פֿאַראַן צווישן אים, וועלכער איז מיין טאַטע, און מיר, זיין זון, און זיך וואונדערנדיק ווי מער די מוטער קאָן זיך אַמאָל אַריינגעבן אינם קינד פֿאַר דעם פֿאָטער, ווי שטאַרק אירע, אָנשטאָט דעם פֿאָטערס, פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן קאָנען אין דעם קינד זיך פֿונאַנדערבליען אין אַקטועלעווירקלעכקייטן — מען קאָן, זאָג איך, אַלץ טון אַ חוץ ליב האָבן דעם, וואָס האָט קיין זאַך אַ חוץ שלעכטס נישט ליב געהאַט. און ווען מען זאָל עס קאָנען, דאַרף מען נישט און מען זאָל עס נישט טון, מחמת עס וואָלט אויסגעוואָרצלט פֿון דער וועלט יעדן סטימול, יעדע רעגונג פֿון ליבן דאָס גוטע אָנשטאָט דאָס שלעכטע, און צו זיין ריין אָנשטאָט פֿאַרדאָרבן. און ווען די פֿאַרדאָרבנקייט דערגרייכט די מדרגה פֿון ליבן נאָר שלעכטס, קאָן שוין אַזאַ פֿאַרדאָרבנקייט בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין און נישט לערנען קיין שום זאַך פֿון דעם, וועלכער איז ריין און נישט פֿאַרדאָרבן, ווי אַליאָשאַ איז עס געווען. אַזוי, אַז סיי די באַציאונג פֿון אַליאָשאַן צום פֿאָטער, סיי דער אָפּרוף פֿון דעם פֿאָטער אויף זיין באַציאונג, זענען נישט נאַטירלעך און נישט מעגלעך אין די ראַמען פֿון דער מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע, און דערצו איז דאָס גאָרנישט ווינטשנסווערט; און דערפֿאַר קאָן מען דאָ אויך נישט רעדן וועגן דער גרויסקייט פֿון אַריינפֿירן דאָס אוממעגלעכע און דאָס איבערנאַטירלעכע, וואָס דאָס דאַרף און זאָל זיין די אויפֿגאַבע פֿון דער קונסט. און אַלץ אין אַ קונסט־ווערק, וואָס ווערט געגעבן אי ווי נישט נאַטירלעך און מעגלעך, אי ווי נישט ווינטשנסווערט, איז נישט קינסטלעריש. און אַלץ אין אַ קונסט־ווערק, וואָס איז נישט קינסטלעריש, איז, אומאָפּהענגיק פֿון דער כוונה פֿון שרייבער, פֿון אַ כאַראַקטער, וואָס דערנידעריקט אָנשטאָט עס זאָל דערהויבן, פֿאַרפֿלאַכט אָנשטאָט עס זאָל פֿאַרטיפֿן, פֿאַרדאַרבט און מאַכט מיאוסער אָנשטאָט מאַכן איידעלער און שענער.

אַליאָשאַ אָבער דערהויבט און פֿאַרטיפֿט אונז, פֿאַראיידלט און פֿאַרשענערט אונז. און דאָס איז דערפֿאַר, וואָס אַליאָשאַ, וועלכער ווי אַ קאָנקרעט געשטאַלט טראָגט אין זיך אַ סך עלעמענטן און שטריכן פֿון דעם לעגענדאַרישן קריסטוסן, איז געמאָלן דורך דעם גאַנצן ווערק

אַזוי, אַז צום שטאַרקסטן און טיפסטן טרעט אַרויס זיין סימבאָלישקייט און נישט זיין קאָנקרעטהייט. ער פילט זיך איבעראַל און אומעטום אינם ווערק ווי דאָס טיפסטע, שענסטע, העכסטע און בעסטע אין יעדן פון אונז און דערהויפּט ווי דער עפּעס, וואָס זעט און פילט ווייט און טיף אין אַלע דימענסיעס. ער פילט זיך ווי דער עפּעס, וואָס עטוואָס פון אים פאַרמאָגט יעדער איינער מענטש אין די טיפענישן פון זיין וועזן, און וואָס אין אַזעלכע אָדער אַנדערע מאָמענטן — אין גאָר אַ סך אָדער אין גאָר ווייניק מאָמענטן — שלאָגט ער זיך דורך און ווייזט זיך אין זיין פולסטן געשטאַלט צו יעדן מענטש אין דער וועלט.

נישט דער אַליאָשאַ אַ ר ו ם פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו האָט געקאָנט אַרויסווייזן אָנשטאָט פּאַראַכטונג אַ שטענדיקע ליבלעכקייט אָדער אַ נאַטירלעכע איבערגעבנקייט צום אַלטן בעל-תאווהניק און בעל-עברהניק. ניין, אַן אַרומיקער, אַ קאָנקרעטער אַליאָשאַ האָט עס קיינמאָל נישט געקאָנט, וועט עס קיינמאָל נישט קאָנען און זאָל עס קיינמאָל נישט קאָנען. געטון האָט עס דער אינעווייניקסטער, טיף אין דער נשמה פון קאַראַמאַזאָוו זיצנדיקער אַליאָשאַ. אָט דערדאָזיקער אַליאָשאַ האָט עס געקאָנט וויסן, וואָס דער פּייניקדיקער טרעגער פון אַלערליי ליידנשאַפטן לעבט דורך אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן — אין די מאָמענטן, ווען ער דערפילט, ווי די־דאָזיקע ליידנשאַפטן וואָלטן גאָרנישט געקומען פון אים, נאָר אַז זייער קוואַל איז גאָר אין די אומדערקענבאַרע רעגיאָנען און רייכן פונם קאָסמאָס; אין די מאָמענטן, ווען ער דערזעט פלוצלינג די ליידנשאַפטן אַרויסזעצן פון איינעם און דעם זעלביקן קוואַל, פון וועלכן עס זעצט אַרויס דאָס לעבן; און אין די מאָמענטן, ווען פון דעם זעלביקן קוואַל טוט אַ שלאָג אַרויס דאָס געשטאַלט פון דעם אומדערקענבאַרן עמעצן, וועלכער רופט מיט אַן אייגנאַרטיק קול און שרעקט מיט אַן אייגנאַרטיקער שרעק. געוואוסט האָט דערדאָזיקער, אין דעם אַלטן וואוינענדיקער אַליאָשאַ, אַלץ דאָס וועגן אים, וואָס ראַקיטין למשל האָט געוואוסט. ער האָט אָבער אויך געזעען, געפילט און געוואוסט פון אים און וועגן אים דאָס, וואָס ראַקיטין האָט נישט געוואוסט.

אין זינען האָבנדיק פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוון זאָגט ראַקיטין צו

אַליאָשאַן: „אַ מאַן וועט זיך פאַרליבן אין אַ געוויסער שיינהייט, אין אַ פרויס קערפּער, אָדער אַפילו אין אַ טייל פון אַ פרויס קערפּער, און ער וועט פאַרלאָזן זיינע אייגענע קינדער צוליב איר, פאַרקויפן זיין טאַטע־מאַמע און זיין פאָטערלאַנד, רוסלאַנד אויך. אויב ער איז ערלעך, וועט ער גנבהנען, אויב ער איז מענטשלעך, וועט ער הרגענען, אויב ער איז געטריי, וועט ער אָפּנאַרן".

וועגן דער קאַראַמאַזאָווער פאַרקאָכטקייט אין פרויען־קערפּער האָט געוואוסט ראַקיטין, וועגן דער זייט אָבער פון דער פאַרקאָכטקייט, וואָס האָט געקאָנט דערזען און דערפילן די גרויסקייט פון דער נשמה פון דער געפאַלענער גרושענקאַ — פון דער גרושענקאַ, וועלכע האָט מיט אירע געפילן צו אים און זיינע געפילן צו איר געקאָנט פאַראור־זאַכן דאָס אַנטשטיין פון דעם נייעם מענטש אין פיאָדאָרס זון, דמיטרי קאַראַמאַזאָוו — וועגן אָט דער זייט פון דער פאַרקאָכטקייט האָט ראַקיטין, וועלכער האָט זיך געדרייט אַ ר ו ם קאַראַמאַזאָוון, גאָרנישט געקאָנט וויסן. וועגן דעם אַלץ אָבער האָט יאָ געוואוסט דער א י נ ע ו ו י נ י ק ס ט ע ר אין פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו — אַליאָשאַ.

און אין די מאָמענטן, ווען אָט די זייט פון דער פאַרקאָכטקייט אין פרוי, די מאָמענטן אפשר, וועלכע גרושענקאַ האָט מיט איר אויסערגעוויינלעכער, ווי מיר וועלן זען שפּעטער, נשמה גורם געווען — אין די מאָמענטן ווען עראָטיק טוט מיטאַמאָל אַ דערלאַנג אין די רעגיאָנען פון רעליגיעזיטעט — מאָמענטן, אָן וועלכע דער עטיקער טאָלסטאָי האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, און וואָס זיי האָט דער נביאישער קינסטלער דאָסטאָיעווסקי אויף קיין הרף־עין נישט אַרויסגעלאָזט פון זכרון — אין די מאָמענטן האָט עס טאַקע פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו דערפילט דעם אַליאָשאַן אין זיך. און אָט דערפאַר ווערט שוין נאַטירלעך, און פסיכאָלאָגיש דורכויס אויסגעהאַלטן, און ממילא אויך עכט־קינסטלעריש, אַז אַליאָשאַ — דאָס אַלץ־אַרומנעמענדיקע קאָסמישע אויג אין אונז, וואָס לייכט אַרויס פונם כאַאָס — זאָל ברענגען עפּעס צום אַלטן, וואָס ער האָט פון דעם קיינמאָל פריער נישט געוואוסט, און אַז דער אַלטער זאָל דורך דעם אָנהייבן פאַרשטיין עפּעס, וואָס ער האָט פריער נישט פאַרשטאַנען.

ווי „דאָס פון דעם כאַאָס אַרויסלייכטנדיקע קאָסמישע אויג" אין יעדן מענטש, ווערט שוין אַליאָשאַ אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פונם ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו" אַ קינסטלעריש-אָנרעגנדיק געשטאַלט. און דאָס מיינט — אַ געשטאַלט, וואָס ווירקט און באַאיינפלוסט צום העכסטן, טיפסטן און שענסטן, סיי ווען ער גייט פאַרביי אונדז ווי ריינע סימבאָליק, סיי ווען ער ווערט אין די אינטערעסן פון דעם בוי פון ווערק, אָנגעקליידט פון דעם שעפער אין הויט און ביין פון דער קאָנקרעטקייט.

## ג.

אין די ברידער זיינע, ווי אין די געליבטע פון די ברידער, שפילט אַליאָשאַ דידאָזיקע ראָל, וואָס ער שפילט אינם פאָטער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. ער איז נישט נאָר דאָס געוויסן פון יעדן איינציקן פון זיי, נישט נאָר זייער מאָראַליש-קאַטעגאָרישער אימפעראַטיוו, וועלכער איז שטרענג און אויפפאָדערנדיק, נאָר ער איז דער קולטור-זעער פון יעדן איינציקן פון זיי. און דערמיט איז די סימבאָלישע ראָל פון אַליאָשאַן ביי דאָסטאָיעווסקין אַנדערש ווי ביי אַלע שרייבער און קינסטלער ביז אים; אַנדערש ווי ביי דאַנטען און שעקספּירן, אַנדערש אַפילו, ווי ביי געטהע און בייראָן, און זיכער און געוויס אַנדערש, ווי טאָלסטאָיס באַגריף וועגן אַזאַ געשטאַלט. זיי אַלע האָבן מיט אַן אַליאָשאַ-געשטאַלט סימבאָליזירט דאָס געוויסן, וואָס מאָנט און שטראָפט אויף אַ בייזן און שטרענגן אופן און נישט מער. דער דאָסטאָיעווסקישער אַליאָשאַ אָבער איז מער ווי געוויסן, מער ווי מאָראַל, ער איז קולטור, ער איז דער, וואָס ווי איך זע אים, קען זאָגן, נישט נאָר צו דעם מענטש; יאָ, פאַרשטאַנען, פאַרשטאַנען! אָבער וואַרפן דעם שטיין דער ערשטער זאָל דער, וואָס האָט נישט געזינדיקט! — נאָר ער קאָן עס אויך זאָגן צו גאָט אַליין. אַליאָשאַ איז דער, וואָס פילט די זינד, ווי טוגנט, ווי צוויי נויטיקע, אוממעגלעכע איינע אָן די אַנדערע, אויסדרוקן פון דעם קאָסמישן זיין, וואָס שליסט שוין אויך איין דאָס געטלעכע זיין. ער איז דער, וואָס פילט די זינד ווי דעם כאַאָס, וואָס אָן

אים וואָלט די טויגנט, דאָס קאָסמישע אָדער האַרמאָנישע, קיין מאָל צושטאַנד נישט געקומען. ער איז דער, וואָס קושנדיק די ערד פילט ער זיך אַ ציענדיקער צו די העכסטע הימלען, און זייענדיק אָדער טראַכטנדיק פון די העכסטע הימלען, טוט ער נישט אָפּ זיין האַרץ און זיין געמיט פון דער ערד.

פאַרשטייענדיק אַליאָשאַן נאָר ווי אַזעלכן, נאָר ווי אַ סימבאָליש־קאָנקרעט געשטאַלט, ווערן אונז קלאָר די געפילן און באַציאונגען פון די קאָנקרעט־סימבאָלישע געשטאַלטן — פון אַזעלכע, אַמאָל ריין קאָנ־קרעטע און אַמאָל קאָנקרעט־סימבאָלישע געשטאַלטן, ווי גרושענקאַ, קאַטיאַ, דמיטרי און איוואַן.

זיבעצן יאָר איז אַלט געווען גרושענקאַ, ווען זי איז פאַרפירט געוואָרן פון אַ געוויסן גאָרנישט און אויסוואורף קוזמאַ סאַמסאָנאָוו, וועמען זי האָט ליב געהאַט און געדענקט, אַז זי ווערט פון אים געליבט. נישט אַנטוויקלט נאָך גענוג איז געווען גרושענקאַ, נישט פיזיש און נישט גייסטיק. נישט נאָענט, נישט אינטים נאָך גענוג איז געווען איר באַריר מיט דעם אַליאָשאַן איידער און בעת זי איז פאַרפירט געוואָרן. ווען זי הייבט אָן, נאָך דעם ווי זי איז פאַרפירט געוואָרן, און נאָך דעם, ווי זי ווערט אָנגענומען אין דער פאַרפירערישער וועלט אונזערער, ווי אַזעלכע — צו הערן וועגן אַליאָשאַן און צו פילן אים, ווי דעם בעסערן איך אין אונז, ווי ער איז געמאָלן און פאַרשטאַנען געוואָרן ביז דאָס־טאָיעווסקין, ווען זי הייבט אָן הערן וועגן אים, ווי ער איז, למשל, פאַרשטאַנען געוואָרן פון טאָלסטאָיען, ווערט זי פול מיט האַס און אַנטריסטונג צו אים. איר דאַכט זיך, אַז ער קוקט אויף איר פון אויבן אַראָפּ, אַז ער טאַדלט און משפט זי צום שלעכטן, אַז זי איז פאַר אים די פאַרפירטע, וואָס דאַרף דורך מידת־הדין אַרויפגעפירט ווערן אויפן דרך־הישר, אַז זי דאַרף דורך גרויסע קרבנות אויסקויפן אירע זינד. זי ווייסט אָבער ווי קיינער נישט אַ חוץ איר און אַ חוץ דאָסטאָיעוו־סקין, אַז פון אַ געוויסן קוק־ווינקל איז זי העכער, טיפער און שענער פון אַ סך, אַ סך נישט פאַרפירטע. און דערפאַר ברענגט זי אַריין דאָס קוקן, ווי איר דאַכט זיך, פון אויבן־אַראָפּ פון אַליאָשאַן אין שרעק און נאָך מער אין צאָרן אויף אים.

דער צאָרן איז גובר די שרעק און זי באַשליסט צו מאַכן אַ סוף

צו אַליאָשאַן און צו זיין קוקן אויף איר פון אויבן אַראָפּ. זי באַשליסט אים צו פאַרפירן, ווי זי איז פאַרפירט געוואָרן. און גרושענקאַ, וועלכע האָט פאַר גאַנצע פינף יאָר צייט נישט דערלויבט וועלכן עס איז מאַן זי אָנרירן אויף אַ נישט אָנשטענדיקן אופן, זי, דידאָזיקע גרושענקאַ, באַשליסט אונטער אַלע אומשטענדן צו פאַנגען אין אירע נעצן פון שולד דעם אומשולדיקן אַליאָשאַן. עס ווערט איר אַמביציע, ווי זי דריקט זיך אויס, אַרונטערצוואַרפן דעם גייסטלעכן מאַנטל פון אַליאָשאַס שולטערן דורך דעם, וואָס זי וועט אים מאַכן צו זינדיקן מיט איר, כּדי ער זאָל זי מער נישט רייצן און צאָרנען מיט זיין שטרענגן פון אויבן־אַראָפּ בליק. זי זאָגט־צו ראַקיטינען פינף און צוואַנציק דאָלאַר פאַר ברענגען אַליאָשאַן מיט זיך. אַליאָשאַ ווערט געבראַכט.

און אָט אין דער באַנעטער אָנוועזנהייט פון ד אָ ס ט אָ י ע וו ס ק י ס אַליאָשאַ, פון דעם אַליאָשאַן, וואָס סימבאָליזירט נישט נאָר דעם מאָראַלישן אימפּעראַטיוו, נאָר די אַלץ־אַרומנעמענדיקע קולטורישע זעעוודיקייט — אין זיין אָנוועזנהייט דערפילט זיך גרושענקאַ גאָר אַן אַנדערע, ווי זי האָט זיך געפילט פריער. זי דערפילט אין אים איינעם, וואָס זעט זי נישט נאָר אין ליכט פון מאָראַל, אין ליכט פון בייזן און שטרענגן געוויסן, נאָר אין ליכט פון דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער קולטור. ער זעט זי, פילט און פאַרשטייט זי אין דעם ליכט פון דער גאַנצער כאַאָטישער קאָסמישקייט, און אין אַזאַ ליכט שטייגט גרושענקאַ אין זיינע אויגן, וואָס דאָס מיינט, אַז זי שטייגט אין אירע אייגענע אויגן און שטייגנדיק, פילט זי זיך דערהויבענער, איידעלער און שענער.

„אין פיר יאָר צייט — אַזוי שרייבט דאָסטאָיעווסקי וועגן גרושענקאַן — איז פון דעם סענסיטיוון, באַליידיקטן, נעבעכדיקן יתומהלע אַרויסגעקומען אַ בליענדיקע פולקערפּערלעכע רוסישע שיינהייט, אַ פרוי מיט אַ וואַגנדיקן, אַנטשלאָסענעם כאַראַקטער. צוצוקומען צו גרושענקאַן איז געווען שווער".

דידאָזיקע גרושענקאַ האָט זיך עס אָנגעשטרענגט מיט אַלע כּוחות צו ברענגען צו זיך אַליאָשאַן, פאַרפירן אים און מאַכן אַ סוף צו זיין, ווי זי האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, „איבער־איר", צו מאַכן אַ סוף צום געוויסן, וואָס פּלאָגט און מאַטערט און וואָס לאָזט דערעיקר די פער־

זענלעכקייט און דעם מענטש ווי אַ דערנידערנדיקע. זיצנדיק אָבער בײַ אַליאָשאַן אויף די קני — אויף די קני פֿון דעם אַליאָשאַ, וועלכן זי האָט דערפֿילט פֿון דעם ערשטן מאָמענט אָן, ווי אַן אַנדערן איידער דעם, וואָס זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, הערנדיק און זוכנדיק אים פֿון דערווייטנס — זיצנדיק בײַ דעם דאָסטאָיעווסקישן אַליאָשאַ אויף די קני, זאָגט זי צו אים: „געוואָלט האָב איך דיך, אַליאָשאַ, אומברענגען, דאָס איז דער ריינסטער אמת, אַזוי געוואָלט, אַז איך האָב אונטערגע־קויפֿט ראַקיטינען מיט געלט, אַז ער זאָל דיך ברענגען. פֿאַרוואָס־זשע האָט זיך עס מיר אַזוי שטאַרק פֿאַרוואָלט? דו, אַליאָשאַ, האָסט נישט געוואָלט קיין שום זאַך, האָסט זיך אָפּגעקערט פֿון מיר, גייסט דורך, לאָזסטו אַראָפּ די אויגן, און איך אויף דיר, האָב ביז איצט הונדערט מאָל געקוקט, כ'האָב אָנגעהויבן פֿרעגן וועגן דיר, דיין פּנים איז בײַ מיר אין האַרץ געבליבן. ער פֿאַראַכט מיך — טראַכט איך, וויל אויף מיר אפֿילו נישט קוקן. צום סוף האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ געפֿיל, אַז איך וואונדער מיך אויף זיך אַליין: פֿאַרוואָס האָב איך מורא פֿאַר אַזאַ קינד? איך וועל אים איינגאַנצן איינשלינגען און וועל לאַכן פֿון אים — — איך פֿלעג קוקן אויף דיר, אַליאָשאַ, ווי אויף מיין געוויסן און טראַכטן: ווי דאַרף אַזעלכער מיך, די שמוציקע, האַסן איצט!״

יאָ, דאָס געוויסן ווען עס איז ווי עס איז געווען ביז איצט — דערהויפּט אין דער פֿילאָזאָפֿיע — די העכסטע אינסטאַנץ, האָט נאָר געהאַסט, נאָר פֿאַראורטיילט. ווען אָבער עס ווערט אַוועקגעשטעלט איבער אים — רעדנדיק אין דער טערמינאָלאָגיע, וואָס איך האָב אַריינגעפֿירט אין דער אַרבעט וועגן זשאַן קריסטאָף — ווען עס ווערט אַוועקגעשטעלט איבער אונז נאָך אַ העכערע אינסטאַנץ, און ד'אָס איז די קולטור ווי אַ גאַנצע, ווען דער קולטור־משפּט, דערהויבט און שטאַרקט זיך איבערן מאָראַל־משפּט, ווי דאָס ווערט געטון בכלל אין דער קונסט מער ווי אין דער פֿילאָזאָפֿיע, און ווי דאָס ווערט גע־טון צום העכסטן גראַד אין דאָסטאָיעווסקיס קונסט. ווען דאָס געוויסן ווערט, ווי בײַ דאָסטאָיעווסקין, דער אַלץ־וויסנדיקער און דעריעניקער, וואָס שטעלט אַוועק יעדן באַזונדערן אויסדרוק און האַנדלונג אין דעם ליכט פֿון גאַנצן דעמאָלט ווערט שוין די העכערע אינסטאַנץ פֿון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס האַסט נישט און פֿאַראַכט נישט. זי משפּט, אָבער זי־

פאַרמשפּט נישט, זי שטראָפט, אָבער זי באַשטראָפט נישט. דאָס שטראָפן, ווי דאָס באַשטראָפן, דאָס משפּטן, ווי דאָס פאַרמשפּטן, פילט זי ווי אַן אַבסאָלוט נויטיקן פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער קאָסמישער זייט אין דעם אינדיווידואַלן און פון דער אינדיווידועלער זייט פונם קאָסמאָס.

און דערפאַר קריגט ליב גרושענקאַ דאָסטאָיעווסקיס אַליאָשאַ פון דעם ערשטן אינטימען באַריר מיט אים, פונקט ווי מיר קריגן ליב דאָסטאָיעווסקיס שאַפונגען פון דעם ערשטן באַריר מיט דעם ערשטן זייטל פון זיי. און דער סוד פון דער שטאַרקער ליבע, שטאַרקער אַכטונג און שטאַרקער פאַראינטערעסירטקייט אין דאָסטאָיעווסקיס ווערק — די שטאַרקסטע אפשר, ווי צו אַלע אַנדערע קינסטלער אין דער וועלט — דערדאָזיקער סוד ליגט, נאָך מיין מיינונג, דער עיקר אין דעם נייעם ספּעציפיש־דאָסטאָיעווסקישן באַגריף און געפיל וועגן דעם אַליאָשאַיזם אין דעם מענטש. דאָס איז אַ באַגריף און אַ געפיל, וואָס גייט דורך ווי אַ רויטע שנור אַלע דאָסטאָיעווסקיס שאַפונגען: פון די „אָרימע מענטשן" ביז צום לעצטן אות פון „ברידער קאַ־ראַמאַזאָוו". דאָס איז אַ באַגריף פון געפיל, וואָס טיילט אים אויס פון אַלע קינסטלער ביז אים בכלל און פון דעם קינסטלער און דענקער טאָלסטאָי בפרט. דער אַליאָשאַ אין דאָסטאָיעווסקין אין זיין פולסטער גאַנצקייט קען נאַטירלעך אַרויסגעבראַכט ווערן נאָר דורך אַ צעגלי־דערונג פון אַלע דאָסטאָיעווסקיס ווערק און נאָך מער און נאָך בולטער אין קאָנטראַסט צו אַלע קינסטלערישע און פילאָזאָפישע ווערק פון טאָלסטאָיען. דאָ, אין דערדאָזיקער אַרבעט מיינער, קען איך בלויז געבן אַן אָנוואונק און אַן אָנצוהערעניש אויף דער גרויסער וויכטי־קייט און באַדייטנדיקער ראָל, וואָס דאָסטאָיעווסקיס באַנעם און צוטריט צו אַליאָשאַן דאַרף און זאָל פילן אינם באַגריף וועגן און אין דער שטעלונג צו וועלט, מענטש און גאָט.

צו דעמדאָזיקן אַלזאָ דאָסטאָיעווסקישן אַליאָשאַ, וועלכן גרושענקאַ קריגט ליב, זאָגט זי: „איך האָב דיך ליב, אַליאָשאַ, מיט דער גאַנ־צער נשמה". און ווען ראַקיטין פרעגט זי: „און דער אָפיציר?" ענטפערט זי: „דאָס זענען צוויי באַזונדערע זאַכן. אַליאָשאַן האָב איך

אַנדערש ליב. ער האָט מיך גערופן שוועסטער מיינע, און איך וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן".

און וואָס מכּוח קאַטיאַס באַציאונגען צו אַליאָשאַן? אויך אירע באַציאונגען צו אים ווייזן אָן קאָנקרעט און דייטלעך אויף דער סימבאָלישקייט פון אַליאָשאַס געשטאַלט, אויף וועלכער איך באַשטיי.

די ערשטע ווערטער, וואָס יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ זאָגט צו דעם נאָך גאָר יונגן אַליאָשאַן, זענען: „העלף מיר איצט, אַלעקסיי פיאָ-דאָראָוויטש. איצט דאַרף איך באמת דיין הילף, און איך וועל דיר זאָגן, וואָס איך דענק, און דו דאַרפסט פשוט זאָגן צי עס איז ריכטיק אָדער נישט".

און אָט אַזוי זאָגן עס אַלע, סיי קליינע צו אַליאָשאַן אַלץ, וואָס זיי דענקען און וואָס זיי האָבן געדענקט, וואָס זיי טוען און וואָס זיי האָבן געטון, און זייער אָפּט זאָגט זיי אַליאָשאַ, אַז ער האָט עס געוואוסט נאָך איידער זיי האָבן עס אים געזאָגט. און אין גאָר אַ סך פון דעם, וואָס ווערט געזאָגט צו אַליאָשאַן און וואָס אַליאָשאַ זאָגט צו זיי, ווערט אייגנטלעך דאָס גאַנצע זאָגן געפירט פון איין „איך" מיטן אַנדערן, פון איין „זעלבסט" מיטן אַנדערן אין איינער און דער זעלביקער פערזאָן.

און ווי טייער אַליאָשאַ איז געוואָרן גרושענקאַן, אַזוי טייער און נאָך טייערער איז ער אַלעמאָל געווען דמיטרין, אין וועמען דאָסטאָ-יעווסקי לאָזט, ווי מיר וועלן זען שפּעטער, אויפוואַכן צום סוף פון זיין לעבן דעם נייעם מענטש, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געדרימלט אין אים.

„איך וואָלט דיך געקאָנט — זאָגט דמיטרי צו אַליאָשאַן — נע-מען אין מיינע אָרעמס און דיך דריקן ביז צום צעקוועטשן דיך, ווייל אין דער גאַנצער וועלט — אין דער ווירקלעכקייט, אין דער ווירק—לעכ—קייט (באַנעם עס) ליב איך נאָר דיך איינעם". און צו וועמען לאָזט איבער דמיטרי דעם ענדגילטיקן באַשלוס פון יאָ אָדער נישט אַנטלויפן פון קאַטאָרגע, ווי איוואַן שלאָגט דאָס פאָר? צו וועמען קומט דמיטרי מיט דער פראַגע, וועלכע איז אַ פראַגע, ווי ער זאָגט, נישט נאָר פון געוויסן, נאָר פון דעם העכסטן געוויסן? ער קומט מיט דער-

דאָזיקער פראַגע, ווי מיט אַלע פראַגן, וואָס אויף זיי צו ענטפערן פאָדערט זיך אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער און אַלץ דורכדרינגענדיקער בליק — ער קומט ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל צו איינעם און דעם זעלביקן אַליאָשאַן.

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר מיין אינטערפּרעטאַציע פון אַליאָשאַן איז דאָס, וואָס דאָסטאָיעווסקי לאָזט דמיטרין קומען צו אַליאָשאַן צום ערשטן מאָל, באַלד נאָך דעם און נישט פריער, ווי ער דמיטרי האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן באַגאַנגען אַן אויסערגעוויינלעכע פאַר אים טוגנטהאַפטיקע טאַט — אַ טואונג פון אַזאַ אויסטערלישער פאַר אים געלייטערטקייט, אַז ער האָט זיך פון גרויס פרייד, פון גרויסער גליקזעליקייט געוואָלט מיט זיין אייגענער שווערד אומברענגען. נאָך דער דאָזיקער טואונג קומט ער צו אַליאָשאַן און אים דערציילט ער אַלץ, וואָס ער פילט, וואָס ער טראַכט, וואָס ער טוט און וואָס ער האָט ווען עס איז געטון. ער פירט די אינטימסטע, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, שמועסן מיט אַליאָשאַן. ער פירט זיי אַזוי, אַז עס איז קלאָר, אַז דאָס זענען אייגנטלעך שמועסן פון דמיטרין מיט דמיטרין אַליין. ווען מען שלאָגט אים פאָר צו אַנטלויפן, אויב ער וועט פאַרמשפּט ווערן צו קאַטאָרגע, זאָגט ער אַליאָשאַן: „איך וועל דיר אונזער גאַנצן סוד דערציילן. איך האָב געמיינט צו זאָגן עס דיר שפּעטער, מחמת ווי קאָן איך עטוואָס באַשליסן אָן דיר? דו ביסט ביי מיר אַלץ, הגם איך זאָג, אַז איוואַן איז דער העכערער איבער אונז, נאָר דו ביסט ביי מיר דער מלאך. נאָר דיין באַשלוס וועט באַשליסן. אפשר איז עס דו, וועלכער איז דער העכסטער מענטש און נישט איוואַן. זעסט, דאָ איז אַ פראַגע פון געוויסן, פונם העכערן געוויסן. די געהיימניש איז אַזאַ וויכטיקע, אַז איך קאָן אַליין מיט איר נישט פאַרטיק ווערן, און איך האָב מיט אַלץ אָפּגעוואַרט אויף דיר. און פונדעסטוועגן איז נאָך צו פרי צו באַשליסן, ווייל מען דאַרף וואַרטן אויפן אורטייל, דער אורטייל וועט אַרויסקומען, וועסטו באַשליסן מיין שיקזאַל, אָבער באַשליס נאָך נישט. איך וועל דיר באַלד זאָגן. דו וועסט הערן, אָבער באַשליס נישט. שטיי און שווייג. איך וועל דיר אַלץ אויפדעקן, איך וועל דיר נאָר זאָגן די אידעע אָן פּרטים, און דו שווייג. קיין פראַגע, קיין באַוועגונג. מסכים? אָבער, גאָט מיינער, וואָס זאָל איך טון מיט דיינע אויגן? איך

האָב מורא, אַז דיינע אויגן וועלן זאָגן דעם באַשלוס, אפילו ווען דו זאָלסט שווייגן. אָ, איך האָב מורא!"

דמיטרי האָט מורא פאַר די אויגן פון אַליאָשאַן, וואָס זעען אַלץ און ווייסן אַלץ. ער האָט מורא פאַר אַליאָשאַן, וועלכער זעענדיק און ווייסנדיק אַלץ, שטראָפט ער און ליבט, טרייסט ער און שרעקט אין דער זעלביקער צייט. און ווער פון אונז קען עס נישט דעמדאָזיקן אַליאָשאַן אין אונז? און ווער פון אונז ווייסט נישט, אַז יעדער איינער קען און באַציט זיך צו דעם אַליאָשאַן אויף זיין אייגענעם שטייגער: ווער מער און ווער ווייניקער אינטים, ווער עס טרעפט זיך אָפטער און ווער זעלטענער מיט אים, ווער עס ליבט אים מער און ווער ווייניקער, און ווער עס האָט אים גאָר פיינט ווי חזיר, ווער עס זוכט מיט אַלע כּוחות זיך צו טרעפן מיט אים, און ווער עס טוט אַלץ אים אויסצומיידן — יעדער איינער מענטש אָבער האָט זיך זיין אַליאָשאַן אויף צו ליבן אים און צו שרעקן זיך פאַר אים.

אויף אַזוי פיל אַנדערש, ווי איוואַן איז געווען פון דמיטרין, אויף אַזוי פיל זענען איוואַנס געפילן און באַציאונגען צו אַליאָשאַן געווען אַנדערש פאַר דמיטריס. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל דמיטרי איז געווען, ווי מיר וועלן זען, מער מענטש, מער פערזענלעכקייט פאַר איוואַנען, אויף וויפיל אין די פאַרבאָרגנסטע קעמער־לעך פון דמיטריס נשמה האָבן זיך געוועבט די פעדעם, וואָס בינדן די פערזענלעכקייט צו דער איבערפערזענלעכקייט — פעדים, פון וועלכע עס איז קיין סימן נישט געווען אין איוואַנס נשמה; אויף וויפיל דמיטריס נשמה איז געווען בכּוח צו ליבן טיף, שטאַרק און הויך דעם יעניקן אָדער די יעניקע, וואָס האָבן פאַרכאַפּט זיין נשמה און פאַרפּישופט זיין ווען; אויף וויפיל דמיטרי איז געווען מער נאַטור־גאַנץ, מער אימאַנענט, מער אָרגאַניש ווי סינטעטיש פאַר איוואַנען, און אויף וויפיל ער איז געווען רעליגיעז איבער טיפסטן זין פון וואָרט, וואָס איוואַן איז עס נישט געווען — אויף אַזוי פיל זענען געווען צווישן דמיטרין און אַליאָשאַן ענגערע, אינטימערע ליבע, פריינטלעכערע און הייליקערע באַציאונגען, ווי די באַציאונג צווישן איוואַנען און אַליאָשאַן.

איוואַן דערקלערט זיך קיין איינמאָל נישט אין שטאַרקער ליבע

צו אַליאָשאַן, ער דערציילט אים אַלץ וועגן זיך, אָבער דאָס טוט ער, ווייל ער קאָן זיך נישט העלפן, עפּעס טרייבט אים דערצו, אָבער ער טוט דאָס ווייט נישט גערן. אָט זענען אייניקע רייד פון איוואַנען צו אַליאָשאַן:

„אַליאָשאַ, איך וויל זיך מיט דיר באַקענען איינמאָל פאַר אַלעמאָל, און דיך מיט זיך באַקענען, און דערמיט זיך געזעגענען. איך גלייב, אַז עס איז בעסער צו דערקענען מענטשן איידער מען פאַרלאָזט זיי. איך האָב געזעען, ווי דו האָסט געקוקט אויף מיר אַלע דריי חדשים. אין דיינע אויגן איז געווען עפּעס אַ מין אומאויפהערלעך וואַרטן, און אָט דאָס קאָן איך נישט פאַרטראָגן, דערפאַר בין איך נישט צוגעגאַנגען צו דיר, נאָר צום סיף האָב איך זיך אויסגעלערנט זיך צו אַכטן: דאָס קליינע מענטשעלע שטייט זיך שטאַרק — האָב איך געטראַכט."

איוואַן האָט זיך צום סוף אויסגעלערנט אַכטן דאָס קליינע מענ־טשעלע, נישט געאַכט האָט איוואַן דאָס קליינע מענטשעלע דאָס אַליאָ־שאַלע אין זיך אַזוי לאַנג, ווי ער איז געווען דער אויסגעהאַלטענער אינטעלעקטואַליסט, אַזוי לאַנג, ווי ער האָט ווי זיין אַ סך יינגערער פאַר אים ברודער אין גייסט, דער סטודענט ראַסקאָלניקאָוו, געדענקט, אַז אויב איך באַשליס געדאַנקלעך און מאַטעמאַטיש, אַז מען מעג און מען זאָל, וועלן שוין קיין אַנדערע כּוחות אינם גייסטיק־מענטשלעכן וועזן נישט איבעראַנדערשן דעם באַשלוס און זיי וועלן נישט פירן צו חרטה נאָך דעם אויספיר פונם באַשלוס. אַזוי לאַנג ווי איוואַן האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער פאָרמול, אַז „אַלץ איז דערלויבט", אַזוי לאַנג איז זיין גאַנצער אינטערעס בנוגע צו אַליאָשאַן געווען אַרי־בערצונעמען אים מיט דעם אינטעלעקט אויף זיין זייט, און אָפּצורייסן אים פון דעם פאָטער זאָסימאַ.

אָנגעהויבן אמת אַכטן אַליאָשאַן האָט איוואַן ערשט נאָך דעם, ווען די אַנדערע כּוחות אַ חוץ די אינטעלעקטועלע האָבן זיך געטון אַ הייב אין אים און האָבן פאַרפלייצט דעם אינטעלעקט זיינעם איבער אַלע זיינע העכסטע שפּיצן: ערשט נאָך דעם ווי ער האָט איינגעזען, אַז עס זענען פאַראַנען מיסטעריעס, וואָס, הגם דער אינטעלעקט קען זיי נישט דערקלערן, מוז ער זיי דאָך רעספּעקטירן און זיך רעכענען מיט

זיי — ערשט נאָך דעם האָט ער געקריגן אַכט פּאַרן קליינעם מיסטע־ריעזן מענטשעלע, וואָס שטייט זיך שטאַרק אויף דעם באָדן פון סינ־טעטישקייט, אָרגאַנישקייט און אימאַנענטקייט פון אַלע אויסדרוקן פון גייסט, אַזוי גוט ווי אויף דער אַבסאָלוטער אָרגאַנישער צונויפגעוואַקסנקייט פון גייסט און קערפּער.

ווען דער טויט פון זיין פאָטער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, אין וועלכן ער האָט אַ חלק דורך דעם, וואָס ער האָט „ערגעץ־וואו אין די טיפע־נישן פון זיין אונטערבאַוואוסטזיין פּאַר אַ לאַנגער צייט שטאַרק גע־וואונטשן, אַז ער זאָל געטויט ווערן — ווען דערדאָזיקער טויט לאָזט אויפשטיין אין אים געפילן און באַגריפן, וועגן וועלכע ער האָט פריער נישט געחלומט, ווילט זיך אים גאָר שטאַרק וויסן צי האָט אַליאָשאַ געוואוסט וועגן אָט דעמדאָזיקן מערדערישן וואונטש און פאַרלאַנג, וועלכער איז געלעגן אויף דעם גרונט פון דעם ים־פינסטער־ניש פון זיין נשמה.

„געדענקסטו — פרעגט ער אַליאָשאַן — ווען דמיטרי האָט נאָכן וואָרעמעס זיך אַריינגעריסן „אין הויז און אָנגעשלאָגן דעם טאַטן, און איך האָב נאָך דעם אויפן הויף געזאָגט. אַז דאָס „רעכט פון ווינטשן" לאָז איך איבער צו זיך — זאָג, האָסט אַ טראַכט געטון דעמאָלט, אַז איך ווינטש דעם טויט פון טאַטן, צי נישט?

„אַ טראַכט געטון" — ענטפערט אַליאָשאַ שטיל.

„דאָס איז אגב אַזוי געווען. דאָ איז נישט געווען, וואָס צו טרעפן. האָט זיך דיר אָבער דעמאָלט נישט אַ טראַכט געטון אויך דאָס, אַז איך וויל אייגנטלעך, אַז איין שרץ זאָל אויפעסן אַן אַנדערן שרץ, דאָס הייסט, אַז גראָד דמיטרי זאָל הרגענען דעם טאַטן, און דאָס וואָס גיכער... און אַז איך אַליין וואָלט זיך נישט אָפּגעזאָגט מיט־צוהעלפן?

אַליאָשאַ איז עטוואָס בלאַס געוואָרן און שווייגנדיק געקוקט דעם ברודער אין די אויגן.

„רעד־זשע — האָט אויסגעשריגן איוואַן — איך וויל מיט דער גאַנצער קראַפט וויסן, וואָס דו האָסט דעמאָלט געטראַכט, איך מוז האָבן דעם אמת, דעם אמת!

ער האָט שווער אַ צי געטון דעם אָטעם, קוקנדיק אויף אַליאָשאַן נאָך פון פריער מיט כּעס".

„זיי מיר מוחל, אויך דאָס האָב איך דעמאָלט געטראַכט", — האָט אַליאָשאַ אַ שעפּטשע געטון און איז אַנטשוויגן געוואָרן, נישט צוגעבנ־דיק קיין איין באַהויפּטונג, וואָס זאָל גרינגער מאַכן".

און פון דעמאָלט אָן האָט אַליאָשאַ געמערקט, אַז איוואַן האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק דערווייטערן פון אים. ער האָט אים עפּעס אַזוי ווי פיינט געקריגן, אַזוי, אַז אַליאָשאַ האָט אויפגעהערט קומען צו אים.

אָבער אויך פונדערווייטנס האָט איוואַן נישט אויפגעהערט צו אַכטן אַליאָשאַן, פּונקט ווי ער האָט קיינמאָל נישט אָנגעהויבן צו ליבן אפילו פון דער נאָענט. ער אַכט אים אויף אַזוי פיל, אַז אין דער נאַכט פון זיינע האַלוצינאַציעס, ווען ער שמועסט זיך דורך מיטן טייוול, און דער טייוול דערמאָנט אַליאָשאַס נאָמען, טוט איוואַן אַ געשריי: שווייג וועגן אַליאָשאַן, ווי וואַגסטו, לאָקיי!

עס איז אַליאָשאַ, וועלכער האָט לעצטנס אויפגעהערט קומען צו איוואַנען, וואָס קומט אים אָנצוזאָגן, אַז סמערדיאַקאָוו האָט זיך אויפגע־האָנגען, און איוואַן זאָגט אַליאָשאַן: דו ביסט געקומען און ער, דער טייוול, הייסט עס, איז אַוועקגעאַנגען. און ווי דער טייוול פירט אַזוי זיינע שמועסן מיט איוואַנען, אַז אָט איז ער אין די אויגן פון איוואַנען אַ קאָנקרעט געשטאַלט און אָט אַ סימבאָליש, דאָס הייסט, ער אַליין, אי־וואַן אין געשטאַלט פון טייוול — אַזוי אויך מאָלט דאָסטאָיעווסקי פאַר אונז אַליאָשאַן אַזוי, אַז אָט איז ער פאַר אונז מער אַ קאָנקרעט, ווי אַ סימבאָליש געשטאַלט: אָט איז ער פאַר אונז דער זון פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, דער ברודער פון דמיטרי און איוואַן, דער פריינט פון גרושענקאַ און קאַטיאַ, און אין אַלץ און צוזאַמען אַ לעבעדיקער מענטש בכּלל, און ער איז פאַר אונז מער סימבאָליש ווי קאָנקרעט גע־שטאַלט: אָט איז ער דער העכערער איך אין יעדן איינעם פון זיי און אין יעדן איינעם פון אונז, וואָס ווען ער באַווייזט זיך, טרעט אָפּ דער טייוול.

און נאָר ווען מען נעמט אַליאָשאַן אין דער זיגזאַגישער גע־שטאַלטישקייט פון סימבאָלישן און קאָנקרעטן, וואַקסט ער אויס אין אונ־

זערע אויגן צו אַן אומגעהייערער גרויסער קינסטלערישער געשטאַלט, ווי דאָס זענען דורכאויס די מער קאָנקרעטע ווי סימבאָלישע געשטאַלטן — איוואַן און קאַטיאַ, און נאָך מער פֿאַר זיי — דמיטרי און גרושענקאַ. אין אַלע פֿיר פֿון זיי איז פֿאַראַן אַ וועלט מיט כאַאָס. דער שלייער פֿון אָרדנונג אָבער, דורך וועלכן עס לייכטן אַרויס די אויגן פֿון כאַאָס, דערדאָזיקער שלייער פֿון אָרדנונג איז צום שטאַרקסטן אַנטוויקלט און אַרויסגעבראַכט אין די געשטאַלטן פֿון דמיטרי און גרושענקאַ. אי דמיטרי, אי גרושענקאַ האָבן זיך דורך ליבע, פּערזענלעכקייט און רעליגיעזיטעט דערשלאָגן פֿון כאַאָטישקייט צו קאָסמישקייט, פֿון זינד און דורך זינד צו דער העכסטער טוגנט און מיט און דורך זיי ביידן — דער זינד און דער טוגנט — צו דער העכסטער קולטור. זייערע הערצער האָבן אַריינגענומען גאָט אין זיך, און דערפֿאַר האָט ער איבער זיי נישט געקאָנט זיגן, ווייל עס וואָלט דאָך געמיינט אַ זיג איבער זיך אַליין. געזיגט האָט אָבער גאָט איבער איוואַנען, וועלכער, ווי מיר וועלן זען, האָט אַקצעפּטירט גאָט מיטן קאָפּ, און אים צוריקגעוויזן מיט זיין האַרץ.

אַליאָשאַ, איינדרימלענדיק ביים בעט פֿונם קראַנקן, פֿון דעם היץ רעדנדיקן איוואַנען, זאָגט צו זיך אַליין וועגן איוואַנען: „די ליידן פֿון גאווהדיקן באַשלוס, דאָס טיפֿע געוויסן! גאָט, אין וועמען ער האָט נישט געגלייבט, און דער אמת זיינער האָבן בייגעקומען דאָס האַרץ, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט אונטערגעבן".

אינטערעסאַנט אָבער און אָנרעגנדיק ביז גאָר זענען אי די קעפּ, אי די הערצער פֿון דאָסטאָיעווסקיס העלדן, סיי פֿון די, וואָס האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן מיט גאָט, סיי פֿון די, וואָס זענען אונטערגעגאַנגען, נישט קענענדיק בשום אופֿן שלום מאַכן מיט דער וועלט, וואָס ער האָט געשאַפֿן, און נאָך וויניקער מיט אַ וועלט, וואָס איז פֿון קיינעם נישט געשאַפֿן געוואָרן. דאָס אינטערעסאַנטסטע אָבער פֿון די פֿיר קאָנקרעט-סימבאָלישע געשטאַלטן, וועלכע מיר האָבן פֿריער דערמאָנט, איז דמיטרי און נאָך דמיטרין קומט גרושענקאַ. דאָס איז די גרושענקאַ, וועלכע האָט געפֿירט צום אויסדרוק און צו דער

אַנטפּלעקונג פון דמיטריס מוראַליק שטאַרקן כּוח צו ליבן, און דורך ליבע געשטויסן צו ווערן צו די העכסטע הויכן און טיפסטע טיפענישן.

צו זיי — צו די, דורך ליבע אויף אייביק און גייסט באַהעפטע, דמיטרי און גרושענקאַ — גייען מיר איצט אַריבער.

2.

## דמיטרי און גרושענקאַ

### א.

דמיטרי איז אַזוי פיל וואָלונטאַריסט, ווי זיין ברודער איוואַן איז אינטעלעקטואַליסט. דמיטרי פילט פריער דעם מענטש, די וועלט און גאָט; ער פילט און ליבט פריער דעם מענטש און די פאַרפלאָנטערטקייטן אין אים, די וועלט און אַלע אירע וואונדער, גאָט און אַלע זיינע מיסטעריען, און נאָכדעם ערשט טראַכט ער פון יעדן איינעם פון זיי באַזונדער און וועגן זיי אַלע אינאיינעם. דמיטרי פילט און ליבט דאָס לעבן ביז צו אַלע זיינע טיפענישן אויף דעם מעגלעך-אינטענסיווסטן אופן, ביז צו דער מעגלעכקייט פון אויסשליסלעכער איבערגעבנקייט צום לעבן, ביז צו דער פאַרגעסנקייט אָן אַלץ, ביז צו דער מעגלעכקייט אפילו פון אָפצוגעבן דאָס לעבן און זיך איבערגעבן דעם טויט צוליב אַ קלייןוויליקן געניוס פון דער טיפערער און שטאַרקערער פרייד פון לעבן. און ווי שטאַרק ער ליבט דאָס לעבן, אַזוי שטאַרק קאָן ער ליב האָבן דעם טיפערן זעלבסט אין זיך; און ווי שטאַרק ער פילט דאָס לעבן, אַזוי שטאַרק פילט ער אָט דעם טיפערן זעלבסט אין זיך, און אויס רעספעקט צו דעמדאָזיקן זעלבסט קאָן ער מקריב זיין מיט אַלץ: מיט זיין לעבן גופא, מיט זיין אייגענעם, אַזוי גוט ווי מיט דעם אַנדערנס; און ווי ער קען ליבן דאָס לעבן און זיין טיפערן זעלבסט, אַזוי גוט קען ער ליבן און האַסן דעמיעניקן אָדער די-יעניקע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט זיין גאַנצן זעלבסט, זיין פערזענלעכקייט. ער פילט, ליבט און רעספעקטירט אַזוי שטאַרק דאָס לעבן אַרום אים און אין אים און די פערזענלעכקייט, וועלכע ער פילט, אַרויסשלאָגנדיק פון דעם לעבן אין דער זעלביקער מאָס, ווי ער פילט דאָס לעבן אַרויסשלאָגנדיק פון זיין

פערזענלעכקייט, אַז ער קען נישט אַנדערש, ווי פילן אַ העכערע פערזענלעכקייט, אָן וועלכער זיין פערזענלעכקייט איז אָנגעקניפּט און אָנגעבונדן. און פילנדיק, ליב האָבנדיק און רעספּעקטירנדיק זיין לעבן און זיין פערזענלעכקייט, ווערט ער דורך דעם געפירט נאָך שטאַרקער צו פילן, צו ליבן און צו אַכטן די העכסטע פערזענלעכקייט, דעם אורקוואַל פון דעם, אין וואָס ער איז פאַרקאָכט און וואָס שטורעמט אין אים, אַרום אים און איבער אים — דעם אורקוואַל, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען גאָט.

דמיטרי איז וואָלונטאַריסט פאַר עקסעלענץ. ער איז אַזוי ווייט פון אינטעלעקטואַליזים, ווי זיין ברודער איוואַן איז פון וואָלונטאַריזים. און עס איז דער וואָלונטאַריזים אין אים, וואָס האָט אים געמאַכט אין דער „ווירקלעכקייט" ליב צו האָבן אַליאָשאַן — דעם סימבאָל פאַר דער דאָסטאָיעווסקישער העכסטער קולטור־זעעוודיקייט אין דעם מענטש. קולטור איז אַזוי דורך און דורך וואָלונטאַריסטיש, ווי די ציוויליזאַציע איז אינטעלעקטואַליסטיש. דמיטרי איז אין זיין גאַנץ וועזן און באַנעם אַזוי קולטוריש, ווי איוואַן איז ציוויליזאַציש. דמיטרי פילט דערפאַר, ווי מיר האָבן געזען, ווי צודריקן צו זיין בוזעם ביז צום צעקוועטשן אַליאָשאַן. דער ציוויליזאַציע־אינטעלעקטואַליסטישער איוואַן איז בכלל נישט פעיק אויף אַזעלכע עקסטאַזן, און בנוגע אַליאָשאַן אוודאי נישט. ער קען אים בלויז אַכטן. דמיטרי אָבער גייט פשוט אויס פון ליבע צו אַליאָשאַן.

און אַ חוץ אַליאָשאַן ליבט דמיטרי נאָך אויך גרושענקאַן, און ער ליבט זי מיט אַ גרויסער און שטאַרקער ליבשאַפט. און ווער איז די גרושענקאַ, די צווייטע צו אַליאָשאַן, וואָס זי האָט דמיטרי אַזוי שטאַרק ליב? זי איז, ווי דמיטרי אַליין רופט זי אָן, אַ „שליוכע". און אויך דידאָזיקע ליבע זיינע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם וואָלונטאַריסט דמיטרי, כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם, וואָס גייט נאָך דער נשמה מער ווי דעם שכל, וואָס לאָזט דאָס האַרץ פיר דעם קאָפּ, און נישט דעם קאָפּ דאָס האַרץ, און כאַראַקטעריסטיש פאַר דאָסטאָיעווסקין איז דאָס, וואָס ער לאָזט די נשמה און נישט דעם שכל, דאָס האַרץ און נישט דעם קאָפּ בלייבן גערעכט. דמיטרי ווייסט, אַז גרושענקאַ איז פאַרפירט געוואָרן צו זיבעצן יאָר, און ער ווייסט אויך, אַז זי האָט נאָך ליב דעם, וועלכער

האָט זי פאַרפירט, און אַז זי האָפט נאָך זיך צו טרעפן מיט אים — מיט
דעם איינאונאיינציקן אין דער וועלט, וואָס קאָן זי פאַר איר אַליין און
פאַר דער וועלט אַרויספירן פון דער פאַרפירערישקייט. דמיטרי ווייסט
דאָס אַלץ מיטן קאָפּ. אָבער נישט געקוקט אויף דעם גאַנצן קאָפּ-וויסן,
האָט זיין האַרץ זיך אַ צי געטון צו איר אַזוי, ווי עס איז נאָך נישט
געצויגן געוואָרן צו קיינער פון די זייער און זייער פיל פרויען, וואָס
דמיטרי האָט דערוואוסט און דערקענט אויף אַלערליי אינטימע אופנים.
און דמיטרי לאָזט זיך אָן אָפּהאַלט און אָן צוריקהאַלט באַהערשט צו
ווערן פון דעמדאָזיקן צי, אַלץ אין לעבן, וואָס איז אים ליב און טייער,
און דאָס לעבן אַליין, שטעלט ער אין קאָן צוליב דער ליבע צו
גרושענקאַן.

„איך ליב נאָר דיך איינעם — זאָגט ער צו אַליאָשאַן — נאָר דיך
איינעם, און נאָך איין „שליוכע“, אין וועלכער איך האָב זיך פאַרליבט, און
דערמיט בין איך אַ פאַרפאַלענער. מאָרגן פלי איך פון די וואָלקנס דערפאַר,
וואָס מאָרגן וועט זיך דאָס לעבן ענדיקן און אָנהייבן. האָסטו דאָס געפילט,
האָסטו דאָס געזען אין חלום, ווי מען פאַלט אין גרוב פון אַ באַרג? נו,
איז איצט פלי איך, נישט אין שלאָף, און איך האָב קיין מורא נישט,
און דו האָב קיין מורא נישט, דאָס הייסט איך האָב מורא, אָבער עס איז
מיר זיס, דאָס הייסט נישט זיס, נאָר אַ פרייד... נו, צום טייוול, אַלץ
איינס, וואָס עס זאָל נישט זיין, שטאַרקער גייסט, שוואַכער גייסט,
פרויאישער גייסט — וואָס עס זאָל נישט זיין! לאַכן, לעבן, לויבן די
נאַטור! זע, וויפיל זונשיין, דער הימל ווי ריין, די בלעטער אַלע גרין,
נאָך אינגאַנצן זומער, פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג, שטילקייט!“

דמיטרין איז אַלצאיינס, וואָס עס זאָל נישט זיין, שטאַרקער גייסט,
שוואַכער גייסט, פרויאישער גייסט — אַלצאיינס וואָסער אַ גייסט. איין
זאַך, זעט אויס, פילט מיטיאַ, און דאָס איז, אַז עס איז גייסט. ער פילט
מיט אַלץ אין אים, אַז זיין פאַרליבטקייט אין דער, וועלכע ווערט פון
פיל באַטראַכט פאַר אַ שליוכע, האָט, פאַר אומדערקלערבאַרע צו אים
אורזאַכן, אויפגעשלאָגן אין אים אַ שטאַרקע גייסטיקייט, און דערפאַר
זאָגט ער: „נישט זיס, נאָר אַ פרייד“ — אַ פרייד מסתמא, וואָס פון
איר קוואַליטעט ווייסן נאָר די, וואָס קענען די קונסט — און עס איז

אַ סך אַ גרעסערע קונסט, ווי גאָר אַ סך שטעלן זיך עס פאַר — די קונסט פון ליבן.

און אַז מיטיאַ איז פעיק אויף גייסטיקן אויפשלאָג און אויפשטייג, זעען מיר פון זיינע ווייטערדיקע האַרץ־און נשמה־אויסגוסן פאַר אַליאָשאַן.

„פריינט, פריינט — זאָגט ער צו אַליאָשאַן — דענקט נישט, אַז איך בין בלויז אַ כאַם פון ראַנג פון אַן אָפיציר, וועלכער טרינקט און הוליעט אין אויסגעלאַסנקייט. איך, ברודער, טראַכט כמעט נאָר וועגן יענעם געפאַלענעם מענטש, און איך טראַכט וועגן יענעם מענטש דערפאַר, ווייל איך אַליין בין אַזאַ מענטש — — — און אין די טיפענישן פון שאַנד און חרפה הייב איך אָן מיטאַמאָל אַ ליוב־געזאַנג. זאָל זיין איך בין פאַרשאָלטן, זאָל זיין איך בין נידעריק און נידערטרעכטיק, זאָל איך אָבער אויך קושן דעם זוים פון יענעם שלייער, אין וועלכן מיין גאָט איז איינגעוויקלט. זאָל זיין, אַז איך גיי אין דער זעלביקער צייט אין די פוסטריט פונם טייוול, בין איך פונדעסטוועגן אויך דיין זון, מיין האַר, און איך האָב דיך ליב, און איך פיל די פרייד, אָן וועלכער די וועלט קאָן נישט שטיין און זיין".

יאָ, צו פילן די פרייד אפילו פון די לייד, צו פילן און צו ליבן די זעליקייט, וואָס ווי אַ גרעזעלע צווישן שטיינדעלעך שלאָגט זיך אָפט דורך צווישן פיין, צער און אומגליק — אַזאַ פילן כאַראַקטעריזירט די נשמות פון די סינטעטיש־אימאַנענטע, וואָלונטאַריסטיש־קולטורישע מענטשן, וואָס זיי סימבאָליזירט און קאָנקרעטיזירט דמיטרי קאַראַמאַזאָוו.

אָט זענען נאָך עטלעכע באַהויפּטונגען פון דמיטריס אויסגוסן פאַר אַליאָשאַן, וועלכע שפיגלען אָפּ און אַנטפּלעקן פאַר אונז מיטיאַס נשמה, מיטיאַס גאַנץ גייסטיק וועזן און אין דער זעלביקער צייט אויך די נשמה און דעם גייסט פון דאָסטאָיעווסקין אַליין, און דורך אים די טיפענישן פון דער נשמה און דעם גייסט פונם רוסישן פאָלק, און צולעצט אויך — ווי איך בין אין דעם איבערצייגט — ביז צו גאָר אַ גרויסן גראַד די ריכטונג, וואָס אין איר וועט גיין מער און מער די נשמה און דער גייסט פון דעם מענטש, וואָס וועט קומען.

„תאווהדיקע לוסט — זאָגט דמיטרי צו אַליאָשאַן — איז אַ שטורעם, מער ווי אַ שטורעם! שיינקייט איז אַ מוראדיקע שרעקלעכע זאַך!

אַ מוראַדיקע — מחמת זי איז נישט דערגרונטעוועט געוואָרן און קאָן נישט דערגרונטעוועט ווערן, מחמת גאָט האָט פאַרגעבן בלויז רעטענישן. דאָ גייען זיך די ברעגן צונויף, דאָ וואוינען אין איינעם אַלע ווידערשפרוכן. איך, ברודער, בין זייער נישט געבילדעט, נאָר איך האָב אַ סך וועגן דעם געטראַכט! אָ, שרעקלעך־פיל געהיימנישן, צופיל רעטענישן דריקן דעם מענטש אויף דער ערד! — — — — שרעקלעך איז דאָס, וואָס די שיינקייט איז נישט נאָר אַ מוראַדיקע, נאָר אויך אַ געהיימע זאַך. דאָ קעמפט דער טייוול מיט גאָט, און דאָס שלאַכט־פעלד איז דאָס האַרץ פון מענטש".

„דאָ גייען זיך די ברעגן צונויף, דאָ וואוינען אינאיינעם אַלע ווידערשפרוכן!" — דאָס איז ווידער אַן עכט־כאַראַקטעריסטישע באַהויפטונג, אַ כאַראַקטעריסטישער אויסדרוק פון אַ סינטעטיש־אימאַנענטער און קולטוריש־וואָלונטאַריסטישער נשמה — — פון אַ נשמה, וואָס אין אַזאַ אָדער אַן אַנדערן עקסטאַז אירן, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדערער אינספּירירטער דערהויבונג דערפילט זי די אוניווערסאַלע גאַנצקייט און די גאַנצע אוניווערסאַלקייט. זי פילט, זאָל זיין אויף איין הרף עין, דאָס אַבסאָלוטע צונויפגיין זיך פון אַלע פונאַנדערגייאונגען און דעם אַבסאָלוטן אויפלייז פון אַלע אומלייזבאַרע ווידערשפרוכן און פון די זיך ווידערשפרעכנדיקע אומלייזבאַרקייטן. נישט געווען איז קיין איין מאָמענט אַזאַ אין די לעבנס נישט פון דעם געבילדעטן אינטעלעקטואַליסטישן איוואַנען און נישט פון דער קיינמאָל נישט פאַרפירטער קאַטיאַן; אַ סך אַזעלכע מאָמענטן, אָבער, זענען געווען אינם לעבן פון דעם לעב־יונג מיטיאַ און דער „שליוכע" גרושענקאַ.

איוואַן און קאַטיאַ האָבן ווייניקער פאַר גרושענקאַן און מיטיאַן געפילט דעם טייוול, דערפאַר אָבער האָבן זיי אויך ווייניקער פאַר זיי געפילט גאָט, און זייערע הערצער האָבן נישט זוכה געווען צו ווערן דאָס קאַמף־פעלד צווישן דעם טייוול און גאָט — אַ קאַמף, וואָס לייטערט די נשמה און דעם גייסט און דערמעגלעכט זייער שטייגן צו אומגעהייערע הויכן און דערהויבנקייטן.

אַזאַ אָבער נשמה־און גייסט־לייטערנדיקער קאַמף, וואָס איז פול מיט אַלערליי מעגלעכקייטן פאַר אַלערליי שטייגערונגען, איז מעגלעך נאָר אין דעם האַרץ, אין דער נשמה און אין דעם גייסט פון אַ מוראַדיק

שטאַרקער פּערזענלעכקייט. און דאָ קומען מיר צו אַ וואָרט אָדער אויסדרוק, וואָס איז אפשר דער שווערסטער פון אַלע ווערטער און אויסדרוקן דעפינירט צו ווערן. פון די קינסטלער, וואָס איך ווייס, האָט איינער בלויז דערפילט די אומדעפינירטבאַרקייט און די מיסטעריעזקייט פון דעם, וואָס מען רופט אָן פּערזענלעכקייט. ער איז איינער פון די קינסטלער, וואָס האָט דערפילט די שווערקייט פון צו זאָגן, וואָס איז אַזוינס פּערזענלעכקייט און פון אָנצוּווייזן אויף דערדאָזיקער שווערקייט. דער־דאָזיקער קינסטלער איז טאָמאַס מאַן. און אָנגעוויזן האָט ער אויף דעם אינם ווערק „צויבער־באַרג“, צו וועלכן מיר וועלן קומען שפּעטער.

צוויי טיפּן, אין פיל הינזיכטן ענלעך צו איוואַנען און דמיטרין, לאָזט מאַן פיגורירן אויף יעדן זייטל כמעט פון דעמדאָזיקן ווערק. דאָס זענען די טיפּן סטעמבריני און נאַפטאַ. יעדער איינער פון די צוויי באַזיצט אַ סך ערודיציע, ביידע זענען זיי אויסערגעוויינלעך פעיקע און אין פולן זין פון וואָרט געלערנטע מענטשן, מענטשן, וואָס ווערן געמאַטערט אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל פון אָן אַ שיעור הויכע און וויכטיקע פּראָבלעמען; מענטשן, וואָס זיי לאָזט מאַן סימבאָליזירן מיט זיך צוויי גרויסע שטראָמען אין דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט. און אָט קומט פּלוצלינג אַראָפּ אויף דער זעלביקער אַרענע אויף אַ קורצער ווײַלע איינער מיט דעם נאָמען מאַנהיר פּיפּערקאָרן. דערדאָזיקער הער פּיפּערקאָרן איז נישט קיין איבעריק פעיקער, נישט קיין געלערנטער, זיין גאַנצע ערודיציע קאָן זיך אויפהאַלטן אויפן שפּיץ פון אַ מעסער. ער פאַרנעמט זיך נישט מיט קיינע פּראָבלעמען, קערט נישט קיין וועלטן מיט זיין צונג וועגן דער מענטשהייט, קורץ, אַרום און אַרום, דאַכט זיך, אַ גאַנץ געוויינלעכער און פּשוטער מענטש. און דאָך, נישט געקוקט אויף די אַלע חסרונות זיינע לגבי די מעלות פון סטעמבריני און נאַפטאַ, נעמט עס גאָרנישט לאַנג און זיי אַליין, ווי אויך זייער פריינט און תּלמיד האַנס קאַסטאָרפּ, דערפילן זיך ווי קליינינקע קינדער אין דער אָנוועזנהייט פון מאַנהיר פּיפּערקאָרן. פּיפּערקאָרן רעדט ווייניק, אָבער פון יעדן וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס, דערפילט זיך אַ שטאַרקייט און קרעפטיקייט, אַ מאַכט און אַ ווילן איינצושטעלן זיך פאַר דעם זין און מיין פון דעם אַרויסגעזאָגטן וואָרט, און צו לאָזן די טאַט אין פולסטן גאַנג נאָכצופאָלגן, צו פאַרטיידיקן און צו רעאַליזירן דאָס וואָרט.

און דערדאָזיקער ווילן, דידאָזיקע מאַכט שפּיגלען זיך אָפּ און דריקן זיך אויס אַזוי קלאָר אין יעדן ריר און אין יעדער באַוועגונג פון דעם מוסקולי־סטן פיזיש־שטאַרקן פּיפּערקאָרן, אַז ער פאַראינטערעסירט יעדן איינעם מיט זיין זשעסט בלויז אַ סך מער, ווי סטעמברינגי און נאַפטאַ מיט זייערע גאַנצע בערג מיט ווערטער. פּיפּערקאָרן פילט אַזוי שטאַרק זיין אייגענע זעלבסטקייט, אַז ער רופט אַרויס מאָמענטאַל אַן אַכטונג צו זיך פון אַלע אַרום אים. אַלע פילן, אַז דאָ איז אַ פּערזענלעכקייט, הגם קיינער פון די אַלע אַרום וואָלט נישט געקאָנט זאָגן, וואָס דאָס איז אַזעלכעס פּערזענלעכקייט, וואָס זענען אירע שטריכן אָדער איר הויפּט־שטריך און וואָס מאַכט איינעם יאָ דערפילט ווערן ווי אַ פּערזענלעכקייט און דעם אַנדערן נישט.

עס נעמט נישט לאַנג און דער תּלמוד און פריינט פון סטעמברינגי און נאַפטאַ, האַנס קאַסטאָרפּ, דערפילט, אַז ביידע רביים און פריינט זיינע זענען קאַרליקעס לגבי פּיפּערקאָרענען, און ער שעמט זיך נישט צו פרעגן דעם גרויסן געלערנטן און אָראַטאָר סטעמברינגי, אויב ער קען לייקענען, אַז פּיפּערקאָרן פאַרשטעקט זיי אַלע אין אַרבל. „ער האָט — זאָגט קאַסטאָרפּ — אַ רעכט צו לאַכן פון אונז אַלע, אָבער פון וואַנען נעמט ער דאָס? פון וואַנען קומט דאָס? ווי מאַכט ער עס? עס איז זיכער נישט דאָס, וואָס ער איז קלוג. איך בין זיכער, אַז מען קען נישט רעדן וועגן זיין קלוגשאַפט. ער קען קוים רעדן. עס איז מער גע־פיל מיט אים. געפיל איז זיין שטריך — — — אָבער, וואָס עס זאָל נישט זיין, דער רעזולטאַט איז אַ דינאַמישע ווירקונג. ער פאַרשטעקט אונז אַלע אין אַרבל. מיר האָבן בלויז איין וואָרט פאַר דעם — פּער־זענלעכקייט — — — איך רעד וועגן דער מיסטעריע פון פּער־זענלעכקייט".

און ווי קרעפטיק און מעכטיק פּיפּערקאָרן האָט געלעבט און ווי שטאַרק און טיף ער האָט געליבט דאָס לעבן, אַזוי מעכטיק, קרעפטיק און מוטיק האָט ער זיך גענומען דאָס לעבן, און ער האָט זיך איבער־געגעבן צום טויט ליבערשט, איידער אַ פאַרעלטערטער און קראַנקער צו שפּילן די צווייטע פידל ביי זיין געליבטער קלאַוודיען, וואָס זי האָט אויך שטאַרק ליב האַנס קאַסטאָרפּן.

דעם טאָג פאַר דער נאַכט, אין וועלכער ער טראָגט זיך פּרייווי־

ליק אַריבער אויף יענער וועלט, פאַרברענגט ער אויף אַ פריילעכן און מונטערן אופן אין זיין שטענדיקער געזעלשאַפט, אויף גאָטס שיינער און פרייער נאַטור, און ער טרינקט אַ טאָאַסט צו די וואַסערן, וואָס קייקלען זיך אַראָפּ אויף אַ רעשיקן, ברויזנדיקן און שטורעמדיקן אופן פון אַ גאָר הויכן פעלז. ער רעדט און זשעסטיקולירט מיט דער גאַנ-צער קראַפט זיינער צו די וואַסערן און צו דער גאַנצער נאַטור, ווי ער וואָלט געפילט אין איר די זעלבע לעבעדיקע קראַפט, וואָס האָט גע-רעשט און געברויזט אין אים זיין גאַנצן לעבן — גערעשט און גע-ברויזט מיט אַזאַ קרעפטיקייט, אַז עס איז אים געבליבן נאָך איצט אויף דער עלטער און אין דער קראַנקהייט גענוג קראַפט צו שטאַרבן אַזוי מוטיק און קרעפטיק און אומדערשראָקן, ווי ער האָט געלעבט. דער טויט פון פיפערקאָרענען, זיין צוטריט צו אים, האָט נאַטירלעך נאָך פאַר-גרעסערט די מיסטעריעזקייט פון דער פערזענלעכקייט אין די אויגן פון האַנס קאַסטאָרפּ.

פון די דריי מיסטעריען — די מיסטעריע פון ליבע, די מיסטע-ריע פון פערזענלעכקייט און די מיסטעריע פון רעליגיעזיטעט, וואָס מיט זיי אַלע איינינעם און מיט יעדער איינער פון זיי באַזונדער זע-נען געווען דורכגענומען און דורכגעדרונגען די נשמות פון מיטיאַ און גרושענקאַ — פון די דריי מיסטעריען, וואָס האָבן געפירט דערצו, אַז פון דעם שרעקלעכן כאַאָס פון זייער נשמה זאָל אַרויסזעצן אַ גראַנ-דיעזער קאָסמאָס; פון די דריי מיסטעריען, וועלכע האָבן געפירט מי-טיאַן און גרושענקאַן פון היהשקייט צו געטלעכקייט — איז די מיסטע-ריע פון פערזענלעכקייט — די מיסטעריע, וועלכע דאָסטאָיעווסקי לאָזט אין זיין ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו" זיך אַנטוויקלען פילפאַרביקער און פילזאַפטיקער פאַר די אַנדערע מיסטעריען. אין דער אַנטוויקלונג פון דערדאָזיקער מיסטעריע דערגרייכט דאָסטאָיעווסקיס אָריגינעלקייט און טיפקייט זייער העכסטן פונקט אין דעמדאָזיקן ווערק.

די ערשטע פאַרוואַנדלונג פון כאַאָס אין קאָסמאָס אין דער גע-שטאַלט פון דמיטרין קומט פאָר אַ דאַנק דמיטריס געפיל פון זיין זעלבסט-קייט, אַ דאַנק זיין דערפיל פון אַן אויסערגעוויינלעכן רעספעקט צו זיין טיפערן זעלבסט — אַ דערפיל פון אַ זעלבסטקייט און רעספעקט צו איר, וואָס נאָר אַ פערזענלעכקייט קאָן זי פאַרמאָגן אין דעם גראַד,

אין וועלכן דמיטרי האָט עס פאַרמאָגט. דער דערפיל פון דערדאָזיקער מיסטעריע, וואָס וואַקלט זיך אַרום פערזענלעכקייט, קומט צו מיטיאַן אין זיין צונויפטרעף מיט יעקאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ — אַ צונפויטרעף. וואָס ווערט די אַקס, אַרום וועלכער עס דרייען זיך כמעט אַלע געשעענישן און פאַסירונגען, וואָס שטעלן צונויף דאָס ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו". דמיטרי קאַראַמאַזאָוו איז דער אָפיציר, וועלכער טרינקט און הוליעט אין אויסגעלאַסנקייט, איין אויסגעלאַסנקייט אויסגעלאַסענער פאַר דער אַנדערער. קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַ, אַ שיין יונג מיידל, איז די טאָכטער פון אַ פּולקאָווניק, וועלכער האָט פאַרטאַכלעוועט עטלעכע טויזנט רובל רעגירונגס־געלט און דאָס שמעקט מיט גרויס געפאַר פאַר יעקאַטערינעס פאָטער. ער האָט שוין אפילו געמאַכט נישט קיין געלונגענעם פאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד.

באַלד נאָכדעם ווי דמיטרי האָט זיך דערוואוסט וועגן געלט, וואָס פעלט אויס דעם פּולקאָווניק, האָט ער געזאָגט קאַטיאַס שוועסטער, אַז ווען קאַטיאַ, דאָס שיינע יונגע מיידל, וועט קומען צו אים איינע אַליין, וועט זי קריגן פון אים דאָס געלט און אַלץ וועט זיין בסוד. נאָכדעם פאַרזוך פון פאָטער צו באַגיין זעלבסטמאָרד, קומט אַריין איינמאָל אַ פאַרנאַכט קאַטיאַ צו דמיטרין און זאָגט: „מיין שוועסטער האָט מיר געזאָגט, אַז איר וועט מיר געבן פינף טויזנט רובל, ווען איך וועל אַליין קומען נאָך זיי. איך בין געקומען". און אָט ווי דמיטרי דערציילט אַליאָשאַן וועגן דעם, וואָס עס האָט ווייטער פאַסירט:

„— — — אָפגעמאָסטן האָב איך זי מיטן אויג. האָסט זי געזען? זי איז דאָך אַ שיינהייט. נישט דערמיט איז זי אָבער געווען שיין דעמאָלט. שיין איז זי געווען אין יענער מינוט דערמיט, וואָס זי איז נאָבעל און איך אַ געמיינער קערל. זי אין דער גאַנצער גרויסקייט פון איר גוטהאַרציקייט פון אָפפער פאַרן פאָטער, און איך — אַ וואַנץ. און אָט פון מיר, דער וואַנץ און געמיינעם קערל, הענגט זי אינגאַנצן אָפ. אין גאַנצן אַרום און אַרום, מיט איר נשמה און איר קערפער, אַן אַריינגעקלאַמערטע. איך וועל דיר זאָגן אָפן: דערדאָזיקער גיפטיקער געדאַנק האָט אַזוי פאַרכאַפּט מיין האַרץ, אַז עס איז שיעור נישט אויסגעגאַנגען פון אַנגסט בלויז. עס האָט אויסגעזען, אַז עס האָט שוין גאָר קיין קאַמף נישט געקענט זיין: נאָר האַנדלען ווי אַ וואַנץ, אַ גיפטי־

קער שפּין. אָן אַ פונק פון רחמנות. — — — איבערגעהאַקט האָט זיך בײַ מיר דער אָטעם אַפילו. הער! איך װאָלט נאַטירלעך מאָרגן נאָך געקומען בעטן איר האַנט, כּדי צו פאַרענדיקן עס, אַזױ צו זאָגן, אױף דעם אָנשטענדיקסטן אופן. און עס זאָל קײנער אַלזאָ דערפון נישט װיסן, און קײנער װאָלט נישט געקענט װיסן, מחמת איך בין אַ מענטש, הגם מיט בידעריקע באַגערן, אָבער אַן ערלעכער. און פּלוצלינג האָט מיר אין דער זעלביקער סעקונדע עמעצער אַ שעפּטשע געטון אין אויער: אָבער מאָרגן װעט דאָך אַזעלכע, װען דו װעסט קומען בעטן איר האַנט, נישט אַרױסגײן אַפילו צו דיר, זי װעט הײסן דעם קוטשער אַרױסװאַרפן דיך פון הויף. „פאַרשפּרייט עס אַפילו איבער דער גאַנצער שטאָט, — װעט זי זאָגן, — איך האָב פאַר דיר קײן מורא נישט!“ אַ קוק געטון האָב איך אויפן מײדל, נישט אָפּגענאַרט האָט מיך די שטים. זיכער אַזױ, אַזױ װעט עס זײַן, איך האָב געקאָנט זען פון איר איצטיק פּנים. אַז מען װעט מיך הײסן גײן. — — — װעסט מיר גלױבן, קײנמאָל איז עס בײַ מיר מיט קײן אײנער נישט געװען, מיט קײן אײן פרוי, אַז איך זאָל אין אַזאַ מינוט קוקן אויף איר מיט האַס. און אָט שװער איך, אויף דער האָב איך געקוקט אַ דרײַ אָדער פינף סעקונדן מיט אַ שרעקלעכן האַס — מיט דעם זעלביקן האַס, װאָס פון אים איז צו דער ליבע, צו דער װאַנזיניקסטער ליבע איין האָרעלע בלויז! איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער, צוגעלײגט דעם שטערן צום פאַרפרוירענעם גלאָז, און איך געדענק, אַז דאָס אײַז האָט װי מיט פײַער מיר געבערנט דעם שטערן. לאַנג זי נישט פאַרהאַלטן, האָב נישט קײן מורא, זיך אויסגעדרײט, צוגעגאַנגען צום טיש, געעפנט דעם שיפלאָד, אַרױסגענומען אַ באַנק־װעקסל אויף פינף טויזנט דאָלאַר (עס איז געלעגן אין אַ פראַנצויזישן װערטערבוך), נאָכדעם האָב איך עס איר געוויזן, שווייגנדיק צונויפגעלייגט, אָפּגעגעבן, געעפנט איר די טיר אין דורכגאַנג אַרײַן און אָפּטרעטנדיק אַ שפּאַן צוריק, זיך אַ בייג געטון ביז צום גאַרטל אויף דעם רעספּעקטפולסטן און אײַנדרוקפולסטן אופן. גלײב מיר, זי האָט אַ ציטער געטון דורך און דורך, פאַר אַ סעקונדע נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון מיר, שרעקלעך בלאַס געװאָרן, װײַס אויף אַן אמת װי אַ טישטוך, און פּלוצלינג, אויך נישט אויסרעדנדיק קײן װאָרט, נישט מיט קײן אימפּעט, נאָר װײך, טיף און שטיל האָט זיך

אינגאַנצן אָנגעבויגן און מיר צו די פיס — מיטן שטערן צו דער ערד, נישט אויף אַ פּאַנסיאָנישן אופן, נאָר אויף אַ רוסישן, אויפגעשפּרונגען און אַנטלאָפן".

און אָט נאָר־וואָס זי איז אַרויסגעלאָפן, כאַפּט אַרויס דמיטרי זיין שווערד, ווייל זיך אַליין מיט איר דערשטעכן און האָט באַלד חרטה, און דערציילנדיק דאָס אַליאָשאַן, זאָגט ער צו אים: פאַרשטייסטו, אַז פון אַ געוויסער פרייד קען מען זיך דערהרגענען!"

גרויס איז געווען דמיטריס פרייד, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן גובר געווען דעם יצר־הרע. וואָס אָבער האָט מעגלעך געמאַכט פאַר דמיטרין גובר צו זיין דעם יצר־הרע דאָס מאָל? וואָס פאַר אַ מיסטעריע האָט זיך עס געשטאַרקט איבער דער מיסטעריע פון געשלעכט? דער ענטפער אויף דער פראַגע איז — די מיסטעריע פון דער פערזענלעכקייט: דער טיפערער זעלבסט פון דמיטרין האָט בשום אופן נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק און דעם געפיל, אַז אויף דעם באַפעל פון דערזעלביקער, וועלכע איז איצט אינגאַנצן אין זיינע הענט, וועט ער אָט שוין מאָרגן פון איר קוטשער אַרויסגעוואָרפן ווערן, אַרויסגעטריבן ווערן פון איר הויז. און דער זעלבסט פון דעם שיכור און אויסוואורף דמיטרי קען נישט, אויס רעספּעקט צו זיך אַליין, דערלויבן זיך צו קומען צו אַזאַ מדרגה — צו דער מדרגה פון באַליידיקט ווערן פון איינער, וועלכע, ווי אַ שיין יונג מיידל און אַ טאָכטער פון אַ פּולקאָווניק, האַלט זיך זיכער העכער פאַר אים. דער זיך רעספּעקטירנדער דמיטריס זעלבסט דיקטירט דעם אויסגעלאַסטענעם דמיטרי צו געבן דאָס געלט און לאָזן קאַטיאַן אַוועקגיין, אויף קיין האָר נישט קיין אָנגערירטע פון אים אין קערפּער.

„דאָס איז דאָס ערשטע „ציבעלקעלע", וואָס דאָסטאָיעווסקי דערלאַנגט דמיטרין און מאַכט זיך אים אויף אַ דערפּאָלגרייכן אופן ציען פון דעם פייערדיקן גרוב אין גן־עדן אַריין. דאָס איז, אויף ווי ווייט מיר דערוויסן זיך פון דמיטרין אַליין, די ערשטע גן־עדנדיקע פרייד, וואָס ער לעבט איבער אין זיין לעבן, די פרייד פון אַ מאָראַלישן זיג, פון אַ זיג, וואָס איז געקומען פון דעם טיפן רעספּעקט צו דעם טיפן זעלבסט, און וואָס איז אַן אויסדרוק פון פערזענלעכקייט. תיכף נאָכ־

דעם ווי קאַטיאַ און דמיטרי גייען זיך פונאַנדער, תיכף נאָך דעם זייער שיינעם און לייטישן פונאַנדערגיין זיך, לאָזט דער טיפער קינסטלער־פּסיכאָלאָג דאָסטאָיעווסקי דער מיסטעריע פון דער פּערזענלעכקייט זיך צונויפשטויסן מיט דער מיסטעריע פון געשלעכט, מיט דער מיסטעריע פון פרוי. דערדאָזיקער צונויפשטויס פירט ממש צו אַן אויפרייס פון אַלערליי מענטשלעכע עמאָציעס, געפילן, ווילנס און געדאַנקען, וואָס אין דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זייערע שאַטירונגען און ניואַנסן אי־בערשטייגן זיי אַלע קונסט־ווערק ביזן ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו".

קאַטיאַ, אַן אַבסאָלוט פיזיש אומבאַרירטע אין קערפּער פון דמיטרין, פילט זיך אָבער אַ באַרירטע אין גייסט. די גרייטקייט, מיט וועלכער זי איז געקומען זיך איבערצוגעבן צו דמיטרין, מאַכט זי צו פילן ווי אַ באַרויבטע פון איר אומשולד, און אין דערזעלביקער צייט אויך צו פילן, אַז נאָר דמיטרי קאַראַמאַזאָווס חתונה־האָבן מיט איר קאָן זי מאַכן צוריק ריין און אומשולדיק. דאָס געפיל פון דער נויטיקייט זיך צו ראַטעווען פלעכט זיך שוין פון זיך אַליין אַריין אין אַ מין פאַר־פירנדיקן זי ליבע־געפיל, און דאָסדאָזיקע פאַרפלאָנטערטע משונה־מאָד־נע געפיל דיקטירט דאָס פאָלגנדיקע בריוועלע פון איר צו דמיטרין:

„איך האָב אייך ליב ביז משוגעת, אפילו אויב איר האָט מיך נישט ליב — אַלץ איינס, זייט נאָר מיין מאַן, שרעקט זיך נישט, איך וועל אייך אין קיין זאַך נישט שטערן, וועל זיין אייער מעבל, דער טעפּיך אונטער אייערע פיס. איך וועל אייך אייביק ליב האָבן, איך וועל אייך ראַטעווען פון אייך אַליין".

און בעת מיטיאַ דערציילט דאָס אַליאָשאַן, רייסן זיך אַרויס נישט מיט זיין ווילן, און כמעט ווי מיט כעס, די פאָלגנדיקע פול מיט באַ־טייט ווערטער פון דמיטרין: זי האָט ליב איר ט ו ג נ ט, נישט מיך.

דמיטרי ווערט איינס און צוויי קאַטיאַס חתן, און דאָ שפּרינגט באַלד אונטער די צווייטע מיסטעריע — די מיסטעריע פון ליבע, אַ ליבע פון אַ מאַכט און אַ קראַפט, וועגן וועלכער דמיטרי האָט קיינמאָל אפילו נישט געחלומט, כאַפּט אַרום אַלע קעמערלעך פון דמיטריס נשמה, און פון דעם מאָמענט אָן צאַפּלט זיך מיטיאַס נשמה אין דעם קאַמף, וואָס די דריי מיסטעריען — די מיסטעריען פון ליבע, פּערזענלעכקייט

און רעליגיעזיטעט — פירן אַן צווישן זיך. און נאָך שטאַרקער איז די צאַפּלעניש און ראַנגלעניש פון זיין גאַנץ וועזן אין דעם קאַמף, וואָס גייט אַן צווישן די דריי מיסטעריעס אין איינעם גענומען מיט די איבעריקע אויסדרוקן פון זיין וועזן, און מיט אַלע מניעות, וואָס די וועלט אַרום שטעלט אין וועג די רעאַליזירונגען פון ליבע, פערזענלעכקייט און רעליגיעזיטעט.

## ב.

דמיטרי פאַרליבט זיך ביז איבער אַלע ראַנדן פון זיין נשמה אין גרושענקאַן. מאָמענטנווייז פאַרפלייצט דער ליבע־שטראָם די נידעריקסטע ווי די העכסטע שפּראָצונגען אין דעם וועזן, וואָס הייסט דמיטרי. אַלץ ווערט ווי דערטרונקען און פאַרשלונגען. דער שטאָלצער, פול אין אַלע הינזיכטן מיט זעלבסט־רעספּעקט, דמיטרי קאַראַמאַזאָוו, זאָגט צו אַליאָשאַן, רעדנדיק וועגן גרושענקאַן: „איך וועל זיין איר מאַן, אויב עס איז איר ווילן מיך צו האָבן. און ווען דער געליבטער וועט קומען, וועל איך גיין אין אַ צווייט צימער, איך וועל רייניקן אירע פריינטס קאַלאָשן, פונאַנדערבלאָזן דעם סאַמאָוואַר, ווערן זייער שיק־יינגל". און דאָס זאָגט דמיטרי, נישט וויסנדיק נאָך ווער און וואָס דידאָזיקע „שליוכע" גרושענקאַ איז, נישט וויסנדיק נאָך מיטן קאָפּ זיינעם, אַז גרושענקאַס נשמה איז גאָר־גאָר אין אַ סך הינזיכטן ווי פון איין מעטאַל געגאָסן מיט זיינער. דער איינציקער, וואָס האָט עס געוואוסט, ווען דידאָזיקע ווערטער פון אַליאָשאַן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון מיטיאַס נשמה, איז געווען דאָסטאָיעווסקי. אין דעמדאָזיקן פאַל האָט דאָסטאָיעווסקי געוואָלט ווייזן דעם אומווידערשטייַלעכן, אונטערבאַוואוסטזיניקן צי און דראַנג פון איין גרויסער און טיפער נשמה צו אַ צווייטער גרויסער און טיפער נשמה, פון איין אונטערגרונטיקער גרונטיקער פערזענלעכקייט, צו אַן אַנדערער אונטערגרונטיקער גרונטיקער פערזענלעכקייט. זייערע נשמות — די נשמה פון מיטיאַן און די נשמה פון גרושענקאַן — האָבן זיך מיט דער צייט פאַרייניקט אויף אייביק און שטענדיק ריין־גייסטיק דורך אַ זיך קיינמאָל נישט־רעאַליזירנדיקער ליבע. דער קוואַל פון דער־

דאָזיקער ליבע צווישן דעם „הפקר־יונג" מיטיאַ און דער „שליוכע" גרושענקאַ, איז געווען זייער ביידנס גלייך שטאַרקע ליבע צו דעם אַליאָשאַ אין יעדן איינעם פון זיי. זיי ביידע האָבן זיך גלייך געריסן צו אַ לעבן אַ שיינס, אַ לעבן אַ ריינס, אַ לעבן אַ פרייס, אַ לעבן פול מיט או סדרוק פון אַ פערזענלעכקייט, וועלכע איז אָנגעקניפּט אין אַן איבערפערזענלעכקייט.

גרושענקאַ איז פאַרפירט געוואָרן צו זיבעצן יאָר, געווען איז זי דעמאָלט אַ שוואַכינקע אין קערפער און אין גייסט. די האַנדלונג פון דעם גאָרנישט צו איר, וועלכע האָט געטרוימט אַ שיינעם ליבע־טרוים, דערוועקט אין איר אַ שרעקלעכן פאַרדראָס. דער פאַרדראָס לאָזט אַרויסשלאָגן צו דער אויבערפלאַך אַ שטאָלץ און רעספּעקט צו דעם טיפערן זעלבסט, און גרושענקאַ טוט אַלץ אין אירע כוחות אויף צו אַנטוויקלען ביז צו אַלע מעגלעכקייטן פון שיינקייט און שטאַרקייט איר קערפער, כדי צו דערשיינען אין דעם העכסט מעגלעכן פּראַכט און גלאַנץ פאַר דעם פאַרפירער אירן, ווען זי וועט אים נאָכאַמאָל טרעפן, ווי זי האָפט, אַז זי וועט. עס ווערט איר אידעאַל צו זיין אין דעם מאָמענט, ווען זי וועט אים טרעפן אַזוי שיין ווי מעגלעך, כדי צו ווייזן אים, אַז זי, גרושענקאַ, איז אַזוי שיין, אויב נישט שענער פאַר דער, וועלכע ער האָט איצט, און וועלכע ער האָט נישט פאַרפירט. און די שיינע, געזונטע, שטאַרקע און קלוגע גרושענקאַ האַלט זיך שיין און ווירדיק מיט דעם גרעסטן קאָנטראָל איבער זיך, און זי האַלט אין דער נויטיקער דיסטאַנץ פון זיך יעדן מאַן, וואָס ווערט פאַרליבט אין איר, און זי האַלט זיך אַליין אין דער נויטיקער דיסטאַנץ פון דמיטרין, צו וועמען עס האָבן זיך אין איר נשמה געעפנט אַלע קוואַלן פון ליבע. דאָס אַלץ טוט גרושענקאַ פאַר גאַנצע פינף יאָר. צוליב וואָס? אויף דער פראַגע ענטפערט זי צום סוף פון די פינף יאָר אַזוי: „צוליב דעם, אַז איך זאָל קאָנען געווען זיין שטאָלץ פאַר אים און צו האָבן דאָס רעכט אים צו זאָגן, אַז ער איז אַ לומפּ".

און ווען גרושענקאַ, נאָך אַ דערוואַרטונג און האָפנונג פון לאַנגע טעג און נעכט, טרעפט זיך מיט איר באַליידיקער, און דאָס ברעקעלע אילוזיע וועגן אים ווערט איינגאַנצן צערונען; ווען זי געפינט אין אים איינעם, אין וועמענס פרצוף עס ווילט זיך איר אַ שפּיי טון, און ווען

זי האָט שוין איצט דאָס פולע רעכט צו געבן דעם פולסטן אויסדרוק פון אירע געפילן צו מיטיאַן, וועלכער איז איצט לעבן איר, און וועל־כער איז פשוט ווילד פון ליבע צו איר, דעמאָלט קומט פאַר צווישן איר און מיטיאַן, וועלכע זענען ביידע אַ ביסעלע בגילופין, פאַלגנדיקס, ווי דאָסטאָיעווסקי דערציילט אונז:

„מיטיאַ האָט אַוועקגעלייגט גרושענקאַן אויפן בעט און האָט זיך איינגעזויגן אין אירע ליפּן מיט אַ קוש. „ריר מיך נישט אָן"... האָט זי געשטאַמלט מיט אַ בעטנדיקער שטים. „ריר נישט אָן, ביז איך בין נישט דיינע... איך האָב דיר געזאָגט איך בין דיינע, אָבער דו ריר מיך נישט אָן — שוין מיך... מיט יענע, אין זייער נאָענטקייט, טאָר מען נישט. ער איז דאָ פאַראַן. עס איז עקלהאַפט — — —

„איך וועל דיך פאָלגן, איך טראַכט נישט... איך פאַרגעטער דיך..." האָט געמורמלט מיטיאַ. „יאָ, דאָס איז עקלהאַפט, אָ, אָפשיילעך".

און נישט אַרויסלאָזנדיק זי פון זיינע אָרעמס האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל אויף די קני.

„איך וויים, כאָטש דו ביסט אַ חיה, ביסטו איידל", האָט שווער אַרויסגערעדט גרושענקאַ. „מען דאַרף עס זאָל זיין ערנהאַפטיק, אין דער צוקונפט וועט זיין ערנהאַפטיק — — אַז אויך מיר זאָלן זיין ערנהאַפטיק, אַז אויך מיר זאָלן זיין גוטע, נישט קיין חיות, נאָר גוטע. פיר מיך אַוועק, פיר מיך אַוועק, ווייט... דאָ וויל איך נישט, נאָר ווייט, ווייט — — —

„יאָ, יאָ, געוויס", — האָט זי געדריקט אין זיינע אָרעמס מיטיאַ — „איך וועל דיך אַוועפירן, מיר וועלן אַוועקפליען"...

און ווען מיטיאַ ווערט טאַקע באַלד אַרעסטירט און שפּעטער געמשפט אויפן פאַרדאַכט, אַז ער האָט דערהרגעט זיין פאָטער, וועל־כער איז אין דער אמתן דערהרגעט געוואָרן פון סמערדיאַקאָוון אויף דער איידעלער סוגעסטיע פון איוואַנען — זאָגט גרושענקאַ צו מיטיאַן: „געזאָגט דיר, אַז איך בין דיינע, און איך וועל זיין דיינע, וועל גיין מיט דיר אויף אייביק, וואוהין מען זאָל באַשליסן דיך צו שיקן". און וואָס גרושענקאַ זאָגט, דאָס טוט זי, און וואָס גרושענקאַ טוט, פאַר דעם טראָגט זי די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און אַלץ, וואָס זי זאָגט

און אַלץ, וואָס זי טוט, זאָגט זי און טוט, האָבנדיק איר אייגענעם טיפֿערן זעלבסט, ווי אַ מאָטיוו און אָנטרייב־קראַפֿט. אַלע אַנדערע גייען אַריין נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿיל זיי דערפֿילן זיך, אויף וויפֿיל זיי ווערן עמאַציאָנעל און אינטעלעקטועל טיילן, עלעמענטן אָדער אויס־דרוקן פֿון איר אייגענעם זעלבסט. זי פֿילט און באַטראַכט זיך אַלעמאָל און צו יעדער צייט, ווי אַ זעלבסטצוועק און אַזוי אויך פֿילט זי און באַטראַכט די אַנדערע אַרום זיך. קיין וואונדער נישט דערפֿאַר, וואָס ווען דאָסטאָיעווסקי לאָזט איין מאָל גרושענקאַן זיך טרעפֿן מיט קאַטיאַן, פֿילן מיר און מיר זעען, ווי גרושענקאַ שטייגט און טורעמט זיך מיט מער קעפּ נאָך איבער קאַטיאַן, ווי מייגהיר פּיפּערקאָרן — איבער סעמ־בריגין און נאַפּטאַן.

די מיטיאַ־און גרושענקאַ־ליבע גייט אַרויס פֿאַר אונזערע אויגן פֿון דער קאַטעגאָריע פֿון ליבעס, וועגן וועלכע עס רעדט קנוט האַמ־סון. די ליבע צווישן גרושענקאַ און מיטיאַ איז פֿון דעם מין, וואָס אויף דעם פּאַרוואָס אירן דאַרף מען נישט, ווי קנוט האַמסון זאָגט: פֿרעגן די שטערן, דעם ווינט און די חדשים פֿון יאָר. דאָסטאָיעווסקי לאָזט מיטיאַס און גרושענקאַס שוועסטער־גייסטיקייט, זייער נשמה־פֿאַר־וואַנדשאַפֿט זיך וואַרפֿן שטאַרק אין אונזערע אויגן, ווי אַן אורזאַך פֿאַר זייער דראַנג פֿאַר אַן אַלץ אַרומנעמענדיקער באַהעפֿטונג, וועלכע האָט זיך רעאַליזירט אויף אַן אַבסאָלוטן אופֿן בלויז גייסטיק און נישט פֿיזיש. דאָס איז געווען אַ באַהעפֿטונג, וועלכע האָט געשטאַרקט אין געפֿעסטיקט, דערהויבן און פֿאַרטיפֿט דעם גייסט און דאָס וועזן פֿון מיטיאַן, אַזוי גוט ווי פֿון גרושענקאַן, און דורך זייער שטאַרקנדיקער, קרעפֿטנדיקער, דערהויבנדיקער און פֿאַרטיפֿנדיקער איינער דעם אַנדערן ליבע, ווערט געשטאַרקט, אַנטוויקלט און שטייגט אין אַלע דימענסיעס די פּערזענלעכקייט פֿון יעדן איינציקן פֿון זיי און שטויסט דורך דעמ־דאָזיקן פּראָצעס אויך אונזער פּערזענלעכקייט צו העכערער און טיפֿע־רער אַנטוויקלונג.

מיטיאַס ליבע, אַלזאָ, צו דערדאָזיקער גרושענקאַ וואַרפֿט אים אַריין אין אַ שרעקלעכן קאַמף צווישן דער ליבע, מיסטעריע און פּער־זענלעכקייט־מיסטעריע און דורך איר אין אַלערליי פּאַרפֿלאָנטערטקייטן, וואָס פֿירן צו איבערמענטשלעכע ליידן און יסורים, איבערמענטשלעכן

צער און פּיין, וועלכע דערפירן מיטיאַן צו דער מדרגה פון אמתער איבערמענטשלעכקייט, צו דער מדרגה און צו דערפילן דעם געבורט פון דעם נייעם מענטש אין זיך און דורך אים צום דערפילן גאָט אין זיך און זיך אין גאָט.

דמיטריס פאָטער, דער אַלטער קאַראַמאַזאָוו, איז אויך פאַרליבט אין גרושענקאַן און איז אַנטשלאָסן זי צו קריגן. דאָס רופט אַרויס אַ צאָרן אויף דעם פאָטער אין דעם האַרץ פון דמיטרין, וואָס האָט גאָרנישט קיין גרענעץ. דאָס טרייבט אויך מיטיאַן צו דער נויטיקייט פון זיך גרייטן יעדע מינוט צו אַנטלויפן מיט גרושענקאַן, ווען נאָר זי וועט אויף דעם באַשטיין און אויף דעם דאַרף מען געלט און מען דאַרף זען, אַז דאָס געלט זאָל זיין אַלעמאָל גרייט, כדי נישט דורכצולאָזן דעם מאָמענט פון דער מעגלעכקייט פון צו ווערן איינס אין נשמה און גייסט מיט גרושענקאַן.

אָט גראָד דעמאָלט בעט קאַטיאַ דמיטרין, און ווי מיר וועלן געוואויר ווערן שפּעטער, נישט אָן קיין שלעכטער כוונה, אַז ער זאָל אָפּשיקן פאַר איר ערגעץ-וואו צו אירע שוועסטערס דריי טויזנט רובל. אָנשטאָט אָפּצושיקן דידאָזיקע דריי טויזנט רובל, נעמט זיי דמיטרי צו צו זיך, פאָרט אַוועק צו גרושענקאַן און אינאיינעם מיט איר פאַרהוליעט ער און פאַרשיכורט האַלב פון דעם געלט און אַ קלאַנג פאַרשפּרייט ער, אַז דאָס גאַנצע געלט איז געפּטרט געוואָרן. אַליין אָבער פאַרנייט ער די אַנדערע העלפט פונם געלט און טראָגט עס פון דעם מאָמענט אָן אויף זיין ברוסט ווי אַ קמיע.

און אָט וועגן דערדאָזיקער קמיע, וועגן דעמדאָזיקן געלט, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיין ברוסט, זאָגט ער צו אַליאָשאַן:

„דו קענסט מיך שוין! אַ געמיינער קערל, אַן אָנערקענטער געמיינער קערל! אָבער ווייס, וואָס איך זאָל נישט האָבן געטון פריער, איצט אָדער שפּעטער — קיין שום זאַך, קאָן זיך נישט פאַרגלייכן אין נידערטרעכטיקייט מיט יענער נידעריקייט, וואָס גראָד איצט, גראָד אין דערדאָזיקער מינוט טראָג איך אָט דאָ אויף מיין ברוסט דאָ, דאָ, איך ווייס עס וועט פּאַסירן, כאָטש איך בין לחלוטין פריי עס אָפּצושטעלן. איך קאָן עס אָפּשטעלן, אָדער דורכפירן, מערק

עס. טאָ ווייס־זשע, אַז איך וועל עס נישט אָפּשטעלן, איך וועל עס דורכפירן״.

די קמיע, דאָס זעקעלע געלט, וואָס הענגט אויף מיטיאַס ברוסט, ברענט ווי הייסע גליענדיקע קוילן טאָג און נאַכט דמיטריס נשמה און גייסט. זיין גאַנצער טיפסטער זעלבסט, זיין גאַנצע פּערזענלעכקייט פילט זיך אַ באַליידיקטע, אַ דערנידעריקטע ביז צו אירע אונטערגרונטיקסטע גרונטן פון דעם געלט אויף זיין ברוסט, פון דעם געלט, וואָס ער דאַרף און זאָל אַוועקטראָגן צו קאַטיאַן און טראָגט עס נישט, ווייל ער קאָן נישט, און ער קאָן עס נישט, ווייל די ליבע צו גרושענקאַן דערלאָזט עס נישט. און ווי גאָט אין דער מעשה מיט דער „ציבעלקע״ האָט געלאָזט אַ יונגע, גרינינקע ציבעלקע צו באַשליסן דעם שיקזאַל פון דער אַלטער, בייזער פרוי, וועלכע איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ פייער־גרוב — באַשליסן, צי זי זאָל גיין אין גן־עדן, צי זי זאָל אויף אייביק בלייבן אינם גרוב, — אַזוי לאָזט דאָסטאָיעווסקי אַרום פופצן הונדערט רובל זיך דרייען דעם שיקזאַל פון דמיטרין און אַנטפּלעקן פאַר אונז דורך דידאָזיקע פופצן הונדערט רובל נישט נאָר דמיטריס נשמה, נאָר אויך די נשמות פון גרושענקאַן, קאַטיאַן, איוואַנען און פון אַ סך אַנדערע מענטשן, וואָס קומען אין באַריר מיט זיי.

דמיטרי איז אַוועק פון קאַטיאַן צו גרושענקאַן. ער איז אָבער שוין קיינמאָל נישט אינערלעך פריי געוואָרן פון קאַטיאַן. ער איז קיינמאָל נישט פריי געוואָרן פון דער, וועלכע ער האָט מיט זיין כאַראַקטער און האַנדלונג געבראַכט דערצו, אַז זי זאָל ווייזן אים איר גרייטקייט זיך איבערצוגעבן צו אים, נישט צוליב דער ליידנשאַפט און נישט צוליב ליבע, נאָר צוליב אַ גאַנץ אַנדערן ענין, וואָס האָט מיט געשלעכט אָדער ליבע קיין שייכות נישט. קאַטיאַס פילן די חרפה און שאַנדע פון אַוועקשטעלן געשלעכט אָדער ליבע ווי אַ מיטל צו אַ גאַנץ אַנדערן צוועק, קאַטיאַס חרפה און שאַנדע פון אַרויסווייזן אים איר גרייטקייט צו באַגיין אַזאַ אַקט, מאַכט דמיטרין פילן פאַראַנטוואָרטלעך געגנוג אַנצונעמען איר בקשה צו ווערן תיכף איר חתן, און דערנאָך, ווען עס זאָל געוועזן קומען דערצו — איר מאַן. אין דערדאָזיקער פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט זיך אויך, ווי דאָסטאָיעווסקי דייטעט גאַנץ שטאַרק אָן, אַריינגעפלאָכטן אַ געוויס געפיל פון ליבע

צו דער זעלביקער קאַטיאַ, וועלכע דמיטרי, ווי ער דערציילט אַליאָשאַן, האָט געהאַסט, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל קיין פרוי נישט געהאַסט אין אַזאַ מאָמענט. געהאַסט אָבער זי, דאַרף מען געדענקען, האָט ער צוליב דער פאַרשטעלונג, וואָס איז געקומען צו אים אין דעם מאָמענט, ווי זי וועט אים באַליידיקן, ווען ער וועט אויף מאָרגן קומען בעטן איר האַנט. אַ מאָמענט פריער אָבער איז געווען אַ געפיל פון גרויס רעס־פעקט פון דעם דמיטרין, וועלכער האָט זיך געפילט, ווי ער זאָגט, ווי אַ וואַנץ, צו דער קאַטיאַן, וועלכע האָט אויסגעזעען נאָבל צו אים פאַר וועלן זיך ברענגען ווי אַ קרבן פאַר איר פאָטער. אָט דאָס געפיל פון רעספעקט אויף איין מאָמענט צו דער קאַטיאַן איז אָרגאַניש צונויפגע־בונדן געוואָרן מיט דעם געפיל פון ליידנשאַפטלעכן רייץ, וואָס דמיטרי האָט געהאַט פאַר קאַטיאַן, איידער נאָך זי איז געקומען צו אים, און וואָס האָט גורם געווען זיין וועלן זי זאָל קומען צו אים — אַ ליידנשאַפט, וועלכע האָט זיך פאַרשטאַרקט דורך דער מעגלעכקייט צו געבן אויסדרוק צו איר, אַ דאַנק קאַטיאַס קומען צו אים. און ביידע אינאיינעם: דאָס געפיל פון רעספעקט אין דעם מאָמענט צו קאַטיאַן מיט דעם געפיל פון פאַרשטאַרקטער ליידנשאַפט און רייץ אינם זעלבן מאָמענט, וועלכער איז געבליבן שטאַרקער צוליב דעם, וואָס ער איז נישט געקומען צום אויסדרוק — דידאָזיקע ביידע געפילן אָרגאַניש צונויפגעבונדענע זענען אָדער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָדער זיי האָבן געבוירן פון זיך אַ געוויס ליבע־געפיל פון דמיטרין צו קאַטיאַן, פון וועלכער ער האָט זיך קיינמאָל נישט אינגאַנצן באַפרייט. דאָסדאָזיקע געפיל האָט עס אים, זיצנדיק שוין אויף דעם פאַרברעכערס שטול, גע־מאַכט אויסשרייען צו קאַטיאַן: „האַסנדיק דיך, האָב איך דיך ליב גע־האַט". און וואָס, וואָס, קיין ליגנער איז מיטיאַ זיכער נישט געווען. אַ פערזענלעכקייט קאָן עס נישט זיין. זי קאָן זאָגן אַ ליגן, זי קאָן אָבער קיינמאָל נישט ווערן קיין ליגנער.

ער האָט זי ליב געהאַט! זי האָט אויף אייביק און אַלעמאָל אַרויסגערופן פון אים צו זיך — צוליב אַזעלכע אָדער אַנדערע פיזיאָ־לאָגישע און פסיכישע פאַקטאָרן — אַ געוויסע ליבע פון אַ געוויסן גראַד אינטענסיוויטעט, וועלכע איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין וועזן. ווי עס קאָן נישט געציילט ווערן דאָס זאַמד אויף די ברעגן

פון די ימען, ווי עס זאָגט זיך אין דער ביבל — אַזוי אויך קאָנען נישט, ווייזט אויס, געציילט ווערן די גראַדן פון אינטענסיוויטעט פון דער ליבע און די פאַרשידנאַרטיקייטן פון איר כאַראַקטער און איר מהות.

ביידע געפילן אָבער: אי דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אי דאָס געוויסע אומבאַשטימטע ליבע-געפיל צו קאַטיאַן זענען פאַרפלייצט געוואָרן פון דעם מעכטיקסטן, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, ליבע-שטרום, וועלכער האָט זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ און קראַך פון אַ דונער אַ ריס געטון פונם גאַנצן וועזן אין מיטיאַן צו דעם וועזן מיטן נאָמען גרושענקאַ. דאָס איז געווען אַ באַשטימטע ראָמאַנטישע ליבע מיט דעם העכסטן גראַד פון אינטענסיוויטעט. אויף וועלכער מיטיאַס נשמה איז פעיק געווען. נישט פאַרלאָזט אָבער האָט אויך אויף קיין איין מאָמענט מיטיאַס נשמה דער אונטער-שטראָם פון פאַרשידענע געפילן צו קאַטיאַן, און דערהויפט פון דעם געפיל פון דער נישט-גלאַטיקייט פון זיין האַנדלונג צו קאַטיאַן. דידאָזיקע נישט-גלאַטיקייט איז קיינמאָל נישט אָפּגעריבן געוואָרן, און קיינמאָל נישט גלאַט געוואָרן אין דער נשמה פון מיטיאַן. אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן, און אויף מער ווי איין אופן, האָט זיך קאַטיאַ אַזוי אַריינגעוועבט אין זיין נשמה און אין זיין גאַנץ וועזן, אַז זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויסוועבן. אויך דידאָזיקע אוממעגלעכקייט פון צו באַפרייען דעם זכרון פון די, וואָס האָבן ווען-עס-איז אַרויסגערופן אַ געוויסע באַציאונג, אַ געוויס געפיל צו זיך — איז אַ שטריך פון אַ פערזענלעכקייט.

נו, איז נישט גענוג פאַר אַזאַ פערזענלעכקייט, ווי דמיטרי, וואָס ער ווערט געצוואונגען פון דער ליבע-פאַרפלייצונג צו גרושענקאַן צו ווערן אויס חתן פון קאַטיאַן, ווערט ער נאָך געטריבן פון דער בייזער אייזערנער האַנט פון שיקזאַל צו נעמען קאַטיאַס געלט און צו פאַרטאַכליעווען עס אין אַ הוליאַנקע מיט גרושענקאַן. וואָלט ער עס כאָטש אינגאַנצן געווען אויסגעגעבן אין גרויסן עקסטאַז פון הוליען און פאַרברענגען, וואָלט נאָך אויך אַזוי שלעכט נישט געווען. די שיכּרות און דאָס פאַרלירן זיך אויפן מאָמענט וואָלט מכפּר געווען אויף דערדאָזיקער האַנדלונג און ער וואָלט בלויז שולדיק געבליבן דריי טויזנט רובל קאַטיאַן, וואָס ער וואָלט אויף אַ וואָסער-עס-איז אופן זיי געזוכט איר אָפּצוגעבן. פּאַסירט האָט עס אָבער אינגאַנצן אַנדערש. אין זיין שטאַרקער שיכּרות אין

פריילעכקייט האָט דמיטרי נישט פאַרגעסן אַוועקצולייגן מיט גרויס פאַר־
זיכט, אָן דעם וויסן פון וועמען־עס־איז אין דער וועלט, פופצן הונדערט
רובל, פונקט האַלב פון קאַטיאַס געלט. פאַרבאַהאַלטן האָט ער דידאָזי־
קע סומע מיט אַלערליי באַהעלטעניש, כדי צו האָבן זיי גרייט אין דעם
מאָמענט, ווען עס וועט נויטיק און מעגלעך ווערן פאַר אים אַוועק ווייט
ערגעץ־וואו מיט גרושענקאַן. דאָס אַלזאָ האָט געמיינט אַוועקצוגיין אָדער
אַוועקצולויפן מיט גרושענקאַן אויף קאַטיאַס געלט, וואָס ער האָט אַריינ־
געלייגט צו זיך אין קעשענע, אַנשטאָט אָפּשיקן עס צו דעם, וועמען
קאַטיאַ האָט אים געבעטן עס אָפּצושיקן. דאָס האָט געמיינט צו קריגן
גרושענקאַן — ז ײ ן געליבטע און קאַטיאַס ק אָ נ ק ו ר ע נ ט ק ע —
מיט דער הילף פון אויסגענאַרטן ביי קאַטיאַן געלט. דערדאָזיקער גע־
דאַנק, דידאָזיקע האַנדלונג פירט מיטיאַן באַלד נישט צו משוגעת, און
מער ווי איין מאָל צום פאַררעכט ווען זעלבסטמאָרד. נאָך גרעסער
אָבער די געפאַר פון נישט אַראָפּ פון זינען איז פאַר מיטיאַן דאָס נישט
האָבן גרייט קיין געלט, ווען דער מאָמענט וועט קומען פאַר דער מעג־
לעכקייט צו ראַטעווען פאַר זיך גרושענקאַן. עס ווערט אַלץ מער און
מער פאַר אים אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן זיין עקזיסטענץ אויף דער
וועלט, זיין לעבן אָן גרושענקאַן. און דערפאַר זאָגט ער אַליאָשאַן:
„טאָ ווייס־זשע, איך וועל עס נישט אָפּשטעלן, איך וועל עס דורכ־
פירן".

און ווען ער זאָגט „ער מוז דאָס דורכפירן", האָט ער בשעת־מעשה
אין זינען ביידע: אי גרושענקאַן, אי קאַטיאַן. ער מוז האָבן געלט פאַר
גרושענקאַן, און ער מוז אויך אָפּגעבן דאָס געלט צו קאַטיאַן. אין דעם
ערשטן פאַל ווערט דער מוז דיקטירט פון דער ליבע־מיסטעריע, אין
צווייטן פאַל פון דער פערזענלעכקייט־מיסטעריע. דער אימפעראַטיוו פון
דער ליבע צו אים איז: דו זאָלסט האָבן גרושענקאַן! דער אימפעראַ־
טיוו פון דעם טיפערן זעלבסט, דער אימפעראַטיוו פון דער פערזענלעכ־
קייט צו אים איז: דו טאָרסט נישט און דו זאָלסט נישט האָבן גרו־
שענקאַן מיט דער הילף פון דעם געלט, וואָס דו האָסט צוגענומען פון
קאַטיאַן. און כדי נאָך מער אַרויסצוברענגען די מיסטעריע פון דער
פערזענלעכקייט, דערציילט אונז דאָסטאָיעווסקי, אַז גרושענקאַ אַליין גאָר
האָט געהאַט געלט. טאָ צוואָס־זשע, פרעגט זיך, דער גאַנצער גיהנום?

איז אויף דעם ענטפערט דאָסטאָיעווסקי אַזוי: „אוודאי האָט גרושענקאַ געהאַט געלט, נאָר ביי מיטיאַן האָט זיך אויף אַמאָל אַרויסגעוויזן אין דער הינזיכט אַ שרעקלעכער שטאָלץ, ער האָט געוואָלט אַליין זי אַוועקפירן און אָנהייבן מיט איר אַ ניי לעבן אויף זיינע קאָסטן, און נישט אויף אירע. ער האָט זיך נישט געקאָנט אפילו פאָרשטעלן, אַז ער זאָל נעמען ביי איר געלט, און ער האָט געליטן פון דעמדאָזיקן געדאַנק מאַטערנישן פון שטאַרקן עקל".

און נישט געקאָנט האָט מיטיאַ טראַכטן וועגן זוכן מיטלען פאַר דעם נייעם לעבן מיט גרושענקאַן, ער האָט געפילט, אַז ער האָט קיין שום רעכט נישט עטוואָס צו טון, אָדער אפילו אין זינען האָבן צו טון עפּעס אין שייכות צו אים מיט גרושענקאַן, ביז ער גיט אָפּ צוריק דאָס געלט צו קאַטיאַן. „טו איך דאָס נישט, — האָט מיטיאַ געזאָגט צו זיך אַליין — בין איך אַ קעשענע־גנב, אַ פּאָדלעץ, און דאָס נייע לעבן וויל איך נישט אָנהייבן ווי אַ פּאָדלעץ". און ער באַשליסט איבערצוקערן די גאַנצע וועלט און אומבאַדינגט אָפּצוגעבן קאַטערינאַ איוואַנאָוונאַן אירע דריי טויזנט רובל. דאָס מוז געטון ווערן, אַזוי באַשליסט מיטיאַ, פריער פון אַלעם.

עס קומט דערצו, אַז מיטיאַ ווערט שוין לחלוטין אויסער זיך, און ער דערפילט, אַז עס איז שוין בעסער ער זאָל הרגענען און באַגזלענען עמעצן און אָפּצאָלן דעם חוב קאַטיאַן. „זאָל איך שוין בעסער פאַר יענעם געהרגעטן און באַגזלטן ווערן אַ מערדער און אַ גנב, און אַזוי אויך פאַר אַלע מענטשן, און אין סיביר גיין, איידער קאַטיאַ זאָל האָבן דאָס רעכט צו זאָגן, אַז איך האָב זי אָפּגענאַרט און ביי איר נאָך געלט געגנבעט, און אויף איר געלט טאַקע אַנטלאָפן מיט גרושענקאַן אָנצוהייבן פירן אַן ערנהאַפט לעבן. דאָס קאָן איך נישט".

דער עמעצער, וועגן וועלכן דמיטרי רעדט, איז זיין אייגענער פאָטער, וועלכער האָט געלט און וויל אים נישט געבן, זיין אייגענער פאָטער, וועלכער זוכט מיט אַלע ליידנשאַפטן אין אים צו קריגן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן גרושענקאַן. און אָט איז דער בריוו, וואָס רייסט זיך אַרויס פון דער מהומהדיקער צעווייטיקטער און פאַרפלאָנטערטער נשמה פון מיטיאַן צו קאַטיאַן, אַ בריוו, וואָס אַנטפּלעקט אַ

נשמה פון אַ מענטש אין אַ געווויסן צושטאַנד אירן אויף אַן אופן, וואָס איז נאָך ביז דאָסטיעווסקין נישט אַנטפּלעקט געוואָרן.

מיטיאַ שרייבט:

פּאַטאַלע קאַטיאַ! מאָרגן וועל איך קריגן דאָס געלט און וועל דיר אָפּגעבן דיינע דריי טויזנט, און זיי געזונט — פרוי פון גרויסן גרימצאָרן! אָבער אַ זיי־געזונט אויך מיין ליבע! מיר וועלן מאַכן אַ סוף! מאָרגן וועל איך פּרוּוון קריגן געלט ביי אַלע מענטשן. וועל איך נישט קריגן ביי קיין מענטשן, גיב איך דיר מיין ערן־וואָרט, איך וועל גיין צום טאַטן, איך וועל אים צעבּרעכן דעם קאָפּ, און וועל נעמען ביי אים דאָס געלט פון אונטערן קישן, זאָל נאָר איוואַן אַוועקפאָרן. אויף קאַטאָרגע וועל איך גיין, און די דריי טויזנט וועל איך דיר אָפּגעבן, און אַליין זיי געזונט. איך פאַרבייג מיך פאַר דיר ביז צו דער ערד, מחמת איך בין געווען צו דיר אַ געמיינער קערל. זיי מיר מוחל! ניין, בעסער זיי נישט מוחל: גרינגער אי מיר, אי דיר! בעסער אויף קאַטאָרגע, איידער דיין ליבע, ווייל איך ליב אַן אַנדערע, און זי האָסטו היינט צו גוט דערקענט! ווי זשע קענסטו מוחל זיין! איך וועל דערהרגענען מיין גנב! פון אייך אַלע וועל איך אַוועקגיין אין מזרח, כּדי קיינעם נישט צו קענען, זי אויך נישט, וואָרים נישט דו אַליין ביסט אַ פּייניקערין, זי איז אויך! זיי געזונט!

נ. ב. איך שרייב מיין קללה, און דיך פאַרגעטער איך! איך הער עס אין מיין האַרץ. געבליבן אַ סטרונע, און זי וויבּרירט. צעררייס בעסער מיין האַרץ אויף צוויייען! איך וועל זיך דערהרגענען. אָבער פריער פונדעסטוועגן דעם הונט. וועל אַרויסרייסן פון אים דריי טויזנט און דיר אַ וואָרף טון. הגם אַ געמיינער קערל צו דיר, אָבער נישט קיין גנב! וואַרט אויף די דריי טויזנט. דער הונט האַלט זיי אונטערן מאַטראַץ אין אַ ראָזעווער לענטע. איך בין נישט קיין גנב, אָבער איך וועל דערהרגענען מיין גנב! קאַטיאַ, קוק נישט מיט פאַראַכטונג! דמיטרי איז נישט קיין גנב, נאָר אַ מערדער! דעם טאַטן דערהרגעט און זיך אומגעבראַכט, כּדי צו שטיין אויף די פיס, און נישט איבערטראָגן דיין שטאָלץ. און דיך האָט ער נישט ליב.

נ. נ. ב. איך קוש דיינע פיס, זיי געזונט!

נ.נ. בב. קאַטיאַ, בעט גאָט, אַז מענטשן זאָלן געבן געלט. דעמאָלט

וועל איך נישט ווייקן אין בלוט, וועלן זיי נישט געבן — וועל איך יאָ! דערהרגע מיך!

דיין שקלאַף און שונא
ד. קאַראַמאַזאָוו.

דורך דעמדאָזיקן בריוו רייסן זיך דורך נישט נאָר די שרעקלעכע מיסטעריעס פון פּערזענלעכקייט, וואָס וועט ליבערשט הרגענען זיך און אַן אַנדערן, איידער איבערצוטראָגן עמעצענס אַ קוק פון אויבן אַראָפּ, און פון ליבע, וואָס וועט זיך אָפּט נישט לאָזן גובר זיין פון דעם שטאָלצסטן זעלבסט — ווער ווייסט, אפשר דערפאַר, ווייל זי איז אינ־דעראמתן גאָר אַן איבערזעלבסטקייט — נאָר עס רייסט זיך אויך דורך דורך דעמדאָזיקן בריוו און עס שלאָגט אַרויס פון אים אויך די מיס־טעריע פון דער פרוי און איר שייכות צום מאַן, און נישט נאָר אין איר שייכות צום מאַן, נאָר אויך אין שייכות צו זיך אַליין — די מיסטעריע פון אַ פרוי־אישקייט צו דער פרוי׳ גופא. און אַ מיסטעריע איז עס, אַ גרויסע געהיימניש, ווייל דער געדאַנק, דער שכל און דער אינטעלעקט קאָן בשום אופן נישט דערקלערן פאַרוואָס אַזאַ וועלט־קערעניש, פאַר־וואָס אַזאַ אויפרייס פון אַלע אָפּגרונטן, פאַרוואָס אַזאַ אויפברויז און אויפשטייג פון וועלטן־איינשלינגענדיקע עמאָציעס — פאַרוואָס, פאַרוואָס דאָס אַלץ צוליב עפּעס, וואָס פון אַ מאַטעמאַטיש־אינטעלעקטועלן קוק־ווינקל איז דאָס אייגנטלעך גאָרנישט? פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט קאַטיאַס גרייטקייט בלויז זיך איבערצוגעבן מיטיאַן, כדי צו ראַטעווען איר פאָ־טער — פאַרוואָס האָט בלויז אָט די כוונה, וועלכע האָט זיך אויסגעלאָזט אויף אַ שיינעם און איידעלן אופן מיט גאָרנישט, אויף אייביק פאַר־שקלאַפט קאַטיאַן צו מיטיאַן און מיטיאַן צו קאַטיאַן? פאַרוואָס האָט דידאָזיקע כוונה מצד קאַטיאַן און דער באַגער פון מיטיאַן, וועלכע זענען נישט רעאַליזירט געוואָרן — פאַרוואָס האָבן זיי אין קאַטיאַן אַרויסגערופן אונטער דעם מאַנטל פון ליבע אַן אייביקן האַס און אַן אייביקן דורשט פון נקמה צו מיטיאַן, און אין מיטיאַן, פאַרקערט, אונ־טער דעם מאַנטל פון האַס — אַן אייביקע ליבע צו איר?

מיטיאַ זאָגט צו קאַטיאַן נאָכדעם ווי זי גיט איבער צום פּראָקו־ראָר דעם בריוו, וואָס מיר האָבן גאָר־וואָס געבראַכט: פאַר אַ סך זאַכן

האָבן מיר זיך איינס דאָס אַנדערע געהאַסט, קאַטיאַ, נאָר איך שווער זיך, איך שווער זיך, אַז איך האָב דיך, האַסנדיק, ליב געהאַט, און דו מיך נישט!

נישטאָ גאָר קיין שיעור צו די [illegible], וואָס וואָלטן געקאָנט געשטעלט ווערן בנוגע די שייכותן צווישן קאַטיאַן און מיטיאַן, וועלכע האָבן זיך קערפּערלעך קיינמאָל נישט אָנגערירט. דער ענטפער אויף די אַלע פראַגן אָבער איז איינער: מיסטעריע, געהיימניש — די מיסטעריע פון פרוי, די מיסטעריע פון פרויאישקייט, וואָס שלאָגט אַרויף צו הימל־הויכקייטן און אַראָפּ אין אַלע ערד־טיפענישן ביי דעם מינדסטן פסיכישן אָנריר מיט מאַן און מאַנישקייט.

„פרוי, דיין נאָמען איז שוואַכקייט!" האָט שעקספּיר געלאָזט האַמ־לעטן אויסשרייען. דאָסטאָיעווסקי אָבער דורך זיינע העלדן צווינגט אַרויף אויף אונז דעם געשריי: פרוי! די מענטשלעכע שפּראַך פאַרמאָגט נישט און וועט אפשר קיינמאָל נישט פאַרמאָגן דעם כוח אויף אויסצודריקן אין ווערטער, וואָס דו ביסט צו זיך אַליין און צום מאַן, וואָס פון זיין ריפּ האָט דיך גאָט געבויט! אויף וויפיל דו ביסט פון זיין ריפּ באַ־שאַפן, אויף אַזוי פיל מוזסטו און ער ווערן איין ליב. אויף וויפיל אָבער ער און אויך שוין דו האָט און וועט אַלעמאָל האָבן מער ווי איין ריפּ, אויף אַזוי פיל וועט איר נישט קאָנען אַלעמאָל אויף אַלעמאָל פאַרבלייבן איין ליב. און די פולסטע האַרמאָניע פאָדערט דאָך אויך אין דעם וועזן מענטש, אַז די איין־לייביקייט זאָל גיין צוזאַמען מיט איין־נשמהדיקייט. און די באַדערפענישן און גלוסטענישן פון לייב לאָזן זיך נישט אַלעמאָל אידענטיפיצירן מיט די באַדערפענישן און באַגערן פון דער נשמה. און דאָ איז, און דאָ, וואו עס וועט בלייבן דער אייביקער קאָנפליקט, דאָס אייביקע פּראָבלעם, די אייביקע מיסטעריע, די אייביקע זיך שלענגלענ־דיקע זיגזאַגישקייט צווישן הימל און ערד, גאָט און טייוול, גן־עדן און גיהנום. און טאַקע דערפאַר איז פרוי־און מאַן־שייכות — דער גינסטיק־סטער מאַטעריאַל, דער זאַפטיקסטער באָדן פאַר קונסט און דורך קונסט — פאַר דער גאַנצער קולטור, וועלכע איז אפשר, ווי גאָט אַליין, וואָס פון אים איז זי דער אינטימסטער אויסדרוק, אַן אומאויפהערלעכע, זיך שלענג־לענדיקע, זיגזאַגישע שיקזאַלקייט.

„פאַטאַלע קאַטיאַ!" — שרייבט מיטיאַ. נו, און וואָס איז דען נישט

פּאַטאַל צו דעם, וועלכער נעמט אי זיך, אי די וועלט, אי גאָט ערנסט, אַזוי ערנסט, ווי אַ פּערזענלעכקייט דאַרף און זאָל נעמען!

## ה.

ווילד און צעלאָזט, נישט פּאָלירט און נישט געצוימט, פּרימיטיוו און האַסטיק איז מיטיאַ געווען אין אַלע אויסדרוקן פון זיין וועזן, אין אַלע זיינע געפילן און עמאָציעס, אין אַלע זיינע בענקענישן און טראַכטענישן. אָבער זעלטן־ווער עס האָט אַזוי ערנסט און אַזוי טיף ווי ער געפילט די וועלט, גאָט און דעם מענטש, און דערהויפּט די מענטשן, צו וועלכע ער האָט געהאַט באַציונג און ליבע.

דמיטרי פילט זיין פּערזענלעכקייט, זיין זעלבסט אַזוי מוראדיק, און ער נעמט זיינע, אין האַסט און ווילדקייט איינמאָל אַרויסגערופענע באַציונגען צו קאַטיאַן, אַזוי ערנסט, אַז ער מוז דאָס געלט אירס צוריקגעבן איר, מוז עס אים אפילו קאָסטן אַ לעבן אויף דער קאַטאָרגע. גרושענקאַן ווידער ליבט ער ביז צו אַזעלכע טיפענישן פון משוגעת, אַז ער קאָן זיך בשום אופן נישט שיידן מיט דעם געלט אויף זיין האַרץ, וואָס שטעכט יעדעס אבר זיינס, ווי מיט אָנגעגליטע נאָדלען. אַחוץ גאָט, ליבט מיטיאַ קיינעם נישט אַזוי שטאַרק ווי גרושענקאַן. ווען ער געפינט אויס, אַז גרושענקאַ איז אַוועק אין דאָרף מאָקראָיע, וואוהין עס האָט זי גערופן איר באַליידיקער און פאַרפירער, וועמען זי האָט נישט געזעען פאַר פינף יאָר צייט, לויפט דמיטרי אַהין אין מיטן דער נאַכט מיט דעם פעסטן באַשלוס זיך צו נעמען דאָס לעבן, נאָכדעם ווי ער וועט אויף איר נאָך איין מאָל, און צום לעצטן מאָל, אַ קוק טון. זיצנדיק אויפן וואָגן, וועלכער טראָגט זיך פייל אויסן בויגן מיט דריי שטאַרקע פערד אין פאַטאַלן דאָרף אַריין, „האָט ער — שרייבט דאָסטאָיעווסקי — אין ווילדער אויפגערעגטקייט גאָט געבעטן און ווילד צו זיך אַליין געמורמלט:

„גאָט, נעם מיך צו מיט מיין גאַנצער אומגעזעצלעכקייט, פאַראורטייל מיך נישט, לאָז מיך דורך אָן דיין משפּט... פאַראורטייל מיך נישט, ווייל איך האָב זיך שוין אַליין פאַראורטיילט, פאַראורטייל מיך נישט,

ווייל איך האָב דיך ליב. אָ, גאָט מיינער! איך בין אַ לומפּ אַליין, אָבער דיך האָב איך ליב: אויב דו וועסט מיך שיקן אין גיהנום, וועל איך אויך דאָרט דיך ליב האָבן, און פון דאָרט וועל איך אויסשרייען, אַז איך האָב דיך ליב אויף אייביק און אייביק... לאָז מיך אָבער לעבן ביזן סוף דאָ און איצט נאָר פאַר פינף שעה! — — — ביז דעם ערשטן ליכט פונעם טאָג — — מחמת איך ליב די קעניגין פון מיין נשמה — — איך האָב זי ליב, און איך קאָן מיר נישט העלפן זי ליב צו האָבן — — — דו זעסט דאָך מיך דורך און דורך, איך וועל צוגאַלאָפּירן, פאַלן פאַר איר און זאָגן: דו ביסט גערעכט, וואָס דו ביסט מיך פאַרבייגע־לאָפן און איבערגעלאָזט... זיי געזונט און פאַרגעס דיין קרבן! באַאומ־רויק זיך קיינמאָל נישט וועגן מיר".

וויפיל מענטשן האָבן געקאָנט, וויפיל קאָנען און וויפיל וועלן קאָ־נען אַזוי־ווי דמיטרי ליב האָבן גאָט און אַלץ, וואָס פילט זיך געטליך! גאָט און אַלץ, וואָס פירט צו אים אויפן זעלבן אופן, ווי מען ווערט פון אים און דורך אים געפירט צו דעם, וואָס ווערט טייער, ליב און היי־ליק? פון די אינטעלעקטואַליסטן וועט זיכער זיך קיינמאָל נישט גע־פינען, ווי עס האָט זיך ביז איצט נישט געפונען, קיין איינער, וואָס זאָל אַזוי קאָנען ליבן, ווי דמיטרי, אויך פון די וואָלונטאַריסטן וועלן נישט זיין קיין סך, וואָס וועלן קאָנען ליבן אויף דעם שטייגער, וואָס דמיטרי האָט ליב געהאַט. און דער גרויסער כּלל, דאַכט מיר, איז שוין, אַז ווער עס קאָן ליבן, דער קאָן אויך האַסן, און ער שעמט זיך נישט מיט זיין האַס.

דמיטרי האָט געהאַסט זיין פאָטער. די רעליגיעזיטעט אין אים האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם פאָטערס נישט גלויבן אין גאָט. ער האָט פיינט געהאַט דעם פאָטערס טרעטן מיט די פיס יעדע הייליקייט. דעם פאָטערס גאַנצע אויסזעען איז געווען אָפּשטויסנד צו אים. וועגן דעם אַלעם דערציילט עס מיטיאַ דעם פּראָקוראָר. און ווען דער פּראָקוראָר פרעגט אים, אויב ער האָט איצט, ווען דער טאַטע איז שוין אויף יע־נער וועלט, חרטה אויף דעם, וואָס ער האָט אים אַזוי געהאַסט, באַשטייט מיטיאַ שטאַרק אויף דעם, אַז עס זאָל נישט אַריינגעשריבן ווערן אין פּראָטאָקאָל, אַז ער, מיטיאַ, האָט חרטה. נישט מער, זאָגט ער, וואָס איצט, ווען ער דערפילט שטאַרקער די עקלהאַפטיקייט אין זיך אַליין, דענקט

ער, אַז ער האָט נישט געדאַרפט האַלטן דעם פּאָטער פאַר אַזאַ אָפּ־שטויסנדיקער בריאה, אָבער חרטה פאַר האַסן אים האָט ער נישט. יאָ, אַ חוץ גאָט, גרושענקאַן און זיין פערזענלעכקייט וואָלט מיטיאַ זיך געלאָזט דעם האַלז שניידן אויך פאַר דעם אמת — אַ זייער כאַראַקטעריסטישער שטריך, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, פאַר אַ פערזענלעכקייט.

צו דעמדאָזיקן אַלטן טאַטן, וועמען ער האַסט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה, לויפט דמיטרי אינמיטן דער נאַכט מיט אַ מעשענעם שטאָמפּ פון אַ שטויסל אין דער האַנט גרייט אַלץ צו טון, נישט וויסנדיק אַליין אין זיין ווילדקייט, וואָס ער וועט טון, אום צו קריגן דריי טויזנט רובל פון אים. דער שיקזאַל האָט אָבער באַשטימט, אַז נישט דמיטרי זאָל זיין דער, וואָס וועט הרגענען דעם טאַטן. מיטן שטאָמפּ פון שטויסל צעקלאַפּט ער נאָר און צעבלוטיקט דעם קאָפּ פון דעם פּאָטערס דינער, וועלכער בלייבט לעבן פון די קלעפּ. און מיט סימנים פון בלוט אויף זיינע קליידער אַנטלויפט ער און לויפט צו זען גרושענקאַן צום לעצטן מאָל, ווייל ער לויפט מיט דעם באַשלוס, מיט דעם פעסטן און זיכערן באַשלוס צו באַגיין זעלבסטמאָרד. זיין באַשלוס צו באַגיין זעלבסטמאָרד דערלויבט אים שוין אויך אַרויסצונעמען דאָס געלט פונם זעקעלע אויף זיין ברוסט, דאָס געלט, וואָס געהערט צו קאַטיאַן, און צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן צו הוליען און צו פאַרהוליען קאַטיאַס געלט.

אין דער זעלבער נאַכט אָבער, ווען ער איז געלאָפן מיטן שטאָמפּ פון שטויסל צו זיין טאַטן צו טון, אַליין נישט וויסנדיק נאָך וואָס, ווערט זיין טאַטע געהרגעט פון סמערדיאַקאָוון. אַלע וועגן אָבער פירן צו דמיטרין און אַלע אויסערלעכע סימנים ווייזן אָן אויף אים, ווי אויף דעם רוצח פון פאָטער. מיטיאַ ווערט אַרעסטירט און געמשפּט אַלס אַזעלכער. ווען דמיטרי געפינט אויס, אַז דער דינער, וועמען ער האָט געגעבן מיטן שטאָמפּ פון שטויסל איבערן קאָפּ, לעבט, דערפילט ער זיך בנוגע צו די, וואָס משפּטן אים און בנוגע צו דער זאַך, פאַר וועלכער ער ווערט געמשפּט, אומשולדיק ווי אַ קינד, און אָנשטאָט דער זינד פון הרגענען, רעדט דמיטרי צום פּראָקוראָר די גאַנצע צייט וועגן זיין גרויסער זינד צו קאַטיאַן, וועגן זיין שרעקלעכער האַנדלונג פון אַראָפּ־צורייסן די קמיע פון דער ברוסט אין יענע מינוטן, ווען ער האָט גע־

דענקט, אַז זיי זענען די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן. אַלץ, וואָס מיטיאַ רעדט, קלינגט צו אַלע מענטשן אַרום מיטיאַן, ווי ווערטער פון אַ מענטש, וואָס זאָל קומען פון אַ גאַנץ אַנדערער וועלט. זייער נישט פאַרשטיין מיטיאַס גיהנומישע ליידן צוליב קאַטיאַס דריי טויזנט רובל, דערשטויסט אים ביז צו דער אומגלויבלעכקייט, אַז זיי מיינען ערנסט מיט אים און מיט דעם, וואָס זיי זאָגן. ער איז זיכער, אַז זיי שפּאַסן פון אים, און זיי ווידער הייבן נישט אָן צו פאַרשטיין וועגן וואָס מיטיאַ נעמט זיך איצט און האָט זיך די גאַנצע צייט גענומען אַזוי שטאַרק צום האַרץ.

בעת מען לייענט די אונטערעדונגען צווישן מיטיאַן און די אויסטיילער פון גערעכטיקייט, טראַכט מען זיך: אָ גאָט, אויב אין איינער און דער זעלביקער וועלט איז מעגלעך אין איינער און דער זעלביקער צייט אַזאַ ענלעכקייט צווישן וועזנס, וואָס גייען אונטער אין נאָמען מענטש, אַזאַ נישט-ענלעכקייט, אַזאַ פאַרשידנאַרטיקייט אין געפילן-איבערלעבונגען, באַגריפן און אָנשויאונגען, טאָ ווי גרויס מוז שוין זיין די אַנדערשקייט און פאַרשידנאַרטיקייט צווישן וועזנס פון איין וועלט און די וועזנס פון אַנדערע וועלטן, אויב אַזעלכע זענען פאַראַן אין דיין אוניווערס! און ווי גרויס איז דערפאַר אויך די מעגלעכקייט פאַר אַן ענלעכקייט צווישן זיי אַלע, און דאָס זעלביקע צווישן אַלע וועזנס, וואָס דענקען און פילן אַזוי אָדער אַנדערש — אַן ענלעכקייט צווישן זון אין דיר האַר פון דער וועלט און אַלע וועלטן. מיט אַלע נישט-ענלעכקייטן און פאַרשידנאַרטיקייטן פון זיי און דיר, פון אונז און דיר, איז דאָך נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט אויך פון אַ געוויסער ענלעכקייט צווישן אונז און אַלע דענקענדיקע וועזנס אין אַלע וועלטן און דיר אַליין, וועזן איבער אַלע וועזנס!

„אָ גאָט — שרייט אויס מיטיאַ צום פּראָקוראָר — איר שווידערט מיך מיטן נישט פאַרשטיין! די גאַנצע צייט, ווי לאַנג איך האָב געטראָגן דידאָזיקע אַנדערהאַלבן טויזנט איינגענייט אויפן האַרץ, האָב איך יעדן טאָג און יעדע שעה געזאָגט צו זיך: דו ביסט אַ גנבֿ, דו ביסט אַ גנבֿ! און דערפאַר האָב איך געווילדעוועט יענעם חודש. דערפאַר האָב איך זיך געשלאָגן אין שענק, דערפאַר האָב איך דעם טאַטן צעשלאָגן, וואָס איך האָב זיך געפילט ווי אַ גנבֿ! אפילו אַליאָשאַן, דעם ברודער מיינעם, האָב איך נישט געקאָנט ביי זיך פועלן, איך האָב נישט

געוואַגט דערציילן אפילו אים וועגן די אַנדערהאַלבן טויזנט, אויף אַזוי פֿיל האָב איך זיך געפֿילט, אַז איך בין אַ פּאָדלעץ און אַ גנבֿ. ווייסט אָבער, אַז אַזוי לאַנג ווי איך האָב עס געהאַט אויף זיך, האָב איך אין דער זעלביקער צייט יעדן טאָג און יעדע שעה זיך געזאָגט: ניין, דמיטרי פיאָדאָראָוויטש, דו ביסט נאָך אפשר נישט קיין גנבֿ. פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, ווייל דו קאָנסט מאָרגן גיין און אָפּגעבן אָט די אַנדערהאַלבן טויזנט קאַטיאַן. און ערשט נעכטן האָב איך באַשלאָסן אַרונטערצורייסן די קמיע פֿון האַלז, גייענדיק פֿון פֿעניען צו פּערכאָטינען, און ביז יענער מינוט האָב איך עס נישט געקאָנט באַשליסן, און אַזוי נאָר ווי איך האָב עס אַרונטערגעריסן, בין איך אין דער זעלביקער מינוט שוין געוואָרן אַ לחלוטינדיקער און אַ זיכערער גנבֿ, אַ גנבֿ און אַן אומערלעכער מענטש אויפֿן גאַנצן לעבן. פֿאַרוואָס? דערפֿאַר, וואָס איך האָב אינאיינעם מיט דער קמיע צעריסן אויך מיין געדאַנק פֿון צוקומען צו קאַטיאַן און זאָגן: איך בין אַ פּאָדלעץ, אָבער נישט קיין גנבֿ? פֿאַרשטייט איר איצט?

פֿאַרוואָס־זשע האָט איר גראָד נעכטן אָוונט באַשלאָסן עס צו טון? האָט אים איבערגעריסן דער פּראָקוראָר.

פֿאַרוואָס? לעכערלעך צו פֿרעגן. דערפֿאַר, וואָס איך האָב זיך פֿאַראורטיילט צום טויט פֿינף אַ זייגער אין דער פֿרי, אָט ווען עס האָט געטאָגט. איז דאָך אַלץ איינס, האָב איך געטראַכט, צו שטאַרבן אַ פּאָדלעץ, אָדער אַן ערנווירדיקער מענטש! נו, איז אָבער ניין, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז נישט אַלץ איינס! וועט איר מיר גלייבן, מיינע הערן: נישט דאָס האָט מיך מער פֿון אַלץ געמאַטערט יענע נאַכט, וואָס איך האָב דערהרגעט דעם אַלטן דינער, און וואָס עס האָט געסטראַשעט מיט סיביר, און נאָך ווען? ווען עס האָט זיך געקרוינט מיט דערפֿאָלג מיין ליבע און דער הימל האָט זיך געעפֿנט פֿאַר מיר אויפֿדאָסניי! אָ, דאָס האָט געמאַטערט, אָבער נישט אַזוי, אַלץ נישט אַזוי, ווי דערדאָזיקער פֿאַרשאָלטענער באַוואוסטזיין, וואָס איך האָב ענדלעך אַרונטערגעריסן פֿון דער ברוסט דאָסדאָזיקע פֿאַרשאָלטענע געלט, עס אויסגעגעבן, און פֿאָלגלעך בין איך שוין איצט אַ גנבֿ דורך און דורך. אָ, מיינע הערן, איך חזר איבער מיט בלוט פֿון מיין האַרץ, אַ סך האָב איך אויסגעפֿונען יענע נאַכט, דערוואוסט האָב איך זיך, אַז

נישט נאָר קאָן מען נישט לעבן ווי אַ פּאָדלעץ, נאָר אַז אויך שטאַרבן ווי אַ פּאָדלעץ איז נישט מעגלעך — — — ניין, מיינע הערן, שטאַרבן דאַרף מען ערלעך!״

און אַזוי האָט מיטיאַ אָן פּאַר אַ געוויסער צייט ענטפערן די אונ־טערזוכער און ריכטער אויף זייערע נאַרישע און פלאַכע פראַגן מיט אַ ווידוי און אויסגוס פון זיין געפּייניקטער, אויף שטיקער צעריסענער נשמה, וועלכע הייבט זיך אָן אָבער אין דער זעלביקער צייט פילן גע־לייטערט דורך דער שרעקלעכער פּיין און צער, אין וועלכן זי האָט זיך געצאַפּלט און געראַנגלט טעג און נעכט, חדשים און יאָרן. ער האָט אָן די ווידוי און דעם אויסגוס, ביז ער דערפילט ענדלעך דעם גרויסן אָפּ־גרונט צווישן זיין נשמה און די נשמות פון די, וואָס פּייניקן אים מיט פראַגן, וועלכע וואַרפן נישט קיין ברעקל ליכט אויף דעם גאַנצן ענין, צוליב וועלכן ער איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף דעם בענקל פון דעם, וואָס ווערט צום משפט גערופן, און זיי אויף די בענקלעך פון די, וואָס דאַרפן משפטן.

„גענוג, מיינע הערן, גענוג, האָט מיטיאַ מיט אַן אויסגעמאַטער־טער שטים באַשלאָסן. איך זע ענדלעך, אַז איר גלייבט נישט אין קיין שום זאַך, נישט אויף קיין איין האָר. די שולד איז מיינע און נישט אייערע, נישט געדאַרפט האָב איך זיין אַזוי גרינג אויף דער דעה. פאַר־וואָס, פאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי דערנידעריקט מיט מיין מודה זיין זיך אין מיין סוד. צו אייך איז דאָס אַ שפּאַס, איך זע עס אין אייערע אויגן. — — — זייט פאַרשאָלטן, איר פּייניקער״.

און די גאַנצע צייט, וואָס די אונטערזוכונג האָט אָן, די צייט, וואָס פילט זיך צו מיטיאַן ווי אַן אייביקייט, וואַקסט די פּיין און צער פון דער נשמה, און אין דעם גאַנצן וועזן פון מיטיאַן, און מיטן וואוקס פונם צער און פּיין וואַקסט אויך דאָס געפיל פון געלייטערטקייט אין זיין נשמה. ער דערפילט זיך טיפער, העכער און שענער פון דעם אַרום. דער מאָראַלישער משפט אויף אַלע ליידן און מאַטערנישן זיינע, וועלכע מיטיאַ, פילנדיק זיך שרעקלעך זינדיק, נעמט אָן באהבה, וויקלט זיך פון זיך אַליין אַלץ מער און מער אַריין אין אַ קולטור־משפט — אין אַ משפט, וואָס שליסט אַלץ איין און שליסט קיין זאַך נישט אויס. און אין ליכט פון דער קולטור דערפילט זיך מיטיאַ אַ שטייגנדיקער, אַן

אויפגעלויכטענער, מיט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג און ווילן אין זיך צו זעען און פילן אַלע מענטשן אין דער גאַנצער וועלט אויפשטייגנדיקע און אויפלויכטנדיקע, און ווען ער ווערט פון שרעקלעכער מידקייט, פיזישער און גייסטיקער, אַנטשלאָפן, בעת דער הפסקה פון דער אונטערזוכונג, חלומט זיך אים אַ מאָדנער חלום.

עס חלומט זיך אים, אַז ער פאָרט ערגעץ-וואו איבער אַ גרויסער סטעפּע, פונדערווייטנס דערזעט זיך אַ דאָרף. עס דערזעען זיך הייזלעך שוואַרצע, זייער שוואַרצע, האַלב פון די הייזלעך פאַרברענטע. אַריינפּאָרנדיק אין דאָרף, דערזעט ער איבערן גאַנצן וועג אויסגעשטעלט אין אַ גאַנצער ריי אַלטע און יונגע פויערטעס, אַלע אויסגעדאַרטע, אויסגעזויגטע, און צווישן זיי איינע אַ הויכע, אַ ביינערדיקע, פון אַ יאָר פערציק, און אפשר גאָר צוואָנציק, מיט אַ לאַנג, מאָגער פּנים, און אויף די הענט ביי איר וויינט אַ קינד, און די בריסטן ביי איר ווייזן אויס צו זיין אַזעלכע אויסגעטרוקנטע, נישטאָ אין זיי קיין טראָפּן מילך, און עס וויינט און וויינט דאָס קינד און ציט אויס די הענטעלעך די נאַקעטע מיט די פויסטעלעך איינגאַנצן בלויע פון קעלט. וואָס וויינען זיי? פרעגט מיטיאַ, פאַרביילויפנדיק זיי, און דער קוטשער ענטפערט אים: אַ קינדעלע וויינט! און מיטיאַן געפעלט, וואָס דער פויער האָט געזאָגט אויף אוקראַאיניש „קינדעלע”, און נישט קינד: עפּעס מער רחמנות! און מיטיאַן ווילט זיך וויסן פאַרוואָס אָט דידאָזיקע, פון אַ שרפה געליטענע מוטערס? פאַרוואָס אָרימע מענטשן, פאַרוואָס אַן אָרים קינד, פאַרוואָס אַ נאַקעטע סטעפּ? פאַרוואָס נעמען זיי זיך נישט אַרום, קושן זיך נישט, פאַרוואָס זינגען זיי נישט דאָס געזאַנג פון פריידיקע, פאַרוואָס זענען זיי אַזוי שוואַרץ געוואָרן פון דער שוואַרצער אָרימקייט, פאַרוואָס האָדעוועט מען נישט אָן דאָס קינדעלע?

און ער דערפילט, אַז עס דערהייבט זיך אין זיין האַרץ אַ ליידנשאַפט פון רחמנות אַזעלכן, ווי ער האָט פריער קיינמאָל נישט געוואוסט; אַז אים ווילט זיך וויינען; אַז אים ווילט זיך טון עפּעס אַזעלכעס צו אַלעמען, אַז עס זאָל נישט וויינען מער קיין קינדעלע, אַז עס זאָל אויך נישט וויינען מער די שוואַרצע אויסגעדאַרטע מוטער פון קינד, אַז עס זאָלן איינגאַנצן פון דער מינוט אָן נישט זיין קיין טרערן ביי קיינעם, און אַז מען זאָל עס תּיכּף, תּיכּף טון, נישט אָפּלייגנדיק, נישט

קוקנדיק אויף קיין זאַך, מיט דעם גאַנצן קאַראַמאַזאָווישן אימפּעט.

„און איך בין אויך מיט דיר, איצט וועל איך דיך נישט איבער־לאָזן, אויף דעם גאַנצן לעבן גיי איך מיט דיר" — דערהערט ער לעבן זיך די צערטלעכע, מיט געפילן דורכגענומענע, גרושענקאַס ווערטער. און עס האָט זיך אַ צינד אָן געטון זיין האַרץ און עס האָט זי אַ צי געטון זיין האַרץ צו אַ ליכט. און אים האָט זיך פאַרוואָלט לעבן און לעבן, צו גיין און גיין אויף עפּעס אַ וועג, צו אַ ניי־ווינקענדיק ליכט, און וואָס גיכער, וואָס גיכער, טאַקע שוין איצט!

אויפכאַפּנדיק זיך פון חלום, דערפילט זיך מיטיאַ, ווי אַ נייער מענטש און ווי איינער, וואָס שרעקט זיך נישט פאַר קיינעם, פאַר קיין זאַך מער; ווי איינער, וואָס האָט דורך פיין און צער, דורך פאַרטיפונג און דערהויבונג, דערגרייכט אַ דערלייכטערונג, וואָס האָט אים אויף דעם פולסטן און פולקאָמענסטן אופן אָריענטירט מיט דעם שיקזאַל, און דורכן שיקזאַל מיט אים אַליין, און דורך זיך אַליין מיט אַלע מענטשן אין דער וועלט, און מיט דער וועלט גופא. די ליבע צו גרושענקאַן איז געוואָרן איינס מיט דער ליבע צו דער מענטשהייט, די ליבע צו דער מענטש־הייט איינס מיט דער ליבע צו זיך זעלבסט, צו דער אייגענער פּערזענ־לעכקייט, און די ליבע צו דער אייגענער פּערזענלעכקייט איינס מיט דער ליבע צו דער פּערזענלעכקייט פון גאָט — דעם אורקוואַל פון אַלע פּערזענלעכקייטן און פון אַלע ליבעס, וואָס קוואַלנדיק שטאַרקן זיי און פאַרטיפן דעם אורקוואַל, און שטאַרקנדיק און פאַרטיפנדיק דעם אור־קוואַל, ווערן זיי אַליין אויך געשטאַרקט און פאַרטיפט. די ליבע, די פּערזענלעכקייט און די רעליגיעזיטעט לאָזן דעם כאַאָס אין דמיטריס וועזן זיך אַרויסוויקלען אין אַ קאָסמאָס, און דורך דער פונאַנדערוויק־לונג פון דערדאָזיקער אַרויסוויקלונג העלפט דער קינסטלער דאָסטאָ־יעווסקי אונזער אייגענער כאַאָטישקייט זיך אַרויסצוּוויקלען אין אַ קאָסמישקייט.

„ברודער — זאָגט דמיטרי צו אַליאָשאַן אין אַ שטיקל צייט אַרום — איך האָב אין זיך די לעצטע צוויי חדשים דערטאַפּט אַ נייעם מענטש, תחית־המתים איז אויפגעשטאַנען אין מיר דער נייער מענטש! געווען איז ער איינגעשלאָסן אין מיר, אָבער ער וואָלט קיינמאָל זיך נישט באַ־וויזן, ווען נישט דערדאָזיקער דונער".

מיט׳אַן שוֹעקט נישט די קאַטאָרגע, צו וועלכער ער ווערט פאַר־משפּט אויף דעם סמך דערהויפּט פון דעם בריוו, וועלכן ער האָט געשריבן צו קאַטיאַן, און וועלכן קאַטיאַ, כדי צו ראַטעווען איוואַנען, גיט איבער צו די, וואָס משפּטן מיטיאַן.

„פאַראַן — זאָגט מיטיאַ ווייטער צו אַליאָשאַן — אַ לעבן אויך אונטער דער ערד — דו ווייסט מיר נישט גלייבן, אַלעקסיי, ווי שטאַרק איך וויל איצט לעבן — — און וואָס, אַז מען דאַרף ליידן? איך האָב פאַר דעם קיין מורא נישט — — מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב איצט אַזוי פיל קראַפט, אַז איך וועל אַלץ בייקומען, אַלע ליידן, נאָר כדי צו קאָנען רעדן און זיך זאָגן יעדע מינוט: איך בין פאַראַן אין טויזנטער פּיינען — איך בין פאַראַן אַ געקאָרטשעטער אויף דער טאָרטור־באַנק — איך בין פאַראַן — איך זיץ אויפן סלופּ, אָבער איך עקזיסטיר, איך זע די זון, און זע איך נישט די זון, ווייס איך אָבער — אַז זי איז פאַראַן, און צו וויסן, אַז עס איז פאַראַן די זון — דאָס איז שוין דאָס גאַנצע לעבן.

די זיכערקייט, אַז איך בין פאַראַן, אַז איך עקזיסטיר אין אַלע צייטן און אונטער אַלע אומשטענדן, ווייל איך פיל זיך, איך פיל מיין זעלבסט און מיין פּערזענלעכקייט; און די זיכערקייט, אַז די זון עקזיסטירט, ווייל איך ווייס און פיל זי, אפילו ווען איך זע זי נישט; אָט דידאָזיקע באַציִונג צום „איך" און צו דעם אין וואָס דער איך בויטיקט זיך פאַר זיין עקזיסטענץ, זאָל עס זיין די זון, אָדער גאָט, פון וועלכן עס קוואַלט די זון־ליכט — אָט דידאָזיקע פרייד פון דעם פילן די עקזיסטענץ פון דעם „איך" און פון אַלץ, וואָס דער „איך" פילט און דער־קענט, אפילו אויב ער ווייסט נישט, איז דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון ביידע נשמות: פון דער נשמה פון דמיטרי׳ן און פון דער נשמה פון גרושענקאַן, וועלכע זענען, דורך זייער פּיין און צער און גליקזע־ליקייט, געוואָרן אַלץ מער און מער די צוויי זייטן, אייגנטלעך, פון איין־און־איינציקער דמיטרי־גרושענקאַ־נשמה אין צוויי באַזונדערע גופים, וועלכע זענען פון שיקזאַל קיינמאָל נישט דערפירט געוואָרן צו קיין באַהעפטונג. קיין וואונדער נישט, וואָס דמיטרי זאָגט צו אַליאָשאַן: „אין אַן גרושען, וואָס וועל איך דאָרט טון מיטן האַמער אונטער דער

ערד ? איך וועל זיך נאָך דעם קאָפּ אויף פּיצלעך צעברעכן מיט דעמ־דאָזיקן האַמער !"

און פּונקט דער היפּוך פון די נשמות פון גרושענקאַן און דמיטריין זענען, ווי מיר וועלן באַלד זען, די נשמות פון קאַטיאַן און איוואַנען. קאַטיאַס און איוואַנס נשמה זענען אַזוי אַנדערש פאַר די נשמות פון גרו־שענקאַן און מיטיאַן, ווי נאַכט איז אַנדערש פון דעם טאָג. קאַטיאַס און איוואַנס נשמות זענען פּונקט אַזוי פול מיט פינסטערניש, ווי גרושענקאַס און דמיטריס זענען פול מיט ליכט. פינסטער זענען די נשמות פון אי־וואַנען און פון קאַטיאַן, ווייל אין זיי זענען נישט פאַראַן די דריי גרוי־סע, אומדערשעפּלעכע ליכט־קוואַלן — די קוואַלן פון פערזענלעכקייט, ליבע און רעליגיעזיטעט.

דאָס גאַנצע לעבן פון מיטיאַן און גרושענקאַן, און דערהויפּט דער סוף פון זייער לעבן, דאָס לעבן פון צוויי, וואָס איז געוואָרן דורך גייסטיקער באַהעפטונג איינס, און איז געבליבן דורך דער זעלביקער און נישט קיין אַנדערער באַהעפטונג איין לעבן פון איין נשמה — אָט דאָסדאָזיקע לעבן דערמאַנט אונז אָן דעם געזאַנג פון דעם עמעצן אין פּרצס „ביינאַכט אויף אַלטן מאַרק".

עמעץ זינגט:

איך האָב געהערט אייער שרעקיק ברומען,
איך בין געקומען
צו אייך, שרעקיקע און טריבע,
אויף די פליגל פון דער ליבע!
איך האָב אַ הייליק לייב פאַרצערט!
גליקזעליקייט געטרונקען,
געטלעכע צויבערפונקען
פון נאַכט שוואַרצע אויגן!
כ'קום צו אייך, ווי אַן אָדלער געפלויגן!
נעכט און נעפל פליען פאַר מיין בליק,
זונען פאַרזונקענע רוף איך צוריק,
זומערן פאַרוועלקטע — בליען!...
פעלזן וועל איך אויף בייטן צעאַקערן,

מאָנען פלאַמענדיקע גליען!
ליליען — שטראַלן, רויזן — פלאַקערן
אויפן וויסטן פעלדער גאָל.
איך וועל פאַרשיכּורן באַרג און טאָל
מיטן גערויך און צויבערקלאַנג,
מיטן געטלעכן געזאַנג!
וואונדער, וואונדער וועל איך אייך מאַכן!

די בערג און טאָלן פון אונזערע אייגענע וועזנס, פון אונזערע אייגענע נשמות ווערן פאַרשיכּורט מיטן גערויך און צויבערקלאַנג, מיטן געטלעכן געזאַנג, וואָס דערהערט זיך פון די טיפענישן פון דמיטריס נשמה, דמיטריס וועזן, וועלכער טראָגט זיך די גאַנצע צייט אויף די פליגלען פון ליבע, פערזענלעכקייט און געטלעכקייט, און וועלכער האָט אין זיין פאַנטאַזיע פאַרצערט דאָס געשטאַלט פון דער ליבנדיקער פערזענלעכקייט גרושענקאַ.

און אויב מיטיאַס היילִיקע ווערטער, אויב זיינע נשמה־און האַרץ־אויסגוסן זענען געווען אַרויסגעוואָרפן פאַר די אויערן פון דעם פראָקוראָר און מאַגיסטראַט און פאַר אַלע די, וואָס האָבן געדאַרפט אונטערזוכן און משפטן אים אויף דעם פאַרדאַכט, אַז ער האָט דערמאָרדעט זיין פאָטער — זענען זיי אָבער, דידאָזיקע ווערטער, נישט אַרויסגעוואָרפן פאַר אונז. טיף באַווירקט און שטאַרק באַאיינפלוסט אויף אונזער גאַנצן לעבן ווערן מיר פון מיטיאַס פאָלגנדיקע ווערטער: „מיט אייך, מיינע הערן, רעדט אַן ערנווירדיקער מענטש, אַן ערנווירדיקע פערזאָן, און דער עיקר — און האָט דאָס גוט אין זינען — אַ מענטש, וואָס איז באַגאַנגען אַ וועלט מיט עוולות, נאָר וואָס איז אַלעמאָל געווען און געבליבן אַן ערנווירדיק וועזן, ווי אַ וועזן אינעווייניק אין דער טיפעניש, נו, מיט איין וואָרט, איך קאָן זיך נישט אויסדריקן... און דערפאַר האָב איך מיך טאַקע געמאַטערט מיין גאַנץ לעבן, וואָס האָב געדורשט ערנווירדיקייט, איך בין געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ מאַרטירער פון ערנווירדיקייט און אַ זוכער זיינער מיט אַ לאַמטער, מיט דער דיאָגענישער לאַמטער“.

3.

## איוואַן און קאַטיאַ

א.

קאַטיאַ האָט נישט פאַרמאָגט נישט דעם כּוח צו ליבן, וואָס גרו־שענקאַ האָט פאַרמאָגט, און נישט דעם זעלבסט און דעם רעספּעקט צום זעלבסט, וואָס גרושענקאַ האָט פאַרמאָגט, נישט געווען איז אין איר און איבער איר די פּערזענלעכקייט, וואָס איז געווען אין און איבער גרו־שענקאַן. און וואו עס איז נישט פאַראַן די פּערזענלעכקייט, ווערט אויס מיט דער צייט פון אַלץ און אַלעם, וואָס פילט זיך צו אַנדערע און וועגן אַנדערע, די, פאַר וועלכע מען וויל, אָדער פאַר וועלכע מען האָט זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן, ווערן אַליין קרבנות פון די, וואָס האָבן אין זינען זיך דורך יענעם און נישט יענעם דורך זיך. און דער פועל־יוצא איז:

> דער טאָל איז פול מיט ביינער,
> די ביינער זענען — טרוקן, גאָל,
> עס באַווייזט זיך מיר נישט קיינער.
>
> („ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק")

רעדנדיק וועגן דמיטרין זאָגט קאַטיאַ צו אַליאָשאַן: „ער קאָן דערציילן גאָט אַלץ אָן שאַנדע. פאַרוואָס איז דאָס, וואָס ער פאַר־שטייט נאָך אַלץ נישט וויפיל איך בין גרייט אַריבערצוטראָגן פון זיינעטוועגן? פאַרוואָס קען ער מיך נישט? — — — איך וועל אים ראַטעווען אויף איי־

ביק, זאָל ער מיך פֿאַרגעסן ווי זיין כּלה — — פֿאַרוואָס האָט ער קיין מורא נישט צו זיין אָפֿן מיט דיר, אַלעקסיי? ווי קומט עס, וואָס איך פֿאַרדין נישט דאָס זעלביקע?"

מיר ווייסן נישט, וואָס אַליאָשאַ האָט אויף דעם געענטפֿערט. ביי זיך האָט אָבער אַליאָשאַ זיכער געטראַכט, אַז קאַטיאַ האָט נישט פֿאַרדינט דעם צוטרוי, וואָס דמיטרי האָט צו אים, צו אַליאָשאַן. און נישט דערפֿאַר, וואָס דמיטרי האָט זי, ווי קאַטיאַ זאָגט, נישט געקענט, נאָר דווקא דערפֿאַר, וואָס ער האָט זי יאָ געקענט. קענענדיק קאַטיאַן, און קענענדיק זי דווקא זייער גוט, האָט דמיטרי זיך נישט געקאָנט העלפֿן צו וויסן, אַז קאַטיאַ האָט נישט קיין פּערזענלעכקייט, אַז זי האָט נישט קיין אויסגעהאַלטנקייט, און אַז נישטאָ איז אין איר כאַראַקטער קיין איין-שנוּריקייט. ער האָט געמוזט וויסן, אַז קאַטיאַ באַטראַכט נישט זיך אַליין, ווי אַ זעלבסטצוועק, זי קוקט נישט אויף איר אייגענעם לעבן ווי אויף עפּעס, וואָס דאַרף, מוז און זאָל זיך אויסלעבן פֿאַר די צילן און צוועקן, וועלכע זענען נאָר אין דעמדאָזיקן לעבן אַריינגעגעבן געוואָרן פֿון דעם, וואָס גיט אַ זין און ווערט צו צילן און צוועקן בכלל, און וואָס קאָנען דורכגעפֿירט און רעאַליזירט ווערן נאָר דורך דעמדאָזיקן און נישט דורך קיין אַנדער לעבן. און ווער ס'באַטראַכט זיך נישט ווי אַ זעלבסטצוועק, ווער עס וועבט נישט אַריין די אַנדערע אין זיין אייגן לעבן אַזוי, אַז ליבנדיק זיך אַליין, טוענדיק פֿאַר זיך אַליין און אויסלעבנדיק זיך אַליין, לעבט ער און טוט אויך פֿאַר אַנדערע און לאָזט אויך אַנדערע לעבן און זיך אויסלעבן; ווער עס געדענקט די אַנדערע מחוץ פֿון זיך, אָנשטאָט צו געדענקען זיי אין און דורך זיך, אויף דעם קאָן מען זיך מיט קיין שום זאַך נישט פֿאַרלאָזן. אַלץ, וואָס איז מחוץ, קאָן צו יעדן מאָמענט פֿאַרשווינדן, און אויב עס איז נישט פֿאַראַן און נישט אַנטוויקלט געוואָרן קיין איך, קיין זעלבסט, קיין פּערזענלעכקייט, וועלכע באַשטייט אויף אַלעמאָל אונטער אַלע אומשטענדן אונטער אַלע צייטן — בלייבט נישט קיין שום שטיץ-פּונקט, קיין שום פֿעסטקייט אויף וואָס זיך צו פֿאַרלאָזן, אַזוי אַז מען זאָל קאָנען, אָנלענענדיק זיך אויף איר, נישט נאָר אַ וועלט קערן אָדער איבערקערן, נאָר בכלל צו טון וואָס-איז-נישט-איז.

אין איר אומפּוילסיווער איבערגעגעבנקייט צו אַנדערע, פֿאַרלירט

זיך קאַטיאַ זייער שנעל. און דידאָזיקע שנעלקייט נעמט זיך דערפון, וואָס זי האָט נישט קיין פעסטן, שטאַרקן און הויך-אַנטוויקלטן זעלבסט. זי פאַרלירט זיך ביז צו דער מעגלעכקייט פון צו קומען איינמאָל אין אַ בין-השמשות צו דמיטרי קאַראַמאַזאָוו, דעם באַוואוסטן און דעם באַקאַנטן צעלאָזטן און אויסגעלאַסענעם אָפיציר, גרייט זיך אים איבערצוגעבן, כדי צו ראַטעווען איר פאָטער. און אַזוי שנעל, ווי עס טוט אַ רעד אין איר דער שטאָלץ, נישט חלילה פון דער פערזענלעכקייט, נאָר דער שטאָלץ, וואָס דער שיקזאַל האָט אויף אַ פסיכישן אין פיזיאָלאָגישן אופן פאַרוואָרצלט און פאַרזיגלט אין דער פרויאישקייט פון דער פרוי; אַזוי שנעל ווי זי דערפילט זיך גאַנץ אומבאַקוועם פון דעם אַרויסווייז צום אָפיציר איר גרייטקייט צו געבן צוליב עמעצן דאָס, וואָס איז פון שיקזאַל באַשטימט געוואָרן, אַז עס זאָל איבערגעענטפערט ווערן נאָר צו דער ליידנשאַפט, און אויב נאָך העכער איז — צו דער ליבע; אַזוי שנעל ווי זי דערפילט דאָס אַלץ, וואָס וואָלט געדאַרפט אונטערוואָרפן ווערן צו אַ העכערער און קאָנטראָלירנדיקער קראַפט — די קראַפט פון דער פערזענלעכקייט, וועלכע זי פאַרמאָגט נישט — אָט אַזוי שוין, און אַזוי שנעל ווי זי איז געקומען צו גיין צו דמיטרין, אַזוי אויך שרייבט זי אָן צו דמיטרין אַן איינגאַנצן זיך פאַרלייקענדיק בריוועלע. אינם דאָזיקן בריוועלע, ווי מיר האָבן שוין געזען, זאָגט זי צו צו ווערן אַ טעפּיך, איבער וועלכן ער זאָל טרעטן, און נאָך און נאָך אַזעלכע צוזאָגן, וואָס ווייזן און באַשטעטיקן די באַהויפּטונג, אַז וואָס-וואָס, אָבער קיין פערזענלעכקייט פאַרמאָגט נישט יעקאַטערינאַ איוואַנאָווונאַ, די שיינע טאָכטער פון דעם פּולקאָווניק.

און אין דעם, וואָס זי זאָגט אַליאָשאַן, אַז זי וויל ווערן פאַר דמיטרין, כאַראַקטעריזירט קאַטיאַ זיך אַליין אויף דעם אויסגעצייכנטסטן אופן. „איך וויל — זאָגט זי אַליאָשאַן — נישט זיין קיין אַנדערע זאַך, ווי נאָר אַ מיטל פאַר זיין גליק, ווי זאָל איך דאָס זאָגן, אַן אינסטרומענט, אַ מאַשין פאַר זיין גליק“.

יאָ, קאַטיאַ איז דורך און דורך, וואָס גאָר אַ גרויסע צאָל מענטשן אין דערדאָזיקער וועלט זענען. זי איז אַ מאַשין און אינסטרומענט פאַר אַנדערע און נישט אַ זעלבסט פאַר זיך אַליין, נישט קיין זעלבסטצוועקיקע פערזענלעכקייט. און אָט פאַרוואָס די זעלביקע קאַטיאַ, וועלכע

האָט זיך דערלויבט צו קומען אויף איבערגעבן זיך צו אַ ווילד־פרעמדן מאַן, און דערצו אַ באַקאַנטן און באַוואוסטן שיכּור און לעביונג אין דעם גראָבסטן זין פון וואָרט, די זעלביקע קאַטיאַ גיט זיך נישט איבער צו איוואַנען, וועלכן זי ליבט, אויף וויפיל זי איז מסתּמא בכּלל פעיק ליב ליב צו האָבן, און וועלכער ליבט זי מיט אַזוי פיל לײַדנשאַפט, וויפיל ער האָט איבערגענומען בירושה פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, און מיט אַזוי ווייניק, מסתּמא, וויפיל עס קאָן זיך פאַרבאַהאַלטן און אָנהאַלטן אין אַ נשמה פון אַן אַגנאָסטיקער און סקעפּטיקער. צו דעם פון צײַט־צו־צײַט אָן אָפּהאַלט און צוריקהאַלט אויסברוך פון לײַדנשאַפטלעכער ליבע פון אַ קאַראַמאַזאָוו, שטעלט קאַטיאַ דווקא אַנטקעגן די מיידלשע שטרענגקייט אירע, דאָס איז דערפאַר, וואָס איר אייגענע ליבע, איר אייגן אויסלעבן זיך צוליב איר אַליין, איז אַ סך שוואַכער אין איר, ווי די ליבע און דראַנג צו לעבן און אויסלעבן זיך נישט פאַר אַנדערע און צו אַנ־דערע, נאָר צוליב אַנדערע.

„אינגאַנצן אַ צעטרייסלטע מיט דעם, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיטיאַן, האָט זי זיך — שרײַבט דאָסטאָיעווסקי — אַ וואָרף געטון צו דעם ווידער צוריקגעקומענעם צו איר איוואַנען, ווי צו אַ וועלכן עס איז רעטער אירן. זי איז געווען באַליידיקט, צעווייטיקט, דערנידעריקט אין אירע געפילן, און אָט האָט זיך ווידער באַוויזן אַ מענטש, וועלכער האָט זי פריער אַזוי ליב געהאַט — אָ, זי האָט עס צופיל געוואוסט — און וועמענס שׂכל און האַרץ זי האָט אַלעמאָל געשטעלט אַזוי הויך איבער זיך. אָבער דאָס שטרענגע טוגנהאַפטע מיידל האָט זיך נישט אינגאַנצן איבערגעגעבן ווי אַ קרבן, נישט געקוקט אויף דעם גאַנצן קאַראַמאַזאָ־ווישן אויסברוך פון פאַרלאַנגען און אויף דעם גאַנצן כּישוף זײַנעם אי־בער איר. אין דער צײַט ווערט זי אומאויפהערלעך געמאַטערט פון געוויסנסביסן, וואָס זי האָט געפעלשט אָן מיטיאַן, און אין די שטורעמ־דיקע קריגערישע מינוטן מיט איוואַנען (און אַזעלכע זענען געווען אַ סך) האָט זי אים דאָס גלייך געזאָגט, און דאָס האָט ער, רעדנדיק מיט אַליאָשאַן, אָנגערופן „אַ ליגנט אויף אַ ליגנט".

„אַ ליגנט אויף אַ ליגנט" — דאָס איז ווידער אַ שטריך, וואָס כאַראַקטעריזירט קאַטיאַן, ווי יעדן איינעם, וואָס לעבט צוליב יענעם און פילט זיך נישט ווי אַ זעלבסטצוועק. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַ

מענטש, וואָס זאָל קאָנען אונטער די אַלע אומשטענדן, ווי זיי זענען איצט, דורכלעבן אַ לעבן אָן אַ ליגנט. אָבער זיכער איז, אַז קיין זאַך אין דער וועלט האַסט נישט אַזוי אַ פערזענלעכקייט, ווי זאָגן אַ ליגנט און פון קיין זאַך ליידט זי נישט אַזוי פיל, ווי פון דעם צוואַנג און דער נויט פון זאָגן אַ ליגנט. קאַטיאַ אָבער האָט נישט נאָר געזאָגט אַ ליגנט פון צייט-צו-צייט, נאָר זי האָט דורכאויס געפירט אַ ליגנעריש, אַ פאַלש און ביטרע לעבן. די געוויסע ביטרעקייט, וואָס די נאַטור האָט איינגעטיילט דער פרוי אינאיינעם מיט די אַנדערע ספעציפיש פיזישע, פיזיאָלאָגישע און פסיכישע אייגנשאַפטן — אָט דידאָזיקע ביטרעקייט האָט זיך אַנטוויקלט ביי קאַטיאַן צוליב איר ספעציפישער זעלבסטלאָזיקייט צו דער העכסטער מדרגה, און זי איז געוואָרן איין פאַרפישופטער קרייז פון ליגנט, פאַלשקייט און ביטרעקייט. זי איז ליגנעריש און פאַלש צו דמיטרין. זי האַנדלט ווי אַ שלאַנג צו גרושענקאַן און האַנדלט מאַטעמאַטיש-אימפולסיוו און אימפולסיוו-מאַטעמאַטיש צו איוואַנען, וואָס דאָס איז נאַטירלעך פאַראַדאָקסאַל. מער ליגנעריש, נאָך מער פאַלש, מער שלאַנג און מער דורך און דורך פאַראַדאָקסאַל און נישט אויסגעהאַלט, ווי צו אַלע אַנדערע, איז קאַטיאַ צו זיך אַליין.

מיט דעם פאַרטראַכט און מיט די געפילן פון אַ שלאַנג גיט זי דמיטרין דאָס געלט; אויף דעם ביטרעסטן וועג, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, נעמט זי דאָ נקמה אין אים פאַר זיין אַוועקגיין פון איר צו גרושענקאַן. פול מיט רחמנות ווערט זי צו אים, ווען מען משפט אים אויפן פאַרדאַכט, אַז ער האָט דערהרגעט דעם פאָטער. און אינם מאָמענט, ווען איר ליבע צו לעבן פון יענעמס-וועגן דערוועקט זיך אין איר, שטעלט זי זיך נישט אָפּ פון צו דערציילן פאַר אַלע מענטשן ביז צו אַלע איינצלהייטן וועגן איר ערשטן צונויפטרעף מיט דמיטרין, וועגן איר גרייטקייט זיך איבערגעבן צו אים און וועגן זיין עכט מאָראַלישער האַנדלונג צו איר. אָט דאָס אַלץ טוט זי, כדי צו וואַרפן אַ הויך-מאָראַליש ליכט אויף דמיטרין אין די אויגן פון די ריכטער, וואָס זאָל פאַרגרינגערן זיין שטראָף. דאָ קומט אָבער פלוצלינג אַריין דער פון האַלוצינאַציעס-ליידנדיקער איוואַן און ער איז זיך מודה, אַז ער, און נישט דמיטרי, האָט דורך סמערדיאַקאָוון דערהרגעט זיין פאָטער. דער „צוליב“ צו איוואַנען וועגט אויף דעם מאָמענט אַריבער דעם „צוליב“

צו דמיטרין, און פון קאַטיאַס איך־און־זעלבסטלאָזיקייט קומט תיכף־ומיד אַרויס אַ גאַנץ אַנדערע ווידוי.

אין איר אימפּולסיוויקייט גיט זי גלייך איבער צום פּראָקוראָר דעם שטרענג פּריוואַטן בריוו, וואָס מיטיאַ האָט איר געשריבן, און זי דערציילט פאַרן געריכט אין אַלע פּרטים אַלץ וועגן די דריי טויזנט רובל, וואָס זי האָט געגעבן מיטיאַן אויף איבערצושיקן איר שוועסטער. „איך האָב געוואוסט, — דערציילט זי צווישן אַנדערעס — אַז ער האָט געדאַרפט געלט, און האָב געוואוסט, אויף וואָס ער האָט עס געדאַרפט — אָט טאַקע דערויף, אַז ער זאָל געווינען אויף זיין זייט דאָסדאָזיקע באַשעפעניש און אַוועקפירן זי מיט זיך. איך האָב שוין געוואוסט, אַז ער איז געווען פאַלש צו מיר און אַז ער וויל מיך אַוועקוואַרפן, און איך אַליין האָב אים דערלאַנגט דאָסדאָזיקע געלט, אַליין עס פאָרגעשלאָגן אויף אָפּצושיקן עס כלומרשט צו מיין שוועסטער קיין מאָסקווע — — — נו, ווי־זשע איז מעגלעך, אַז ער זאָל נישט געווען האָבן פאַרשטאַנען, אַז איך האָב אים געזאָגט גלייך אין די אויגן: דו דאַרפסט געלט, כּדי צו זיין פאַלש צו מיר מיט דעמדאָזיקן באַשעפעניש, איז האָסטו דאָס געלט, איך גיב עס דיר, נעם עס, אויב דו ביסט אַזוי נישט ערנוויר־דיק, און וועסט עס נעמען — איך האָב אים געוואָלט באַווייזן, וואָס ער איז. נו, און וואָס? ער האָט זיי גענומען, זיי אַוועקגעטראָגן און האָט זיי פאַרשוועדנדט מיט דעמדאָזיקן באַשעפעניש אין איין נאַכט".

זי לייקנט אָפּ יעדעס גוטע וואָרט, וואָס זי האָט פריער געזאָגט אויף מיטיאַן. זי האָט עס געזאָגט, כּדי אים צו ראַטעווען. איצט האָט זי חרטה, און זי דערקלערט מיטיאַן בקול רם פאַר אַ מאָנסטער, און גייט אַריבער צו לויבן אין די הימלען אַריין איוואַנען. און אַזוי ווי זי איז נאָר פאַר־טיק געוואָרן, פּלאַצט איר אָנגעשטרענגטקייט, זי ווערט דערדריקט פון שאַנד און באַהערשט פון היסטעריע. ווען מען טראָגט זי אַ פאַרחלשטע אַרויס, טוט זיך גרושענקאַ אַ וואָרף מיט געוויין צו מיטיאַן: „מיטיאַ, אומגעבראַכט האָט דיך דיין שלאַנג".

און ווען דאָסטאָיעווסקי האָט אַריינגעגעבן דידאָזיקע ווערטער אין מויל פון גרושענקאַן, האָט ער געטראַכט מסתמא וועגן דער „חוה־און שלאַנג"־לעגענדע.

„די שלאַנג — דערציילט זיך אין חומש — איז געווען ליסטיקער

פון אַלע חיות אין פעלד, וואָס גאָט דער האַר האָט געמאַכט, און זי האָט געזאָגט צו דער פרוי — — — — און די פרוי האָט געטון, וואָס די שלאַנג האָט געהייסן. און ווען גאָט דער האַר האָט געזאָגט צו דער פרוי: וואָס האָסטו דאָ געטון? האָט די פרוי געזאָגט: די שלאַנג האָט מיך אָנגערעדט און איך האָב געגעסן — — — און צו דער פרוי האָט גאָט געזאָגט: מערן וועל איך מערן דיינע מאַטערנישן און טראָג־ווייענישן: מיט יסורים וועסטו געבוירן קינדער, און צו דיין מאַן וועט זיין דיין גלוסטונג, און ער וועט געוועלטיקן איבער דיר".

און ביז אויף היינטיקן טאָג האָט די פרוי נישט אויפגעהערט גלוסטן צום מאַן, און נישט אויפגעהערט האָט דער מאַן געוועלטיקן איבער איר. נישט געקוקט אָבער אויף גאָטס שטראָף, האָט די פרוי פאַר דער גאַנצער צייט זיך נישט אויפגעהערט איינצוהערן צו די רייד פון שלאַנג; פאַרקערט, די ליסטיקייט פון שלאַנג האָט זיך אַלץ געמערט און געשטאַרקט אין דער פרוי. וואָס מער אָבער עס האָט זיך געשטאַרקט אין דער פרוי די ליבע, וועלכע איז אַ סך מער פאַר גלוסטונג, וועלכע שליסט איין און איבערשטייגט די גלוסטונג; וואָס מער די ליבע האָט אַריינגענומען און אַריינגעוויקלט אין זיך אויך די קראַפט פון שטויסן די נשמה, דעם גייסט און ווען פון פרוי און מאַן צו דערהויבנקייטן, טיפקייטן און שיינקייטן; און וואָס מער דער זעלבסט און די פערזענ־לעכקייט האָבן זיך אַנטוויקלט אין דער פרוי — אַלץ מער איז מעגלעך געוואָרן פאַר דער שלאַנג־ליסטיקייט זיך אַליין אָפּט צו סובלימירן און פאַרוואַנדלט צו ווערן אין מענטשלעך אינטואיטיווער קלוגשאַפט. דאָס איז, וואָס האָט פאַסירט אין פאַל פון גרושענקאַן, וועלכע איז, אַ דאַנק איר כּוח צו ליבן און פירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן, געוואָרן צו מיטיאַן מלאך אָנשטאָט שלאַנג.

קאַטיאַ איז געווען און איז געבליבן צו מיטיאַן און צו איוואַנען שלאַנג, ווייל זי האָט נישט פאַרמאָגט די צוויי כּוחות, ווייל זי איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די צוויי מיסטעריעס — די כּוחות און די מיסטעריעס פון ליבע און פערזענלעכקייט. אָן די דאָזיקע צוויי כּוחות, אָן די דאָזיקע צוויי מיסטעריעס איז נישט מעגלעך געווען פאַר איר צו אונטערדריקן די שלאַנג אין זיך — און שוין אָפּגערעדט פון פאַר־

וואַנדלען די ליסטיקייט אין חכמה און ווערן אָנשטאָט חיה־שלאַנג — פרוי־מלאך.

## ב.

און ווי קאַטיאַ איז אויף קיין איין מאָמענט אין איר לעבן נישט געווען ביכולת צו זיין פרוי־מלאך צו ווערלכן עס איז מאַן, אַזוי איז דאָס אויך נישט געלעגן אין דער נאַטור פון איוואַנען צו זיין צו זיך אָדער צו וועלכן עס איז מענטש אין דער וועלט מענטש־מלאך. אין איוואַנען, ווי אין קאַטיאַן, זענען נישט געווען די קרעפטן, וואָס טוען אַמאָל אַ צינד אָן פאַר זיך און פאַר אַנדערע דאָס פייער פון געטלעכקייט, דאָס געפיל און דערפיל פון אָרגאַנישער איינגעוואָקלטקייט אינם אַבסאָלוט העכסטן.

דמיטרי, ווי גרושענקאַ, האָבן מיר געזעען, זענען יאָ געווען באַ־וועלטיקט און איבערוועלטיקט פון אַזעלכע קרעפטן. דמיטרי האָט גע־פילט, געוואוסט און געדענקט אָן גאָט אפילו אין די מאָמענטן, ווען דער טייוול האָט זיך צעשפּילט אויף אַלע כּלים און האָט געקערט וועלטן אין זיין נשמה, אין זיין גייסט און אין זיין גאַנץ וועזן. די פרייד פון פילן און ליבן גאָט האָט קיינמאָל נישט פאַרלאָזט דמיטרין, און וואו אַזאַ פרייד גייט אויף און האַלט אָן, דאָרט איז נישטאָ קיין מעגלעכ־קייט און קיין געלעגנהייט פאַר דעם טייוול צו בלייבן אַליין אויג־אויף־אויג מיט דעם מענטש. דאָרט, אין אַנדערע ווערטער, איז נישט פאַראַן קיין איין מאָמענט ווען דער מענטש איז ריינער טייוול. דער מענטש, וואָס פילט זיך שטענדיק אין גאָט און גאָט אין זיך, דערלויבט קיינמאָל נישט דעם טייוול צו ווערן געווגנוג חבר מיט אים אויף אַריינצוגיין אין וויכוחים מיט אים.

דאָסטאָיעווסקי, האָבן מיר געזעען, לאָזט דמיטרין זאָגן: „זאָל זיין, אַז איך גיי אין דער זעלביקער צייט אין די פוסטריט פונם טייוול, בין איך פונדעסטוועגן אויף דיין זון, מיין האַר, און איך האָב דיך ליב, און איך פיל די פרייד, אָן וועלכער די וועלט קאָן נישט שטיין און זיין". און דערפאַר לאָזט דאָסטאָיעווסקי אונז דערוויסן, און דערקענען דמיטרין

נאָר דורך זיינע שמועסן און אונטערריידונגען מיט אַליאָשאַן. דער טייוול האָט נישט דאָס וואָרט אין דמיטריס פּסיכישן און גייסטיקן צונויפשטעל. אין דעם ווען אָבער, וואָס הייסט איוואַן, לאָזט דאָסטאָיעווסקי דעם טייוול קומען צום וואָרט.

איוואַן, וועלכער איז קיינמאָל אין זיין לעבן נישט אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז פון פילן, ליבן און גלייבן אין דער פאַראַנענקייט פון גאָט, אין עקסטאַז פון פילן זיך נאָענט צו אים און אים נאָענט צו זיך — דער־דאָזיקער איוואַן דערהערט סוף־כל־סוף אין זיך די שטים פון טייוול. עס קומט דער מאָמענט פאַר איוואַנען, ווען ער אידענטיפיצירט זיך אפילו מיטן טייוול. און דערפאַר מוזן מיר פאַר אַ פולער דערקענונג פון איוואַנען, פאַר אַן אינטימער באַקאַנטשאַפט מיט זיין פּסיכישן און גייס־טיקן מהות און תמצית, אָנקומען נישט נאָר צו זיינע שמועסן, נישט נאָר צו זיינע, ווי ער אַליין רופט זיי אָן, טיראַדעס מיט אַליאָשאַן, נאָר אויך צו די פּילפּולים און וויכוחים, וואָס עס פירט מיט אים, אָט אויף אַ שטרענגן און אָט אויף אַ מילדן אופן, דער טייוול. דער טייוול איז עס דער, וועמען איוואַן קריגט פיינט תכלית־שנאה, דער טייוול איז עס איוואַן אַליין, וועמען איוואַן וואַרפט אַ גלאָז אין קאָפּ, אין דער צייט, ווען זיין — איוואַנס — אינטעלעקט, זיין שכל, זיין „געזונטער פאַר־שטאַנד", האָט באַנקראָטירט, און ער ווענדט זיך פאַר הילף צו די עמאָ־ציעס, וועלכע ער האָט נישט דערלאָזט זיי זאָלן זיך אין אים אַנטוויקלען, אָדער וועלכע ער האָט גאָר קיינמאָל נישט פאַרמאָגט אין אַ געזונטער מאָס, אפילו פּאָטענציעל.

די ווערטער, מיט וועלכע דער טייוול באַצוועקט זיך צו כאַראַקטע־ריזירן, זיך פאָרצושטעלן, אַזוי צו זאָגן, פאַר איוואַנען, זענען ווערטער, וואָס טרעפן אין סאַמע פּינטל פון דעם גאַנצן איוואַנען. זיי גיבן אונז איוואַנען אין זיין גאַנצער קליין־און־גרויס.

„איך בין אפשר — זאָגט דער טייוול — דער איינציקער מענטש אין דער גאַנצער נאַטור, וואָס האָט ליב דעם אמת און וואָס וויל באמת דאָס גוטע. איך בין געווען, ווען דאָס וואָרט, וואָס איז געשטאָרבן אויפן צלם, איז אַרויף אויפן הימל, טראָגנדיק אין זיין בוזעם די נשמה פון דעם חרטה־האָבנדיקן גזלן. איך האָב געהערט די פריילעכע שאַרפע אויסגעשרייען פון די כּרובים, זינגענדיקע און שרייענדיקע הושענא, און די דו־

נערנדיקע התלהבות פון די שרפים, וואָס האָט צעטרייסלט דעם הימל און דעם גאַנצן באַשאַף. און אָט שווער איך דיר ביי אַלץ, וואָס איז הייליק, כ׳האָב געוואָלט זיך אָנשליסן אין דעם כאָר און אַ שריי טון מיט זיי הושענא. עס איז שוין אַראָפּגעפלויגן, עס האָט זיך שוין געריסן פון דער ברוסט. — דו ווייסט דאָך ווי עמפינדלעך און עסטעטיש איינדרוקספול איך בין — דער געזונטער פאַרשטאַנד אָבער — די אומגליקלעכסטע ענגשאַפט אין מיין כאַראַקטער — האָט מיך אויך דאָ געהאַלטן אין די נויטיקע גרענעצן, און איך האָב דורכגעלאָזט דעם מאָמענט!״

דער געזונטער פאַרשטאַנד — די אומגליקלעכסטע ענגשאַפט פינם טייוול, איז אויך די אומגליקלעכסטע ענגשאַפט פון איוואַנען און פון אַלע אינטעלעקטואַליסטן, וואָס זענען געווען אויף דער וועלט און וועלן נאָך חלילה אפשר זיין אויף איר. דער פאַרשטאַנד ווערט געזונט, און געזונט ווערנדיק, ווערט ער שעדלעך פאַר דעם גייסט ווי אַ גאַנצן, דעמאָלט ווען ער נעמט די אויבערהערשאַפט איבער די געפילן און עמאָציעס און פאַרשטעלט אויף אַזאַ מין אופן דעם וועג צו אַלערליי אינטואיטיווע צַריינבליקן און אַרומנעמונגען, וועלכע קומען נאָר אין די מאָמענטן פון אַלץ אַרומכאַפּנדיקע און אָן אַלץ פאַרגעסנדיקע אינספּיראַציעס און אַספּיראַציעס. צו ווערן אָט אַזוי געזונט אין פאַרשטאַנד מיינט צו זיין אינטעלעקטואַליסטיש אָנשטאָט וואָלונטאַריסטיש, אַנאַליטיש אָנשטאָט סינטעטיש, טראַנסצענדענטאַליסטיש אָנשטאָט אימאַנענט. אַזאַ געזונטקייט פון פאַרשטאַנד פירט צו אַגנאָסטיציזם, ספּעקטיציזם און פּעסימיזם און צום ענדלעכן פּועל-יוצא פון זיי אַלעמען — צו דער פאָרמול „אַלץ איז דערלויבט״, ווייל איך בין דער אַלץ און איבער מיר, פאַר מיר און נאָך מיר, איז גאָרנישט נישט פאַראַן. דאָס אַלץ אין איינעם גענומען איז געווען דער קאָנקרעט סימבאָלישער איוואַן. ער איז געווען, ווי מיר וועלן באַלד זען, דער אינטעלעקטואַליסט, דער אַנאַליטיקער, דער טראַנסצענדענטאַליסט, דער אַגנאָסטיקער, סקעפּטיקער און פּעסימיסט, און צו דעם אַלעמען דער אויסגעהאַלטענער פאַרטיידיקער פון דעם „אַלץ איז דערלויבט״, ביז צו דעם מאָמענט, ווען דער אינטעלעקט האָט באַנקראָטירט און די עמאָציעס האָבן געזיגט.

איוואַן איז אַ זון פון דעם ליידנשאַפטלעכן, לעבנספולן און לעבנליבנדיקן פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. און אויב ער קאָן נישט, צוליב דעם

אינטעלעקטואַליזם זיינעם און אַלץ, וואָס גייט מיט דעם אינטעלעקטואַ־ליזם, ווי דער פאָטער ליב צו האָבן ביז צו פאַרגעסנקייט דאָס לעבן אין אַלע זיינע נידערן און פלאַכן; און אויב ער קאָן נישט, ווי דמיטרי, ליב האָבן דאָס לעבן אין זיינע נידערן און הויכן, אין זיינע פלאַכן און טיפן, טראָגט איוואַן אַריבער זיין געירשנטע ליידנשאַפט הויפּטזעכ־לעך אויף דער עקשנותדיקער און אויסגעהאַלטענער פאַרטיידיקונג פון „אַלץ איז דערלויבט". שלעכט איז נאָר איוואַנען, וואָס ער קאָן נישט אויף אַ לאָגיש אויסגעהאַלטענעם אופן ענטפערן אויף דער פראַגע: וועמען איז אַלץ דערלויבט, און צוליב וואָס דאַרף מען אָט די אַלציקע דערלויבעניש. צו זאָגן: „מיר איז אַלץ דערלויבט", מיינט דאָך צו זאָגן, אַז עס איז פאַראַן אַן איך, וואָס זאָגט „מיר". ווי קאָן אָבער זיין אַ זיך־פילנדיקער, זיך־ליבהאָבנדיקער, זיך־קענענדיקער און דערקענענדיקער איך אין אַ וועלט, וואָס איר פאַרנונפטיקייט, איר צוועקמעסיקייט, איר אָרגאַנישע אָנגעבונדנקייט און אָנגעשלאָסנקייט אין אַ העכער וועזן, ווערט געלייקנט און צוריקגעוויזן פון דעם אינטעלעקט. און אַמאָל טוט דער אינטעלעקט אַ גיי אַזוי ווייט, ווי ער איז טאַקע גע־גאַנגען ביי איוואַנען, און טוט אַ לייקן אָפּ און אַ ווייז צוריק די גאַנצע עקזיסטענץ בכלל פון דער וועלט.

און דערפאַר, איז מיט זיין גאַנצער פאַראַכטונג צום טאַטן פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, פילט איוואַן, אַז אים — איוואַנען, — פעלט אפילו דאָס, וואָס זיין טאַטע פאַרמאָגט. יאָ, זיין טאַטע פילט און לעבט מיט אַלץ, וואָס איז אין אים זיין תאווה. דער טאַטע לעבט און וויל זיך אויסלעבן אין דער תאווה. ער פילט זיך, ווי אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון איר, אָדער ווי אַן עמעץ, ווי אַ יש, וואָס דורך אים שלאָגט זיך דורך די קאָסמישע תאווה. און דאָס גיט זיין טאַטן דאָס געפיל פון אַ זעלבסט־קייט, פון אַן איך, פון אַ פערזענלעכקייט, דאָס געפיל פון באָדן און פעלזיקייט, אויף וועלכן ער קאָן זיך האַלטן שטאַרק און פעסט מיט ביידע פיס. איוואַנס אינטעלעקט, איוואַנס געזונטער פאַרשטאַנד, וואָס טוט אַ פליוך מיט קאַלט וואַסער אויף יעדער פאַרקאָכטקייט און אויפגעקאָכט־קייט, אויף יעדן פייערדיקן ברען און ברענענדיקן פייער, דערלאָזט קיינ־מאָל נישט איוואַנען זיך צו דערפילן ווי אַ גאַנצן און אַן אומאיבערגע־ריסענעם פון אָנהייב לעבן ביז צום סוף און פון דעם סוף ביז צום אין־

סוף, און דערפאַר — דאָס שטענדיקע געפֿיל, דער שטענדיקער באַגריף פון נישט־צונויפגענומענקייט, פון באַדנלאָזיקייט און אַנ־האַלטסלאָזיקייט.

„מיר וועלן זיך אַלזאָ — זאָגט איוואַן צו אַליאָשאַן — נאָך זעען אין דער וועלט, מיר וועלן זיך טרעפן, איידער איך וועל זיין דרייסיק, ווען איך וועל אָנהייבן זיך אָפּקערן פון בעכער. דער טאַטע וויל זיך נישט אָפּקערן פון זיין בעכער, ביז ער איז זיבעציק, ער חלומט אפילו ביז אַכציק. ער האָט אַליין געזאָגט. ער מיינט ערנסט, כאָטש ער איז אַ שוט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיין תאווהדיקייט און אויך ווי אויף אַ פעלז. כאָטש נאָך דרייסיק איז אפשר טאַקע נישטאָ אויף וואָס צו שטיין אַחוץ דעם...״

נישטאָ אויף וואָס זיך צו האַלטן, — דאָס איז די טראַגעדיע פון איוואַנען. ער איז, ווי דער טייוול האָט זיך אויסגעדריקט, צו עמפינדלעך און צו איינדרוקספול־עסטעטיש צו וועלן שטיין אויף דער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָווישער תאווה, וועלכע איז אים נישט אינגאַנצן צום האַרץ. און עס פעלט אים אויך צוליב זיין אינטעלעקטואַליזם עמאַציאָ־נעלער עקסטאַז צו קאָנען, ווי דמיטרי, פאַרוואַנדלען די תאווה אין ליבע, און עס פעלט אים דמיטריס אַריינבליק און אַרומנעם, דמיטריס אינטואיטיווע דערהויבונג און פאַרטיפונג אויף צו קאָנען, ווי דמיטרי און אַלע דמיטרישע נאַטורן, פאַרוואַנדלען די ליבע אין ראָמאַנטיק, וואָס דאָס מיינט צו קאָנען זי פראַזשעקטירן און אוניווערסאַליזירן, און מאַכן זי דורך דעם פאַר אַ סטימולירנדיקער און אָנרעגנדיקער קראַפט פאַר אַלץ און אַלעם אין דער וועלט. אַזוי הויך ווי די ליבע איז איבער תאווה, אַזוי הויך, אויב נישט נאָך העכער, איז די ראָ־מאַנטישע ליבע איבער סתם ליבע, אָדער, ווי מען וואָלט זי אפשר גע־דאַרפט רופן, רעאַליסטישע ליבע אין אונטערשיד צו דער ראָמאַנטישער ליבע. און ווי ווייניק די צאָל, וואָס קאָנען ליבן בכלל, איז נאָך ווײ־ניקער די צאָל, וואָס קאָנען ליבן ראָמאַנטיש.

דאָסטאָיעווסקי זאָגט אונז, אַז איוואַן האָט שטאַרק און ווילד ליב געהאַט קאַטיאַן, אָבער מערקווירדיק, וואָס אין דעם גאַנצן ווערק „ברי־דער קאַראַמאַזאָוו״ איז נישטאָ קיין איין שורה, וואָס זאָל אונז ווייזן, וואָס זאָל אונז דערציילן וועגן דעם איינפלוס און ווירקונג וועגן הע־

כערע אָנרעגונגען מצד קאַטיאַן אויף איוואַנען, אָדער מצד איוואַנען אויף קאַטיאַן, ווי עס ווערט וועגן דעם דערציילט און געמאָלן אין גאָר אַ סך שורות אין דעם זעלביקן ווערק בנוגע צו מיטיאַן און גרושענקאַן.

נישט קאַטיאַ און נישט איוואַן האָט געקענט ליבן ווי דמיטרי און גרושענקאַ. זיי האָבן נישט געקענט ליבן ראָמאַנטיש, ווייל נישט קאַטיאַ און נישט איוואַן האָט זיך געפילט ווי אַ פּערזענלעכקייט. נאָר איינער אָדער איינע, וואָס פילט זיך ווי אַ שטאַרקער זעלבסט, ווי אַ יש, ווי אַ פּערזענלעכקייט, קאָן זיך און זיינע געפילן פּראָזשעקטירן און אוניווערסאַליזירן, און נאָר אַ זיך־פּראָזשעקטירנדיקע און אוניווערסאַליזירנדיקע ליבע איז אַ ראָמאַנטישע ליבע, און נאָר אַ ראָמאַנטישע ליבע קאָן געבן פליגל צום זעלבסט און צו דער פּערזענלעכקייט.

פליגל, פליגל — דאָס איז, וואָס ס'האָט געפעלט איוואַנען, ווי זיי פעלן יעדן אינטעלעקטואַליסט, יעדן אַנאַליטיקער, יעדן אַגנאָסטיקער און סקעפּטיקער, יעדן אומרעליגיעזן מענטש, מעג ער יאָ אָדער נישט זיין אָנגעשלאָסן אין אַזאַ אָדער אַן אַנדערער רעליגיע, מעג ער יאָ אָדער נישט אָנערקענען גאָטס עקזיסטענץ אויף דער וועלט.

איך האָב פריער געבראַכט דעם טייוולס ווערטער צו איוואַנען, איצט וועל איך ברענגען איוואַנס ווערטער צו אַליאָשאַן, און מיר וועלן זען, וואָס פאַר אַן ענלעכקייט אינם גייסט פון טייוולס אין איוואַנס ווערטער.

„אָט בין איך מיר דאָ אַזוי געזעסן — זאָגט איוואַן צו אַליאָשאַן — און ווייסטו, וואָס איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: אַז ווען איך זאָל נישט גלייבן אין לעבן, ווען איך זאָל פאַרלירן דעם גלויבן אין דער פרוי, וועלכע איז מיר טייער. ווען איך פאַרליר מיין גלויבן אין סדר פון זאַכן, ווען איך זאָל זיך איבערצייגן פאַרקערט, אַז אַלץ איז מבולבלדיקער, פאַרשאָלטענער טייוולשער כאַאָס, ווען איך ווער געטראָפן פון אַלע שרעקן פון מענטשלעכן יאוש, וואָלט איך נאָך אַלץ געוואָלט לעבן און, האָבנדיק איינמאָל פאַרזוכט פון בעכער, וואָלט איך מיך נישט אָפּגעקערט פון אים, ביז איך וואָלט אים נישט אויסגעליידיקט ביז צום דעק”.

אָט אַזוי רעדט און דאַרף רעדן אַ זון פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו און אַ ברודער פון דמיטרין. אָט אַזוי האָט גערעדט דער טייוול, דערציילנדיק וועגן די כּרובים און שרפים, אָבער ווען עס איז געקומען צום געשריי הושענה, האָט געגעבן אַ שפּרונג אויף דער געזונטער פאַרשטאַנד און נישט דערלאָזט. און אַזוי אויך מיט איוואַנען, וועלכער איז נישט, ווי דמיטרי, דער וואָלונטאַריסט, נאָר דער אינטעלעקטואַליסט. און דערפאַר, פאָרזעצנדיק ווייטער זיינע רייד צו אַליאָשאַן וועגן זיין פאַרקאָכטקייט אין לעבן, שטעלט ער באַלד אַריין אַן „אָבער". ער זאָגט: „צו דרייסיק יאָר אָבער וועל איך זיך זיכער אָפּקערן פון בעכער, אפילו ווען איך וועל אים נישט האָבן אויסגעליידיקט, און איך וועל אַוועק, וואוהין ווייס איר נישט".

קאָן זיך עמעצער פאָרשטעלן אַן אמתע פאַרקאָכטקייט אין לעבן, וואָס זאָל גיין האַנט-אין-האַנט מיט אַ זיכערן וויסן, אַז אין דעם און דעם טאָג, יאָר אָדער תּקופה פון לעבן, וועט די פאַרקאָכטקייט אָפּגעשטעלט ווערן מיטן אייגענעם ווילן און דער פאַרקאָכטער וועט אַוועק ערגעץ-וואו, וואוהין ווייסט ער נישט? די לעצטע ווערטער זענען אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר צעשפּאָלטענע און אַנאַליטיש-גענייגטע נאַטורן. און אָט זענען נאָך אַ פּאָר טיראַדן פון איוואַנען צו אַליאָשאַן אין דעם זעלביקן נוסח: „עס ווילט זיך לעבן און איך לעב אויף להכעיס אפילו דער לאָגיק. איך מעג אפילו נישט גלייבן אינם סדר פון זאַכן, דאָך האָב איך ליב די קלעפּיקע, קליינינקע, זיך פונאַנדערלאָזנדיקע אין פרילינג-בלעטלעך. טייער איז מיר דער בלויער הימל, טייער אַ געוויסער מענטש, וועמען, דו וועסט מיר גלייבן, מען האָט אַמאָל ליב, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, טייער אַ געוויסע מענטשלעכע העלדישקייט, אַן וועלכער דו האָסט שוין אפשר לאַנג אויפגעהערט צו גלייבן, און דאָך, אויס אַלטער געוואוינהייט, שאַצסטו זי מיטן האַרץ".

וואָס פאַר אַ טעם עס האָט אַ שאַצן אויס געוואוינהייט ווייסן מיר, און אַזאַ טעם האָט אויך מסתּמא די ליבע פון דעם, וואָס ווייסט אויף שריט און טריט, אַז ער טוט דער לאָגיק אויף להכעיס, אַז ער טוט איר אָפּ אַ שפּיצל — אַזאַ טעם האָט זיין ליבע צו די פרילינג-בלעטער, צום בלויען הימל, און אַזאַ טעם, אָדער בעסער געזאָגט, גאָר

קיין טעם האָט זיין ליבע צום געוויסן מענטש, וועלכן מען ליבט, נישט וויסנדיק פאַרוואָס. אָט דידאָזיקע אומבאַטעמסקייט האָט מסתמא דערפילט איוואַן, רעדנדיק צו דעם אַלץ זעענדיקן אַליאָשאַן, און דער־פאַר טוט ער אים מיטאַמאָל אַ זאָג וועגן זיין כוונה אַ פאָר צו טון קיין איראָפּע. ער וויל פאָרן אַהין, כדי זיך אָנצוזאַפּן מיט מער גלויבן, מיט מער ברען און פייער פון איבערגעבנקייט און ליבשאַפט צו זאַכן און צו אַרבעט, צו אידעען און אידעאַלן. כאַראַקטעריסטיש אָבער נאָכאַמאָל, און עכט כאַראַקטעריסטיש, פאַר איוואַנען איז דאָס, וואָס ער קלויבט זיך צו פאָרן קיין איראָפּע און צו שעפּן באַגייסטע־רונג דאָרט, נישט פון די לעבעדיקע מענטשן, נאָר פון די, וואָס ליגן שוין אויף די בית־עלמינס. נישט קאָנענדיק פילן אין זיך קיין עקסטאַז, קיין ענטוזיאַזם, קיין ברען און פייער, קאָן דעריבער איוואַן אויך נישט פילן דאָס זעלביקע אין די מענטשן אַרום אים. אויף זיין ברודער דמיטרי, וויסן מיר שוין, קוקט ער ווי אויף אַ שרץ, און אויף דעם טאַטן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. און דערפאַר דאַכט זיך אים אויף אַ רגע, אַז אַמאָליקע מענטשן זענען אַנדערש געווען. און פון זייערע קברים דענקט ער צו שעפּן באַגייסטערונג פאַר זיך.

„איך וועל — זאָגט ער — אַ פאָר טון קיין איראָפּע — — —

און איך ווייס דאָך, אַז איך וועל פאָרן בלויז אויף אַ בית־עולם, אָבער אויף דעם טייערסטן בית־עולם, אָט וואָס! טייערע ליגן דאָרט, יע־דער שטיין איבער זיי רעדט וועגן אַזאַ ברענענדיק פאַרגאַנגען לעבן, וועגן אַזאַ ליידנשאַפטלעכן גלויבן אין זייער אַרבעט, אין זייער אמת, זייער קאַמף און זייער וויסנשאַפט, אַז איך ווייס פריער, אַז איך וועל פאַלן אויף דער ערד, וועל קושן דידאָזיקע שטיינער, וועל וויינען אי־בער זיי, זייענדיק אין דער זעלביקער צייט איבערצייגט מיטן גאַנצן האַרץ, אַז דאָס איז שוין אַ בית־עולם און נישט מער. און נישט אויס פאַרצווייפלונג וועל איך וויינען, נאָר פשוט דערפאַר, וואָס איך וועל זיין גליקלעך מיט מיינע פאַרגאָסענע טרערן. איך וועל זיך איינזויגן אין מיין אייגענער עמאָציע. די קלעפּיקע פרילינגס־בלעטלעך, דעם בלויען הימל האָב איך ליב, אָט וואָס! דאָס איז נישט דער שכל, נישט די לאָגיק. דאָ האָסטו ליב מיט דיין אינגעווייד, מיט דיין בויך. דיינע ערשטע יונגע כוחות האָסטו ליב, פאַרשטייסטו עפּעס וועגן מיין טי־

ראַדע, אַליאָשאַ, צי נישט? — האָט זיך פּלוצלינג פונאַנדערגעלאַכט איוואַן".

איוואַן האָט זיך מסתמא נישט געקאָנט צוריקהאַלטן פון לאַכן, דערפילנדיק ווי עס רעדן אין אים צוויי איוואַנעס — איוואַן, פיאָדאָר קאַראַמאַזאָווס זון, און איוואַן דער אינטעלעקטואַליסט, איינער פאַרלייקענענדיק דעם אַנדערן. אָבער אַליאָשאַן נאַרט מען נישט. אַליאָשאַ ענטפערט איוואַנען:

„איך פאַרשטיי צו גוט, איוואַן, עס ווילט זיך לעבן מיטן אינגעווייד און בויך — אויסגעצייכנט האָסטו דאָס געזאָגט, און מיר טוט שרעקלעך הנאה, וואָס דיר ווילט זיך אַזוי לעבן, האָט אויסגעשריגן אַליאָשאַ. איך דענק, אַז אַלע דאַרפן פריער פון אַלץ ליב קריגן דאָס לעבן".

און ווען איוואַן פרעגט: ליב קריגן דאָס לעבן מער ווי דעם זין פון לעבן? ענטפערט אַליאָשאַ:

„זיכער אַזוי, ליב קריגן דאָס לעבן פריער פאַר דער לאָגיק, ווי דו זאָגסט, זיכער, פריער פאַר דער לאָגיק, און ערשט דעמאָלט וועל איך אויך דעם זין פאַרשטיין. אָט וואָס מיר האָט זיך שוין לאַנג געדאַכט. האַלב פון דיין אַרבעט איז אַן אָפּגעטוענע, איוואַן, דו האָסט ליב צו לעבן, איצט דאַרפסטו זיך אָנטון אַ כוח וועגן דער צווייטער האַלב און דו ביסט אַ געראַטעוועטער".

„דו ראַטעוועסט מיך שוין, און איך בין נאָך נישט קיין פאַרלוירענער אפשר! רופט אויס איוואַן, און באַלד פרעגט ער: און אין וואָס באַשטייט דיין צווייטע האַלב? און אַליאָשאַ ענטפערט: אין דעם איוואַן, וואָס מען דאַרף צום לעבן ברענגען דיינע טויטע, וואָס זענען אפשר קיינמאָל נישט געשטאָרבן!"

## ג.

אַליאָשאַ ווייסט, אַז די, וואָס פילן נישט זייער איך, זייער זעלבסט ווי אַ יש, וואָס איז געווען, איז און וועט זיין, אַז די, וואָס קניפּן נישט אָן זייער איך אָן אַ העכערן און העכסטן איך, די קאָנען שעפּן ווייניק באַגייסטערונג פון די לעבעדיקע און נאָך ווייניקער באַגייסטערונג פון די טויטע. אַליאָשאַ האָט אויך ליב דאָס לעבן און אויך דמיטרי האָט ליב דאָס לעבן, זיי זענען דאָך אַלע זין פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. פאַר אַליאָשאַן מיט דמיטרין אָבער איז דאָס לעבן אַן אומאויפהערלעכער און אומאיבערייסנדיקער זיך אַלץ פאַרטיפנדיקער, אַלץ פאַרשענערנדיקער פּראָצעס. פאַר זיי ווערט דאָס לעבן פון מענטשן אַריינגעוועבט אין דער וועלט, און דאָס מענטש־און וועלט־לעבן אַריינגעוועבט אין גאָט, און גאָט־מענטש־וועלט ווערט אויף אַזאַ אופן איין גרויס געוועב, וואָס וועבט זיך שענער, וועבט זיך טיפער, וועבט זיך העכער דורך יעדער באַוואוסטזיניקער אָנשטרענגונג פון יעדן איינציקן מענטש, און מענטש — דורך וועלט, און זיי ביידע — דורך גאָט, און גאָט דורך זיך און דורך זיי. דער קאַמף גופא פאַר אַ שענערער און העכערער וועלט מאַכט שוין דעם מענטש העכער, שענער און בעסער. און דורך דעם העכערן, בעסערן און שענערן מענטש ווערט אויך גאָט נאָך העכער, נאָך שענער און נאָך בעסער.

וואָס אַליאָשאַ און דמיטרי ווייסן און פילן, פילט נישט און ווייסט נישט איוואַן, און וואָס דאָס לעבן איז פאַר זיי, איז דאָס נישט פאַר איוואַנען, ווייל איוואַן, ווי יעדער אינטעלעקטואַליסט, ווייסט פון דעם טראַנסצענדענטאַלן און נישט פון דעם אימאַנענטן, און ווי יעדער טראַנסצענדענטאַליסט איז ער אויך אַגנאָסטיקער.

איוואַן שטעלט זיך פאָר גאָט ווי אַן אַרכיטעקט, וועלכער האָט געמאַכט די וועלט אויף אַזאַ און אַזאַ פּלאַן. די וועלט, ווי אַזעלכע, איז דעריבער אויס־ווייניק פון גאָט. די וועלט און דער מענטש האָבן נישט קיין אָרגאַנישע שייכות צו גאָט, און דעריבער קאָן מען האָבן טענות צו גאָט פאַר די שלעכטקייטן אין דער וועלט און אין דעם מענטש, ווי

מען קאָן זיי האָבן צו אַן אַרכיטעקט. די וועלט און דער מענטש קאָן פֿון אַן אַרכיטעקטאָרישן שטאַנדפּונקט זיין לחלוטין אַנדערש, און לחלוטין פֿאַרשידן פֿון גאָט, און ווי אַזעלכע מעג זי דער מענטש כמעט נישט אָנערקענען און פֿאַרלייקענען, און אַזוי ווי זי געפֿעלט אים נישט, מעג ער טון אין איר אַלץ, וואָס אים געפֿעלט יאָ.

„שטעל זיך פֿאָר, זאָגט איוואַן צו אַליאָשאַן, אַז דו אַליין שטעלסט אויף די געביידע פֿון דעם מענטשלעכן שיקזאַל מיט דעם צוועק צו מאַכן ענדלעך גליקלעך די מענטשן, זיי געבן ענדלעך רו און פֿרידן; נאָר כּדי דאָס דערמעגלעכן, איז נייטיק און אומפֿאַרמיידלעך צו פֿאַרמאַטערן צום טויט איין קליין באַשעפֿעניש, און אויף זיינע טרערן, פֿאַר וועלכע מען האָט זיך נישט נוקם געווען, גרינדן אָט דידאָזיקע געביידע, וואָלסטו מסכּים געווען צו ווערן דער אַרכיטעקט אויף אַזעלכע באַדינגונגען? זאָג מיר, און זאָג דעם אמת!"

אַליאָשאַ ענטפֿערט: אוודאי ניין. אָבער צו אַליאָשאַן, ווי צו דמיטרין, איז אַזאַ פֿראַגע אַן אומזיניקע, ווייל צו זיי איז גאָט נישט קיין אַרכיטעקט. ער איז נישט אויסנווייניק פֿון דער וועלט און דעם מענטש, נאָר אינעווייניק. ער איז אין זיי, ווי זיי זענען אין אים. אונדזער פֿילן די שלעכטקייט, מיאוסקייט און נידעריקייט אין דעם מענטש און אין דער וועלט איז אויך גאָטס פֿילן דאָס זעלביקע, און אונדזער אומצופֿרידנקייט, אונדזער קאַמף און אונדזער זיג, איז אויך זיין קאַמף און זיין נצחון, און אונדזער נידערלאַגע, איז אויך זיין נידערלאַגע.

ווי דער טייוול, אַזוי אויך האָט איוואַן ליב געהאַט דעם אמת און געזוכט דאָס גוטע. אַליאָשאַ, ווי דמיטרי, און ווי דער הייליקער פֿאָטער זאָסימאַ, וועלכער האָט נישט געוואָלט, אַז אַליאָשאַ זאָל בלייבן צווישן די ווענט פֿון קלויסטער, נאָר אַרויסגיין אין דער וועלט אַריין און זיין רעליגיעז און נישט קלויסטערלעך — זיי אַלע האָבן געזען, געפֿילט און סימפּאַטיזירט מיט איוואַנס זען און פֿילן די שרעקלעכע אומגערעכטיקייטן, פֿאַלשקייטן און נידערטרעכטיקייטן אין דער וועלט, אין מענטשן און צווישן מענטשן. אַלץ אָבער, וואָס איוואַן האָט דערציילט,

אַלץ, וואָס ער האָט געמאָלן צו אַליאָשאַן וועגן דעם, וואָס עס גייט אָן און וואָס איז אָנגעגאַנגען אויף דער וועלט, פון וואָס די האָר אויפן קאָפּ שטייען און דאָס בלוט אין די אָדערן גליווערט — דאָס אַלץ איז נישט קיין אַרגומענט פאַר זיי קעגן דער אָנערקענונג פון דער עקזיסטענץ פון דער וועלט, נישט קיין אַרגומענט פאַר צוריקווייזן זי און פאַר צוריקגעבן, ווי איוואַן זאָגט, גאָט דעם בילעט מיט גרויס אַכטונג. עס איז נישט נויטיק דאָס צו טון, און עס איז נישט מעגלעך. נישט נויטיק — ווייל איינצייטיק מיט די אַלע שלעכטסקייטן, מיאוסקייטן, אומגערעכטיקייטן און נידערטרעכטיקייטן, פילט זאָך די מענטשלעכע נשמה אויך די גוטסקייטן, שיינקייטן, גערעכטיקייטן און דערהויבנקייטן. רעדט דאָך אפילו איוואַן אַליין וועגן דער שיינקייט און דער דערהויבנקייט פון די פונאַנדערשפּרייטנדיקע זיך בלעטלעך אין פרילינג, און פון דעם בלויען הימל, און פון דער ליבע צו דער, וואָס מען ליבט, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, און פון העלדישקייטן, און פון אַן אַמאָליקן הייסן גלויבן אין אידעען און אידעאַלן. און אויב אפילו איוואַן קאָן זיך נישט צוריקהאַלטן פון אָנערקענען אַזוי פיל שיינקייט און גראַנדיעזקייט אין דער וועלט און צווישן מענטשן, היינט וויפיל פון דעם אַלעמען איז שוין פאַראַן אויף צו נעמען און אַריינצונעמען, אויף צו לעבן און איבערצולעבן פאַר אַלע די, וואָס זענען נישט, ווי איוואַן, געשטראָפט מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד! פאַרוואָס צוריקגעבן דעם בילעט אָנשטאָט צו אַרבעטן מיט אַלע כּוחות פאַר נאָך מער שיינקייט און נאָך מער גראַנדיעזקייט און פאַר דער מעגלעך שטאַרקסטער אויסראָטונג פון אַלץ, וואָס געפעלט נישט? איז דאָך שוין פונדעסטוועגן נישט מעגלעך היינט צו טאָג פאַר פּריצים אָנצורייצן זייערע הינט אויף אַ קליין קינד און עס לאָזן פון זיי אויף שטיקלעך צעריסן ווערן אין די אויגן פון דער מאַמע, ווי דאָס האָט, ווי איוואַן דערציילט, געטון אַ פּריץ אַמאָל. און אויב אַ סך מילדערע האַנדלונגען פון פּריצים און אַריסטאָקראַטן און דעספּאָטן רופן אַרויס ביי אונז איצט אַזוי פיל, אויב נישט נאָך מער, ווייטיק און אַנטריסטונג, ווי די ברוטאַלסטע האַנדלונגען פון די ברוטאַלסטע מענטשן אַמאָל, מיינט דאָס, אַז מיר ווערן עמפּינדלעכער און איידעלער, און נ י ש ט, אַז די וועלט און מענטש פּראָגרעסירט נישט.

און אויב עס זאָל אפילו גייטיק זיין צוריקגעבן דעם בילעט, איז עס נישט מעגלעך, ווייל עס מיינט אינדעראמתן צוריקגעבן דעם בילעט זיך גופא. ווער עס פילט באמת די גוטסקייט, ווי די שלעכטסקייט, די אומגערעכטיקייט, ווי די גערעכטקייט, דעם אמת, ווי די פאַלשקייט, אין דער וועלט, און האַלט נישט נאָר, ווי איוואַן, טיראַדן וועגן זיי, דער פילט די וועלט און דעם מענטש און די איבערוועלט און דעם איבער־מענטש, ווי די איין־און־איינציקע גאַנצקייט. און דאָס פילן פון דער קאָסמישער גאַנצקייט טוט אַ שפּאַר אַריין דעם מענטש, וואָס פילט זיך — אין דער אייביקייט, און ווען מען דערפילט זיך, ווי אַן אייביקער אַ י ך ב י ן, ווי דמיטרי האָט זיך דערפילט, ווען מען דערפילט זיך, ווי ער „צו קושן דעם זוים פון יענעם שלייער, אין וועלכן מיין גאָט איז איינגעוויקלט", ווייל זיין שלייער איז אויך מיין שלייער — דעמאָלט דערפילט זיך טיפער דער זין און באַדייט פון דעם אייגענעם איך און זעלבסט. און גערעכט איז דעריבער אַליאָשאַ, ווען ער זאָגט, אַז ערשט ליב קריגנדיק דאָס לעבן, קאָן מען פאַרשטיין דעם זין פון לעבן.

אַלע טענהס און שאלהס צו גאָט זענען איובן פאַרענטפערט געוואָרן, ער האָט געפונען זיין אָריענטירונג מיטן שיקזאַל, ווען ער האָט דערזעען גאָט פנים־אל־פנים, וואָס דאָס מיינט, ווי שפינאָזע האָט עס שפעטער פילאָזאָפיש פאָרמולירט, צו זעען זיך אין אים און אים אין זיך.

און דערפאַר לאָזט דאָסטאָיעווסקי דעם פאָטער זאָסימאַ, וועמענס גייסט אין אַ נייער געשטאַלטונג גייט אַריבער צו אַליאָשאַן — זאָסימאַן לאָזט דאָסטאָיעווסקי זאָגן: „איוב, לויבנדיק גאָט, דינט נישט נאָר אים, נאָר זיין גאַנצן באַשאַף פאַר דורות און דורות און אויף אייביק און אייביק, מחמת צו דעם איז ער באַשטימט געוואָרן, אַ גאָט, וואָס פאַר אַ בוך דאָס איז און וואָסערע אָפּלערנונגען אין אים!"

און פון די מחשבות וועגן דעם איוב־בוך גייט זאָסימאַ אַריבער צו זיינע אייגענע האָרץ,־ נשמה־און גייסט־אויסגוסן. ער זאָגט: „איך בענטש די אויפגייענדיקע זון יעדן טאָג, און ווי פריער זינגט מיין האַרץ צו איר, אָבער איצט ליב איך נאָך מער איר פאַרגאַנג. אירע לאַנגע משופּעדיקע שטראַלן און מיט זיי די שטילע, ווייכע און איידעלע זכרונות, די טייערע פאָרשטעלונגען פון מיין גאַנץ, לאַנג, גליקלעך לעבן — און

איבער אַלץ דעם געטלעכן אמת, וועלכער ווייכט, מאַכט שלום און פאַרגיט אַלץ! מיין לעבן ענדיקט זיך, איך ווייס, איך הער דאָס, אָבער איך פיל אויף יעדן טאָג, וואָס איז מיר געבליבן, ווי מיין ערדיש לעבן באַרירט זיך שוין מיטן נייעם אומענדלעכן, אומדערקענטבאַרן, אָבער באַלד אָנקומענדיקן לעבן, פון זיין נאָענטקייט ציטערט אויף מיט התלהבות מיין נשמה, מיין געדאַנק לויכט אויף, און מיין האַרץ וויינט פון פרייד — — —"

אָט אַזוי צו פילן, מיינט רעליגיעז, עס מיינט צו פילן דעם א י ך בין און דעם א י ך וו ע ר און דאָס זיין און דאָס ווערן פונם איבער־איך אין זיין פולסטער, שענסטער און טיפסטער מאַכט און קראַפט, איינפלוס און ווירקונג. דורך אַזאַ רעליגיעזיטעט ווערט געשטאַרקט די פערזענלעכקייט, און מיט איר דער כוח צו ליבן זיך, די וועלט, דעם מענטש און גאָט, און די געשטאַרקטקייט פון דער פערזענלעכקייט און פון די כוחות צו ליבן, שטאַרקט און פאַרטיפט די רעליגיעזיטעט.

פון אַזאַ רעליגיעזיטעט האָט איוואַנס נשמה און גייסט נישט געוואוסט, ממילא האָט ער שוין אויך נישט געקאָנט וויסן פון די כוחות פון ראָמאַנטישער ליבע און ראָמאַנטישער פערזענלעכקייט. איוואַן פילט נישט גאָט, ליבט נישט גאָט און לעבט גאָט נישט איבער. ער ליבט אים נישט און ער האַסט אים נישט, ווייל גאָט איז צו אים אַ נייטראַלער איקס. ער נ ע מ ט אָן גאָט, און ווי יעדער איינער, וואָס נעמט אָן גאָט אינטעלעקטועל אָנשטאָט אים פילן עמאָציאָנעל, איז דער גאָט זייער טראַנסצענדענטאַל. ער איז ערגעץ־וואו איבער און אויסער דער וועלט און מענטש. און איוואַן איז צו דעמדאָזיקן גאָט, ווי יעדער טראַנסצענדענטאַליסט — אַגנאָסטיש. ער ווייסט, אַז ער ווייסט וועגן אים גאָרנישט. אָט זענען איוואַנס אייגענע ווערטער וועגן גאָט צו אַליאָשאַן — ווערטער, וועלכע כאַראַקטעריזירן נישט נאָר איוואַנען, נאָר אַלע אינטעלעקטואַליסטן, טראַנסצענדענטאַליסטן און אַגנאָסטיקער.

איוואַן זאָגט:

„איך נעם אָן גאָט פשוט און פראָסט, אָבער אָט־וואָס מען דאַרף באַמערקן: אויב גאָט איז פאַראַן און אויב ער האָט באמת באַשאַפן די וועלט, האָט ער זי, ווי מיר אַלע ווייסן, באַשאַפן לויט דער עוקלידישער געאָמעטריע, און דעם מענטשלעכן שכל מיט דעם באַגריף בלויז וועגן דריי דימענסיעס אין רוים. עס האָבן זיך אָבער געפונען און עס געפינען

זיך איצט אפילו געאָמעטריקער און פילאָזאָפן, און דווקא פון די אויסגעצייכנטע, וועלכע צווייפלען אין דעם, אַז דער גאַנצער אוניווערס, אָדער נאָך ברייטער — דאָס גאַנצע זיין איז באַשאַפן געוואָרן נאָר לויט דער עווקלידישער געאָמעטריע. זיי וואַגן אפילו צו חלומען, אַז צוויי פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס לויט עווקלידן נאָך, קאָנען זיי זיך בשום אופן נישט צונויפגיין אויף דער ערד, וואָלטן זיך יאָ געקאָנט צונויפגיין ערגעץ וואו אין דער אומענדלעכקייט. איך האָב, טייבעלע מיינס, באַשלאָסן אַזוי, אַז אויב איך קאָן דאָס אפילו נישט פאַרשטיין, טאָ ווי אַזוי קאָן איך דערוואַרטן צו פאַרשטיין גאָט. איך גיב צו מיט הכנעה, אַז איך האָב נישט קיין שום פעיקייט צו לייזן אַזוינע פראַגן, איך האָב אַן עווקלידישן שכל, אַן ערדישן, און ווי קומט צו אונז לייזן פּראָבלעמען, וועלכע זענען נישט פון דער וועלט. און אויך דיר, פריינט אַליאָשאַ, עצה איך קיינמאָל נישט צו טראַכטן וועגן דעם, דער עיקר, וועגן גאָט, צי איז ער יאָ פאַראַן, צי נישט. דידאָזיקע אַלע פראַגן זענען לחלוטין נישט צוגעפּאַסט פאַר אַ שכל, וועלכער איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ באַגריף וועגן דריי דימענסיעס בלויז. איך נעם אַלזאָ אָן גאָט, און מיט חשק, און נאָך מער, איך נעם אָן זיין חכמה, זיין כוונה, וועלכע זענען אונז לחלוטין נישט באַקאַנט. איך גלייב אין דעם סדר און זין פון לעבן, איך גלייב אין דער אייביקער האַרמאָניע, אין וועלכער מיר וועלן זיך כלומרשט צונויפגיסן, איך גלייב אינם וואָרט, צו וועלכן דער אוניווערס שטרעבט, וואָס איז אַליין געווען „מיט גאָט” און וואָס איז אַליין גאָט, און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער ביז דער אומענדלעכקייט. פאַראַן אַ סך פראַגן וועגן דעם. בין איך דאָך שוין, דאַכט זיך, אויף דעם דרך הישר, ניין? נו, טאָ שטעל זיך פאָר, אַז אינם לעצטן רעזולטאַט, איז דידאָזיקע וועלט גאָטס — נעם איך נישט אָן, כאָטש איך ווייס, אַז זי עקזיסטירט, דאָך דערלאָז איך זי לחלוטין נישט.

אויסהערנדיק דידאָזיקע און אַ סך אַנדערע ווערטער וועגן גאָט און וועלט פון איוואַנען, ענטפערט אים, און מיט רעכט, דער קולטורזעעוודיקער אַליאָשאַ, אַז דער סך-הכל פון אַלע זיינע מעשיות, וויכוחים און פּלפּולים איז, אַז ער, איוואַן, ווי זיין לעגענדאַרישער גרויסער אינקוויזיטאָר, איז דורכגעדרונגען און דורכגענומען מיט אַ גאָטלאָזיקייט, וואָס לויפנדיק פּאַראַלעל און דאָ און דאָרט אויך איבערשניידנדיק די

גערירשנטע ליבע און ליידנשאַפט צום לעבן, צעררייסט זיין נשמה אויף שטיקער. און אַליאָשאַ מאַכט גלייך פאַר אים שאַרף און קורץ דעם פּראָגנאָז, אַז ער, דער גרויסער חכם און מאָראַל־עקספּערימענטאַטאָר, וועט נישט אויסהאַלטן און אַז ער וועט סוף־כּל־סוף דערפילן, אַז ער האָט נישט אויף וואָס און נישט צוליב וואָס צו לעבן, און אַז זיינע עקספּערימענטן מיט דעם „אַלץ איז דערלויבט" וועלן אים אַריינטרייבן אין דער שאול־תּחתּיה אַריין.

„אָבער די קליינע קלעפּיקע בלעטעלעך און די טייערע קברים, און דער בלויער הימל, און די פרוי, וואָס דו ליבסט! ווי וועסטו זיי ליבן? האָט אויסגעשריגן מיט ווייטיק אַליאָשאַ. ווי קאָנסטו מיט אַזאַ גיהנום אין דיין האַרץ און אין דיין קאָפּ? — — — דו וועסט זיך דערהרגענען, דו קאָנסט עס נישט אויסהאַלטן".

איוואַן ענטפערט אויף דעם, אַז ער וועט עס אויסהאַלטן מיטן כּוח פון קאַראַמאַזאָווס נידעריקייט, און אַז פון דער פאָרמול „אַלץ איז דערלויבט" וועט ער זיך בשום אופן נישט אָפּזאָגן.

אָבער גערעכט איז געבליבן אַליאָשאַ. איוואַן האַלט עס נישט אויס. דאָס פייערל, וואָס האָט געטליעט און נישט געפלאַקערט אין זיינע עמאָציעס, כאַפּט זיך אַריין אין זיין מאַרך און אינטעלעקט און אין אַ צושטאַנד פון האַלוצינאַציעס דערהערט ער רעדן צו זיך דעם טייוול, וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך דעם זעלביקן איוואַנען, וואָס אַליאָשאַס אויג האָט דערזעען דורך און דורך שוין לאַנג צוריק. „איך דענק — זאָגט דער טייוול — אַז מען דאַרף גאָרנישט צעשטערן. מען דאַרף בלויז צע־שטערן אין דער מענטשהייט די אידעע וועגן גאָט. אָט פון וואָס מען דאַרף זיך נעמען צו דער זאַך". און ווען דער טייוול רעדט אַזוי אַלץ מער און מער אין דעם נוסח פון גאָטלאָזיקייט, „פאַרמאַכט איוואַן זיינע אויערן מיט די הענט, קוקט אויף דער ערד און ציטערט מיט זיין גאַנצן קערפּער". און ווען דער טייוול קומט צו די ווערטער „וואו איך וועל זיך שטעלן, דאָרט וועט זיין דאָס ערשטע אָרט, אַלץ איז דער־לויבט און אַ סוף מיט אַן עק!", כאַפּט איוואַן אַ גלאָז פון טיש און וואַרפט אים אין קאָפּ אַריין, און דאָ דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. „דאָס איז נישט קיין חלום, שרייט אויס איוואַן. ניין, איך שווער זיך, דאָס איז נישט געוווען קיין חלום, דאָס אַלץ איז ערשט געווען". און צו

אַליאָשאַן שרייט ער, נישט וועלנדיק עפענען אים די טיר: אַליאָשאַ, איך האָב דאָך דיר נישט דערלויבט צו קומען. אין צוויי ווערטער, וואָס דאַרפסטו, אין צוויי ווערטער — דו הערסט? און ווען אַליאָשאַ זאָגט: מיט אַ שעה צוריק האָט זיך אויפגעהאָנגען סמערדיאַקאָוו, עפנט ער אים די טיר און לאָזט אַריין אַליאָשאַן. עס נעמט נישט לאַנג און דאָס פייער אין מוח פאַרצערט איוואַנען. „גאָט און זיין אמת האָבן בייגעקומען" — זאָגט אַליאָשאַ. — „דאָס האַרץ, וואָס האָט זיך אַלץ נישט געוואָלט אונטערגעבן". און נישט געוואָלט האָט זיך דאָס האַרץ אונטערגעבן, ווייל עס האָט נישט פאַרמאָגט גענוג האַרציקייט. געפעלט האָט איוואַנען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, עמאָציאָנעלער עקסטאַז אויף צו קאָנען אינטואיטיוו אַרומנעמען אי זיך, אי די וועלט, אי גאָט. געפעלט האָט אים דער כּוח צו שפּינען חלומות און צו טראָגן זיך אויף די פליגל פון דער פאַנטאַזיע אין הויכן און טיפן, וואָס אין זיי פאַרלירט זיך די אַנאַליטישקייט און עס שוועבט די סינטעטישקייט, און עס שפּינט זיך די גאַנצקייט, די אומאיבערגעריסנקייט, די אייביקייט און דער דויער, און אַלץ, וואָס איז צווישן זיי.

טראַכטנדיק וועגן דעם שיקזאַל פון קאַטיאַן און איוואַנען אין פאַרגלייך מיט דעם שיקזאַל פון גרושענקאַן און מיטיאַן, קומט אויף דעם זכּרון די תּפילה פון פּרצס וואַנדערער אין „ביינאַכט אויף דעם אַלטן מאַרק":

נאַכט, לאָז רוען אין דיין שויס...
איך וויל נישט אַריין אין שטאָט...
איך קען זי; דאָ, אין דיין גנאָד,
שפּין אַ טרוים מיר אויס,
שטיל פאַרוויג דאָס מידע האַרץ,
שפּין גרוי, שפּין שוואַרץ,
שפּין רויט...
קאָנסט אויך די פאַרבן מישן,
צוזאַמען וועבן...
נאָר שפּין! שפּין פון לעבן,

שפּין פון טויט
און פון צווישן...

גרויע, שוואַרצע, רויטע — טרוימען אַלערליי האָט דאָס לעבן און דער טויט געשפּינט פאַר דמיטרין און גרושענקאַן, קיין איין־און־איינ־ציקן טרוים נישט — פאַר איוואַנען און קאַטיאַן. אָן ליבע, אָן פּערזענ־לעכקייט, אָן רעליגיעזיטעט שפּינט זיך און וועבט זיך קיין שום זאַך נישט. אַלץ איז וויסט, פינצטער און לער: אָן פאַרב, אָן זאַפט, אָן האַפט. — — —

VI.

# טאָמאַנס מאַנס „צויבער־באַרג"

1.

## באַרג, ליבע און מעדיטאַציעס

א.

אויף אַ הויכן באַרג, הויך איבער פלאַך־לאַנד, קומען פאַר אַלע געשעענישן, ווערן געפילט אַלע געפילן, געטראַכט אַלע טראַכטענישן, וואָס זיי מאָלט טאָמאַס מאַן אויף אַ שווערן, דערפאַר אָבער אויף אַן אויסערגעוויינלעך טיפן און שיינעם אופן, אין זיין בוך „צויבער־באַרג". אַרויפגעקלעטערט און באַזעצט זיך אויף דעמדאָזיקן באַרג האָבן זיך מענטשן נישט קיין געזונטע, ווער פון זיי אויף אַ קירצערער צייט און ווער — אויף אַ לענגערער. דער פאַרלאַנג און באַשטרעב אויסגע־היילט צו ווערן פון אַזאַ אָדער אַן אַנדערער פאָרם פון לונגען־חולאת, האָט זיי אַלעמען געטריבן, צונויפגעבראַכט און צונויפגעזאַמלט אויף דעמדאָזיקן באַרג אין דאָקטאָר האָפראַטס סאַנאַטאָריום.

אַהין קומט אויך דער הויפט־העלד פון בוך, דער יונגער האַנס קאַסטאָרפּ. קומען קומט ער צו באַזוכן זיין קראַנק שוועסטערקינד, אָבער דאָרט שוין זייענדיק, צעשפּילט זיך אויך ביי אים די ביז איצט פאַר־באָרגענע חולאת, און ער ווערט דורך דעם אויף אַ לאַנגער צייט גאָר אַ חשובער מיטגליד פון דערדאָזיקער באַרגישער קראַנקער געזעלשאַפט, און אויף אייביק — דער הויפט־העלד פונם ווערק „צויבער־באַרג". דורך אים קומען אין דעמדאָזיקן ווערק צום אויסדרוק די טיפסטע טענדענצן און פאַרבאָרגנסטע שטראָמען און אונטערשטראָ־

מען פון אונזער תקופה אין אַלע אירע דערשיינונגען און גע־שטאַלטונגען.

די באַרגיקייט, אויף וועלכער מאַן פאַרזעצט זיינע העלדן, דאָס פאַטאַלאָגישע, פון וואָס ער לאָזט זיי אַלע ליידן, און דאָס טראָפּעלע תמעוואַטיקייט, וואָס ער גיט אַריין אין זיין הויפּט־העלד, האַנס קאַס־טאָרפּ — דאָס זענען המצאות, וואָס מאַכן מעגלעך, אַז אַלערליי אויסער־געוויינלעכע און מאָדנעסטע געפילן און איבערלעבונגען, אַלערליי טיפסטע און אפילו אַבסטראַקטעסטע געדאַנקען און טראַכטענישן, אַלערליי וויסנ־שאַפטלעכע פאָרשונגען און פאַרטיפונגען און אַלערליי רעליגיעזע שפּע־קולאַציעס, אַלערליי באַשטעטיקונגען און צוריקווייזונגען פון אַ גלויבן אין אַ גאָט און פון אַלץ, וואָס איז געגאַנגען, אָדער גייט נאָך איצט מיט דעמדאָזיקן גלויבן — — אַז דאָס אַלץ זאָל אַרויסקומען, ווי אינטענ־סיווסטע און קאָנקרעטסטע לעבונגען און איבערלעבונגען פון די העלדן, אַז דאָס אַלץ זאָל אַרויסשלאָגן פון די טיפסטע אָפּגרונטן פון דער מענטשלעכער וועזנטלעכקייט, און עס זאָל דעריבער נישט נאָר רעדן צו אונזער מוח, נישט נאָר באַרייכערן אונזער באַגאַזש פון וויסן, נישט נאָר פאַרשאַרפן און פאַרשפּיצן אונזער אינטעלעקטועלקייט, נאָר אַז עס זאָל אויך רעגן אונזערע געפילן, פאַרטיפן אונזערע נשמות און, אַזויאַרום, אויך גרעסער און שטאַרקער מאַכן אונזער פּער־זענלעכקייט.

אַ פילן, אַ טראַכטן און אַ טון, וואָס וואָלט געווען אפשר אומנאַ־טירלעך און אוממגלויבלעך, ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן דורכשניט־לעכע, געזונטע מענטשן, וועלכע וואוינען אין טאָלן און אויף פלאַכער ערד, ווערט באַטירלעך און גלויבלעך פאַר דעם פילן, טראַכטן און טון פון מענטשן נישט קיין געזונטע, פון מענטשן, וואָס זענען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן איבער אָדער אונטער דעם דורכשניט; דערהויפּט, ווען דידאָזיקע מענטשן ווערן געצוואונגען זיך צו פאַר־זעצן פאַר אַ לענגערער צייט ווייטער פון דער ערד און נענ־טער צום הימל, מיט שטאַרקע פּערספּעקטיוון פאַר אַ דערנענטערונג צום טויט.

די אויסנווייניקסטע באַרגיקייט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַטאַלאָגישן אינעווייניק אין זיי; די נישט דערגאַנגענקייט צום, ווי די אַריבערגע־

שפּאַנטקייט איבערן דורכנישט פון אייניקע פון די קראַנקע מיטגלידער פון דער סאַנאַטאָריומשער געזעלשאַפט אויפן באַרג — מאַכן מעגלעך פאַר דעם מחבר פון „צויבער־באַרג" זיך אַליין און אויך אונז אריינ־צופירן און צו פאַרזעצן אין וועלטן און אין צייטן, וואָס אין זיי ווערט דאָס נישט רעאַלע רעאַל, דאָס נישט מעגלעכע מעגלעך, דאָס צייטיקע צייטלאָז, דאָס רוימיקע רוימלאָז. אַ דאַנק אָט דידאָזיקע המצאות, וועל־כע גיבן צו קינסטלערישע קאָנקרעטקייט נישט נאָר צו דעם, וואָס ווערט געטון, נאָר אויך צו דעם, וואָס ווערט געטראַכט און גערעדט, נעמען אַרויף אויף זיך בלוט און פלייש אַלע וויסנשאַפטלעכע, פילאָ־זאָפישע און רעליגיעזע השערות און ספּעקולאַציעס, אַלע געדאַנקלע־כע אָריענטירונגען, און זיי באַקומען דורך דעם אַ סך אַ שטאַרקערע קול־טיווירנדיקע קראַפט, זיי שפּילן אַ סך אַ שטאַרקערע ראָל אין טרייבן דעם מענטש אויף דעם וועג צום העכערן מענטש און צום איבער־מענטש — — ווען מיר לייענען אַרויס דיזעלביקע געדאַנקען, השערות און סברות פון די זייטן פון די פילאָזאָפישע, וויסנשאַפטלעכע און רעליגיעזע ביכער.

טאָמאַס מאַן איז נישט דער ערשטער זיך צו באַנוצן מיט אַזעל־כע המצאות, כדי אויף אַ קאָנקרעטן אופן אַריינצוברענגען און אויף אַן אינטימען אופן באַרירן סיי דאָס העכסטע, צו וואָס די לאָגיק, דער פאַרשטאַנד אָדער די פאַרנונפט קאָנען צוקומען, סיי דאָס, וואָס אי־בערשטייגט אַלץ, וואָס דער באַוואוסטזיין האַלט אין זיינע נעצן און וואָס קאָן נאָר פון דעם אונטער אָדער איבערבאַוואוסטזיין אויפגעכאַפּט ווערן. מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדערער פון די אויבנדערמאַנטע המצאות האָבן זיך שוין פאַר מאַנען באַנוצט אַזוינע קינסטלער, ווי שעקספּיר, געטהע, בייראָן, דאָסטאָיעווסקי, און אונזערע אייגענע קינסטלער, ווי פּרץ און לייוויק.

טאָמאַס מאַן צייכנט זיך אָבער אויס פון די אַלע אַנדערע מיט צוויי זאַכן: ערשטנס, דערמיט, וואָס ער באַנוצט זיך אין איינעם און דעם זעלביקן ווערק מיט אַלע המצאות אויף איין מאָל. צווייטנס, דער־מיט, וואָס ער לאָזט אין דעמדאָזיקן ווערק „דער צויבער־באַרג", באַ־וואוסטזיניק און מיט אַ כיוון, אויף דעם פולסטן און צויבערהאַפטסטן אופן קומען צום אויסדרוק סיי דאָס אייביק־זייענדיקע, אייביק־ווערנדיקע

און אייביק־בלייבנדיקע, סיי דאָס צייטווייליקע און פאַרגייענדיקע פון דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן, ביז צו דעם מאָמענט, ווען עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע דונער־קראַכן פון דער מלחמה, וועלכע האָבן אַראָפּגעבראַכט צוריק צו דער פלאַכער ערד דעם הויפּט־העלד — האַנס קאַסטאָרפּ.

באַלד פון אָנהייב כמעט פון זיין ווערק זאָגט אונז טאָמאַס מאַן צווישן אַנדערס אויך דאָס פאָלגנדיקע וועגן זיין ליבלינג־העלד האַנס קאַסטאָרפּ. „ער איז נישט געווען קיין גאָניע און אויך נישט קיין דומקאָפּ. און אויב מיר מיידן אויס דאָס וואָרט „מיטלמעסיק“, איז דאָס צוליב טעמים, וועלכע האָבן נישט צו טון מיט זיין אינטעליגענץ און וואָס האָבן קוים אַ שייכות מיט זיין גאַנצער איינפאַכער פּערזענלעכקייט, נאָר אויס אַכטונג פאַר זיין שיקזאַל, וואָס אים זענען מיר גענייגט צוצושרייבן אַ געוויסע איבערפּערזענלעכע באַדייטונג“.

און דאָ קומט פון טאָמאַס מאַנס פּען אַן אינטערעסאַנטע און אויסערגעוויינלעך אָריגינעלע דערקלערונג וועגן דער שייכות צווישן דער פּערזאָן — אירע פּילונגען, קלערונגען און האַנדלונגען — און אַלץ דעם, וואָס פּאַסירט איצט און וואָס האָט פּאַסירט ביז איצט אַרום איר און איבער איר. דאָס איז אַ דערקלערונג וועגן דער שייכות, וואָס דיקטירט און לייגט אויס דעם שיקזאַל פון דער פּערזאָן, אין וועלכן עס וויקלט זיך, אַנטוויקלט זיך און קומט צום אויסדרוק די פּערזענלעכקייט אין דעם אינדיוויד, וועלכע איז אַ ניצוץ פון דער איבערפּערזענלעכקייט.

„דער מענטש — שרייבט מאַן — לעבט נישט זיין פּערזענלעך לעבן, ווי אַן איינצל וועזן, נאָר אויך, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, דאָס לעבן פון זיין עפּאָכע און פון זיינע צייט־חברים. און מעג ער אפילו באַטראַכטן די אַלגעמיינע און אומפּערזענלעכע גרונדלאַגע פון זיין עקזיסטענץ, ווי אַן אומבאַדינגט געגעבענע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע, און מעג ער זיין אַזוי ווייט פון צו נעמען אַ קריטישע שטעלונג צו זיי, ווי דער גוטער האַנס קאַסטאָרפּ איזווירקלעך געווען, איז עס פונדעסטוועגן מעגלעך, אַז ער זאָל אויף אַ נישט קלאָרן אופן וויסן די חסרונות פון זיין תקופה און אַז ער זאָל זיי געפינען שעדלעך פאַר זיין מאָראַלישן וואוילזיין. אַלערליי פּערזענלעכע

צילן, צוועקן, האָפנונגען, אויסזיכטן שוועבן פאַר די אויגן פון דעם אינדיוויד, וואָס פון זיי שעפּט ער דעם אימפּולס צו העכערער אָנשטרענגונג און טעטיקייט. ווען אַלזאָ דאָס לעבן אַרום אים, זיין אייגענע צייט, מיט איר גאַנצער אויסערלעכער רעגזאַמקייט זעט אויס צו אים צו זיין אין גרונט ליידיק פון אינהאַלטן פאַר האָפענונגען און אויסזיכטן, ווען ער דערקענט דאָס לעבן ווי האָפנונגסלאָז, אויסזיכטלאָז און הילפלאָז, ווען דאָס לעבן שטעלט אַוועק אַן אויסגעהוילט שווייגן אַנטקעגן אַלע פראַגן, וואָס דער מענטש שטעלט, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט, אָבער וואָס ער שטעלט פאָרט בנוגע דעם לעצטן, אַבסאָלוטן און אַבסטראַקטן זין פון אַלע אָנשטרענגונגען און טעטיקייטן — דעמאָלט מוז, אין אַזאַ פאַל, קומען אַ געליימטקייט פון דער פערזענלעכקייט, און מיט מער אומפאַרמיידלעכקייט, וואָס אויפריכטיקער דער כאַראַקטער, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך. עס מוז פאַסירן אַן אָפּגעשוואַכטקייט, אַזוי צו זאָגן, וואָס קאָן זיך פאַרשפּרייטן פונם גייסטיקן און מאָראַלישן, ביז צום פיזישן און אָרגאַנישן טייל פון אינדיוויד. אין אַ דור, אין וועלכן עס ווערט ניט געגעבן קיין צופרידנשטעלנדיקער ענטפער צו דער אייביקער פראַגע „פאַרוואָס?“ „צוליב וואָס?“, איז אַ מענטש, וועלכער איז פעיק פאַר דערגרייכונגען, וועלכע שטייגן אַריבער דעם דורכשניט און די דערוואַרטעטע קליינמענטשלעכקייט, מוז זיין באַשאָנקען אָדער מיט אַ מאַראַלישער איינזאַמקייט און אוממיטלבאַרקייט, וועלכע איז זייער זעלטן, און פון אַ העראָאישער נאַטור, אָדער מיט אַן אויסערגעוויינלעך קרעפטיקער וויטאַליטעט. נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע איז געווען דער פאַל מיט האַנס קאַסטאָרפ, און אויף אַזאַ אופן מוז ער באַטראַכט ווערן פאַר מיטלמעסיק, הגם אין אַ לחלוטין ערנווערטיקן זין“.

האַנסעס מיטלמעסיקייט, מיט וועלכער מאַן לאָזט אים פון גאָט און נאַטור באַשאָנקען צו ווערן, גיט דעם מחבר פון „צויבער־באַרג“ די מעגלעכקייט, דורך האַנסעס נשמה, דורך זיינע געפילן, טראַכטענישן און טואונגען, צו געבן אונז אַ בילד פון אַלע הסרונות, פון אַלע גייסטיקע און קולטורעלע מאַנגלהאַפטיקייטן און אומפולקאָמענהייטן פון דער תקופה, אין וועלכער האַנס און מיר לעבן. אין דער זעלבי־

קער צייט מאַכט ער אָבער דידאַזיקע מיטלמעסיקייט פאַר נישט קיין געוויינלעכער סתם מיטלמעסיקייט, נאָר פאַר אַזעלכער, וואָס ער רופט מאָן — אַן „ערנוווערטיקע מיטלמעסיקייט“. און דערצו, איז אינם מאָ־מענט, ווען דאָס איינגעבוירענע און דערוואָרבענע אין האַנסן דאַרף אַרויסקומען מכּוח אל הפּועל, אין דעם מאָמענט, ווען עס דאַרפן זיך פונאַנדערבליען אַלע זיינע, ווי אין אַ קנאָספּ־ליגנדיקע, כּוחות, לאָזט אַן דעם שיקזאַל אַוועקרייסן האַנסן פון פלאַכלאַנד און פלאַכעדיקייט און אים פאַרזעצן אַן אָפּגעזונדערטן און אַן אָפּגעשיידטן פון דעם גע־וויינלעכן, טאָג־טעגלעכן רוטינעם לעבנס־טעמפּאָ אויף אַ הויכן באַרג מיט אַלע מגלעכקייטן, געלעגנהייטן און דרינגלעכקייטן פאַר דער שאַרפּ־סטער און טיפסטער אינטראָספּעקציע. טאָמאַס מאַן פאַרגעסט אויך נישט צו לאָזן דעם יונגן האַנס, באַלד ווי ער טרעט אַרויף אויף דעם באַרג, געטראָפן צו ווערן פון אַן עכט קנוט־האַמסונישער ליבע, דאָס הייסט פון אַ ליבע, פון וועלכער עס קומט קיין שום ממשותדיקס נישט אַרויס און וועלכע רעאַליזירט זיך נישט אין קיין שום אַנדערע זאַכן אַ חוץ באַשטענדיקע, קיינמאָל נישט אָפּלאָזנדיקע, שטאַרקע און טיפע עמאָ־ציאָנעלע איבערלעבונגען, טיפע און שטאַרקע זעל־און קערפּער־פונאַנ־דערטרייסלונגען, וועלכע האַלטן די מענטשלעכע וועזנטלעכקייט אויף דעם געשפּאַנטסטן אופן אין אַזעלכע הויך־גייסטיקע און קולטורע רע־גיאָנען, ווי נאָר דעם אָטעם־צוג פון דעם געטראָפענעם אינדיווידואום קאָן פאַרטראָגן.

דאָס אַלץ אינאיינעם גענומען, מאַכט האַנסן אין די הענט פון דעם קינסטלער טאָמאַס מאַן פאַר אַן אויסגעצייכנטן מעדיום, וואָס דורך אים זאָלן קומען צו אויסדרוק אויך אַלע מעלות, אויך אַלע אַנטוויקלונגען און דערגרייכונגען פון אונזער תּקופה. און נאָך מער — אין זיינע טיפע וויטיקפולע עמאָציאָנעלע ראַנגלענישן, אין זיינע אינ־טענסיווע, אָנגעשטרענגטע, מיט צער און נחת דורכגענומענע געדאַנק־לעכע זוכענישן, קומען אויך צום אויסדרוק די אַלע פאַרבאָרגענע, לאַנגזאַם און עקשנותדיק טיף־שלאָגנדיקע אונטערשטראָמען פון אונ־זער תּקופה. דאָס זענען די שטראָמען, וועלכע אין דער קומענדיקער תּקופה וועלן זיי זיך דורכברעכן און דורכזעצן אַ וועג צו אַלע אוי־בערפלאַכן פון דעם לעבן פון דעם איינצלנעם און פון דער געזעל־

שאַפט. לאָזנדיק אונז אַרייַנבליקן אין די טיפעגישן פון האַנסעס נשמה, לאָזט אונז מאַן צו דערבליקן אויך די שטראָמען פון גייסט און קול־טור, וועלכע, אויף אַ מער אָדער ווייניקער אָנזעעוודיקן אויפן, האָבן נישט אויפגעהערט און וועלן נישט אויפהערן צו פליסן אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער, און ער פאַרשטעלט אויך נישט פון אונזער גע־דאַנקלעך, גייסטיק־אינערלעך אויג יענע שטראָמען, וועלכע ציען זיך אין דער צייטלאָזער און רוימלאָזער „גאָרנישטקייט”, וואָס אין איר לאָזט געטהע זיין פאַאוסט דאָס „אַלץ” צו געפינען.

ב.

אַן אָנזאָג אויף דעם, אַז אין זיין קונסטווערק „דער צויבער־באַרג” וועט זיך רעדן וועגן רוים און צייט אין ליכט פון די נייעסטע פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע ספעקולאַציעס אַרום דעמדאָזיקן ענין — אַזאַ אָנזאָג גיט אונז מאַן שוין אין זיין פאָרזאַץ צום ווערק. דאָרט שרייבט ער: „מיט דערדאָזיקער מעשה גייט עס גאָר ווי עס גייט היינט צו טאָג מיט מענטשן, און צווישן זיי נישט צום ווינציקסטן מיט — „מעשה־שרייבערס”: זי איז פיל עלטער פאַר אירע יאָרן. איר עלטער קאָן נישט געמאָסטן ווערן לויט דער לענג פון טעג, און דאָס געוויכט פון צייט אויף איר קאָפּ קאָן נישט גערעכנט ווערן לויט די תקופות פון די זונען. מיט איין וואָרט: דער גראַד פון איר אַקטיוו־טעט האָט פאַר קיין פאַל נישט צו טון מיט דעם גאַנג פון צייט — אַ באַהויפּטונג, וואָס פאַרבייגייענדיק ווערט מיט איר אָנגעשפּילט און אָנגעוויזן אויף דער פרעגווערטיקייט און אייגנטימלעך טאָפּלטער נאַטור פון יענעם סודותפולן עלעמענט”.

און וועגן דער גרויסער ראָל, נישט נאָר פון דעם סודוספולן עלעמענט, וואָס הייסט צייט, נאָר אויך פון יענעם מיט נישט ווייניקער רעטעענישן דורכגענומענעם עלעמענט, וואָס הייסט רוים, — וועגן דער ראָל פון זיי ביידע, וועגן זייער ווירקונג אויף דער פסיכיק און גייסט פון דעם מענטש, דערציילט אונז מאַן אין פאַרבינדונג מיט האַנסעס רייזע צום „צויבער־באַרג” — אין פאַרבינדונג, הייסט עס, מיט דער לענג

פון צייט, וואָס עס האָט גענומען האַנסן צו דעקן די דיסטאַנץ צווישן זיין וואוינאָרט אויף פלאַכלאַנד און דער סאַנאַטאָריע אויפן באַרג, וואוהין ער קומט מיט דער כוונה צו פאַרבלייבן דאָרט בלויז אויף אַ פּאָר טעג, און ווערט פון שיקזאַל געטריבן צו פאַרבלייבן דאָרט אַ תושב פון תושב־לאַנד.

„נישט מער, ווי צוויי טעג — זאָגט מאַן — האָט עס גענומען האַנסן צו קומען אויפן באַרג, וואָס אויף אים געפינט זיך דאָס סאַנאַטאָריום, וואָס דאָס מיינט בלויז אַ דיסטאַנץ פון אַ טויזנט מייל אַן ערך". אָבער וואָס אַ דערוווייטערונג פון טויזנט מייל, דער עיקר אין דער ריכטונג פון טאָל צו באַרג, קאָן אויפטון פאַר דער נשמה און פאַר דעם קאָפּ פון יעדן מענטש אונטער אַלע אומשטאַנדן בכלל, און פאַר אַ יונגן מענטש אונטער געוויסע אומשטאַגדן בפרט — דאָס ווייסן טאַקע נאָר קינסטלער, און בפרט אַזאַ גרויסער קינסטלער, ווי טאָמאַס מאַן. און אָט וואָס ער שרייבט: „צוויי רייזע־טעג דערווייטערן דעם מענטש — און ביז גאָר, דעם יונגן, דעם אין לעבן נאָך ווייניק פעסט־פאַר־וואָרצלטן מענטש — פון זיין אַלטעגלעכער וועלט, פון אַלץ, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר זיינע פליכטן, אינטערעסן, זאָרגן, אויסזיכטן, פיל מער, ווי עס האָט זיך אים געחלומט, ווען ער איז געזעסן אין דער דראָזשקע אויפן וועג צום וואָקזאַל. דער רוים, וועלכער האָט זיך גע־קייקלט און געדרייט צווישן אים און דער געגנט, אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, האָט פאַרמאָגט און באַהערשט קרעפטן, וועלכע מען שרייבט צו דער צייט געוויינלעך. פון שעה צו שעה שטעלט ער צו אינעווייניקסטע ענדערונגען, ענלעכע צו די, וואָס די צייט באַווירקט, און וואָס אין אַ געוויסן אופן איבערטרעפן זיי זיי נאָך. רוים, ווי צייט, ברענגט פאַרגעסנהייט, אָבער ער טוט עס דורך דעם, וואָס ער לייזט אויף די פערזאָן פון דעם מענטש פון אירע שייכותן און ער פאַר־זעצט זי אין אַ פרייען און פרימיטיוון צושטאַנד. יאָ, ער קאָן אפילו אין אַן אומדריי פון דער האַנט מאַכן פון דעם פעדאַנט און פיליסטין עטוואָס ווי אַ וואַגאַבונד. צייט, זאָגט מען, איז לעטהע, אָבער די בייט פון לופט איז אַן ענלעכער געטראַנק, און אויב ער ווירקט ווייניקער גרינטלעך, טוט ער עס אָבער אַ סך שנעלער".

אָט אויף אַזאַ אופן וועבט מאַן אַריין אין דער קונסט און קינסט־

לעריש וועבט ער אַ סך ווייטער און טיפער דעם נייעם פילאָזאָפיש־וויסנשאַפטלעכן באַגריף וועגן דער ענלעכקייט צווישן צייט און רוים, און ער מאַכט אונז צו פאַרטראַכטן זיך וועגן די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס ליגן פאַרבאַהאַלטן אין די אינערלעכסטע אינערלעכקייטן פון רוים און צייט אויף צו באַווירקן און צו באַאײנפלוסן די מענטשלעכע נשמה און דעם גאַנצן מענטשלעך פסיכישן צונויפשטעל. דידאָזיקע ווירקונגען און אײנפלוסן וועלן ווערן אַלץ גרעסער און גרעסער, וואָס מער דער מענטש וועט דערקענען, דערפילן און איבערלעבן די רוים־און צייט־מעגלעכקייטן פאַר רעגונגען און פאַרטיפונגען, ענדערונגען און באַנייאונגען פון אַלץ, וואָס אָטעמט מיט נשמה און גייסט. דידאָזיקע ווירקונגען און רעגונגען קאָנען דערקלערט ווערן אפשר נאָר דורך אַ געוויסער פסיכישקייט, דורך אַ געוויסן נשמה־מהות, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אין די טיפענישן פון רוים און צייט. און אויב נשמה, פסיכיק אָדער גייסט איז דער הינטער אָדער אונטערגרונט פון רוים און צייט, אויב אַ גייסטיקייט, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער פאָרם, איז דער קוואַל, פון וועלכן צייט און רוים שלאָגן אַרויס, איז דאָך שוין זיך מעגלעך פאָרצושטעלן אַ גייסט אָדער קולטור־צושטאַנד, אין וועלכן, צונויפגיסנדיק זיך מיט דעם קוואַל, וואָס פון אים שלאָגן אַרויס צייט און רוים, זאָל מען אַוועקגעשטעלט ווערן פון יענער זייט פון די שוין אַרויסגעשלאָגענע רוים-און צייט־עמפינדלעכקייטן.

און אַזאַ אַקטועלן צושטאַנד מאָלט טאַקע פאַר אונז טאָמאַס מאַן.

ער דערציילט אונז וועגן זיין העלד, אַז „אויף אַ מאָל האָט ער זיך געפונען פאַרזעצט אין אַ לעבנס־לאַגע פון מיט יאָרן און יאָרן צוריק — — אָבער אַזוי שטאַרק, אַזוי נישט אָפּלאָזנדיק, אַזוי ביז צו דער אויפלייזונג פון צייט און רוים איז ער געווען פאַרזונקען אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַז מען האָט געקאָנט זאָגן, אַז וואָס עס איז געלעגן דאָ אויף דער באַנק ביי דער זייט פון וואַסער, איז געווען אַן אומבאַלעבטער קערפּער, בעת דער אַקטועלער האַנס קאַסטאָרפּ האָט זיך באַוועגט אין דער פריערדיקער צייט און סביבה, אין יענער צייט און סביבה, וואָס איז וויט־ווייט אַוועק“.

און דער זעלביקער האַנס קאַסטאָרפּ, וועמען מאַן לאָזט איבער־

לעבן צושטאַנדן פון רוים-און צייט-אויפלייזונגען — מאָמענטן, הייסט עס, ווען מען געפינט זיך אָוועקגעשטעלט פון יענער זייט רוים און צייט, מאָמענטן, ווען אַלץ אַרום, און אַלע „אַרומען" אַרום דעם אַרום, אַלע צייטן, אַלע נאָכאַנאַנדקייטן אין דער צייט ווערן אַריינגעצויגן און צונויפגעצויגן אינם איך, און דער איך אין דעם זעלבסט, און דער זעלבסט אין אַ זיך-זעלבסטפאַראורזאַכנדיקער גייסטיקייט, וועלכע עקזיסטירט איבעררוימלעך און איבערצייטלעך — — אָט דער זעלביקער האַנס קאַסטאָרפּ, אין די נישט-אויפגעלייזטע פון צייט-און רוים-מאָמענטן, מאַטערט זיך אויף אַן אומגעהייערן אופן מיט דער פראַגע: וואָס איז צייט?

און עס זענען אָט דידאָזיקע געפילן פון מאַטערניש, מיט וועלכע דער קינסטלער שטעקט אויך אונז אָן, וואָס קאָנקרעטיזירן פאַר אונז די אַבסטראַקט-פילאָזאָפישע פראַגע וועגן צייט. דידאָזיקע פראַגע ווערט אויך פאַר אונז, די לייענער, דאָס, וואָס זי איז געווען פאַר האַנסן, נעמלעך, אַ סוביעקטיוו-אַקטועלע איבערלעבונג, אַנשטאָט אַן אָביעקיעקטיוו-ספּעקולירנדיקע געדאַנקלעכקייט. די פראַגע הייבט אויך אונז, ווי אים, גייען אין לעבן אַריין, און דאָס אַלץ פירט צו אַ טיפערער פאַרשטענדעניש, אויב נישט פון דעם, וואָס צייט איז, איז לפּחות וועגן דעם, אין וואָס באַשטייט די שווערקייט און אפשר אויך די אומלייזבאַרקייט פון דער פראַגע. דאָס אַלץ טרייבט און רעגט אונז אַלץ מער און מער צו זוכן ביי דער דער פילאָזאָפיע און דער וויסנשאַפט אַן ענטפער אויף דער פראַגע, אויב אַזעלכער איז פאַראַן.

„וואָס איז צייט"? — — פרעגט האַנס קאַסטאָרפּ — „ווילסטו מיר אפשר זאָגן? דעם רוים ווערן מיר געוואויר מיט אונזערע אָרגאַנען, מיט אונזערע חושים פון זעען און טאַפּן. גוט. אָבער וואָס איז אונזער אָרגאַן פון צייט? — זאָג מיר, אויב דו קאָנסט. זעסטו, דאָ איז וואו דו בלייבסט זיצן. אָבער ווי איז עס מעגלעך צו מעסטן עטוואָס, וועגן וואָס מיר ווייסן ווירקלעך לחלוטין גאָרנישט, אפילו נישט קיין איין-און-איינציקן פון זיינע אייגנשאַפטן? מיר זאָגן די צייט גייט פאַרביי. גוט, זאָל זיין זי גייט פאַרביי. אָבער כדי צו קאָנען זי מעסטן, — וואַרט אַ מינוט! כדי מעסטבאַר צו זיין, מוז די צייט גלייכמעסיק לויפן. אָבער וואו שטייט עס געשריבן, אַז זי טוט עס? פאַר

אונזער באַוואוסטזיין טוט זיך דאָס נישט, מיר נעמען נאָר אָן, אַז זי טוט עס צוליב באַקוועמלעכקייט וועגן".

און דעם צווייטן באַנד פון „צויבער-באַרג" הייבט אָן טאָמאַס מאַן מיט זיינע אייגענע מאַטערנישן וועגן צייט, אויף וויפיל זיי, דידאַ-זיקע מאַטערנישן, זענען געקניפּט און געבונדן מיט די מאַטערנישן פון זיין העלד, אָדער דעם העלדס מאַטערנישן מיט זיינע, און ער מאָלט פאַר אונז אויך אַן אויסערגעוויינלעכן שיינעם אופן אַלע סתירות, אַלע אַנטינאָמיעס, וועלכע זענען פאַרוויקלט נישט צום פונאַנדערוויקלען אין דער פראַגע וועגן דעם מהות פון צייט, אַרום וועלכער די נייעסטע פילאָזאָפיע און די נייעסטע וויסנשאַפט, ווי אויך די נייעסטע רעליגיעזיטעט לאָזן דרייען זיך אַלע אַנדערע פראַגן און פראָבלע-מען, וואָס מאַטערן דעם מענטשלעכן מוח און דאָס מענטשלעכע האַרץ.

ענטפערנדיק אויף דער פראַגע: וואָס איז צייט? מיט די ווער-טער: „אַ געהיימניש, ממשותלאָז און אַלמעכטיק, אַ באַדינג פון דער פענאָמענאַלער וועלט, אַ באַוועגונג, פאַרקנסט און פאַרמישט מיט דער עקזיסטענץ פון קערפּער אין רוים און מיט זייער באַוועגונג" — פרעגט מאַן: „וואָלט דען אָבער קיין צייט נישט געווען, ווען עס זאָל קיין באַ-וועגונג נישט זיין? און — קיין באַוועגונג, ווען נישט קיין צייט? אין אַנדערע ווערטער הייסט עס: איז צייט אַ פונקציע פון רוים אָדער פאַרקערט? אָדער זענען זיי ביידע אפשר אידענטיש? און דער ענט-פער צו דאָזיקע פראַגן — זאָגט אונז מאַן, איז תּיקו". די צייט, — לייענען מיר ווייטער — איז טעטיק, זי פאַרמאָגט בוכשטעבלעכע באַ-שאַפנקייט, זי „צייטיקט". וואָס אַלזאָ צייטיקט זי? פאַרענדערונג. איצט איז נישט דעמאָלט, דאָ איז נישט דאָרט, מחמת צווישן זיי ביידע ליגט באַוועגונג. היות אָבער ווי די באַוועגונג, וואָס מיט איר מעסט מען די צייט, איז קיילעכדיק, איינגעשלאָסן אין אַ קרייז, קאָן מען זי גראָד אַזוי גוט באַצייכענען מיט רו און שטילשטאַנד, וואָרים דער „דעמאָלט" חזרט זיך שטענדיק איבער אין דעם „איצט", דער „דאָרט" — אינם „דאָ". און נאָכמער, אַזוי ווי אַן ענדלעכע צייט און אַ באַגרענעצטן רוים קאָן מען זיך נישט פאָרשטעלן אפילו מיט דער פאַרצווייפלטסטער אָנשטרענגונג, האָט מען דעריבער באַשלאָסן רוים און צייט ווי אַ ייביק

און אומענדלעך „צו דענקען" — אין דער האָפֿנונג, ווייזט אויס, אַז אויב דאָס געלינגט נישט אַזוי גוט, וועט עס לפּחות זיין בעסער פֿאַרן אַנדערן. אָבער, באַטייט דען נישט דאָסדאָזיקע קאָנסטאַטירן פֿון דעם אייביקן און אומענדלעכן אַ לאָגיש־מאַטעמאַטישע פֿאַרניכטונג פֿון יעדער איינציקער באַגרענעצונג און פֿון אַלץ, וואָס איז ענדלעך, און אַ מער אָדער ווייניקערע רעדוצירונג פֿון זיי צו נול? איז עס מעגלעך אין דער אייביקייט אַן איינס־נאָך־אַנאַנדערקייט פֿון געשעענישן און אינם אומענדלעכן — אַן איינס־נאָך־אַנאַנדערקייט פֿון רוים־פֿאַרנעמענדיקע קערפּער?

„ווי פֿאַרטראָגן זיך באַגריפֿן וועגן דיסטאַנץ, באַוועגונג, פֿאַרענדערונג, אָדער אפילו וועגן דער עקזיסטענץ פֿון באַגרענעצטע קערפּער אינם אוניווערס, מיט דער השערה פֿון אייביקייט און אומענדלעכקייט, וועלכע מיר זענען געטריבן געוואָרן אָנצונעמען? פֿרעגן מיר אָבעראַמאָל, און דער ענטפֿער איז ווידעראַמאָל: תּיקו!"

אָט דידאָזיקע אַלע היקוס אָבער, וועלכע מאַן ברענגט אַרויס פֿאַר אונז נישט נאָר אויף אַ טיף פֿילאָזאָפֿישן, נאָר אויך אויף אַ שיין קינסטלערישן אופֿן, שוואַכן אויף קיין פֿאַל נישט אָ= אונזער באַגער און דורשט זיך ווייטער און פֿון דאָס ניי צו גריבלען אין די פֿראַגן וועגן שייכות צווישן רו און באַוועגונג, באַשטענדיקייט און פֿאַרענדערונג, באַגרענעצקייט און אומענדלעכקייט, צייטווייליקייט און אייביקייט, איינס־נאָך־אַנאַנדערקייט און איינס־לעבן־אַנאַנדערקייט, און אין די אַלע אַנדערע פֿראַגן, וואָס וויקלען זיך אַרום דער פֿראַגע וועגן צייט אין דער זעלביקער מאָס, ווי זי וויקלט זיך אַרויס פֿון זיי.

דאָס גריבלעניש קאָן זיך נישט אָפּשטעלן, ווייל צייט איז, ווי מאַן זאָגט, אַלמעכטיק, צייט איז דער באַדינג פֿון דער פֿענאָמענאַלער וועלט, און אַלמעכטיקייט און באַדינגטקייט, פֿון וואָס אָדער פֿון וועמען עס זאָל נישט זיין, האָט קיינמאָל נישט געלאָזט און וועט אויך ווייטער אויך קיינמאָל נישט לאָזן צו רו דעם מענטש, וועלכער דערוואוסט אָדער וועלכער דערשפּירט די אַלמעכטיקייט און באַדינגטקייט. און דאָס איז מסתּמא דערפֿאַר, וואָס דער מענטש, ווען ער דערפֿילט זיך ווי אַ פּערזענלעכקייט, ווען ער דערפֿילט די נויטיקייט צו געבן אויסדרוק צו דער ווילנסקראַפֿט, וועלכע שפּאַרט אַרויף צו פֿון די אָפּגרונטן

פון זיין וועזנטלעכקייט,ווען ער דערפילט דעם דראַנג איבערצושטייגן באַדינגטקייטן און צו פּאַראַמעסטן זיך מיט מעכטיקייטן און אַריינגענו־מען צו ווערן אָדער אַריינגערעכנט צו ווערן, ווי אַ טייל פון דער אַלמעכטיקייט — ווען ער דערפילט, דערוואוסט און דערקענט דאָס אַלץ, וועלן אים שוין קיין שום אומפּאַרענטפערטקייטן, קיין שום תּיקוס נישט צוריקהאַלטן פון אָנצושטרענגען זיך פון דאָס ניי, און פון אַ וואָרף צו טון זיך אויף נייע וועגן, וועלכע זאָלן פירן צו נייע ענט־פערס, ניין, אין דער אָנשטרענגונג גופא זיי צו געפינען, פילט שוין דער מענטש אַ געוויסע באַפרייאונג פון דער אומפּאַרמיידלעכקייט פון דער באַדינגטקייט און פון דעם דעספּאָטיזם און אַליינהערשונג פון דער אַלמעכטיקייט.

עס איז אָט דידאָזיקע באַשטענדיקע און אומדערשעפּלעכע אומ־רויקייט אין דעם מענטשס גייסט, וואָס האָט נישט אָפּגעשטעלט קאַנטן, נאָך דעם ווי שפּינאָזאַ האָט אַזוי גרינטלעך דורכגענומען און פעסט־געשטעלט די צייטלאָזיקייט אָדער אומצייטיקייט און די אומפּאַרענדער־לעכקייט פון דער אייביקייט, פונדאַסניי זיך צו פאַרטיפן אין די פראַגן פון צייט און רוים, און אויף דעם גרונט פון זיינע נייע ענטפערס צו דידאָזיקע פראַגן, פעסטשטעלן, ווי ער האָט געדענקט, די אַבסאָלוטקייט פון די סתּירות און די אומדערלייזבאַרקייט פון די ווידערשפּרוכן, וועלכע זענען פאַרוואָרצלט אין דער מענטשלעכער לאָגיק, און וואָס שוועבנדיק איבער זיי נאָר, אויף די פליגלען פון גלויבן און געפיל, אין דער לופט פון קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון, קאָן דער מענטש צוקומען צו דער זאַך, ווי זי איז, אַ מחוץ פון די צייטלעכע און רוימלעכע רעגיאָנען.

די זעלביקע אומרויקייט אָבער פון דעם מענטשלעכן גייסט האָט נישט אָפּגעהאַלטן העגעלן פון אָנצושטרענגען זיך, און דורך אַ נייעם אַריינבליק אין די זעלביקע פראַגן, מאַכן צו גאָרנישט אַ שיין ביסל פון דער אַבסאָלוטקייט און לאָגישער אומדערלייזבאַרקייט פון קאַנטס סתּירות און אַנטינאָמיעס. און בערגסאָן, געשטויסן ווידער פון דער מענטשלעכער אומרויקייט, האָט, גייענדיק אַ שיין ביסל אין די פוס־טריט פון קאַנטן, דאָך באַוויזן אַזוי ווייט אַ טרייב טון און אַזוי איבער־אַנדערשן דעם באַגריף פון צייט און איר שייכות צו רוים און פון זיי

ביידן צו דעם פון אים געשאַפענעם באַגריף פון דויער — אַז אינם ליכט פון דערדאָזיקער ווייטקייט און איבערגעאַנדערשקייט פון די באַגריפן פון צייט און רוים, באַקומט די גאַנצע לערע קאַנטס אַן אַנדערן זין און אַן אַנדערן באַטייט. אַ סך פילאָזאָפישע און וויסנשאַפטלעכע פאַרשונגען ווערן איצט געפירט אויף גאַנץ אַנדערע, ווי ביז בערגסאָנען, וועגן, שטעלן זיך שוין גאַנץ אַנדערע צילן און גייען שוין אַרויס פון גאַנץ אַנדערע אויסגאַנגס-פונקטן, נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס בערגסאָן האָט זיך נישט דערשראָקן פאַר קאַנטס תּיקוס.

און אָט דידאָזיקע אַלע פראַגן בנוגע צייט און אַלץ, וואָס האָט מיט איר אַ שייכות, וואָס זיי שטעלט מאַן דורך זיך און דורך זיין העלד, מיט אַזאַ טיפקייט און שיינקייט אין זיין „צויבער-באַרג“, רעגן אונז אויף דעם צויבערהאַפסטן אופן דערצו, אַז מיר זאָלן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל בלעטערן די ביכער פון שפּינאָזאַ, קאַנט און העגעל און בערגסאָן און אַנדערע. דאָס זענען אַלץ ביכער, וואָס אָטעמען מיט אַן אומגעהייערער פאַרטיפונג פון די פראַגן וועגן רוים און צייט, די צוויי געדאַנקלעכע אויסשפּרייטונגען און פונאַנדערוויקלונגען, וואָס שטייען אָרגאַניש אָנגעהעפט ביי דער גרענעץ פון דער פענאָמענאַלער וועלט. דאָס איז די וועלט, וואָס אין איר לעבנדיק, קאָנען מיר זיך נישט העלפן פון צו טראַכטן, אויב מיר טראַכטן בכלל, וועגן דער וועלט, פון וועלכע זי, די פענאָמענאַלע וועלט, די דערשיינונגס-וועלט איז אַן אויסדרוק. מיר קאָנען זיך נישט העלפן פון צו טראַכטן וועגן און בענקען נאָך דער פילאָזאָפיש-רעאַלער וועלט, — וועגן און נאָך דער רעאַליטעט, וועלכע איז נישט ממשותדיק און נישט חושימדיק און דאָך צווינגט זי זיך אַרויף אויף אונז און לאָזט זיך דערפילט און באַגריפן צו ווערן ווי העכער און ווירקלעכער פאַר אַלע ממשותדיק-ווירקלעכע ווירקלעכקייטן. און טראַכטנדיק וועגן ביידע וועלטן, שטעלן זיי זיך אונז ביידע פאָר ווי זיך-דרייענדיקע אַרום דער צייט-און רוים-אַקס.

## ג.

האַנס קאַסטאָרפּ, זייענדיק אויפן צויבער=באַרג אינגאַנצן אַ סובלי=
מירטער פון נישט=רעאַליזירטער ליבע, האָט זיך דערפילט אַן אָפּגערי=
סענער פון דעם טאָל און פלאַכלאַנד אונטערן באַרג און אַ זיך רייסנ=
דיקער צום הימל איבערן באַרג, און דערפאַר איז ער טאַקע געווען אַזוי
מסוגל צו שוועבן אין זיין פאַנטאַזיע צווישן דער פענאָמענאַלער און
ניומענאַלער, וועלט צווישן דער וועלט, ווי זי זעט אויס, און דער וועלט,
ווי זי איז, און ליידנשאַפטלעך צו זוכן אַן ענטפער אויף אַלערליי פילאָ=
זאָפישע פראַגן, אָנהייבנדיק מיט דער צייט=און רוים=פראַגע. מיט די
ליידנשאַפטלעכע זוכענישן זיינע ווערן מיר אָנגעשטעקט אַ דאַנק, נאַטיר=
לעך, דער קינסטלערישקייט, מיט וועלכער זיי ווערן איבערגעגעבן. די
צייט=און רוים=פראַגע, ווי אַלע אַנדערע פילאָזאָפיש=אַבסטראַקטע פראַגן,
ווערן פאַר אונז קאָנקרעטע, אונזער אייגענע עקזיסטענץ=אָנרירנדיקע און
באַרירנדיקע פראַגן. און קומענדיק פון מאַנס „צויבער=באַרג" צוריק צו
דער וויסנשאַפט און דער פילאָזאָפיע, ברענגען מיר מיט זיך דערזעונג,
דערשפּירונג און אויפנאַמס=כּוחות און פעיקייטן, וועלכע מיר האָבן פריער
נישט פאַרמאָגט.

האָבן מיר געמעגט, למשל, ווי לאַנג און ווי טיף שטודירן אין
די ביאָלאָגישע און פילאָזאָפישע ביכער די פראַגע: וואָס איז אַזוינס
לעבן, האָבן דאָך, ווי איך בין אין דעם איבערצייגט, קיין איינס פון
דידאַקטיקע ביכער נישט געמאַכט אויף קיין איינעם פון אונז אַזאַ טיף
רירנדיקן און אַזאַ אַלץ אין אונז פאַרכאַפּנדיקן איינדרוק, ווי יענע
פאַראַגראַפן פון „צויבער=באַרג", וואָס אין זיי מאָלט פאַר אונז טאָמאַס
מאַן, ווי האַנס קאַסטאָרפּ שטודירט און קלערט וועגן דער פראַגע: וואָס
איז לעבן? זיין סוביעקטיוויזם אין דער פראַגע, זיין ליידנשאַפטלעכער
אינטערעס אין דער לעבנס=פראַגע איז גורם, אַז מיר זאָלן בליץ=שנעל
אַריינגעצויגן ווערן אין דער מיסטעריע פון לעבן און אַז מיר זאָלן
גאָר שנעל דערפילן די אָנגעקניפּטקייט פון אונזער לעבן אָן דעם אוני=
ווערסאַלן לעבן און ממילא אויך די אָפּהענגיקייט פון דעם זין און באַ=

טייט פון דעם, וואָס מיר פילן ווי א ו נ ז ע ר לעבן, פון דעם זין און באַטייט, וואָס קאָן אַריינגעלייגט ווערן אין דעם, וואָס מיר רעדן און טראַכטן, ווי וועגן אַ לעבנס־פּראָצעס אָדער לעבנס־געשעעניש א י ב ע ר אָדער אַ ר ו ם אונז, און אין דעם אַלעם, וואָס מיר פאַרשטייען אונטער דעם אויסדרוק סתם לעבן אָדער א ו נ י ו ו ע ר ס אַ ל לעבן.

„בעת" — שרייבט מאַן — „די לבנה איז געגאַנגען איר באַ־שטימטן וועג איבער די קריסטאַלישע גלינצערנישן פון דעם באַרג־טאָל, האָט ער געלייענט וועגן דער אָרגאַניזירטער מאַטעריע, וועגן די אייגנ־שאַפטן פון פּראָטאָפּלאַזם, יענער סענסיטיווער סובסטאַנץ, וועלכע האַלט זיך אויף אין אַן אויסערגעוויינלעכער היין־און הער־באַוועגונג צווישן אויפבוי און צעפאַלונג, וועגן איר פאָרם, וועלכע וויקלט זיך אַרויס פון רודימענטאַרע, אָבער שטענדיק פאַראַנענע גרונט־פאָרמען".

האַנס קאַסטאָרפּ איז אָבער נישט פון די יעניקע, וואָס לייענען צוליב אינפאָרמאַציע אָדער צוליב וועלכע עס איז פּראַקטישע אָנווענד־באַרקייטן. ניין, האַנס לייענט כדי צו באַקומען, אויב מעגלעך, אַן ענט־פער אויף די פראַגן, וואָס מאַטערן אים, וועגן דעם תוך און תמצית פון זאַכן, וועגן דעם סאַמע לעצטן אויסגאַנג און ענדציל פון זאכן, ווייל ער פילט, אַז נאָר אין דער טיף, און נישט אין דער ברייט, פון דער זאַך, ליגט פאַרוואָרצלט דאָס, וואָס קאָן און וועט ווען עס איז געבן אַ זין און אַן אינהאַלט צום מענטשלעכן לעבן בכלל און צום לעבן פון די איינצלנע האַנסעס בפרט. און אָט פאַרוואָס, לייענענדיק וועגן דעם, וואָס מען האָט אויסגעפונען אַרום דעם לעבן, פרעגט זיך אַלץ האַנס: אָבער וואָס איז געווען דאָס לעבן און וואָס איז דאָס אַזעלכעס איצט? אין וואָס מער ער לייענט און וואָס מער ער שטודירט, אַלץ מער זעט ער איין, אַז קיינער האָט נישט געוואוסט און קיינער ווייסט איצט נישט.

וועגן שייכות צווישן לעבן און באַוואוסטזיין טראַכט האַנס דאָס פאָלגנדיקע: „דאָס לעבן האָט בלי ספק זיך אַליין געוואוסט, אַזוי באַלד ווי עס איז לעבן געווען, אָבער עס האָט נישט געוואוסט, וואָס אַזעלכעס עס איז געווען. באַוואוסטזיין, ווי עס דריקט זיך אויס דורך עמפּינד־לעכקייט צו אַ סטימול, האָט זיכער דערוואַכט ביז צו אַ געוויסן גראַד שוין אויף די נידעריקסטע, אומאַנטוויקלסטע שטופן פון לעבן — — —

באַוואוסטזיין אַלזאָ איז געווען אַ פונקציע פשוט פון דער צום לעבן־איינגעאָרדנטער מאַטעריע, אַ פונקציע, וואָס אין די העכסטע אויסדרוקן האָט זי זיך געווענדט קעגן אירע טרעגער און איז געוואָרן אַן אָנשטרענגונג צו דערגרונטעווען און צו דערקלערן די פענאָמענס, וואָס האָט זי אַרויסגעבראַכט". דאָס באַוואוסטזיין קומט ביי האַנסן אויס צו זיין „אַ האָפנונגספול־האָפנונגסלאָז טראַכטן וועגן זעלבסטדערקענטעניש, די נאַטור אין זיך־אין־זיך צוריקצי". אומזיסט זענען אָבער אַלע באַמיונגען פון דעם באַוואוסטזיין, „מחמת די נאַטור קאָן זיך נישט אויפלייזן אין דערקענטעניש, און לעבן קאָן נאָך אַלעמען נישט צוריקקערן זיך צו זיך גופא".

און דאָ פרעגט האַנס נאָכאַמאָל: וואָס איז לעבן? און דורך אַלע פאָרשונגען זיינע באַקומט ער דעם ענטפער: קיינער האָט נישט געוואוסט! „קיינער האָט נישט געוואוסט דעם אַקטועלן פונקט, וואָס פון אים איז עס אַרויסגעשפרונגען און זיך אָנגעצונדן. קיין שום זאַך נישט אין דער ממשלה פון לעבן, פון יענעם פונקט אָן, איז אומפאַראורזאַכט, אָבער דאָס לעבן גופא האָט אויסגעזעען צו זיין אומפאַראורזאַכט — — וואָס אַלזאָ איז] געווען דאָס לעבן? — — — מיט אַלעמען און נאָך אַלעמען זענען די לייסטונגען פון דער פראָטאָפלאַזם געבליבן אומדערקלערלעך. עס איז פאַרווערט, ווייזט אויס, דעם לעבן, אַז עס זאָל זיך גופא דערקענען! — — — — — און אַז מען געפינט שוין אויס די באַשטאַנדטיילן פון דעם טויטן מוסקול? וואָס העלפט עס, ווען דאָס לעבעדיקע לאָזט זיך בשום אופן נישט כעמיש צו אונטערזוכן!"

דאָ האָבן מיר אַלזאָ צום ערשטן מאָל אין אַ קונסט־ווערק אַ פאָרמולירונג, און אַ קלאָרע און שיינע פאָרמולירונג, פון דער אוממעגלעכקייט פון אויפצולייזן אָדער צוריקצוברענגען לעבן צו עפעס אַנדערש ווי לעבן — אַן אוממעגלעכקייט, וועלכע איז אויף קיין איין האָר נישט געמילדערט געוואָרן פון אַלע העכסטע זיגן און טריאומפן פון דער וויסנשאַפט, סיי אין אירע ביכער, סיי אין אירע לאַבאָראַטאָריעס. דאָ האָבן מיר פאַר אונז אַ שיין־קינסטלעריש בילד, ווי אַזוי דאָס לעבן גליטשט זיך ווי פון אונטער די הענט אַרויס פון אַלע אָנשטרענגונגען מצד פון אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט עס צו פאַקן פאַר אַ ברעקעלע אַנאַליז, פאַר אַ טראָפעלע צעגלידערונג און פונאַנדערגלידערונג אין עלע־

מענטשן אָדער באַשטאַנדטיילן. דאָסדאָזיקע בילד דערמאַנט אונדז אין מעטערלינקס „בלויען פויגל". בלוי איז דער פויגל, איידער די קינדער פאַקן אים, אַ געפּאַקטער אָבער, איז ער שוין נישט בלוי, און דעריבער נישט דער בלויער פויגל, וואָס אים זוכן און וואָס אים דאַרפן די קינדער. עס זעט אויס, ווי דאָס לעבן זאָל זאָגן צו דער וויסנשאַפט: „אָנקוקן מיך? יאָ! וויפיל נאָר דיין האַרץ גלוסט! זוכן און אונטערזוכן אַרום מיר און לעבן מיר? אוודאי, פאַרוואָס-זשע דען נישט? אדרבא, מיטן גרעסטן כּבוד און פאַרגעניגן! מיך אָנרירן אָבער, מיך גופא, מיין מהות און תּמצית צו אונטערזוכן? ניין אויף אַזאַ נאָענטקייט און אינטימקייט מיט דער וויסנשאַפט גיי איך — לעבן, נישט איין!

און אָט דאָסדאָזיקע בילד, דידאָזיקע פאָרמולירונג קומט אַרויס ווי אַן איבערלעבונג פון איינעם, אין דעם פאַל פון האַנס קאַסטאָרפּ, וועמען טאָמאַס מאַן לאָזט אין איין נאַכט דורכנעמען די פונדאַמענטאַלע און טיפסטע גרונדלאַגן פון אַלע וויסנשאַפטן, וואָס אויף זיי צו שטודירן און מיט זיי זיך אינטים צו באַקענען, האָט מאַן געמוזט אַוועקגעבן אַ לאַנג לעבן זיינס. עס איז אַן איבערלעבונג האַנסעס, ווייל ער קומט צו די וויסנשאַפטן נישט אויס נייגיר סתּם צו וויסן זאַכן, נישט אויס אינטערעס אין וויסנשאַפטלעכע אמתן, ווי דאָס קומט צו זיי דער וויסנשאַפטסמאַן. ניין, האַנס קומט צו זיי, געטריבן פון מאַטערנישן מיט די פראַגן, וואָס האָבן אַן ענגע און אינטימע שייכות מיט זיין, האַנסעס, אייגענעם לעבן. נישט אין סתּם וויסן איז אים געגאַנגען, נאָר געגאַנגען איז אים אין לעבן אַריין צו וויסן אָט שוין באַלד ווי אַזוי אויסצופילן די ליידיקייט, אומעטיקייט און עלנטקייט פון זיין נשמה — פון דער נשמה, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק געבענקט, אַזוי געוואַלטיק זיך געריסן, אַזוי אומברחמנותדיק אָפּהענגיק געוואָרן פון דער נשמה, אַזוי גוט ווי פון דעם קערפּער פון קלאַוודיאַ, וועגן וואָס זי, קלאַוודיאַ, האָט פאַר לאַנגער צייט קיין שום אַנונג נישט געהאַט; און ווען זי האָט שוין יאָ געקריגן צו וויסן וועגן דעם, האָט זי אויף דעם אַלעמען געענטפערט כּמעט ווי מיט גאָרנישט. אָבער קלאַוודיאַס באַציאונג פון נישט וויסן און פון גלייכגילטיקייט האָט נישט געשטערט צו דעם, אַז זי זאָל מיינען אַלץ און נאָר צו אים. אַלץ, וואָס איז אָנגעגאַנגען איצט אין זיין נשמה, אין זיין קערפּער, אין זיין גאַנץ אויסנווייניק

שטיל און אינעווייניק שטורעמדיק און קאָכעדיק לעבן — אַן אָנזאָג, אין וועלכן קלאַודיאַס פיזיק, קלאַודיאַס פסיכיק און קליאַודיאַס לעבן האָט אָן איר וויסן געשפּילט אַ גרויסע ראָל — — אָט דאָס אַלץ האָט געטריבן און גערעגט האַנסן צו פאָרשן און צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס איז לעבן, וואָס איז נשמה און וואָס איז קערפּער?

און דידאָזיקע בלוט-און-פלייש מאַרך-און האַרץ-רעגונג, אָט דידאָזיקע עמאָציאָנעלע אויפקאָכעניש און אויפגערודערטקייט האָט געפירט דערצו, אַז זיינע פאָרשונגען און טראַכטענישן זאָלן זיין דורכגענומען מיט טיפע און שאַרפע ליידן און ווייטיקן, מיט אַ ברענענדיקער ליידנשאַפט און אַ פייערדיקער איבערגעגעבנקייט. די קינסטלערישקייט, מיט וועלכער דאָס אַלץ ווערט געמאָלן, העלפט דערצו, אַז אויך מיר זאָלן אָנגעשטעקט ווערן פון דעם פייער און ברען פון דער ליידנשאַפטלעכקייט און איבערגעגעבנקייט אַזוי, אַז האַנסעס פראַגן ווערן אונזערע פראַגן, און מיר ווערן אָנגערעגט זיך צו פאַרטיפן אין זיי אַ סך מער און גאָר אויף אַן אַנדערן אופן, ווי מיר ווערן עס פון דיזעלביקע פראַגן, ווען מיר שטויסן זיך אָן אויף זיי אין אַנדערע און נישט אין דער קונסט-צווייג פון קולטור.

פון לעבן גייט האַנס אַריבער צום זכרון, און ער רעדט אין דער הויך צו זיך אַזוי, אַז מיר קאָנען אויך הערן.

„אָבער וואָס באַטייט — פרעגט ער — דאָסדאָזיקע גאַנצע אומוויסן (פון לעבן, הייסט עס) — אין פאַרגלייך מיט אונזער ביז גאָר הילפלאָזיקייט אין דער אָנוועזנהייט פון אַזעלכע דערשיינונגען, ווי סתם זכרון, אָדער פון יענעם אַנדערן מער פראָלאָנגירטן און מער דערשטוינענדיקן זכרון, וועלכער גייט אונטער דעם נאָמען ירושה פון די דערוואָרבענע אייגנשאַפטן? פולקאָמען איז די אוממעגלעכקייט פון צו קריגן אפילו אַן אָנונג פון אַן אויפפאַסונג פאַר דער מעכאַנישער דערקלערבאַרקייט וועגן אַזעלכע לייסטונגען פון דער צעלסובסטאַנץ. דער זוימענפאָדעם, וואָס טראָגט אַריבער צום איי אָן אַ שיעור פאַרוויקלטע אינדיוויד-און ראַסע-אייגנשאַפטן פון דעם פאָטער, איז זיכטבאַר נאָר דורך דעם מיקראָסקאָפּ, און די שטאַרקסטע פאַרגרעסערונג אפילו איז נישט גענוג אויף צו ווייזן אים אַנדערש, ווי אַ האָמאָגענישן קערפּער, אָדער אויף צו

באַשטימען זיין אַנטשטייאונג, מחמת ער זעט אויס דאָס זעלביקע ביי איין חיה, ווי ביי דער אַנדערער".

און פון די שייכותן צווישן לעבן און זכרון, אָדער צווישן לעבן און באַוואוסטזיין, גייט האַנס אַריבער, און אַלץ טאַקע אין דער זעלביקער נאַכט, צו די פראַגן וועגן שייכותן צווישן אָרגאַנישן און נישט אָרגאַנישן, און פון זיי ווידער, צו די פראַגן וועגן שייכותן צווישן דעם מאַטעריעלן און נישט מאַטעריעלן בכלל.

ער האָט זיך געפרעגט, צי ס'איז מעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז עס זאָל ווען-עס-איז אַזוי פיל ליכט געוואָרפן ווערן אויף די „גענען", „ביאָבלאַסטן" און „ביאָפאָרן", מיט וועלכע ער האָט דורך זיינע שטודיעס געשלאָסן אַן אַנטימע באַקאַנטשאַפט, — אַז עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן זייער עלעמענטאַרע נאַטור? אָבער דאָ באַלד דערמאַנט ער זיך, אַז די באַגריפן לעבן, לעבעדיקע אָרגאַניזמען און עלעמענטאַרקייט שליסן אויס איינע די אַנדערע. ווייל ממה-נפשך, טראָגן זיי — אָט די דאָזיקע גענען, ביאָבלאַסטן און ביאָפאָרן — לעבן, מוזן זיי זיין אָרגאַניזירט, מחמת לעבן באַרוט זיך אויף אָרגאַניזאַציע; זענען זיי אָבער אָרגאַניזירט, קאָנען זיי נישט זיין עלעמענטאַר, מחמת אַן אָרגאַניזם איז נישט עלע-מענטאַר, אַן אָרגאַניזם איז פילפאַך.

„אַזוי לאַנג — זאָגט האַנס — ווי מען האָט גערעדט וועגן לעבנס-איינהייטן, האָט מען נאָר אויף אַ פאַלשן אופן געקאָנט רעדן וועגן עלעמענטאַרע איינהייטן. מחמת דער באַגריף וועגן איינהייט טראָגט מיט זיך אומאויפהערלעך דעם באַגריף פון אונטערגעאָרדנטער אויפ-בויענדיקער איינהייט, און אַזאַ זאַך ווי עלעמענטאַר לעבן, דאָס הייסט, עטוואָס, וואָס איז שוין געווען לעבן און איז נאָך געווען עלעמענטאַר — איז נישט פאַראַן".

און תוך כדי דיבור כאַפט זיך האַנס, אַז עפּעס אַזעלכעס ווי עלעמענטאַר לעבן האָט געמוזט עקזיסטירן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַזאַ עקזיסטענץ איז נישט קיין לאָגישע. און עקזיסטירן האָט עס געמוזט דערפאַר, ווייל עס איז שווער זיך אָפּצוזאָגן פון דער אידעע פון אָריגינעלן באַשאַף, דאָס הייסט, פון דער אַנטשטייאונג פון לעבן פון דעם נישט-לעבעדיקן. „ווען עס איז" — אַזוי טראַכט האַנס — „מוז די טיילונג פירן צו איינהייטן, וועלכע צוזאַמענגעזעצט, אָבער נאָך

נישט אָרגאַניזירט, פּאַרמיטלען זיי צווישן לעבן און נישט-לעבן, מאָלעקולן, וואָס בילדן דעם איבערגאַנג צווישן לעבנס-אָרדנונג און כעמיע". די מאָלעקולן אָבער דערמאַנען האַנסן אָן דעם אָפּגרונט, וועלכער, ווי ער דריקט זיך אויס, „עפנט דאָס מויל אויף אַ סך אַ מיסטעריעזערן אופן, ווי דער אָפּגרונט צווישן אָרגאַנישער און אומאָרגאַנישער נאַטור", און דאָס איז דער אָפּגרונט צווישן דעם מאַטעריעלן און נישט מאַטעריעלן.

„דער מאָלעקול" — אַזוי פירט ווייטער זיינע טראַכטונגען האַנס — „איז צונויפגעשטעלט פון אַטאָמען און דער אַטאָם איז ווייט נישט מער גענוג גרויס, אַז ער זאָל קאָנען אפילו ווי אויסערגעוויינלעך קליין באַצייכנט ווערן. ער איז אַזאַ קליינע פּיציניונישקע פריע טראַנזיציאָנעלע מאַסע, אַ גאַרגליווערונג פון אומשטאָפלעכן, פון דעם, וואָס איז נאָך נישט שטאָפלעך, און דאָך צו שטאָף ענלעך, פון ענערגיע. וועגן וועלכער עס איז קוים שוין אָדער קוים נאָך מעגלעך צו טראַכטן, ווי וועגן עפּעס, וואָס איז מאַטעריעל און וואָס מען מוז דעריבער ליבערשט טראַכטן וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס, וואָס איז אַ מיטל און אַ גרענעץ צווישן דעם מאַטעריעלן און נישט מאַטעריעלן". און זיינע נאַכט-טראַכטונגען שליסט האַנס מיט דעם געדאַנק, אַז „דאָ איז אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון אַן אַנדערער אָריגינעלער בריאה — אַ פּראָבלעם, וואָס איז אַ סך ווילדער און מיסטעריעזער פאַר דעם אָרגאַנישן פּראָבלעם, דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון דעם אורשפּרינגלעכן געבוירן ווערן פון דעם שטאָף אויס דעם אומשטאָפלעכן".

און מערקווירדיק, ווי די טראַכטונגען, וועלכע זענען אָנגעגאַנגען אין קאָפּ און אין דער נשמה פון דעם קינכטלער טאָמאַס מאַן און די שלוסן, צו וועלכע ער איז געקומען נאָך מיט יאָרן צוריק, זענען ענלעך צו די טראַכטונגען און שלוסן, וואָס פילן אָן די זייטן פון דעם נאָר-וואָס אַרויסגעקומענעם וויסנשאַפטלעכן בוך „די נאַטור פון דער פיזישער וועלט" פון דעם גרויסן וויסנשאַפטסמאַן — א. עדינגטאָן.

פון דעמדאָזיקן בוך ווערן מיר געוואויר, אַז די וויסנשאַפט, וואָס גייט אונטערן נאָמען פיזיק און וועלכע האָט געגלייבט און געהאָפט ווען-עס-איז צוריקצובריינגען אַלע פיזישע, ביאָלאָגישע און פּסיכישע פּאַרוויקלונגען און קאָמפּליקאַציעס צו אַ ממשות-מאַטעריעלן, מאַטעמאַטיש-

קלאָרן און לאָגיש־איינפאַכן יסוד — אַז זי, די פיזישע וויסנשאַפט, איז אין אירע פאָרשונגען דערגאַנגען צו אַן עפּעס, וואָס איז ממשותלאָז און בשום אופן נישט מאַטעריעל, צו אַן עפּעס, וואָס לאָזט זיך נישט אין מאַטעמאַטישע פאָרמולן איבערצוזעצן און וואָס איז לאָגיש אַזוי פאַר־וויקלט און אַזוי קאָמפּליצירט, ווי דער מענטשלעכער באַוואוסטזיין און די מענטשלעכע פּסיכיק גופא.

„מיר האָבן — שרייבט עדינגטאָן — פּשוט אַ דריי געטון אַ ווינקל אין דעם וועג פון פּראָגרעס, און אונזער אומוויסנהייט שטייט פאַר אונז אַן אַנפּלעקטע, אַ דערשרעקנדיקע און אַן איינגעשפּאַרטע. עס איז עטוואָס ראַדיקאַל שלעכט מיט אונזערע איצטיקע פונדאַמענטאַלע באַגריפן פון פיזיק, און מיר וויסן נישט ווי דאָס גוט צו מאַכן". (ז. 179) — — — — „גראָבנדיק טיפער און טיפער אין דעם, וואָס ליגט ביים יסוד פון פיזישע דערשיינונגען, מוזן מיר זיין גרייט אויף קומען צו וועזנהייטן, וועלכע, ווי פיל זאַכן אין אונזער באַוואוסטזיניקער דער־פאַרונג, זענען אויף קיין שום אופן נישט מעסטבאַר דורך צאָלן". (ז. 209) יעדע נייע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונג, יעדע נייע מעגלעכקייט אַריינצו־דרינגען מיט אַ וויסנשאַפטלעכער עקזאַקטקייט און מעסטבאַרקייט אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל פון דער נאַטור, דעקט אויף נייע אוממעגלעכקייטן פון צו דערגרונטעווען דעם תּמצית און תּוך פון וועלכער עס איז זאַך אויף אַ וויסנשאַפטלעך־מאַטעמאַטיש־וויסנשאַפטלעכן און מאַטעמאַטישן אופן. דאָס, וואָס ווערט דערקענט אין דער ברייט און אויף אַן אַב־סטראַקטן אופן, העלפט נישט פיל צו אַ קאָנקרעטער דערקענטעניש פון זאַכן אין דער טיף.

רעדנדיק וועגן דער נייער קוואַנטום טעאָריע, זאָגט אונז עדינג־טאָן: „עס איז נאָר דורך דער פעולה פון אַ קוואַנטום, וואָס די אויסנ־ווייניקסטע וועלט קאָן ווירקן אויף אונז און ווערן באַוווירקט פון אונז, און וואָס אַ דערקענטעניש וועגן איר קאָן דערגרייכן אונזער געדאַנק. אַ קוואַנטום טעטיקייט קאָן זיין דער וועג פון צו אַנטפּלעקן פאַר אונז אַ געוויסן פאַקט וועגן דער נאַטור. איינצייטיק אָבער ווערט איינגעפלאַנצט אין דער טראַכט פון דער צייט אַ פּריש אומדערקענטס. אַ צוגאָב צו דעם וויסן ווערט געוואונען אויף דעם חשבון פון אַ צוגאָב צום אומ־

וויסן. עס איז שווער אויסצוזיידיקן דעם ברונעם פון אמת מיט אַ ריי־נעגדיקן עמער". (ז. 229).

ווענן דער אומדערשעפּטבאַרקייט פון דעם ברונעם, וואָס הייסט מעטאַפיזישע טראַנסצענדענטאַלע רעאַליטעט, האָט מען אַלעמאָל גע־וואוסט און גערעדט. אַז די וויסנשאַפט אָבער מיט אַלע אירע פאָרשונ־גען איז, ווי ווייט עס האַנדלט זיך מכּוח דער קוואַליטאַטיווער וועזנ־לעכקייט פון דער וועלט, אויך אַ רינענדיקער עמער — דאָס האָט די וויסנשאַפט ביז איצט בשום אופן נישט געוואָלט צוגעבן. ווענן דעם, אַז דער תּוך און דער תּמצית פון דער וועלט, איר גאַנצער גאַנג, אויס אויסגאַנג, און ענדציל, ליגט גאָר בכלל אין אַ ספערע, וואָס צו איר קאָן מען נישט צוקומען מיט קיין שום אופנים און מעטאָדן פון דער וויסנשאַפט — ווענן דעם האָט ביז איצט די וויסנשאַפט קיינמאָל נישט געוואָלט טראַכטן און זיך קאַטעגאָריש דעריבער אָפּגעזאָגט דאָס צוצו־געבן. איר איז אַלץ געגאַנגען אין איין זאַך, און דאָס איז — צו באַ־ווייזן מיט אַ מאַטעמאַטישער קלאָרקייט ווי אַזוי די וועלט מיט אַלץ אין איר — לעבן און גייסט און אַלע זייערע ניואַנסן און שאַטירונגען, פּאַרטיפונגען און דערהויבונגען — האָט געקאָנט אויפגעבויט ווערן און אַרויסגעוויקלט ווערן פון מאַטעריע און אירע אַטאָמען.

„דער פיזיקער — שרייבט עדינגטאָן — פון וויקטאָריאַס צייטן האָט געפילט, אַז ער האָט געגוי געוואוסט ווענן וואָס ער רעדט, ווען ער האָט זיך באַנוצט מיט אַזעלכע אויסדרוקן, ווי מ א ט ע ר י ע און אַ ט אָ מ ע ן. אַטאָמען זענען געווען קליינע ביליאַרד־באָלן, אַ תּוכנדי־קע באַהויפּטונג, וואָס האָט געדאַרפט, ווי מען האָט אָנגענומען, זאָגן אַלץ ווענן זייער נאַטור אויף אַ שטייגער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געקאָנט דערגרייכט ווערן בנוגע טראַנסצענדענטאַלע זאַכן: ווי באַוואוסטזיין, שיינקייט אָדער הומאָר. איצט אָבער זעען מיר איין, אַז די וויסנשאַפט האָט גאָרנישט נישט וואָס צו זאָגן ווענן דער וועזנטלעכער נאַטור פון דעם אַטאָם. דער פיזישער אַטאָם, ווי אַלעס אַנדערע אין דער פיזיק, איז אַ צעטל פון אָנווייזער־אויסטייטשונגען. דאָס צעטל, שטימען מיר איין, איז אָנגעקניפּט אָן עפּעס אַן אומדערקענטן הינטערגרונט. פּאַרוואָס־זשע אַלזאָ עס נישט אָנקניפּן אָן עפּעס וואָס איז פון אַ ספּיריטועלער נאַ־

טור און וואָס פון איר איז גע ד אַ נ ק די בולטסטע כאַראַק-
טעריסטיק".

אַזוי, אַז פון זיך און דורך זיך גופא, פון און דורך אירע ווייט-
און עקשנותדיק-גייענדיקע אונטערזוכונגען און פאָרשונגען, איז די וויסנ-
שאַפט געטריבן געוואָרן צום ערשטן מאָל ערנסט און שאַרף צו פאַר-
טראַכטן זיך וועגן דער פראַגע: אפשר איז לה זה הדרך, אפשר איז די
גאַנצע הנחה אין גרונד פאַלש, אפשר איז עס גאָר פאַרקערט? דאָס
הייסט, אפשר איז עס טאַקע אַזוי ווי די פילאָזאָפיע האָט עס אַלעמאָל
געלערנט, און געלערנט עס אָן גאָר אַ שום אפשר, און דאָס איז: אַז
נישט לעבן, באַוואוסטזיין און אַלעס העכסטע, טיפסטע און שענסטע,
וויקלט זיך אַרויס פון דעם אומבאַלעבטן, אומבאַוואוסטן און פון דעם,
וואָס איז נידעריק, פלאַך און קנאַפּ שיין, נאָר פונקט דער היפוך פון
דעם: דאָס אומבאַלעבטע, אומבאַוואוסטע, דאָס נידעריקע, פלאַכערע און
נישט שיינע, אַנטשטייט, ווערט געבוירן, אָדער איז אויף אַזאַ אָדער אַן
אַנדערן, צו אונז נאָך אומבאַקאַנטן אופן, איינגעוויקלט אָרגאַניש אין די
קנייטשן און פאַלדן פון לעבן, באַוואוסטזיין און פון אַלץ, וואָס איז הע-
כער, טיפער און שענער, אָדער וואָס איז גאָר אויף אַן אַבסאָלוטן אופן
הויך, טיף און שיין און עס איז גאַנץ מעגלעך, און גאָר-גאָר וואָרשיינ-
לעך, אַז דידאָזיקע צוויי אין איינער וועלטן — די צוויי וועלטן, וואָס
האָבּן קאַטאַסטראָפע באַצייכנט מיט די נעמען שטאָפּפלאַך און אומשטאָפּ-
פלאַך — אַז זיי, דידאָזיקע צוויי פון איין מקור-אַרויסשלאָגנדיקע וועלטן,
נייטיקן זיך, כדי באַגריפן און באַנומען צו ווערן פון דעם מענטש, אין
צוויי אָדער מער גאַנץ באַזונדערע צוטריטן, און גאַנץ באַזונדערע אויפ-
נאַמס-פעיקייטן און אויפנאַמס-אַפּאַראַטן. לאַנג צוריק נאָך האָט שוין אָנ-
געוויזן אויף דעם דער פילאָזאָף בערגסאָן, און די קונסט האָט עס גע-
טון, נישט פרעגנדיק זיך וועגן דעם נישט ביי דער פילאָזאָפיע און נישט
ביי דער וויסנשאַפט. און איצט איז אין דעמדאָזיקן כאָר צוגעקומען אויך
די שטים פון דער וויסנשאַפט.

„דער קרייז פון די דיפערענציאַל-גלייכונגען פון דער פיזיק" —
לייענען מיר אין עדינגטאָנס בוך — „איז די מעטריש-ציקלישע סכעמאַ,
וועלכע איז אַן עקסטראַקט פון אַ ברייטערער רעאַליטעט. וויפיל עס זאָלן
זיך, דורך ווייטערדיקע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען, נישט אויסשרייטן

די ראַמיפיקאַציעס פון די ציקלען, קאָנען זיי נישט, צוליב דער עצם־טבע זייערער, אַנגרייפן דעם הינטערגרונד, אין וועלכן זיי האָבן זייער קיום — זייער אַקטואַליטעט. אינם דאָזיקן הינטערגרונד ליגט עס אונזער אייגענער געדאַנקלעכער באַוואוסטזיין. און דאָ, אויב וואו עס איז, קאָנען מיר געפינען אַ ק ו ״ אַ פ ס׳, אַ גרעסערע פאַר אונזער באַוואוסטזיין, וועלכע איז אָבער מיט איר אין קרובהשאַפט. פאַר די קאָנטראַדירנדיקע געזעצן פון דעם ספּיריטועלן סובסראַט, וועלכער, אויף ווי ווייט ער איז באַקאַנט צו אונז אין באַוואוסטזיין, איז אין זיין מהות נישט מעטריש — פאַר זיי, פאַר דידאָזיקע קאָנטראַדירנדיקע געזעצן, איז נישט מעגלעך צו זיין אַנאַלאָגיש צו די דיפערענציאַלע און אַנדערע מאַטעמאַטישע גלייכונגען פון דער פיזיק, וועלכע זענען זינלאָז, אויב זיי ווערן נישט געשפייזט מיט מעטרישע כּמות. אַזוי, אַז דאָס מגושמדיקסטע אַנטראָפּאָלאָגישע בילד פון אַ ספּיריטועלער געטלעכקייט, קאָן קוים זיין אַזוי ווייט פון אמת, ווי אַ בילד, וואָס ווערט באַגריפן אין טערמינען פון מעטרישע גלייכונגען (282).

אין דידאָזיקע ווערטער פונם וויסנשאַפטסמאַן עדינגטאָן, אין די־דאָזיקע קלאָרע און שאַרפע ווערטער, וואָס די וויסנשאַפט האָט אָנגעהויבן צו רעדן צום ערשטן מאָל זינט זי איז אויף דער וועלט געקומען, זעען מיר ווידער אַן אויסדרוק און אַן אָפּהאַנדלונג פון אַ טענדענץ און אַ נייגונג פון דעם מענטשלעכן גייסט צו גיין אין דער ריכטונג פון דער סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט פון אַלע קולטור־אויסדרוקן, פאַר וועלכע איך שטעל זיך שטאַרק איין, מחמת איך פיל, אַז אַזאַ סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט וואָלטן אי דעם מענטש, אי די קולטור אַ שטויס געטון צו אַזעלכע הויכן און טיפן, וואָס וואָלטן איבערשטיגן אַלע אונזערע חלומות און פאַנטאַזיעס.

נאָכדעם ווי עדינגטאָן ציט פון די לעצטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אַלע נייטיקע און לאָגישע שלוסן בנוגע די שייכותן צווישן מענטש, גאָט און נאַטור, זאָגט ער אונז גאַנץ קלאָר, אַז ער מיינט דאָ נישט אָנצודייטן, אַז „עס איז פאַראַן עפּעס נייעס אין דערדאָזיקער פילאָזאָפיע. עס גיט אָבער דעם ענין אַן אַנדער אויסזעען, ווען דאָס איז נישט בלויז אַ פילאָזאָפישע לערע, צו וועלכער עס קאָן געגעבן ווערן אַן אינטעלעקטועלע הסכמה, נאָר ווען עס איז אויך געוואָרן אַ

טייל פון דער וויסנשאַפטלעכער שטעלונג פון היינט צו טאָג, וועלכע ווערט אילוסטרירט אין פרטים אין דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם פּלאַן פון פיזיק".

בעת אָבער די אַלטע בליקן פון דער פילאָזאָפיע זענען געוואָרן, ווי עדינגטאָן דענקט, אַ טייל פון דער וויסנשאַפטלעכער שטעלונג, ווערן אָבער דידאָזיקע בליקן פונדעסטוועגן אַריינגעוועבט אין דער וויסנשאַפט, נאָר פון די יעניקע וויסנשאַפטלער, וועלכע האָבן טיף אַריינגעבליקט אין דעם פילאָזאָפישן צווייג פון דער קולטור, ווי אַ וויטהעד אָדער עדינג־טאָן, און עס איז ידוע, אַז פילאָזאָפן, ווי שפינאָזאַ, קאַנט און בערגסאָן האָבן טיף און גרינדלעך דורכגענומען אַלע וויסנשאַפטן פון זייער צייט, איי־דער זיי האָבן זייער פילאָזאָפישע שיטה דער וועלט געגעבן. „די לעצטע טענדענצן פון דער וויסנשאַפט — שרייבט עדינגטאָן — טוען אונז אַ נעם אַרויף צו אַ הויכקייט, פון וועלכער מיר קאָנען אַרונטערקוקן אין די טיפע וואַסערן פון פילאָזאָפיע. און אויב איך וואַרף מיך אַריין אין זיי אויף אַ האַסטיקן אופן, איז עס נישט דערפאַר, וואָס איך טרוי מיינע שווים־קרעפטן, נאָר כדי צו פּרוון באַווייזן, אַז דאָס וואַסער איז באמת טיף". די פילאָזאָפיע האָט בדרך כלל אַלע מאָל אויסגענוצט פאַר אירע פּאַרטיפונגען די וויסנשאַפטלעכע ברייטקייט, די וויסנשאַפט אָבער האָט, צום גרויסן שאָדן פון דער קולטור, ביז איצט נישט גענומען צו הילף די פילאָזאָפישע טיפקייט און נאָך וויניקער די קינסטלערישע בילדלעכקייט און אַריינדרינגלעכקייט. די וויסנשאַפט איז איצט דעריבער געקומען צו אַ פונקט פון נישט קאָנען פשוט זיך ווייטער אַ ריר טון אָן דעם אָנשטרענג צו שווימען אויף און טוקן זיך אין די טיפע וואַסערן נישט נאָר פון דער פילאָזאָפיע, נאָר אויך פון קונסט און אפילו פון רעליגיע אָדער רעליגיעזיטעט. אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון עדינגטאָנס בוך זענען געדיכט באַשפּרענקלט מיט ווערזן פון פּאָעזיע, און אין דעם קאַפּיטל „וויסנשאַפט און מיסטיציזם" שטעלט זיך דערדאָזיקער גרויסער וויסנשאַפטסמאַן שטאַרק איין פאַר מיסטיציזם. עס לייגט זיך אים גאַנץ געמיטלעך אויפן שכל און אויף דער נשמה, אַז „די מיסטישע אילוזיעס פון דעם מענטש זענען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אונטערליגנדיקער רעאַלי־טעט" (ז. 319). דער אמתער אמת, וועלכער אַנטפּלעקט זיך אין דער מיסטישער דערפאַרונג, באַשטייט פאַר עדינגטאָנען אין דעם, „וואָס

אונזערע געדאַנקען זענען נישט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און די געפילן, וואָס מיר האָבן פון פרייד און מעלאַנכאָליע און אונזערע נאָך טיפערע געפילן, זענען נישט נאָר פון אונז אַליין בלויז, נאָר זיי זענען אַרויסבליקן פון אַ רעאַליטעט, וועלכע איבערשטייגט די שמאָלע גרענעצן פון אונזער פּרטיותדיקן באַוואוסטזיין. — — אין דעם, וואָס די האַרמאָניע און שיינקייט פון דער נאַטורס פּנים איז אין גרונד איינס מיט דער פרייד וואָס פאַרוואַנדלט דאָס פּנים פון דעם מענטש", דאָס מיינט פאַר עדינגטאָנען דאָס זעלביקע, ווי צו זאָגן, אַז "די פיזישע וועזנטלעכקייטן זענען בלויז אַן עקסטראַקט פון אָנווייזער-אויסטייטשונגען, הינטער וועלכע עס געפינט זיך אַ נאַטור, וואָס איז איינס מיט אונזער אייגענער".

אָט פאַרוואָס עס איז אַזוי גרינג געווען פאַר אונז אַריבערצוגיין פון טאָמאַס מאַנס קינסטלערישע געשטאַלט — האַנס קאַסטאָרפּ, צו דעם לעבעדיקן וויסנשאַפטסמאַן עדינגטאָן, און איצט ווידער צוריק, פון עדינגטאָנען צו אונזער האַנסען, מיט זיינע אויסערגעוויינלעך מיסטיש-וויסנשאַפטלעכע און רעליגיעז-פילאָזאָפישע דערפאַרונגען, איבערלעבונגען און טראַכטעניש אויף דעם הויכן, צווישן טאָל און הימל הענגענדיקן, צויבער-באַרג. די לעצטע קאַפּיטלעך פון בוך "די נאַטור פון דער פיזישער וועלט" זענען נישט ווייניקער צויבערהאַפט, נישט ווייניקער אָנגעפּראָפּט מיט מיסטיק, פילאָזאָפיע, קונסט און רעליגיע, ווי אַ סך פון די קאַפּיטלעך פון "צויבער-באַרג" — — אַן אויסערגעוויינלעכע און, לויט אונזער איינדרוק נאָך, אַן אומגעהערטע ביז איצט צוזאַמענפלעכטונג פון קונסט און וויסנשאַפט און אַלע אַנדערע קולטור-אויסדרוקן.

2.

## קאַסטאָרפּ, סטעמברינִי און נאַפטאַ — דריי גייסט-שטרעמונגען

### א.

דאָס גאַנצע קאַפּיטל אונטערן נאָמען „פֿאָרשונגען" איז פֿול מיט פֿראַגן, וואָס טאָמאַס מאַן לאָזט זיין הויפּט-העלד, האַנס קאַסטאָרפּ, טראַכטן וועגן זיי אין אַ געוויסער נאַכט. די פֿראַגן און טראַכטונגען האָבן זיך געוויקלט אַרום אַלע צווייגן און צווייגעלעך פֿון דער קולטור. אַן אויסגעמאַטערטן לאָזט מאַן האַנסן איינשלאָפֿן און שלאָפֿנדיק, אַ חלום טון. און דער חלום האַנסעס איז אַן עדות אויף דעם, אַז דידאָזיקע אַלע פּראָבלעמען און פֿראַגן, וואָס האָבן אַ מאַטער געטון האַנסן, זענען געווען פֿאַרוואָרצלט אין אַ באָדן פֿון קאָנקרעטע, פּערזענלעכע, זיך פֿריש צאַפּלענדיקע איבערלעבונגען, וועלכע האָבן זיך ערשט שפּעטער פֿונאַנדערגעבליט אין אַלמענטשלעכע, אוניווערסאַלע, איבערצייטלעכע און איבערדרוימלעכע פּראָבלעמען.

דער חלום איז וועגן דער, וואָס האָט צוליב דער ליבע, וואָס איר וועזן האָט אַרויסגערופֿן אין האַנסן צו זיך, געדעגט און געשטויסן אין אַלערליי הויכן און טיפֿן האַנסעס נשמה און דורך דעם זיין געדאַנק — צו אַלערליי פּרעגענישן און טראַכטענישן. און דערדאָזיקער חלום, וואָס אים באַשרייבט מאַן אין אַלע איינצלהייטן, קומט אונדז צו לאָזן הערן און וויסן, אַז די רעאַליטעט, די איבערצייטלעכע און איבערדרוימלעכע וועלט, צו וועלכער האַנס ווערט געבראַכט פֿון זיינע וויסנשאַפֿטלעכע און מעטאַפֿיזישע פֿאַרטיפֿונגען, איז אויף אַזאַ

אָדער אַנדערן אופן געקנעטן פונם זעלביקן טייג, וואָס פון אים איז געקנעטן און געפורעמט די מענטשלעכע נשמה.

עטוואָס ענלעכס מיט דער רעאַליטעט מוז האָבן אי די מענטש־לעכע נשמה, וועלכע גייט אויס, פאַלט און שטייגט אין די אַלערליי געפילן און עמאָציעס פון ליבע, יושר און אמת, אי דער מענטשלעכער געדאַנק, וועלכער רייסט זיך צוצוקומען צום מקור פון געפילן, כדי זיי צו דערקלערן אינם ליכט פון אַ „פונוואַנען" און „וואוהין", אַ „פאַרוואָס" און „צוליבוואָס". און אויב דער געדאַנק באַווייזט נישט, און וועט אפשר קיינמאָל נישט באַווייזן, צוצוקומען צו דעמדאָזיקן מקור, באַווייזט ער יאָ מיט זיין אָנשטרענג צו וואַרפן ליכט־שטראַלן אויף די געפילן, צו טרייבן זיי אין גרעסערע הויכן און טיפערע טיפן — הויך און ווייט ביז צום פונקט, וואו און ווען דער מענטש דערפילט זיך אַן אַריינגע־נומענער און אָרגאַניש אַן אַריינגעוויקלטער אינם העכסטן, שענסטן און טיפסטן. ערשט דעמאָלט באַקומען אַלע דערפאַרונגען און איבער־לעבונגען אַ ווערט, און פון דער ווערטפולקייט שלאָגט אַרויס, ווי פון זיך אַליין, די זינפולקייט. די העכסטע לויטערקייט און קלאָרקייט גיט אונז נאָך אַלעמען נאָר די מיסטישע געלייטערטקייט. דאָס איז אַ גע־לייטערטקייט, וואָס נעמט דורך דאָס מענטשלעכע וועזן, ווען עס ווערט פון אַן אומזעבאַרער און אומדערקענטבאַרער קראַפט אַריינגעזעצט ביז צו דער פאַרגעסנקייט אָן דעם אַלץ אַרום, אין דער העכסטער וועלט אָדער רעאַליטעט — אין דער רעאַליטעט וועלכע איבערשטייגנדיק, שליסט זי איין, און איינשליסנדיק, איבערשטייגט זי אַלע אַנדערע וועלטן און רעאַליטעטן, וואָס מיט זיי ווייבלט און גריבלט דער מענטש־לעכער געדאַנק און די מענטשלעכע פאַנטאַזיע.

דאָס קאַפּיטל „פאָרשונגען" ענדיקט זיך מיטן פאָלגנדיקן פאַראַגראַף:

„די ביכער זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אויפן לאָמפ־טיש, איינס איז געלעגן אויף אַ טעפיכל לעבן שטול און דאָס, וועלכעס האַנס קאַסטאָרפ האָט געלייענט צולעצט, איז געלעגן אויף זיין בויך און האָט געדריקט און שווער געמאַכט זיין אָטעמען, און דאָך איז נישט געקו־מען קיין באַפעל פון דעם אויבערשטן מאַרך־שיכט צו די פאַר דעם אָנגעגרייטע מוסקולן, אַז זיי זאָלן עס אַוועקנעמען. ער האָט געהאַט

געלייענט אַ זייטל אַרונטערצו, זיין קין האָט געזונקען צו זיין ברוסט צו, איבער זיינע אומשולדיקע בלויע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די דעקלעך. ער האָט דערזעען דאָס בילד פון לעבן, זיין בליענדיקן גלידער=בוי, זיין פון פלייש געטראָגענע שיינקייט. זי האָט אויפגעהויבן די הענט פון אונטער איר קאָפּ, זי האָט אויפגעעפנט אירע אָרעמס. אויף זייער אינעווייניקסטער זייט, דער עיקר אונטער דער צאַרטער הויט פון די עלנבויגן=שפּיצן, האָט ער געזעען די בלויע פונאַנדערצווייגונגען פון די גרעסערע אָדערן. דידאָזיקע אָרעמס זענען געווען פון אַ זיסקייט, וועלכע קאָן אין ווערטער נישט איבערגעגעבן ווערן. זי האָט זיך אָנגעלייגט אויף אים, זיך געבייגט צו אים, זיך איבערגעבויגן איבער אים. ער האָט געשפּירט דעם געשמאַקן אָרגאַנישן אַראָמאַט פון איר קערפּער, ער האָט געשפּירט די פּולסירונג פון איר האַרץ. אַ הייסע צאַרטקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט אַרום האַלז. אַ צעשמאָלצענער פון באַגער און ערפורכט, האָט ער אַוועקגעלייגט זיינע הענט אויף אירע אויבערשטע אָרעמס, וואו די דין=געוועבטע הויט איבער איר דרייקעפּיקן מוסקול האָט זיך געלאָזט פילן אַזוי הימלדיק קיל. און אויף זיינע ליפּן האָט ער דערפילט דעם פייכטן איינזויג פון איר קוש".

געקומען איז דערדאָזיקער קוש — דער קוש אין חלום — פון קלאַודיען, דאָס הייסט פון דער, וואָס האָט פון דעם ערשטן מאָמענט, ווען ער האָט זי דערזעען, און פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט זי נישט געזעען, וויל ער האָט זי אין לויף פון זיין גאַנץ לעבן מער נ י ש ט געזעען ווי י אָ געזעען — דער קוש אַלזאָ איז געקומען פון דער, וועלכע האָט, פון דעם מאָמענט, ווען ער האָט זי דערזעען ביז אויף שטענדיק, אָנגעפילט זיין נשמה מיט אַ זאַפטיקייט און אַ גליקזעליקייט, וואָס נאָר די מסתמא, וועלכע האָבן געליבט אָדער ליבן, קאָנען וויסן דעם טעם און מיטפילן מיט אַזאַ נשמה=צושטאַנד. האַנס האָט געזעען אין חלום די, וועלכע האָט געגעבן פליגל צו זיין גייסט, צו זיין גאַנץ פסיכיש וועזן, וועלכעס, אויפהייבנדיק זיך העכער און העכער איבער דער ערד, האָט נישט נאָר אַרומגענומען אַלץ ברייטערע און ברייטערע האָריזאָנטן, נאָר אויך דורכגעדרונגען און אַריינגעדרונגען אין דעם, וואָס איז אויף יענער זייט הימל און ערד, און

אויף וואָס די באַגריפן „די זייט“ און „יענע זייט“, „דאָ און דאָרט“, „איצט און פריער“, ווי זיי ווערן געוויינלעך פאַרשטאַנען, זענען גאָר לחלוטין נישט חל. און טאָמאַס מאַן, אָדער די קונסט אין אים, וויל, אַז מיר זאָלן וויסן, אַז געזעען האָט האַנס קלאַוודיאַן, וועלכע האָט אַזוי פאַרטיפט און דערהויבן זיין גייסט, — אַז געזעען האָט ער זי אין איר גאַנצער פּי,ישער געשטאַלטונג. די פּרטים פון דער באַשרייבונג אין דעם פאַראַגראַף, וועלכן איך האָב געבראַכט, האָבן, לויט מיין מיינונג, אַ גרויסן באַטייט, אויף וועלכן דער אינטעליגענטער לייענער אָדער קריטיקער מעג און דאַרף זיך אָפּטשעלן.

עס איז דאָך זיכער, אַז נישט צוליב דעם מאָלן אָדער באַשרייבן גלאַט אין דער וועלט אַריין, שטעלט זיך טאָמאַס מאַן אָפּ אויף דער צאַרטער הויט, אויף די עלנבויגן־שפּיצן, אָדערן און דעם דריי־קעפּיקן און אַנדערע מוסקולן פון קלאַוודיאַ, וואָס זיי אַלע אינאיינעם, באַהויכט פון דעם גייסט און פון דעם געשטאַלט קלאַוודיאַס, מאַכן האַנסן אין חלום איבערצולעבן ערדישע און הימלישע געפילן, וואָס קאָנען נישט, ווי מאַן זאָגט אונז, אין ווערטער איבערגעגעבן ווערן. ניין, באַוואוסט אָדער אומבאַוואוסט פאַר מאַנען אַליין, איז פון דער קונסט אַריינגעלייגט געוואָרן אַ גרויסער מיין און באַטייט סיי אין דעם, וואָס די גרויסע און טיפע פאַרשונגען ענדיקן זיך אומבאַוואוסט פאַר האַנסן מיט אַ חלום וועגן דער פרוי קלאַוודיאַ, סיי אין דעם, וואָס זי שטאַלט זיך אין חלום פאַר האַנסן אין אַזוי פיל פיזישע אָדער פיזיאָלאָגישע איינצלהייטן.

אין פרוי קלאַוודיאַ, ווי זי ווערט אונז געגעבן פון דעם קינסטלער, האָבן זייער ווייניק מסתמא, און אפשר נאָך קיינער נישט, געפונען אויסערגעוויינלעכס אָדער עטוואָס מער אָדער באַדייטנדיק אַנדערש פון דעם, וואָס קאָן געפונען ווערן אין גאָר אַ סך אַנדערע פרויען. דאָס סאַמע אויסערגעוויינלעכע אין קלאַוודיאַ איז באמת געווען נאָר דאָס, וואָס אין איר נשמה און אין איר גאַנצן פּסיכישן צונויפשטעל איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס גראָד דאָס האָט געקאָנט מער פאַר אַלץ פאַרכאַפּן אַזאַ נשמה, ווי די נשמה פון האַנסן. וואָס דאָס איז אַזעלכעס, אין וואָס באַשטייט דער אינהאַלט אָט פון דעמדאָזיקן עפּעס, האָט האַנס געוואוסט פונקט אַזוי ווייניק, ווי ער האָט געוואוסט, פאַר־

וואָס אים האָט אַלס קינד אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט דאָס אויסזעען און די נשמה פון אַ געוויס יינגל פון אַן ערך איין עלטער מיט אים. וואָס האַנס האָט יאָ געוואוסט און געפילט, איז, אַז עפּעס אַן ענלעכקייט — וועלכע וואָלט געווען אוממעגלעך פאַר אים צו זאָגן — עפּעס אַן ענלעכקייט איז געווען צווישן יענעם יינגל און איר, קלאַודיאַ, און אַט דערדאָזיקער פאַרדאַכט אויף אַן אומבאַשטימטן, אומדעפינירבאַרן „עפּעס" אין קלאַודיאַס נשמה, וואָס האָט געצויגן, פאַרכאַפּט, פאַרכישופט, געשטויסן און געיאָגט אין אַלע הויכן און אין אַלע נידערס, אין אַלע טיפן און אין אַלע פלאַכן האַנסעס נשמה — אָט דערדאָזיקער פאַרדאַכט אויף עפּעס ספּעציפיש, ספּעציפיש־מענטשלעכס אָדער איבערמענטשלעכס, גיט שוין די אַלע פרוי־און מאַן־שייכותן — שייכותן פון געשלעכט און פון ליבע, אַ גאַנץ אַנדערן, ווי בלויז אַנאַטאָמישן אָדער פיזיאָלאָגישן אויסזעען.

ליידנשאַפטן פון אַזאַ סאָרט — ליידנשאַפטן פון ספּעציפישע, פון שיקזאַל אויסגעקליבענע און אויסדערוויילטע „עפּעסן" צו „עפּעסן" באַקומען שוין אַ סך טיפערע אינהאַלטן, זיי שטייגן שוין אין אַלע הינזיכטן אַריבער אַלץ דאָס, וואָס ווערט פאַרשטאַנען אונטער חיהשעס אָדער אפילו אונטער סתם אָדער געוויינלעך מענטשלעכס. עס איז דאָס־דאָזיקע אַריבערשטייגנדיקס אין די באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי, עס איז דאָס, וואָס שטייגט אפשר אַריבער אַלץ דאָס, וואָס איז ביז איצט געגאַנגען אונטער דעם באַגריף אָדער אויסדרוק — ליבע, וואָס האָט מעגלעך אָדער אַבסאָלוט נויטיק געמאַכט פאַר די ציאונגען און גאַרענישן צווישן מאַן און פרוי צו ווערן דער צענטראַל־פונקט פון אַלע קונסט־שאַפונגען.

ווער ווייסט, אפשר וועט דאָס מענטשלעך־גייסטיקע אויג דערבליקן אַמאָל אין דידאָזיקע ספּעציפישע „עפּעסן" און אין זייערע קעגנזייטיקע ציענישן און אָפּשטויסונגען, אויב נישט אַלע, איז איינעם פון די צונויפטרעפפונקטן פון די צוויי וועלטן — דער העכסטער און דער נידעריקסטער, — דעם פונקט, ביי וועלכן זיי גיסן זיך ביידע צונויף און ווערן איין־און־איינציקע אַבסאָלוטע וועלט, וועלכע נויטיקט זיך אין דעם ווערן פון דער צוויי־וועלטיקייט און אין אַלץ, וואָס גייט אָן אין זיי, אַזוי פיל, וויפיל די צוויי וועלטן נויטיקן זיך אינם ווערן

איין אַבסאָלוטע וועלט? זיכער איז, אַז געזוכט ווערן דאַרפן אָט די־דאָזיקע צוניפּטערפּונטטן נישט אין דעם סתּם לעבן און נישט אין דעם דראַנג צו דער דערהאַלטונג און ווייטערדיקער פֿאָרזעצונג פֿון לעבן. די אומדערגרינטלעכע און אומווי־דערשטייערלעכע ציִענישן צווישן די אומדערקלערבאַרע און אומבאַשטימטבאַרע „עפּעסן" אין די מענטשלעכע ער־און זי־נשמות האָבן זיך אַרומגעוויקלט אָדער זיך איינגעוויקלט אין אַזוי פֿיל זעלבשטענדיקע, זעלבסטוווערטיקע אינהאַלטן, אַז זיי, ווי איך האָב שוין פֿריער אָנגעוויזן, קאָנען שוין בשום אופן נישט באַטראַכט ווערן מער ווי בלויז מיטלען צו וועלכע־עס־איז צילן, אָנשטאָט צילן פֿאַר זיך אַליין. דער באַגער, דער דורשט און דער דראַנג גופא פֿון איין „עפּעס" צום אַנדערן, אומאָפּהענגיק פֿון וועלכער־עס־איז רעאַליזירונג, די אָנגעלאָדנקייט אַליין מיט אַלערליי ציִענישן, בענקענישן און גלוסטענישן נאָך דעם „עפּעס" מיט אַלע זייערע מיליאָנען־מיליאַסידיקע שאַטירונגען און ניואַנסן — זי אַליין, אָט די־דאָזיקע אָנגעלאָדענע אָנגעשטרענגטקייט און די אָנגעשטרענגטע אָנגעלאָדנקייט איז פֿול מיט אַזאַ העכסט־גייסטיקער, איבערמענטשלעכער דערהויבונג און פֿאַרטיפֿונג, אַז זי איבערשטייגט אין איר קולטור־ווערט און קולטיווירנדיקער קראַפֿט די געוויינלעכע פּראָצעסן פֿון לעבן, לעבנס־דערהאַלטונג, לעבנס־פֿאָרזעצונג אָדער פֿאָר־פֿלאַנצונג.

צווישן, אַלזאָ, אָט דעם גראַנדיעזן, איבער דער לאָגיק, פֿאַרנונפֿט און פֿאַרשטאַנד זיך טורעמדיקן „עפּעס" אין האַנסעס קלאַוודיאַ און אין אַנדערע קלאַוודיאַס, צווישן אָט־אָ־דעם „עפּעס" און די פֿאָרשונגען, טראַכטענישן און פֿרעגענישן האַנסעס וועגן די העכסטע און טיפֿסטע זאַכן אין דער וועלט, איז פֿאַראַן — — אַזוי, ווייזט אויס, וויל די קונסט אונדז זאָגן — — אַ שטאַרקע שייכות און אַ טיפֿע געמיינשאַפֿט־לעכקייט, און דערפֿאַר שליסן זיך עס די פֿאָרשונגען מיטן חלום וועגן קלאַוודיאַן.

דאָס איבערשטייגנדיקע אָבער, דאָס טראַנסצענדענטאַלע, ווי מיר האָבן עס שוין מער ווי איין מאָל באַטאָנט, שליסט קיין שום זאַך נישט אויס פֿון דעם אַלץ, וואָס עס איבערשטייגט. עס שליסט בלויז אַלץ איין און אַסימילירט עס. די נשמה, דער גייסט, דאָס געשטאַלט פֿון

קלאַוודיאַ איז נישט בלויז אַ סכום פון איר פיזיק, פון איר אַנאַטאָמיע, פיזאָלאָגיע אָדער ביאָלאָגיע. זי איז נישט קיין סכום פון איר הויט, ביינער און פלייש. דורך די לעצטע אָבער — ביין, הויט, פלייש און בלוט, האָט זיך צו האַנסן דורכגעצטט, דורכגעלויכטן און אויפגעלויכטן קלאַוודיאַס געשטאַלט און דאָס „עפּעס" אין דעמדאָזיקן געשטאַלט, וואָס נאָר אין איר, און נישט אין קיין אַנדערער, האָט אים שוין אויף זיין גאַנץ לעבן נישט געלאָזט פריי פון שטאַרקן איינפלוס און ווירקונג. און דאָס, וואָס זעצט דורך, קאָן נישט אין דעם לעבן פון דעם מענטש, און אפשר אין ערגעץ נישט אין דער גאָרער וועלט, אָפּגעטיילט ווערן פון דעם, דורך וואָס עס זעצט זיך דורך. און אפשר זענען זיי אין דער אמתן, דאָס הייסט אין זייערע טיפסטע וואָרצלען און גרונטן, גאָר איינגאַנצן איינס.

אָט פאַרוואָס, מאָלנדיק און באַשרייבנדיק דעם חלום וועגן קלאַוודיאַ, האָט די קונסט געצוואונגען מאַנען זיך אָפּצושטעלן אויף אַלץ, וואָס נשמות, וועלכע זוכן האַנסעס, ווי האַנסעס אימאַנענטקייט און סינ-טעטישקייט, שטעלן זיך אָפּ. זי האָט אים געצוואונגען זיך אָפּצושטעלן אויף אַזעלכע אויבנאויפיק-גענומען אומבאַדייטנדיקע זאַכן, ווי פאַר-צווייגטע אָדערן, דריי-קעפּיקע מוסקולן און שפּיצן פון די עלנבויגנס. מיר זאָגן אויבנאויפיק-גענומען, מחמת אַ ביסל אַ טיפערער אַריינבליק דעקט אויף פאַר אונז אַ וועלט מיט מיסטעריעס אין יעדן גליד פון מענטשלעכן קערפּער, און דערהויפּט אין די קערפּער פון די-יעניקע, וואָס זייער גאַנץ וועזן, ווי עס שטייט און גייט, ווערט אונז ליב, טייער און הייליק. וואָס פאַר אַן אבר אין אַ קליין קינד ווילט זיך דען נישט, און וואָס פאַר אַן אבר קאָן דען נישט די מאַמע אויסקושן אין איר קליין קינד ? און אין דעם קלענערן, מער ווי אין דעם גרעסערן, אפשר דערפאַר — וואָס דאָרט איז פאַראַן מער אומבאַהאָלפנקייט און מער נאָך צונויפגעוואַקסנקייט מיט דער מוטערס לייב, וואָס דאָס אַלץ גיט צו אי מער ווייכקייט, אי מער מיסטעריע, און דורך דעם היי-ליקייט.

דאָס געפיל פון הייליקייט זעט אויס צו זיין איינגעוואַקסן אין דעם געפיל פון אָרגאַנישער צונויפגעוואַקסנקייט, אַזוי גוט ווי פאַר-קערט — דאָס געפיל פון אָרגאַנישער צונויפגעוואַקסנקייט אין דעם

געפיל פון הייליקייט, און דערפאַר, ווייזט אויס, ווילט זיך אונז אַזוי שטאַרק, רעדנדיק צו גאָט, אים אָנרופן: זיסער, האַרציקער פאָטער אונזערער! און אין דערדאָזיקער שייכות צווישן אָרגאַנישער צונויפגעוואַקסנקייט און הייליקייט דאַרף אפשר אויך געזוכט ווערן די קעגנזייטיקע איבערגאַנגען פון עראָטיק צו רעליגיעזיטעט און פון רעליגיעזיטעט צו עראָטיק, צו וועלכע דער מאָדערנער פסיכאָ-אַנאַליז האָט געצויגן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, און וועמענס אויסטייטשונגען דאַרפן, לויט מיין מיינונג, צוריקגעוויזן ווערן, ווייל ער האָט מער אונטערגעשטראָכן די עראָטיק אין דער רעליגיעזיטעט, ווי די רעליגיעזיטעט אין דער עראָטיק. אַזאַ אויסטייטשונג איז אי פאַלש, אי שעדלעך. פאַלש, ווייל עס איז פונקט אַזוי אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן דעם מענטשס ווערן אויף דער וועלט אָן רעליגיעזיטעט, ווי עס איז אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיין ווערן אָן עראָטיק. שעדלעך — ווייל אַזאַ בליק און שטעלונג נעמען אַוועק די הייליקייט און טיפקייט פון דער ליבע, די שיינקייט פון דער עכטעטיק, און מאַכט אַזוי אַרום די מענטשלעכע נשמה אָרימער און פלאַכער.

אין דעם ליכט פון נייעסטע פאָרשונגען וועגן אַלץ דעם, וואָס איז געגאַנגען ביז איצט אונטערן נאָמען מאַטעריע, ווערט אַלץ אמתער און אמתער די באַהויפּטונג פון שפינאָזאַן, אַז מען קאָן בשום אופן נישט מאַכן צו קליינגעלט די מאַטעריע, ווייל מיר האָבן נישט די מינדסטע אַנונג, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע כוחות און קרעפטן עס ליגן פאַרבאָרגן אין איר. און עס האַלט דאָך שוין, ווי מיר האָבן געזען, ווירקלעך נישט ווייט דערפון, אַז מען זאָל זי, די מאַטעריע, הייסט עס, דערפירן ביז צו דעם מקור פון נישט-מאַטעריע, וואָס דאָס איז דערזעלביקער מקור, וואָס פון אים שלאָגט אַרויס גייסט. און פונקט ווי שפינאָזאַ, זאָגנדיק גאָט אָדער נאַטור, האָט בשום אופן נישט געמיינט צו דערנידעריקן גאָט מיט דעם אויסדרוק, נאָר בלויז צו דערהייבן די נאַטור, אַזוי אויך, רעדוצירנדיק גייסט און מאַטעריע, קערפער און נשמה צו איין קוואַליקייט, מיינען מיר נישט צו פאַרפלאַכן, פאַרקלענערן אָדער דערנידעריקן דעם גייסט אָדער די נשמה, נאָר מיר מיינען, אַז די צייט קומט פאַר אַ דערהייבונג, פאַרטיפערונג און פאַרשענערונג פון דער מאַטעריע און פון דעם קערפער, און פאַר שטאַרקערער

אָרגאַנישקייט, אימאַנענטקייט און סינטעטישקייט פון זיי ביידע און פון אַלץ, וואָס קומט פון זיי און גייט מיט זיי.

און אויב אַזוי, איז עס נישט נאָר פסיכיש, נאָר אויך מעטאַפי־זיש ריכטיק, און וויסנשאַפטלעך נישט פאַלש, צו טון וואָס עס האָט געטון די קונסט דורך טאָמאַס מאַן, און דאָס איז: צו לאָזן האַנסן פילן אַ ה י מ ל י ש ע קילקייט, חלומענדיק וועגן דעם אָנריר אָן דער דין־געוועבטער הויט איבער דעם דרייקעפיקן מוסקול פון דער גע־ליבטער, און פון איר קוש אין חלום אים לאָזן באַווירקט און באַאייג־פלוסט ווערן צו גרויסע טואונגען און טיפע טראַכטענישן.

האַנס ווערט באַוועלטיקט פון צוויי באַגערן. „איין באַגער — אַזוי שרייבט מאַן — דער שטאַרקערער, איז געווען צו זיין אַליין מיט זיינע געדאַנקען און מיט זיינע השבונות־הנפש. דאָס האָט ער געקאָנט טון אויף זיין באַלקאָן. דער אַנדערער, מיט דעם ערשטן שטאָק פאַר־בונדענער באַגער, איז געווען: צו קומען אין אַן ענגען און פרייען באַריר מיט די בערג אין זייער שנייאיקער פאַרוויסטונג, צו זיי האָט עס אים אומווידערשטייערלעך געצויגן".

און ווי דער באַלקאָן און די בערג, אַזוי אויך האָבן שטאַרק געצויגן האַנסעס ווען די אין דער הויך אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען פון די צוויי, אויף דעם „צויבער־באַרג" זיך אויפהאַלטנדיקע, קראַנקע — סטעמבריני און נאַפטאַ. געקאָנט האָט האַנס פאַר שעהן־לאַנג, טאָג־איין טאָג־אויס, ביז צו מסירת־נפש זיך צו הערן צו די ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס צווישן סטעמבריני און נאַפטאַ, וועלכע זענען געווען דורכ־גענומען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ערודיציע. סטעמבריני איז דער פאָרשטייער און הייסער פאַרטיידיקער פון דעם אינטעלעקטואַליזם און אַלע זיינע ראַמיפיקאַציעס, נאַפטאַ ווידער שטעלט זיך איין שטאָל און אייזן פאַר דעם וואָלונטאַריזם, ביז צו אַלע זיינע עקסטרעמען, ווי אויך פאַר דעם טעאיזם.

ווי וואַסער צום גומען פון אַ פאַרחלשטן פון דורשט, אַזוי זענען צו האַנסן געווען נאַפטאַס געדאַנקען וועגן דער אַבסורדיטעט און לע־כערלעכקייט פון דעם מאַטעריאַליזם. מחמת אויך אים, האַנסן, איז געווען לחלוטין פרעמד די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג, אויף וועלכער די נאַטורוויסנשאַפט האָט ביז נישט לאַנג צוריק געבויט אַלע

אירע, ווי עס ווייזט זיך איצט אַרויס, לופט־שלעסער בנוגע דער רעאַליטעט פון דער וועלט. האַנסעס נשמה איז געווען פון דעם סאָרט, וואָס האָט קיינמאָל נישט געקאָנט קלויבן קיין סך נחת פון די האָפנונגען, וואָס די וויסנשאַפט האָט געלייגט אויף דעם מאַטעריאַליזם — די האָפנונגען, אַז ער זאָל ווען עס איז באַפרייען דעם געדאַנק און דעם גייסט פון דעם מענטש פון אַלע אַרום אים, אין אים און איבער אים שוועבנדיקע מיסטעריעס און סודותפולע אומדערקלערבאַרקייטן און אומדערגרייכבאַרקייטן, וועלכע ווירקן מיט זייער נישט־זייענדיקער פאַראַנענקייט און פאַראַנענער נישט־זייענדיקייט אויף אַ כישופדיקן און פאַרפירערישן אופן אויף דעם מענטשנס פיר און אָנגאַנג פון לעבן. נאָפּטאָס געדאַנקען זענען געווען פאַר דער סענסיטיווער, און צו אַלע ווייטקייטן און הויכקייטן זיך ציענדיקער נשמה פון האַנסן — טיפע און שווערע איבערלעבונגען, מער איבערלעבונג, ווי פאַר נאַפטאַן אַליין. און אַ דאַנק האַנסן ווערן דידאָזיקע געדאַנקען אויך אונזערע איבערלעבונגען. מאַן לאָזט אין דידאָזיקע געעאַנקען פון זיין העלד נאַפטאַ קומען צום אויסדרוק נישט נאָר זיין אייגענע רעאַקציע, נאָר אויך די רעאַקציע פון דעם טיפסטן מענטשלעכן דענקען און פילן אין אָנהייב פון דעם צוואָנציקסטן יאָרהונדערט.

מיט נאַפטאַן פרעגט איצט עקשנותדיק אַ גרויסער טייל פון דער דענקענדיקער וועלט: „איז דען נישט דער באַגריף פון אַן פאַר זיך אַליין עקזיסטירנדיקער מאַטעריעלער וועלט דער לעכערלעכסטער פון אַלע זעלבסטווידערשפּרוכן?“ און ווי מיר האָבן שוין געזען, זענען די אויערן לכל הפחות שוין פון אייניקע נאַטורוויסנשאַפטלער אָפן צו אַזעלכע טיף און שאַרף־שניידנדיקע ווערטער, ווי די פאָלגנדיקע: „די מאָדערנע נאַטורוויסנשאַפט אָבער, ווי אַ דאָגמע, האָט געלעבט פון דער מעטאַפיזישער פאָרויסזעצונג, אַז די פאָרמען פון אונזער דערקענטעניש: רוים, צייט און קאַאוזאַליטעט, וואָס אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ די פענאָמענאַלע וועלט, זענען רעאַלע שייכותן, וועלכע עקזיסטירן אומאָפּהענגיק פון אונזער דערקענטעניש. דידאָזיקע מאָניסטישע באַהויפּטונג איז געווען די נאַקעטסטע אומפאַרשעמטקייט, וואָס מען האָט אָנגעבאָטן דעם גייסט“.

דער רעאַליזם אינם וויסנשאַפטלעכן זין מיט זיינע באַגריפן וועגן

רוים און צייט ווי וועגן רעאַלע שייכותן, פירט, לויט נאַפּטאַס מיינונג נאָך, צו אַן אמתן ניהיליזם. אויף דער פראַגע: פאַרוואָס? ענטפערט ער: „אויס דעם פּשוטן גרונד, וואָס די שייכות צום אומענדלעכן פון יעדער גרייס, וועלכע מען זאָל נישט אָננעמען, איז גלייך נול. אינם אומענדלעכן איז נישט פאַראַן קיין שום גרויס, און אין דער אייביקייט איז נישט פאַראַן נישט קיין דויער און נישט קיין פאַרענדערונג. אינם רוימלעך־אומענדלעכן, צוליב דעם, וואָס יעדע דיסטאַנץ דאָרט איז גלייך צו נול, קאָנען אפילו קיין צוויי פונקטן נישט זיין איינער לעבן אַנדערן, שוין אָפּגערעדט פון צוויי קערפּער און פון באַוועגונג ווי אַזעלכע". און צו דעם, וואָס נאַפּטאַ זאָגט דאָ, גיט מאַן צו: „דאָס האָט נאַפּטאַ פעסטגעשטעלט, כּדי צו באַגעגענען די עצה פון דער מאַטעריאַליסטישער וויסנשאַפט, וועלכע האָט אָנגעגעבן פאַר אַן אַבסאָלוטער דערקענטעניש איר אַסטראָנאָמישע שאַרלאַטאַנסטוואָ, אירע פּלוידערייען וועגן דעם אוניווערס". און ער דריקט אויס דורך נאַפּטאַן זיין רחמנות אויף דער מענטשהייט, וועלכע האָט דורך אַ פּוסטן מושטיר פון זינלאָזע ציפערן זיך געלאָזט באַפאַלן צו ווערן פון אַ געפיל פון איר אייגענער נישטיקייט ביז צו פאַרניכטונג פון וועלכער עס איז באַטאָנונג פון איר אייגענער וויכטיקייט!"

„עס וואָלט נאָך געווען דערטרעגלעך" — טענהט נאַפּטאַ — „ווען דער מענטשלעכער שכל זאָל זיך האַלטן אין דעם ערדישן, און אין דידאָזיקע ספערן באַהאַנדלען ווי רעאַל זייערע דערפאַרונגען מיט די סוביעקטיוו־אָביעקטן. טוען עס אָבער די מענטשן נישט, נאָר זיי טרעטן אַריבער דידאָזיקע גרענעצן און זיי פּרובירן זיך צו פאַרמעסטן מיט דער רעטעניש פון דער אייביקייט און לאָזן אין גאַנג די אַזוי גערופענע קאָסמאָלאָגיע, קאָסמאָגאָניע, און דאָ ווערט עס שוין אויס שפּאַס. די עצה זייערע (פון דעם שכל און פון דער וויסנשאַפט) קומט צו אַ קלימאַקס. וואָס פאַר אַ לעכערלעכער אומזין צו רעכענען די דיסטאַנץ פון דער ערד צו אַ וועלכן עס איז שטערן אין טערמינען פון טריליאָנען קילאָמעטער אָדער ליכט־יאָרן, און זיך איינרעדן, אַז מיט אַזאַ פאַרדרייען פון ציפערן פאַרשאַפט מען דעם מענטשלעכן גייסט אַן אַריינבליק אין דעם מהות פון דער אומענדלעכקייט און אייביקייט, בעת די אומענדלעכקייט האָט קיין שום געמיינשאַפטלעכס מיט

גרויס, און די אייביקייט — מיט דויער אָדער צייט־דיסטאַנץ. זייענדיק ווי זיי (די אומענדלעכקייט און די אייביקייט, הייסט עס) זענען: — דער ביטול פון דעם, וואָס מיר רופן אָן נאַטור, האָבן זיי נישט קיין שום געמיינשאַפטלעכס מיט נאַטורוויסנשאַפט. כ׳לעבן, די איינפאַכקייט פון אַ קינד, וואָס דענקט, אַז די שטערן זענען לעכער אין הימל־געצעלט, וואָס דורך זיי שיינט די אייביקע קלאָרקייט, איז פיל טויזנט מאָל ליבער, ווי דאָס גאַנצע פוסטע, חוצפהדיקע און ווידערזיניקע גאַווערן פון דער מאָניסטישער וויסנשאַפט וועגן דעם ענין „אוניווערס".

נאָך אָט יענער נאַכט פון פאָרשונגען, וועלכע האַנס האָט דורכגעמאַכט — איינע פון אָט די נעכט, ווען מען דערפילט זיך ווי מען וואָלט נישט איינע, נאָר אַ טויזנט און איין נאַכט דורכגעלעבט און איבערגעלעבט און ווי דער נעכטן וואָלט, איינשלינגענדיק אַ וועלט מיט היינטן, זיך אַריינגעגליטשט אין אַ ווייטער צוקונפט — נאָך אָט יענער נאַכט, ווען די תיקוס האָבן איינער נאָכן אַנדערן געהאָגלט אויף דעם קאָפּ פון דעם שכל, איז עס געווען זייער נאַטירלעך, אַז האַנס זאָל בייגן מער און מער אויער צו די רייד פון נאַפטאַן, זיך נישט רעכע־נענדיק מיט דער שרעק און אייפערזיכטיקייט פון זיין פריינט, דעם אינ־טעלעקטואַליסט און ראַציאָנאַליסט — סטעמבריני.

אויף דעם כאַראַקטעריסטישן אופן ווערט דער אינטעלעקטואַליזם אָדער ראַציאָנאַליזם פון סטעמבריני אַרויסגעבראַכט, ווען ער רעדט וועגן מוזיק.

„זי, די מוזיק", — זאָגט סטעמבריני — „איז דאָס האַלב־אַרטי־קולירטע, דאָס צווייפלהאַפטע, דאָס אומפאַראַנטוואָרטלעכע, דאָס אינדע־פערענטע — איר וועט אפשר טענהן, אַז זי קאָן זיין קלאָר, ווען זי וויל, אָבער אויך די נאַטור קאָן זיין קלאָר, אויך אַ טייכל קאָן קלאָר זיין, אָבער וואָס העלפט עס אונז? דאָס איז נישט די אמתע קלאָרקייט, דאָס איז אַ טרוימערישע, גאָרנישט־נישט־זאָגנדיקע און צו קיין שום זאַך נישט פאַרפליכטנדיקע קלאָרקייט, אַ קלאָרקייט אָן קאָנסעקווענצן, און דערפאַר אַ געפערלעכע, מחמת זי פירט דערצו, אַז מען זאָל זיך ביי איר באַ־רואיקן — — — זאָל די מוזיק שפּילן איר דערהויבנסטע ראָל, זי וועט דורך דעם אָנצינדן אונזערע עמאָציעס, וואָס אונז אָבער גייט אָן, איז די אָנצינדונג פון דער פאַרנונפט". די פאַרנונפט אָדער דער אינ־

טעלעקט איז פאַר סטעמבריניען, ווי פאַר יעדן ראַציאָנאַליסט פון אַריס־טאָטלס צייטן ביז אויפן היינטיקן טאָג, ווי די מאַכט און דער פּרינ־ציפּ, וואָס רופט אַרויס זיין העכסטע באַיאָאונג, זיין העכסטע און לעצ־טע הכנעה און ליבע.

דורך די צוויי קינסטלערישע געשטאַלטן: סטעמבריני און נאַפטאַ, קומען צום אויסדרוק און ווערן אָפּגעשפּיגלט צוויי שטראָמען, דער ראַ־ציאָנעלער און איראַציאָנעלער, אינם מענטשלעכן וועלט־באַנעם, וועלכע שניידן דורך די מענטשלעכע קולטור אין אַלע תקופות פון דער מענטש־לעכער עקזיסטענץ. איך האָב מיך גראָד נאָר־וואָס אָנגעשטויסן אויף דעם פּאַראַלעל, וואָס דר. צינבערג פירט צווישן יהודה הלוי און דעם רמב״ם. (געשיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן, ערשטער באַנד.) און ווען מען טוט אַ פיר אַ פּאַראַלעל צווישן די צוויי פּאַראַלעלן: יהודה הלוי און דעם רמב״ם פון איין זייט, און די קינסטלערישע געשטאַלטן, נאַפטאַ און סטעמבריני פון דער צווייטער זייט, ווערט מען פּשוט דערשטוינט פון דער פּונקט־פּאַרפּונקטיקער־זעלביקייט. קיין גרעסערע ענלעכקייט וואָלט נישט מעגלעך געווען, ווען זיי וואָלטן געווען אַלע פון איין דור און נישט ווי זיי זענען אינדעראמתן אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע מיט אַן ערך פון אַן אַכט־הונדערט־יעריקער צייט־דיסטאַנץ.

דער פּאָעט יהודה הלוי שרייבט צו זיין געליבטער: „נאָר ווען דו, מיין ליבע, צו מיר דיין שטראַלנדיקן בליק דערהייבסט — פאַר מיינע טריט צעשפּאַלטן ווען גלייך זיך די אָפּגרונטן... אויך נאָך מיין טויט וועל איך דיינע לייכטע טריט מיט זייער גאָלדענעם גלעקלעך־קלאַנג דער־הערן און אויף דיין גרוס וועט דיך פון טיפן קבר מיין פרייד־געשריי באַ־געגענען: „איך ליב דיך״.

און שפּעטער־צו, ווען די ליבע צו ציון, די ליידנשאַפט צום מזרח האָט באַוועלטיקט זיין נשמה, האָט ער געשריבן: „אַלע אוצרות פון שפּאַניען וואָלט איך געשאָנקען פאַר דער גליקלעכער שעה, ווען איך וועל די שטיינער די וויסטע פון ציון, דאָס הייליקע אַש פונם חרובן היכל מיט ברענענדיקע קושן באַדעקן, מיט זאַלציקע טרערן באַ־גיסן —״

און אויפן באָרט פון שיף זינגט ער:

צוויי ימען שלאָפן דאָ צוזאַמען,
צונויפגעלייגט ווי גלייכע ברידער!
איין דריטער ים אין מיטן שלאָפט נישט:
מיין האַרץ מיט זיינע נייע לידער.

דער זעלביקער יהודה הלוי אַלס פילאָזאָף שרייבט: „דעם „אלהים", דער גאָט פון אַריסטאָ, קאָן מען משיג זיין מיט דער מחשבה, מיטן פאַר־שער־געדאַנק, אָבער נישט דעם מהות פון ד' (יהוה), דעם גאָט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויפן באַרג סיני. נאָר דורך דער טיפער אינטו־איציע, דורך רעליגיעזן פּאַטאָס און התלהבות קאָן מען זיין ליכט דערבליקן".

איבערלעבונגען און טיפע נשמה־צעטרייסלונגען פון אַ פּאָעטישן פילאָזאָף, ווי אַ יהודה הלוי אָדער פון אַזאַ, ווי אַ גבירול, וועמענס נשמה האָט אויך „קיין רו נישט געפונען, ווי די שוימענדיקע כוואַליעס פון דעם קאָכעדיקן ים", זענען געווען פרעמד דער נשמה פון דעם רמב"ם. און דערפאַר איז זיין שטעלונג און זיין באַגריף וועגן די שייכותן צווישן גאָט, מענטש און וועלט אַזאַ, וועלכער איז פרעמד, דערווידער און קלינגט פאַלש אין די אויערן פון די, וואָס, ווי די יהודהס און גבירולס, לעבן זיי, פילן און דענקען מיט פיבערן פון זייער נשמה און מיט אַלע אברים פון זייער גוף.

נישט אויפנעמענדיק גאָט מיט פּאַטאָס און התלהבות, האָט גאָט געקאָנט אויפגענומען ווערן פונם רמב"ם נאָר אויף אַ קאַלטן גאָרנישט־זאָגנדיקן, נעגאַטיוון אופן. דעם רמב"ם איז קלאָר, אַז דעם מענטשס שפּראַך איז נישט אומשטאַנד אויסצודריקן גאָטס שלמות. „מיר וועלן דערפאַר — שרייבט ער — זיין נענטער צום אמת, בעת מיר וועלן בנוגע צו גאָטס מהות און זיינע אייגנשאַפטן געברויכן נישט דעם „יאָ", נאָר דעם „נישט". עס איז פיל ריכטיקער, ווען מיר זאָגן: גאָט איז נ י ש ט איינער צווישן אַנדערע, ער איז נ י ש ט באַגרענעצט אין זיין מאַכט, נ י ש ט קערפּערלעך א. א. וו.".

וועגן דעם רמב"מס שטעלונג און אָפּשאַצונג פון אַ יהודה הלוי

זידער אַ גבירול שרייבט דר. צינבערג פאָלגנדיקעס: „לויט דעם רמב״מס שטאַנדפּונקט איז די פּאָעטישע השתפכות הנפש פון אַ יהודה הלוי נישט מער ווי אַ גאָט-לעסטערונג, וואָס „נאַראָנים״ זענען באַגאַנגען. דעמדאָזיקן שאַרפ, אָבער מער סיסטעמאַטישן ווי שעפערישן קאָפּ, איז געווען פרעמד דער פּאַטאָס פון פּאָעטישן רוח הקודש, דאָס צאַפּלען פון דער בענקענדיקער נשמה, דער מעכטיקער מעוף פון דעם מענטשס פאַנטאַזיע... די אומגעהייערע גרויסע און רייכע וועלט פון מענטשלעכע געפילן און באַגערן, די בעסטע טרייסט און נחמה פונם מענטש — די פּאָעזיע מיט אירע בלענדנדיקע פאַרבן און גאָלדענע חלומות און האָפענונגען, אַלץ, וואָס באַשיינט און באַשיינט דעם מענטשס לעבן — דאָס האָט מבטל געווען דעם רמב״מס שטאָל-שאַרפער, אָבער אייז-קאַלטער געדאַנק. נישט פאַרשטאַנען האָט דערדאָזיקער גאון, אַז אָט אין דעם אומדערמידלעכן האַרציקן שטרעבן און לעכצן צו דעם דערהויבענעם און איידעלן, וואָס דער מענטש גופא האָט אין גייסט געשאַפן — אַנטפּלעקן זיך די שענסטע און איידעלע זייטן פון זיין בענקענדיקער נשמה. נישט פאַרשטאַנען האָט ער, אַז גבירולס און הלויס „פּיוטים״ פליסן אויס דעם שענסטן קוואַל — אויס די טיפענישן פון דער באַגייסטערט-רעליגיעזער נשמה, און שטרעבן צום העכסטן און הימליש-געטלעכן, וועגן וואָס עס חלומט דער מענטש אין די דערהויבנסטע מאָמענטן פון זיין לעבן...״

אויב אין די צוויי העלדן פון „צויבער-באַרג״, אין צוויי קינסטלערישע געשטאַלטן — סטעמבריני און נאַפטאַ שפּיגלען זיך אָפּ, ווי איך האָב געזאָגט, די צוויי שטראָמען, דער ראַציאָנעלער און איראַציאָנעלער, וועלכע פירן אָן, ווי עס ווייזט אויס, משׁשת ימי בראשית אַ „ויתרוצצו״ אין דעם גייסט פון דער מענטשהייט — איז אין דעם הויפּט-העלד פון „צויבער-באַרג, אין דעם קינסטלערישן געשטאַלט פון האַנסן, קומט צום שאַרפן און טיפן אויסדרוק די שטאַרקע איבערוועלטיקונג פון דעם איראַציאָנעלן איבער דעם ראַציאָנעלן שטראָם אינם לעבן און דענקען פון דער מענטשהייט פון אונזער דור. דאָס איז אַן איבערוועלטיקונג, וועלכע אין דער פילאָזאָפיע, למשל, ציט זי זיך אין אַן אַלץ-שטייגערנדיקער און אינטענסיווערער פאָרם פון קאַנטן ביז צו די פילאָזאָפן ווי אַ בערגסאָן און אַ קראָטשע, וואָס לעבן נאָך איצט ביז אויף הונדערט און

צוואָנציק יאָר. דאָס איז אַן איבערוועלטיקונג, אַ זיג און אַ טריאומף פון די לערעס פון אַ גבירול און הלוי איבער דער לערע פון דעם רמב״ם און ממילא אויך פון אַריסטאָטעלן. דאָס באַטייט אַ גיין פון דער מענטשלעכער קולטור, פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג צו דער סינטעטישקייט און אָרגאַנישקייט פון אַלע אויסדרוקן פון גייסט, צו אַ סינטעטישקייט פון מאַטעריע און גייסט, צו אַ סינטעטישקייט פון גאָט, מענטש און וועלט, שטאַרקע שפּורן פון וועלכע מען געפינט אין די פּאָעטישע און פילאָזאָפישע ווערק פון גבירולן און הלוין. דער וועג צו דער סינטעטישקייט איז נישט דער ראַציאָנעלער, נאָר דער איראַציאָנעלער. מיט דער לאָגיק, מיט דעם פאַרשטאַנד אָדער אינטעלעקט קאָן מען בשום אופן זיך נישט פאַרזעצן אין דער זאַך און ווערן איינס מיט איר. דאָס קאָן מען טון נאָר מיטן געפיל, מיט דער עמאָציע און מיטן ווילן, אָדער גאָר אפשר נאָר דורך אַ צונויפגוס און פאַרייניקונג פון אַלע גייסט־אויסדרוקן און גייסט־פעיקייטן — נאָר דורך אָט דער סינטעטישקייט פון מענטשלעכער און איבערמענטשלעכער וועזנטלעכקייט, וועלכע בערגסאָן האָט אין זינען, בעת ער רעדט וועגן אינטואיציע. די אָנשטרענגונג גופא אָבער פאַר דער פאַרייניקונג, דאָס פאַרכאַפּט ווערן מיט דער זאַך אַזוי, אַז עס זאָל פאַרקומען די קאָנצענטרירונג און די געשפּאַנטקייט, וועלכע זענען גורם די אינטואיציע — דאָס איז אַ געפיל־זאַך, אַן עמאָציע. עס איז האַרץ, נשמה און נישט קאָפּ און שכל. מיטן קאָפּ און מיטן שכל קאָן מען נישט איינגעשלאָסן ווערן אין קיין שום זאַך, און מען קאָן אויך נישט אין זיך איינשליסן וואָס ס׳נישט איז. „די אימפּולסיווע איבערגעבנהייט, מיט וועלכער מיר שטעלן זיך אויף דער זייט פון געוויסע פראַגן, ווייזט“ — זאָגט בערגסאָן — „וויאַזוי אונזער אינטעלעקט האָט זיך זיינע אינסטינקטן, און וואָס קאָן זיין אַן אינסטינקט פון דעם מין, אויב נישט קיין דראַנג, וועלכער איז געמיינזאַם צו אַלע אונזערע אידעען, דאָס הייסט, צו זייער געמיינזאַמער דורכדרינגלעכקייט?“ אין דעמדאָזיקן דראַנג ליגט עס זין און כּוונה, וואָס קאָנען פון דעם אינטעלעקט נישט דערקלערט ווערן, דורך דעמדאָזיקן אימפּעט קומט אַ דערקענטעניש, וואָס קאָן פון דעם שכלדיקן וויסן נישט געגעבן ווערן. דאָס איז דער ברעג, אין וועלכן מען קאָן דערבליקן דעם געטלעכן פונק. פון אים

פלאָקערט עס זיך פונאַנדער דער פלאַם־פייער פון כּנה, דורן־װעלכן עס אַנטפּלעקן זיך צו אונז די תּמציתן און מהותן פון דער רעאַליטעט.

דאָס האָבן ביז צו אַ גרויסן גראַד געפּילט און איינגעזעען די פילאָזאָפישע פּאָעטן און פּאָעטישע פילאָזאָפן גבירול און הלוי, און פון קאַנטן אָן איז אויך די ריינע פילאָזאָפיע אַלץ מער און מער, אַלץ טיפער און טיפער באַוועלטיקט און דורכגענומען געוואָרן פון דעמדאָזיקן געפיל און דערדאָזיקער איינזעעוודיקייט. און גאָר לעצטנס האָט שוין נישט נאָר די פילאָזאָפיע, נאָר אויך די וויסנשאַפט איינגעזעען דאָס, וואָס די קונסט און די רעליגיע האָבן שוין לאַנג איינגעזעען, און דאָס איז — אַז די דערקענטעניש, די דערפילונג און די דערבליקונג פון די טיפענישן פון דער רעאַליטעט, פון די מהותן פון דעם אַבסאָלוט, קאָן קומען צום מענטש נאָר דעמאָלט, נאָר אין יענע מאָמענטן, ווען זיין פיזישער און גייסטיקער צושטאַנד איז אַזאַ, אַז די באַגייסטערונג רעדט אַרויס פון אַלע זיינע ביינער, פון זיין פלייש און בלוט, אַזוי גוט ווי פון זיין פּסיכיק און גייסט, דאָס מיינט, ווען ער, דער מענטש, איז נישט נאָר מיטן קאָפּ, מיטן שׂכל און מיט דער פאַרנונפט, נאָר אויך בכל לבבו, נפשו ומאודו פאַרקאָכט אין דעם, וואָס ער וויל דערגיין, דורכנעמען און דורכדרינגען.

און אַזוי געפינען מיר, אַז בעת גבירול האָט געשריבן: „דריי זעאיך שטענדיק פאַר מיינע אויגן, וואָס דערמאַנען מיר, גאָט, דיין הייליקן נאָמען: באַטראַכט איך איבער מיר די ה י מ ל ע ן די ווייטע, — זיי זענען דער אייביקער עדות פון דיין אומענדלעכער אַלמאַכט, די ע ר ד די פעסטע, וואָס אונטער מיינע פיס, דערמאַנט מיך אָן דיר, דעם אייביקן בויער און שעפער, און מיין ה אַ ר ץ, וואָס פילט און טראַכט, געדענקט אָן דיר און הויך שרייט עס אויס: „בכל עת ברכי נפשי אדני ז"‎ — שרייבט קאַנט מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער:

„צוויי זאַכן פילן אָן דעם גייסט מיט שטענדיק נייער און פאַרגרעסערטער באַוואונדערונג און יראת הכּבוד, וואָס אָפטער און שטענדיקער מיר טראַכטן וועגן זיי: ד י א ו י ס ג ע ש ט ע ר נ ט ע ה י מ ל ע ן א ו י ב ן א ו ן ד אָ ס מ אָ ר אַ ל י ש ע ג ע ז ע ץ א י נ ע ו ו י־נ י ק — — — דאָס צווייטע (דאָס מאָראַלישע געזעץ, הייסט עס)

הייבט זיך אָן פון מיין אומזעבאַרן זעלבסט, מיין פערזענלעכקייט, און שטעלט מיך אַוועק אין אַ וועלט, וואָס האָט אמתע אומענדלעכקייט. פוןביידע, אַלזאָ, ווערט דער טראָפּ געשטעלט אויף דעם אין דעם מענטש, וואָס בינדט און שליסט זיך מיט געפיל און וואָס כאַפּט אַרום די גאַנצע וועזנטלעכקייט פון דעם מענטש, זיין גאַנצע פערזענלעכקייט.

געשריבן האָט אויך גבירול: „פון דער שיין און אָפּגלאַנץ פון דיין גרויסקייט האָסטו באַשאַפן די אומפאַרגלייכלעכע שיינקייט: דו האָסט זי באַשענקט מיט דער מתנה פון חכמה, און אַ נאָמען האָסטו איר געגעבן — נשמה. פונם פלאַמענדיקן פייער האָסטו זי געקנעטן. און אָט דאָס אומשטערבלעכע פייער ברענט אומאויפהערלעך אין איר. און דער טויט האָט איבער איר נישט קיין שליטה. און אייביק אומצעשטערבאַר איז זי, ווי דער יסוד, פון וועלכן זי איז געבוירן!" און הלוי האָט געשריבן: „דער גאָט פון אברהם, דער גאָט פון דעם שם הויה, — — — איז נישט דער ווייטער, קאַלטער גאָט פון אַריסטו, וואָס זיין השגחה דערגרייכט נאָר די העכסטע שטערן און גלגלים אין הימל — נאָר דער גאָט, וואָס ווערט אין האַרץ געטראָגן, וואָס ווערט געשפּירט אין יעדן ווינקעלע פון דער נשמה... אַזוי ווי דער ליכטיקער שטראַל ברעכט זיך איבער פיל בולטער און שאַרפער דורכן גלאַנציקן שפּיגל און פיין געשליפענעם קרישטאָל, איידער דורך גרויע און מאַט־טונקעלע קערפּערס, — אָט אויך אַזוי פיל איז אויך דאָס התלהבותדיקע גאָטהייטס־געפיל פונם רעליגיעזן מענטש העלער און בולטער, איידער דער אַבסטראַקטער און קאַלטער גאָט־באַגריף, וואָס ווערט דערוואָרבן דורך קאַלטער הקירה און פילאָזאָפישע סברות".

אַזוי האָבן פילאָזאָפישע פּאָעטן געשריבן אינם צוועלפטן יאָרהונדערט. און דעמאָלט איז דער גרעסטער טייל פון דער פילאָזאָפישער חקירה געווען אַ מתנגדישער, אַ ראַציאָנעלער און אַ קאַלטער. אינם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט די פילאָזאָפיע געגעבן אַ היפשן שטייג אין חסידות אַריין, אויב נישט נאָך העכער...

ערשט מיט קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר צוריק האָט דער פילאָזאָף בערגסאָן געמאַכט די פאָלגנדיקע קלאָרע און שאַרפע באַהויפּטונ-

גען: „עס איז די נשמה אין איר גאַנצקייט, וועלכע גיט אין דער אמתן די מעגלעכקייט פאַר דער אַנטשטייאונג פון אַ פרייען באַשלוס — — — — מיר זענען פריי, ווען אונזערע האַנדלונגען קומען פון אונזער גאַנצער פערזעלעכקייט, ווען זיי דריקן זי אויס, ווען זיי האָבן יענע אומדעפינירבאַרע ענלעכקייט צו איר, וואָס מען געפינט אַמאָל צווישן דעם קינסטלער און זיין ווערק. — — — — די אָנשטרענגונג, וואָס מיר מאַכן אויף אַריבערצושטייגן דעם ריינעם פאַרשטאַנד, פירט אונז אַריין אין יענעם אומגעהייערן עפעס, וואָס פון אים איז דער פאַרשטאַנד אויסגעשניטן און פון וועלכן ער האָט זיך אָפּגעריסן. — — — אינטואיציע, דאָס איז גייסט גופא, און אין אַ געוויסן זין, לעבן גופא. מיר דערקענען די איינהייט פונם גייסטיקן לעבן נאָר דעמאָלט, ווען מיר פאַרזעצן זיך אין דער אינטואיציע, כּדי צו גיין פון דער אינטואיציע צום אינטעלעקט, מחמת פונם אינטעלעקט וועלן מיר קיינמאָל נישט קומען צו דער אינטואיציע — — — — דער אַבסאָלוט ווערט אַנטפּלעקט לעבן אונז, און אין אַ געוויסן זין אין אונז. זיין עסענץ איז אַ פּסיכאָלאָגישער, נישט קיין מאַטעמאַטישער, און אויך נישט קיין לאָגישער. ער לעבט מיט אונז, ווי מיר, נאָר אין געוויסע הינזיכטן אָן אַ שיעור מער קאָנצענטרירט, און מער אין זיך גופא צונויפגענומען. ער דויערט".

און איצט קומט שוין גאָר דער וויסנשאַפטסמאַן עדינגטאָן און רעדט רייד אַזעלכע, ווי די וויסנשאַפט האָט נאָך ביז איצט נישט גערעדט, רייד, וואָס פאַלן אינגאַנצן צונויף מיט דעם גייסט פון קונסט און מיטן גייסט פון דער שיטה אין דער פילאָזאָפיע, וועלכע פילט זיך ענג פאַרבונדן און אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן מיט דער קונסט. דאָס זענען רייד, וואָס אין זיי קומט צום אויסדרוק דער אַנטיאינטעלעקטואַליזם, דער וואָלונטאַריזם אָדער איראַציאָנאַליזם. דער שטראָם, וואָס פון קאַנטן אָן שטאַרקט זיך אַלץ מער און מער און באַהערשט און באַוועלטיקט מיט אַלץ אַ גרעסערן אימפעט די מענטשלעכע קולטור אין דער ברייט און אין דער טיף.

„מיר אַלע וויסן" — שרייבט עדינגטאָן — „אַז עס זענען פאַראַן ממשלות פון דעם מענטשלעכן גייסט, וועלכע זענען נישט געבונדן פון דער וועלט פון פיזיק. אין דעם מיסטישן שפירן פון דעם באַשאַף

אַרום אונז, אין דעם אויסדרוק פון קונסט, אין אַ לעכצונג צו גאָט וואַקסט די נשמה אַרויף-צו און געפינט די רעאַליזירונג פון עטוואָס, וואָס איז איינגעפלאַנצט אין איר. די סאַנקציע פאַר דערדאָזיקער אַנט-וויקלונג איז אינעווייניק אין אונז, אַ שטרעבונג, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט אונזער באַוואוסטזיין. אַן „אינעווייניק ליכט", וואָס קומט פון אַ קראַפט, וועלכע איז גרעסער פאַר אונזער קראַפט. די וויסנ-שאַפט קאָן קוים אָפּפרעגן דידאָזיקע סאַנקציע, מחמת די זוכענישן פון דער וויסנשאַפט נעמען זיך אויך פון דעם באַשטרעב, וועלכן דער גייסט איז געטריבן נאָכצוגיין, אַ פרעגעניש, וואָס קאָן נישט אונטער-דריקט ווערן. אין די אינטעלעקטועלע זוכענישן פון דער וויסנשאַפט, ווי אין די מיסטישע זוכענישן פון גייסט, ווינקט צו אונז דאָס ליכט פאָרויס, און די כוונה, וואָס טראָגט זיך אין אונז, „די אויף שטורעמ-דיקע כוואַליעס, ענטפערט".

און אַן אָנזאָג אויף דעם, וואָס עס איז איצט אַרויסגעקומען פון דער פען פון אַן עדינגטאָן אָדער אַ וויטהעד, זענען געווען די פאָלגנ-דיקע לעצטע שורות, מיט וועלכע בערגסאָן האָט געשלאָסן זיין בוך „באַשאַפנדיקע עוואָלוציע": „דער פילאָזאָף — לייענען מיר אינם לעצטן פּאַראַגראַף פונם באַרימט געוואָרענעם בוך — מוז גיין ווייטער פאַר דעם וויסנשאַפטסמאַן. אַוועקמאַכנדיק מיט אַלץ, וואָס איז בלויז אַ בילד-סימבאָל, וועט ער זען די מאַטעריעלע וועלט זיך אויפלעזן אין אַן איינפאַכן פלוס, אין אַ קאָנטינואיטעט פון פליסן, אין אַ ווערן. און אויף אַזאַ מין אופן וועט ער זיין גרייט צו אַנטדעקן דעם רעאַלן דויער דאָרט, וואו עס איז נאָך מער נוצלעך אים צו אַנטדעקן: אין דער ממשלה פון לעבן און באַוואוסטזיין. — — — — — — — — אַזאַ זעט אויס צו אונז צו זיין די אמתע פונקציע פון פילאָזאָפיע. און פאַר-שטייט מען זי אַזוי, איז פילאָזאָפיע שוין נישט נאָר דער צוריקקער פונם גייסט צו זיך זעלבסט, נישט נאָר דער צונויפטרעף פונם מענטש-לעכן באַוואוסטזיין מיטן לעבעדיקן פרינציפּ, פון וועלכן ער שטראָמט אַרויס, נישט בלויז אַ קאָנטאַקט מיט אַ שעפערישער קראַפט, זי איז די דערגרינדונג פונם ווערן בכלל, זי איז דער אמתער עוואָלוציאָניזם, און ממילא דער אמתער המשך פון וויסנשאַפט — אויף אַזוי ווייט, אויף וויפיל מיר פאַרשטייען אונטערן דאָזיקן וואָרט אַ גאַנג פון

פּעסטגעשטעלטע אָדער דערוויזענע אמתן, און נישט קיין געוויסע נייע סכאָלאַסטיק, וועלכע איז אינם צווייטן העלפט פונם נייַנצעטן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן אַרום דער פיזיק פון גאַליליי, ווי די אַלטע סכאָלאַסטיק איז אויסגעוואַקסן אַרום אַריסטאָטעלעס".

נישט אויסגעוואַקסן איז אַ סכאָלאַסטיק אַרום פּלאַטאָן, פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס די קינסטלערישקייט אין אים, די פּאָעטישקייט און די אומגעהייערע פאַנטאַזיע זיינע — אָט דאָס אַלץ, מיט וואָס ער איז געבוירן געוואָרן און אויך וואָס ער איז נישט געווען באַוואוסט, האָט אין זיינע ספּעקולאַטיווע שאַפונגען און שעפערישע ספּעקולאַציעס דערטרונקען און פאַרשלונגען דעם ראַציאָנאַליזם און אינטעלעקטואַליזם, וועלכע ער האָט אַריבערגענומען פון דער סביבה, אין וועלכער ער איז דערצויגן געוואָרן און אויך וועלכער ער איז יאָ געווען באַוואוסט און שטאַרק באַוואוסט. און אַזוי ווי ווען מען רעדט וועגן דער מאָדערנער פילאָזאָפיע, איז דער געשריי: צוריק צו קאַנטן! באַטייט צוריק צו דער אָנערקענונג און באַטאָנונג פון דער גרויסער ראָל פון דער פּראַקטישער פאַרנונפט, דער גרויסער ראָל פון די טיפערע געפילן און זייער כוח זיך אַריינצורייסן אין דער וועלט, וואָס אין איר פאַרשווינדן אַלע אַנטינאָמיעס, אַלע סתירות פון דער ריינער פאַרנונפט — אַזוי אויך באַטייט דער אַלץ הילכיקער אָפּקלינגענדיקער געשריי: צוריק צו פּלאַטאָ! — צוריק צו פּלאַטאָס קינסטלערישן און פּאָעטישן איראַציאָנאַליזם און אַנטיאינטעלעקטואַליזם, צוריק צו דער פּלאַטאָנישער אידעע, ווי שאָפּענהויער האָט זי אויפגענומען — און דאָס איז ווי עפּעס, וואָס ליגט פון יענער זייט פון דעם אינטעלעקטועלן אָדער ראַציאָנעלן באַגריף, ווי עפּעס, וואָס קאָן דערפילט און דערבליקט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען מען טראָגט זיך איינצייטיק אי אויף די עמאָציאָנעלע שטראָמען, וואָס גראָבן אונטער דער געדאַנקלעכקייט, אי אויף די פליגלען פון דער פאַנטאַזיע, וועלכע פלאַטערן הימל-הויך איבער דער געדאַנקלעכקייט און אינטעלעקטועלקייט.

„די אידעע — זאָגט שאָפּענהויער — ווערט קיינמאָל נישט דערקענט פון דעם אינדיווידואום ווי אַזעלכן, נאָר בלויז פון דעמיעניקן וועלכער האָט זיך דערהויבן איבער דעם ווילן און איבער דער גאַנצער אינדיווידואַליטעט צום ריינעם סוביעקט פון דערקענטעניש". און אַזאַ

דערהייבונג קאָן, לויט שאָפּענהויערן נאָך, פֿאָרקומען אין דעם אינדיוויד נאָר דעמאָלט, ווען ער געפֿינט זיך אין אַן עקזאַלטירטן צושטאַנד. דאָס איז אַ צושטאַנד, וואָס ווען מען געפֿינט זיך אין אים, דערפֿילט מען זיך ווי אַן איבערגעפּלאַנצטער אָדער איבערגעגאָסענער פֿון דער קיינמאָל נישט צופֿרידנשטעלנדיקער קעגנוואַרט אין דער אייביקייט. דאָס איז אַ צושטאַנד, וואָס נעמט זיך פֿון רולאָזע אינספּיראַציעס, פֿון אַן אומאויפֿהערלעכן באַגער פֿאַר נייע זאַכן און פֿאַר דער קאָנטעמפּלאַציע פֿון דערהויבענע זאַכן און פֿון די אַלערליי אומצופֿרידנגעשטעלטע באַרע גלוסטעניש און בענקעניש.

אָט דאָסדאָזיקע עסטעטיש אידעאישע אין פּלאַטאָן איז די קראַפֿט, וועלכע האָט געשטויסן, שטויסט איצט און וועט אַלץ מער און שטאַרקער שטויסן דעם מענטשלעכן גייסט, די מענטשלעכע נשמה, די מענטשלעכע קולטור צום פּלאַטאָניזם. און דאָס איז דער שטראָם, וואָס פֿאַרפֿלייצט איצט מער און שטאַרקער ווי אַלעמאָל די ברעגן פֿון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

און פֿון דעמדאָזיקן שטראָם האָט עס די קונסט דורך מאַנען געלאָזט אַרויסקריסטאַליזירן דאָס געשטאַלט פֿון האַנס קאַסטאָרפֿ.

האַנס האָט פֿאַרנומען און דערקענט דעם תּוך און מהות פֿון יעדע זאַך באַזונדער און אַלע זאַכן אינאיינעם, אויף וויפֿיל זיי לאָזן זיך נאָר באַנעמען און דערקענט ווערן — מיט דער גאַנצער נשמה זיינער, מיט אַלע פֿיבערן פֿון זיין פֿיזיש־גייסטיק און גייסטיק־פֿיזיש וועזן. האַנס האָט געפֿילט, געזעען און באַטראַכט די עמאָציעס, די פֿאַרנונפֿט, דעם אינטעלעקט און אַלע אַנדערע געדאַנקלעכקייטן און גייסטיקייטן, ווי אויסדרוקן פֿון איין־און־איינציקער סובסטאַנץ, ווי אַרויספֿלוסן פֿון איינעם און דעם זעלביקן קוואַל. אים איז לחלוטין פֿרעמד געווען דער געדאַנק פֿון אַ וועלכער עס איז באַשטענדיקער מחיצה אָדער אַ וועלכן עס איז אָפּגרונט צווישן די עמאָציעס און דעם אינטעלעקט, אָדער צווישן אַנדערע אויסדרוקן פֿון דער מענטשלעכער וועזנטלעכקייט. האַנס האָט געשפּירט און באַנומען, אַז די זאַפּטיקייט פֿון אַלע זיינע עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען זענען פֿאַר זיין אינטעלעקט דאָס זעלביקע, וואָס דער בוימל פֿאַרן לעמפּל. זיי ברענגען עס אין אים אַריין די נויטיקע וואַרימקייט און ליכטיקייט. די קלאָרקייט

און דורכזיכטיקייט ווידער פון דעם אינטעלעקט ברענגט אַריין אַ געלייטערטקייט, אַ קאָנטראָל און אַן איינגעהאַלטנקייט אין די עמאָציעס, וואָס אָן דעם וואָלט נישט געקאָנט קומען די דערהויבונג פון גייסט, וועלכער איז דער קוואַל פון מענטשלעכער זעליקייט און גליקזעליקייט.

נישט פאַרגעסן האָט האַנס די נאַכט פון פאָרשונגען, די נאַכט, אין וועלכער אַלע העכסטע און טיפסטע קלערענישן און טראַכטענישן פון דער פאַרנונפט און פון דעם אינטעלעקט וועגן אַלע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט אויף דער גאָרער וועלט האָבן זיך געענדיקט מיט אַ זיסן אומפאַרגעסלעכן חלום וועגן דעם געשטאַלט פון קלאַוודיאַ — דעם געשטאַלט, וואָס האָט, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אָן דעם מינדסטן וויסן פון קלאַוודיאַן און אויף אַן אומבאַוואוסטן פאַר האַנסן אַליין אופן — געגעבן דעם אָנשטויס און אָנרעג צו האַנסן זיך אַראָפּצולאָזן אין דעם מאַרע טענעבראַרום, אין דעם ים פון פינסטערנישן, וואו עס שווימלט און גריבלט מיט מענטשלעכע ספּעקולאַציעס וועגן מהותן און שייכותן פון לעבן און טויט, פון דער וועלט און יענער וועלט, און פון יענער וועלט צו דער וועלטלאָזיקייט, צו דעם, אין וואָס אַלץ לייזט זיך אויף און פון וואָס אַלץ שטראַלט אַרויס.

און אַזוי גוט ווי האַנס האָט געקאָנט זיך פאַרזינקען אויף אַ גאַנצער נאַכט אין טעאָרעטישע פאָרשונגען, אַזוי אויך האָט דערזעלביקער האַנס געקאָנט לאַנגע נאַכטיקע שעהן אָנשטעלן נישט נאָר זיינע אויערן, נאָר אַלע אויפנאַמס-אַפּאַראַטן פון זיין נשמה פאַר שיינע מוזיקאַלישע טענער און קלאַנגען, וועלכע האָבן אים אַריינגעפירט אין וועלטן, אין וועלכע ער האָט פאַרנומען אויך דאָס, וואָס קאָן נאָך דערווייל אין ווערטער נישט איבערגעגעבן ווערן, און פון דעם אינטעלעקט בשום אופן נישט פאָרמולירט ווערן. און דאָס וויכטיקסטע דערביי איז, וואָס צוריקקומענדיק פון דידאָזיקע וועלטן, האָט ער זיך געפילט אַ געשטאַרקטער און אַ מער דערהויבענער גייסטיק. ער האָט געפילט, אַז ער האָט אין דידאָזיקע שעהן דורכגעמאַכט אַ דורך-און-דורכיקע נשמה-דערקענטעניש, וועלכע שטייגט אַריבער אין אַלע הינזיכטן די ריין-אינטעלעקט-אָדער-פאַרנונפט-דערקענטעניש.

„האַנס קאַסטאָרפּס געדאַנקען" — שרייבט מאַן — „אָדער גיבער זיינע פּראָפּעטישע האַלב־געדאַנקען, האָבן געשוועבט הויך בעת ער איז געזעסן אין נאַכט און איינזאַמקייט פאַר זיין אומגעשניטענעם סאַרקאָפאַג פון מוזיק. זיי האָבן געשוועבט העכער איידער זיין פאַרשטאַנד. זיי זענען געווען אַלכעמיסטיש געשטייגערטע געדאַנקען. אָ, און ווימעכטיק עס איז געווען דערדאָזיקער נשמה־צויבער!"

קיין וואונדער נישט דעריבער, וואָס אָט די אַלע הויכקלינגענדיקע, קלאָרע און שאַרפע רייד וועגן מוזיק, עמאָציעס און שכל פון דעם אויף דעם אינטעלעקט זיך שטיצנדיקן חכם און געלערנטן סטעמבריני, האָבן זיך געגאָסן איבער דער נשמה פון האַנס קאַסטאָרפּ נישט ווירקנדיק אויף איר פיל מער ווי וואַסער, וואָס גיסט זיך איבער אַ פעלז. צו אַזאַ נשמה, ווי האַנסעס, האָבן נאַטירלעך אַ סך מער אַפּעלירט אַזעלכע רייד ווי די, וועלכע מיר וועלן איצט ברענגען — רייד, וואָס קומען פון די ליפּן פון נאַפּטאַ.

„ליבער פריינט" — זאָגט נאַפּטאַ צו זיין אים נישט אָפּלאָזנדיקן דיסקוטאַנט — סטעמבריני — „עס איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ריינע דערקענטעניש. די ריכטיקייט פון דער קירכלעכער וויסנשאַפטלערע, וועלכע איז אויסגעדריקט אין אויגוסטינס זאַץ: „איך גלייב, כדי איך זאָל קאָנען פאַרשטיין", איז אַבסאָלוט אומבאַשטרייטבאַר. דער גלויבן איז דער אָרגאַן פון דערקענטעניש, און דער אינטעלעקט איז סעקונדאַר. דיין ריינע וויסנשאַפט איז אַ מיף. אַ גלויבן, אַ וועלטאַנשויאונג, אַן אידעע, קורץ: אַ ווילן, דאָס איז, וואָס איז תמיד פאַראַן און עס איז די אויפגאַבע פון דער פאַרנונפט אים צו דערקלערן און צו באַווייזן — — — שוין דער באַגריף פון באַווייז גופא, פסיכאָלאָגיש גענומען, אַנטהאַלט אין זיך אַן עלעמענט פון וואָלונטאַריזם".

און אַ שטאַרקע פסיכאָלאָגישע אויסגעהאַלטנקייט איז פאַראַן דערביי, וואָס טאָמאַס מאַן לאָזט זיין העלד האַנס קאַסטאָרפּ צו קריגן אַ גאָר אינטימע באַקאַנטשאַפט מיטן „אָקולטיזם", אויספּרוּוונדיק אים אויף זיך אַליין און אויך זעענדיק מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי ער ווערט פון אַ פסיכאָאַנאַליטיקער אויסגעפּרוּווט אויף אַנדערע. האַנסעס גאַנצע נשמה, זיין גאַנצער פסיכישער צונויפשטעל איז דאָך פון דעם מין נשמות, פון דעם מין פסיכאָ־פאַרמעגער, וואָס שפּירן, אַז ערגעץ־

וואו אונטער אָדער איבער זייער באַוואוסטזיין שלאָגט אַרויס אַ וויסן און אַ דערקענטעניש, וועלכע איז העכער, זעעוודיקער, רעאַלער און דורכדרינגענדיקער פון דעם באַוואוסטן וויסן און פאַר דער דערקענטעניש, וואָס איז באַגלייט פונם באַוואוסטזיין. צווישן אַזאַ נשמה און דעם פסיכאָ-אַנאַליז, ווי מאַן פאַרשטייט אים, מוזן זיך וועבן גאַנץ ענגע און אינטימע פעדעם.

„דאָס — זאָגט מאַן — וואָס גייט אונטערן נאָמען אונטערבאַוואוסטזיין, וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען מען זאָל עס רופן איבערבאַוואוסטזיין. מחמת פון דידאָזיקע ספערן זעצט צייטנווייז אַרויס אַ וויסן, וואָס איבערשטייגט גאָר ווייט דעם באַוואוסטזיינס וויסן פון דעם אינדיווידו און מאַכט מעגלעך פאַר דעם געדאַנק די השערה, אַז עס קאָנען עקזיסטירן פאַרבינדונגען און צוזאַמענהאַנגען צווישן די אונטערשטע און ליכטלאָזע געגנטן פון דער איינציקער נשמה און אַ דורכאויס-וויסנדיקער אַל-נשמה. די ממשלה פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין, „אָקולט” אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט, ווייזט זיך זייער גיך אַרויס צו זיין אָקולט אין דעם ענגערן זין פון וואָרט און בילדעט איינעם פון די קוואַלן, וואָס פון זיי פליסן אַרויס די דערשיינונגען, וועלכע מיר האָבן איינגעשטימט אויף אַזאַ אופן צו כאַראַקטעריזירן. דאָס איז אָבער נישט אַלץ. ווער עס דערבליקט אין אַ סימפּטאָם פון אַן אָרגאַנישער קראַנקייט אַ פועל-יוצא פון דעם באַוואוסטן נשמה-לעבן, פון פאַרבאָטענע און היסטעריזירטע עמאָציעס, דער אָנערקענט די שעפערישע מאַכט פונם פסיכישן אינם מאַטעריעלן — אַ מאַכט, וואָס מען איז גענייגט זי אָנצונעמען ווי אַ צווייטן קוואַל פון מאַגישע פענאָמענען”.

נישט אָפט אמת זענען צו האַנסן געקומען די מאָמענטן, דערפאַר אָבער זענען געווען לאַנג-אָנהאַלטנדיק די מאָמענטן אָדער צייטדויערן, וואָס אין זיי האָט האַנס געפילט די פאַראַנענקייט פון אַ פאַרבינדונג און פון אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די אונטערשטע און פינסטערע געגנטן פון זיין נשמה מיט דער נשמה פון דער אַלוועלט. דאָס איז דאָס געפיל, וואָס נעמט זיך פון, אָדער וואָס איז גורם די רעליגיעזיטעט — דעם גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון אַ העכסט גייסטיקער קראַפט, וועלכע איז צייטלאָז, רוימלאָז און קאַאוזאַללאָז, ווען זי איז

אין אַ צושטאַנד פון איינהייט, און וועלכע לאָזט אַרויסקוואַלן פון זיך אי צייט, אי רוים, אי קאַאוזאַליטעט, בעת זי וויקלט זיך פונאַנדער אין פילהייטן. דאָס איז די קראַפט, וואָס פון איר איז אַלץ, וואָס מען רופט וועלט אַ טייל אָדער אַן אַרויסשטראַלונג, איינע פון די פילהייטן, און וואָס אין איר קאָנצענטרירן זיך און סינטעטיזירן זיך אַלע טיילן און אַלע אַרויסשטראַלונגען. אַלס אַזעלכע קאָן און זאָל געזוכט ווערן אין דערדאָזיקער קראַפט אַ דערקלערונג פאַר אַלץ. זי אַליין אָבער קאָן נאָר דערבליקט און דערשפירט ווערן אין אַלץ און אין אַלעם סיי ווען באַזונדער, סיי ווען אינאיינעם גענומען, דערקלערט ווערן קאָן זי אָבער נישט, נישט פון קיין שום זאַך באַזונדער און נישט פון אַלע זאַכן אינאיינעם גענומען, ווייל דערקלערט ווערן קאָנען נאָר נידעריקע זאַכן דורך העכערע און נישט פאַרקערט.

אָט דאָסדאָזיקע געפיל האָט עס געצויגן האַנסן שטאַרקער צו נאַפטאַן, ווי צו סטעמברינין, ווייל נאַפטאַ האָט דאָך אויך געגלייבט אין דער פאַראַנענקייט פון אַ העכסטער קראַפט, וואָס צו איר ציען זיך דורך אַנטוויקלונג אַלע נידעריקע און העכערע קרעפטן. צו שטאַרק אָבער צוציען צו זיך האָט האַנסן אויך נאַפטאַ נישט געקאָנט, כאָטש ער האָט עס נעבעך זייער שטאַרק געוואָלט, פונקט אַזוי שטאַרק ווי סטעמברינין האָט אים געוואָלט האַלטן און ציען מיט זיך. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל האַנסן האָט צוגעצויגן נאַפטאַס אַנטיאינטעלעקטואַליזם און נאַפטאַס גאָטגלויביקייט, אויף אַזוי פיל האָט אים אָבער אָפּגעשטויסן נאַפטאַס טראַנסצענדענטאַליזם.

פאַר נאַפטאַן איז די וועלט און אַלץ אין איר, פונקט ווי פאַר האַנסן, אָפּהענגיק פון דער העכסטער קראַפט. בעת אָבער האַנס האָט אין אַלע טיפענישן פון זיין נשמה און אַלע זיינע צייט־רוים־און קאַאוזאַליטעט־איינשלינגענדיקע איבערלעבונגען פון זיין גייסט געפילט נישט נאָר זיין אייגענע פאַראַנענקייט אין דער העכסטער קראַפט, נישט נאָר זיין אייגענע אָפּהענגיקייט פון דער העכסטער קראַפט, נאָר אויך די פאַראַנענקייט פון דער העכסטער קראַפט אין אים און אויך איר אָפּהענגיקייט פון אים, וואָס דאָס מיינט אַ קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט צווישן מענטש, וועלט און גאָט — האָט נאַפטאַ אַוועקגעשטעלט די העכסטע קראַפט מ ח ו ץ און אַזוי פיל א י ב ע ר דעם מענטש און

דער וועלט, אַז עס איז פאַרלוירן געגאַנגען די גאַנצע קאָנקרעטהייט פון די שייכותן צווישן די נידעריקע און העכערע וועלטן.

נאַפּטאַס בליק אויף די שייכותן צווישן מענטש, וועלט און גאָט האָט געקאָנט פירן נאָר דערצו, אַז די העכסטע אויפגאַבן און גרעסטע אויפטוען פון דעם מענטש אויף דערדאָזיקער נידעריקער וועלט אונזערער זאָל באַשטיין נאָר אין אַ גרעסערע און גרעסערער אָנשטרענגונג צו מבטל זיין די די־וועלטיקע עקזיסטענץ, כּדי וואָס גיכער און מיט אַלץ אַ גרינגער האַרץ אַריבערצוגיין אין דער העכערער און אייביקער עקזיסטענץ. „נאַפּטאַ האָט באַשטעטיקט — אַזוי שרייבט מאַן — אַז טוגנט און געזונטהייט זענען אין דער ווירקלעכקייט נישט קיין רעליגיעזער צושטאַנד. עס וואָלט פיל געוואונען געוואָרן, ווען עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן, אַז רעליגיע האָט איבערהויפּט גאָרנישט צו טון מיט פאַרנונפט און מיט מידות טובות. מחמת זי, ווי נאַפּטאַ איז אויף דעם שטאַרק באַשטאַנען, האָט נישט צו טון מיט לעבן. דאָס לעבן באַרוט זיך אויף תּנאים און גרונדלאַגן, וועלכע געהערן זיך אָן טיילווייז מיט דער לערע פון דערקענטעניש, טיילווייז מיט דעם מאָראַלישן געביט. די ערשטע הייסן צייט, רוים און קאַוזאַליטעט, די לעצטע מאָראַל און פאַרנונפט. דידאָזיקע אַלע זאַכן זענען דעם וועזן פון רעליגיע נישט נאָר פרעמד און גלייכגילטיק, נאָר זיי זענען איר פּינקטלעך אַנטקעגנגעזעצט".

אַזאַ בליק האָט נישט געקאָנט רעדן נישט צום קאָפּ און נישט צום האַרץ פון אַ האַנס, וועלכער איז געווען דורך און דורך אַן אימאַנענטע נאַטור. אַ נאַטור אָדער טעמפּעראַמענט, ווי האַנסעס, פילט די פונאַנדערשמעלצונג, די צונויפגיסונג און די באַהעפטונג פון דעם קערפּערלעכן מיט דעם גייסטיקן, ווי אויך די אָרגאַנישע אַריינוויקלונג, דורכזעצונג און דורכברעכונג פון דעם גייסטיקן דורך דעם קערפּערלעכן. און ווי מיט אַ גייסט און קערפּער, אַזוי אויך מיט די פאַרשידנאַרטיקע אויסדרוקן און פונקציעס פון גייסט, ווי אינסטינקטן, געפילן, עמאָציעס, אינטעלעקט, פאַרנונפט און ווילן און די אָן אַ צאָל שאַטירונגען און ניואַנסן פון יעדן איינעם פון זיי: זיי זענען איינער אין דעם אַנדערן און אַלע זענען זיי אין איינעם, אַזוי גוט ווי איינער איז אין אַלע. און דערביי שטעלט זי נאָך אַזאַ נאַטור נישט אָפּ. ווען

זי קומט צו דער שייכות פון דעם מענטשלעכן גייסט אָדער מענטשלעכער וועזנטלעכקייט אַלס גאַנצעס צו דעם אַלוועלט־גייסט אָדער גאָט, פילט זי אויך, אַז אַלץ איז אין גאָט און גאָט איז אין אַלץ, ווי דער גוטער און קלוגער שפינאָזע האָט עס אינטואיטיוו אויפגענומען. נישט מער, וואָס האַנס, פילנדיק זיין אומפולקאָמענהייט און זיין אומאויפהערלעך און אומאונטערדריקבאַר שטרעבן צו ווערן מער און מער פולקאָם, האָט אויך צו גאָט צוגעשריבן אַ שטענדיק אָנהאַלטנדיקן באַשטרעב און אָנגאַנג צו טיפערע, רייכערע, שענערע, פאַרשידנאַרטיקע און אַנדערשדיקע איינהאַלטן און ממילא אַ נישט־אָפּלאָזנדיקן אָנשטרענג צו ענדערן אין איינער און דער זעלביקער גרונטליגנדיקער רעאַליטעט אַלע אַלטע מהותן און תמציתן, ווי אויך צו שאַפן שטענדיק און אומאויפהערלעך נייע מהותן און תמציתן אין איינקלאַנג מיט דער עסטעטיק, מאָראַל, מעטאַפיזיק און רעליגיעזיטעט, וועלכע זענען פאַרוואָרצלט אין זיין זיך גופא פאַראורזאַכנדיקן זעלבסט. ווי צום מענטש קומט די רעליגיעזיטעט פון דער אורקוואַליקער גייסטיקער גראַנדיעזקייט, וועלכע ער רופט געטלעכקייט, אַזוי קומט וואָרשיינלעך די רעליגיעזיטעט צו דער געטלעכקייט פון דער גראַנדיעזקייט פון דעם, וואָס איז נאָך נישט פאַראַן און וואָס דאַרף ערשט פון איר דורך אַן אָנשטרענגונג געשאַפן ווערן. נישט פאַראַן קיין פאַרטיקע פולקאָמענהייט אָדער פולקאָמענע פאַרטיקייט נישט ביי דעם מענטש און נישט ביי גאָט.

דעם מענטשס רייסן זיך צו פולקאָמענהייט דערלויבט האַנסן צו קרוינען דעם מענטש מיט דעם נאָמען גאָט־מענטש און אַוועקצושטעלן אים אין דער מיט און איבער אַלע ווידערשפרוכן, אין דער מיט פון אַלע זאַצן און קעגנזאַצן און העכער איבער זיי. אויף אַזאַ אופן ווערט ביי אים יעדער קעגנזאַץ דער נויטיקער באַדינג פאַר דעם זאַץ, ווי מיר זעען און באַגרייפן אים איצט. טויט און לעבן, שלעכטס און גוטס, מיאוסקייט און שיינקייט, פינצטערניש און ליכט — אַלץ ווערט אַ וויכטיקע אומפאַרמיידלעכע געשעעניש פאַר דער האַרמאָניע פונם גאַנצן — אַ האַרמאָניע, וואָס ווען מען דערפילט זי נאָר איין און איינציק מאָל, פילט זי אָן די נשמה מיט ליבע צום גאַנצן און צו יעדן איינעם אויסדרוק זיינעם. דידאָזיקע ליבע ווידער, ווען זי פאַר־

זעצט זיך אין דער נשמה, שאַפט זי פון זיך און דורך זיך אַ געפיל און זעאונג פון האַרמאָניע, דורך וועלכער עס אַנטפּלעקט זיך, אָדער דורך וועלכער מען קאָן זיך נישט העלפן פון צו דערבליקן דעם אַלוועלט אָדער די אוניווערס אַנדערש, ווי אַן איינגעוויקלטן אין און דורכגענומענעם מיט האַרמאָניע, אויב נישט אין יעדן טייל זייערן, איז ווען זיי ווערן געבונבען אין זייער אינטואיטיווער גאַנצקייט, טיפקייט און אייביקער דויערדיקייט.

אָט דידאָזיקע טיפסטע געפילן האַנסעס, אָט דידאָזיקע שאַרף אין דער רעאַליטעט זיך איינשניידנדיקע געדאַנקען לאָזט מאַן קומען צום אויסדרוק אין די מאָמענטן, ווען האַנס געפינט זיך אין אַ האַלב-לעבעדיקן און האַלב-טויטן צושטאַנד. און מאַן שטעלט זיך מיט גרויס פאָרזיכט אָפּ אויף דידאָזיקע געפילן און געדאַנקען. ער גיט זיי אַוועק דאָס שענסטע קאַפּיטל אין זיין בוך — דאָס קאַפּיטל אונטערן נאָמען „שניי״ אויף אַן אומבאַוואוסטן צו האַנסן אופן לאָזט מאַן אַרויפקומען צו דער אויבערפלאַך, ווי אין אַ חלום, דאָס טיפסטע און דאָס פונדאַמענטאַלסטע פון האַנסעס וועזן, וואָס ווי אַלץ, וואָס איז טיף און פונדאַמענטאַל ליגט אויף די סאַמע אונטערשסטע, פינצטערסטע און פאַרבאָרגנסטע גרונטן פון דער מענטשלעכער פסיכיק. און דאָס אַלץ ווערט געטון פון דעם קינסטלער מאַן דערפאַר, וואָס דידאָזיקע געפילן און געדאַנקען, וועלכע מיר האָבן געבראַכט, שטעלן מיט זיך פאָר, אָדער בעסער געזאָגט, אין זיי קומט צום אויסדרוק נישט אַזוי פיל דאָס, וואָס איז שוין פאַראַן, נאָר דאָס, וואָס וועט זיין. דאָס, וואָס האַנס פילט און דענקט אין חלום, זייענדיק אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט, דאָס וועלן פילן און דענקען אין דער צוקונפט גאָר אַ סך מענטשן נישט נאָר אין חלום, נאָר אויך אויף דער וואַך.

מיר האָבן שוין גערעדט וועגן האַנסעס ציען זיך צו די בערג. איז אָט אין אַ געוויסן ווינטער-טאָג, ווען די גאַנצע געגנט איז געלעגן אַ פאַרזונקענע אין אַ טיפן שניי, טוט עס האַנס, אָן דעם וויסן פון דעם באַלעבאָס און פאַ־וואַלטער פון סאַנאַטאָריע, אַ קלעטער אַרויף אויף די הויכע מיט שניי-באַדעקטע בערג, ווערט פאַרכאַפּט פון אַ שטורעם און פרירט ביז צו פאַרחלשטקייט, ביז צו באַוואוסטלאָזיקייט. אָט דעמאָלט לאָזט מאַן אים אַ חלום טון, און אין חלום

דערפילט, דערזעט און דערדענקט זיך האַנס צו אַזעלכע, וואָס אויף דער וואַך וואָלט עס אפשר קיינמאָל צו אים נישט געקומען.

ווער ווייסט, אפשר האָט גאָר דאָס בוך באַקומען דעם נאָמען „צויבער-באַרג" צוליב אָט דעם וואונדערבאַרן חלום, וואָס קומט צו האַנסן אויף דעם שניי-באַרג, ווען ער איז בלויז געווען אַ האָר פון דעם, אַז דער פראָסט זאָל ווערן זיין מלאך-המוות, און ער, האַנס, זאָל איבערגעגעבן ווערן צום טויט. פילנדיק די נאָענטקייט פון טויט, פילט האַנס און הערט — אַלץ אין חלום, נאַטירלעך, ווי מאַן גיט אים איבער אין איינצלהייטן — ער פילט און הערט די נשמה זיינע, טענהנדיק, אַז דער מענטש זאָל בשום אופן נישט איבערגעבן דעם טויט די ממשלה איבער זיינע געדאַנקען.

די טענות, וועלכע מאַן, מיט זיינע אָנגעשפיצטע געדאַנקלעכע אויערן, הערט אַרויס פון די טיפענישן פון האַנסעס נשמה, זענען אַן אָנוואוקס און אָנדייט אויף דעם, אַז דער מענטש אין דער צוקונפט וועט זיך רייסן מיט נאָך מער עקשנותדיקייט, ווי ביז איצט, אַריבערצוטרעטן די גרעניץ פון פאַרגאַנגלעכקייט, דעטערמינירטקייט, פאַרגליווערטקייט, תכליתדיקייט און צוליבקייט — די גרעניץ פון דעם אַלץ, וואָס איז מאַטעריעל, סטאַטיש און מעכאַניש. אַ בליק אויף צוריק אויף אַלע דערגרייכונגען און אויפטואונגען פון דעם מענטש אויף אַלע קולטור-געביטן ביז היינט צו טאָג ווייזן, אַז יעדערער פון זיי באַזונדער און זיי אַלע אינאיינעם זענען באַוואוסט און אומבאַוואוסט צו זיך אַליין געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אויפצולעזן אַלץ מער און מער אָדער פון צו דערפירן אַלץ נענטער און נענטער דאָס מאַטעריעלע צום ספּיריטועלן, דאָס סטאַטישע צום דינאַמישן און דאָס מעכאַנישע צום פרייהייטלעכן. אַזוי אַז אפילו מיט אַ נישט אין די די וואָלקן פליענדיקער פאַנטאַזיע קאָן מען זיך שוין איצט פאָרשטעלן דעם אָנקום פון דער צייט, ווען דער מענטש וועט באמת טון אַ בליק אַריין אין יענע טיפענישן פון דער רעאַליטעט, וואו עס הערשט אויף אַן אַבסאָלוטן אופן דער דינאַמיש-פרייהייטלעכער גייסט, און וואו אָנשטאָט פאַרגאַנגלעכקייט שטייט אָנגעשריבן דויערדיקע אייביקייט, אָנשטאָט דעטערמינירטקייט — פרייהייטלעכקייט, אָנשטאָט פאַרגליווערטקייט — באַוועגלעכקייט, אָנשטאָט תכליתדיקייט — ווערטפולקייט, אָנ-

עכאָט צוליבקייט — זעלבסטצוועקיקייט, וואָס דאָס אַלץ מיינט אַ דערפיל פון זינפולקייט אָנשטאָט זינלאָזיקייט.

דאָס וועט זיין אַ צייט, ווען נישט נאָר די שפינאָזעס, נאָר גאָר אַ סך פשוטע נישט איבערגעשפיצטע מענטשן וועלן דערפילן און דערזעען יעדע געשעעניש נישט נאָר ווי שפינאָזע האָט זי געזען — אין ליכט פון דער פאַרגליווערט-אויסגעגאָסענער אייביקייט פון דער סובסטאַנץ, נאָך אַ סך טיפער נאָך, אַ סך אינהאַלטסרייכער און אַ סך מער זאָגנדיקער דער נשמה און דעם האַרץ פון דעם מענטש: דער מענטש פון יעדן טאָג וועט, לכל הפחות, אין געוויסע מאָמענטן פון זיין לעבן, דערזעען און דערפילן די געשעענישן און פּאַסירונגען, די לעבונגען און איבערלעבונגען אין דער וועלט אַרום אים און אין דער וועלט, וואָס אין אים — אין ליכט פון אַ דינאַמיש-אייביק-דויערנדיקן פרייהייטלעכן זעלבסט — אַ זעלבסט פול און פיל מיט צילן און צוועקן און מיט אָן אַ שיעור באַגערן און אָנשטרענגונגען דורכצופירן זיי און צו פאַרווירקלעכן זיי אין דער, פול און פיל מיט אַלערליי מעגלעכקייטן, צוקונפט — דאָס איז אַ צוקונפט, וואָס זיכערט דעם זעלבסט איין זאַך, נעמלעך, אַ טיפערן און רייכערן קולטור-אינהאַלט.

און זעען און פילן וועט דער מענטש דאָס געשעענע און פּאַסירנדיקע אין ליכט פון אַזאַ אוניווערסאַלן זעלבסט, פון אַזאַ אַלץ אַרומנעמענדיקער פּערזענלעכקייט דערפאַר, וואָס ער וועט זיך אַליין פילן און זעען, ווי אַ זעלבסט, ווי אַ פּערזענלעכקייט, וועלכע מוז האָבן אַ ווערט און אַ זין, און קאָן דאָס האָבן נאָר אין שיין פון אַן אָרגאַנישן אָנקניפּ אָן אַן אוניווערסאַלן זעלבסט, אָן אַן אַלוועלטלעכער פּערזענלעכקייט. פאַר דער פאַרשנעלערונג פונם אָנקום פון אַזאַ צייט — פון דער צייט, ווען דער מענטש וועט איינשליסן אין זיך אַלץ, וואָס איז לעבנלאָז און גייסטלאָז און וועט זיך אַוועקשטעלן איבער דעם, איז אַבסאָלוט נויטיק שוין איצט אָנצושטרענגען זיך אויף נישט צו דערלאָזן דעם טויט, דער פאַרגליווערטקייט, דער פאַרגאַנגלעכקייט, דער סטאַטיק און דער מעכאַניק, צו באַהערשן דעם מענטשלעכן גייסט, דעם מענטשלעכן געדאַנק און די מענטשלעכע נשמה. און דאָס איז דער איינציקער וועג פאַר דעם אָפּשאַף פון טויט אינם בוכשטעבלעכן

זין פון וואָרט, אויב אַזאַ אַקט איז בכלל באַשערט דעם מענטש אויף זיין אַנטוויקלונגס־וועג צום איבערמענטש. אַ פרייע און אָפענע צוקונפט שליסט נישט אויס קיין שום מעגלעכקייט און לאָזט די פאַנטאַזיע מאָלן אַלערליי באַשערטקייטן אין שיקזאַלישקייטן.

דאָס איז אפשר אויך דער זין און דער מאָטיוו פון בערגסאָנס האָפנונג, אַז דער מענטש וועט דעם טויט באַזיגן — די האָפנונג, מיט וועלכער ער שליסט דאָס קאַפיטל „די באַדייטונג פון עוואָלוציע" אין זיין בוך „באַשאַפנדיקע עוואָלוציע". „די חיה — שרייבט בערגסאָן — נעמט איר אָנלען־פונקט אויף דער פלאַנץ, דער מענטש שפּרייזט אַריבער די חיה, און די גאַנצע מענטשהייט, אין רוים און אין צייט, איז איין אומגעהויערע אַרמיי, וואָס גאַלאָפּירט לעבן יעדן פון אונז, פאַר אונז און הינטער אונז, אין אַן איבערוועלטנדיקן אָנגריף, פעאיק צוריקצושלאָגן יעדן ווידערשטאַנד און אַוועקצורוימען די שרעקלעכסטע מניעות — דעם טויט אַליין פיליייכט".

און דאָס איז אויך — אַזוי גלייב איך, און שוין אָן אַן אפשר אפילו — דער זין און באַטייט פון האַנס קאַסטאָרפּס חלום אויף דער גרעניץ צווישן לעבן און טויט אויף דעם הויכן, מיט שניי טיף־באַדעקטן באַרג. אין דער מעגלעכקייט אַזוי צו גלייבן, אין דער אָנרעגונג אוי פאַרשטאַרקערונג פון אַזאַ גלויבן — ליגט פאַר מיר דער צויבער פון „צויבער־באַרג".

VII.

# קונסט ווי אַ זעלבסטצוועק און זעלבסטאויסדרוק צוליב דער קולטור־אוניווערסאַלער איינהייט און גאַנצקייט.

(קולטור־וועלט־איינהייט)

## א.

ווייטהעדס בוך „די וויסנשאַפט און די מאָדערנע וועלט“ — ווי עדינגטאָנס בוך „די נאַטור פון דער פיזישער וועלט“, וועלכע איך האָב דערמאַנט און אַרומגערעדט אין פאַרבינדונג מיט די ליטעראַטור־קינסטלערישע ווערק, צייכענען זיך אויס פון אַנדערע ווערק פון דער זעלביקער קאַטעגאָריע דערמיט, וואָס אין זיי האָבן די מחברים געלאָזט די וויסנשאַפט און די פילאָזאָפיע, די קונסט און די רעליגיע אַרויסשלאָגן, ווי גלייכווערטיקע און גלייכוויכטיקע צווייגן פון איין בוים פון דעם בוים, וואָס הייסט קולטור. זייערע ווערק פירן אונז אויף איין מאָל אַריין אין די אינעווייניקסטע אינעווייניקייטן פון דער גאַנצער קולטור, אין דעם פּראָצעס פון איר אַנטוויקלונג, ווי אַן איינהייט און גאַנצקייט.

און ווי די וויסנשאַפטלעכע ווערק פון ווייטהעד און עדינגטאָן, אַזוי אויך די קונסט־ווערק „מיסטעריען“, „זשאַן קריסטאָף“, „ברידער קאַראַמאַזאָוו“ און „צויבער־באַרג“. אויך זיי — די דאָזיקע ווערק פון האַמסון, ראָלאַן, דאָסטאָיעווסקי און מאַן — צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי, ווי קונסט־ווערק, אַנטפּלעקן פאַר אונז די אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער קולטור אין איר אייביקייט, וועלכע שפּיגלט זיך אָפּ אין דער פאַרגאַנגלעכקייט, און אין דער פאַרגאַנגלעכקייט, וועלכע

וועבט זיך אַריין אין דער אייביקייט. און פון דעם ווערק „צויבער־באַרג" האָט טאָמאַס מאַן נישט אַרויסגעלאָזט אפילו די ציוויליזאַציע. אין דעמדאָזיקן ווערק קומט צום אויסדרוק נישט נאָר די נשמה פון דעם מענטש, נאָר אויך דער געדאַנק, דער אינטעלעקט, וועלכע זענען די הויפּט־באַשטאַנדטיילן פון דער ציוויליזאַציע. אויך די וויסנשאַפט לאָזט מאַן זיך קינסטלעריש געשטאַלטן אין דעם „צויבער־באַרג".

כּדי עס זאָלן אין דער צוקונפט געשאַפן ווערן וואָס מער אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע ווערק, ווי די ווערק פון ווייטהעד און עדינגטאָן, און מער אַזעלכע קינסטלערישע ווערק, ווי „צויבער־באַרג"; כּדי עס זאָל אַריינגעבראַכט ווערן אַ שטאַרקערע אינטימקייט און באַהעפטונג צווישן אַלע אויסדרוקן פון גייסט און קולטור און אַ שטאַרקערע אָנערקענונג פון דער גלייכווערטיקייט און מיוחסדיקייט פון אַלע קולטור־צווייגן; כּדי עס זאָל ווערן טיפער די פאַרשטענדעניש, ענגער און אָרגאַנישער די צוזאַמענהאַלטונג צווישן דעם אינטעליגענט, דער קונסט און דעם קינסטלער — אָט צוליב דעם אַלעמען איז נויטיק אַן איבעראַנדערשונג פון דעם לאָזונג: קונסט צוליב קונסט. אַ גאַנץ אַנדערע פאָרמולירונג וועט דאַרפן און מוזן געגעבן ווערן צו דער פראַגע: קונסט, צוליב וואָס?

דער לאָזונג: קונסט צוליב קונסט, ווען מען נעמט אים, ווי ער שטייט און גייט, איז אַ פאַלשער. ער איז פאַלש דערפאַר, וואָס קיין שום זאַך אין דער וועלט עקזיסטירט נישט צוליב זיך אַליין. אַלץ, וואָס קומט, אַלץ, וואָס ווערט און דערשיינט, קומט, ווערט און דערשיינט פון עפּעס און גייט צו עפּעס. אַלץ עקזיסטירט אויס אַ גרונד, וואָס ליגט ערגעץ־וואו מחוץ פון זיך אַליין, און צוליב אַן עמעץ אָדער עפּעס, אַן וועלכן עס איז אָנגעשלאָסן, אָנגעקניפּט, אָדער אין וועלכן עס איז איינגעוויקלט אויף אַן אופן, וואָס קאָן זיך נישט אָפּשליסן, אָפּקניפּן אָדער אָפּוויקלען. צוליב זיך אַליין און אין זיך אַליין עקזיסטירט בלויז דער גאַנצער סכום פון דער עקזיסטענץ, די טאָטאַליטעט פון דער וועלט אָדער פון די וועלטן. נאָר דער „אַל־אַלץ" נעמט זיך פון זיך אַליין, נאָר ער איז זיין אייגענע אורזאַך, נאָר אויף אים אפשר איז דער באַגריף אורזאַך און פאָלגע, ד. ה. דער קאַוזאַליטעט־באַגריף, לחלוטין נישט חל. וואָס מיר קאָנען יאָ זאָגן וועגן קונסט, איז, אַז זי

איז, ווי יעדער אַנדערער גייסטיקער אויסדרוק — אַ זעלבסטצוועק און אַ זעלבסטווערט. און אַלס אַזעלכע טאָר זי בשום אופן נישט געבראַכט ווערן צו אַלע העכערע, ברייטערע און טיפערע צילן און צוועקן, ווי אַ מיטל, דאָס הייסט, ווי עפּעס אַזעלכעס, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין זעלבסטקייט, קיין אייגנאַרטיקייט, קיין באַרוף. אוודאי און אוודאי מוז די קונסט, ווי אַ טייל און אַן אויסדרוק פון אַ גרעסערן, און ממילא שוין אויך העכערן עפּעס, געשטעלט ווערן אין דינסט פון אַלערליי אַנדערע צילן און צוועקן. איבער דעם „וואָס" פון דער קונסט מעגן פלאַטערן אַלערליי „צוליבס", אַלערליי כוונות, און נישט נאָר גראָד דער צוליב און די כוונה פון דער קונסט אַליין. זי טאָר אָבער זיך נישט שטעלן אָדער געשטעלט ווערן אין דינסט פון אַלע העכערע צילן און צוועקן אַנדערש, ווי אין איר אייגענער געשטאַלטיקייט און אין איר אייגענעם מהות. זי טאָר נישט ווערן צוליב קיין צילן און צוועקן אין דער וועלט אויס קונסט, פונקט ווי אַ מענטש טאָר נישט ווערן אויס מענטש. זי טאָר איר באַרוף, וואָס דאָס איז איר קינסטלערישקייט, פאַר קיינעם און צוליב קיינעם נישט פאַרשוועכן.

כדי קלאָרער צו מאַכן די נפקא־מינה צווישן עקזיסטירן צוליב זיך און עקזיסטירן ווי אַ זעלבסטצוועק, וועל איך אַריבערטראָגן דעם זעלביקן געדאַנק פון דער קונסט אויף די שעפער פון קונסט, אויף די קינסטלער גופא, אָדער נאָך בעסער, אויף מענטשן בכלל. און דערביי וועלן מיר אויך זען, אַז די דאָזיקע נפקא־מינה דאַרף דורכגעפירט ווערן אויף דער גאַנצער ליניע, אויב נישט פון אַלעס און אַלץ אין דער וועלט, איז לפּחות אויף אַלע גייסטיקע וועזנס און גייסטיקע אויסדרוקן און דערשיינונגען.

קיינער קאָן נישט זאָגן, למשל, אַז די מאַמע אָדער דער טאַטע אָדער ביידע עקזיסטירן צוליב זיך, אין דער צייט, למשל, ווען פון זייער עקזיסטענץ הענגט אָפּ די עקזיסטענץ פון קליינע נפשלעך, וואָס זיי האָבן אויף דער וועלט געבראַכט. זיי, אַלס טאַטע־מאַמע, זענען מחויב פון אַלע שטאַנדפּונקטן צו טון גאָר־גאָר אַ סך פאַר די קינדערלעך זייערע, אַפילו דאַן ווען זיי ווערן שוין גאָר גאַנצע מענטשן. די עלטערן מוזן גאָר אין אַ סך פּרטים באַטראַכטן זייער עקזיסטענץ, ווי אַן עקזיסטענץ צוליב די קינדער. אין דער זעלביקער צייט אָבער דאַרף

קלאָר ווערן סיי פאַר די עלטערן און סיי פאַר די קינדער, אַז די עלטערן, אַזוי גוט ווי די קינדער, זענען וועזנס מיט ווייניקערע און מערערע אַנטוויקלטע זעלבסטן, און יעדער זעלבסט איז קודם־כל אַ זעלבסט־צוועק. דאָס מיינט, אַז די עלטערן טאָרן זיך קיינמאָל נישט לאָזן אויסנוצן בלויז אַלס מיטלען פאַר וועלכע עס איז צוועקן אָדער צילן, וואָס די קינדער שטעלן זיך, און אַז זיי טאָרן נישט אויסנוצן אַלס מיטלען די קינדער פאַר זייערע — די עלטערנס — צילן און צוועקן. ווען אפילו דידאָזיקע צילן און צוועקן זענען אין די אינטערעסן פון די עלטערן, ווי די קינדער פאַרשטייען זיי, אָדער אין די אינטערעסן פון די קינדער, ווי די עלטערן פאַרשטייען זיי.

די עלטערן, וואָס אין די אינטערעסן פון די קינדער, ווי זיי פאַרשטייען און טייטשן זיי אויס, לאָזן אַרונטער פון זייערע זעלבסטן, פון זייער זעלבשטענדיקייט און פאַרגייגן זייער מענטשלעכע ווירדע, זייער גייסטיקע אומאָפּהענגיקייט און קולטורעלע דערהויבונג, אָדער וואָס אין די זעלביקע אינטערעסן רייסן זיי אַרונטער פון די זעלבסטן און זעלבשטענדיקייט פון די קינדער און אונטערדריקן די קינדערס גייסטיקע אומאָפּהענגיקייט און קולטורע אייגנאַרטיקייט — אַזעלכע עלטערן טוען שאָדן אי זיך, אי די קינדער, אי דער גאַנצער מענטשהייט, אויף וויפיל די צוקונפטיקע מענטשהייט ליגט פאַרבאָרגן און פאַרבאַהאַלטן אין די לענדן פון די איצטיקע קינדער, און אויף וויפיל איר קולטורע און גייסטיקע געשטאַלטונג הענגט אָפּ פון די ווענדונגען, וועלכע די קינדער־דערציִונג נעמט אָן. אַלץ מעג געטון ווערן מיט די עלטערן און מיט די קינדער און מיט אַנדערע מענטשן, אָבער נאָר מיט איין באַדינג, און דערדאָזיקער באַדינג איז, אַז עס זאָל געטון ווערן מיט דעם ווּיסן און באַוואוסטזיין, מיט דער גוטהייסונג און באַטייליקונג פונם זעלבסט פון דעם וועזן, וועלכעס דאַרף דינען די אָדער יענע צילן און צוועקן. דער עלעמענטאַרסטער און אוניווערסאַלסטער באַרוף פון מענטש, וואָס דאָס איז זיין זעלבסטקייט — אָט דערדאָזיקער באַרוף, אָט דידאָזיקע זעלבסטקייט, טאָר נישט אונטער קיינע שום אומשטענדן און צוליב קיין שום צילן און צוועקן אין דער וועלט פאַרשוועכט ווערן.

זיכער, למשל, מעג דער, וואָס האָט ליב, אַריינציִען די, וועלכע

ער ליבט, אין דער סאַמע געפּערלעכסטער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט,
וועלכע איז אים טייער און וועלכע ער באַטראַכט פאַר הייליק, און
וועלכע וועט אפשר קאָסטן אי אים, אי זיין געליבטער זייערע לעבנס
וואָס מער די, וואָס האָבן זיך ליב, שטרענגען זיך אָן אַריינציען איינער
דעם אַנדערן — ער אין זיינע, זי אין אירע גרעסערע און קלענערע
אַרבעטן, גרעסערע און קלענערע אידעאַלן — אַלץ מער זאָגט עס
עדות אויף דעם, אַז דידאָזיקע ליבע גייט אַ געקניפּטע און אַ געבונ-
דענע מיט אַכטונג און מיט אַלע אַנדערע טיפסטע און העכסטע גע-
פילן, אויף וועלכע די מענטשלעכע נשמה איז פעאיק.

מעג אָבער — פרעג איך — איינער פון זיי, און היות ווי דער
ע ר איז בדרך כלל דער שטאַרקערער, וועלן מיר רעדן וועגן אים —
מעג ער אַלזאָ אויסנוצן זיין געליבטע אַלס מיטל פאַר דער הייליקסטער
און גרעסטער רעוואָלוציע, אָדער וועלכן עס איז אַנדערן אידעאַל אין
דער וועלט ? מעג ער זי אַריינציען און דורכפירן, אַ דאַנק איר אַריינ-
געצויגנקייט, גרויסע און הייליקע מעשים אָן איר וויסן, אָן איר פולסטן
באַוואוסטזיין, אָן דער פולסטער איינשטימיקייט פון איר זעלבסט ? און
איך ענטפער אויף דעמדאָזיקן פרעג אַנדערש, ווי עס האָבן געענטפערט
די רעוואָלוציאָנערן ביז איצט. איך שטעל מיך קעגן דעם, וואָס איז
שוואַרץ אויף ווייס געשריבן אין די רעוואָלוציאָנערע קאָדעקסן. איך
ענטפער מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין אויף אַזעלכע און ענלעכע פראַגן
אפילו ווען דורך דעם אויסנוצן פון דער איינער געליבטער אין די
אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע, וואָלט שוין באַלד אויפן אָרט די
גאַנצע מענטשהייט אַלע „אירע קייטן פאַרלוירן” און בוכשטעבלעך
„די גאַנצע וועלט געוואונען”. פאַרוואָס ? ווייל די געליבטע, וועלכע
עקזיסטירט ווי אַ געליבטע צוליב דעם געליבטן און צוליב די צו-
קונפטיקע דורות, וואָס וועלן זיך פונאַנדערבליען פון דער ליבע, און
צוליב טויזנטער און טויזנטער אַנדערע צילן און צוועקן — אָט די-
דאָזיקע געליבטע, זייענדיק אַ גייסטיק וועזן, עקזיסטירט צוליב אָט די-
דאָזיקע אַלע זאַכן, ווי אַ זעלבסטצוועק, און איר ליבע, ווי אַ גייסטיקער
אויסדרוק פון אַ גייסטיק וועזן, איז אַן און פאַר זיך אַ זעלבסטצוועק,
און דערפאַר טאָר נישט די געליבטע פון קיינעם אין דער וועלט באַ-
טראַכט ווערן אָדער אויסגענוצט ווערן, ווי אַ מיטל בלויז צוליב וועל-

כע עס איז צוועקן, און די ליבע טאָר נישט אפילו פון דעם, וואָס האָט ליב גופא, אויסגענוצט ווערן פאַר אַנדערע צוועקן, אַחוץ די צוועקן פון ליבע.

און פונקט ווי די געליבטע טאָר נישט אפילו אויף קיין איין רגע לייקענען אינם געליבטן „צוליב דעם טאַטנס ווייסן קאָפּ" און נישט „צוליב דער מאַמעס קראַנק האַרץ" און נישט צוליב קיין זאַך אין דער וועלט, מחמת דער זעלבסטצוועקיקייט פון דער ליבע און פון דעם ליבהאָבער, ווי דאָס האָט, למשל, יאָ געטון ברכיהס טאָכטער (אין פּרצס „אין פּאָליש אויף דער קייט"), פּונקט אַזוי טאָר נישט דער ליבהאָבער לייקענען אין דער געליבטער און אין איר ליבע דערמיט, וואָס ער וועט זי אויסנוצן פאַר וועלכע עס איז הויכע און דערהויבענע אָדער העכסטע און דערהויבנסטע צוועקן אין דער וועלט.

און ווי מיר סימפּאַטיזירן מיטן „זינדיקן", וועלכער שיקט זיין געוועזענע געליבטע, ברכיהס טאָכטער, צום טייך, צום טויט, הייסט עס, ווייל נאָר ער, דער טויט, ווי דער זינדיקער דענקט און פילט, קאָן זי ריייניקן פון איר אומרייינער האַנדלונג צו אים. פון איר פאַר־לייקענען אין דער עפנטלעכקייט איר ליבע צו אים צוליב די ליידן פון טאַטע־מאַמע, — פּונקט אַזוי סימפּאַטיזירן מיר מיט יעדער נקמה, וואָס ווערט און וואָס זאָל גענומען ווערן פון דעם גרעסטן אידעאַליסט פאַר אויסנוצן וועלכעס־ס'איז גייסטיק וועזן, גייסטיקן אויסדרוק אָדער גייסטיקן באַרוף, ווי אַ מיטל פאַר וועלכן עס איז אידעאַל זיינעם.

צום טיפסטן און צום שטאַרקסטן איז דער מענטשלעכער זעלבסט צונויפגעבונדן מיט זיין באַרוף, מיט דעם, צו וואָס ער איז פון דער נאַטור, פון גאָט אָדער שיקזאַל באַשטימט געוואָרן. אינם באַרוף אָדער אין די מאָמענטן, ווען דער באַרוף בליט זיך פונאַנדער אין צייטיקט, קומט דער זעלבסט צו זיין שטאַרקערן אויסדרוק, און אויך פאַרקערט, אין דער פאַרטיפונג און פולסטער אַנטוויקלונג פונם זעלבסט, פאַר־טיפט און אַנטוויקלט זיך אַליך, צו וואָס דער באַזונדערער מענטש איז באַרופן געוואָרן סיי אויף דעם געביט פון לעבן און אויסלעבן זיך, סיי אויף דעם געביט פון שאַפן און ווירקן. דער באַרוף איז דאָס אינסטינקטיווסטע, פּרימיטיווסטע, עלעמענטאַרסטע און אוניווערסאַל־

סטע אין דעם מענטש, אַזוי גוט ווי דאָס נשמהדיקסטע, קולטורישסטע, זעלטנסטע און ספּעציפישסטע אין אים.

וועגן דעם מוזיקער שרייבט ראָמען ראָלאַן אין „זשאַן קריס־טאָף": „פּונקט ווי יעדער פּשוטער מענטש לעבט אין אַ ממשותדיקער וועלט, פּונקט אַזוי לעבט יעדער אמתער מוזיקער אין אַ וועלט פון הוילע קלאַנגען, און זיין לעבן שטראָמט אין זיין נשמה, ווי אַ כוואַליע מוזיק. מוזיק איז די לופט, מיט וועלכער ער אָטעמט, דער הימל, וואָס הילט אים אַרום. די גאַנצע נאַטור שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין נשמה אַלס מוזיק, זיין נשמה גופא איז אויך מוזיק. מוזיק איז אַלץ, וואָס ער ליבט, האַסט, ליידט, שרעקט זיך, האָפט. אַ מוזיקאַלישער גייסט, בעת ער האָט ליב אַ שיינעם קערפּער, האָט ער אים ליב אין דער פאָרם פון מוזיק. די שיינע אויגן, וואָס וואַרעמען אים, זענען נישט בלוי, נישט גרוי און נישט ברוין: זיי זענען מוזיק".

וואָס ראָלאַן זאָגט וועגן מוזיקער קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן וויסנשאַפטלער, פילאָזאָף, רעוואָלוציאָנער און וועגן יעדן איינציקן מענטש אין די מאָמענטן, ווען דאָס, צו וואָס ער איז באַרופן געוואָרן, קומט צו זיין אינטענסיווסטן און שאַרפסטן אויסדרוק. וואָס די מוזיק איז פאַר דעם מוזיקער, איז די ליבע פאַר דעם, וואָס קאָן ליבן בעת ער איז פאַרליבט. אַלץ אין, אַרום און איבער אים אָדער איר, שטראָמט ווי אַ ליבע־כוואַליע. און ווי מיט ליבע, אַזוי מיט מוטערשאַפט פאַר דער פרוי, וועלכע האָט געגאַרט און געשטרעבט דערצו מיט אַלע פי־בערן פון איר קערפּערלעכן און נשמהדיקן וועזן. באַרוף, אַלזאָ, נאַ־טירלעכער אָדער קולטורער — מעג עס זיין קונסט, פילאָזאָפיע רע־ליגיע, סאָציאַלע טעטיקייט, ליבע, מוטערשאַפט אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פונקציעס, אויסדרוקן און באַשטימטקייטן פונם זעלבסט, וועלכע דרינגען דורך, באַווירקן און באַאיינפלוסן דעם זעלבסט און אַנדערע זעלבסטן, וועלכע קומען מיט אים אין באַריר — זיי אַלע זענען, ווי דער זעלבסט גופא, זעלבסטצוועקן, און זיי טאָרן דעריבער נישט אויס־גענוצט ווערן ווי מיטלען בלויז פאַר אַנדערע צוועקן.

אָט פאַרוואָס, למשל, עס איז אַזוי שווער גערעכטצופאַרטיקן דאָס אָפּגעבן זיך פון אַ פרוי לשם וועלכן עס איז אַנדערן ציל אָדער צוועק, ווי צוליב ליבע און געשלעכטלעכער ליידנשאַפט, מעג עס זיין אפילו

צוליב דער רעטונג פון טויזנטער מענטשן, אָדער אפילו צוליב דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכע וועט, ווי מען נעמט אָן, ראַטעווען די גאַנצע וועלט. די זעלביקע מענטשן, וואָס וועלן געראַטעוועט ווערן דורך אַזאַ „הערהאַישן" אַקט פון אַ פרוי, וועלן בשום אופן נישט קאָנען ליבן און אַכטן די פרוי, וועלכע האָט דורך דער פאַרשוועכונג פון איר באַרוף אַלס פרוי, זיי געראַטעוועט. (מיר האָבן דאָ אין זינען מע־טערלינקס מאָנאַ וואַנאַ.) און אויב אייניקע רעוואָלוציאָנערן האָבן נישט איינגעזעען, אַז אפילו אַ רעוואָלוציע קאָן נישט מוחל זיין אויף אַזאַ אַקט פון אַ פרוי, איז עס, גלייב איך, דערפאַר, וואָס זיי האָבן זיך נאָך נישט אַריינגעטראַכט און נישט דערפילט נאָך די אַבסאָלוטע קאַטעגאָ־רישקייט פון אַ באַרוף ווי אַ זעלבסטצוועק, וואָס איבער אים האָט דער בעל־דבר אַליין, דער זעלבסט, פון וועלכן דער באַרוף איז דער על־מענטאַרסטער און טיפסטער אויסדרוק, קיין שום דעה נישט.

צוריקקומענדיק אַלזאָ צו דער קונסט, זאָג איך, אַז עס קאָן גאָר נישט צופיל באַטאָנט ווערן די קינסטלערישקייט אַלס אַ באַרוף פון דער קונסט און די קונסט אַלס אַ באַרוף פון דעם קינסטלער, און דערפאַר מוז די קינסטלערישקייט, ווי די אינטימסטע וועזנטלעכקייט פון דער קונסט און די קונסט, ווי דער טיפסטער מהות פון דעם קינסטלער זעלבסט — באַטראַכט ווערן אַלס זעלבסטצוועקן, וועלכע טאָרן פאַר קיין פאַל נישט פאַרשוועכט ווערן און ווען עס איז אויסגענוצט ווערן פון אַנדערע און פון קינסטלער גופא בלויז, ווי מיטלען פאַר וועלכע עס איז צילן, צוועקן אָדער אידעען.

די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אָנשויאונג, וועלכע האָט ביז איצט אַזוי שטאַרק געהערשט אויף דער ברייטער גאַס און וועלכע האָט איצט איינגענומען אַלע גאַסן אינם ראַטן־לאַנד רוסלאַנד, האָט גע־האָלפן און העלפט זייער פיל צו דעם נישט־איינזעען און צו דער לחלוטינדיקער פאַרלייקענונג פון דער זעלבסטצוועקיקייט פון דעם מענטש און אַלע זיינע שאַפונגען.

אויב גייסט, ווי דער מאַטעריאַליזם אָדער די מאַטעריאַליסטן שטעלן זיך אים פאָר, קאָן זיין עפעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיך אַרויס־וויקלען פון נישט־גייסט, אויב דער מקור פון גייסט איז עפעס, וואָס איז נידעריקער און איינפאַכער פאַר גייסט, איז דעמאָלט בכלל נישט

שייך צו רעדן און צו טראַכטן וועגן אָריגינעלע און לכתחילהדיקע צילן און צוועקן, וואָס זאָלן טרייבן און ווירקן אויף דעם גאַנג און אויף דער אַנטוויקלונג פון וועלט-געשעענישן און פּאַסירונגען, איבער אַלע צילן און צוועקן, איבער אַלע וויזיעס, איבער אַלע מאָטיוון, שטרע-בונגען און אָנשטרענגונגען פון דעם מענטש, האָט דער מאַטעריאַליזם אַוועקגעשטעלט די בלינדקייט און אומפאַרמיידלעכקייט פון געזעץ, וועל-כעס קאָן דאָ און דאָרט דערבליקט ווערן פון דער לאָגיק, דערקענט ווערן פון דעם שכל און אויסגערעכנט ווערן פון דער מאַטעמאַטיק. און זיי אַלע, דער שכל, די לאָגיק און די מאַטעמאַטיק, ווייסן בלויז פון מער אָדער ווייניקער, פון נוצלעך און אומנוצלעך און פון אַזעלכע אָדער אַנדערע רוים-פאַרנעמענדיקע און אין צייט זיך אויפהאַלטנדיקע עלעמענטן. און דער שכל, ווי די לאָגיק, שטרעבן צו אונטערוואַרפן דאָס, וואָס איז ווייניקער צו דעם, וואָס איז מער, און דאָס, וואָס איז אומנוצלעך אָדער ווייניקער נוצלעך צו דעם, וואָס איז נוצלעך, אָדער מער נוצלעך. זיי ביידע, אי דעם שכל, אי דער לאָגיק, ווילט זיך צו-ריק צוברענגען און צוריק צופירן אַלץ און אַלעס צום איינפאַכסטן און עלעמענטאַרסטן, וואָס דאָס שיינען צו זיין ממשותדיקע עפּעסן, גע-פאַנגענע אין די נעצן פון רוים און צייט. פון ווערטן, וואָס קאָנען נישט איבערגעזעצט ווערן אין קיין שום נוצן, פון צילן און צוועקן, וואָס זאָלן ברעכן אַלע געזעצן, און פון גייסטיקייטן, קולטורקייטן און זעלבסטקייטן, וואָס זאָלן נישט קאָנען פונאַנדערגעלייגט ווערן און צו-ריק געבראַכט ווערן צו קיין שום אַנדערע זאַכן, ווי נאָר צו אַ גייסטי-קער גאַנצקייט, ווי נאָר צו אַ זעלבסט, וואָס איבער אים קאָן די פאַנ-טאַזיע אַוועקשטעלן בלויז אַ מעכטיקערן, טיפערן און אינהאַלטסרייכערן זעלבסט — — פון אָט די אַלע זאַכן ווייסט נישט דער מאַטעריאַליזם. ממילא קאָן ער דעריבער נישט באַגרייפן דעם באַטייט און קאָן נישט אָנערקענען די ראָל און ווערט פון זעלבסטצוועקיקייט פון גייסט בכלל און פון יעדן איינצלנעם אויסדרוק פון גייסט באַזונדער.

און אויב דער מאַטעריאַליזם און די מאַטעריאַליסטן פון אַלערליי שניטן פאַרלייקענען די זעלבסטצוועקיקייט פון גייסט אין דעם מענטש און אין אַלץ, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטש, קומען ווידער אייניקע אידעאַליסטן מיט אַ טראַנסצענדענטאַליזם, מיט אַ גלויבן אין אַ העכסט

גייסטיקער קראַפט און אַ העכסטן זעלבסט, וועלכן זיי שטעלן אַוועק, ווי מיר האָבן שוין געזעען, מחוץ און איבער דער גאַנצער וועלט, און צוליב און אין נאָמען פון דעמדאָזיקן זעלבסט און זיינע צילן און צוועקן, מאַכן זיי צו נישט אַלע אין דער וועלט זיך געפינענדיקע זעלבסטן מיט זייערע צילן און צוועקן. אין דעם פייער פון אַלמעכטיקייט און פולקאָמענהייט פון דעם העכסטן וועזן, ווערן די כוונות און באַשטרעבונגען, די צילן און צוועקן פון דעם מענטש צעשמאָלצן אין אַ פליסיקייט פון אילוזיעס. און עס קומען אויך אַנדערע אידעאַליסטן, אויף וועלכע איך האָב פריער אָנגעוויזן, מיט אַן אתה־בחרתניזם־באַגריף, אַ דאַנק וועלכן זיי פאַרלייקענען די זעלבסטצוועקיקייט, אויב נישט פון דעם גייסט בכלל און אויב נישט די זעלבסטצוועקיקייט פון יעדן אויסדרוק פון גייסט — איז די זעלבסטצוועקיקייט פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער אויסדרוק פון גייסט. און דאָס כפרה־הינדל, אין אַזאַ פאַל, איז די קונסט. איר זעלבסטצוועקיקייט ווערט אַממערסטן און אַמשטאַרקסטן פאַרלייקנט. די הויכקייט און די נידעריקייט, דער ווערט און אומווערט, דער נוץ און אומנוץ פון דער קונסט ווערט געשאַצט, געמאָסטן און אָנערקענט נישט לויט דער קינסטלערישקייט פון דער קונסט: נישט לויט דעם, אויף וויפיל דאָס, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון דעם באַטרעפנדיקן קינסטלער איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויף אַן אופן, וואָס האָט נישט געקאָנט אַרויסגעבראַכט ווערן פון אָדער דורך וועלכער עס איז אַנדערער קולטור־צווייג; נישט לויט דעם, אויף וויפיל די קינסטלערישע שאַפונג רעגט די געפילן און עמאָציעס, שטויסט די דענקונגס־קראַפט און פאַרטיפט און דערהויבט אין אַלע הינזיכטן דאָס גאַנצע וועזן פון דעם יעניקן, וואָס קומט מיט איר אין באַריר — — נאָר לויט דעם גאָר, אויף וויפיל דער קינסטלער האָט אין זיין שאַפונג אין זינען געהאַט און אויף וויפיל ער האָט געטריי געדינט אַזאַ אָדער אַן אַנדער קולטור־צווייג אָדער קולטור־אויסדרוק, וואָס אים באַטראַכט דערדאָזיקער שאַצער און קריטיקער פון קונסט פאַר דעם אויסדערוויילטסטן און דערהויבנסטן, און וואָס אין איין פאַל וועט עס זיין רעליגיע, אין אַן אַנדערן פאַל מאָראַל, אין אַ דריטן און אין אַ פערטן פאַל אַנדערע קולטור־צווייגן און אויסדרוקן אָדער אַנדערע אידעען און אידעאַלן.

אין צייט און אין פּלאַץ איז דעריבער זינגערס רוף צום קינסטלער, אַז ער זאָל זיך „איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל קלאָר מאַכן — וואָס איז בעסער, זיין אַ פּלאַקאַטן־שרייבער פֿון אַן אידעע, ווי עס איז דער מגושמדיקער דעמיאַן ביעדני אָדער די האַלב־קינסטלער אייפּטאָן סינקלער און טאָלער, אָדער שרייבן גוטע קינסטלערישע ווערק? אונטערוואַרפֿן זיך יעדער רעזאָלוציע און ווערן אַ דיסציפּלינירטער בירגער, וואָס העלפֿט — בעסער געזאָגט, — ס'דאַכט זיך אים, אַז ער העלפֿט — צו דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער אָרדנונג, און ער ווערט אַ פּאַרטאַטש? אָדער אויסוואַרטן, איבערקאָכן, טריי בלייבן זיך אַליין און אָפּהיטן דאָס ווייניקע — וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט — גוטע קונסט?"

איך שטים פֿולקאָם איין מיט זינגערס מיינונג וועגן דער זעלטנקייט פֿון גוטער קונסט, וועגן איר חשובקייט און טייערקייט און וועגן דער נויטיקייט סיי מצד פֿון דעם קינסטלער, סיי מצד פֿון דער געזעלשאַפֿט זיך איינצושטעלן פֿאַר דעם, אַז נאָר גוטע און קיין אַנדער סאָרט קונסט זאָל געשאַפֿן ווערן. נישט פֿאַראַן איז אויך קיין שום ספֿק אין דעם, אַז איצט איז גרעסער ווי ווען עס פֿריער די געפֿאַר פֿאַר דעם, אַז דער באַגריף וועגן קונסט זאָל פֿאַרוואָסערט און פֿאַרשמעלערט ווערן, און אַז שלעכטע קונסט אָדער קונסטלאָזיקייט זאָל פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון גוטער קונסט, און אַז דער געשמאַק פֿאַר ווערק פֿון שרייבער, ווי אַ סינקלער, אַ טאָלער און אַנדערע פֿונם זעלביקן שניט, זאָל אָפּטויטן אָדער קאַליע מאַכן דעם געשמאַק פֿאַר ווערק פֿון עכטע און גוטע קינסטלער. איך שטים אָבער בשום אופֿן נישט איין, ווי איך האָב דאָס שוין פֿריער אָנגעוויזן, מיט זינגערס באַגריף וועגן גוטער קונסט. גוטע קונסט איז נישט, ווי זינגער און אַנדערע קינסטלער און קריטיקער דענקען, ריינע קונסט, קונסט, וואָס פֿאַרשאַפֿט אונדז בלויז עסטעטישע הנאה און פֿאַרגעניגן, קונסט, וועלכע האַלט אויס אַלע כּללים פֿון עסטעטישקייט און קינסטלערישקייט. פּונקט ווי איך טרעט אַרויס קעגן די, וואָס פֿאַרלייקענען די זעלבסטצוועקיקייט פֿון קונסט, אַזוי אויך טרעט איך אַרויס קעגן די, וואָס ווילן ריינע קונסט אָדער קונסט צוליב קונסט.

קינסטלערישקייט איז דער ערשטער באַדינג פון קונסט, אָבער נישט דער לעצטער. די אַנדערשקייט שפּילט אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע ראָל אין יעדן אויסדרוק פון גייסט אָדער קולטור. דאָס העכסטע, טיפסטע און שענסטע, וואָס איז פאַראַן אין דער קולטור בכלל און אין דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, ווען זי ווערט גענומען ווי אַ גאַנצע, דאַרף אינם קונסט-ווערק איבערגעגעבן ווערן און אַרויס-געבראַכט ווערן אַנדערש, ווי עס ווערט איבערגעגעבן און אַרויסגע-בראַכט אין די ווערק פון אַלע אַנדערע קולטור-צווייגן. וואָס מער אַנדערש אַ באַטרעפנדיק קונסט-ווערק איז אפילו אין פאַרגלייך מיט די קונסט-ווערק, וואָס געהערן צו דער זעלבער קאַטעגאָריע פון קונסט, אַלץ שטאַרקער די ווירקונג און איינפלוס פון דעמדאָזיקן ווערק, און אויב נישט צוליב קיין אַנדערער זאַך, וועט עס צוליב דער אַנדערש-קייט גופא אָנרירן סטרונעס אין די הערצער און נשמות פון די מענטשן, וואָס אַנדערע ווערק האָבן געלאָזט אומבאַרירט.

די אַנדערשקייט אַליין וועט אָבער נאָך נישט מאַכן דאָס קונסט-ווערק פאַר אַן אמת גרויס קונסט-ווערק. גרויס ווערט אַ קונסט-ווערק ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערן אַריינגעלייגט אין דעדאָזיקער אַנדערש-קייט אויף אַ באַוואוסטן אומבאַוואוסטן אָדער אופן גרויסע און טיפע אינהאַלטן; ערשט דעמאָלט ווען עס ווערן פונם קינסטלער אויף אַ גאַנץ אַנדערשטיקן אופן אַרויסגעבראַכט עמאָציעס און געדאַנקען, אַספּיראַציעס און וויזיעס, וואָס מיט זייער שטאַרקייט, טיפקייט פליגל-דיקייט און ווייט-גרייכיקייט, טראָגן זיי אַוועק דעם מענטש אויף אַ גע-וויסער צייט, זאָל זיין אפילו אויף איין אויגנבליק בלויז, אין די אומ-ענדלעכקייטן פון רוים, אין די אייביקייטן פון צייט, אין די „גאָרנישט-קייטן און נישטיקייטן" פון זיין און אין דעם זיין, וואָס איז הינטער און איבער אַלע גאָרנישטקייטן און נישטיקייטן.

רעדנדיק וועגן ניטשען, און ניטשע איז מער קינסטלער ווי פי-לאָזאָף, זאָגט קראָטשע: „זיין געדאַנק איז אומקלאָר און האַלט נישט אויס קיין קריטיק, ער איז אָבער געשטיצט פון אַ פליגלדיקער אינס-פּיראַציע, וועלכע דערהויבט דעם גייסט צו אַ רוחניותדיקער ממשלה, וואָס אַזאַ איז זעלטן ווען דערגרייכט געוואָרן אינם צווייטן העלפט פונם נײַנצענטן יאָרהונדערט".

אָט־אָ־די דערהויבונג אין די העכסטע רוחניותדיקע וועלטן, וועלכע זענען דורכגעדרונגען און דורכגענומען נישט מיט ליטערער און לייכטנדיקער געדאַנקלעכקייט, נאָר דווקא מיט אַ טונקעלער און אומקלאָרער מיסטעריע און מיסטעריעזער טונקלקייט און אומקלאָרקייט, וועלכע רייניקט, דערלייטערט, פאַרטיפט און גליקזעליקט — אָט אַזאַ דערהויבונג איז, אויב נישט דער ערשטער, איז דערפאַר אָבער דער לעצטער און זייער וויכטיקער תּנאַי פאַר אַ קונסט־ווערק אויף אַוועקגעשטעלט צו ווערן אין דער קאַטעגאָריע פון גרויסע קונסט־ווערק.

גוטע קונסט דאַרף אַלזאָ שטרעבן מיט אַלע מעגלעכקייטן צו זיין נישט קונסט צוליב קונסט, נאָר קונסט צוליב דער פאַרטיפונג און דערהויבונג פון אַלץ, וואָס קאָן און וואָס איז ווערט פאַרטיפט און דערהויבן צו ווערן. צו אַזאַ פאַרטיפונג און דערהויבונג קאָן די קונסט פירן נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט דורך איר קאָנקרעטסטער און שענסטער בילדלעכקייט ברענגען צו די הערצער און מוחות פון די מענטשן אַלערליי אידעען און אידעאַלן, אַלערליי פּראָבלעמען און אָנשויאונגען.

זינגער גיט רעכט קנוט האַמסונען פאַר זיין זאָגן, אַז ער איז מוחל טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעווסקין זייער נישט אינטערעסאַנטע פילאָזאָפיע צוליב די גרויסע קינסטלערישע ווערק, וואָס זיי האָבן געגעבן. און איך ווידער בין מוחל קנוט האַמסונען צוליב דער גרויסקייט פון זיינע שאַפונגען די נישט ריכטיקייט פון זיין שטעלונג און אָפּשאַץ פון דער פילאָזאָפיע אין די ווערק פון טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. עס איז מיין איבערצייגונג, אַז ווען מען זאָל אַרויסנעמען פון טאָלסטאָיס און דאָסטאָיעווסקיס ווערק די, וואָס האַמסון רופט אָן, נישט אינטערעסאַנטע פילאָזאָפיע, וואָלט גאָר ווייניק געבליבן פון דער גרויסקייט אין זייערע ווערק, וועלכע ווערט אָנערקענט פון האַמסונען און אַנדערע. זייער גרויסקייט באַשטייט און וועט בלייבן באַשטיין דער עיקר אין דעם, וואָס זיי זענען נישט נאָר קינסטלער געווען, נישט נאָר עסטעטן, נאָר אויך פילאָזאָפן, סאָציאָלאָגן, פּסיכאָלאָגן און מענטשן מיט אַ פאַרקאָכטקייט אין רעליגיעזע פּראָבלעמען. זיי זענען געווען קינסטלער מיט פילאָ־

זאָפישע, רעליגיעזע און סאָציאַלע לײדנשאַפטן, װעלכע האָבן זײ געפירט צו אַזעלכע, אָנשטאָט אַנדערע דענקענישן און טראַכטענישן.

און אויב עס טרעפט בײ טאָלסטאָיען און דאָסטאָיעװסקין, אַז געװיסע געדאַנקען קומען אַרויס אין זײערע קונסט־װערק צו געדאַנקלעך, דאָס הײסט, צוגעטשעפּעט צו דער קונסט, אָנשטאָט אַרויסגעװיקלט פון איר, װי צװײגן און בלעטער פון בוים־שטאַם, טרעפט לײדער אַזעלכעס אפילו בײ אַזעלכע װי קנוט האַמסון, װעלכער באַטראַכט זיך פאַר אַ רײנעם קינסטלער. פון האַמסונס בוך, למשל, „די ברכה פון דער ערד", װאָלטן געקאָנט — צוליב זײער נישט אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג — גאַנצע זײטן אַרויסגענומען װערן, װאָס װאָלטן, מיט זײער נישט זײן דאָרט, אַ סך געהאָלפן דער קינסטלערישער גאַנצקײט און האַרמאָנישקײט פונם װערק. די נישט גאַנצקײט און נישט האַרמאָנישקײט אינם קונסט־װערק נעמט זיך נישט פון דער פילאָזאָפישקײט, אין װעלכער דער קינסטלער איז פאַראינטערעסירט, נאָר פון דעם, װאָס די פילאָזאָפישקײט װערט מעכאַניש צוגעגעבן צו דער קונסט, װי אַן אַבסטראַקציע, אָנשטאָט זי זאָל אַרויסװאַקסן פון איר אויף אַן אָרגאַנישן אופן. און מעכאַניש אָנשטאָט אָרגאַניש װעט אַרויסקומען אַ שאַפונג דעמאָלט, װען זי — די שאַפונג — איז נישט קײן פועל־יוצא פון אַ צונויפגוס פון דעם אונטערבאַװאוסטזײן מיטן באַװאוסטזײן. די זינד באַשטײט אַלזאָ נישט אין דעם, װאָס דער קינסטלער פאַרנעמט זיך מיט פראַגן און פראָבלעמען פון אַנדערע קולטור־צװײגן — נאָר אין דעם, װאָס ער באַהאַנדלט זײ נישט אויף קײן קינסטלערישן אופן — װאָס ער גיט זײ נישט איבער אויף אַ קאָנקרעט בילדלעכן אופן, אויף אַן אופן, װאָס דער קולטור־צװײג, װאָס הײסט קונסט, קאָן עס איבערגעבן.

נישט פאַראַן קײן אײן פראָבלעם, קײן אײן געדאַנק, קײן אײן אָנשויאונג אינם גרויסן װערק „זשאַן קריסטאָף" פון ראָמען ראָלאַן, װאָס איז נישט פון גרויס װיכטיקײט און װאָס װאָלט נישט געדאַרפט אָדער נישט געקאָנט אָרגאַניש אַרײנגעװעבט װערן אין אַ קונסט־װערק אַזוי, אַז עס זאָל זיך פון יעדן אײנעם לײענען מיט גרויס אינטערעס. אויב דאָס איז נישט דער פאַל מיט גאָר אַ גרויסער צאָל זײטן פון ראָלאַנס װערק, אין װעלכע װיכטיקע סאָציאַלע און פילאָזאָפישע פראַגן

און שייכותן ווערן אָנגערירט, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס זיי ווערן אָנגערירט און באַהאַנדלט אַזוי, ווי אַזעלכע פראַגן ווערן באַהאַנדלט אין געשיכטע, אין פובליציסטיק און אין אַלע אַנדערע קולטור־צווייגן, און דערפאַר ווערן זיי אונדז דערווידער, ווען מיר טרעפן זיי אָן אויף די זייטן פון אַ קונסט־ווערק. נישט אַלזאָ די פילאָזאָפיע, פסיכאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע אָדער רעליגיע שטערט דער קונסט, נאָר די נישט־איינגעוואַקסנקייט זייערע אין דער קונסט. און איינגעוואַקסן ווערן זיי אין דער קונסט דעמאָלט, ווען זיי זענען לאַנגע און גרונטיקע געפילן און איבערלעבונגען פון דעם קינסטלער. קונסט איז אַ פאַרקערפּערונג פון לעבונגען און איבערלעבונגען, פון געפילן און עמאָציעס און נישט נישט פון טראַכטענישן און איבערצייגונגען, וועלכע זענען נישט דורכגענומען געוואָרן מיטן בלוט פון האַרץ און זאַפט פון דער נשמה.

טאָלסטאָי האָט נישט איבערגעלעבט קיין ליבע צו מענטשן מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה. צו דער נויטווענדיקייט פון ליב צו האָבן מענטשן איז ער געקומען מיט זיין געדאַנק. „איך ווייס" — האָט ער געזאָגט — „אַז מען קאָן נישט ליב האָבן אַלע מענטשן, איך ווייס אָבער, אַז מען דאַרף און מען מוז ליב האָבן אַלע מענטשן. דאָס איז איין ביישפּיל פון דער נפקא־מינה צווישן איבערצייגונג און איבער־לעבונג. אין זיין ווערק „תחית־המתים" וועגן די איבערצייגונגען אַריבער די איבערלעבונגען. די פילאָזאָפישקייט שלאָגט אָפּט נישט אַרויס פון דער בילדלעכקייט, נאָר לויפט פאַראַלעל צו איר; און דאָס שטערט זייער שטאַרק דער קינסטלערישקייט און עסטעטישקייט פונם ווערק.

די פראַגע אַלזאָ איז נישט פון יאָ אָדער נישט פילאָזאָפיע אָדער אַן אַנדערן קולטור־אָפּצווייג אין דער קונסט — נאָר פון יאָ אָדער נישט אָרגאַנישע אַריינגעוואַקסנקייט און אַרויסגעוואַקסנקייט פון די אַלערליי קולטור־אָפּצווייגן אין דער קונסט. אַ בליק אויף צוריק אויף דער אַנטוויקלונג פון קונסט בפרט און קולטור בכלל — אַ בליק אויף די אַלע קונסט־ווערק, וואָס האַלטן אָן זייער ווירקזאַמקייט און איינפלוס דורות און נאָכדעם ווי זיי זענען באַשאַפן געוואָרן — שטאַרקט אומגעהויער די איבערצייגונג, אַז אין דער צוקונפט נאָך מער,

ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט, וועט אַ ברייטערע און טיפערע, אַ גרע־סערע און רייכערע קולטורקייט אין די אַדערן פון אַ קונסט־ווערק פאַרגרעסערן דעם זין און דעם ווערט, דיווירקזאַמקייט און דעם איינפלוס פונם ווערק. וואָס מער טיפקייט און ברייטקייט אינם וועלט־באַנעם און אין דער וועלט־אָנשויאונג פונם קינסטלער, וואָס מער גע־דאַנקען און פּראָבלעמען עס רעגן זיין נשמה און וואָס מער פון זיי ער קאָן אויף אַן אָרגאַנישן אופן אַריינוועבן אין זיין קונסט, אַלץ אַ גרעסערער קינסטלער איז ער און אַלץ מער ווירקזאַם און דויערהאַפטער זיין שאַפונג.

## ב.

קנוט האַמסונס „פאַן" איז אַ גרויס ווערק, נישט נאָר צוליב זיין עסטעטישקייט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס פּראָבלעמען פּסיכאָלאָגישע, פּראָבלעמען פילאָזאָפישע, פּראָבלעמען רעליגיעזע וואַקסן אַרויס אויף אַ גאַנץ אומשולדיקן אופן, ווי שוועמלעך פון אַ רעגן, פון אונטער דעם קינסטלערס פענזל, וואָס מאָלט און צייכנט אויבנאויפיק געגומען גאַנץ אומבאַדייטנדיקע געשעענישן און די שייכותן צווישן זיי. און אין דעם ליגט אַ וועלט מיט שיינקייט. אָבער דידאַזיקע שיינקייט אַליין וואָלט נישט געמאַכט דאָס ווערק פאַר אַן אוצר אין דער וועלט־ליטעראַטור, ווען דערצו זאָל נישט געווען צוקומען האַמסונס טיפער אַריינבליק אין די שייכותן צווישן מאַן און פרוי, מענטש און מענטש, מענטש און נאַטור און די שייכות פון זיי אַלעמען — צו עפּעס אַן אומדערקענט־באַרן „איבער־אַלץ", צו וועלכן מיר ווערן פון אַן אומווידערשטייל־כער קראַפט געטריבן צו ווענדן זיך מיט פראַגן און אָפט מיט בקשות אפילו דעמאָלט, ווען מיר האָפן נישט, אַז די בקשות וועלן דערפילט ווערן און די פראַגעס וועלן פאַרענטפערט ווערן.

איינע פון די שטאַרקסטע פאַקטאָרן, וואָס העלפט אַ קונסט־ווערק צו ווערן דויערהאַפטיק אין זיין ווירקונג און איינפלוס און צו ווערן אַן אומאויפהערלעכער און אומדערשעפּלעכער קוואַל פון אָנרעגונג און פאַרטיפונג פון די נשמות פון מענטשן אין אַלע דורות — איז די

פּאַראינטערעסירטקייט, די פּאַרטיפונג און די אַריינלעבונג פונם קינסט־
לער אין דער אייביקייט — אינם זיין, וואָס שליסט איין און שטייגט
אַריבער די פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט. פאַר דעם שע־
פער פון גאָר אַ גרויס ווערק איז נישט גענוג, אַז זיינע טראַכטענישן
און דענקענישן זאָלן נאָר ווערן לעבונגען און איבערלעבונגען, גע־
פילן און עמאָציעס, און נישט גענוג אויך, אַז די איבערלעבונגען זאָלן
זיין רייפע און אַרויסשלאַגנדיקע פון די פריסטע און טיפסטע נשמה־
קוואַלן, — נאָר עס איז אויך אומבאַדינגט נויטיק, אַז זיינע איבערלע־
בונגען און עמאָציעס זאָלן זיין פון אַ גרויסן פאַרנעם. עס איז נויטיק,
אַז אין יעדער איבערלעבונג און עמאָציע זיינער, וואָס ווערט אַרויס־
גערופן פון יעדן איינצלנעם וועזן, זאַך אָדער געשעעניש אין דער
וועלט, זאָל ער פילן די אָפּשפּיגלונג, די אַנטפּלעקונג און דעם אויס־
דרוק פונם סכום פון אַלע וועזנס, אַלע זאַכן און אַלע געשעענישן —
קורץ, פון דער גאַנצער עקזיסטענץ, נישט נאָר אין איר אַרומיקייט און
אַלצייטיקייט, נאָר אויך אין איר איבעררוימלעכקייט און איבערצייטי־
קייט. דער איך אָדער זעלבסט פון דעם שעפער פון גרויסער קונסט
דאַרף זיך פילן, לפּחות אין די מאָמענטן פון זיין שאַפן, אַן איינגע־
וויקלטער, אַן אָנגעקניפּטער און אָרגאַניש־פאַרבונדענער מיט גרעסערע
און גרעסערע איכן און זעלבסטן, ביז צום גרעסטן איך אָדער
זעלבסט.

שעקספּירס העלד האַמלעט ווערט דערצאָרנט און פאַרצווייפלט
פון דער נישט שטאַנדהאַפטיקייט און נישט געטריישאַפט פון אַ פרוי —
פון דער פאַלשקייט און נידערטרעכטיקייט פון אַ פרוי צו איר מאַן.
ער דערפילט זיך אומגליקלעך ביז צו די גרונטן פון זיין נשמה,
וואָרים דידאָזיקע פרוי איז זיין אייגענע מוטער, און דער מאַן איז
זיין אייגענער פאָטער. אָבער אין דעם געשריי זיינעם — אין דעם
אויסדרוק פון צער, צאָרן און יאוש, נעמט ער אַריין נישט נאָר די
מוטער זיינע, נאָר אַלע פרויען, וואָס האָבן וועלן עס איז עקזיסטירט
און וועלן וועט עס איז עקזיסטירן. ער שרייט אויס: שוואַכקייט, דיין
נאָמען איז פרוי! Firailty thy name is woman!

און ווען עס ווערט אים, צוליב די קאָנפליקטן, ווייטיקן און
פיינען, אומדערטרעגלעך צו ציען זיין לעבן אויף דערדאָזיקער וועלט,

פרעגט ער נישט צי עס לוינט זיך, צי עס איז ווערט פֿאַר אים, האַמלעטן, צו זיין אויף דער וועלט, נאָר ער אוניווערסאַליזירט באַלד די פראַגע. ער זאָגט: זיין אָדער נישט זיין? דאָס איז די פראַגע — אַ פראַגע פֿאַר יעדן איינציקן וועזן, וואָס גייט אונטערן נאָמען מענטש, אין די מאָמענטן, ווען אומגליק און טראַגיק פילן אָן ביז איבער די ראַנדן די נשמה און דריקן און שטיקן דעם גייסט ביז אַ מדרגה און צושטאַנד פון זעליקלאָזיקייט.

דאָס איז, וואָס עס מיינט צו פּראָזשעקטירן און אוניווערסאַליזירן די געפילן, לעבונגען און איבערלעבונגען. און וואָס שעקספיר האָט געלאָזט טון האַמלעטן און אַ סך אַנדערע פון זיינע העלדן אויף שריט און טריט, האָט ער אַליין געמוזט טון מיט יעדן ריר, בויג און נויג פון זיין לעבן אין זיינע שאַפונגס־מאָמענטן. ער האָט געמוזט אָנקניפּן זיין נשמה אָן אַלע נשמות פון דער וועלט און אָן דער וועלט־נשמה ווי אַ גאַנצע. ער האָט געמוזט אין די ציטערס און פלאַטערס פון זיין אייגענער נשמה פילן דעם ציטער און פלאַטער פון דער אוניווערסאַלער נשמה, און נאָר דערפֿאַר האָט ער געקאָנט פון די טיפענישן פון זיין אייגענער נשמה אַרויסלייגנען און אויף אַ קאָנקרעט בילדלעכן אופן איבערגעבן דאָס טיפסטע, דאָס אָריגינעלסטע, דאָס וועזנטלעכסטע און איניווערסאַלסטע אין דעם מענטש און אין אַלץ, וואָס רירט אָן און אינטערעסירט דעם מענטש. און אַלץ, וואָס איז טיף און אָריגינעל, וועזנטלעך און אוניווערסאַל, וועט נישט אויפהערן צו רעגן דעם גייסט פון דעם מענטש אַזוי לאַנג, ווי ער איז און בלייבט מענטש.

שאַפנדיק זיינע דראַמעס, האָט אפשר שעקספיר אין זינען געהאַט דאָס לעבן און די מענטשן, ווי זיי זענען געווען אין זיין צייט. און זיין כוונה איז געווען צו רעאַגירן דער עיקר אויף זיין צייט און אויף די מענטשן פון זיין צייט. דאָס לעבן אָבער, און אַלץ אינם לעבן, טראָגט אין זיך צו יעדן מאָמענט אַלץ, וואָס האָט אַמאָל געלעבט, און גרויסע אָנשטויסן צו אַלץ, וואָס וועט אַמאָל לעבן.

גרויסע און טיפע נשמות אונטערשיידן זיך פון אַלע אַנדערע דער עיקר דערמיט, וואָס זיי פילן די אָנגעקניפּטקייט און די באַהעפטונג פון איין צייט־לויף צום אַנדערן, פון איין רוים־שטח צום

אַנדערן, און פון דער גאַנצער צייט און גאַנצן רוים — צו איידער־צייט און איבער־רוים. — זיי פילן די אָנגעהעריקייט און איינגע־שלאָסנקייט פון וועלט צו וועלט און פון אַלע וועלטן צו איבערוועלט אָדער וועלטלאָזיקייט. זיי פילן און זעען דעם פלוס און צונויפגוס פון דעם נידעריקן מיטן העכערן און פונם העכערן מיטן העכסטן, און ממילא אויך — פונם נישט־וויכטיקן מיטן וויכטיקסטן.

און דערפאַר, ווען גאָט העלפט, אַז דעם קינסטלערס נשמה איז גרויס און טיף, וועט, דורך וואָס דער קינסטלער זאָל נישט פאַרטראַכטן און באַצוועקן, דורך וואָס ער זאָל נישט מאָלן און געשטאַלטן, אָפּגע־שפּיגלט און אויסגעדריקט ווערן צייטן און וועלטן, מענטשן און זאַכן, וועלכע זענען פאַרן קינסטלערס אויגן נישט געשטאַנען, ווען ער האָט געשאַפן. עפענען וועלן זיך אין זיינע שאַפונגען קוואַלן פון טיפקייטן פאַר די קומענדיקע דורות צו גראָבן און גראָבן און נישט צום דער־גראָבן — טיפקייטן, וועלכע זענען נישט געווען אין באַוואוסטזיין און אין דער כוונה נישט פון דעם קינסטלער און נישט פון זיינע בני־דור.

האָט דאָך סערוואַנטעס פאַרענדיקט דעם צווייטן טייל פון זיין קונסט־ווערק „דאָן קיכאָט" מיט די ווערטער: „איך האָב קיין אַנדערן ציל נישט געהאַט, ווי נאָר אַרויסרופן ביי מענטשן עקל צו די ליגנערישע און אומגעלומפּערטע ריטערישע ראָמאַנען, וועלכע ווערן אַרויסגעשטופּט דורך דער אמתער געשיכטע פון מיין דאָן קיכאָט און וועלן אינגיכן זיכער גאָר נעלם ווערן".

און ווי נישטיק איז אָט דערדאָזיקער, צו יענער צייט גרויס־אויסזעענדיקער ציל לגבי דער אומגעהויערער צאָל פון אַ סך וויכטי־קערע צילן און צוועקן, וואָס זענען זינט דעמאָלט פון לייענער און קריטיקער אַרויסגעלייענט געוואָרן פונם ווערק „דאָן קיכאָט" און אין לעבן דורכגעפירט געוואָרן. דאָן קיכאָט איז פאַר אַלע דורות געוואָרן דער סימבאָל פון דעם קעמפער מיט דערווירקלעכקייט, מיט דער מיטלמעסיקייט און מיט דער גרויער וואָכעדיקייט. אין אַזאַ אָדער אַן אַנדערער פאָרם, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטאַלט וועט דער שיק־זאַל פון דאָן קיכאָט זיין דער שיקזאַל פון אַלע אידעאַליסטישע און ראָמאַנטישע נשמות — דער שיקזאַל פון אַלע די, וואָס ווילן אַריינ־

ברענגען אַ נייע ווירקלעכקייט אין דעם חלום און איבערגעבן די איצטיקע ווירקלעכקייט דעם זכרון.

און דערפאַר האָט עס היינע, לייענענדיק אין זיין קינדהייט „דאָן קיכאָט", פאַרגאָסן טרערן. „דעם פּאָעט — אַזוי שרייבט טיקנאָר אין זיין געשיכטע פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור — האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע נאַטור באַוויינט מיט אים צוזאַמען דעם דערנידעריקטן אידעאַליסט. ער איז געווען אין כעס אויף די שלעכטע, ברוטאַלע און פּראָזאַישע מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעשפּעט פונם העלדס געפילן. אין היינעס פּאָעזיע גופא איז געווען עפּעס אַלגעמיינס מיטן סוזשעט פון דאָן קיכאָט"*).

און פאַרוואָס עפּעס נאָר אין היינעס ? פרעגן מיר. און אין דאָסטאָיעווסקיס פּראָזע איז דען נישט פאַראַן עפּעס אַלגעמיינס מיט דאָן קיכאָט ? ווי ווייט, נאָך אַלעמען, איז דער אידיאָט מושקין, וועלכער איז אין דער אמתן גאָר קיין אידיאָט נישט, פון דאָן קיכאָט ? און ציען זיך דען נישט קיין פעדים צווישן דאָן קיכאָט און האַמסונס נאַגעל פון די „מיסטעריעס", און איז דען נישט פאַראַן אַ וועלט מיט דאָן קיכאָטישס אין דעם העלד פון „צויבער-באַרג" — יאָהאַן קאַסטאָרפּ — און אָטעמט דען נישט אין דער אַנ׳תן דער גאַנצער „צויבער-באַרג" מיט אַ דאָן קיכאָטישער לופט ?

ווייט, ווייט אָפּגעשיידט אַלזאָ איז געוואָרן דאָס גרויסע קונסטווערק „דאָן קיכאָט" אין דער דערפילונג פון צילן און צוועקן — פון דעם ציל און צוועק, וואָס סערוואַנטעס האָט זיך געשטעלט. נישט ווייט אָפּגעשיידט אָבער איז דאָס ווערק און דער העלד דאָן קיכאָט פון סערוואַנטעסעס נשמה, וואָס אין אירע טיפענישן האָבן געאַרבעט זוכענישן, שטראַבונגען, וועלענישן און גאַרענישן, וועלכע האָבן אויף אַן אומבאַוואוסטן אופן צום דענקענדיקן סערוואַנטעס, אַריינגעריסן זיך אין יעדער שורה און צווישן-שורה פונם ווערק „דאָן קיכאָט".

„פאַר סערוואַנטעסן" — שרייבט דער זעלביקער טיקנאָר —

*) זע פּ. קאָגאַנס בוך „געשיכטע פון מערב-אייראָפּעאישע ליטעראַטור".

„האָט עס געקאָנט זיין אומבאַוואוסטזיניק, אָבער ס'איז קיין ספק נישט, אַז וואָס ווייטער עס האָט זיך אַנטוויקלט די גראַנדיעזע עפּאָפּעע, האָט איר געניאַלער אויטאָר אָפּגעשפּיגלט אין איר אומבאַוואוסטזיניק סיי זיינע אַנטוישונגען, סיי זיין טרויער וועגן דעם שלימזל אין דער וועלט פון אידעאַליזם און דערהויבענע אילוזיעס, סיי זיין גלויבן אין גוטס און אין מענטש, וואָס האָט אים נישט פאַרלאָזט, נישט געקוקט אויף דער גאַנצער אַנטוישונג זיינער. אַ דאַנק דעם האָט די אויס־טייטשונג פון דעם ראָמאַן אָנגענומען אַ פילאָזאָפישע ריכטונג, וועלכע האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט אין אָנהייב נייַנצענטן יאָרהונדערט אונטער קאַנטס איינפלוס".

און גערעכט איז פּ. קאָגאַן, ווען ער זאָגט, אַז עס איז גוט, וואָס סערוואַנטעס האָט באַוואוסטזיניקערהייט זיך געשטעלט אַלס דעם הויפּט־ציל עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געהאַט אַ דירעקטן שייכות מיט און אַ גרויסן אינטערעס פאַר דער צייט, אין וועלכער סערוואַנטעס האָט געלעבט. נחמת „אַ דאַנק דעם האָט זיין העלד געוואונען פון דער קינסטלערישער זייט. ער איז געוואָרן אַ קלאָרער טיפּ, אָנגעטון אין בלוט און פלייש, און נישט קיין טויטע פיגור, אין וועלכער ער וואָלט זיך אומפאַרמיידלעך פאַרוואַנדלט, ווען סערוואַנטעס וואָלט זיך געשטעלט אַ ריין פילאָזאָפישע אויפגאַבע. אַ קינסטלעריש ווערק, וואָס באַלייכט איינע פון די אייביקע לעבנס־לאַגעס, איינע פון די עיקרים פון מענטשס גייסט, לאָזט נאָר דאַן איבער אַן אייביקן איינדרוק, ווען עס איז צוגעקניפּט צו אַ באַשטימט אָרט און צו אַ באַשטימטער צייט, ווען זיינע העלדן זענען נישט קיין טרוקענע פאַרקערפּערונגען פון פּרינ־ציפּ, נאָר לעבעדיקע מענטשן, וואָס לעבן מיט די אינטערעסן פון זייער דור, וועלכע האָבן אַלע ליידנשאַפטן, אָנשויאונגען און איבערציי־גונגען פון זייער עפּאָכע".

קונסט אַליין איז, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אַ זעלבסט־צוועק, און דערפאַר איז קינסטלערישקייט אין אַזאַ אָדער אַן אַנדע־רער פאָרם און געשטאַלטונג איר ערשטער תנאי. אַלץ אין דער קונסט מוז זיין קאָנקרעט בילדעריש, אַלץ מוז אָטעמען מיט דער פרישקייט און זאַפטיקייט פון לעבן, און אַלץ אין דער קונסט מוז קודם־כל רעגן די געפילן און די עמאָציעס, וועלכע זענען דער זאַפט פון לעבן. אויף

אַזוי פיל איז פּ. קאָגאַן גערעכט. דערצו דאַרף אָבער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער באַטאָנט ווערן דער פאַקט, אַז וואָס טיפער, ברייטער און העכער עס ווערט דאָס לעבן, וואָס מער מענטשלעכקייט און אי־בערמענטשלעכקייט אינם לעבן, אַלץ מער אייגן ווערט דעמדאָזיקן לעבן און אַלץ מער גערעגט ווערט אַזאַ לעבן עמאָציאָנעל פון אַלץ, וואָס קאָן נאָר איינגעשלאָסן ווערן אינם אויסדרוק קולטור. און דערפאַר מוז עס זיין אויך אמת — אַן אמת, וואָס גאָר ווייניק האָבן אים ביז איצט איינגעזען — אַז וואָס מער קערנדלעך דעם קינסטלערס גייסט האָט אויף אַ באַוואוסטן אָדער אומבאַוואוסטן אופן פאַרזייעט, וואָס פון זיי וואַקסן אָרגאַניש אַרויס און בליען זיך פונאַנדער אַלערליי אַנדע־רע קולטור־שפּראָצונגען אַחוץ דער קונסט־שפּראָצונג — אַלץ גרעסער און אַלץ איינפלוסרייכער און דויערהאַפטער איז אַזאַ קונסט־ווערק.

דאָס נישט איינזעען פון דעמדאָזיקן אמת, איז געקומען, לויט מיין מיינונג, דערפון, וואָס נישט די קינסטלער און נישט די קריטיקער האָבן געשענקט גענוג אויפמערקזאַמקייט צו דער נפקה־מינה צווישן לעבן און לעבן — דאָס הייסט, צווישן דעם נידעריקן לעבן, ווי עס מאַניפעסטירט זיך צו אונז אין דער חיה, דעם העכערן לעבן, וואָס קומט צום אויס־דרוק דורך מענטש, און דעם נאָך העכערן לעבן, ווי אונזער פאַנטאַזיע מאָלט אין דעם איבערמענטש. אַ פולע אָנערקענונג פון דערדאָזיקער נפקה־מינה וועט פירן צו אַן אַנדער בליק אויף דער שייכות צווישן קונסט און לעבן.

אָט פרעגט, למשל, דער קינסטלער י. י. זינגער: „מוז די ליטעראַ־טור זיין אָפּגעטיילט פון לעבן? דאַרף זי זיין אַן אַבסטראַקציע, וואָס הענגט אין דער לופטן, שוועבט אין די הימלען?" און ער ענטפערט: „ניין. די קונסט איז שטענדיק דער אויסדרוק פון לעבן, נאָר דער קינסטלער מיט זיין חוש פאַר האַרמאָניע, גאַנצקייט און קאָנדענסירט־קייט איז אימשטאַנד פון יעדער תקופה, פון יעדן לעבנסשטייגער אָפּצו־וואַרפן דאָס איבעריקע, דאָס נישט וויכטיקע און אַזוי רעליעף אַרויסבאַ־קומען דעם עיקר, דעם קערן, אַז ס'בלייבט אייביק".

און איך פרעג: ווען אין דער וועלט קאָן עס דען איינפאַלן, אַז די ליטעראַטור מוז זיין אָפּגעטיילט פון לעבן? זי קאָן דאָך עס נישט זיין אפילו, ווען זי זאָל עס וועלן זיין. עס זענען דאָך שוין איצט נישט

פאַראַן אַזוינע, וואָס זאָלן דענקען, אַז די קונסט דאַרף זיין ווייניקער ווי אַן אויסדרוק פון לעבן. קיינער רעכנט זיך דאָך שוין נישט מער מיט די, וואָס וואָלטן אויך דאָס קאָפּירן פון לעבן באַצייכנט מיטן נאָמען קונסט. און איז קונסט אַן אויסדרוק פון לעבן, קאָן נאַטירלעך די ליטעראַטור נישט זיין אָפּגעטיילט פון לעבן. די פראַגע, וואָס איך אָבער שטעל, איז — פאַרוואָס עפּעס נאָר אַן אויסדרוק פון לעבן? פאַרוואָס נישט אויך אַ שעפערין און טאָן־געבערין פון לעבן?

וואָלט שעקספּיר און סערוואַנטעס נישט מער ווי אויסגעדריקט דאָס לעבן, וואָלט דאָך אין זייערע ווערק נישט געווען באמת מער ווי דאָס לעבן פון דער צייט, אין וועלכער עס האָבן געלעבט סערוואַנטעס און שעקספּיר, און אַזאַ לעבן וואָלט נישט געקאָנט פאַרכאַפּן אונזער איצטיקן דור למשל. אויב זייערע ווערק טוען אָבער אונדז יאָ פאַרכאַפּן, איז עס דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט נאָר אויסגעדריקט לעבן, נאָר אויך גע־שאַפן לעבן. נישט נאָר האָבן זיי געמאָלן, וואָס עס איז פאַראַן, נאָר וואָס עס וועט זיין און דאַרף זיין. ווער ווייסט, אויב עס איז גאָר פאַראַן אַ שיעור צו די יאָרן, וואָס דאַרף נעמען פאַר דער אויסקריסטאַליזירונג און דעם אָפּזאַץ פון אַלערליי גייסט־און קולטור־געדיכטקייטן און וואָגי־קייטן, וואָס זיי קאָן די אינטואיציע אויף איין מאָל אַריינשליידערן אין דעם שאַפונגס־פלוס.

איז דאָך בערגסאָנס באַגריף וועגן שאַפנדיקער עוואָלוציע שוין אַריינגעבראַכט געוואָרן כמעט אין אַלע קולטור־צווייגן, פאַרוואָס נישט אַריינברענגען דעם זעלביקן באַגריף אויך אין דער קונסט־קריטיק און קונסט־אָפּשאַצונג? פון שטאַנדפונקט פון שאַפנדיקער עוואָלוציע ווערט נישט לעבן, ווי מען האָט ביז איצט געדענקט, אַרויסגעוויקלט פון נישט־לעבן, אָדער בכלל פון דעם בלויז, וואָס ס'איז שוין געווען. די קרעאַטי־ווע עוואָלוציע לערנט, אַז נישט נאָר קומען אַרויס שפּראָצונגען פון קערנדלעך, נאָר די קערנדלעך גופא ווערן געשאַפן. און ווי מיט לעבן, אַזוי מיט אַלץ אַרום לעבן און איבערן לעבן — אַזוי מיט אַלץ אין גאָטס וועלט און מיט גאָט אַליין אויך. די וועלט אין גאָט און גאָט אינ־איינעם מיט דער וועלט שאַפט זיך, אַנדערשט זיך, אַנטוויקלט זיך, נייערט זיך, טיפט און העכערט זיך. און ווי גאָט מיט דער וועלט, אַזוי אויך די

קולטור — גאָטס מהות און העכסטער אויסדרוק — מיט וועלט, נאַטור און לעבן. די קולטור אין יעדן ריר אירן שאַפט זיך און דאָס לעבן. זי מאַכט זיך און דאָס לעבן נייער, אַנדערש, העכער, טיפער און ברייטער. און די קונסט, ווי דער רירעוודיקסטער און צו רעאַליטעט נאָענטסטער צווייג, טוט עס מער און אינטענסיווער פאַר אַלע אַנדערע צווייגן פון דער קולטור. שוין צייט, אַז די קינסטלער און די קריטיקער זאָלן עס דערקענען און דערוויסן. צייט, אַז עס זאָל פאַרשטאַנען ווערן אין דער ברייט און טיף פון דער וועלט פון קונסט און קונסט־קריטיק, אַז קונסט איז נישט נאָר דער אויסדרוק, נאָר אויך די שאַפונג פון לעבן.

און אויב אַזוי, מיינט עס, אַז די קונסט דאַרף זיך בשום אופן נישט שרעקן פאַר קיין אַבסטראַקציעס, זי דאַרף נישט מורא האָבן צו הענגען אין דער לופט אָדער חלילה שוועבן אין די הימלען. אַוודאי מוז צו דעם, וואָס פילט און זעט נאָר דאָס, וואָס קומט פאָר און גייט אָן איצט, אויסזעען ווי אַן אַבסטראַקציע אַלץ אין דעם נאָכן־איצט, וואָס ווערט דערפילט און דערזעען פון דעם קינסטלערס אינטואיציע. און אין דעם ווירוואַר פון אַזעלכע אַבסטראַקציעס מוז זיך יעדער איינער פילן ווי אַ הענגענדיקער אין דער לופט און אַ שוועבנדיקער אין די הימלען. דאָס טאָר אָבער נישט, און דאָס וועט נישט אָפּשטעלן דאָס רייסן זיך צו די הימלען פון די גרויסע קינסטלער, וואָס זייער אויסדרוק פון לעבן ווי עס איז, טראָגט אין זיך קערנדלעך פון לעבן ווי עס וועט זיין. און אויב אין זייערע ווערק קומט צום אויסדרוק אַ וועלט מיט פאַרגאַנגענהייט, איז עס אויך דערפאַר, וואָס אַלע טיפקייטן נישט נאָר פונם „איצט", נאָר אויך פונם „אַמאָל" זענען, נויטיק פאַר דער שאַפונג פונם „עס וועט".

לעבן אינם פולסטן זין פון וואָרט — אַ לעבן, וואָס אונטער דעם זאָל קאָנען אַרונטערגיין דאָס היהשע אַזוי גוט ווי דאָס מענטשלעכע, דאָס מענטשלעכע אַזוי גוט ווי דאָס איבערמענטשלעכע, וואָס ווען דער מענטש וועט קומען דערצו, וועט עס אויך ווערן מענטשלעך — אַזאַ לעבן שליסט איין אין זיך די אַבסטראַקציע, אַזוי גוט ווי די קאָנקרעטהייט, דעם הימל אַזוי גוט ווי די ערד, און רייסנדיק זיך צו די הימלען, מוז מען אָפּט הענגען אין דער לופטן.

באַשטייט דען נישט דאָסטאָיעווסקיס אויסערגעוויינלעכע גרויס־קייט אין דעם, וואָס ער האָט אויף דעם קאָנקרעטסטן אופן, אָן וועל־כע עס איז דירעקטע סימבאָלן, געגעבן דער וועלט אַלערליי אַבסטראַק־ציעס, און וואָס ער האָט אַרום איין־און־איינציקער אַקס זיך געלאָזט דרייען ערדישע טיפענישן אינאיינעם מיט הימלישע הויכן? און איז דען פאַראַן איינער צווישן די, וואָס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דאָסטאָיעווסקיס ווערק, וואָס זאָל, אים לייענענדיק, נישט פילן, אַז ער פאַרלירט דעם באָדן פון אונטער זיינע פיס און בלייבט הענגען צווישן הימל און ערד ערגעץ־וואו, וואו עס איז אפילו קיין לופט נישט פאַראַן? האָט דען דאָסטאָיעווסקי נישט באַוויזן אַרומצונעמען און צו שאַפן לעבן, וואָס איז אויסער צייט און אויסער רוים?

וועגן די דריי העלדן פון דאָסטאָיעווסקיס ווערק „אידיאָט" זאָגט דער קריטיקער מידלטאָן מורי: „מושקין קומט אַראָפּ אין לעבן אַ גייסט. ער איז אַ פולקאָמענער מענטש, אָבער דידאָזיקע פולקאָמענ־הייט איז אַ פאַרלייקענונג פון מענטשלעכקייט. ראָגאָזשין איז ריינע ליידנשאַפט, ווי מושקין איז ריינע רחמנות. אָפּגעטיילט פון זיין ברו־דער־גייסט. חלומט ער אַוועק דאָסדאָזיקע לעבן. ער איז נישט קיין טייל פון דעמדאָזיקן לעבן, נישט קיין מענטש צווישן מענטשן, וואָס חלומט וועגן די ווייטע דערינערונגען, וועלכע האָבן פאַרפאָלגט די מענטשהייט זינט די וועלט האָט זיך אָנגעהויבן; ער איז גייסט, וואָס חלומט אונזער לעבן, דאָס לעבן פון מענער און פרויען, דער טרוי־מער פון דעם אומבַרחמנותדיקן און שרעקלעכן חלום, וואָס עס איז די מענטשלעכע עקזיסטענץ. ראָגאָזשין איז קערפּער, ווי מושקין איז נשמה. זיי זענען נישט קיין מענטשן, זיי האָבן נאָר די ענלעכקייט פון מענטשן, וואָס אין זיי זענען אָנגעקליידט געוואָרן די אידעען, וואָס זיי זענען. און נאַסטאַשאַ איז נישט קיין פרוי, נאָר די פאַרקערפּערונג פון דער אידעע פון פיין".

איך שטים פאָלקאָם איין מיטן צווייטן, אָבער לחלוטין נישט מיט דעם ערשטן טייל פון מורייס באַהויפּטונגען בנוגע דאָסטאָיעווס־קיס העלדן. אַז ראָגאָזשין איז אַ גייסט, אַ בעל־חלום, צו וועמען די גאַנצע טאָג־טעגלעכעווירקלעכקייט איז אַ חלום, איז אמת. עס איז אויך אמת, אַז ראָגאָזשין, מושקין און נאַסטאַשאַ זענען פאַרקערפּערונ־

גען פון אידעען — אידעען פון ליידנשאַפט, פון רחמנות און פון פּיין. עס איז אָבער, לויט מיין מיינונג, נאָר נישט אמת, אַז זיי זענען בלויז די ענלעכקייט פון מענטשן און נישט קיין מענטשן — מענטשן צווישן מענטשן, — אַז זיי זענען נישט קיין טייל פונם זעלביקן לעבן, וואָס שלאָגט זיך דורך און שלאָגט אַרויס פון יעדן איינציקן פון אונז.

דאָס ווערק „אידיאָט", ווי אַלע אַנדערע ווערק פון דאָסטאָיעווסקין, איז פּונקט אַזוי קולטור־היסטאָריש, ווי עס איז קולטור־אוניווערסאַל, עס איז פּונקט אַזוי אין צייט און אין רוים, ווי עס איז אין איבערצייט און איבעררוים. מושקין, ראָגאָזשין און נאַסטאַשאַ זענען קודם־כּל פלייש פון פלייש און ביין פון ביין פון דעם רוסישן פאָלק און פון דעם פאָלק, ווי עס האָט געלעבט, געפילט, געטראַכט און געחלומט אין דער צייט, אין וועלכער דאָסטאָיעווסקי האָט געלעבט. מער טיפענישן פון דעם רוסישן פאָלק — טיפענישן פון זיין לעבן אין דעם ניינצעטן יאָרהונדערט און ביז דעמאָלט — וועלן זיך אַנטפּלעקן צו די קומענדיקע דורות דורך די ווערק פון דאָסטאָיעווסקי, ווי דורך די ווערק אפילו פון טורגעניעוו און טאָלסטאָי. דאָס איז דערפאַר, וואָס דאָסטאָיעווסקיס קינסטלערישע געשטאַלטן שלאָגן טיפע וואָרצלען אינם לעבן, ווי עס איז געווען און ווי עס איז.

דאָסטאָיעווסקיס קונסט איז — ווי קונסט דאַרף פריער פון אַלץ זיין — דער פולסטער פלייש־און בלוט־אויסדרוק פון דער קאָנקרעטסטער, זאַפטיקסטער און זיך פריש־צאַפּלענדיקערווירקלעכקייט. און זי איז עס דערפאַר, וואָס אין זיין קונסט האָט דאָסטאָיעווסקי געלאָזט אויפלעזן זיך אַליין אין זיין גאַנצער געשטאַלטקייט. — אויפגעלעזט האָבן זיך אין זיין קונסט אַלע זיינע ליידנשאַפטן, אַלע זיינע געפילן פון די נידעריקסטע ביז די העכסטע, אַלע זיינע פיינען, שמערצן און גליקזעליקייטן, אַלע זיינע געראַנגלען, שטרעבונגען און האָפענונגען.

און אויף וויפיל דאָסטאָיעווסקי איז געווען אַ זון פונם רוסישן פאָלק, און אַ קינד פון דער תּקופה, אין וועלכער זיינע ווערק זענען געשריבן געוואָרן, ווי אויך פון אַלע צייטן ביז יענער צייט, אויף אַזוי פיל קומט צום אויסדרוק אין זיינע ווערק דאָס רוסישע פאָלק, זינט

עס איז פֿאָלק געוואָרן און ווי עס איז פֿאָלק געחען, ווען זיין זון דאָסטאָיעווסקי האָט געלעבט. אויף אַזוי פֿיל אָבער, אויף וויפֿיל דער נשמה, דעם גייסט און דעם קערפּער דאָסטאָיעווסקיס איז געווען ענג אין דעם אַלץ, וואָס גייט אַריין און ווערט אַרומגענומען פֿונם איצט, אויף וויפֿיל ער האָט מער אפשר פֿאַר יעדן אַנדערן רוס זיך געריסן צום איבער פֿון דעם איצטיקן אַלץ, צום איבער פֿון אַלץ, וואָס איז איינגעשלאָסן אין צייט און רוים און אורזאַכלעכקייט — אויף אַזוי פֿיל איז פֿאַראַן אין זיינע ווערק ניִשט נאָר דער אויסדרוק פֿון דעם, וואָס איז געווען און איז ביים רוסישן פֿאָלק, נאָר אויך — די שאַפֿונג פֿון דעם, וואָס איז געווען, איז און וועט זיין ביי יעדן פֿאָלק אין דער וועלט. אויף אַזוי פֿיל איז דער אידיאָט מושקין, למשל, אי עפּעס פֿון דאָן קיכאָטן, אי עפּעס פֿון נאַגלען, אי עפּעס פֿון יאָהאַן קאַסטאָרפּ און נאָך אַ סך פֿון דעם, וואָס וועט זיך אין דער ווייטער, ווייטער צוקונפֿט אַרויסקריסטאַליזירן פֿון דעם. וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט אינ־טואיטיוו אויפגעכאַפּט שאַפֿנדיק דאָס געשטאַלט מושקין — דעם מוש־קין, וועלכער, ניִשט געקוקט אויף אַלץ, וואָס ער טראָגט אין זיך פֿון אַלע פֿעלקער און פֿון אַלע צייטן, איז אין דער זעלביקער צייט עפּעס, וואָס נאָר אַ זון פֿון דעם רוסישן פֿאָלק אין דאָסטאָיעווסקיס צייט האָט געקאָנט זיין.

די גרויסע און טיפֿע קונסט אַלזאָ איז פּונקט אַזוי די אויס־דריקערין, ווי זי איז די שאַפֿערין פֿון וועלט, נאַטור, מענטש און גאָט און פֿון אַלץ, וואָס לעבט אין יעדן פֿון זיי און אין זיי אַלע אינאיינעם. גאָט אַליין דריקט זיך אויס, אַנטפּלעקט זיך און שאַפֿט זיך דורך דער קונסט רעליעפֿער און שטאַרקער, אינטענסיווער און אימ־זענטיקער, ווי דורך אַלע אַנדערע קולטור־צווייגן.

דערדאָזיקער באַגריף און געדאַנק וועגן קונסט קאָן אַרויסגע־לייענט ווערן פֿון אַ קורץ, אָבער שיין און טיף מעשהלע פֿון גרויסן קינסטלער באַלזאַק — אַ מעשהלע מיטן נאָמען „דאָס אומבאַקאַנטע מייסטערווערק“.

און מיט מיין פֿילאָזאָפֿיש־קריטישן אויסטייטש אָדער אַריינטייטש אין דעם מעשהלע בין איך אויסן ניִשט נאָר צו מאַכן מער וואָגיק מיין אָנשויאונג וועגן קונסט אין שייכות צו אַלץ אַרום און איבער קונסט

דורכן אַריבערנעמען דעם געניאַלן קינסטלער באַלזאַק אויף מיין זייט, נאָר אויך כּדי צו דעמאָנסטרירן — און דאָס איצטיקע מאָל צום לעצטן מאָל אין דעמדאָזיקן בוך — ווי אַזוי דורך קונסט ווי אַ זעלבסטצוועק, דאָס הייסט, ווי אַזוי דורך אַ ריין עכט־קינסטלעריש און גאַנץ אומשולדיק מעשהלע, קאָנען אַרויסגעבראַכט ווערן אַבסטראַקטע געדאַנקען וועגן קונסט און לעבן, מענטש און קולטור, וואָס אַ סך פון זיי האָט אפשר דער קינסטלער גאָרנישט מתכוון געווען, נאָר וואָס האָבן זיך אַריינגעזאָסן אינם קאָנקרעט־בילדערישן קוואַל, פאַרביילויפנדיק און נישט אָנרירנדיק דעם קינסטלערס באַוואוסטזיניקע געדאַנקלעכקייט.

ג.

פרענהאָפער איז דער הויפּט־העלד פון מעשהלע. פרענהאָפער איז דער תּלמיד פון דעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן מאָלער מאַביוז. און איז אַליין אויך אַ גרויסער מאָלער — אַ מאָלער מיט גאָר דערהויבענע און טיפע באַגריפן וועגן דעם, וואָס קונסט איז און דאַרף זיין, און מיט גאָר שטאַרקע ווילעניש און באַגערן צו געבן דער וועלט אַ קונסט־ווערק אויפן געביט פון מאָלעריי, וואָס זאָל זיין דער אויסדרוק פון זיין אידעאַל וועגן פולקאָמענהייט אין דער קונסט.

און כּדי צו געבן אונז פרענהאָפערס באַגריפן וועגן קונסט, פירט אים באַלזאַק צונויף מיט צוויי אַנדערע קינסטלער. און קריטיקירנדיק די ווערק פון איינעם פון זיי, וועלכער איז אַליין אַ באַדייטנדיקער קינסטלער, ווי אויך די ווערק פון זיין אייגענעם רבין, — זאָגט ער אַרויס זיינע מיינונגען וועגן דעם, וואָס קונסט דאַרף זיין. און גרעסערע אמתן וועגן קונסט, אויף ווי ווייט קונסט מוז זיין פריער פאַר אַלץ אַן אויסדרוק פון לעבן, איז קיינמאָל נישט אַרויסגעזאָגט געוואָרן.

„דער צוועק פון קונסט — זאָגט פרענהאָפער — איז נישט צו קאָפּירן די נאַטור, נאָר צו אויסדריקן זי. — — — — מיר מוזן אויסגעפינען דעם גייסט, די באַלעבנדיקע נשמה אין די דערשיינונגען פון זאַכן און וועזנס — — — אַ האַנט איז נישט נאָר אַ טייל פון אַ קער־

פער. זי איז דער אויסדרוק און אויסשפרייטונג פון אַ געדאַנק, וואָס מוז אײַפגעכאַפּט און איבערגעגעבן ווערן".

און קוקנדיק אויף אַ בילד פון איינעם פון די קינסטלער, צו וועמען ער רעדט, זאָגט פרענהאָפער: „יאָ, אמת, אָט אַזוי טראָגט טאַקע אַ פרוי איר קאָפּ אויף די אַקסלען, אָט אַזוי האַלט זי אויך אירע קליידער צונויפגענומען אין איר האַנט, אירע אויגן ווערן מער און מער פאַרחלומט און ווייך מיט יענעם אויסדרוק פון עניוותדיקער זיס־קייט; און אָט אַזוי שוועבט אפילו איבער אירע באַקן דער ציטערנ־דיקער שאָטן פון די ברעמען. אַלץ איז יאָ און נישט פאַראַן דאָרט. וואָס פעלט? אַ גאָרנישט. אָבער דער גאָרנישט איז אַלץ. דאָרט האָסטו די ענלעכקייט פון לעבן, אָבער דו דריקסט נישט אויס די פולקייט און דעם אַרויספלוס פון לעבן, דאָס אומבאַשרייבלעכע עטוואָס, פיללייכט די נשמה גופא, וואָס וויקלט אַרום די קאָנטורן זיינע, ווי אַ לייכטער נעפּל, די בלום פון לעבן, קורץ, דאָס וואָס טיציאַן און ראַפאַעל האָבן געכאַפּט".

און צוקומענדיק מיט די צוויי קינסטלער, פאָרבוס און פוסין, צו אַ בילד פון זיין רבין מאַביוז, אַ בילד מיטן נאָמען „אדם הראשון", זאָגט דער זעלביקער פרענהאָפער: „פאַראַן לעבן אין בילד. אין דער הינזיכט האָט מיין אַרימער מייסטער זיך גופא איבערגעשטייגט. אָבער עס פעלט אַ געוויסער אמת אין הינטערגרונט. דער מענטש לעבט באמת, ער הייבט זיך און וועט קומען אונז אַנטקעגן. אָבער די אַטמאָספער, דער הימל, די לופט, דער אָטעם פון ווינטל — דו־קוקסט און פילסט זיי, אָבער זיי זענען דאָרט נישטאָ. און דאַן דער מענטש גופא, איז נאָך אַלעמען בלויז אַ מענטש! אָ, דער איינציקער מענטש אָבער אין דער וועלט, וועלכער איז געקומען דירעקט פון די הענט פון גאָט, האָט געמוזט האָבן עטוואָס געטלעכס אַרום זיך, וואָס עס פעלט דאָ!"

און פון דעם אַלץ, וואָס דערדאָזיקער קינסטלער, אין דער ראָל איצט פון אַ קונסט־קריטיקער, זאָגט, דערוואַרטן מיר גאָר גרויסעס, ווען ער טוט אַ דערמאַן זיינס אַן אייגן ווערק, אויף וועלכן ער אַר־בעט שוין צען יאָר, און וואָס אויף דעם אַ קוק צו טון האָט נאָך קיין מענטשלעך אויג נישט זוכה געווען. פרענהאָפער פילט די פרוי אויפן

בילד, ווי אַ לעבעדיקע, לעבט זי, ווי אַ לעבעדיקע. און ווי אַ געליבטער וויל נישט ווייזן פֿאַר וועמען עס איז זיין געליבטע צום ערשטן מאָל אַנדערש, ווי פֿול און שיין געקליידט, אַזוי וויל ער נישט דעם בליק פֿון אַ מענטשלעך אויג אויף זיין בילד, ביז ער וועט עס נישט דערפֿילן אַ פֿאַרפֿולקאָמט, לויט זיינע כּוחות נאָך, קונסט־ווערק. ווען ער, אַלזאָ, דערמאַנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן יראת־הכּבוד דאָסדאָזיקע אומבאַקאַנט נאָך צו וועמען ס'איז ווערק זיינס, דערוואַרטן מיר, אַז די מעשה זאָל זיך ענדיקן מיט אַ ווערק, וואָס מען זאָל אויף דעם קאָנען זאָגן מיט דער שטאַרקסטער אַקצענטירונג: אָט דאָס הייסט אַ קונסט־ווערק! דער סוף איז, אַז מיר זאָגן טאַקע: „אָט דאָס איז אַ קונסט־ווערק!” אָבער זער זאָג באַציט זיך נישט אויפֿן בילד פֿון פֿרענהאָפֿער, נאָר אויף באַלזאַקס מעשהלע. איין מעשהלע אַזאַ איז גענוג צו קרוינען איינעם מיטן טיטל „גרויסער קינסטלער”.

דער סוף פֿון דער מעשה איז, אַז נאָך צען יאָר שווערער און אין אַ סך פּרטים מייסטערהאַפֿטער אַרבעט, מאַכן אים די צוויי קינסטלער, פֿאַר וועמען ער האָט געהאַלטן לאַנגע דרשות וועגן וואָס קונסט איז און דאַרף זיין, צו דערפֿילן און צו דערזען, אַז אַחוץ פֿרענהאָפֿערן אַליין און זיין פֿאַנטאַזיע, קאָן קיינער אין דער וועלט נישט זען אויפֿן בילד מער ווי פֿראַגמענטן, און גרויסע פֿראַגמענטן, פֿון אַ פֿרויען־געשטאַלט; אַלץ איבעריקס פֿון דער פֿרוי און איר געשטאַלט ליגט אַזוי טיף באַגראָבן אונטער שיכטן פֿון אַלערליי פֿאַרבן, אַז ווי אַ לעבעדיקע קאָן שוין קיין מענטש זי נישט זען און נישט פֿילן. דעם זעלביקן טאָג נאָך גיט פֿרענהאָפֿער איבער דאָס בילד צום פֿייער און זיך צום טויט.

פֿאַרוואָס און צוליב וואָס האָט עס אַזוי פּאַסירט? צוליב איין קליניקייט: דעם גאָרנישט, אָט די קלייניקייט, אָט די נשמה פֿון דער זאַך, וואָס פֿרענהאָפֿער האָט געטענהט, אַז דאָס איז דער אַלץ אין אַ קונסט־ווערק — אָט דעם גאָרנישט, וואָס איז אַלץ, האָט פֿרענהאָפֿער געזוכט דאָרט, וואו עס קאָן קיינמאָל נישט געפֿינען ווערן. און געזוכט האָט ער עס דאָרט, וואו עס איז נישטאָ און וועט נישט זיין דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט האַלב וועג אין זיין באַגריף וועגן קונסט. ער האָט ביז אַלע טיפֿענישן געכאַפּט דעם זין פֿון קונסט, ווי אַן אויס־

דרוק פון לעבן. ער איז אָבער נישט דערגאַנגען צום סוף פון וועג, נישט געקומען צו דעם, אַז קונסט איז אויך די באַשעפערין פון לעבן. אויסדרוק פון לעבן איז, ווי מיר האָבן שוין מער ווי איין מאָל באַטאָנט, דער ערשטער תּנאַי פון קונסט, אָבער נישט דער לעצטער. אויף דעם אָנצווייזן איז, ווי איך דענק, געווען די כּוונה, וועלכע איז געלעגן אין דער באַוואוסטזיניקער אָדער אומבאַוואוסטזיניקער געדאַנקלעכקייט פון באַלזאַקן, ווען ער האָט געשריבן דאָסדאָזיקע מעשהלע.

פרענהאָפער באַשטייט אויף דעם, אַז קונסט איז דער אויסדרוק פון לעבן, נאַטור און נאַטירלעכקייט, און דערפאַר וויל ער דאָס לעבן, די נאַטור און די נאַטירלעכקייט אַריינברענגען אינם קונסט-ווערק. נישט דורכגענומען געוואָרן איז אָבער פרענהאָפער נישט נאָר מיט בערגסאָנען, וועלכער איז געקומען נאָך אים, נאָר אפילו נישט מיט קאַנטן, וועלכער איז געווען פאַר אים. אים ווייזט זיך אויס, אַז לעבן און נאַטור איז אויסנווייניק פון דעם, וואָס לעבט און פון דעם, וואָס פילט, ווייסט און דערקענט דאָס לעבן און די נאַטור. די דענקענדיקע וועלט זינט קאַנטן ווייסט שוין אָבער, אַז דאָס וויסן, דאָס פילן און די דערקענונג, און די אַלע אַנדערע אויסדרוקן פון געדאַנקלעכקייט, זענען עפּעס אַזעלכעס, וואָס אָן דעם וואָלט קיין נאַטור, קיין וועלט און קיין לעבן נישט געווען. דער באַגריף נאַטור, דאָס וואָרט נאַטור, ווי דער באַגריף און דאָס וואָרט לעבן, איז נישט פאַראַן דאָרט, וואו עס איז נישט פאַראַן געדאַנקלעכקייט; דאָרט, וואו עס איז נישט פאַראַן גייסט, נשמה און דאָרט, וואו עס פעלט דער טרעגער פון גייסט, נשמה און געדאַנקלעכקייט. די פאַראַנענקייט אַליין, דאָס זיין גופא *איז* נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס *איז* אָדער אויף וויפיל מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עס *איז* פאַראַן אַן *איז*-זאָגער, אַן *איז*-טראַכטער, אַן *איז*-פילער, — אַן איינער, וואָס בינדט דעם *איז* מיט דעם *וואָס* איז.

נישט פאַראַן אינם לעבן אָדער אין דער נאַטור ערגעץ-וואו פאַרטיקע פולקאָמענהייט, פאַרטיקע אידעאַלן, וואָס זיי דאַרף, אָדער וואָס זיי קאָן, די קולטור בכלל און די קונסט בפרט אויסדריקן. יעדער שריט און טריט, יעדער ריר און בויג אין דער ריכטונג פון מער פולקאָמענהייט, איז אַ סינטעז פון דעם, וואָס איז אויסנווייניק און אינעווי-

ניק אין דעם מענטש, אַ סינטעז פון דעם, וואָס איז איבער און אונטער דעם מענטש.

אַ שענערע פאַרב, אַ גראַציעזערע האַנט, מער אויסדרוקספולע אויגן, אַ מער פולקאָמענע אין אַלע אַנדערע הינזיכטן געשטאַלט פאַר מאָלעריי, פאַר סקולפטור, פאַר ליטעראַטור דאַרף געזוכט ווערן נישט נאָר אויסנווייניק פון דעם קינסטלער, נאָר אויך אינעווייניק אינם קינסט־לער. דער קינסטלער מוז עס שאַפן, און ווען ער שאַפט עס, ווערט עס אין דער וועלט, אין דער נאַטור, אין לעבן און אין גאָט. און די, וואָס זעען, פילן און הערן מער פאַר אַנדערע, וועלן עס דערזעען, דערהערן און דערפילן. זיי וועלן דאָס אָנהייבן צו לעבן און איבער־צולעבן און זיי וועלן באַווירקן און באַאיינפלוסן אויך אַנדערע צו טון דאָסזעלביקע ביז אין יאָרן און יאָרן אַרום, אָדער ווי דער נביא האָט געזאָגט: „און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג” און אַלע וועלן עס דערהערן, דערזעען, דערפילן, לעבן און איבערלעבן. בעת אָבער אַלע וועלן באַנעמען דאָס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון איינעם און באַ־נומען געוואָרן פון אייניקע, וועלן אַנדערע איינע שאַפן שוין עפעס אַנדערש, וואָס אייניקע בלויז וועלן באַנעמען, און וואָס וועט זיך ערשט באחרית הימים דערטראָגן צו אַנדערע, אויף אַזאַ אופן ווערט דאָס ז יי ן אַ שטענדיקער וו ע ר ן. עס ווערט פולקאָמענער, אָנהאַלט־רייכער, טיפער, העכער און שענער. עס ווערט און עס בלייבט אָבער קיינמאָל נישט אַבסאָלוט אין זין פון נישט קאָנען ווערן נאָך מער. עס קאָן אַמאָל זיין אַבסאָלוט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס באַ־ציט זיך אויפן מאָמענט, דאָס הייסט, עס קאָן דערגרייכן דאָס מעגלעך העכסטע, דאָס אַבסאָלוטע פאַר דעם מאָמענט, אָבער קיינמאָל נישט פאַר דעם אייביק דויערנדיקן.

דאָס אַלץ האָט פרענהאָפער, דער אויסדריקער פון דעם, וואָס איז פאַראַן, און דער באַגערער פון דעם, וואָס איז נישט צום געפי־נען — נישט געוואוסט. באַלזאַק אָבער האָט עס יאָ, ווייזט אויס, אויב נישט געוואוסט, איז געפילט, און דערפאַר דערפירט ער צו אַש דאָס בילד און דאָס לעבן פונם קינסטלער פרענהאָפער. ער וויל, ווי איך טייטש אים אויס, דורך דערדאָזיקער דערפירונג אונז

לערנען, אַז טיפע קונסט איז נישט נאָר אויסדרוק, נאָר אויך באַשאַף פון נאַטור און לעבן, פון מענטש און גאָט.

רעדנדיק צו די קינסטלער פּאַרבוס און פּרוסין וועגן זיין אייגן בילד, דערציילט ער זיי, אַז „כּדי צו דערגרייכן דעם וואונדערבאַרן רעזולטאַט, האָט ער געשטודירט די ווערק פון די גרויסע מייסטערס פון פאַרב, שיילנדיק איין שיכט פאַרב נאָכן אַנדערן פון טיציאַנס לייוונט און אַנאַליזירנדיק דעם כאַרב־שטאָף פון דעם קעניג פון ליכט".

ער דערציילט זיי אויך וועגן די ספקות, וואָס ער לעבט איבער בנוגע זיין ווערק. „אים קומט" — זאָגט ער — „אָפּט אויפן געדאַנק, אַז אפשר וואָלט געווען בעסער, ווען ער טרעט צו צום פּנים פון מיטל־פּונקט, נעמענדיק די העכסטע אַרויסשטאַרצונגען פריער, און גיין אַזוי אַרום פון זיי דורך דער גאַנצער ריי פון שאָטנס ביז צו די געדיכט־סטע פון זיי אַלע". און דערדאָזיקער „אפשר" קומט צו אים דערפאַר, ווייל דאָס איז, ווי ער דענקט, דער מעטאָד פון דער זון, דעם געט־לעכן מאָלער פון דער וועלט. און אין עקסטאַז שרייט ער אויס: „נאַטור, נאַטור! דו, וואָס דיך איז אַזוי שווער אויפצוכאַפּן, ווער האָט דיך איבערראַשט?!"

און אָנהאַלטנדיק דעם עקסטאַז ביז צום פאַרגעסן, אַז די אַנדערע קינסטלער זענען אַרום אים, פרעגט ער זיך, רעדנדיק אינדערהויך צו זיך אַליין: „וואו וואוינט די אומאַנטדעקבאַרע ווענוס פון די אַלטע צייטן, וועלכע מיר האָבן אַזוי אָפּט געזוכט, און געפונען האָבן מיר דאָ און דאָרט פונאַנדערגעוואָרפענע פונקען פון איר שיינקייט? כּדי צו פאַרנעמען איינמאָל און פאַר איין מאָמענט די נאַטור אין איר געטלעכער פולקאָמענהייט, דעם אידעאַל איינמאָל פאַר אַלעמאָל, וואָלט איך געגעבן אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג... ניין, געטלעכע שיינקייט, איך וואָלט געגאַנגען דיך זוכן אין טונקעלן לאַנד פון די טויטע, ווי אָר־פעאוס וואָלט איך זיך אַרונטערגעלאָזט אין דעם גיהנום־התחתון פון קונסט אום צוריקצוברענגען דאָס לעבן פון דער קונסט פון צווישן די שאָטנס פון טויט".

און איבערגייענדיק פון רעדן צו זיך צום רעדן צו אַנדערע, דערציילט פרענהאָפער די קינסטלער, אַז ער טראַכט פון אונטערצונע־

מען אַ רייזע קיין טערקיי, קיין גריכנלאַנד, קיין אַזיע, מיט דעם צוועק צו זוכן אַ מאָדעל. ער וויל נישט אַנדערש, ווי צו פאַרגלייך, יין בילד מיט פאַרשידענע לעבעדיקע פאָרמען פון דער נאַטור. מיר ווערן אגב אויך געוואויר, אַז נישט ווייניקער, ווי פאַר זיבן יאָר צייט, האָט פרענהאָפער געשטודירט, געקוקט און אַריינגעקוקט זיך, ווי אַזוי דאָס טאָג-ליכט גיסט זיך צונויף מיט די געגנשטאַנדן, אויף וועלכע עס פאַלט.

און אָט אַזוי זוכנדיק און זוכנדיק אומאויפהערלעך דעם אידעאַל און פולקאָמענהייט פון אַ פרויען-געשטאַלט אין דער נאַטור, אין דעם לעבן און נישט אין זיך, האָט ער אַזוי לאַנג געלייגט איין שיכט פאַרב נאָכן אַנדערן אויף דעם געשטאַלט פון דער פרוי — אויפן געשטאַלט, וואָס לויט די שטיקלעך און ברעקלעך, וועלכע זענען דאָ און דאָרט ניצל געוואָרן פון דעם פאַרב-איבערפלוס, האָט מען געקאָנט זעען, אַז עס האָט זיך צום ערשטן מאָל אָן זוכעניש אינטואיטיוו אויס-געגאָסן אויף אַ גאָר פראַכטפולן אופן — אויף דעמדאָזיקן געשטאַלט איז אַזוי פיל מער צוגעקומען פון דער אויסנווייניקסטער איידער פון דער אינעווייניקסטער וועלט פון קינטלער, אַז דאָס צוגעקומענע האָט לחלוטין פאַרדאָרבן דאָס געשטאַלט.

כמעט יעדע באַהויפּטונג, וואָס פרענהאָפער האָט געמאַכט וועגן קונסט, איז ריכטיק. זי איז אמת, ווי אמת קאָן נאָר זיין, ווען מען לאָזט זי זיך באַציען אויף דער אינעווייניקסטער וועלט פון קינסטלער, וואָס דאָס מיינט אויך אויף דער זייט פון שאַפונג. אין זין אָבער, אין וועלכן פרענהאָפער האָט זי געמאַכט, זענען זיי ביזן גרונט פאַלש, און געפירט האָבן זיי אים צו אַנטוישונג און פאַרצווייפלונג און דורך די לעצטע צום טויט. ער האָט, מאַכנדיק דידאָזיקע באַהויפּטונגען, אין זינען געהאַט דורכאויס די אויסנווייניקסטע וועלט אַרום און אי-בער דעם קינסטלער, און נישט די וועלט אינעווייניק אין דעם קינסטלער.

אוודאי איז עס אמת, אַז אַ האַנט איז נישט נאָר אַ טייל פון קער-פער, נאָר אויך דער אויסדרוק און אויסשפרייטונג פון אַ געדאַנק, אָבער — נישט נאָר פון געדאַנק פון דעם, וואָס מען מאָלט אָדער געשטאַלטעט אויף וועלכן עס קינסטלערישן אופן, נאָר אויך פון גע-

דאַנק פון קינסטלער, וועלכער געשטאַלטעט. מאָנאַ ליזאַס האַנט איז
דאָס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן און צום לעבן געקומען מיט דעם
קינסטלער לעאָנאַרדאָ דע ווינטשי. און ער האָט אפשר געשאַפן דאָס
געשטאַלט פון אַזאַ האַנט אונטער דעם איינדרוק, איינפלוס און אינס-
פיראַציע פון אַ ליבע צו איינער, וואָס איר האַנט איז זיכער געווען
זייער און זייער ווייט פון דער האַנט, וואָס דע ווינטשי האָט אויפן
בילד אַרויסגעבראַכט.

און ווי מיט ליזאַס האַנט, אַזוי אויך מיט דער גאַנצער באַ-
רימטע געוואָרענער ווענוס. נישטאָ און נישט געווען איז קיינמאָל קיין
ווענוס, ווי זי האָט דער קינסטלער געשאַפן, מחוץ פון דער סטאַטוע
ווענוס. אויף וויפיל ווענוס איז אַ פרוי און זייער אַ שיינע פרוי, וואָס
וועקט און רעגט אין אונז אַלץ, וואָס אַ פרוי קאָן נאָר וועקן און רעגן
סיי אין געפילן, סיי אין טראַכטונגען, אויף אַזוי פיל איז ווענוס אַן
אויסדרוק פון לעבן. אויף וויפיל אָבער ווענוס איז אַזוי שיין און אַזוי
רייצנדיק און רעגנדיק, ווי נאָר אַ ווענוס, נאָר אַזאַ און נישט קיין
אַנדער פרויען-געשטאַלט קאָן זיין, אויף אַזוי פיל איז זי אַ שאַפונג,
און קאָן געפינען ווערן נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון קינסטלער; און
ווי אַזעלכע איז זי געווען און וועט בלייבן אַ פאַקטאָר אין דער אַנט-
וויקלונג פון מענטשלעכן געשמאַק און געפיל פון שיינקייט. און אַלס
אַזעלכע קאָן זי, דורך דער עסטעטישער הנאה פון איר, אַריינברענגען
אַ וועלט מיט שיינקייט אין דער ליבע פון מענער צו פרויען, וועלכע
רייצן זיי מיט אַנדערע און נישט מיט דער קערפּערלעכער שיינקייט פון
אַ ווענוס.

עס איז אויך אַן אמת, און גאָר אַ גרויסער אמת, אַז אין קונסט
איז דער „גאָרנישט" דער אַלץ, אָבער — — דער אַלציקער גאָרנישט
קומט פון איין און איינציקן קוואַל, און דאָס איז פון דער נשמה, פון
דעם גייסט און פון דעם גאַנצן וועזן פון קינסטלער. טיציאַן איז גע-
וואָרן דער קינג טלער פון ליכט נישט דערפאַר, וואָס ער האָט ווי פרעג-
האָפער געשיילט די פאַרב-שיכטן און אַנאַליזירט דעם פאַרב-שטאָף
פון גרויסע מייסטערס, נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט אויף אַן אומדער-
קלערבאַרן און אומאַנאַליזירנדיקן אופן געשאַפן אַ נייע בלענדעניש
און אַ נייע ליכט-און שאָטן-שפּיל. דער גיהנום-התחתון פון דער קונסט,

פון וועלכער עס קאָן צוריקגעבראַכט ווערן דאָס לעבן פון דער קונסט, איז נישט צווישן די שאָטנס פון טויט, נאָר צווישן די שאָטנס פון די אָפּגרונטן פון דעם קינסטלערס גייסט און נשמה.

קיינער לייקנט נישט, און וועט נישט לייקענען, אַז עס איז וויכטיק פאַר דעם קינסטלער צו שטודירן, צו אָבסערווירן, צו קוקן און איינקוקן זיך אין אַלץ, וואָס איז איבער, אונטער און אַרום דעם קינסטלער. דאָס אַלץ אָבער, מוז מען געדענקען, איז נאָר דאָס האָלץ און דער קרבן אויף דעם מזבח פון קונסט. דער צייכן, אַז דער קרבן איז אָנגענומען געוואָרן, דער צייכן פון אמתער קונסט, איז דאָס פייער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון די הימלען און ברענגט אַרויף די ריחות צו גאָט. עס איז נאָר דאָס פייער פון הימל, וואָס צינדט אָן די אינטואיציע אין דעם קינסטלער. און זי גיט אָט דעם „גאָרנישט“, וואָס מאַכט אַ ווערק פאַר אַ גרויס און טיף קונסט־ווערק. —

און נישט נאָר האָט פרענהאָפער פאַרגעסן, אָדער נישט געוואוסט, אַז קונסט איז אַ שאַפונג, נאָר ער האָט אויך נישט געוואוסט, אַז קינסט איז נישט צוליב קונסט און אויך נישט צוליבן קינסטלער, נאָר אַז קונסט, ווי אַ זעלבסטצוועק, איז פאַר דער גאַנצער קולטור און פאַר אַלע מענטשן; און אַז אַלץ, וואָס קומט נישט נאָר פון אויסנווייניק, נאָר אויך פון די אינעווייניקסטע טיפענישן פון וועזן, שרעקט זיך נישט אפילו אין זיין נאַקעטקייט פאַר קיין שום מענטשלעך אויג.

וואָס פרענהאָפער האָט נישט געוואוסט, האָט באַלזאַק אָבער יאָ געוואוסט, אָדער געפילט. ער האָט, אויב נישט געוואוסט, איז געפילט, אַז קונסט איז אַ שאַפונג און נישט נאָר אַן אויסדרוק, און אַז קונסט, ווי אַ זעלבסטצוועק, איז נישט צוליב קונסט און דעם קינסטלער, נאָר צוליב דער פאַרטיפונג, דערהויבונג און באַרייכערונג צווישן וועלט, מענטש און גאָט.

און אויב אַזוי, אויב אַלץ אין דער וועלט דאַרף און זאָל פאַרטיפט, דערהויבן און באַרייכערט ווערן דורך דער קונסט, און אויב דערפאַר, וואָס קונסט איז אַ זעלבסטצוועק און האָט זיך אירע אייגנאַרטיקע וועגן און מעטאָדן, קאָן די באַרייכערונג, די באַוואַסערונג און באַפּרוכפּערונג פון אַלערליי אַנדערע קולטור־פעלדער, געטון ווערן נאָר אויף אַן אומדירעקטן אופן, אויף אַן אופן, וואָס וועגן אים האָט אָפט

דער קינסטלער אַליין קיינמאָל נישט געחלומט, מוז דעריבער זיין מצד פון דעם לייענער נישט נאָר קיין ריין עסטעטישער צוטריט, נישט נאָר דער צוטריט פון קונסט צוליב קונסט, קונסט צוליב די געפילן און עמאָציעס, וואָס זי רופט אַרויס, נאָר אויך אַ צוטריט צו קונסט צוליב אַלע אויסדרוקן פון דער נשמה און דעם גייסט פון דעם מענטש און צוליב אַלערליי אויסדרוקן פון קולטור און דער קולטור ווי אַ גאַנצער. דאָס דאַרף זיין דער צוטריט פון דעם אינטעליגענט און פון דעם, וואָס איך רוף אָן קולטור־קריטיקער, וועלכער איז דער מעדיום צווישן קונסט און אַלץ אַרום דער קונסט.

אונזער גרויסער, נאָך נישט ווי געהעריק אָפּגעשאַצטער, פּאָעט אַ. לוצקי דריקט זיך אויס אין אַ געשפּרעך פון צוויי באַלעגאָלעס אין זיין „חתונה״:

„אַ רבי מיינט מער ווי ער זאָגט.
ער דאַרף נאָר אָנווייזן דעם ריכטיקן וועג.
ווייטער — דאַרפן מיר אַליין דערפאָרן.
ווי מען פאָרט ביינאַכט אין פעלד —
פינצטער.
אַ פייערל ווינקט פון ווייט.
דאַכט זיך אויס — אַ פייערל אַליין.
מ׳קומט אַהין — אַ פולע קרעטשמע!״

ווי מיטן רבין און פייערל, אַזוי מיטן קינסטלער און קריטיקער:

וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ מער מיינט ער, ווי ער זאָגט. אינם ווערק פון גאָר גרויסן קינסטלער איז פאַראַן מער, ווי דער קינסטלער אַליין אפילו האָט געמיינט. אָט דעמדאָזיקן מ ע ר דאַרף דער אינטעליגענט און דער קולטור־קריטיקער זיין ביכולת אויסטייטשן און אַרויסטייטשן, און ממילא אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן, פאַר זיך און פאַר אַנדערע, לטובת דערדאָזיקער שאַפונג און לטובת דער קולטור בכלל, ווי אַן אַלץ אַרומנעמענדיקע אוניווערסאַלע גאַנצקייט און איינהייט.

דער קולטור־קריטיקער איז באַרופן צו באַווייזן, אַז דאָס פּייערל, וואָס ווינקט פון ווייט אין אַ פינצטערער נאַכט אויפן פעלד — איז איינ־דעראָמתן אַ פולע קרעטשמע. וואָס גרעסער דער קינסטלער און וואָס באַרופענער דער קריטיקער, אַלץ פולער די קרעטשמע פון אַ צאַנקענ־דיק פייערל אין אַ פינצטערער נאַכט פון ווייט...

# די נעמען אין בוך

---